מיכאל און צבי ראַיאַק

# חורבן גלובאק • שארקויסצענע
# דונילאוויטש • פאסטאוו
# דרויע • קאזאן

דאָס לעבן און אומקום פון יידישע שטעטלעך
אין ווייסרוסלאַנד — ליטע (ווילנער געגנט)

רעדאַקטאָר: שלמה סוסקאָוויטש

אַרויסגעגעבן דורכן
לאַנדסלייט פאַריין פון שאַרקויסצענע, דונילאָוויטש, פאָסטאָוו,
גלובאָק און אומגעגנט אין אַרגענטינע

בוענאָס איירעס, 1956, תשט״ז.

אונדזערע פּאָסטאָווער לאַנדסלייט
נח און סאָניע קאַצאָוויטש האָבן
בייגעשטייערט מיט אַ העלפט
הוצאות פאַר אָט דעם יזכור-בוך.



M. y Z. Rajak, **In Memorian** de las comunidades judías de **Glebokie, Szarkowszczyzna, Dunilowicze, Postawy, Druja** y **Kaziany,** aniquiladas por el nazismo alemán.

Editado por la Sociedad Residentes de Szarkowszczyzna, Dunilowicze, Postawy y Glubokie en la Argentina.

Buenos Aires, 1956.

# יזכור געדענק

די יאָרצייטן נאָך אונדזערע ליבע און טייערע וואָס זיינען אומגעקומען אין די מאַסן־שחיטות זיינען:

| | |
|---|---|
| **חורבן גלובאָק, 6.000 נפשות,** | 20טן אויגוסט, 1943, י״ט אב תש״ג. |
| **חורבן שאַרקויסצענע, 1.800 נפשות** | 18טן יולי 1942, ג׳ תמוז תש״ב. |
| **חורבן דונילאָוויטש, 900 נפשות,** | 22טן נאָוועמבער 1942, י״ג כסלו תש״ג |
| **חורבן פּאָסטאַווו, 2.500 נפשות,** | 25טן דעצעמבער 1942, ט״ז טבת תש״ג |
| **חורבן דרויע, 2.500 נפשות,** | 17טן יולי 1942, ב׳ תמוז תש״ב. |
| **חורבן קאַזאַן, 300 נפשות,** | 20טן אויגוסט 1943, י״ט אב תש״ג. |



מיר בעטן אַלע לאַנדסלייט, אַז אין טאָג פון יאָרצייט זאָל דער עלטסטער פון דער פאַמיליע איבערלייענען פאַר זיין משפחה קאַפּיטלען פון אָט דעם בוך. זאָלן מיר זיך דערמיט באַהעפטן מיט אונדזערע ליבסטע און טייערסטע וואָס זיינען אומגעקומען אויף קידוש־השם.

**אין טאָג פון יאָרצייט זאָל קיין לאַנדסמאַן נישט איינאָר־דענען קיין פּריוואַטע שמחה, אָדער געזעלשאַפטלעכע פייערונג.**

# געדענק!

**געדענק** דעם חורבן פון ישראל — געדענק דעם קאַמף און דעם אומקום — און לערן פון זיי אַ לערע.

**און זאָל** דער זכרון פון דעם חורבן זיין זאַלץ אין דיין ברויט און זאָל ער־אַריין אין דיין בלוט, אין דיין פלייש און ביין.

**פאַרקריץ די ציינער** און געדענק! און ווען דו עסט — געדענק! און ווען דו טרינקסט — געדענק! און ווען דו הערסט אַ ליד — געדענק! און ווען עס שיינט די זון — געדענק! און ווען עס קומט די נאַכט — געדענק!

**און אַ שטוב**, אַז דו וועסט בויען, ברעך אין איר אַ וואַנט — בכדי דו זאָלסט תמיד זען פאַר דיינע אויגן דעם חורבן בית־ישראל!

**און ווען דו וועסט** אַ פעלד פאַראַקערן — אַ באַרג פון שטיינער שטעל אויף אין אים — צו עדות און זכרון פאַר ברידער, וואָס זיינען צו קבר ישראל נישט געקומען.

**און אַז דו וועסט** דיין קינד צו חופה פירן — הייב אויף דעם זכרון פון ידישע קינדער, וואָס צו דער חופה וועט מען זיי שוין נישט פירן! — און אפילו קיין קדיש וועט קיינער נאָך זיי קיינמאָל נישט זאָגן.

**און זאָל ווערן איינס!** דער טויטער און דער לעבעדיקער; דער אויסגעריסענער — און דער איבערגעבליבענער; די וואָס זיינען אַוועק — און די שארית־ישראל.

**הער צו און הער**, ווי עס רופט יעדן איינעם פון אונדז — די לערע פון דעם פאָלקס־אומגליק — צו אומרו! צו אומרו!

**ד״ר. מאַרק דוואָרזשעצקי**
(פון בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אין אומקום״)

# פאָרוואָרט

מיט אַ הייליקן ציטער דערמאָנען מיר אונדזערע ליבסטע און טייערסטע וואָס זיינען אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער און דורך דער אָרטיקער קריסט־לעכער באַפעלקערונג. געאייניקט זיינען זיי געווען ביים לעבן און געאייניקט זיינען זיי געווען ביים טויט. מיר דערמאָנען די קהילות פון די שטעטלעך גלובאָק, שאַרקויסצענע, דונילאָוויטש, פאָסטאָוו, דרויע און קאַזאַן. זיי אַלע געהערן צו ווייסרוסלאַנד (רייסן). מען פאַררעכנט זיי צו ווילנער גובערניע. די ייִדן פון אָט די אַלע שטעטלעך רופט מען ליטוואַקעס, כאָטש זיי קענען נישט קיין וואָרט ליט־וויש. די אומגאַנג־שפּראַך אין יענעם געגנט איז רוסיש.

די גרעסטע טייל פון אָט דעם בוך איז אָפּגעגעבן פאַר חורבן גלובאָק, וואָס די צוויי ברידער, גלובאָקער לערערס, מיכאל און צבי ראַיאַק האָבן אָנגעשריבן. די גלובאקער האָבן געהאַט די זכיה וואָס צווישן זייערע לעבנגעבליבענע האָבן זיך געפינען אַזוינע וואָס האָבן פאַרמאָגט דעם טאַלאַנט און דעם ווילן איבערצו־געבן די קומענדיקע דורות דאָס וואָס זיי האָבן געזען אין טאָל פון טויט. געשריבן האָבן זיי עס נאָכן חורבן גלובאָק, ווען זיי האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט הונגעריקע און נאַקעטע איבער וועלדער, פעלדער און זומפּן, ווען פון אַלע זייטן האָט אויף זיי געלויערט דער טויט. זייער באַשרייבונג האָט די מעלה וואָס האָט ווייניק מליצה. זיי גיבן בלויז איבער קאָנקרעטע פאַסירונגען. אויף דעם ברענגען זיי הונדערטער נעמען און אָן אַ שיעור דאַטן. זיי האָבן זיך באַזירט נישט בלויז אויף דעם וואָס זייער אייגענער זיכרון און דערפאַרונג האָבן זיי דיקטירט, נאָר אויך אויף גביית־עדותן פון אַנדערע. אַזוי איז אַרויסגעקומען אַ פּרטימדיקע שילדע־רונג פון דעם לעבן, קאַמף און אומקום פון גלובאַקער ייִדן. מיר זעען זיי פון אינעווייניק, זיי לעבן פאַר אונדז.

גלובאַקער געטאָ איז אויך באַשערט געווען צו זיין אַ צייטווייליקער מקום־מקלט פאַר די שארית־הפליטה פון די אַרומיקע אויסגעשאָכטענע שטעטלעך. די ייִדן וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די שחיטות אין זייערע שטעטלעך האָבן קיין אָרט נישט געקענט געפינען. דעמאָלט זיינען נאָך קיין אָרגאַניזירטע פּאַרטי־זאַנער נישט געווען, האָט מען נישט געהאַט וווהין צו לויפן. מען איז געליגן צע־שפּרייט, הונגעריק און נאַקעט, איבער די וועלדער, פעלדער און זומפּן. ווען עס איז אָנגעקומען דער אָפּנאַרערישער רוף פונעם גלובאָקער יודענראַט אַז די שארית־הפליטה זאָל קומען אין גלובאָקער געטאָ (זע ז׳ 151), האָבן דאָס רוב ייִדן אויסגעפאָלגט. מען האָט ממש קיין ברירה נישט געהאַט, דער טויט האָט אויף זיי גע־לויערט פון אַלע זייטן. יעדן טאָג פלעגן פאַלן צענדליקער קרבנות. האָט מען זיך אָנגעכאַפּט אין אָט דעם רוף. אויך וועגן די דאָזיקע ייִדן דערציילן די ברידער ראַיאַק, זיי האָבן נישט אויסגעלאָזן קיין איין ווינקל. דערנאָך קומט די באַשריי־בונג פון זייער אייגענער רעטונג און וואַנדערונג. דאָס איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

די באַשרייבונג פון די אַנדערע שטעטלעך וואָס גייען אַרײַן אין אָט דעם בוך טראָגן שוין גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער. דאָס זיינען פאַרצייכענונגען וואָס ייִדן פון די שטעטלעך האָבן דערציילט. אַזוי איז עס מיט די ידיעות וואָס ווערן געבראַכט וועגן די שטעטלעך פון פאַר דעם חורבן ווי בעת דעם חורבן. די דער־ציילונגען זיינען דאָס רוב געמאַכט געוואָרן אויף אַ קאָלעקטיוון אופן. מיר האָבן פאַרזאַמלט די לאַנדסלייט פון אַ שטעטל און פון זיי אַרויסצובאַקומען די נויטיקע ידיעות. מיר האָבן זיך אויך באַנוצט מיט בריוו. אַזוי אַז דער איינציקער באַ־שרייבער פון אָט די שטעטלעך איז פאַקטיש אונדזער פאָרזיצער וואָס איז אויך דער רעדאַקטאָר פון דעם בוך.

די פאַרניכטונג פון די שטעטלעך וואָס מיר דערמאָנען האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פריִער ווי ערגעץ אַנדערש. שוין אָנהייב 1942. אויך דער אויפשטאַנד אָדער ווידערשטאַנד קעגן די רוצחים האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פריִער ווי אין אַנדערע ערטער. אַזוי איז אין שאַרקויסצענער געטאָ פאָרגעקומען אַן אמתער אויפשטאַנד (18טן יולי 1942). מיט אַ האַלבער שעה פריִער איידער די שווער־באַוואָפנטע דייטשע פּאָליציי האָט זיך געלאָזט אויף דער געטאָ, האָט דער יודענראַט באַ־פוילן צו צעברעכן דעם געטאָ־צוים און אונטערצינדן דאָס שטעטל. דער שאַר־קויסצענער יודענראַט איז געווען פון די געציילטע וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן פון די מערדער. אַזוי האָבן זיך געראַטעוועט אַרום אַכציק פּראָצענט ייִדן פון שטעטל. זיי זיינען אָבער שפּעטער אומגעקומען פון הונגער, נויט, פון די מערדערישע קוילן און דאָס איבעריקע ביי דער פאַרניכטונג פון גלובאָקער געטאָ.

דער בלוטיקער שונא האָט אַזאַ מרידה נישט געקענט מוחל זיין. אַ סך ייִדן האָבן דעמאָלט באַטראַכט דעם שאַרקויסצינער אויפשטאַנד ווי אַן אומגליק פאַר די ייִדן פון דער גאַנצער געגנט. זיי האָבן געמיינט, אַז דערמיט האָט מען אויפ־געררייצט דעם שונא.

מיר האָפן אַז קאַפּיטלען פון דעם יזכור־בוך וועלן פון אונדזערע לאַנדסלייט געלייענט ווערן, צום הייניקסטן, ביי יעדן יאָרצייט נאָך דער פאַרניכטונג פון יעדן פון אונדזערע ליבע שטעטלעך. זאָל יעדער עס לייענען פאַר זיין משפּחה.

זאָל אָט דער יזכור־בוך אונדז דינען ווי אַן אייביקע דערמאָנונג און באַהעפ־טונג מיט אונדזערע ליבסטע און טייערסטע ביי וועמען מען האָט צוגערויבט די מענטשלעכע רעכט און חשיבות, וועמענס בלוט עס איז הפקר געווען און וועמענס לעבנס עס זיינען אַזוי אכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן.

אויף אַרויסצוגעבן דעם בוך האָבן בייגעשטייערט כמעט אַלע לאַנדסלייט. עס דאַרף אָבער דערמאָנט ווערן אַז אַ העלפט הוצאות איז געדעקט געוואָרן דורך אונדזער חשובן לאַנדסמאַן נוח קאַצאָוויטש.

## לאַנדסלייט פאַריין פון שאַרקויסצענע, דונילאָוויטש, פאָסטאָוו, גלובאָק און אומגעגנט אין אַרגענטינע.

# א י נ ה אַ ל ט

## געווידמעט דעם הייליקן זכרון:

פון אונדזער טייערער מוטער שרה־רחל ז״ל,
פון אונדזער פרוי און שוועגערין ד״ר העלענע ווילקאָ־מירסקאַ־ראַיאַק און קינד אהרן־יצחק;
פון די געטרייע, איבערגעגעבענע לערערס אין אונדזערע לערן־מוסדות,
פון אונדזערע הונדערטער תלמידים און תלמידות און זייערע עלטערן;
פון דעם גאַנצן ייִדישן ישוב אין גלובאָקע —
— דעם זכרון פון די אַלע, וואָס זיינען אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים און זייערע מיטהעלפערס.
אונדזערע תלמידים און תלמידות, יבדלו לחיים ארוכים, אין ישראל און אין דער גאָרער וועלט — אַ כוס תנחומין.

מיכאל און צבי ראַיאַק

# אינהאַלט פונעם בוך חורבן גלובאָק

# חורבן גלובאָק

## צום לייענער


צבי ראַיאַק

איידער מיר טרעטן צו באַשרייבן די געשעענישן, דעם שוידער פון די יידי־שע צרות און זייער אומקום אין גלו־באָק, דורך די דייטשע מערדער, וועלן מיר זיך אין קורצן אָפּשטעלן אויף די באַדינגונגען, אין וועלכע אונדז איז אויס־געקומען די אַרבעט אויסצופילן.

ערשטנס איז די אַרבעט געשריבן גע־וואָרן נאָכן אַנטלויפן פון גלובאָק בעתן הרג רב יט׳ אָב תש״ג, אין דער צייט פון אונדזער נע־ונד זיין, פון אונדזער אַרומ־וואָגלען אין פאַרשיידענע וועלדער, פעלדער, זומפּן אאַ״וו, ווו מיר האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פון די דייטשן מיט זייערע אָרטיקע מיטהעל־פער. און דאָרט, ווו מיר האָבן גע־שריבן איין זייטל פון די געשעענישן האָבן מיר שוין נישט געקענט שרייבן דאָס צווייטע, ד״ה מיר זענען שטענ־דיק געווען געצוווּנגען צו בייטן אונדזער „ווינאָרט״, איבערוואַנדערן פון איין בלאָטע אין דער צווייטער, פון איין וואַלד אין אַן אַנדערן.

אָפט האָבן מיר געביטן דעם פּלאַץ עטלעכע מאָל אין מעת־לעת און דאָרט ווו מיר האָבן געטאָגט האָבן מיר נישט גענעכטיקט און פאַרקערט. זייער אָפט, צונויפנעמענדיק די געדאַנקען און נעמענדיק זיך צו דער אַרבעט, זענען

מיר אַלאַרמירט געוואָרן, אַז „ס׳הערן זיך דייטשן״... און מען האָט געמוזט לויפן, נישט וויסנדיק ווי אַזוי און וווהין. צווייטנס האָבן מיר זיך כסדר געפונען אין אַ האַלב־הונגעריקן מצב און אָפטמאָל פלעגט זיך דער הונגער אַזוי לאָזן פילן, אַז עס פלעגט נעמען שווינדלען אין קאָפּ און די אַרבעט האָט במילא געמוזט איבערגעריסן ווערן און מיר האָבן געמוזט גיין זוכן עפּעס צום עסן... דאָס זוכן אַזאַ „הכנסת אורחים״ איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס סכנה פון איין זייט און מיט שווערע מאָראַלישע איבערלעבונגען פון דער צווייטער זייט. דערצו האָט זיך עס נישט אַלע מאָל איינגעגעבן צו געפינען. און אויב עס זענען שוין געווען וועלכע עס איז „הומאַניסטן״ און האָבן באַוויליקט אַרויסצוואַרפן עפּעס צום עסן, האָט אָבער קיין סבר פּנים יפות קיינער נישט אַרויסגעוויזן.

די הויפּט־שטערונג אָבער אין אונדזער אַרבעט, איז געווען דער פּסיכישער צושטאַנד, אין וועלכן מיר האָבן זיך דעמאָלט געפונען. נאָכן צעשמעטערן די געטאָ אין גלובאָק, דעם 20טן אויגוסט 1943, ווען עס האָבן זיך נאָך נישט אָנגעהויבן היילן די וווּנדן, וואָס מיר האָבן באַקומען פון דעם דערמאָרדן, דורך די דייטשן, אונדזער הייס־געליבטע מוטער, מיט 13 הדשים פאַר דער געשעעניש (זע קאַפּיטל 30), האָב איך, מ. ראַיאַק, זיך צעשיידט מיט מיין טייערער, הייס־געליבטער פרוי העלענע און טייערן, ליבן אַכט־יעריקן קינד — אַהרן־יצחקל — יהי זכרם ברוך. — ווען גלובאָקער געטאָ האָט געברענט צוזאַמען מיט די ייִדן, האָט זיך אונדז דעם 22טן אויגוסט, פאַרטאָג, איינגעגעבן צו אַנטלויפן. ביי אַ דריי קילאָמעטער פון שטאָט האָבן אונדז אָנגעיאָגט דייטשע מאַשינען מיטן גלובאָקער תליון וויטוויצקי בראש און גאַנצע 2 שעה אונדז באַשאָסן פון געווער מאַשינען און ביקסן. זייענדיק אין יענע מאָמענטן צעטומלט, האָבן מיר זיך געלאָזט לויפן פון פייער אָן שום אָריענטאַציע, נישט וויסנדיק ווער ווו עס איז אַהינגעקומען. מיר האָבן זיך דעמאָלט צעשיידט... דאָס איז געווען דער סאַמע טראַגישסטער מאָמענט אין מיין לעבן. מיר זענען „ניצול״ געוואָרן. ניצול געוואָרן מיטן גוף. מיין נשמה איז פאַרבליבן צוזאַמען מיט מיין פרוי און קינד... מיין פרוי איז געווען נישט נאָר אַ ליבע, האַרציקע פרוי, נאָר זייער אַן אָנגעזעענער, באַליבטער דאָקטער, וואָס האָט פיל קינדערלעך געראַטעוועט (זי איז געווען אַ קינדער־דאָקטער).

פילנדיק דעם הייליקן חוב צו פאַרפּיקסירן די גרויזאַמע געשעענישן פון דעם אומגעקומענעם ייִדישן ישוב אין גלובאָק, כדי אויפצושטעלן אַ וועלכע עס איז מצבה נאָך דער גלובאָקער עדה הקדושה, נאָך די טויזנטער אומגעקומענע ייִדן מיט זייערע פרויען און קינדערלעך, נאָך אונדזערע ליבסטע און טייערסטע, וועלכע זענען געפאַלן אויף קדוש השם, האָבן מיר זיך, טראָץ, אונדזער פּערזענלעכער צעבראָכנקייט און געפאַלנקייט, מקדיש געווען פאַר דער אומגעהייער וויכטיקער און הייליקער אַרבעט.

# צו דער געשיכטע פון גלובאָק


מיכאל ראַיאַק

גלובאָק איז אַן אַלטע שטאָט פון 18טן יאָרהונדערט, וועלכע ליגט אויף אַ ני־דעריקן פליין אַרומגערינגלט מיט הויכ־קייטן, מיט היגלען. דערפון נעמט זיך דער נאָמען „גלובאָק", ד"ה, „טיפקייט". זי געפינט זיך 200 קילאָמעטער אין צפון־מזרח פון ווילנע און 90 קילאָמעטער פון פּאָלאָצק. דער שטח אירער פאַר־נעמט לערך 8 קוואַדראַט קילאָמעטער.

פון אירע מאָנומענטן קענען דאָ באַ־צייכנט ווערן: דער אַלטער שלאָס אויפן פוילישן „צמענטאַר", וועלכער הייסט „נאַפּאָלעאָנס טורעם", ווי אויך אַ דיקער ציגעלנער פּאַרקאַן פון אַרום אַנדערט־האַלבן מעטער אַרום שטאָט־גאָרטן (טייל־ווייז רויִנירט. פון יענע אַלטע צייטן איז אין גלובאָק געווען אויך אַן אַלטע הויכע שול מיט אַ הויכן, ווייט אַרויסקוקנדיקן קופּאָל. אינעווייניק, אין וואַנט פון שול, איז געווען איינגעמויערט זייער אַ שיינער, קונציק אויסגעשניצטער אָרון־קודש, איבער וועלכן עס איז געהאַנגען אַ גרויסער צאַרישער „אָדלער" (דאַכט זיך, פון יעקאַטערינע דער 2טערס צייטן). דער אָדלער איז געווען אין דער הויך, צוגעפעסטיקט צום סאַמע שפּיץ פון סופיט ביז אין קופּאָל אַריין. אין 1920, ווען גלובאָק איז פאַרנומען געוואָרן דורך די פּאָליאַקן, איז דער „אָדלער", לויט אַ באַפעל, אַרונטערגענומען געוואָרן.

צוויי קילאָמעטער פון שטאָט געפינט זיך דער אַלטער „בערעזוועטשער מאָ־נאַסטיר". יענע געגנט פאַרמאָגט אַ זייער רייכע און פילפאַרביקע נאַטור. אַ שיינער וואַלד, סעדער, גערטנער. אַ באַזונדער טעם גיט צו דער שטאָט די אָזערע,

וועלכע הייסט „בערעזוועטשער אָזערע״. קעגנאיבער דער אָזערע ליגט דער ייִדישער בית־עולם, אויף וועלכן מען האָט ביזן חורבן געקענט אָנטרעפֿן אויף מצבות פֿון העכער 150 יאָר אַלט. אין בערעזוועטש האָט זיך ביזן קריג געפֿונען אַ לאַבאָראַטאָריע (דאָסוויאַדטשאַלנע), אין וועלכער עס פֿלעגן געמאַכט ווערן אַנאַליזן פֿון פֿלאַקס, קאַנאָפּליעס א״אַ. אַהין פֿלעגן פֿאָרן פֿון גאַנץ פּוילן יענע סטודענטן וואָס האָבן שטודירט אָט דעם געביט.

אַ קליין שמאָל טייכל האָט צעטיילט די שטאָט אויף 2 טיילן אַ מזרחדיקע און אַ מערבדיקע. אַ בריק האָט פֿאַרייניקט ביידע שטאָט טיילן. דאָס טייכל האָט פֿאַרייניקט די בערעזוועטשער אָזערע מיט דער אָזערע פֿון דער אַנדערער זייט שטאָט אין דרום. ביי דער אָזערע געפֿינט זיך די אַזויגערופֿענע „קאָפּאַניצע״ — זייער אַ שיין ווינקל: אַלייען פֿון ביידע זייטן אויסגעזעצט מיט ביימער, די אַלייען טרעטן ערטערווייז אַריין טיף אין דער אָזערע און די אָזערע שניידט זיך אַריין אין דער יבשה, און אַזוי אַרום האָט זיך געבילדעט אַ סיסטעם פֿון איינגוסן, דורכגוסן, האַלבאינזלען און אינזלען.

אין די אַלייען פֿלעגן, אין די נאָכמיטאָגן פֿון די זומער־שבתים, געפֿינען אָן אָפּרו די גלובאָקער ייִדן. דאָ פֿלעגט איר באַגעגענען דעם שטעטלשן מלמד, וועלכער פֿלעגט, נאָך אַ וואָך קנעלן מיט די קינדער אין פֿאַרשפּאַרטן דומפּיקן חדר, קומען אַהער אָפּאָטעמען זיך מיט אַ ביסל פֿרישער לופֿט. דאָ פֿלעגט שפּאַצירן שבתדיק אָנגעטון דער שוסטער, דער שניידער און „סתם בעל־הבית״ מיט זיין ווייב און קינדער. אַ יונג פּאָרל פֿלעגט דאָ, אין די דערבייִיקע קאָפּאַניצער בערג, באַשטימען זייערע טרעפֿונגען, זייערע ראַנדקעס... גאַנץ אָפֿט פֿלעגט די שבתדיקע רויִקייט ווערן „געשטערט״ דורך די אָנגענעמע שפּילן פֿון די ייִדישע קינדער, פֿון די תינוקות של בית רבן, וועלכע פֿלעגן אין דעם שבתדיקן טאָג פֿריי זיין פֿון די שולן און חדרים. די לופֿט פֿלעגט דאָ ווערן אָנגעפּילט מיט זייערע יונגע, דינע, הילכיקע קולכעלעך, מיט פֿלאַפּלערייען, מיט קינדערש געלעכטער אאַז״וו. די „קאָפּאַניצע״ איז געווען פֿאַראייניקט מיטן שטאָט־גאָרטן. דאָרט האָט אין שבתדיקן טאָג געשוויבלט פֿון דער ייִדישער יוגנט און ייִדישע קינדער: חדר־ייִנגלעך, שול־קינדער פֿון קינדער היים אאַז״וו.

האַרט ביים שטאָט שניידט דורך די אייזנבאַן־ליניע ווילנע־קראָלעוושטשינע־פֿאָלאָצק די באַן־ליניע פֿלעגט זיין זיי׳ער באַלעבט. די פֿאַרבינדונג מיטן צענטער, מיט ווילנע, איז געווען זייער אַ שטאַרקע. צו 3־4 פּאַסאַזשיר־צוגן אַ טאָג פֿלעגן דורכגיין אַהין און צוריק. יעדער מאָל פֿלעגן די באַנען זיין איבערפֿולט מיט ייִדן. חוץ דעם פֿלעגן פֿאַרבייגיין אַ סך משאַ צוגן מיט אָנגעקומענע סחורות און סחורות אויף עקספּאָרט. פֿון גלובאָק פֿלעגן אַרויסגעפֿירט ווערן תבואות, פֿלאַקס, אייער, רויע פֿעל, שמאַטעס, חזיר־האָר אאַז״וו. אימפּאָרטירן פֿלעגט מען קאָלאָניאַלע סחורות, מאַנופֿאַקטור, באַקאַליי, גאַלאַנטעריי א״אַ. דער גאַנצער מסחר איז געלעגן אין ייִדישע הענט.

די שטאָט בכלל איז געווען אַ גרויסער האַנדל־צענטער און זייער אַ באַ־לעבטער פונקט. די לעצטע צייטן האָט מען גלובאָק גערופן „קליינע דאַנציג". ביזן קריג האָט די באַפעלקערונג אין שטאָט געציילט ביי 11.000 נפשות. יידן זענען געווען לערך עפּעס מער פון אַ העלפט, אַרום 48 פּראָצענט פּאָליאַקן און ווייסרוסן, דאָס איבעריקע — אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. די יידן זענען געווען



אַ קלאַס פון דער העברעישער גימנאַזיע פון די ברידער ראַיאַק

אַממייסטן קאָנצענטרירט אין די צענטראַלע גאַסן און אויפן מאַרק־פּלאַץ. דער אָרעמערער טייל פון די יידן האָט געוווינט אויף דער אַלטער און נייע קישעליי־קע, דובראָווע, פּאָלנע, עק ווילנער גאַס א"אַ. שטאַרק פּאָפּולער איז געווען די אַזוי גערופענע „משיחס קאָלאָניע". דאָרט האָט זיך געפונען אַ ברייט פאַרצווייג־טע משפחה מיט דער פאַמיליע „צמח". פון דעם האָט זיך קאָנטיק גענומען דער נאָמען „משיח". די איינוווינער פון דער „קאָלאָניע" איז באַשטאַנען פון געזונטע יידישע טרעגער, פורמאַנעס און סתם האָרעפּאַשנע יידן, מיט וועמען די יידישע גלובאָק האָט זיך גערעכנט. די משפחה האָט געוואַקסן און ווען נישט דער אומ־גליק וואָלטן זיי געווען צוגעטראָגן אַ גאַנץ פיינעם צושטייער צו דער פאַרמע־רונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין גלובאָק...

די ייִדישע געשעפטן, קראָמען און וואַרשטאַטן זענען אַממייַנסטן געווען אין צענטר שטאָט. אַרום דער שטאָט זענען געווען די מילן, לעדער פאַבריקן, טאַרטאַק א״אַ. אין גלובאָק זענען געווען 2 קינאָס, וועלכע האָבן אויך געהערט צו ייִדן. די עלעקטרישע סטאַנציע האָט געהערט צום מאַגיסטראַט. אויף די פעריפעריען האָבן געוווינט די אַזוי גערופענע „מיעשצאַנעס״ — שטעטלדיקע פויערים — וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט. דאָס צוזאַמענלעבן צווישן די ייִדן מיט די איבעריקע נאַציאָנאַליטעטן איז געווען אַ גוטער. אַלע טאָג פלעגן פאַרקומען מערק אין קלענערן פאַרנעם, אָבער איין מאָל אין וואָך, דאָנערשטיק, פלעגן זיין גרויסע יאַרידים. עס פלעגן זיך צונויפפאָרן קריסטן און ייִדן פון ווייטע מקומות. אויך ווילנער ייִדן פלעגן קומען אויף די יאַרידים. מיטן וואַקסן און אַנטוויקלען זיך פון דעם מסחר האָט אויך געוואַקסן דער וווילשטאַנד פון דער באַפעלקערונג. דער גרעסטער טייל ייִדן האָט געלעבט פאַרמעגלעך, אַלע טאָג האָבן געשפּילט קינאָס. גאַנץ אָפט פלעגט קומען אַ טרופּע — אַ ייִדישע, אָדער אַ פוילישע, וועלכע פלעגן גוט באַזוכט ווערן. זומער פלעגן ייִדן אַרויספאָרן אויף זומער־וווינונגען, מען האָט געלערנט קינדער, מען האָט זיי פיין אָנגעטון אאַז״וו. אין שטאָט איז געווען ביי 1.100 הייזער. פון זיי אַ סך צוויי שטאָקיקע און אַ פּאָר דריי שטאָקיקע.

די ייִדישע קהילה־פאַרוואַלטונג אין גלובאָק איז געווען אַ רייכע. זי האָט פאַרמאָגט אַ סך ערד, די אַזוי גערופענע „ייִדישע פאַשע״. די גלובאָקער ייִדן האָבן געהאַט אייגענע לאָנקעס, וווּ צו פיטערן זומער זייערע בהמות און די קהילה האָט פון דעם געצויגן אַ פיינע הכנסה. אויך האָט די קהילה פאַרמאָגט אין שטאָט צענטר אייגענע קראָמען, וועלכע זי פלעגט פאַרדינגען די ייִדישע קרעמער. די ייִדישע באַפעלקערונג האָט אויך געצאָלט אין דער קהילה אַ ספּעציעלן שטייער. חוץ דעם האָט די קהילה געהאַט הכנסות פון מעטריקעס, פון חתונות, בריתן, קבורת מתים א״אַ. די קהילה פון איר זייט האָט אויסגעהאַלטן די רבנים, שוחטים, געגעבן תמיכה פאַר פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אינדיווידועל אָרעמע, אָדער געפאַלענע ייִדן אד״גל. דער יושב־ראש פון דער גלובאָקער קהילה, אין די יאָרן פאַר דעם קריג, איז געווען ר׳ מרדכי לעוו ז״ל — אַ ייִד אַ בר אורין, אַ בקי אין ש״ס און דערצו אַ הייסער ליבאַוויטשער חסיד. ער איז אויך געווען אַ שרייבער, געהאַט זייער אַ פיינעם, געשמאַקן סטיל. אַלע טאָג פלעגט ער זאָגן אַ שיעור גמרא אין סטאַראָסיעליער שול פאַר אַ גרויסן עולם. אויבנאויפיק האָט ער ווייט נישט געמאַכט קיין איינדרוק. ער איז געווען אַ מעל־סוחר און פלעגט שטענדיק, חוץ שבת און יום טוב, אַרומגיין פאַרשטויבט, פאַרפּילעט אין מעל. זיין מהות האָט זיך געלאָזט אָפּשאַצן נאָר דאַן, ווען מען האָט זיך מיט אים צענויפגערעדט, נעענטער באַקאַנט.

די געזעלשאַפט „טאָז״, האָט געהאָלפן ייִדישע קראַנקע. „טאָז״ האָט פאַר־

מאָגט אַן אייגענע אַמבולאַטאָריע. אין משך פון יאָרן האָבן דאָרט געאַרבעט פאַרשיידענע ייִדישע דאָקטוירים. די לעצטע יאָרן איז דאָרט געווען באַשעפ־טיקט ד״ר בריטאַנישסקי יצחק פון ווילנע. ער איז אויך געווען וויצע־בורגאָ־מ״סטער פון דער שטאָט.

עס איז אויך געווען אַ קינדער־קאָנסולטאַציע, מיט וועלכער עס האָט אָנ־



קינדער־אָרגאַניזאַציע ביי דער יידישער פאָלקס־שול

געפירט פרוי ד״רא ווילקאָמירסקא־ראיאק (די פרוי פון מ. ראיאק). (זי מיט איר 8־יעריק זונעלע זענען אומגעקומען דורך די דייטשן כ״א מנחם אב תש״ג).

דער פרויען פאַראיין אין גלובאָק איז באַשטאַנען פון שטאָטישע אַקטיווע פרויען, וועלכע פלעגן זיך פאַרנעמען מיט אַרויסהעלפן אָרעמע כלות, שטיצן יתומים, ארויסהעלפן יולדות א״אַ.

אַן אָריגינעלע אינסטיטוציע איז געווען אין גלובאָק דער קינדער־שוץ. די ייִדישע יוגנט, אָן אונטערשייד פון סאָציאַלן מצב און ריכטונג, האָט געזאָרגט פאַרן אָרעמען ייִדישן קינד. זיי פלעגן אַרומגיין איבער די חדרים, שולן, קינדער־היימען, ווי אויך פריוואַט אין די אָרעמע הייזער און פאָרשן און באַטראַכטן די קינדער, זייער צושטאַנד, נויט און זיי פלעגן זיך סטאַרען צו באַזאָרגן די קינ־דער, וועלכע האָבן זיך אין דעם גענייטיקט, מיט שפייז און קליידער. אַ באַזונדער טעטיקייט האָט דער „קינדער־שוץ״ אַרויסגעוויזן אין די האַרבסט־ און ווינטער־חדשים.

זייער גוט איז דאָ געשטאַנען די יידישע באַנק, וועלכע פלעגט מאַכן קאָלאָ־סאַלע אומזאַצן. סיי גרעסערע און סיי קלענערע סוחרים האָט די באַנק אַ סך מיטגעהאָלפן צו אַנטוויקלען זייערע אונטערנעמונגען. אין פאַרנעם האָט די יידישע באַנק איבערגעשטיגן די אָרטיקע פוילישע מלוכה־באַנק. זייער אַ וויכטיקע אינסטיטוציע איז דאָ געווען אויך די גמילות־חסדים־קאַסע. דאָרט האָט מען אַרויסגעגעבן אָנפּראַצענטיקע הלוואות אויף לאַנגטערמיניקע, ראַטעס־וויזע אויסצאָלונגען. צענדליקער בעלי מלאכות און קליינהענדלער האָט דער „גמילות־חסד" געשטעלט אויף די פיס...

עס האָבן דאָ עקסיסטירט אַ סוחרים־פאַראיין, אַ האַנטווערקער־פאַראיין, און איןביידע פאַראייגען האָט פולסירט אַ לעבעדיקע טעטיקייט.

עס האָט דאָ עקסיסטירט אַ „לחם אביונים", וועמענס אויפגאַבע איז געווען באַזאָרגן אָרעמע יידן מיט חלה און פלייש, און אַנדערע הצטרכותן, אויף שבת. באַזאָרגן יידישע אַרעסטירטע מיט מאכל כשר און באַזונדער אויף די שבתים און ימים טובים. ימים נוראים פלעגט דער „לחם אביונים" איינאָרדענען אין תפיסה אַ „מנין" פאַר די אַרעסטירטע יידן אַאַז"וו. עס איז כדאַי דאָ צו באַציי־כענען אַ פּאָר פון די געוועזענע עסקנים: דוד דער סטאָליער ז"ל (געשטאָרבן נאָך פאַר דעם קריג) — אַן עלטערער ייד, וועלכער האָט כל ימיו נהנה געווען נאָר מיגיע כפיו — כסדר געהאָרעוועט און געזוכט צו טון גמילות־חסדים אין וואָס פאַר אַ פאָרם דאָס זאָל זיך נישט אויסדריקן. ער איז געווען אַ כבד פה, אַ שטאַמלער, אָבער אַלע האָבן אים גוט פאַרשטאַנען און זיין וויכטיקע טעטיקייט איז דורך די גלובאָקער יידן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן. ער פלעגט אָפּט פאַרלאָזן זיין וואַרשטאַט, איבעררייסן די אַרבעט, פון וועלכער ער האָט געצויגן זיין חיונה און אַוועקלאָזן זיך איבערן שטאָט זאַמלען פאַרן „לחם אביונים". קיין איין יידישע שטוב האָט אים נישט אַרויסגעלאָזט מיט ליידיקע הענט. יעדערער האָט אים מיט שמחה זיין נדבה אַנטקעגן געטראָגן. די יידישע גלובאָק האָט אָפּגעשאַצט זיין טעטיקייט, וועלכע איז געווען דורכויס לשמה. יום טוב פלעגט ער מיט נאָך עמעצן אַרומגיין מיט אַ גרויסן קאָשיק איבער די הייזער און קלייבן פאַר די אַרעסטירטע חלה, פיש, פלייש א"אַ. „זיי מוזן אויך עסן", פלעגט ער טענהן, „עס איז דאָך יום טוב"! ער פלעגט אָרגאַניזירן נאָך פאַרלעך צו דער מצוה, ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן, און אַזוי איז שוין ביי די גלובאָקער יידן געוואָרן אַ טראַדיציע, אַז אויף יום טוב דאַרף מען באַקן און קאָכן אויך פאַר די יידישע אַרעסטירטע, וואָס געפינען זיך אין דער אָרטיקער תפיסה. אין אָט דער אינסטיטוציע האָט אויך מיטגעאַרבעט דער געוועזענער רעדאַק־טאָר פון דער היגער יידישער צייטונג, ר' שלמה באגין (היינט אין אַמעריקע). אַ זייער טיכטיקער עסקן, אין די היגע יידישע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. איז געווען דער טראַגיש־אומגעקומענער דוד מונבז. דאָס איז געווען אַזאַ איי־בער, וואָס פלעגט מיטאַרבעטן אומעטום, פון וואַנען מען האָט זיך נאָר צו אים

געװײַענדט: פון בית־המדרש צי פון ביבליאָטעק, פון מזרחי צי פון פועי״צ, פרומע צי נישט פרומע, האָט ער נישט אָפּגעזאָגט. אומעטום פלעגט מען אים „עקס־פּלאָאַטירן״. ער פלעגט גאַנץ אָפט אויסלייען געלט פאַר איינער אָדער אַ צווייטער אינסטיטוציע און באַקומען צוריק טיילווייז... ער איז געווען אַן עוסק בצרכי צבור באמונה. אין דער גרויסער שול איז ער געווען גבאי ביזן אָנקומען פון די דייטשן י״ש.



גלובאָקער ביבליאָטעק — בלימל־טאָג

די שטאָט האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע יידישע ביבליאָטעק פון העברעישע, יידישע, פוילישע, רוסישע א״אַ ביכער. זי האָט געהאַט אַ סך לייענער אויף די אַלע שפּראַכן. דער קאָנטיגענט ביכער פלעגט שטענדיק פאַרגרעסערט ווערן און די ביבליאָטעק פלעגט נאָך אַרויסלייען ביכער די אַרומיקע פּראָווינץ־ שטעט פאַר דער דאָרטיקער יידישער יוגנט.

גלובאָק איז געווען באַקאַנט מיט אירע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענע ריכטונגען, אָנהייבנדיק פון מזרחי ביז פועי״צ און „השומר הצעיר״. זיי אַלע האָבן געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט. אין זייער טעטיקייט פאַרן קרן קימת לישראל און קרן היסוד זענען אַלע געווען געאייניקט. אַלע האָבן אָן אונטערשייד מיט לייב און לעבן געאַרבעט פאַר די קרנות.

איינע פון די שטאַרקסטע און טעטיקסטע אָרגאַניזאַציעס איז דאָ געווען דער „החלוץ״. דער גלובאָקער „החלוץ״ איז געווען אַ שם־דבר אין ווילנער

געגנט. די יוגנט פון „החלוץ" איז געווען אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן אין גלובאָק, פירנדיק איבערהויפּט אַ הכשרה־אַרבעט, וועלכע האָט צוגעגרייט די יוגנט־עליה און בנין הארץ.

דאָ זענען אויך געווען בונדיסטן און דעמאָקראַטן. דאָס זענען געווען קליי־נע און שוואַך־אָרגאַניזירטע גרופּירונגען. שטאַרק פאַרצווייגט זענען דאָ געווען די אַזוי גערופענע „יידישיסטן". זיי זענען געווען קעגן העברעיִש און זייער השפעה איז דאָ געווען אַ גאַנץ אָנזעעוודיקע.

אין גלובאָק איז אויך געווען אַן אונטערערדישע קאָמוניסטישע אָרגאַני־זאַציע. דאָרט זענען געווען אַקטיוו אויך ייִדישע יוגנטלעכע און אייניקע פון זיי האָבן צוליב זייער טעטיקייט היפּשע יאָרן פאַרבראַכט אין דער לוקישקער טור־מע אין ווילנע: חיים סווידלער, דוד ווייצקין, כאשע צייטעל, שרה־ריבה באודין, רחל גלאז א״אַ.

די העברעיִשע שול אין גלובאָק, אונטער דער אָנפירונג פון די וואָס שרייבן די דאָזיקע שורות, האָט נישט נאָר פאַרנומען דעם אויבנאָן פון אַלע אַנשטאַלטן דאָ אויפן אָרט, נאָר איז געווען פּאָפּולער ווייט מחוץ די גרענעצן פון גלובאָק. אין משך פון איר 20־יעריקער עקסיסטענץ האָט זיך די שול — אין 1927טן יאָר — פאַרוואַנדלט אין אַ מיטלשול און האָט אַרויסגעלאָזט אין די הונדערטער תלמידים־ות — נאַציאָנאַל שטאָלצע און טיכטיקע ייִדן. אַ סך פון זיי זענען שפּעטער באַרימט געוואָרן. ווער האָט נישט געקענט אין ווילנע דעם גלובאָקער עלוי אַהרן־יעקב לאַזאוויק ז״ל, וועלכער וואָלט בלי שום ספק געווען אַ גדול בישראל. פון דער שול איז אַ גרויסער טייל יוגנט אַוועק ווייטער שטודירן און האָבן זיך שפּעטער אויסגעצייכנט ווי דאָקטוירים (משה כאוועס, אהרן גאַדין), ווי לערער (ליפּטשע גורעוויטש, זלאַטע בארנשטיין, פריידל צענציפּער, דוד פליסקין, רפאל וואלשטיין פון ניי־פּאהאסט א״אַ.), קינסטלער (אהרן־זעליק פּליס־קין) און אַ סך, אַ סך אַנדערע.

צווישן די מוטיקע קעמפער פון דער הגנה געפינט זיך אויך אַ שיינע רשימה פון געוועזענע תלמידים פון אויבנדערמאָנטן אַנשטאַלט, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער העלדישקייט, ביים באַפרייען דאָס לאַנד, ווי שלוימקע כעוולין, שמעון שפּיראָ, צבי סלאבאדקין א״אַ.

צו דעם לערנאַנשטאַלט, צו באַקומען דאָרט תורה און בילדונג, פלעגט זיך ציִען די יוגנט נישט נאָר פון גלובאָק, נאָר פון גאַנצן געגנט אַרום. חוץ דער מליכה־פּראָגראַם, חוץ אַלגעמיינע וועלטלעכע בילדונג, האָט אַ שילער ביים פאַר־ענדיקן די שול געמוזט גוט קענען תנ״ך, יידישע געשיכטע, העברעיִשע און ייִדישע ליטעראַטור, דברי אגדה א״אַ. עס איז כדאי מקדיש צו זיין עטלעכע ווערטער אויף דער ראָלע, פון דער ייִדיש־העברעיִשער שול אין גלובאָק, אויף איר דערציִערישן ווערט, וואָס זי האָט געהאַט נישט נאָר פאַר דער יוגנט און קינדער, נאָר אויך פאַר עלטערן, פאַרן דורכשניטלעכן ייִדן אין אַלגעמיין.

די שטאָט, למשל, פֿלעגט האָבן אָפּטע ייִדישע אונטערנעמונגען פון פאַר־שיידענעם כאַראַקטער. די טראַדיציאָנעלע, עפנטלעכע שול־אונטערנעמונגען אין משך פון יאָר זענען געווען: חנוכה־אָוונטן, פורים־אָוונטן, ל״ג־בעומר־פייערונגען, פסח־ און סוכות־פאַרוויילונגען, חמשה עשר בשבט. די אָוונטן פלעגן אויפלעבן נישט נאָר די שול־יוגנט און די קינדער, נאָר אויך די עלטערע, די גאַנצע שטאָט



אַרויסלאָז פון דאַמען־שניידעריי ביי דער געזעלשאַפט „אָרט"

און די אַרומיקע געגנט. אויף די חנוכה־ און פורים־אָוונטן פון דער שול פלעגן די ייִדן וואַרטן מער ווי אויף אַנדערע ימים טובים פון רעליגיעזן כאַראַקטער. די געשמאַקע ייִדישע און העברעיִשע לידער פון שול־כאָר זענען געוואָרן די פּאָפּולערסטע לידער פון אַלעמען, אַ קנין פון דער ייִדישער גלובאָק. זיי פלעגן באַלד ווערן געזונגען אויף אַלע חתונות און בריתן, אין די לאָקאַלן פון די פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אין קרייזלעך אד״גל. אַפילו שמחת־תורה אין בית־המדרש ביי די הקפות פלעגן זיי געזונגען ווערן. די פאָרשטעלונגען פון „בר־כוכבא", „חנה ושבעת בניה", „דמי חנוכה", „אחשורוש", „די פאַרבלאָנדזשע־טע מיידעלע", „ישראליק" (אָפּערעטקעס) און אַ סך אַ סך אַנדערע, ליגט נאָך עד היום אין זכרון פון די וואָס האָבן זיך בעת דער אָקופּאַציע געפונען אין אַנדערע לענדער. עס איז געווען צו דערמאָנען, אַז אַ חנוכה, אָדער אַ פורים־אָוונט, אויסגעפירט דורך די שול־קינדער, פלעגט, אויף דער פאָדערונג פון פובליקום, מוזן ווערן איבערגעחזרט 2־3 מאָל, ווייל נישט קוקנדיק אויפן

גרויסן זאַל פֿון „דאָם ליודאָווי‟, האָט דאָס פּובליקום פֿאַר איין מאָל נישט גע־קענט אַריין.

ל״ג־בעומר פֿלעגט דער שול־יום טוב נישט באַגרענעצן זיך מיט די פֿיר ווענט פֿון שול־זאַל. דעמאָלט פֿלעגט שוין פֿאָרקומען אַן אמתע ייִדישע, נאַציאָ־נאַלע גאַסן־דעמאָנסטראַציע. הונדערטער קינדער, יוגנטלעכע מיט דגלים, מיט טראַנספּאַרענטן און פֿאַרשיידענע אויפֿשריפֿטן זענען יום טובדיק געגאַנגען אין וואַלד אַריין. קליינוואַרג פֿלעגט מען פֿירן אין וואַלד אויף צענדליקער דראָזש־קעס, אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויף אויטאָס אד״גל. דער צוג האָט זיין ל״ג־בעומרדיקן לידער־רעפּערטואַר געזונגען, דורכגייענדיק די גאַנצע שטאָט, אַזוי ביז; סאָמע וואַלד. דאָס קינדער־געזאַנג האָט זיך צעגאָסן אין דער פֿרילינג־לופֿט אַזוי זיס, אַזוי געשמאַק. פֿוןביידע זייטן גאַסן פֿלעגן שטיין ייִדישע און קריסט־לעכע צוקוקער. די ייִדן פֿלעגן, נאַטירלעך, קלייבן נחת און וואַקסן פֿאַר שמחה. אַ סך ייִדן פֿלעגן פֿאַרלאָזן אויף אַ טאָג זייערע געשעפֿטן, איבעררייסן מיט דער וואָכעדיקייט, באַהעפֿטן זיך מיט די יום טובדיקע קינדער און ווערן מיטגע־שלעפּט מיט דעם יוגנט־שטראָם אין וואַלד אַריין. דער ל״ג־בעומרדיקער וואָכע־דיקער טאָג פֿלעגט, דורך דער ייִדישער שול, פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אמתן ייִדישן יום טוב. אויך אויף דער קריסטלעכער טייל באַפֿעלקערונג פֿלעגט אַזאַ דעמאָנסטראַציע איבערלאָזן אַ רושם.

קומענדיק אין וואַלד פֿלעגט זיך ערשט אָנהויבן דער אמתער יום טוב. די ל״ג־בעומר סעודה, שפּילן, פֿאַרשטעלונגען, געזאַנג, דעקלאַמאַציעס, ספּאָרט־איבונגען אאַז״וו. מען האָט זיך נישט אַרומגעזוען און דער טאָג, דער גליקלעכער טאָג איז פֿאַרביי. פֿאַרנאַכט פֿלעגט די שול־יוגנט זיך אומקערן אין שטאָט ווי־דער מיט געזאַנג, ווידער מיט אַ „געדרודער‟ און פֿלעגן באַגעגנט ווערן מיט אַ סך פֿרייד, מיט גרויס ענטוזיאַזם.

אויף דער ל״ג־בעומר־פֿייערונג פֿלעגן גלובאָקער ייִדן וואַרטן...

ביים דערמאָנען די שול־ימים טובים קען מען נישט פֿאַרבייגיין דעם חמשה־עשר בשבט. אויך דער יום טוב האָט געהאַט זיין ווערט און אָפּשאַצונג, נישט בלויז אין די שול ווענט. ווען נישט די שול וואָלטן גלובאָקער ייִדן כמעט נישט געוווּסט, בעסער געזאָגט, נישט געשפּירט דעם יום טוב. ביי די פֿרומע וואָלט דער טאָג, ווי געוויינלעך, באַצייכנט געוואָרן מיט נישט זאָגן קיין „תחנון‟ און מיט „שהחיינו‟ אויף פּרות, און די וואָס דאַוונען בלויז אום ראש השנה, אָבער נישט „ראש השנה לאילנות‟ און עסן פּרות אָן אַ ברכה, וואָלטן בכלל פֿון דעם יום טוב נישט געוווּסט.

חמשה־עשר בשבט פֿלעגט די שול פֿייערן אויף איר אָריגינעלן אופֿן. שוין אַ פּאָר וואָכן פֿאַר דעם פֿלעגט דער וואַרשעווער קק״ל אַריינשיקן אַזוינע זעקע־לעך מיט געהעריקע אויפֿשריפֿטן, בילדלעך און ציורים פֿון ארץ ישראלדיקן לעבן. די זעקעלעך פֿלעגן אָנגעפּילט ווערן מיט פּרות הארץ: באָקסערן, פֿייגן,

ראָזשענקעס, ווי אויך מיט שאָקאָלאַד, צוקערקעס און אַנדערע. צו דעם אָוונט לעגט דער זאַל ווערן שיין דעקאָרירט, אויף די ווענט ארץ ישראל־אויפשריפטן יט חמשה־עשר לאָזונגען, אין צענטער פלעגט אַראָפּהענגען אַ באַלויכטענער מגן דוד, אינמיטן אַ ברייט־צווייגנדיקער בוים באַלייגט מיט ארץ ישראל פרוכטן. די קינדער פלעגן קומען אויסגעפּוצט אין בגדי יום טוב און פלעגן מיטברענגען



די העברעישע גימנאַזיע פון די ברידער ראַיאַק

זייערע עלטערן, ברידער, שוועסטער און סתם געסט. נישט זעלטן פלעגט אויף אַזאַ חמשה־עשר־אָוונט „פאַרבלאָנדזשען" אויך אַ באָבע אַפילו — און נאָך וואָס פאַר אַ באָבע! — אַ לעבעדיקע, פריילעכע יידישע אַלטיטשקע, וועלכע פלעגט נישט קענען אָנזעטיקן זיך מיט נחת פון „ארץ ישראל" אין די פיר ווענט פון גלובאָקער יידישער שול אין מיטן ברענענדיקן ווינטער...

עלטערע קינדער פלעגן געבן אַ פאָרשטעלונג פון פאַרשיידענע ארץ ישראל־בילדלעך, ווי פלאַנצן ביימער, ברענגען בכורים א"אַ, זינגענדיק דערביי לידער: שלום עליכם יהודי, ספרי לי ריבה..., נקטתה..., חמשה עשר בשבט..., אל הצפור... א"אַ.

גאַנץ אימפּאָזאַנט פלעגט זיין דאָס שיקן מתנות פון די קק"ל־זעקעלעך מיט די פרוכטן אין זיי. דאָס האָט אויסגעזען לערך אַזוי: זייער א סך זעקעלעך, אָנגע־פילט מיט פרות הארץ, זענען געווען אויסגעלייגט אויף אַ גרייסן טיש אין מיטן זאַל. ביים טיש איז געזעסן אַ קאָמיסיע פון 5 עלטערע שילער און 2 „קוריערן"

זענען געשטאַנען צום דינסט... די זעקעלעך האָט יעדער געקענט קויפן פאַר אַ פון פריער איינגעשטעלטן מינימום־פּרייז. מען האָט אָבער געצאָלט אַ סך מער פונעם באַשטימטן פּרייז, מחמת די גאַנצע הכנסה איז באַשטימט פאַרן קק״ל. פאַר זיך האָט עס קיינער נישט געקויפט, נאָר געשיקט ווי אַ מתנה פאַר עמעצן. צום ביישפּיל: שרהלע באַשטעלט 5 זעקעלעך, צאָלט פאַר זיי איין און שרייבט אויף אַ צעטעלע וועמען זי וויל דאָס שיקן אַ מתנה. די „קוריערן", אָדער ווי מען פלעגט זיי שפּאַסיק אָנרופן, די „וואָיאַזשאַרן", פלעגן הויך אויסרופן ווער וועמען עס שיקט און עס פאַנאַנדערטראָגן לויטן „אַדרעס". די וואָס פלעגן קריגן די מתנות פלעגן נישט בלייבן הינטערשטעליק און אָפּשיקן צוריק. אַזוי פלעגן אין דער אַקציע אַריינגעצויגן ווערן אַלע בייוועזנדיקע. די זעקעלעך פלעגן מע־רערע מאָל אומגעקערט ווערן און פון דאָס ניי זיך ליציטירן. אַזוי פלעגט איין און דער זעלבער זעקעלע דורכמאַכן אַ סך גלגולים און צו יעדער מאָל ברענגען הכנסה פאַרן קרן קימת לישראל.

די חמשה־עשרדיקע אָוונטן פון דער גלובאָקער יידישער שול פלעגן זיין פּאָפּולער נישט נאָר אין גלובאָק, נאָר אויך אין וואַרשעווער קק״ל, ווו זיי זענען געווען באַצייכנט, ווי אַ באַזונדערע טראַדיציע. אַזאַ אָוונט האָט געהאַט חוץ דער גרויסער קק״ל־הכנסה, אַ קאָלאָסאַלן דערציִערישן באַטייט פאַר דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפט. דאָס פלעגט ווירקן לטובת בנין הארץ מער פאַר אַלע אַגיטאַציעס, מיט אַלע דרשות, אויפקלערונגען און דיסקוסיעס. דער חמשה־עשר בשבט־יום־טוב איז מיט דער צייט געוואָרן אַ טראַדיציע. קאָלאָניאַל־קרעמער פלעגן היטן דעם לוח און פלעגן מיט צוויי וואָכן פריִער קומען פאַרלייגן זייערע סחורות און בעטן, אַז מען זאָל זיי געבן צו לייזן... זייערע באָקסערן, פייגן זענען אמתע ארץ ישראלדיקע, פלעגן זיי אָנגעבן אין יחוס...

ביי דער שול האָט עקסיסטירט אַ גרויסער כאָר, מיט וועלכן עס האָט אָנ־געפירט, אין די ערשטע יאָרן, מלך ביעלינסקע. דער כאָר פלעגט אַרויסטרעטן אויף די שול־אָוונט און פאַרשיידענע שול־אונטערנעמונגען מיט זייער אַ רייכן רעפּערטואַר.

מיר מוזן דאָ דערמאָנען, כאָטש מיט אַ פּאָר ווערטער, אויך דעם קינדער קלוב, ווו חוץ אין די ימים טובים פלעגן יעדן פרייטיק צו נאַכט, אין די ווינטער חדשים און שבת נאָכמיטאָג אין די זומער חדשים, זיך אָנפילן די זאַלן פון דער שול, נישט נאָר מיט דער שול־יוגנט, נאָר אויך מיט סתם יוגנטלעכע און על־טערן, וואָס פלעגן קומען זיך ווײלן עטלעכע שעה צוזאַמען מיט די תינוקות של בית רבן און וואָס פלעגן זיך נישט קענען אָנזעטיקן מיטן גייסטיקן נחת רוח, וואָס דאָרט האָט געהערשט. דער געזאַנג פון כאָר, די פאָרטראָגן פון די לערער און עלטערע תלמידים אויף פאַרשיידענע טעמעס, די דעקלאַמאַציעס און רע־ציטאַציעס פון די שילער, די פאַרשיידענע שפּילן, אין וועלכע עס פלעגן אַריינ־געצויגן ווערן יונג און אַלט, זענען געווען אַזוי באַטעמט, אַז עס האָט זיך געדוכט

אַז דאָס רוחניותדיקע לעבן וועט בלייבן אויף אייביק און וועט קיינמאָל נישט אויסגעלאָשן ווערן. אַלץ אַרום איז געווען אַזוי שבתדיק, אַזוי עונגדיק, נישט געקינצלט, אַן אמתער מעין עולם הבא... די וואָס זענען בייגעווען אין קינדער־קלוב אין יענער צייט וועלן עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זיי וועלן נישט פאַר־געסן דעם אמתן הייליקן ציטער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די אַלע בייוועזנדיקע,



אַ גרופּע פון „השומר הצעיר"

דעם ציטער וואָס האָט געקוויקט די נשמה, אַריינגעבלאָזן אין דער וואָכעדיקייט די אמתע נשמה יתרה.

די רייך פאַרצווייגטע טעטיקייט פון דער גלובאָקער שול האָט בשעתה געפונען איר אָפּקלאַנג אין דער ווילנער ייִדישער טעגלעכער פּרעסע און אין פאַרשיידענע פּעדאַגאָגישע פּעריאָדישע זשורנאַלן. דורך פאַרשיידענע עסקנים, שול־טוער און פּובליציסטן פלעגן פאַר דער עפנטלעכקייט אַרויסגעבראַכט ווערן פאַרשיידענע מאָמענטן פון שול־לעבן. אויף די שפּאַלטן פון ווילנער „צייט" און „טאָג" (כאָטש דער לעצטער איז געווען אַ ייִדישיסטישער אָרגאַן), פלעגט מען פון צייט צו צייט לייענען אַרטיקלען, נאָטיצן וועגן גלובאָקער שול.

איינע אַזאַ נאָטיץ אונטערן קעפּל: „דער ערשטער סיום פון גלובאָקער ייִדי־שער שול" פון „ווילנער טאָג" פון 27טן אויגוסט 1925 (ז' אלול תרפ"ח) נומ' 174, אָפּגעפונען אין ווילנער מוזיי נאָך דער מלחמה 1946, גיבן מיר איבער געטרײַ:

„דעם 16טן אויגוסט — ביי זייער אַ געהויבענער שטימונג, אין דער אָנ־וועזנהייט פון ד"ר וויגאָדסקי, וועלכער איז ספּעציעל געקומען פון ווילנע אויפן

סיום, דעם בורגמיסטער פון גלובאָק און פאָרשטייער פון אַלע היגע אינסטיטו־ציעס, ווי אויך פובליקום פון אַלע שיכטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, איז פאָרגעקומען אין דעם שיין־געפוצטן זאַל פון דער ייִדישער פאָלקס־באַנק, דער ערשטער סיום פון דער ייִדישער שול.

נאָך דער עפענונג און באַגריסונג פון פאַרוואַלטער פון דער שול מ. ראַיאַק, האָט ד״ר וויגאָדסקי, אויסגעוויילט אַלס ערן־פּאַרזיצער, געהאַלטן אַ וואַרעמע באַ־גריסונגס־רעדע צו די קינדער ווי אויך צום פובליקום. עס זענען אויך געהאַלטן געוואָרן באַגריסונגען פון דער גלובאָקער קהילה, פון די לערער, פון פאַרשיידענע אינסטיטוציעס און פערזאָנען. עס זענען דורכגעלייענט געוואָרן פיל שריפטלעכע באַגריסונגען אין בריוו און דעפּעשן. באַזונדערס איז ווערט אונטערצושטרייכן די וואַרעמע, העפלעכע באַגריסונגס־רעדע פון היגן בורגמיסטער, וועלכער האָט פּיי־ערלעך צוגעזאָגט צו שטיצן די ייִדישע שול. צום סוף זענען איבערגעלייענט גע־וואָרן דורך די אביטוריענטן אייניקע שריפטלעכע אַרבעטן, פון וועלכע עס האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די אַרבעט פון שילער ווייצקין אהרן — כאַראַקטע־ריסטיק פון די נביאים עמוס און הושע.

דאַן קומט פאָר די פאַרטיילונג פון די אַטעסטאַטן צווישן די אביטוריענטן: 1) ווייצקין אַהרן; 2) כאַוועס הירש; 3) מינדלין פסח; 4) כ״ץ דבורה; 5) שיינקמאַן זלמן; 6) שפּירא מיכאל; 7) שפּירא ברוך; 8) שפּאַרבער סלאַווע און 9) שולהייפער געשע. די שטימונג איז אַזוי פייערלעך, אַז איינער פון די עלטערן האָט מיט אַ ציטערדיקן קול אויסגערופן: „אַשרי עין ראתה אלה!״.

נאָכן אָפיציעלן טייל האָט זיך אָנגעהויבן דער אַזוי גערופענער „שלחן עורך״, און דער עולם איז נאָך דער צייט פון „אַפיקומן״, ד״ה, נאָך האַלבע נאַכט, ערשט אַריין אין דער געהעריקער התלהבותדיקער יום־טוב־שטימונג. די יוגנט האָט צו־זאַמען מיטן געהויבענעם, טייערן ד״ר וויגאָדסקי געזונגען, דעקלאַמירט און צו־זאַמען מיטן גאַנצן עולם, וועלכער האָט זיך געשפּירט זייער געמיטלעך, זיך שטאַרק משמח געווען. לאַנג, לאַנג וועט גלובאָק געדענקען דעם ערשטן סיום פון דער ייִדישער שול״

די אויבנדערמאָנטע תלמידים זענען כמעט אַלע אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן ימ״ש, אויסער יבדלו לחיים ארוכים אהרן ווייצקין און ברוך שפּירא, וועלכע לעבן אין ארץ ישראל.

אין די פריִערדיקע יאָרן האָבן אין גלובאָק אויך עקסיסטירט אַ ייִדישיס־טישע שול און אַן עכט רעליגיעזע שול „תושיה״. אַלע אַנשטאַלטן זענען געווען איבערפולט מיט תלמידים, מיט משהלעך, שלמהלע און עס האָט אומעטום פול־סירט אַ שטאַרק ייִדיש לעבן.

**דאָס אַלץ איז פאַרשוווּנדן, אַלץ פאַרלאָרן! נישטאָ די יוגנט, נישטאָ די על־טערן, נישטאָ די לערער. איין גרויסער חורבן. קברים און קברים...**

דער גרעסטער טייל פון דער שול־יוגנט איז, צום גרויסן אומגליק, פאַר־

בליבן אין די גריבער, פעלדער און וועלדער אַרום גלובאָק. עס לעבט אַ קליי־נער טייל, וועלכער האָט זיך בעת דער דייטשער אָקופּאַציע געפונען אין ארץ ישראל און אַנדערע לענדער, ווו דער דייטשער שטיוול האָט נישט געטראָטן. דאָס ביסל לעבן־פאַרבליבענע יוגנט איז אַ זכר פון דעם געוועזענעם שיינעם, הער־לעכן בילדונג־אַנשטאַלט אין גלובאָק.



חתונה פון ה׳ משה־לייב ראָדשטיין (באַוווסטער עסקן ביי די חסידי „חב״ד)

גלובאָק האָט אויך פאַרמאָגט זייער אַ פיינע ישיבה. צענדליקער ישיבה־בחורים האָבן דאָרט געלערנט תורה. גלובאָקער יידן האָבן זיי אויסגעהאַלטן כמעט אויף זייערע פּלייצעס. די וויכטיקע טוער אירע, מיט הרב כ״ץ ז״ל בראש, זענען געווען דער שוחט ר׳ בנציון כאַנאוויטש ז״ל, ר׳ שלום וויינשטיין מיט זיין איידעם הר׳ שאכנאָוויטש ז״ל א״אַ. אַלע צדיקים, תמימים וישרים. פון די ראשי הישיבות זענען געווען דער היינטיקער וואַרשעווער רב כ״ץ (זיין נאָמען נישט באַוווסט), ר׳ מרדכי ישורון ז״ל און לעצטנס פאַרן קריג ר׳ ראובן מאָזעס ז״ל (אומגעקומען) — אַ תלמיד פון „חפץ חיים״ זצ״ל. ער האָט שטאַרק געהאָפט, אַז גלובאָקער יידן וועלן איבערקומען בשלום דעם גרויסן אומגליק פון דער דיי־טשער אָקופּאַציע. עס דערמאָנט זיך מיט וואָס פאַר אַ בטחון, מיט וואָס פאַראַ זיכערקייט ער האָט זיך איינמאָל אין חודש אָדר תש״ב אויסגעדריקט, „אַז אין די גאולה חדשים — אָדר און ניסן — מוזן די יידן פּטור ווערן פון די דייטשן. פונקט ווי אַמאָל, וועט אויך איצט געשען אַ נס...״

אויך חדרים איז געווען אין גלובאָק. דער אַלטער „יאָשע טישעס״ ז״ל האָט

אויפגעשטעלט עטלעכע דורות תלמידים. עס מוזן זיך נאָך ערגעץ געפינען זיינע תלמידים. ער האָט זיך אין שטאָט גערעכנט פאַרן בעסטן מלמד... געווען אַ גרויסער בעל־פעולה. עס זענען נאָך געווען ר׳ אליקום — אַ טיפּישער מלמד פון אַ ווייסרוסישן, אָדער ליטווישן שטעטל, ר׳ קאָפּל פּייגעלמאַן, לעוויטאַנוס א״אַ (מאָדערנערע).

אין שטאָט זענען געווען צען בתי מדרשים, חסידישע און מתנגדישע. די גרעסערע פון זיי, די סטאַראָסעליער, ליובאַוויטשער, דער „בית מדרש״ און באַזונדער די הויכע שול (האָט אַריינגענומען איבער 1.000 מענטשן). אין אַלע בתי מדרשים האָט מען אַלע טאָג געדאַוונט און געלערנט. ווי פּייערלעך עס האָט אויסגעזען די שטאָט, ווען יום טוב און באַזונדער ראש־ השנה, פלעגן נאָכן דאַוונען אַרויסגיין אין די טויזנטער פון אַלע ב״מ ייִדן, מענער און פרויען, אַלע אָנגעטון אין בגדי יום טוב און פלעגן פאַרהילכן די גאַס מיטן טראַדיציאָנעלן „גוט יום טוב״!

אין שטאָט זענען געווען 3 רבנים — 2 חסידישע און איינער אַ מתנגדישער. פון זיי איז הרב ר׳ יוסף הלוי כ״ץ זצ״ל געזעסן אויף זיין כסא הרבנות אין גלובאָק ביי 40 יאָר. ער האָט זיך גערופן „דער ווישינטער״, ער האָט געשטאַמט פון אַ קליינעם ליטווישן שטעטל ווישינט. ער האָט געצויגן זיין יחוס פון לאַנגע דורות רבנים. ער איז געווען אַ מזרחי און סתם אַן עסקן צבורי. פון די חסידישע רבנים איז דאָ אַמאָל געווען דער גאון מפורסם ר׳ אַברהם זצ״ל. נאָך זיין פּטירה איז גלובאָק אַ לענגערע צייט געווען אָן אַ חסידישן רב, זי האָט פאַר זיך נישט געקענט צופּאַסן קיין רב. שפּעטער איז אָנגעקומען ר׳ זונדל ראַבינזאָן פון ראַדאשקאָוויטש, נאָך אים — ר׳ מנחם מנדל קופּערשטאָק. דאָס זענען געווען אָנגעזעענע רבנים. דער לעצטער איז, אַ צייט פאַרן קריג, אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל. דעמאָלט איז אַהער פון ליבאַוויטשער רבין געשיקט געוואָרן ר׳ מנחם מענדל מאַנדעלבוים און דער צווייטער צד האָט אויפגענומען פאַר זייער רב ר׳ הלל זאַלמאַנאַוויטש, אַן איידעם פון הרב כ״ץ. זיי אַלע זענען מיט זייערע משפחות אומגעקומען דורך די דייטשן. הרב כ״ץ — ד׳ תמוז תש״ב, הרב מאַנדעלבוים — יט׳ אָב תש״ג און הרב זאַלמאַנאַוויטש — אין ווילנע, ווי נאָר די דייטשן זענען אַהין אַריין.

פון ייִדישע דאָקטוירים זענען דאָ געווען: פרוי ווילקאַמירסקאַ־ראַיאַק — די פרוי׳ פון מ. ראַיאַק. זי איז געווען די אָנפירערין פון דער ייִדישער קינדער־קאָנסולטאַציע און האָט געהאַט אַ סך פאַרדינסטן ביים העלפן אָרעמע קראַנקע. אַליין איז זי געווען אַ אשה משכלת און אַן אמתע צדקנית בדורה אין פּולן זין פון וואָרט. ווי אַ גוטער דאָקטער איז זי שטאַרק פּאָפּולער געווען אויך צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. זייענדיק שוין אין געטאָ פלעגן קריסטן זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו באַקומען איר הילף, אירע עצות פאַר זייערע קראַנקע. (אַ ייִדישן דאָקטער איז פאַרבאָטן געווען צו היילן קריסטלעכע קראַנקע).

ד״ר בריטאַנישסקי — הויפּט־דאָקטער פון „טאָז״ — אַ באַרימטער גינע־קאָלאָג אין גאַנצן געגנט. ער איז אויך געווען אין גלובאָק וויצע־בורגמייסטער.

ד״ר קאַלמאַנאָוויטש כתריאל פון גערמאַנאָוויטש אַ יונגער ד״ר פון זייער אַ יחוסדיקן אָפּשטאַם, איז געווען אַ פרומער (געפינט זיך איצט אין ריגע).

פאַרן סאַמע קריג האָט זיך אין גלובאָק באַזעצט ד״ר נחום לקח — אַ זון פון שמעון לקח פון דיסנע. ער איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערס־טע כירורגן.



פּראָפעס־אָנעלע שול — דאַמען־שניידעריי

שטאַרק פּאָפּולער איז דאָ געווען דער פעלדשער יהושע געלער, ישראל דעם פעלדשערס אַ זון. אויך קריסטן האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן. ער איז געווען איינער פון די ערשטע קרבנות ביי די דייטשע מערדער (געגנוי וועגן דעם אין דער באַשרייבונג פון חורבן).

אַ היבשע צאָל יידישע ציין־דאָקטוירים האָט גלובאָק פאַרמאָגט: די צוויי שוועסטער פייגעלסאָן, שולעוויטש שרה, (מיכאל אַלפעראָוויטשעס אַ טאָכטער), משה קאַצאָוויטשעס שנור, פרידמאַן־יאַש (פון יאַטקע גאַס), גינזבורג א״אַ.

אויך שוחטים זענען דאָ געווען עטלעכע. דער הויפּט־שוחט איז געווען ר׳ בנציון כאַנאָוויטש ז״ל, אַ זון פון אלטן שוחט ר׳ ישראל, וועלכע האָבן געצויגן

אַ שלשלת פון שוחטים דאָ אין גלובאָק. ער איז געווען אַ הייסער ליובאַוויטשער חסיד. זיין פרוי עלקע ע״ה, איז געווען אַ אשה יראת אלוקים, אַ שוועסטער פון ר׳ מאיר געלמאַן פון ליעפּליע בעל המחבר פון „בית רבי״. פון דער פאַרצווייג־טער משפחה זענען פאַרבליבן פיר קינדער, פון וועלכע איינער איז געווען אין ארץ ישראל און דריי האָבן באַוויזן אין אַנהויב פון דייטש־פּוילישן קריג צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע.

אַלע שטאָטישע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס אאַז״וו פלעגן אָפט איינאָר־דענען פאַרשיידענע אונטערנעמונגען לטובת דעם אָדער יענעם אַנשטאַלט. די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע כוחות זענען געווען אַקטיוו. גאַנץ פּאָפּולער זענען דאָ געווען די בעלער, איינגעאָרדנט דורכן פרויען־פאַראיין, „טאָז״, די „באַזאַרן״ פון קק״ל א״אַ. ווי לוסטיק און היציק פלעגט די יוגנט אַרומלויפן מיט די בלי־מעלעך אין די „בלימל־טעג״!.. די היגע יוגנט האָט אויך פאַרמאָגט אַ דראַמ׳־קרייז. גאַנץ אָפט פלעגט אַהער אַראָפּקומען אַ טרופּע פון אַ צענטער — וואַרשע אָדער ווילנע. עס פלעגן קומען פאַרשיידענע אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן, גרע־סערע ציוניסטישע עסקנים, ארץ ישראל־געסט, געז׳ טוער פון אַ גרעסערן פאַרנעם אאַז״וו.

אין שטאָט האָט געברויזט מיט יידיש לעבן. אַלע צוזאַמען — פרומע און נישט פרומע, עלטערע און יינגערע, אייניקלעך און זיידעס האָבן מיט זיך פאַר־געשטעלט איין איינס, איין געשלאָסענע, געקניפּטע, פריידיקע פאַראייניקונג, וועלכע האָט דאָס יידיש לעבן געמאַכט זאַפטיק, רוחניותדיק און ביז גאָר מחיה־דיק... עס איז שווער אין אַן איבערבליק אויסצושעפּן אַלע גייסטיקע ווערטן, וואָס האָבן באַווירקט דאָס שטעטל, מען האָט נאָך געקענט שרייבן אַ סך וועגן דער יידישער שול, וועגן דער ישיבה, ביבליאָטעק און די איבעריקע אינסטי־טוציעס, וואָס די יידן האָבן דאָרט געשאַפן. עס זענען נישט דערמאָנט געוואָרן אַ סך אייגנאַרטיקע טיפּן און פאָלקס־טוער אאַז״וו.

ביים אויסרעכענען די אָרגאַניזאַציעס אין גלובאָק איז נישט דערמאָנט געוואָרן די פאַרצווייגטע יידישע ספּאָרט־אָרגאַניזאַציע „מכבי״, וועלכע האָט געציילט עטלעכע הונדערט יוגנטלעכע. דאָס האַרץ פלעגט ממש צאַפּלען פאַר פרייד, צוזעענדיק ווי יונגע, געזונטע יינגלעך און מיידלעך פלעגן אין זייערע ספּאָרט־אָנצוגן, אונטער די קלאַנגען פון מוזיק, מאַרשירן דורך דער שטאָט אין אַ יום טוב־טאָג, בעת אַ ל״ג־בעומר־אויספלוג, אָדער צום ספּאָרט־פּלאַץ אויף גימנאַסטישע איבונגען, אויף אַ „מעטש״. טויזנטער מענטשן פלעגן נאָכשטראָ־מען פון אַלע עקן שטאָט און דער פּלאַץ פלעגט זיין געדיכט פון צוקוקער. ביי דער געלעגנהייט דאַרף אויך דערמאָנט ווערן די פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער דער גרעסטער טייל זענען געווען יידן. ביי פייערלעכקייטן — סיי יידי־שע און סיי אַלגעמיינע — האָבן זיי, מאַרשירנדיק איבער די גאַסן, געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט.

דער שטאָטישער אָרקעסטער איז באַשטאַנען דורכויס און אויסשליסלעך פון ייִדן אונטער דער אָנפירונג פון בערציק לקח. (געפינט זיך איצט אין פוילן, וואלבזשיק).

גלובאָק איז געווען אַ „פּאָוויאַטאָווע" שטאָט, געהערט צו ווילנער וואָיע־וואָדשאַפט. פון די מלוכה און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס קענען פאַרצייכנט ווערן די סטאַראָסטווע, מאַגיסטראַט, סיימיק, שפּיטאָל, באַנק א"אַ. אויך זענען געווען צוויי עלעמענטאַרע פּוילישע שולן, אַ פּוילישע גימנאַזיע, אַ גרויסע ביבליאָטעק, אַ פּאַכשול, אַ קינדער־היים.

גלובאָק איז חרוב. קיין ייִדן זענען דאָרט נישטאָ. עס איז, אַפילו, קיין זכר נישט פאַרבליבן פון אונדזער עבר. עס סטאַרטשען בלויז אַרויס הוילע ווענט פון עטלעכע בתי מדרשים — דער איינציקער עדות פון געוועזענעם ייִדישן ישוב...

די מערדער האָבן אויך צעשטערט דעם ייִדישן בית־עולם. די ביימער האָבן זיי אויסגעהאַקט, פון די מצבות אויסגעלייגט טראָטואַרן און געבויט אַ טעאַטער. און דאָרט, ווו עס האָבן גערוט די ביינער פון גאַנצע דורות גאונים און גדולים, אויף דעם הייליקן ייִדישן בית־החיים, פּיטערן זיך היינט בהמות און פערד. דאָס אָרט איז פאַרשמוצט אויך פון צווייפיסיקע ברואים...

## דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה

פרייטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939 איז גלובאָק אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם דייטשן אָנפאַל אויף פּוילן. און כאָטש די שטאָט איז געווען גענוג ווייט פון דער דייטשער גרענעץ, זי איז געלעגן אין סאַמע צפון־מזרח פון דער דע־מאָלטיקער פּוילן, איז דער רושם שוין אין די ערשטע שעהן געווען אן אומגע־היערער; די גרויזאַמקייט פון דער בלוט־באָד, האָט זיך גענומען פילן תיכף. אַ סך יונגעלייט זענען געוואָרן מאָביליזירט, צעשיידט זיך מיט זייערע היימען, מענטשן זענען געלאָפן אין די בענק און פּ. ק. אָ. אַרויסכאַפּן זייערע אָפּשפּאָ־רונגען, און די לעצטע האָבן שוין נישט אויסגעצאָלט. די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פאַרן מיליטער אָנגעהויבן צו רעקוויזירן טעקסטיל־סחורות, שוכוואַרג א״אַ. די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן זוכן, ווי אַזוי צו באַזאָרגן זיך מיט פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך און די פּרייזן זענען מיטאַמאָל אומגע־היער אויפגעשפּרונגען. אין די גאַסן האָט מען באַגעגנט פיל פרויען און קינ־דער מיט פאַרוויינטע פּנימער. אויך פון די הייזער האָט זיך געטראָגן אַ יאָמער און אַ קלאָג. די מענער פון יענע הייזער זענען אַוועק אויף מלחמה. עס איז דער ערשטער פאַרשטערטער שבת ביי ייִדן... אַרום די ראַדיאָ־הילכער אין צוויי פונקטן פון שטאָט (3טע מאַי־פּלאַץ און מאַרק פּלאַץ) זענען מענטשן געפּאַקט, מען טרעט נישט אָפּ. די ידיעות ווערן וואָס ווייטער אַלץ שוידערלעכער און גרויזאַמער. שוין אין די ערשטע מלחמה שעהן זענען פיל שטעט אין פּוילן שטאַרק צעשעדיקט פון די באָמבאַרדירונגען און די צאָל קרבנות איז גרויס. מען איז נאָך צו דעם נישט געוווינט...

אויך אויפן באַן איז אַ גרויסע מהומה. עס איז שוואַרץ פון מענטשן. מען שיקט די מאָביליזירטע אויף מלחמה. פרויען און קינדער, וועלכע זענען געקו־מען באַגלייטן זייערע מענער און טאַטעס צערייסן זיך וויינענדיק. אויך די „שטאַרקע״ מענער טוען אונטערכליפּען. ווער ווייס, אויב מען זעגנט זיך נישט אויף אייביק... קיין באַנען פאַר פּריוואַטע מענטשן זענען נישטאָ. עס לויפן נאָר דורך באַנען מיט מיליטער און אַמוניציע. שטאַרק נערוועזיש זענען די מענטשן, וועמענס נאָענטע זענען געבליבן שטעקן ערגעץ אין וועג ווייט פון דער היים. די מלחמה האָט זיי דאָרט פּלוצלונג געטראָפן און זיי קענען נישט קומען צו זייערע אייגענע.

# דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

פרייטיק, דעם 1טן סעפטעמבער 1939 איז גלובאָק אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דעם דייטשן אָנפאַל אויף פוילן. און כאָטש די שטאָט איז געווען גענוג ווייט פון דער דייטשער גרענעץ, זי איז געלעגן אין סאַמע צפון־מזרח פון דער דע־מאָלטיקער פוילן, איז דער רושם שוין אין די ערשטע שעהן געווען אן אומגע־הויערער; די גרויזאַמקייט פון דער בלוט־באָד, האָט זיך גענומען פילן תיכף. אַ סך יונגעלייט זענען געוואָרן מאָביליזירט, צעשיידט זיך מיט זייערע היימען, מענטשן זענען געלאָפן אין די בענק און פּ. ק. אָ. אַרויסכאַפּן זייערע אָפּשפּאָ־רונגען, און די לעצטע האָבן שוין נישט אויסגעצאָלט. די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פאַרן מיליטער אָנגעהויבן צו רעקוויזירן טעקסטיל־סחורות, שוכוואַרג א״אַ. די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן זוכן, ווי אַזוי צו באַזאָרגן זיך מיט פּראָדוקטן פון ערשטן געברויך און די פּרייזן זענען מיטאַמאָל אומגע־הויער אויפגעשפּרונגען. אין די גאַסן האָט מען באַגעגנט פיל פרויען און קינ־דער מיט פאַרוויינטע פנימער. אויך פון די הייזער האָט זיך געטראָגן אַ יאָמער און אַ קלאָג. די מענער פון יענע הייזער זענען אַוועק אויף מלחמה. עס איז דער ערשטער פאַרשטערטער שבת ביי ייִדן... אַרום די ראַדיאָ־הילכער אין צווייַ פּונקטן פון שטאָט (3טע מאַי־פּלאַץ און מאַרק פּלאַץ) זענען מענטשן געפּאַקט, מען טרעט נישט אָפּ. די ידיעות ווערן וואָס ווייטער אַלץ שווידערלעכער און גרויזאַמער. שוין אין די ערשטע מלחמה שעהן זענען פיל שטעט אין פּוילן שטאַרק צעשעדיקט פון די באָמבאַרדירונגען און די צאָל קרבנות איז גרויס. מען איז נאָך צו דעם נישט געוווינט...

אויך אויפן באַן איז אַ גרויסע מהומה. עס איז שוואַרץ פון מענטשן. מען שיקט די מאָביליזירטע אויף מלחמה. פרויען און קינדער, וועלכע זענען געקו־מען באַגלייטן זייערע מענער און טאַטעס צערייסן זיך וויינענדיק. אויך די „שטאַרקע״ מענער טוען אונטערכליפּען. ווער ווייס, אויב מען זעגנט זיך נישט אויף אייביק... קיין באַנען פאַר פּריוואַטע מענטשן זענען נישטאָ. עס לויפן נאָר דורך באַנען מיט מיליטער און אַמוניציע. שטאַרק נערוועיש זענען די מענטשן, ווען מענס נאָענטע זענען געבליבן שטעקן ערגעץ אין וועג ווייט פון דער היים. די מלחמה האָט זיי דאָרט פּלוצלונג געטראָפן און זיי קענען נישט קומען צו זייערע אייגענע.

חורבן פון אַ סך שטעט אין פּוילן, באַזונדערס ווערט צעשטערט די הויפּט־שטאָט וואַרשע. קרבנות פון דער ציוויל־באַפעלקערונג זענען שוין דאָ אין די טויזנטער. דער דייטש גייט פאָרויס און פאַרנעמט כסדר די פּוילישע טעריטאָריע. דאָס פּוילישע מיליטער קעמפט העלדיש מיטן שונא און האַלט אָפּ, אין אייניקע ערטער, געוויסע נצחונות, אָבער דאָס האָט נישט געהאַט קיין גרויסע באַדייטונג. די שטימונג ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער געדריקט. די שפּאַנונג וואַקסט פון מינוט צו מינוט.

זונטיק, דעם דריטן טאָג פון דער מלחמה האָט די ראַדיאָ איבערגעגעבן אַ פריילעכע נייס: ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבן דערקלערט קריג דייטשלאַנד. אין די גאַסן האָט מען אַרויסגעהאַנגען נאַציאָנאַלע פאָנען און מען האָט געמיינט, אַז באַלד קומט אַ זיכערע ישועה. פאַקטיש אָבער איז דאָס ווייטער גאָר נישט ווערט געווען. דער דייטש האָט פּוילן געשמעטערט און צעשמעטערט כמעט אומגעשטערט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך אין גלובאָק גענומען באַווייזן פּליטים פון די פּוילישע צענטראַלע געביטן, ווי אויך פון די מזרחדיקע טיילן, ווי גראָדנע, ווילנע א״אַ. פאַרשטייט זיך, אַז די פּאַניק איז געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער און גרעסער.

מען האָט געוואַרט אויף „באַליאָטן״, אויף פּלוצלונגדיקע באָמבאַרדירונגען. אויף קאָפּאַניצע, אין שטאָט גאָרטן און אין אַ סך אַנדערע ערטער פון שטאָט זענען געווען צוגעגרייטע „אָקאָפּעס״, צו באַהאַלטן זיך אין פאַל פון אַ באָמבאַר־דירונג. אויך זענען ביי די גערטנער און אין אַנדערע פרייע פּלעצער ביי אַ סך הייזער געמאַכט געוואָרן אַזוינע פּריוואַטע „סכראָנעס״. באַהעלטענישן זענען געמאַכט געוואָרן אין עפנטלעכע ערטער, ווי ביים קאָשציאָל, אויף די מערק, אין סעדלעץ אד״גל. דורך מעלדונגען און געדרוקטע אויפקלערונגען אין די גאַסן האָט מען געלערנט די מענטשן, ווי אַזוי צו פאַרהאַלטן זיך, וואָס צו טון אין פאַל פון אַ באָמבאַרדירער־אָנפאַל. פון אַ הויכן טורעם איבער דעם פייערלעשער־גאַראַזש האָט מען אָן אויפהער כסדר אָבסערווירט, זיך צוגעהערט צו דער לופט־באַוועגונג. ווען מען האָט באַמערקט וועלכע עס איז זשוזשעריי אין דער לופט איז גלייך געגעבן געוואָרן אַ סירענע־סיגנאַל, וואָס האָט אָנגעזאָגט דער באַ־פעלקערונג וועגן דער אָנקומענדיקער געפאַר. אַזוינע סיגנאַלן פלעגן אַרויסרופן גרויס פּאַניק און עס זענען געווען אויך פאַלן פון נישט באַגרינדעטע טומלען.

אויף די הויפן פון אַלע הייזער האָט געמוזט זיין אָנגעגרייט וואַסער און לעש־מכשירים, די בוידעמער — אָנגעשאָטן מיט זאַמד (וויפל מי דאָס האָט מענטשן אָפּגעקאָסט), אַ סך מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען מיט קעגנגאַז־מאַס־קעס. חדשים לאַנג פאַרן קריג האָט מען געאיבט און געלערנט די באַפעלקערונג, ווי אַזוי צו באַגיין זיך אין פאַל פון אַ גאַז־מלחמה, אין פאַל ווען עס קומט פאָר אַ באָמבאַרדירונג מיט גיפטיקע גאַזן, ווי אַזוי צו באַנוצן זיך מיט די מאַסקעס,

ווי אַזוי צו ראַטעווען זיך און ווי צו געבן די ערשטע הילף אין פאַל פון אַ פאַרגיפטונג.

דעם ערשטן טאָג ראש השנה צו מנחה — דער 12טער טאָג פון דער מלחמה, — ווען אַלע ייִדן האָבן זיך געפונען אין די בתי מדרשים און מען האָט האַרציק מתפּלל געווען, האָט זיך מיט אַמאָל דערטראָגן אַ שטאַרקע סירענע — אַן אָנזאָג פון אַ „נאַליאָט״. עס איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. מען האָט גענומען באַהאַלטן זיך אין די נאָענטסטע ערטער, וווּ ווער עס האָט געפונען אַ לאָך. דער געלויף פון די באַלעבטע גאַסן איז געווען אומגעהייער. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט שוין אין שטאָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, מען האָט נישט געטראָפן קיין ילוד אשה. דער גרעסטער טייל זענען געלאָפן הינטערן שטאָט אין די פעלדער, לאָנקעס א״אַ, דאָרט, וווּ דער שונא וועט נישט האָבן קיין אינטערעס צו באָמבאַרדירן. נאָך אַ האַלבער שעה איז דער אַליאַרם אָפּגערופן געוואָרן. די דייטשע אַעראָפּלאַנען זענען ווירקלעך געווען נישט ווייט פון שטאָט, זיי האָבן אָבער באַלד גענומען אַן אַנדער ריכטונג און די שטאָט איז אָפּגעקומען מיט שרעק.

אויף מאָרגן פרייטיק, דעם צווייטן טאָג ראש השנה, 6 אינדערפרי, איז ווידער פאָרגעקומען דאָס זעלבע. עס האָט זיך איבערגעחזרט די נעכטיקע סצענע, אָבער אויך דאָס מאָל איז מען אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. אמת, דאָס ראש השנהדיקע דאַוונען האָט שוין קיין טעם נישט געהאַט. עס איז געווען אין אַ געוויסער מאָס צעשטערט. מען האָט זיך געשראָקן. מען האָט געאיילט, מען האָט נישט מאריך געווען...

אויף מאָרגן, שבת־שובה, האָבן פון ווילנע, גראָדנע, קאָוונע א״אַ, אַ שפּאַר געטון אַ מאַסע פּליטים. אויף פריִער פלעגן אַלע טאָג אָנקומען איינצלנע היימלאָזע. זיי האָבן דערציילט, אַז אין די אויבנדערמאָנטע שטעט טוט זיך תוכחה. וועגן וואַרשע איז אָפּגערעדט. גאַנצע קוואַרטאַלן ליגן דאָרט אין חורבן. אַ גרויסע טייל שטאָט איז פּשוט מיט דער ערד אויסגעגלייכט. קרבנות פון דער ציוויל־באַפעלקערונג זענען דאָ אין די טויזנטער. מענטשן ווערן פאַרשאָטן לעבעדיקערהייט אונטער די פאַלנדיקע, ריזיקע מויערן. דער שונא איז גרויזאַם און זיינע מלחמה־מעטאָדן זענען שוידערלעכע. ער האַלט מלחמה נישט נאָר אויפן פראָנט, נאָר ער פאַרניכטעט אויך אומבאַוואָפנטע, שוואַכע מענטשן.

זונטיק, צום־גדליה פאַרטאָג, זענען מיר ווידער אויפגעוועקט געוואָרן פון ן אָנפלי־אַליאַרם. מען האָט גענומען לויפן האַלב־נאַקעטע אין די היילן און גריבער. אויך אונדזער משפּחה איז אַראָפּ אין קעלער. אַזאַ באַהעלטעניש איז אין דער אמתן געווען נישט מער ווי אַ זעלבסט־נאַרעריי. אַ באָמבע פון לייכטסטן קאַליבר וואָלט דאָרט אַלץ געקענט צעשמעטערן. אַהין איז אויך געקומען הרב כ״ץ מיט זיין משפּחה ז״ל, מיט וועלכער מיר האָבן געוווינט אונטער איין דאַך, די משפּחה פון שלום וויינשטיין, בעל הבית פון אונדזער הויז און ד״ר בריטא־

נישסקי מיט זיין משפחה, וועלכע האָבן געוווינט בשכנות מיט אונדז ביי מאיר חדש אין דירה. מיר זענען דאָרט אָפּגעזעסן לאַנגע שעהן, נישט ווייסנדיק וואָס דאָ קומט פאָר. קיין אָנפּלי הערט זיך נישט און אויך דער אַליאַרם ווערט נישט אָפּגערופן. מיר דערמאָנט זיך דער דעמאָלטיקער שפּאַס פון הרב כ״ץ ז״ל: עס איז דאָך אַ שאָד די עטלעכע שעה לעבן, וואָס מיר קומען דאָ אַזוי אָפּ... דאָס לעבן איז דאָך אַזוי קורץ. מיר האָבן נאָך דעמאָלט נישט אָפּגעשאַצט אונדזער לאַגע וואָס אונדז דערוואַרט... דער ד״ר בריטאַנישסקי איז אַרויסגעגאַנגען אויף ״ראַזוועדקע״ און באַלד איז ער צוריק געקומען מיט דער איבערראַשנדיקער נייס: דאָס סאָוועטישע מיליטער איז מיט אַ פּאָר שעה צוריק אַריבער די פּויליש־סאָוועטישע גרענעץ און דערנענטערט זיך אַהער. זיי פאַרנעמען דאָ דעם געגנט. דאָס האָט מען טעלעפאָניש איבערגעגעבן פון דער גרענעץ. קיינער האָט נישט געוווּסט דעם באַטייט דערפון. צי אַ מלחמה צווישן דייטשלאַנד מיט די סאָ־וועטן, אָדער אַ שלום־אָפּמאַך צווישן זיי. אין לעצטן פאַל זענען מיר אין אַ גליק־לעכער לאַגע. אַלנפאַלס זענען אַלע דערשטוינט געוואָרן פון דער ידיעה און ד״ר בריטאַנישסקי איז אַפילו געוועזן אַ ביסל צעטראָגן — ער איז דאָך געווען וויצע־בורגאָמיסטער...

באַלד נאָך דער ידיעה האָט זיך דערהערט אַ זשוזשעריי פון אַעראָפּ־לאַנען. צי זענען דאָס געווען דייטשע, אָדער סאָוועטישע אַעראָפּלאַנען, איז פאַר אונדז געבליבן אַ רעטעניש. עס האָט זיך אויך דערהערט אַ שוואַכער אויפרייס. נאָך אים זענען געקומען נאָך עטלעכע אויפרייסן, עטוואָס שטאַרקערע. עס איז ליירט באָמבאַרדירט געוואָרן די באַן־סטאַנציע, אַ פּאָר מענטשן זענען דערהרגעט געוואָרן און עס איז צוריק שטיל געוואָרן.

פון שטאָט האָט מען אונדז געבראַכט ידיעות, אַז די פּוילישע ציוויל־מאַכט און באַאַמטע לויפן אין אַ שרעקלעכער פּאַניק, ווער צופוס און ווער אויף פערד. אויפן סטאַראָסטע האָט מען דערציילט, אַז מען האָט אים געזען לויפן אין איינע אונטערוועש. ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פון דער פּלוצלונגדיקער ידיעה, וואָס מען האָט אים אין מיטן שלאָף געבראַכט און ער האָט נישט באַוויזן זיך אָנצוטון... נאָר אפשר איז דאָס אויך איינע פון די איבערגעטריבענע פאַנטאַזיעס, וואָס ביי מענטשן האָט זיך אין יענער צייט געשאַפן. אין דער געוועזענער דע־פּינסיווע (געהיים־פּאָליציי) און אַנדערע אַמטן האָט מען ענערגיש פאַרניכט און פאַרברענט פאַרשיידענע אַקטן, דאָקומענטן א״אַ.

באַלד איז צו אונדז דערגאַנגען אַן אומרויִקנדיקע ידיעה, אַז מען וועט תיכף מאָביליזירן אַלע יונגעלייט און צווינגען צו שטעלן זיך מיט געווען אין די הענט, קעגן די באָלשעוויקעס. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן די קלאַנגען געהאַט אַ סמך. עס האָבן זיך טאַקע געפונען פּוילישע יוגנטלעכע היצ־קעפּ, אָן פאַרשטאַנד און אויסרעכענונג און, ווי אין קרילאָווס משל ״דער העל־פאַנט און דאָס קליינע הינטל מאָסקאַ״, זענען זיי געלאָפן אַנטקעגן מיט ביקסן

איבערנעמען די גרויסע, מעכטיקע סאָוועטישע אַרמיי. עס זענען דעמ"אָלט גע־פאַלן עטלעכע נאַרישע „העלדן".

דאָס סאָוועטישע מיליטער איז געגאַנגען פון דער גרענעץ דעם גאַנצן וועג כמעט אָן שטערונגען און זונטיק דעם 17טן סעפּטעמבער 1939, נאָך האַלבן טאָג, האָבן זיי שוין געהאַט פאַרנומען גלובאָק. די באַפעלקערונג האָט פרייער אָפּגע־אָטעמט. אַ געוויסער טייל אירער, חוץ ייִדן, איז, פאַרשטענדלעך, געווען נישט צופרידן פון אַזאַ אויסגאַנג, אָבער זיי האָבן בעל כרחם געמוזט ענטפערן: אָמן!

מאָלאָטאָוו האָט באַלד אין זעלבן טאָג געמאָלדן אין ראַדיאָ, אַז די סאָוועטן־מאַכט, זעענדיק ווי די דייטשן גייען מיט גיגאַנטישע טריט פאָרויס און פאַרנע־מען די גאַנצע פּוילישע טעריטאָריע און, היות די פּוילישע רעגירונג איז נעכטן, שבת דעם 16טן סעפּטעמבער פאַרנאַכט, אַנטלאָפן און איבערגעלאָזט דאָס לאַנד אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד, איז כדי צו ראַטעווען ווייסרוסלאַנד פון די דייטשע נעגל גייט די רויטע ארמיי באַפרייען ווייסרוסלאַנד און מערב־אוקראַינע. און ווירקלעך האָט זיך פאַר מערב־ווייסרוסלאַנד אין יענעם טאָג געענדיקט די מלחמה.

***

דריי וואָכן כסדר, בייטאָג און ביינאַכט, האָט נישט אויפגעהערט שטראָמען דאָס סאָוועטישע מיליטער.

דער כוח האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אומגעהייער גרויס. עס זענען געגאַנ־גען פאַרשיידענע מאָטאָריזירטע אָפּטיילונגען פון דער נייסטער טעכניק, עס האָבן זיך געצויגן לאַנגע קאַוואַלעריע־גרופּעס. קיין פוסגייער זענען כמעט נישט געווען. דאָס מיליטער איז געוואָרן איבערגעפירט אויף מאַשינען אאַז"וו.

דער מלחמה־שוידער איז אַריבער. קיין טויט געפאַר איז שוין נישטאָ, די שווערד פאָכעט נישט פאַר די אויגן. דאָ איז שלום. די מלחמה איז געבליבן ווייט מחוץ די גרענעצן פון גלובאָק, מחוץ דער געוועזענער מזרח־פּוילישער פּראָווינץ. דאָ איז באַזעצט דורכאויס מיט סאָוועטיש מיליטער, מיט דער סאָווע־טישער מאַכט, מיט וועמען די דייטשן לעבן, כלומרשט, דערווייל בשלום...

***

מיט דער ענדערונג פון דער סיטואַציע זענען פאַר ייִדן איצט אויפגעקומען נייע פּראָבלעמען, נייע פּערספּעקטיוון. מיט דעם איינפירן דעם סאָוועטישן סיס־טעם, די נייע אָרדענונג, מוז איצט דער ייִדישער עלעמענט, וועלכער האָט זיך ביז איצט, איז זיין רוב מנין ובנין, פאַרנומען מיט מסחר, מיט האַנדל — איבער־רייסן מיט דעם אַלעמען און איינאָרדענען זיך אויף נייע יסודות, אויסגעפינען נייע פּאָזיציעס. די ייִדן קענען שוין קיין קרעמער, קיין סוחרים נישט זיין. זיי מוזן זיך איינאָרדענען אויף אַרבעט, אויף פּאָסטנס אאַז"וו. דער גרעסטער טייל

ייִדן אָרדנט זיך טאַקע באַלד איין אין די אָרגאַניזירטע אַרטעלן, אין אַמטן, אין די ווירטשאַפטלעכע איינהייטן אד״גל. ביי די רייכערע ווערן נאַציאָנאַליזירט זייערע אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס, די גרויסע הייזער, אָבער אויך זיי אָרדענען זיך איין און עס איז נישט געפערלעך. דאָס לעבן נאָרמאַליזירט זיך. אַנדערע פאָרן אַרויס אין פרעמדע שטעט און שאַפן פאַר זיך דאָרט אַ לעבן. דער ווינטער 1939־40 איז געווען זייער אַ קאַלטער, אַ שטרענגער. עלטערע מענטשן האָבן נישט געדענקט אַזאַ שווערן ווינטער. עס ווערן דורך דער מאַכט אַרויסגעפירט אייניקע עלעמענטן, באַזונדערס פון די פּאָליאַקן, ווי אויך איינצלנע ייִדן (ד״ר בריטאַנישסקי מיט דער משפּחה, מאיר גיטעלמאַן, אַרקע שערזאַן, זלמן לעווי־טען, נאָוויק א״אַ), עס ווערן אַרעסטירט פאַרדעכטיקטע עלעמענטן, וועלכע האָבן דאָ געאַרבעט בעת די פּוילישע צייטן. אין געגנט באַוועגט זיך ייִדישע היימלאָזע פון די אָקופּירטע פּוילישע שטעט. דער דייטשער שטיוול האָט שוין דאָרט פעסט גענומען דריקן די ייִדן. זיי ריזיקירן מיטן לעבן, גנבענען די גרענעץ און לאָזן זיך לויפן ראַטעווען אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע. באַזונדערס שטאַרק איז פון דאָרט געוואָרן די פּליטים־בהלה, ווען די סאָוועטן־מאַכט האָט אָנערקענט ליטע ווי אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה און איר אָפּגעגעבן ווילנע. אַהין האָבן אויך פון גלובאָק גענומען אַרויספאָרן איינצלנע מענטשן, אָדער משפּחות. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך אַ שאָט געטון ייִדישע פּליטים פון ווילנע, וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַרבלייבן ביי די ליטווינער. נאָכן איבערנעמען די מאַכט דורך די סאָוועטן האָבן דאָרט די ליטווינער אָנגעהויבן רודפן ייִדן. אין גלובאָק איז דעמאָלט געוואָרן אַ גוואַלדיקע ענגשאַפט. מען האָט געמוזט איינאָרדענען די פּליטים. די אָרטיקע ייִדן האָבן זיי אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. די פּרוי פון דעם וואָס שרייבט די שורות, פּרוי ד״ר ראַ ראיאַק, האָט איר קאַבינעט פאַר קראַנקע אָפּגעגעבן לטובת די היימלאָזע.

ווינטער 1939־40 איז אַהער געקומען אַ דייטשע קאָמיסיע אויסצובייטן מיט דער ראַטן־מאַכט די מלחמה־פּליטים און אַרעסטירטע. די ראַטן־מאַכט האָט פריי געלאָזט פאָלקס־דייטשן פון אירע געביטן און די דייטשן — סאָוועטישע בירגער פון אירע אָקופּירטע ערטער. צווישן אַנדערע ווערט דאָ אויפן אָרט באַפרייט און אַרויסגעגעבן די דייטשן דער שפּיאָן זייערער וויטוויצקי ימח שמו וועלכער האָט דאָ פאַר די פּוילישע צייטן געאַרבעט און וועלכער האָט אויף זיין חשבון אַ היפּש ביסל ייִדיש בלוט אין דעם גאַנצן געגנט (גענוי וועגן דעם אין אַ באַזונדער קאַפּיטל). אויך ייִדן, היימלאָזע פון פּוילן, פאַרשרייבן זיך צוריק־צוקומען אין „זייערע היימען״... עס האָט זיי שטאַרק דערעסן דער נע־ונד לעבן, דער חושכדיקער וואַלגערן זיך. זיי האָבן זיך גאָר נישט געקענט פאָרשטעלן, וואָס זיי דערוואַרט ביים דייטש. אָבער, צו זייער גליק האָט זיי די ראַטן־מאַכט אָנשטאָט צוריקצוקערן זיי צום דייטש קיין פּוילן, אַרויסגעשיקט קיין רוסלאַנד, אַ דאַנק וואָס זיי האָבן אויסגעמיטן דעם שרעקלעכן טויט פון די דייטשע מער־

דער. הלוואַי וואָלט דאָס דעמאָלט געשען מיט מערער ייִדן, כאָטש אין יענעם מאָמענט האָבן זיי זיך געפילט אומגליקלעך.

פון ווילנע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער ליטווישער מאַכט, פלעגן קומען ידיעות, אַז מיט גרויס אָנגעשטרענגטקייט קלייבן זיך ייִדן פון דאָרט אַרי־בער אין ארץ־ישראל אָדער אין אַמעריקע. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ שטימונג פון מלחמה, וואָס קען אַ ליאָדע מאָמענט אויסברעכן צווישן די דייטשן מיט די סאָוועטן. צווישן דער נישט־ייִדישער באַפעלקערונג זענען געווען עלע־מענטן, וואָס האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם מאָמענט און האָבן בכוונה פאַרשפּרייט פאַרשיידענע פּראָוואָצירנדיקע ידיעות.

פון צייט צו צייט פלעגן דורך גלובאָק דורכגיין גרעסערע מיליטערישע אָפּטיילונגען אויף מערב. אויך דאָס באַזעצן מיליטעריש, דורך די סאָוועטן, די באַלטישע לענדער, האָט פאַרויסגעזאָגט וועגן דעם ווייט נישט פעסטן רויִקן צו־שטאַנד. עס האָט זיך געפילט, אַז די אַפּעטיטן פון דער צעיושעטער דייטשלאַנד זענען אויך געוואָקסן קעגן ראַטן־פאַרבאַנד.

און אָט איז געקומען דער 22טער יוני 1941. דער זומערדיקער, זונטיקדי־קער פרימאָרגן איז געווען אַ שטילער, אַ רויִקער ווי געוויינלעך. קריסטן האָבן זיך יום טובדיק געצויגן אין די קלויסטערס און קאָשציאָלן, די גלאָקן האָבן מיט זייער קלינגען פאַרהילכט די לופט. די ייִדישע באַלעבאָסטעס האָבן געגרייט פרישטיק און געמאַכט „פּלענער" וועגן מיטאָג. די יוגנט האָט זיך געגרייט צו אַ ספּאָרט אימפּרעזע, וועלכע פלעגט על פּי רוב פאָרקומען אין די חגא־טעג און דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען מיט זיין דרך, מיט זיין ליניע. פּלוצלונג, פאַר האַלבן טאָג זאָגט די ראַדיאָ, אַז היינט פון פרימאָרגן אָן איז דער ראַטן־פאַרבאַנד אומ־געריכט באַפאַלן געוואָרן דורך דייטשלאַנד און די לעצטע האָט שוין באַוויזן צו באָמבאַרדירן עטלעכע גרויסע רוסישע שטעט, ווי קיִעוו, זשיטאָמיר, ביאַליסטאָק א״אַ, וווּ ס׳איז שוין געמאַכט געוואָרן גרויסע חורבנות און עס זענען דאָ אַ סך קרבנות.

די ידיעה האָט אַלעמען צעטומלט. אַן אויסערגעוויינלעכע נערוועזישקייט האָט אויך אַרויסגעוויזן די מאַכט. מען האָט די זאַך אויפגענומען ווי זי איז, ד״ה, גרויזאַם. מען האָט פאַרשטאַנען, וואָס עס באַדייט אַזאַ אָנפאַל. מען איז נישט אָפּגעטראָטן פון דער ראַדיאָ, מען האָט זיך צוגעהערט צו מאָלאָטאָווס רעדע. גע־שלונגען די ווערטער פון איליא ערענבורג, וועלכער האָט אויך אין ראַדיאָ אין אַ פּאָר שעהדיקער רעדע געשילדערט די סיטואַציע און אויפגעקלערט די פרעכ־קייט, די פאַרברעכערישע האַנדלונג, דעם באַנדיטיזם פון דייטשלאַנד.

אין שטאָט האָט זיך געטון תוכחה. מאָדנע, ווי אין איין מאָמענט האָט זיך אַלץ געביטן. די צעטומלונג צווישן דער באַפעלקערונג איז געווען אין לשער. אַרטיקלען פון ערשטן געברויך זענען גלייך פאַרשוווּנדן געוואָרן. די פאַרבינדונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט איז געוואָרן איבערגעריסן, פאַר ציוויל־מענטשן

איז שוין נישטאָ קיין קאָמוניקאַציע. די פּאָסט האָט נאָך אין דעם ערשטן טאָג אָנגענומען בריוו און דעפּעשן, אָבער דאָס איז געווען בלויז לפנים. זיי זענען אין ערגעץ נישט דערגאַנגען. אַזוי זענען מענטשן, וועלכע האָבן זיך געפונען אינמיטן־וועגנס, פּלוצלונג געוואָרן אָפּגעריסן פון זייערע היימען, פון זייערע משפּחות. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן דעם מצב פון אַזעלכע פאַמיליעס, וועמענס נאָענטע זענען געווען ווייט פון זייערע היימען און ווי האָבן זיך געשפּירט אין דער פרעמד די אָפּגעזונדערטע פון זייערע פרויען, קינדער, עלטערן אאַז״וו. באַזונדער רירנדיק איז געווען דער מצב פון די, וועמענס נאָענטע האָבן זיך געפונען אין איינער פון די שטעט, וועלכע די ראַדיאָ האָט דערמאָנט. צו די לעצטע האָט געהערט די משפּחה פון מ. ראַיאַק, וועלכער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין ביאַליסטאָק. ער האָט דעמאָלט געאַרבעט ווי אַ לערער איז דער ביאַליסטאָקער מיטלשול נומ׳ 12. ער האָט שוין געזאָלט אַהין אַריבערפירן זיין פרוי, ד״ר העלענאַ ראַיאַק, וועלכע האָט געאַרבעט ווי אַ דאָקטער אין גלובאָק, ווי אויך די איבעריקע משפּחה. די מלחמה האָט איינגעשטערט אַלע פּלענער און מ. ראַיאַק, איז צעשיידט געוואָרן מיט זיין מוטער, פרוי, קינד און ברודער. די לעצטע, דערהערנדיק אין ראַדיאָ, אַז ביאַליסטאָק איז געווען איינע פון די ערשטע קרבנות פון דעם דייטשן אָנפאַל, זענען געוואָרן אַזוי אויסער זיך, אַז זיי איז קיין זאַך נישט אָנגעגאַנגען. זיי האָבן נישט געגעסן, נישט געשלאָפן, נישט גערוט און נישט געטראַכט וועגן מאָרגן, וועלכער האָט אַלעמען געקימערט, נישט אינטערעסירט זיך מיט די געשעענישן פון טאָג...

די מהומה אין שטאָט וואַקסט פשוט פון מינוט צו מינוט. די רייען נאָך פּראָדוקטן אין בעקערייען און געוועלבן ציען זיך אויף קילאָמעטערן. די פּיס ווערן געשוואָלן שטייענדיק און קיין זאַך באַקומט מען נישט. מען האָט מורא פאַרן הונגער. עס שרעקט דער מאָרגן... מען לויפט, אַפילו אין די אַפּטייקן, כאַפּן וואָס עס לאָזט זיך. מען גרייט צו רפואות...

אויף מאָרגן מאָנטיק, דעם 23טן יוני, איז געמאָלדן געוואָרן אַ מאָביליזאַציע פון אַלע רעזערוו־כוחות. דער מיליטער־קאָמיסאַריאַט איז באַלאַגערט פון מענטשן. מען גייט מלחמה־האַלטן מיטן בלוטיקסטן שונא פון דער מענטשהייט, מען איז גרייט צו וואַרפן זיך אין קאַמף.

אין זעלבן טאָג אינדערפרי באַווייזן זיך אויטאַמאָבילן מיט היימלאָזע פון די ווייטסטע געגנטן: קאָוונע, שאַוול, פון שטעט ביים באַלטיק אאַז״וו. דאָס זענען געווען עוואַקוירטע משפּחות פון העכערע מיליטער־לייט און באַאַמטע, וועלכע זענען שוין נעכטן, אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה, קוים אַנטלאָפן. זיי האָבן דערציילט שרעקלעכע זאַכן וועגן דער דאָרטיקער פּאַניק, וועגן פאַרניכטונג און חורבן. אַ סך סאָוועטישע באַאַמטע האָבן שוין נישט באַוויזן זיך צו עוואַקוירן פון דאָרטן. דער שונא גייט שנעל. קיין זאַך שטעלט אים נישט אָפּ. איידער ער פאַרנעמט אַ וועלכע עס איז שטאָט, מאַכט ער פריער אָן גרויסע חורבנות און עס

פאַלן אַ סך קרבנות פון דער באָמבאַרדירונג. אין אַ סך פאַלן, האָבן זיי דער־ציילט, ווערן די היימלאָזע אין וועג געכאַפּט, דער שונא יאָגט זיין אָן, אָדער ער קומט זיי אומגעריכט אַנטקעגן פון אַ צווייטער זייט. די פּליטים פּלעגן אין גרויס איבערראַשונג בלייבן שטעקן אין וועג, נישט וויסנדיק וואָס צו טון ווייטער. אויב עמעצער האָט זיך געקענט מאַסקירן פאַר נישט קיין פּליט און נישט קיין סאָוועטישן מענטשן, האָט ער זיך נאָך געקענט ראַטעווען און אומקערן צוריק אין זיין שטאָט. אויב נישט, זיינען מענטשן אויפן וועג אומגעבראַכט געוואָרן. דער אופן פון די פּליטים האָט עדות געזאָגט אויף זייער בהפזונדיקן אַנטלויפן. אין די אויטאָס האָבן זיך געוואַלגערט זאַכן נישט צונויפגעפּאַקטע, אָן אַ סדר. די פּאַסאַזשירן — איבערהויפּט פרויען און קינדער — מיט מידע, אומעטיקע, צע־שראָקענע און אויפגערודערטע פּנימער, האָבן נישט געקענט געענטפערט אויף פראַגן, זיי זענען געווען פיזיש דערשעפּט און גייסטיק צעבראָכן. אייניקע האָבן געהאַלטן אין איין שלאָפן ליגנדיק אין אומאָרדענונג אין אויטאָ. עס האָט אויס־געזען ווי קיין זאַך פון דעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום זיי און מיט זיי, גייט זיי נישט אָן. אַנדערע, פאַרקערט, האָבן זיך מיט שרעק אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, צי עמעצער יאָגט זיי נישט... זיי האָבן זיך שטאַרק געאיילט און געפרעגט דעם וועג אויף פּאָלאָצק און אויף מינסק. זיי האָבן נישט געוווּסט וועלכער איז זיכע־רער. זיי זענען געווען געטרעכט, קיין שהיות מאַכן האָט מען נישט געקענט. די ידיעות וועגן דעם שונאס אָנגריפן האָבן געיאָגט איינע די צווייטע. די שפּעטער־דיקע פּליטים האָבן זיך שוין אַפילו אויפגעהערט אָפּצושטעלן. זיי האָבן געיאָגט מיט גרויס אימפּעט. זיי האָבן געציטערט נישט אַריינצופאַלן צום שונא. אַזוי האָט זיך עס געצויגן דעם גאַנצן טאָג.

דאָ אין שטאָט האָבן אַנדערע אָנגעהויבן מאַכן „סכראַנעס”, אָדער אָפּפרישן די אַלטע פון מיט 21 חדשים צוריק געמאַכטע, בעתן אָנפאַל פון די דייטשן אויף פוילן. מען איז זיכער געווען, אַז פריער אָדער שפּעטער, וועלן די דייטשע באָמ־בעס נישט אויסמיידן אויך גלובאָק.

דינסטיק, דעם 24טן, אין דריטן טאָג פון דער מלחמה, האָבן זיך אויך פון גלובאָק אָנגעהויבן צו עוואַקוירן די סאָוועטישע באַאַמטע און זייערע משפּחות. דאָס האָט די פּאַניק נאָך מער פאַרשטאַרקט. מענטשן זענען פּשוט צעמישט גע־וואָרן, מען האָט זיך קיין עצה נישט געקענט געבן וואָס צו טון. אַלע האָבן גע־וואָלט לויפן. מער האָבן געציטערט די סאָוועטישע באַאַמטע און שוער. אָבער וווהין און אויף וואָס פאַר אַן אופן לויפט מען? קיין באַנען פאַר ציווילע איז נישטאָ, קיין פור קריגט מען נישט פאַר קיין געלט. עס בלייבט נאָר, לויפן צו־פוס! דאָס האָבן געקענט טון מענטשן דערוואַקסענע, געזונטע, פעסט־געבויטע, אָן משפּחות (יענע, אַגב, זענען דאָך געווען מאָביליזירט). מיטן לויפן צופוס איז מען דאָך געווען נאָך מער איינגעשטעלט, דער שונא זאָל אָניאָגן. אַנדערע האָבן פאַר גאָלד און צירונג אויף גיך אָפּגעקויפט ביי פויערים זייערע פערד און געשפּאַ־

נען. מען האָט געצאָלט גרעסערע פּרייזן, וואָס די פּויערים האָבן זיך פּאַרגע־שטעלט צו בעטן. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די אָפּטרעטנדיקע רויטע אַרמייער האָבן אויפן וועג צוגענומען די פערד מיט די וועגענער ביי די לויפּנ־דיקע ציווילע מענטשן. פון אונדזער הויף, אויף וואַרשעווער גאַס 25, איז דעם 25טן יוני פאַרטאָג אַוועק שטילערהייט צופוס דער לערער שאול ידידאָוויטש (באַ־וווסטער בונדישער טוער אין ווילנע), מיט זיין פרוי מאַניע און זון וואָווע, איי־ניקע האָבן זיך פון וועג אַליין צוריקגעקערט, וואַרפנדיק זייערע באַשיידענע חפצים, וועלכע זיי האָבן מיטגענומען (אַדלער מיט זיין פרוי און קינד א״אַ).

אונדזער משפחה האָט בכלל וועגן לויפן נישט געקענט טראַכטן, יוייל, ווי געזאָגט, האָט זיך דאָך מ. ראַיאַק געפונען אין ביאַליסטאָק, וועלכע איז די ערשטע באָמבאַרדירט געוואָרן. אונדז איז נישט געגאַנגען אין עתיד, אין מאָרגן, אונדז האָט געמאַטערט דער היינט, דער מאָמענט... אונדזער איינציקער אידעאַל איז געווען צו באַקומען פון אים אַ לעבעדיקן גרוס. אויסגעזען האָט דאָס דעמאָלט, ווי אַ קינדערשע פאַנטאַזיע. די געפילן אָבער האָבן זיך מיט קיינע לאָגישע אויס־פירן נישט געוואָלט רעכענען. עס האָט זיך געדוכט, אפשר וועט פון וואַנען עס איז קומען אונדזער ישועה. ווי גליקלעך זענען געווען די „אומגליקלעכע״, ווע־מען די סאָוועטישע מאַכט האָט אַ פּאָר טעג פאַרן אָנהויב קריג אַרויסגעפירט.

די סאָוועטן־מאַכט האָט די שטאָט אינגאַנצן נישט פאַרלאָזט. מיטוואָך, דעם 25טן אינדערפרי, האָט זי זיך טיילוויז צוריקגעקערט. וואָס פאַר אַ פרייד עס איז געוואָרן ביי די יידן! געמיינט האָט מען דעמאָלט, אַז דאָ ליגט עפּעס אַ טי־פערע סטראַטעגישע סיבה. מען האָט קאָמענטירט, אַז מן הסתם האָט מען דעם שונא אָפּגעשטויסן צוריק. טייל זענען געווען צופרידן, וואָס זיי זענען נעכטן נישט געלאָפן און נישט רוינירט זיך. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע טעג כסדר. די ציוויל־מאַכט פלעגט פאַרלאָזן די שטאָט און אינדערפרי זיך צוריק־קערן. אַזוי האָט פּאַסירט אויך אין אַנדערע שטעט. דאָך איז געווען פיל היימ־לעכער, פריילעכער, אַז מען האָט געוווּסט, אַז די מאַכט האָט נאָך אינגאַנצן נישט פאַרלאָזט די שטאָט. דערווייל איז מען כאָטש זיכערער געווען פון אָנפאַלן און פּאָגראָמען מצד פינצטערע עלעמענטן פון דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעל־קערונג, וועלכע וואָלט ביי אַן אַנטגילטיקן פאַרלאָזן פון דער מאַכט, זיכער גע־רויבט די יידן און געמאָרדעט זיי.

אין גאַס באַווייזן זיך, אָפּגעריסענע פון זייערע טיילן, רויטע אַרמייער. זיי זענען פאַרמאַטערט, פאַרשמאַכט, האַלב־נאַקעט און וואַנדערן אין אומאָרדענונג. דאָס האָט געמאַכט אַ שווערן איינדרוק, דער שונא האָט געקלאַפּט איבער דעם סאָוועטישן מיליטער פון אויבן און פון אונטן. דערווייל האָבן די אָרטיקע איינ־וווינער, חוץ יידן, גענומען שלעפּן פון די סאָוועטישע באַזעס פּראָדוקטן. מען האָט געשלעפּט מעל, צוקער, נאַפּט, זאַלץ, טאַבאַק, לעדער א״אַ. אָרעמע „מיעש־צאַנעס״ זענען איבער נאַכט דאָ רייך געוואָרן.

שבת, דעם 27טן יוני, האָבן זיך גענומען באַווייזן דעם שונאס אַעראָפּלאַנען. זיי האָבן זיך געדרייט איבער דער שטאָט און אין לאַוריווּנאָווקער געגנט, אין מזרח פון גלובאָק, אַראָפּגעלאָזט עטלעכע באָמבעס פון קלענערן קאַליבר. עס זענען געווען עטלעכע קרבנות פון דער ציווילער באַפעלקערונג. פון דעמאָלט אָן האָבן זיך גענומען אָפט באַווייזן אַעראָפּלאַנען, וועלכע האָבן נישט יעדער מאָל באָמבאַרדירט. מסתמא זענען עס געווען נאָר אויסשפּיר „נאַליאָטן”. די באַפעל־קערונג פלעגט ביי יעדער אָנפלי זיך לאָזן לויפן, נישט וויסנדיק וווּ און ווי אַזוי צו שיצן זיך. די גערוישן פון די סאַמאָליאָטן פלעגן צעטרייבן די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין די רייען נאָך פּראָדוקטן ביי די בעקערייען און געוועלבן שפּעטער איז מען צו דעם צוגעווינט געוואָרן און מען פלעגט שוין אַזוי נישט לויפן. געפערלעך פלעגן זיין די אָנפליען, ווען די דייטשן פלעגן זיך יאָגן נאָך אַ וועלכער עס איז אָפּטיילונג פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע פלעגט אָפּטרעטנדיק פאַרבייגיין די שטאָט.

ביי אונדז איז זונטיק, דעם 29טן, געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שמחה. איך, מ. ראַיאַק, בין נאָך אַ וואָך וואַנדערן, דורכמאַכנדיק אַ געפערלעכן וועג, געקומען פון ביאַליסטאָק אַהיים. אין שטוב האָט מען פאַר שמחה פאַרגעסן ווו מען האַלט אין דער וועלט... מיין פרוי האָט מיך באַמערקט גייענדיק דורכן פענצ־טער, גענומען אויסער זיך שרייען „מיכאל גייט”, דאָס האָט אויסגעזען אַזוי אומגלויבלעך, אַז זי האָט זיך גענומען שווערן... פון גרויס התפעלות האָט זי נישט געוווּסט וואָס צו טון. צי לויפן מיר אַנטקעגן, אָדער לויפן אָנזאָגן דער מוטער, וועלכע איז געווען ביי זיך אין צימער. איך קען נישט פאַרגעסן די פרייד, וואָס האָט אונדז אין יענעם מאָמענט אַרומגענומען. באַלד זענען אָנגעלאָפן אונד־זערע גוטע פריינט און באַקאַנטע. מען האָט, טראָץ דעם אַלגעמיינעם אומגליק, געמאַכט אַ „לחיים” און שהחיינו... די פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט אַפילו פאַרגעסן אין דעם געפאַר, וואָס לויערט פון די דייטשע סאַמאָליאָטן, פון די באָמבאַרדירער. מיין זונעלע אַהרון־יצחקל (חבל על דאבדין...), וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען 6 יאָר, האָט אויך נישט געוווּסט, וואָס צו טון פון שמחה.

איך וועל זיך אַ רגע אָפּשטעלן פון דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון די געשעע־נישן און אין קורצן איבערגעבן, ווי אַזוי איך האָב אין אַזאַ צייט דורכגעמאַכט דעם געפערלעכן וועג, כמעט צופוס, פון ביאַליסטאָק קיין גלובאָק, אַ מרחק פון קאַרגע 500 קילאָמעטער.

ווען דער שונא האָט, זונטיק דעם 21טן יוני, 4 פאַרטאָג, אָנגעהויבן באָמ־באַרדירן די שטאָט ביאַליסטאָק, האָט זיך קיינער נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס מיינט אַן אָנפאַל פון עמעצן, אַ מלחמה. מען האָט דורכויס געמיינט, אַז דאָס זע־נען לופט־מאַנעווורעס, וועלכע פלעגן לעצטנס פאָרקומען אין ביאַליסטאָק. ערשט ווען מען האָט דערזען, ווי עס פאַלן איין גאַנצע מויערן און מענטשן לויפן באַ־גאָסענע מיט בלוט, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נישט קיין שפּאָס... מען

האָט זיך דערוווּסט, אַז דייטשלאַנד איז, לויט אירע באַקאַנטע מעטאָדן, אומגע־ריכט באַפאַלן דעם ראַטן־פאַרבאַנד. די מהומה, וואָס איז אין שטאָט אַנטשטאַנען איז שווער צו שילדערן מיט ווערטער. מענטשן זענען אַרומגעלאָפן צעטומלט ווי משוגעים. די עוואַקואַציע פון די אַמטן און משפּחות פון מיליטער־לייט האָט אָנ־גענומען אַ כאַאָטישן כאַראַקטער. יעדער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען און מען האָט נישט געוווּסט ווו און ווי אַזוי. די ראַטן־מאַכט האָט אַפילו צוגעשטעלט עוואַקואַציע־עשאַלאָנען אויך פאַר ציווילע מענטשן, אָבער פאָרן מיטן באַן איז געווען געפערלעך. אַממייניסטן האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט די באַנען. זיי האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דעם, ווער עס פאָרט אין די באַנען. זיי האָבן אומבאַ־וואָפנטע פרויען און קינדער אויך באָמבאַרדירט... אַפילו צוקומען צו דער באַן־סטאַנציע איז געווען ־פאַרבונדן מיט גרויס געפאַר. באַמבעס זענען געפאַלן, גע־ריסן זיך פון אַלע זייטן. עס האָט געקערט הימל מיט ערד. די מענטשן האָט עס אָבער נישט אָפּגעהאַלטן. מען איז געלאָפן צום באַן ראַטעווען זיך פון גיהנום. צווישן די לעצטע בין איך אויך געווען. איך האָב פאַר יעדן פּרייז געזוכט אַ וועג צו דערקלייבן זיך צו מיין משפּחה אין גלובאָק, כאָטש דאָס האָט דעמאָלט אויס־געזען אַזוי פאַנטאַסטיש, ווי צו קומען אויפן מאַרס.

נאָך אַ ביטערן טאָג האָב איך 10 אַזייגער אינאָוונט געכאַפּט אַ באַן, וועל־כער איז געגאַנגען דורך וואָלקאָוויסק, באַראַנאָוויטש קיין מינסק. כאָטש דאָס איז געווען נישט אין דער ריכטונג, וואָס איך האָב געדאַרפט (איך האָב געדאַרפט די ריכטונג פון גראָדנע, לידע, אָדער גראָדנע־ווילנע), האָב איך זיך געלאָזט פאָרן. די גאַנג איז גאָך געווען ווי גישט איז. ווען עס האָט אָבער גענומען ווערן ליכטיק, האָבן די אַעראָפּלאַנען גענומען יאָגן אונדזער באַן. ביי יעדער אָנפלי האָט מען געמוזט דעם באַן אָפּשטעלן און די פּאַסאַזשירן זענען אַרויסגעלאָפן און האָבן זיך באַהאַלטן אין קאָרן און אין גראָז. זייער אָפט האָט זיך דאָס איבערגע־חזרט און מיר זענען אין משך פון טאָג ווייניק אָפּגעפאָרן. ביז באַראַנאָוויטש איז שוין אין אונדזער באַן געווען 16 קרבנות, 16 געהרגעטע. פאַר די קרבנות איז געווען רעזערווירט אַ באַזונדער וואַגאָן און די באַן־אַדמיניסטראַציע האָט זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, נישט צוצולאָזן קיין פּאַסאַזשירן צום וואַגאָן, ווו עס האָבן זיך געפונען די הרוגים, ווייל די נערוון פון די פאָרער זענען שוין אַזוי אויך געווען גענוג דערשיטערט.

דינסטיק דעם 24טן אינדערפרי, זענען מיר אָנגעקומען צו דער סטאַנציע ראַטאָמקע, 7 קילאָמעטער פון מינסק. מינסק איז געווען שטאַרק באָמבאַרדירט. פון וויטן האָט זיך געדוכט, אַז די שטאָט שטייט אין גאַנצן אין פלאַמען. געדיכטע זיילן רויך האָבן זיך געזען אויף זייער אַ וויטן מרחק. מענטשן זענען געלאָפן פון דאָרטן, ווו די אויגן האָבן געטראָגן. אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך האָב איך איבערגעלאָזט אין וואַגאָן און איך האָב דעם באַן פאַרלאָזט. וואָס איז געוואָרן מיט מיינע מיטפּאַסאַזשירן, ווייס איך נישט. איך בין אַוועק צופוס קיין

ראַקאָוו, עטלעכע צענדליק קילאָמעטער פון מינסק. אָנקומענדיק אַהין האָב איך ווידער געטראָפן אַ באָמבאַרדירונג. ביינאַכט בין איך אַוועק קיין ראַדאַשקאָוויטש, וווהין איך בין אָנגעקומען מיטוואָך דעם 25טן אינדערפרי. בכלל איז ביינאַכט געווען דער וועג מער זיכער. אין ראַדאַשקאָוויטש זענען שוין אַלע אָמטן געווען עוואַקויִרט. איך בין דאָרט געגאַנגען צו אונדזער פריינט, צו דער משפחה פון יואל ליפמאַן. זיי האָבן מיך פאַרהאַלטן אויסצורוען זיך אַ ביסל און אין זעלבן טאָג, פאַרנאַכט, זענען שוין דאָרט אַריין די דייטשן. צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען זייער האַקנקרייץ. זיי זענען אַריין באַלד נאָך דעם ווי די אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי האָבן די שטאָט פאַרלאָזט. אין ראַדאַשקאָוויטש זענען געווען פּליטים פון ווילנע א"אַ. צווישן זיי האָב איך געטראָפן דעם באַקאַנטן ווילנער יקפּ"א־טוער יעווזעראוו, וועלכער איז, לויפנדיק פון ווילנע, ווי אַ סך אַנדערע, געבליבן שטעקן אין מיטן וועג און נישט געוווּסט וווהין זיך צו וואַרפן. איך בין אויך פאַרבליבן נעכטיקן אין ראַדאַשקאָוויטש. איך בין שוין, הייסט עס, ביים דייטש... אויף מאָרגן דאָנערשטיק האָט מען מיך ווידער אָפּגעהאַלטן פון לאָזן זיך אין וועג. עס האָט זיך געשאָטן דייטשע מיליטער און עס איז געווען מאַיומדיק.

פרייטיק דעם 27טן, האָבן די סאָוועטן באָמבאַרדירט די דייטשן אין שטעטל און אַ האַלב שטעטל האָט אָפּגעברענט. עס איז אויך פאַרברענט געוואָרן דער גרויסער בית המדרש. איך בין אין דעם טאָג אַוועק אין דער ריכטונג צו דאָלהינאָוו דורך איליע, די וועגן און די וועלדער זענען כסדר באָמבאַרדירט און צעשאָסן געוואָרן פון די דייטשע אַעראָפּלאַנען. זיי האָבן געיאָגט די אָפּטרעטנדיקע אָפּטיילונגען פון דער רויטער אַרמיי. נישט ווייט פון איליע איז אָנגעפאָרן אַן אויטאָ מיט באַפרייטע פון תפיסה מענטשן. זיי האָבן מיך געוואָלט אַריינגעמען אין אויטאָ, נאָר איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. איך האָב נישט געוווּסט ווער און וואָס זיי זענען. אַז דער אויטאָ האָט גערירט, האָט איינער פון די פּאַסאַזשירן גענומען פון דערווייטנס שרייען „חבר ראַיאַק, קומט פאָרן!" עטלעכע מאָל האָט זיך דער רוף איבערגעחזרט. דער אויטאָ אָבער איז שנעל אַוועק און איך האָב אים שוין נישט געקענט כאַפּן. מיך האָט עס פאַרדראָסן. לעבן שטעטל איליע האָט זיך דער אויטאָ אָפּגעשטעלט, צוליב מאַנגל אין בענזין האָט ער ווייטער נישט געקענט פאָרן. דאָרט האָב איך געטראָפן דעם גלובאָקער שניידער אַראָנס, וועלכער איז געפאָרן אין אויטאָ. ער האָט מיך דערקענט און האָט פריִער מיך גערופן, ער איז געלאָפן פון מאָלאָדעטשנע. כ'האָב זיך דערפרייט מיט אים פונקט ווי ער מיט מיר. אין איליע האָבן מיר געטראָפן אַ סך פּליטים פון סמאָרגאָן א"אַ שטעט. די איליער יידן האָבן אונדז זייער גוט אויפגענומען. באַזונדערס האָט מיט מיר נישט געוווּסט וואָס צו טון אונדזער שילער בראַידאַ, וועלכער האָט פאַרענדיקט אונדזער האַנדל־שול אין גלובאָק. פרייטיק פאַרנאַכט האָבן מיר זיך געוואָלט לאָזן אין וועג, מען האָט אונדז אָבער שטאַרק אָפּגעהאַלטן, ווייל אין די וועלדער

זענען געווען „זאַסאַדעס“ פון די רויט־אַרמייער און זיי האָבן קיינעם נישט דורכגעלאָזט.

שבת פרי זענען מיר דאָך אַוועק קיין דאַלהינאָווו. אויף די וועגן און אין די וועלדער זענען געווען אַ סך רויט־אַרמייער. מען האָט קאָנטראָלירט יעדן ווער ער איז און וואָס ער איז. אונדז האָט אויך פאַרהאַלטן אַ פּאַטרול און האָט אונדז אָפּגעפירט אין וואַלד צום שטאַב. מיינע דאָקומענטן זענען געווען אין אָרדענונג. זיי זענען געווען זייער ראַיעל. דערפאַר אָבער האָט אַראָנס, מיין מיטגייער, אינגאַנצן קיין דאָקומענטן נישט געהאַט און די לאַגע זיינע איז געווען אַ געפערלעכע. מען האָט אים געקענט אָננעמען פאַר אַ דעזערטיר און דעמאָלט האָט מען מיט אַ זעלכע קיין לאַנגע שהיות נישט געמאַכט. זייער משפט איז געווען אויפן אָרט. מיט אַ סך מי און אָנשטרענגונג האָט זיך מיר איינגעגעבן אים אָפּצוראַטעווען פון טויט. איך האָב זייער אַ סך איינגעטענהט מיט דעם שטאַב־נאַטשאַלניק וועגן אים און נאָר אַ דאַנק מיינע גוטע דאָקומענטן ווי אַ פּאַרדינסטפּולער, קולטור־טוער, האָט ער מיר געגלויבט, אַז אַראָנס איז אַן אָרנטלעכער מענטש. זייער וואַרעם און האַרציק האָט זיך דער נאַטשאַלניק מיט אונדז געזעגנט און האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז אין וועג זאָלן מיר זיין זייער פאָרזיכטיק נישט צו באַגעגענען זיך מיט דייטשן, וועמענס באַציִונג צו ייִדן, האָט ער באַמערקט, דאַרף ער דאָך אונדז נישט דערקלערן.

אין דאַלהינאָווו איז אויך קיין מאַכט נישט געווען. מיר האָבן דאָרט איבערגענעכטיקט ביי אונדזערער אַ שילערין שיינע שאַפּיראָ. זונטיק פרי זענען מיר געקומען קיין דאָקשיץ. דאָרטן האָט זיך צו אונדז פּאַראייניקט אַ לאָדזשער פליט לייב שניאורסאָן. און מיר זענען זונטיק ביינאַכט אָנגעקומען קיין גלובאָק. אַראָנס האָט מורא געהאַט אַריינצוגיין אין שטאָט, אַז מען זאָל אים נישט אָננעמען פאַר אַ דעזערטיר. ער האָט זיך באַהאַלטן אין אַ נישט פאַרענדיקטן בנין און איך האָב אָנגעזאָגט זיינע נאָענטע וועגן זיין קומען. ער איז דורך בשלום און איך האָב זיך געפילט גליקלעך, וואָס אין אַזאַ אומגליק איז מיר געלונגען אים דורכצוטראָגן.

דער וועג האָט ביי מיר אַ סך געזונט צוגענומען. איך האָב לאַנג נישט געקענט קומען צו זיך. זייער שווער איז מיר געווען צו ריידן און איך בין געלעגן ווי געליימט. נאָר לאַנג אָפּרוען זיך האָבן מיר שוין די ווייטערדיקע געשעענישן נישט דערלויבט.

מאָנטיק דעם 30טן יוני, אויף מאָרגן נאָך מיין קומען, איז אין גלובאָק פאָרגעקומען אַ נאַליאָט און שוין גאָר נישט קיין לייכטער. עס האָט אַראָפּגעטראָגן דעכער פון אַ סך געביידעס, פון גרעסטן טייל הייזער זענען אַרויסגעפאַלן די פענצטער. אויך זענען געווען קרבנות סיי פון מיליטער און סיי פון ציווילע, באַזונדער האָט דער שונא געצילט אין ראַיאָן פון שטאָט־גאָרטן און סענקעוויטש גאַס (קאפּציקער), דאָרט ווו עס פלעגן זיך קאָנצענטרירן די אָפּטיילונגען פון דער אָפּטרעטנדיקער רויטער אַרמיי. די אַלאַרמען, די סירענעס וועגן אַ נאַליאָט,

פלעגן קומען מיט שעהן פריער. און, ווי געזאָגט, פלעגן פאָרקומען נאַליאָטן אויך אָן באָמבאַרדירונגען און דאָס האָט דעזאָריענטירט די באַפעלקערונג. גראָד דעמאָלט ווען די באָמבאַרדירונג פלעגט פאָרקומען, פלעגן מענטשן, קורץ פאַר דעם, אַרויסקריכן פון זייערע באַהעלטענישן מיינענדיק, אַז ס׳וועט קיין זאַך נישט געשען. אַזוי, צום ביישפּיל, איז פּלוצלונג אָנגעפלויגן אַ סאַמאָליאָט איבער אונדזער הויף, בעת עס איז געשטאַנען ביי שלום וויינשטיינס בעקעריי אַ גרעסערע ריי מענטשן נאָך ברויט. צום גליק האָבן אַלע באַוויזן צו אַנטלויפן בעת דער אַעראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט און באַשאָסן פון מאַשין-געווער און אַלע זענען אַרויס אומבאַשעדיקט. עס זענען בלויז אַרויסגעפאַלן די פענצטער פון די נאָענטע הייזער און עס זענען צעשעדיקט געוואָרן די ווענט פון דער בעקעריי-געביידע. אויך זענען געפאַלן באָמבעס אין אָזערע, וווּ די כוואַליעס האָבן זיך געוואָרפן מיט אַן אומגעווייינלעכער קראַפט. עס האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע אָזערע וועט זיך אויסגיסן אויף דער יבשה.

דינסטיק, דעם 1טן יולי, האָבן זיך אין משך פון טאָג מערערע מאָל איבערגעחזרט לאַנגציִענדיקע סירענעס. מען האָט זיך געריכט אויף שטאַרקע, שווערע נאַליאָטן. אין שטאָט-גאָרטן האָבן זיך געפונען אַ סך רויט-אַרמייער און אַמוניציע. דער פּחד איז געווען גרויס. אינאָוונט האָט מען אויף די גאַסן קיין לעבעדיקן נפש נישט געזען. ס׳איז געווען שטיל און פּוסט, ווי אויף אַ בית-עולם. פון צייט צו צייט פלעגט די רו געשטערט ווערן דורך אַ דורכלויפנדיקער אויטאָ מיט רויט-אַרמייער. געשלאָפן איז קיינער נישט. מען האָט געוואַרט... און ווירקלעך, 4 פאַרטאָג, ווי עס איז נאָר ליכטיק געוואָרן, האָט זיך דערטראָגן אַ שטאַרקע זשוזשעריי. אויפן האָריזאָנט האָבן זיך באַוויזן זייער אַ סך אַעראָפּלאַנען. עס איז אַנטשטאַנען אַזאַ געררויש, אַז מען האָט נישט געהערט, וואָס איינער האָט גערעדט צום צווייטן. די באָמבאַרדירונג האָט אַרומגענומען, כמעט, די גאַנצע שטאָט. די אויפרייסן זענען וואָס אַמאָל געוואָרן שטאַרקערע און אָפטערע. מיר האָבן זיך אַלע אויסגעלייגט אויף דער פאָדלאָגע (שכנים זענען זיך צונויפגעלאָפן, יעדער האָט געמיינט, אַז ביים צווייטן וועט אפשר זיין בעסער צו באַהאַלטן זיך). די מענער האָבן גענומען זאָגן קאַפּיטלעך תהילים, לייענען קריאת-שמע און א״וו. אויך די פרויען האָבן מתפּלל געווען מיט געבעט און טרערן... די שויבן פון די פענצטער האָבן זיך געשאָטן ווי אַ האָגל, די ווענט האָבן זיך געטרייסלט, בנינים זענען געפאַלן ווי פּילקעס. די קליינע קינדער, וואָס זענען מיט אונדז געווען, האָבן זיך געטוליעט צו זייערע מוטערס. לעבן אונדזער הויז האָט זיך אַ באָמבע פאַרוואַנדערגעריסן מיט אַזאַ כּוח, און מיר זענען געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס מיט אונדז קומט פאָר. מיר האָבן זיך אויפגעהויבן און גענומען אַרומלויפן, אַליין נישט וויסנדיק צוליב וואָס. אַ לאַנגע צייט האָבן זיך די אַעראָפּלאַנען אַרומגעדרייט, אַפילו דעמאָלט, ווען זיי האָבן נישט באָמבאַרדירט. זיי האָבן, ווייזט אויס, אויסגעשפּירט דאָס רויטע מיליטער. די באַ-

פעלקערונג האָט זיך די גאַנצע צייט געפונען אין גרויס פּחד. נאָכן אָפּפליִען פון די אַעראָפּלאַנען, נאָך זייער פאַרשווינדן פון גלובאָקער האָריזאָנט, האָבן מיר זיך אַ ביסל באַרויִקט...

די רעזולטאַטן פון דער באָמבאַרדירונג זענען געווען פאַטאַלע. עס זענען געווען אַ סך קרבנות: פרידמאַן, מאיר־מרדכי אַ בלעכער, די 8־יעריקע נחמהלע גאָרדאָן און איר 16־יעריקע שוועסטער גיטע (די לעצטע איז געווען שטאַרק פאַרוווּנדעט און איז לעבן געבליבן), ביידע אונדזערע שילערינס, זייער טייערע קינדערלעך, אַ יינגעלע מענטקאָוויטש, מרדכי שולהייפערס אַן אייניקל און נאָך אַ סך, וועמענס נעמען מיר געדענקען נישט. דעם הרב כ״ץ, וועלכער האָט זיך באַהאַלטן אויף קישעלייקע, — מחוץ דער שטאָט, מיינענדיק, אַז דאָרט איז זי־כערער, — האָט מען אָפּגעגראָבן. ער איז געווען אַ לענגערע צייט פאַרשאָטן מיט ערד. דאָך איז ער דעמאָלט לעבן געבליבן. אויך אַ סך קריסטן זענען דע־מאָלט געהרגעט געוואָרן.

דער אַלגעמיינער אויסזען פון דער שטאָט איז געווען פאַר אונדז, נאָך נישט געוווינטע צו חורבנות, אַ שרעקלעכער. אַ סך הייזער זענען געווען אינגאַנצן צעשמעטערט, אַנדערע האַלב־חרובע (צווישן זיי די הייזער פון גיטעלזאָן לייזער, פליסקין מענדל־לייב, פרידמאַן מאיר־מרדכי, גיטעלזאָן בנימין, שמואל ריידער א״אַ). אין ריידערס הויז איז געהרגעט געוואָרן יעקב־לייב אסמאנס אַ יינגל, חיים כעווּלינס אַן אייניקל. פון אַנדערע הייזער האָבן אַראָפּגעהאַנגען האַלבע דעכער און עס האָבן ארויסגעסטאַרטשעט שטיקער ווענט. די פענצטער זענען אַרויס־געפאַלן כמעט אין אַלע הייזער פון שטאָט און פון די פּוסטע, פינצטערע לעכער האָט אַרויסגעקוקט ווי עפּעס אַ פאַרבאָרגענע מיסטישע געהיימניש... די גאַסן זענען געווען פאַרוואָרפן און פאַרשאָטן מיט ברוכשטיקער פון די איינגעפאַלענע הייזער, מיט גלאָז מיט איינגעוואָרפענע ביימער, טעלעגראַפן און טעלעפאָנען־סלופּעס א״אַ. די צעריסענע דראָטן פון די טעלעפאָנען, טעלעגראַפן און עלעקט־ריק האָבן זיך אין גאַס אַזוי געפּלאָנטערט פאַר די פיס, אַז מען האָט נישט גע־קענט דורכגיין. גאַנץ אָפט האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף גרויסע, טיפע גריבער אין סאַמע צענטער און אויף די זייטיקע גאַסן פון שטאָט. דאָרט זענען געפאַלן באָמבעס און אויסגעריסן די ערד אויף גרויסע שטחים. קיין שום סאָוועטישע מאַשין, וואָס איז געבליבן פון איר אָפּטיילונג, האָט זיך דורך די גאַסן נישט גע־קענט דורכשלאָגן און האָט געמוזט זוכן ערגעץ אַ דורכגאַנג אין דער זייט... עס איז נישט געווען קיין צייט לאַנג זיך אַרומצודרייען. יעדער מינוט האָט זיי גע־קענט ברענגען פאַרניכטונג.

אויף דער בעקעריי אין אונדזער הויף זענען נאָך דער באָמבאַרדירונג אָנ־געפאַלן מענטשן און מען האָט גענומען פון דאָרט שלעפּן ברויט און מעל. קיין בעל־הבית ווער עס זאָל אויף דעם אַכטונג געבן, איז נישט געווען. אַנדערע האָבן אָבער דאָך מורא געהאַט. אויך איז אַרויפגעפאָרן אַ סאָוועטישע מאַשין

און האָט אָנגעלאָדן ברויט, צו אונדז איז דעמאָלט אַריינגעלאָפן אַ העכערער סאָוועטישער מיליטער־מאַן, אַ פּאָלקאָווניק, אָנטרינקען זיך. ער האָט אונדז גע־טרייסט און געגעבן האָפענונגען, אַז דער דייטשער אָנגריף וועט ווערן אָפּגע־שטויסן... די צייט, וואָס די סאָוועטישע מאַשין איז געשטאַנען אויפן הויף זענען מיר געווען אין גרויס פּחד, אַז די דייטשע אויסשפּיר־אַעראָפּלאַנען זאָלן נישט באַמערקן, אַז ביי אונדז אין הויף געפינען זיך סאָוועטן און זאָלן נישט פאַרשיטן מיט באָמבעס, וואָס האָט געזייט דעם טויט... אוןווירקלעך איז אַזוי געווען, ווי נאָר די מאַשין איז אַרויסגעפאָרן פון הויף האָבן זיך תיכף באַוויזן סאַמאָליאָטן און האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען איבער אונדזערע הייזער. נישט טויט, נישט לעבעדיק האָבן מיר זיך אַלע אַוועקגעלאָזט באַהאַלטן זיך אין די גריבער, אין די קעלערס. עס איז אָבער פלוצלונג געוואָרן אינגאַנצן שטיל, אַ שטילקייט, וואָס האָט נאָך מער באַוּמרויִקט... קיין באָמבאַרדירונג איז דאָס מאָל נישט געווען, די שטימונג אָבער איז ווייטער געווען זייער אַ נערוועזע און קיינער האָט נישט געקענט פאָרויסזאָגן וואָס פאַר אַ סיורפּריזן יעדער מאָמענט קען ברענגען. אינ־טערעסאַנט, אַז קריסטן זענען, אין די אומזיכערסטע פאַרן לעבן מאָמענטן, גע־לאָפן שלעפּן פּראָדוקטן פון די סאָוועטישע באַזעס, וועלכע האָבן זיך נישט באַ־וויזן צו עוואַקויִרן, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס די סכנה איז פאַר זיי געווען נישט קלענער ווי פאַר די יידן. דערווייל האָט נאָך די דייטשע באָמבע נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אַריער און נישט אַריער... דער חילוק איז אָבער געווען אַ גאַנץ גרויסער און איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָט דאָס דייטשע אָנקומען נישט געשראָקן און די שטימונג זייערע איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע...

אַזייגער 2 בייטאָג, דעם צווייטן יולי, איז די טויטע שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן דורך פעסטע, האַרטע טריט איבער דער שטיינערנער לאַווע. מיר האָבן אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אַ בליק טון. מיר האָבן פון וואָקזאַל־אָנקום באַמערקט דעם ערשטן דייטש, לויפנדיק מיט אַן אויסגעשטעלטער ביקס, ווי צום שיסן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן. אונדז האָט ער צום גליק נישט באַמערקט. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ גרינער אוניפאָרם. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ העלם, אויפן אַרבל אַ „האַקנקרייץ״. באַלד נאָך אים האָבן זיך אַ שאָט געטון דייטשן און דייטשן... ותעל הצפרדע ותכם את הארץ...

און די דייטשן האָבן פאַרנומען גלובאָק. זיי האָבן אויסגעזען געזונט און שטאַרק. מיט זייער אַרט רײדן און לאַכן האָבן זיי פאַרהילכט די גאַס. קיין מינדס־טער פּחד, קיין נערוועזקייט האָט זיך אויף זיי נישט געמערקט, זיי זענען גע־פאָרן אויף מאַשינען און דער אַריינקום זייערער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט געווען אַ וויסנשאַפטלעכע עקספּעדיציע און נישט קיין חיל אויף מלחמה. אין עיף ואין כושל בו וכו׳ (ישעיה, כ״ז, כ״ט), זיי זענען נישט מיד און נישט געשטרויכלט אאַז״וו.

די באַמבאַרדירונגען זענען אַריבער, מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן אין אונדזערע וווינונגען. פאַר אונדזערע אויגן האָבן זיך אַנטפּלעקט שרעקלעכע ביל־דער. די פּאָדלאָגע איז געווען פאַרוואָרפן מיט גלאָז, שברי כלים, טינק פון די ווענט־אָפּפאַלן אאַז״וו. די טירן זענען געווען אויסגעדרייט. קיין פענצטער זענען נישט געווען. דער סופיט, ווי אויסגעבויגן האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער וואָלט זיך געהאַלטן אין דער לופט, און קען צו יעדער מינוט אַראָפּפאַלן. מיט גרויס מאַטערניש האָט זיך אונדז איינגעגעבן צו מאַכן אַ שטיקל אָרדענונג. די הויפּט־שאלה איז געווען, וואָס טוט מען אָן פענצטער (דעמאָלט האָט נאָך דאָס אויך אויסגעזען ווי אַ צרה). וועגן אַריינשטעלן נייע האָט נישט געקענט קומען אין באַטראַכט. מיר האָבן גענומען פאַרהענגען די פענצטער מיט דעקעס, לייל־כער, טישטוכער, פאַרשיידענע שמאַטעס אד״גל. די שפּעטערדיקע צרות האָבן, פאַרשטענדלעך, בלאָס געמאַכט די אַלע באַקוועמלעכקייטן...

אין גאַס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן ציווילע מענטשן פון דער היגער באַפעלקערונג. ייִדן האָבן זיך, ווי ווייט מעגלעך, אויסגעהיט צו באַווייזן אין גאַס. די דייטשן האָבן אין יענעם טאָג קיינעם נישט געטשעפּעט, זיי האָבן נאָר דער־שאָסן עטלעכע מענטשן, וואָס זענען געקומען שלעפּן פון די סאָוועטישע באַזעס. באַלד נאָך זייער אָנקומען זענען די גאַסן אין שטאָט געווען אָפּגערייניקט און פריי פאַר באַוועגונג.

## די ייִדן אונטער די ערשטע אַריינקומענדיקע דייטשן.

הגם אַלע האָבן שוין מיט עטלעכע טעג פריִער געשפּירט, אַז דאָס אַריינ־קומען פון די דייטשן איז אומפאַרמיידלעך און כאָטש די ייִדן האָבן זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז דער דייטשער שטיוול וועט זיכער באַטרעטן די גלובאָקער ערד, דאָך האָט זיך עס ביזן לעצטן מאָמענט נישט געוואָלט גלויבן. מען האָט פון זיך דוחה געווען דעם געדאַנק, האָפנדיק, אַז אפשר וועט די שווערע מגפה אַהער נישט גרייכן, אפשר וועט דער פינצטערער כוח פון דאַנען אָפּגעוואָרפן ווערן.

דער פאַקט איז אָבער געשען און באַלד האָבן שוין די ייִדן דערשפּירט די דייטשע לאַפּע, וועלכע האָט זיי תיכף אָנגעהויבן צו שטיקן. אין אָנהייב האָט דאָ די אָרטיקע מאַכט געהערט צו די קאָמענדאַנטן פון די דורכמאַרשירנדיקע מי־ליטערישע אָפּטיילונגען. די לעצטע האָבן מיט די ייִדן געקענט טון, וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט און דער דרוק פון זייערע קאַפּריזן האָט זיך באַלד געלאָזט שפּירן אויפן ייִדישן קאַרק. אָט איז לערך אַזאַ פאַל: אין די ערשטע טעג נאָך זייער פאַרנעמען די שטאָט זענען עטלעכע דייטשן אַריין צום 70־יעריקן רב כ״ץ ז״ל און, אונטער דראָונג פון טויט־שטראָף, האָבן זיי פון אים געפאָדערט, ער זאָל זיי צושטעלן אין משך פון אַ 20 מינוט עטלעכע ראָווערן (ביציקלעטן).

דער אַלטער, שוואַכער רב האָט, נישט טויט נישט לעבעדיק, נעבעך גע־

נומען אַרומלויפן איבערן שטאָט זוכן ראָווערן. ער האָט זיי אָבער בשום אופן נישט געקענט געפינען, ווייל אַלע ראָווערן זענען שוין מיט אַ פּאָר טעג פריִער רעקוויזירט געוואָרן פון די דייטשן. אין 20 מינוט אַרום זענען די דייטשן געקו־מען צום רב נאָך זייער באַשטעלונג. ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז זייער פאָ־דערונג קען נישט ווערן אויסגעפילט, האָבן זיי זיך גענומען נוקם זיין אין דעם רב. זיי וואָלטן אים דעמאָלט זיכער געוועזן דערשאָסן, ווען ער דרייט זיך פון זיי נישט אַרויס מיט רמאות אויף אַ ווײַלע און באַהאַלט זיך נישט. זוכן אים האָבן זיי שוין נישט געהאַט קיין צייט. זיי האָבן געהאַט אַ פאַראָרדענונג אומגעזאַמט אַוועקצוגיין פון שטאָט. און נאָר אַ דאַנק דעם צופאַל האָט דער רב דאָס מאָל אויסגעמיטן דעם טראַגישן טויט, וועלכן ער האָט באַקומען פון די דייטשע מער־דער אין אַ יאָר אַרום. אַזוינע פאַלן זענען געווען זייער אַ סך. אַלע מאָל זענען געקומען נייע פאָדערונגען פון די דייטשע אָפיצירן און סאָלדאַטן, צו די ייִדן. פאָדערונגען, וועלכע זענען אין געוויסע פאַלן גאָר געווען אוממעגלעך אויסצו־פירן און יעדעס מאָל האָט זיי געדראָט דערשאָסן צו ווערן.

אַזוי איז די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון ערשטן טאָג אָן זינט דעם דייטשן אַריינקומען, געשטעלט געוואָרן אויף די פיס נאָכצוקומען די דייטשע פאָדערונגען און קאַפּריזן. אָנגעשטרענגט אין גרויס שרעק, אין צעטומלונג איז מען כסדר אַרומגעלאָפן איבער די ייִדישע הייזער קלייבן, נעמען ווו וואָס מען האָט נאָר געקענט, כדי צו קענען, צו דער צייט, שאַפן פאַר די דייטשן זייערע באַשטעלונגען, נאָכגעבן און צופרידנשטעלן זייערע פאָדערונגען. חוץ דעם פלעגן די סאָלדאַטן אַליין ארומגיין איבער די ייִדישע הייזער, גערויבט, געשלעפט די טייערסטע חפצים, געשלאָגן און זיך נוקם געווען, וויפל זיי האָבן נאָר געקענט.

## די ערשטע דייטשע פּראָוואָקאַציע

איינע פון די הויפּט־אויפגאַבעס פון די דייטשן איז געווען צו העצן און רייצן איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער אַנדערער, זיי האָבן זיך געסטאַרעט אויפצושטעלן די אַרישע טייל קעגן די ייִדן. דאָס האָט באַדאַרפט הייסן, אַז די ייִדן האָבן נישט נאָר די דייטשן פאַר שונאים, נאָר, אַז אויך די אָרטיקע קריסטן קענען די ייִדן נישט סובל זיין. און טאַקע, ווי אומעטום, האָבן זיך דאָ אויך געפונען טונקעלע עלעמענטן צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג, וועלכע זע־נען די דייטשן צו הילף געקומען, זיי געדינט.

און אָט האָבן זיך אומגעריכט פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די ייִדן האָבן, צו־זאַמען מיט די סאָוועטן, זיך שטאַרק נוקם געווען אין די אַרעסטירטע דורך דער סאָוועטישער מאַכט, וואָס זענען געזעסן אין דער בערעזוועטשער תפיסה (2 קי־לאָמעטער פון גלובאָק), אַז זיי האָבן דאָרט דערשאָסן 2.000 מאַן און אַז פאַרן סאָמע אָפּטרעטן פון דער רויטער אַרמיי, האָבן זיי איינגעמויערט לעבעדי־

קערהייט, אין די דיקע ווענט פון בערעזוועטשער מאָנאַסטיר, 500 פערזאָן. אויף די ייִדן איז געפאַלן אַן אימה ופחד. די אָרטיקע שוואַרץ־מאהניקעס האָבן די העצע אויסגענוצט פאַר זייערע פערזענלעכע צילן. זיי זענען אומגעשטערט אַרומ־געגאַנגען איבער די ייִדישע הייזער און געריבט כאוות נפשם, וויפל דאָס האַרץ האָט נאָר געגלוסט. וועגן שוץ מצד דער מאַכט לטובת די ייִדן האָט דאָך קיין רייד נישט געקענט זיין. די ייִדן האָבן אַפילו מורא געהאַט צו רעאַגירן, מען האָט קיין מויל נישט געעפנט. אַנדערע קריסטן האָבן זייער רויב געמאַכט אָנ־שטענדיק, קולטורעל. זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט איינעם אָדער אַ צווייטן פאַר אַ „גוטן פריינט", צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן זיך באַמיען צו שיצן די ייִדן אין דער עת צרה און פאַר אַזאַ זאַך האָבן זיי באַקומען למפרע אַ גוטן פרייז...

איינער אַ לעוואַנדאָווסקי, דער בעקער יאַרעמעק א"אַ, האָבן צום אַלטן, חשובן שלום וויינשטיין (וואַרשעווער גאַס 25) געבראַכט צו פירן אַ גרופּע דייטשע סאָלדאַטן און גענומען זיך אין אים נוקם זיין, שרייענדיק פאַר די זעלנער אין די אויגן, אַז ער האָט אין די ווענט פון בערעזוועטשער תפיסה איינגעמויערט 500 מענטשן...

דערביי האָבן זיי געשלעפּט פון די שאַפעס, פון די בעטן, פון קאַסטנס, וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט און האָבן „געשענקט מתנות" אויך די סאָלדאַטן... (שפּעטער, אַז די דייטשן האָבן דאָ איינגעפירט „אָרדענונג", און געמאָלדן, אַז דאָס גאַנצע ייִדישע פאַרמעגן, מחוט ועד שרוך נעל, געהערט צו זיי, צו די דייטשן, האָבן שוין די אָרטיקע רויבערישע עלעמענטן ביי די ייִדן גאָר נישט געקענט נעמען).

שלום וויינשטיין איז געווען אַ פרומער ייִד מיט אַ גרייז־גרויען קאָפּ און באָרד און האָט אַ סך צייט מקדיש געווען אויף תורה, עבודה און גמילות חסדים. ער האָט זיך געמישט בלויז אין די ענינים פון בית־מדרש, ישיבה און דבר שבצדקה. דאָס פּאַטריאַרכאַלע אויסזען זיינס אַליין האָט געקענט עדות זאָגן, אַז ער האָט נישט צו טון מיט פּאָליטיק, מיט וועלכע עס איז פּאַרטיייִשקייט און מיט דער דרויסנדיקער וועלט בכלל. דער נאַיִווער, אומשולדיקער ירא שמים וויינ־שטיין האָט זיך בכלל נישט אָריענטירט, וואָס די באַנדיטן ווילן פון אים, ער איז געשטאַנען ווי געליימט און האָט נישט פאַרשטאַנען די גאַנצע רייד זייערע, אין וואָס זיי גייט. ער איז נאָר געשטאַנען הילפלאָז און זיך צוגעקוקט, ווי זיי שלעפּן ביי אים זיין פאַרהאָרעוועטן פאַרמעגן און האָט אַפילו מורא געהאַט צו רעאַגירן. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט מיט כאַוועסן (האָטעל) און מיט נאָך אַ סך ייִדן.

עטלעכע טעג האָט דער ייִדישער כלל דאָ געלעבט ממש אין טויט־שרעק. זיי האָבן געוואַרט אויף די רעזולטאַטן פון אַזאַ בלבול, זיי האָבן געציטערט, אַז די פּראָוואָקאַציע זאָל נישט ברענגען קיין כליון, קיין שרעקלעכן פּאָגראָם.

צום גליק האָט זיך די פּראָוואָקאַציע אַרויסגעוויזן פאַר צו בלאָס, זי האָט זיך נישט אָנגענומען ביי דער היגער קריסטלעכער באַפעלקערונג. זי האָט נישט

געווירקט אויך דערפאַר, וואָס צווישן די אַרעסטירטע אין בערעזוועטש, בעת די סאָוועטן, האָבן זיך אויך געפונען ייִדן, ווי ד״ר בריטאַנישסקי, ד״ר קאַן, חנה ספרא, מיאַקינין א״אַ.

דאָ מוז דערמאָנט ווערן צום גוטן דער אָרטיקער קסיאָנדז זינקעוויטש, וועלכער האָט אין קאָשציאָל בעתן דינסט אויפגעקלערט דעם קריסטלעכן המון די אומזיניקייט פון דער העצע, דעם אַבסורד פון אַזוינע קלאַנגען און האָט גע־רופן די באַפעלקערונג, אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט, צו אַחדות, צו שלום צווישן זיך און ער האָט זיך געמיט צו ווירקן, אַז זיי זאָלן פון קיינעם נישט ווערן באַאיינפלוסט צו וועלכע עס איז שלעכטע מעשים, נישט לאָזן זיך פאַרפירן און אַריינגעצויגן ווערן אין וועלכע עס איז נעץ פון פאַרברעכנס און גרוילטאַטן.

אָט די אומגעלונגענע אונטערנעמונג איז געווען זייער באַלערנדיק. דאָרט ווו די אָרטיקע באַפעלקערונג האָט זיך נישט געלאָזט אָנצינדן לייכט, האָבן די דייטשן זייער עקסטערמינאַציע־פּאָליטיק בנוגע ייִדן נישט אַזוי לייכט געקענט דורכפירן...

## קְרִיגס־געפאַנגענע

עס איז אַ ספק אויב אונדז וועט זיך איינגעבן פּינקטלעך צו באַשרייבן, צו שילדערן מיט ווערטער דעם אמת טראַגישן מצב פון די קריגס־געפאַנגענע, וועלכע האָבן געפונען זייער שרעקלעכן טויט דאָ אין גלובאָק.

דאָ רעדט זיך וועגן גורל פון 47.000 סאָלדאַטן און אָפיצירן, וועלכע זענען אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט. געווען זענען זיי אין אָנהייב אַ סך מער. נאָר פון מלחמה־פּלאַץ ביזן דערפירן זיי אַהער זענען 60 פּראָצענט פון זיי אומגעקומען אין וועג. פירנדיק האָבן זיי די דייטשן, אונטער פאַרשיידענע פּרעטעקסטן אין וועג אויסגעשאָסן, אָדער פּשוט פאַרפייניקט. אויב, למשל, אַן אויסגעמאַטערטער, פאַרשמאַכטער זעלנער, האָט אַזוי גיך נישט געקענט נאָכ־האַלטן די דייטשע קאָנוואָיִרער, אָדער אויב אַ געפאַנגענער האָט געכאַפּט אַ קוק אין אַ זייט, צי וואַרפט אים ווער נישט אונטער אַ שטיקל ברויט און אַ פּשיטאַ אויב איינער האָט זיך טאַקע דערלויבט אונטערצוכאַפּן אַן אונטערגעוואָרפן שטיקל ברויט, איז ער גלייך דערשאָסן געוואָרן.

פירנדיק זיי מיטן עשאַלאָן, האָט מען זיי אין די משא־וואַגאָנען אַזוי גע־דיכט אָנגעזעצט, אַזוי צוזאַמענגעפּרעסט, אַז חוץ די אויסגעגאַנגענע פון הונגער און דאָרשט, זענען מענטשן, אין די צענדליקער און הונדערטער דערשטיקט געוואָרן. עס איז אין די פאַרשפּאַרטע וואַגאָנען נישט געווען מיט וואָס צו אָטע־מען. די טויטע, די געחלשטע האָט מען פון די וואַגאָנעס אין וועג נישט אַרויס־גענומען, מען האָט זיי די גאַנצע צייט געפירט צוזאַמען מיט די לעבעדיקע ביזן

באַשטימטן אָרט. בכן, איז די צאָל טויטע, אין די וואַגאָנעס אָנגעשטאָפּטע מיט געפאַנגענע, כסדר געוואַקסן. דאָס איז כלל נישט געווען קיין צופעליקייט. די כוונה פון די דייטשן איז געווען, אַז אין די לאַגערן זאָלן געבראַכט ווערן וואָס ווייניקער לעבעדיקע שבויים.

נאָך אַלע פּייניקונגען, נאָך אַלע יסורים, נאָך אַלע אין וועג אומגעקומענע געפאַנגענע, האָט מען קיין גלובאָק געבראַכט „אַ רעשט" פון 47.000 מענטשן, וועלכע מען האָט געטריבן פון באַן־סטאַנציע קיין בערעזוועטש, אין דער דאָרטי־קער תפיסה, אָדער באַראַקן.

די נעכטיקע יונגע, פול מיט ענערגיע העלדן, אָט די מוטיקע קעמפער, די פיזיש־שטאַרקע, זענען איצט הונגעריקע, פאַרשמאַכטע, פאַרווונדעטע, צוקאַליע־טשעטע, מיט בלאַסע, אויסגעדאַרטע פּנימער אַכזריותדיק געטריבן געוואָרן און געשלאָגן בפני עם ועדה פון די דייטשן! איינגעהויקערטע האָבן זיי זיך געשלעפּט ווי מענטשן פון טיפן עלטער און מיט זייערע אויסגעלאָשענע בליקן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון די טיף־איינגעגראָבענע אויגן, האָבן זיי געבעטן עסן, טרינ־קען, געלעכצט נאָך פרייהייט, נאָך לעבן... בעטן מיט ווערטער אַ שטיקל ברויט אָדער אַ ביסל וואַסער איז געווען פאַרבאָטן, פונקט ווי עס איז געווען פאַרבאָטן דער ציוויל־באַפעלקערונג צו דערלאַנגען זיי עפּעס עסן אָדער טרינקען. און די וואָס האָבן צוקוקנדיק זיך צו די אומגליקלעכע געפאַנגענע, זיך דערלויבט אַ וואָרף צו טון זיי אַ שטיקל ברויט, זענען פון די דייטשן פאַר דער „חוצפה" ווי געהעריק באַשטראָפט געוואָרן.

תחילת האָבן מענטשן נישט געוווּסט, אַז געבן אַ געפאַנגענעם אַ שטיקל ברויט אָדער אַ ביסל וואַסער איז אַ פאַרברעכן און מענטשן האָבן זיך דערלויבט צו וואַרפן די פאַרבייגייענדיקע געפאַנגענע ברויט, גרינס א"אַ. באַלד זענען אין שטאָט אַרויסגעהאַנגען געוואָרן מעלדונגען, אַז פאַר דערלאַנגען ברויט אַ שבוי קומט טויט־שטראָף דורך שיסן. אַזאַ מודעה האָט, פאַרשטענדלעך, אָפּגעשראָקן און מען האָט זיך אָנגעהויבן צוריקהאַלטן פון געבן הילף די געפאַנגענע. עס האָבן זיך דאָך געפונען איינציקע, וואָס דער רחמנות־געפיל פאַר די אומגליקלעכע האָט זיי געדריקט אויף אַזוי ווייט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון וואַרפן בגנבה ברויט פאַר די געפאַנגענע, הגם דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט לעבנסגעפאַר. ווי ווייט עס האָט געגרייכט די אכזריות פון די דייטשן, קען די־נען דער פאַקט, ווען מיין 7־יעריקער זונעלע האָט, לויט דער אָנווייזונג פון זיין מוטער, אונטערגעוואָרפן אַ געפאַנגענעם אַ שטיקל ברויט און דער דייטש, וואָס האָט עס באַמערקט, האָט זיך נישט געפוילט דאָס קינד נאָכצויאָגן און עס לענ־גער זוכן. עפ"י נס האָט זיך דעם יינגל איינגעגעבן צו באַהאַלטן אין אַ קלאָזעט און דער דייטש האָט אים נישט געקענט געפינען. אַגב, האָט דער דייטש זיך נישט געקענט לאַנג פאַרהאַלטן, ווייל ער האָט געמוזט נאָכגיין נאָך די געפאַנ־גענע און דאָס קינד איז ניצול געוואָרן.

די געבראַכטע געפאַנגענע האָבן די דייטשן „איינגעקוואַרטירט" אין בע־רעזוועטש, אין ספּעציעל צוגעגרייטע גריבער, וועלכע האָבן, כלומרשט, געזאָלט הייסן באַראַקן... די באַראַקן־גריבער זענען פון אויבן נישט געווען באַדעקט און ווען עס איז געקומען דער האַרבסט און שפּעטער דער ווינטער זענען די שבויים, חוץ פון הונגער, געפּייניקט געוואָרן אויך פון קעלט. דערצו איז נאָך יענער ווינטער 1942־1941 געווען זייער אַ קאַלטער.

נאָך אַזאַ שרעקלעכן וועג, נאָך אַזויפיל איבערלעבונגען, האָט זיך פאַר די געפאַנגענע אָנגעהויבן אַ נייע סדרה פוןליידן, אַ נייער פּרק פון ענויים. כדי כאָטש אַ ביסל זיך צו שיצן פון קעלט, אויף עפּעס צו דערוואַרעמען זיך, פלעגן זיי זיך אויסלייגן איינע אויף די אַנדערע, צווישנאַנאַנדער זיך צוזאַמענדריקן, בכדי וויפל נישט איז לינדערן זייערע ליידן.

די באַראַקן־גריבער האָבן זיך געפונען אין אַזאַ אַנטיהיגיענישן צושטאַנד, וואָס איז שווער זיך פאָרצושטעלן. קיין באַזונדער פּלאַץ אויף צו דערפילן די פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן איז פאַר די געפאַנגענע נישט געווען איינגעפירט. דער שמוץ איז געווען זייער גרויס און די פאַרלייזיקטקייט האָט געגרייכט אַזוי ווייט, אַז די אָפּגעצערטע, אויסגעדאַרטע גופים פון די שבויים פלעגן ווערן אויפגעפרעסן פון דעם אומפלייט. מען פלעגט דערציילן, אַז די אַראָפּגענומענע העמדער פון די געפאַנגענע פלעגן זיך אַליין אַזש באַוועגן פון לייז... דער עפּוש די שלעכטע ריחות פלעגן זיך טראָגן פון די באַראַקן אויף אַ ווייטן מרחק אַרום. וועגן פירן די געפאַנגענע אין אַ באָד, וועגן בייטן וועש האָט אַפילו קיין רייד נישט געקענט זיין ביי די דייטשע בעלי־בתים.

געשפּייזט האָט מען אין בערעזוועטש די געפאַנגענע מיט „ברויט" — אַ געמיש פון געמאָלענע שטרוי און „אַפּילקעס" (30 פּראָצענט, לויט די גבית עדות פון בעקער אליהו גאַרדאָן). און דאָס האָט מען געגעבן אין אַזאַ פּאָרציע, אַז זיי זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער. ווען די דייטשן פלעגן, אין זייער זעלטענע פאַלן, צופירן צום לאַגער געפרוירענע, צעפוילטע קאַרטאָפל און די געפאַנגענע פלעגן אויף דעם אָנפאַלן און כאַפּן עס, האָבן די דייטשן אין זיי געשאָסן פאַר „נישט קענען האַלטן אָרדענונג". דער הונגער האָט זיי אָבער אַזוי געדריקט, אַז קיין לעבנס־חשבונות איז זיי אינגאַנצן נישט אָנגעגאַנגען. דאָס שיסן האָט זיי נישט אָפּגעשראָקן — טובים היו חללי חרב מחללי רעב — לייכטער איז געווען דער טויט דורך אַ קויל, איידער אויסגיין לאַנגזאַם פון הונגער. און די רויע, צע־פוילטע קאַרטאָפל האָבן זיי געכאַפּט ווי דאָס בעסטע מאכל. קלאָר איז, אַז נאָך אַזאַ „סדר לעבן" האָבן אין לאַגער געמוזט אויפקומען קראַנקייטן, דער שטאַרקס־טער אָרגאַניזם האָט זיך דאָ געמוזט אונטערגעבן. וועגן היילן די קראַנקע האָט דאָ אויך קיין רייד נישט געקענט זיין. זיי זענען געשטאָרבן, אָדער מען האָט זיי דערשאָסן. אַלע אינדערפרי פלעגן אין לאַגער זיך וואַלגערן, פון דער נאַכט, צענדליקער און הונדערטער מתים.

די דייטשן האָבן מיט זייער אַכזריות דערפירט די געפאַנגענע צו אַ מדרגה פון אוממענטשלעכקייט. ביים טיילן די פּאָרציעס ברויט, פלעגן די שבויים אויפהייבן זייערע טויטע חברים, אונטערהאַלטן זיי, ווי קראַנקע אונטער די הענט, כדי צו באַקומען דעם טויטנס חלק ברויט פאַר זיך. ווען אַ דייטש פלעגט צוליב ווילן זיך, צוברעננגען פאַר די שבויים אַ געפגרטן אָדער האַלב־געפגרטן פערד, פלעגן זיך די אומגליקלעכע אויף דעם אַרויפוואַרפן ווי אמתע חיות און רייסן דאָס פאַרפּושטע פערדן־פלייש און די שטאַרקערע האָבן אַרויסגעריסן ביי די שוואַכערע זייער חלק... דערביי פלעגן זיך די דייטשן אַ שפּיל טון און עט־לעכע צענדליק מענטשן דערשיסן פאַר נישט אָנשטענדיקייט, פאַר נישט קענען זיך האַלטן...

דער הונגער אין לאַגער האָט דערגרייכט צו אַזאַ שטופע, אַז עס זענען געווען פאַלן, ווען די געפאַנגענע האָבן זיך דערלויבט צו עסן דאָס פלייש פון זייערע טויטע חברים. און נישט ווייניק נעכטיקע העלדן, נאָרמאַל־דענקנדיקע מענטשן, האָבן די דייטשע מערדער מיט זייער האַנדלונג פאַרוואַנדלט אין מענטשן־פרעסער.

אַלע אָוונט פלעגן זיך פון בערעזוועטש דערטראָגן אין שטאָט די קלאַנגען פון אַ ביקסן־שיסעריי אָדער פון מאַשין־געווער, דאָס פלעגן די דייטשן ביינאַכט דאָרט אויסשיסן די שבויים.

די פראַגע פון אנטלויפן איז געווען ביי די געפאַנגענע שווער, נישט אַזוי צוליבן רעזשים פון דער וואַך, ווי צוליב זייער פיזישער אָפּגעשוואַכקייט און צו־קאַליטשעטקייט, ווייל די דייטשן פלעגן זיי כסדר שלאָגן. דאָך איז געווען פאַלן פון אַנטלויפן פון לאַגער. עס זענען געווען פאַלן ווען זיי פלעגן, אין קליינע גרופּ־קעס, קומען צולויפן אין שטאָט, מען פלעגט זיי געבן זיך איבערצוטון אין צי־ווילע קליידער און העלפן זיי דערמיט זיך ראַטעווען. איינער אַ געפאַנגענער אי־וואַנאָוו איז געקומען צו לויפן אין געטאָ און אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט ער דאָרט אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון 18 יוגנטלעכע, וועלכע זענען אַוועק אין וואַלד.

אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט די קרבנות־גרייטקייט פון אַ גע־וויסן, אמת אַ קליינעם טייל פון דער באַפעלקערונג, פאַרן גורל פון די געפאַנ־גענע. מענטשן פלעגן „אומשולדיק" פירן האָלץ ספּעציעל נישט ווייט פון לאַגער און ווען דער פאַטרול פלעגט נישט באַמערקן פלעגן זיי אַ וואָרף טון שפּייז, זאַכן א"אַ. ווען עס האָט זיך איינגעגעבן צו כאַפּן די זאַכן, איבערטון זיך און אַנטלויפן זענען ניצול געוואָרן פון אומקום. עס זענען געווען פאַלן, אַז פויערים פון נאָענטע דערפער האָבן, אונטער היי, אָדער שטרוי, זיי פון לאַגער אַרויס־געגנבעט, אויפן וועג האָבן זיי די פויערים באַזאָרגט מיט עסן, קליידונג און אפילו מיט געווער און די געפאַנגענע זענען אַוועק אין פאַרטיזאַנקע. דאָס זענען אָבער געווען זייער זעלטענע פאַלן.

אין די רייען פון די געפאַנגענע זענען אויך געווען פאַררעטער און דאָס האָט נישט ווייניק שווער־געמאַכט דאָס אַנטלויפן פון די געפאַנגענע און די אַקציע פון דערלאַנגען זיי הילף אין איינער אָדער אַ צווייטער פאָרם. די דייטשן האָבן די פאַררעטער געמאַכט פאַר „עלטערע" אין לאַגער. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ מין פּאָליציי, וועלכע האָט געדאַרפט אַכטונג געבן אויף די געפאַנגענע. אָט די פאַרקויפטע נשמות, די בוגדים האָבן זיך אין די געפאַנגענע נוקם געווען נישט ווייניקער ווי די דייטשן. זיי האָבן זיי געשלאָגן, געמסרט און באַזונדערס פלעגן זיי די שבויים ממיתן אין די אויגן פון די „שיינע בעלי־בתים" זייערע, די דייטשן. די דייטשן האָט דאָס פאַרשאַפט גרויס נחת רוח, זיי פלעגן לאַכן, זיך לוסטיק מאַכן אאַז״וו. די פאַררעטער האָבן אזוי ווייט געוווּנען דעם צוטרוי פון די דייטשן, אַז די לעצטע האָבן זיי, אַפילו, צוגעטיילט געווער, מיט וועלכן זיי פלעגן אַליין הרגענען די געפאַנגענע.

פון די געבראַכטע אין בערעזוועטש 47.000 רויט־אַרמייער איז לסוף כמעט קיינער נישט געבליבן, מיטן אויסנאַם פון דעם ביסל אַנטלאָפענע. די דייטשן האָבן זיי אויסגעמאָרדעט אין בערעזוועטשער לאַגער, ווו עס זענען פאַרבליבן איבער 50 גריבער אָלס עדות פון דייטשן באַרבאַריזם.

אַ סך פון די אומגעקומענע זענען געפאַלן ווי אמתע העלדן און ביזן לעצטן אָטעם נישט פאַרראַטן זייער מענטשלעכקייט. דאָ איז כדאַי צו דערמאָנען איינעם אַ געפאַנגענעם ייִדישן קאַפּיטאַן ראַסקין, וועלכן די דייטשן האָבן, צוליב אומ־פאַרשטענדלעכע סיבות, געוואָלט לאָזן לעבן. ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן איין מאָל בעתן דערשיסן אַ גרעסערע גרופּע געפאַנגענע. ווען צו אים איז נאָכדעם געקומען אַ דייטשער אָפיציר מיט אַ ד״ר און אים געוואָלט געבן מעדיצינישע הילף, האָט זיך ראַסקין אָפּגעזאָגט פון דעם. דעמאָלט האָט זיך דער דייטשער אָפיציר צו אים געווענדט מיט די ווערטער: „הער קאַפּיטאַן! מען מוז אייך פאַר־באַנדאַזשירן די ווונדן, איר גייט אָפּ מיטן בלוט און איר וועט אומקומען". דער קאַפּיטאַן האָט זיך אויסגעגלייכט, זיין ענערגישער פּנים איז געוואָרן נאָך ערנס־טער און מיט אַ בייזער, כמעט שרייענדיקער שטים, האָט ער אים געענטפערט: „הער אָפיציר, בעסער שטאַרבן, איידער ווערן באַנדאַזשירט פון די הענט פון אַ דייטשן ד״ר" און טרייסלענדיק זיך אינגאַנצן, האָט ער נאָך צוגעגעבן: „די דייטשן האָבן שוין די וועלט גענוג איינגעבאַנדאַזשירט, זיי האָבן זי אַזוי פאַר־בונדן, אַז זי האָט שוין אַפילו אויפגעהערט צו אָטעמען. נאָר נישט ווייט איז שוין דער טאָג ווען די וועלט וועט זיך באַפרייען פון אייערע קייטן און עס וועט אָנ־קומען די גרויזאַמע שעה ווען איר וועט פאַר אַלץ באַצאָלן!..." דערביי האָט זיך דאָס איידעלע געזיכט פון קאַפּיטאַן שטאַרק פאַרקרימט, ער האָט קענטיק גע־ליטן גרויסע ווייטיקן. ער איז אַוועקגעפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. אין עטלעכע שעה אַרום איז ער אויסגעגאַנגען.

דאָס בילד האָט אַזוי געווירקט אויף די בייוועזנדיקע, אַז אַ סך האָבן גע־

שוואָרן נקמה צו נעמען פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט. און ווירקלעך, האָבן אין יענער נאַכט אַ גרופּע געפאַנגענע דערהרגעט דעם דייטשן וואַך־פּאָסטן (איינעם פון זיי דערשטיקט) און זיך געלאָזט לויפן. די דייטשע האָבן זיי געיאָגט און אויפן וועג אַלעמען אויסגעמאָרדעט. דאָס פעלד איז געווען אויסגעשפּרייט מיט הרוגים. עס האָט זיך געראַטעוועט בלויז דער אויבנדערמאָנטער איוואַנאָוו, וואָס איז געקומען אין געטאָ און פון דאָרט אַוועק אין פּאַרטיזאַנקע.

לעבן די גריבער פון די קריגס־געפאַנגענע אין בערעזוועטש ציט אויף זיך אַ באַזונדער אויפמערקזאַמקייט דער ברודער־קבר פון אַכט מיטגלידער פון דער חשובער משפחה חיים קאָזלינער פון בערעזוועטש, וועלכע איז דורך די דייטשע מערדער אַכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן, נאָך אין דער ערשטער צייט פון דער אָקופּאַציע, דערפאַר וואָס זיי האָבן די קריגס־געפאַנגענע געגעבן עסן און טרינקען. ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳.

## די באַשטימונג פון אַ מאַגיסטראַט און בורגמיסטער אין גלובאָק

קורץ נאָך זייער אַריינקומען האָבן די דייטשן באַשטימט אין גלובאָק פאַר בורגמיסטער עפּעס איינעם אַ נאַומאָוו און זיינעם אַ פאַרטרעטער אָסטאַשעווסקי — אַ פּאָליאַק, אַ היגער תושב. נאַומאָוו איז געקומען קיין גלובאָק אין סעפּטעמבער 1939, ווי אַ פּליט פון גראָדנע, וווּ ער איז ביזן אויסברוך פון דער מלחמה געווען דירעקטאָר פון דער פּוילישער מלוכה־באַנק. תחילת האָט נאַומאָוו אין גלובאָק געאַרבעט ווי אַ בוכהאַלטער אין סאָוועטישן מלוכה־באַנק און ווען די סאָוועטן האָבן פון דאָרט אַרויסגעפירט זיין משפחה, איז ער נעלם געוואָרן און קיינער האָט נישט געוווּסט וווּ ער געפינט זיך. באַוויזן האָט ער זיך פון דאָכניי ווען די דייטשן זענען אַהער אַריין.

נאַומאָוו און אָסטאַשעווסקי האָבן געוווּנען די סימפּאַטיע פון די דייטשן. דער דייטשער קאָמענדאַנט האָט באַלד געמאָלדן, אַז אַלע מוזן זיין געהאָרכזאַם צו די פאַראָרדענונגען פון בורגמיסטער און פאַר נישט דערפילן זיינע באַפעלן, זיינע פאָדערונגען דראָעט טויט־שטראָף.

## באַגרענעצונג פון ברויט

דער ערשטער באַפעל פון בורגמיסטער איז געווען וועגן דער באַגרענעצונג פון ברויט פאַר דער באַפעלקערונג. ער האָט געמאָלדן, אַז יעדער משפחה, אומ־אָפּהענגיק פון איר צאָל מיטגלידער, מעג האָבן ביז 20 קילאָ ברויט (אַריינגע־רעכנט מעל, תבואה וכדומה). דעם עודף מוז מען, אין משך פון עטלעכע שעה, איבערגעבן דעם מאַגיסטראַט. די גזרה איז נישט חל געווען אויף ערד־אַרבעטער

און במילא האָט זי, אין רוב מנין און רוב בנין, געטראָפן די ייִדן. די צווייטע פאַראָרדענונג איז געווען, אַז אַלע איינוווינער מוזן אַרויסנעמען אין מאַגיסטראַט פערזענלעכע דאָקומענטן, פעסער. דער קאָליר פון די דאָקומענטן איז געווען פאַרשיידן פאַר יעדער נאַציאָנאַליטעט באַזונדער. אונטער אַ דראָונג פון טויט־שטראָף האָבן די פאַראָרדענונגען פון דער „שטאָט־פאַרוואַלטונג" געמוזט אויסגעפירט ווערן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט.

און די באַפעלקערונג האָט, די אָנגעגרייטע אויף דער מלחמה־צייט ברויט־פּראָדוקטן געשלעפּט צום מאַגיסטראַט. לענגאויס זאמקאָווער גאַס האָט זיך געצויגן אַ ריי פון הונדערטער מענטשן, וועלכע האָבן געוואַרט ביז מען וועט ביי זיי צונעמען זייערע זאַפּאַסן. מענטשן זענען מיט זייערע זעק און זעקעלעך אָפּגעשטאַנען גאַנצע מעת־לעתן, וואָרום, לויט דער פאַראָרדענונג, האָט דאָך אַלץ געמוזט אָפּגעגעבן ווערן אין משך פון עטלעכע שעה. און נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דאָס איינשאַפן זיך די זאַפּאַסן איז זיי אָנגעקומען מיט דער גרעסטער מאַטעריעש און מסירת נפש, נישט קוקנדיק, וואָס די מורא פאַר דעם נישט ליכטיקן עתיד, דער שרעק פאַר הונגער איז געווען גרויס, זענען מענטשן געווען גליקלעך ווען מען האָט ביי זיי צוגענומען זייער ברויט אָן פּרעטענזיעס, אָן וועלכע עס איז תביעות. די שרעק פאַרן טויט, פאַר דער קויל איז געווען שטאַרקער ווי די מורא פאַרן פאַרשטייענדיקן הונגער. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז לגבי די צרות, וואָס ייִדן האָבן שפּעטער געהאַט אויסצושטיין, זענען אַזעלכע גזרות געווען אַ קלייניקייט.

ווי רחמנותדיק האָבן אויסגעזען די אָרעמעלייט, וועלכע זענען געשטאַנען אין דער ריי אָפּצוגעבן זייערע „מותרות", וואָס איז באַשטאַנען פון אַ 3 קילאָ מעל, קאָרן, אָדער האָבער... אַ סך מענטשן האָבן נאָכן אָפּגעבן דאָס איבעריקע ברויט זיך אַליין נישט געגלויבט, צי איז, חלילה, נישט פאַרבליבן ביי זיי עפּעס מער פון דער נאָרמע, 20 קילאָ, און מען האָט זיך אַליין קאָנטראָלירט, געוואויגן און געמאָסטן און אויב עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן איבעריקער האַלבער קילאָ (בוכשטעבלעך האַלבער קילאָ), האָט מען דאָס פאַרניכטעט, אויסגעשאָטן דאָס מעל, אָדער תבואה אין אָזערע, אין אַ בלאָטע, אין גראָז אאַז"וו. מען האָט זיך געמוזט היטן, עס זאָלן נישט בלייבן קיין שפּורן, קיין שום חשד. אַזוי ווייט האָט דערגרייכט די אימה, אַזוי גרויס איז געווען דער פּחד פון דער באַפעלקערונג. אָבער, ווי געזאָגט, זענען דאָס די ערשטע „בלימעלעך" פון די שפּעטערדיקע „פּרוכטן".

## מאָרד פאַר אַ ביסל איבעריק מעל...

אַ גאָר שרעקלעכן איינדרוק האָט געמאַכט אויף דער באַפעלקערונג דער מאָרד איבער דער משפּחה פון אָשר האָפמאַן. די אָרטיקע פּאָליציי, קאָנטראָלירנדיק ביי דער ייִדישער באַפעלקערונג די איבערגעלאָזטע ברויט־זאַפּאַסן, האָט

ביים אויבנדערמאָנטן האָפמאַנען געפונען אַ ביסל מעל, איבער דער נאָרמע. קיין שום אויפקלערונגען, קיינע פאַרענטפערונגען, אַז דאָ איז געשען אַ מיספאַר־שטענדעניש, אַז דאָס מותרות איז פאַרבליבן עפ״י טעות, האָבן דאָ נישט גע־האָלפן. די גאַנצע משפחה זיינע, די פרוי, עלטערן און קינדער, האָט מען אַוועק־געפירט הינטערן שטאָט, דאָרט האָט מען זיי געצוווּנגען אַליין פאַר זיך אויסצו־גראָבן אַ גרוב און מען האָט זיי דערשאָסן.

דער ערשטער פאַל פון אויסשיסן אַ גאַנצע משפחה צוליב אַזאַ קלייניקייט דורך היגע מענטשן, דורך דער היגער פּאָליציי, האָט אָנגעוואָרפן אַזאַ אימה, אויף אַלעמען, אַז מען האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. תחילת האָט עס קיינער נישט געוואָלט גלויבן, נישט געוואָלט אַרויפברענגען אַזאַ זאַך אויף דעם געדאַנק, מען האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז אַזוינס קען געשען. נאָר ווען קריסטלעכע עדי־ראיה זענען געקומען און האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן אַליין צוגעזען ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען, ווי מען האָט זיי אַרויסגעפירט, ווי מען האָט זיי געפייניקט ביזן שיסן און דאָס אומגלויביקע איז געוואָרן אַ פאַקט, האָבן די ייִדן דערזען, אין וואָס פאַר אַן אָפּגרונט זיי זענען אַריינגעפאַלן.

אַן ענלעכע שטראָף האָט אויך געדראָעט די משפחות פון אַלמער יעקב, דרוץ וואָלף, קאַנטאַראָוויטש, פליסקין א״אַ, ביי וועמען עס האָט זיך אויך אַרויס־געוויזן בעת דער רעוויזיע אַ גרעסערער סכום ברויט־פּראָדוקטן. ביי דרוצן האָט די פּאָליציי געפונען „איבעריקע״ בלויז אַביסל קלייען, וואָס ער האָט זיך אינ־גאַנצן נישט געכאַפּט, אַז ער דאַרף עס אָפּטראָגן, ער האָט זיך פּשוט נישט פאָר־געשטעלט, אַז אויך קלייען געהערט צו דער קאַטעגאָריע „ברויט״ און דאָס מוז אַריין אין חשבון.

די „פאַרברעכער״ זענען געוואָרן אַרעסטירט און אין משך פון דריי טעג זענען זיי מיט זייערע משפחות געווען אונטער טויט־שרעק. זיי זענען אָבער אָפּגעקומען בלויז מיט ענוּיים. פאַר גרויס שוחד האָט זיך זיי איינגעגעבן דאָס מאָל אויסצומיידן דעם שרעקלעכן טויט.

## צוואַנגסאַרבעט

נאָכן אַריינקומען פון די דייטשן האָט מען די ייִדן תיכף אָנגעהויבן צו טרייבן אויף אַרבעט. מען האָט געטריבן מענער, פרויען און אַפילו קינדער. בעת דער אַרבעט האָט מען די ייִדן זייער געמאַטערט, געפייניקט אָן אַ שום סיבה. עס זענען געווען פאַלן ווען מען האָט געבראַכט אַהיים מענטשן אַזוי צעשלאָגן און צעקאַליעטשעט, אַז זיי האָבן געהאַט פאַרלאָרן דעם באַוווּסטזיין (אַדוואָקאַט סלאָנימסקי, בוכהאַלטער נאַטאַנזאָן, פינטאָוו, אזטינסקי, קראַוויעץ א״אַ). די ייִדן האָבן בעת דער עבודה פּרך אויך געדאַרפט אויספירן פאַרשיידענע קאַפּריזן פון זייערע בעלי־בתים, זייערע אַרבעטס־געבער. די דייטשן פלעגן זיך לוסטיק מאַכן

בעת דער אַרבעט, פלעגן צווינגען די ייִדן צו זינגען לידער, צו נאָכמאַכן פאַר־שיידענע בעלי־חיים, קריכן אויף אַלע פיר, טאַנצן, שפּרינגען, קושן דאָס שוב־וואַרג אד״גל.

אָט איז אַ בילד, וואָס פלעגט זיך איבערחזרן כמעט יעדן טאָג. אין אַ הייסן זומערדיקן טאָג שטייען ייִדן ביים וועג איינגעהויקערט און גראָבן אַ טיפן קאַנאַל. זיי שטייען אַזוי שוין שעהן־לאַנג און אַרבעטן מיט די לעצטע כוחות אינגאַנצן דורכגעווייקט אין שווייס. עטוואָס אָפּרוען זיך לאָזן זיך די נוגשים פאַר קיין פאַל ניט. אויב עמיצער פאַלט אַוועק אין אָנמאַכט, ווערט ער אָפּגעשליידערט אָן אַ זייט און קיינער טאָר צו דעם געחלשטן נישט צוגיין, נישט צוטראָגן אים אַ ביסל וואַסער. אין מיטן דערין פאַרווילט זיך אַ דייטשן אויפזעער מיט זיין רויטן אָנגעגאָסענעם פּנים זיך לוסטיק מאַכן איבער זיינע ייִדן, וועלכע זענען דאָך אינגאַנצן הפקר. מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל קלייבט ער זיך אָפּ עטלעכע ייִדן, און דאָס דווקא פון דער אינטעליגענץ, ווי אַדוואָקאַטן, אינזשעניערן, לערער א״אַ. (דער באַרוף פון זיינע ייִדן קען שוין דער דייטש) און הייסט זיי זינגען, טאַנצן, מאַכן גימנאַסטיק, מאַכן פאַרשיידענע העוויות, אויסשטעלן זיך אין אַ ריי און צוגיין קושן אים זיינע שטיוול, אויסטאָן זיך נאַקעט און מאַכן די אַלע ווילדע שטיק, און כדי צוצוגעבן דער סצענע מער עפעקט, פלעגט ער די ייִדן אונטערשמייסן מיט זיין קאַנטשיק, כדי זיי זאָלן זייערע קונץ־שטיק אויספילן לעבעדיקער, העפּ־טיקער... די דייטשן און די אָרטיקע קריסטן, וואָס זענען געשטאַנען אַרום, האָבן געלאַכט, נחת געקליבן פון דער שיינער פאַרוויילונג און האָבן באַרימט דעם דייטש פאַר זיינע קלוגע „איינפאַלן״.

צוליב דער געוואַלדיקער מידקייט פון דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט אי־בער די כוחות, צוליב דער שטאַרקער פיזישער אויסגעשעפּטקייט און די צע־ביילטקייט פון גוף צוליב דעם שלאָגן, איז ביי די ייִדן אָפּגעשוואַכט געוואָרן די שפּירעוודיקייט פון דער גרויסער מאָראַלישער דערנידעריקונג.

די ייִדן פון גלובאָק פלעגן די דייטשן אויך טרייבן אויף אַרבעט אין קרו־לעווושצינע, אַ צענטראַלע באַן־ליניע, 14 קילאָמעטער פון שטאָט. דאָרט פלעגן אָפּט די דייטשן און זייערע היגע משרתים בעת דער אַרבעט אַרונטערשטעלן די ייִדן אונטער דער וואַסער־פּאָמפּע אין די קליידער און באַגיסן זיי מיט אַ שטראָם קאַלט וואַסער.

זייער אָפּט פלעגט מען די אויסגעמאַטערטע, צעשוויצטע ייִדן מיט די מלבו־שים אויף זיך אַריינטרייבן אין אַן אָזערע „אויסבאָדן זיך״ און נאָכדעם צווינגען זיי צו לייגן זיך, אין די נאַסע קליידער, אויפן „פּליאַזש״ אין זאַמד.

די דייטשן פלעגן זיך רייצן מיט די ייִדן, אַז מאָסקווע איז שוין דורך זיי פאַרנומען און די רויטע אַרמיי איז אינגאַנצן צעקלאַפּט, אַזוי אַז קיין הילף וועלן שוין די ייִדן נישט באַקומען פון ערגעץ.

## דאָס איזאָלירן די יידן פון דער איבעריקער באַפעלקערונג

אין 2־3 וואָכן אַרום, לערך, נאָך זייער אַריינקומען אין גלובאָק איז געקומען פון די דייטשן אַ פאַראָרדענונג, אַז די ייִדן מוזן אויף די אַרבל פון זייערע בגדים אָנטון ווייסע בענדער־צייכנט, וועלכע זאָלן זיי אָפטיילן פון דער נישט ייִדי־שער באַפעלקערונג. גלייכצייטיק זענען אין שטאָט אַרויסגעהאַנגען געוואָרן מעל־דונגען, אונטערגעשריבן פון דייטשן גאָוליטער איבער ווייסרוסלאַנד קובע, וועגן די באַגרענעצונגען בנוגע ייִדן. אין די מעלדונגען איז געווען געזאָגט: ייִדן טאָר מען נישט באַגריסן און נישט ענטפערן זיי אויף זייערע באַגריסונגען; מען טאָר מיט זיי בכלל קיין מגע ומשא נישט האָבן; די ייִדן זענען מחוץ דעם געזעץ און זייער לעבן איז הפקר, די ייִדן איז פאַרבאָטן צו גיין אויפן טראָטואַר א״אַ. אויך משומדים ביזן 4טן דור פאַלן אַרונטער אונטער דעם זעלבן געזעץ, זיי זענען רעכטלאָז גלייך מיט אַלע ייִדן.

די מיליטערישע טיילן, וואָס זענען דורכגעגאַנגען דורכן שטאָט, האָבן זיך אָפט געביטן און יעדער טייל האָט געהאַט איר קאָמענדאַנט, וועלכער פלעגט אַרויסגעבן זיינע פאַראָרדענונגען דער באַפעלקערונג. און וואָס ווייטער זענען די באַפעלן געוואָרן אַלץ שטרענגער פאַר ייִדן. תחילת האָט מען די ייִדן געלאָזט גיין, אין די מאַרק טעג, אויפן מאַרק 2 שעה אין טאָג (ביז קובעס פאַראָרדענונג), דערנאָך האָט מען אינגאַנצן פאַרבאָטן. מען האָט פאַרווערט צו נוצן פוטער, איי־ער, מילך, פלייש, פרוכט א״אַ. ברויט האָט מען אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אויף קאַרטקעס — צו 125 גראַם אַ טאָג פאַר אַ מענטשן.

די אַלע באַגרענעצונגען, דאָס איזאָלירן די ייִדן פון דער דרויסנדיקער וועלט האָט זיי אינגאַנצן דערשלאָגן. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן אַנטיסעמיטישע אויפשריפטן אין רוסיש און אין פויליש: „שלאָגט די ייִדן״, „פאַרניכטעט די ייִדן״, „אַ טויט די ייִדן״, „רייניקט אָפּ די שטאָט פון ייִדן און קאָמוניסטן״ אאַז״וו. די אויפרופן האָבן באַלד געבראַכט רעזולטאַטן, אָרטיקע כוליגאַנעס האָבן זיך געוואָרפן שלאָגן אויף ייִדן, קריסטלעכע קינדער פלעגן נאָכלויפן ייִדן אין די גאַסן, זידלען זיי, פאַרוואַרפן זיי מיט שטיינער אד״גל. צום אָנהייב, ווען די ייִדן האָבן נאָך נישט אינגאַנצן באַנומען זייער צושטאַנד, זענען איינִיקע צעשלאָגענע, פאַרבלוטיקטע געלאָפן צום דייטשן קאָמענדאַנט נאָך שוץ, נאָר דאָרטן האָט מען זיי אויסגעלאַכט און אַרויסגעוואָרפן.

די ייִדן האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער דערשפירט ווי ווייט זיי זענען שוצלאָז און הפקר.

## די היגע פּאָליציי

אויף אויסצופירן די פאַראָרדענונגען און גזרות פון די דייטשן, האָט שטרענג אַכטונג געגעבן די אָרטיקע פּאָליציי פון היגע קריסטן, וועלכע האָט זיך אָרגאַ־

ניזירט אין די ערשטע טעג נאָכן פאַרנעמען גלובאָק דורך די דייטשן. די פּאָליציי האָט זיך נוקם געווען אין די ייִדן נישט ווייניקער פון די דייטשן. זיי האָבן גע־רויבט, געשלאָגן, געפּייניקט אָן רחמנות און געמאָרדעט. אָט איז דער צוזאַמענ־שטעל פון דער פּאָליציי: לעוואַנדאָווסקי (קאָמאַנדאַנט), פּובאלסקי, זאבלאָצקי, לענקעוויטש, וואיצעכאָווסקי, יארעמעק, יוצקעוויטש, בערניאקאָוויטש, בוק, באַ־ראוואק, טארגאנסקי, וואלאוו, קריוויטשאנין, לאבאנאק סערגיי, סודינקאָוויטש, זאקרעווסקי, דובראָווסקי, קאָליע דער שוסטער (פּאַמיליע נישט באַוווסט), טוימ־קעוויטש, בוטשקאָ (פאַרמשפּט דורך דער סאָוועטישער מאַכט אויף 10 יאָר תפּי־סה), דאָמבראָווסקי, קאָזלאָווסקי.

די פּאָליציי איז געווען געגוג ראַפינירט, געגוג כיטרע, זיי האָבן זיך גע־סטאַרעט אויסצופילן זייערע אויפגאַבן, איינצוקויפן זיך ביי די דייטשן, געווינען אינגאַנצן זייערע סימפּאַטיעס. צוליב דעם פלעגן זיי זוכן שונאים פון די דייטשן, פלעגן זייער בריהש אַריינגאַרן מענטשן אין „פּאַסטקע" אַריין. זיי פלעגן זיך איבערטון אין ציווילע קליידער, אונטערשיקן זייערע אַגענטן, געווינען צוטרוי און אָפנהאַרציקייט ביי דער באַפעלקערונג בנוגע דעם אָקופּאַנט (דערביי אַליין קערנדיק די וועלט אויף די דייטשן) און דער קרבן פלעגט שוין זיין ביי זיי אין די הענט. זייערע קרבנות פלעגן זיי צושרייבן אַנטימלוכהשע טעטיקייט, קעגנע־רישקייט צו די דייטשן וכדומה און פאַר די צוגעשטעלטע בלוט־פּאַרציעס פלעגן די פּאָליציאַנטן זייער נושא חן זיין ביי זייערע בעל־בתים, ביי דער דייטשער חיה. חוץ דעם האָט די פּאָליציי זיך געסטאַרעט צו מאָרדן מענטשן צוליב רוב־צוועקן. ווי באַוווסט, פלעגט די פּאָליציי פאַרן אויספירן אַ מאָרד צונעמען ביי זייער קרבן אַלץ: געלט, זייגערלעך, צירונג, ביי די פרויען זייערע אויערינגלעך, פינגערלעך, אַראָפּנעמען די קליידער, די שוכוואַרג א"אַ. פון דעם זענען די פּאָ־ליציאַנטן — אָרעמע קריסטן — גאָר אין אַ קורצער צייט געוואָרן גאַנץ סאָלידע גבירים. די פּאָליציאַנטן פלעגן אַרויסרייסן ביי זייערע קרבנות גאָלדענע אָדער פּלאַטינענע ציין נאָכן טויט. אָדער אַפילו פאַרן שיסן, כדי צו פאַרשאַפן דעם קרבן וואָס מער יסורים, וואָס מער ענויים.

קיינעם האָט קיינמאָל אויפן געדאַנק נישט געקענט קומען, אַז היגע מענטשן, מיט וועלכע מען האָט לאַנגע יאָרן צוזאַמען געלעבט, זאָלן פעיק זיין אויף אַזעלכע גרוילטאַטן. מען האָט נישט געוווּסט, מען האָט זיך פאַר די אַלע יאָרן נישט פאָרגעשטעלט, צווישן וועלכע דערנער מען לעבט, ווער עס זענען אונדזערע „איבערגעגעבענע גוטע פריינט". עס איז דעריבער קיין ווונדער נישט, וואָס די דייטשן האָבן זיי געשאָנקען אַזאַ גרויסן צוטרוי.

## די יידישע קהילה — „יודענראַט"

דער אופן כאַפּן אויף צוואַנגאַרבעט האָט די ייִדן פון ערשטן טאָג אָן אַריינ־געבראַכט אין אַ געוואַלדיקער דעזאָרגאַניזאַציע. עס האָט אָנגענומען גרויל־פּאָר־

מען. מען האָט געכאַפּט פון די גאַסן, פון די הויפן, פון די הייזער, פון די בתי מדרשים (אין די ערשטע טעג האָבן נאָך ייִדן געדאַוונט אין די בתי מדרשים) א״אַ. די פּאָליציי און די דייטשן האָבן זיך דערביי נישט גערעכנט, נישט מיט עלטערע מענטשן, נישט מיט קינדער, נישט מיט קראַנקע, שוואַכע, נישט מיט שוואַנגערע פרויען. מען האָט געכאַפּט ווער נאָר עס איז געקומען צו דער האַנט. אַ דאָקטער איז געגאַנגען צו אַ חולה, אַ קראַנקער אין אַמבולאַטאָריע, אַן אַקו־שערין האָט געאײַלט צו אַ יולדת, אַ מוטער איז געלאָפן אין אַפּטייק נאָך אַ רפואה פאַר איר קראַנקן קינד, וועלכן זי האָט אַליין איבערגעלאָזט אין הויז — דער פאָטער איז שוין לאַנג ערגעץ צוגענומען געוואָרן צו די דייטשן — און נאָך ענלעכע פאַלן, אַלע זענען אין גאַס געפאַנגען געוואָרן. וועגן אויפקלערן, אויסריידן זיך, איינטענהן האָט קיין רייד נישט געקענט זײַן. האָט נאָר דער דייטש פון ווייטן באַמערקט, האָט ער נאָר מיטן פינגער אַ ווונק געטון און מיט זײַן גראָבער שטים ברוטאַל אויסגעשריען „יודע קאָממע נור היר״, איז שוין געווען פאַרפאַלן. אַ צעשראָקענער, אַ צעטומלטער פלעגט דער ייִד לויפן צו דער ווילדער חיה, נישט ווויסנדיק און נישט טראַכטנדיק וועגן קיין זאַך. ער האָט גע־וואָלט נאָר אַרויס מיטן לעבן. אומקערן זיך אַהיים און טרעפן זיך מיט די איי־גענע. אויך דאָס באַהאַלטן זיך אין שטוב האָט נישט בעסער אויסגעזען. פאַר־טאָג פלעגן די פּאָליציאַנטן באַפאַלן די ייִדישע הײַזער, אַראָפּשלעפּן ברוטאַל פון די געלעגערס מענער, פרויען און אַפילו קינדער, שלאָגן, פּאַטשן איבערן פּנים און אָוועקטרײַבן ווער ווייס וווהין. אַ קראַנקן, וועלכן מען האָט פון בעט נישט געקענט רירן, האָט מען סתם אַזוי צעשלאָגן און געלאָזט ליגן אין אַנגסטן.

די לאַגע איז געווען אומדערטרעגלעך, אַ סך ערגער ווי די פּאַרצײַטיקע קנעכטשאַפט, ערגער ווי אַ פערד, וועמען מען גיט עסן און מען לאָזט אים אָפּ־רוען זיך פון זײַן האָרעוואַניע.

און אָט האָבן ייִדן גענומען צוטראַכטן עצות, זוכן תחבולות, ווי אַזוי צו לינדערן די לאַגע, געפינען אַ וועג צונויפצוריידן זיך מיט די דייטשן, אַז די צוואַנגאַרבעט זאָל ווערן אויסגעפירט, אָבער אין אַן אָרגאַניזירטער פאָרעם. די ייִדן זענען „גרייט״ צו דינען, צו טון אַלץ, אָבער זיי ווילן, אַז די זאַך זאָל, לכל הפחות, „נאָרמאַליזירט״ ווערן, עס זאָל אײַנגעשטעלט ווערן אַ סדר. די ייִדן זע־נען גרייט אַליין צוצושטעלן מענטשן וויפל און ווו נאָר מען דאַרף, צו יעדער צײַט און צו יעדער אַרבעט, נאָר עס זאָל אויפהערן דער כאַאָס פון „כאַפּן״. מען האָט צו דעם צוועק אײַנגעשריבן אין שטאָט אַלע מענער ביז 60 יאָר און פרויען ביז 50 (דאָס איז געווען אין אָנהייב, שפּעטער האָט די עלטער בכלל קיין ראָלע נישט געשפּילט). די ייִדן האָבן פון זיך אַליין אויסגעקליבן עטלעכע מענטשן: הרב כ״ץ ז״ל, מאַקס אָסטראָווסקי, משה שולהייסער, גרשון לעדערמאַן, דוד איכילציק, זלמן ספּאַרבער, זלמן רובאַשקין, דוד מונבז, יעקב אַלמער, יוסף מייע־ראָוויטש, חנה פּינטאָוו, זונדל מוסיז א״אַ, וועלכע זאָלן רעגולירן דעם ענין פון

צושטעלן ייִדישע אַרבעטער פאַר די דייטשן. זיי האָבן אַכטונג געגעבן, אַז אַלע ייִדן חוץ קראַנקע, זאָלן גיין אויף אַרבעט. מען זאָל נישט פאַרשפּעטיקן, מען זאָל גיין וווּהין מען שיקט, מען זאָל אַרבעטן ערנסט און איבערגעגעבן, ווי שווער עס זאָל נישט זיין, מען האָט זיך געסטאַרעט אויסצופילן פּינקטלעך די פאַראָר־דערונגען אד"גל. די ייִדן האָבן געמיינט מיט דעם איינצוהאַמעווען די חיה, עס האָט זיך געדוכט, אַז גלעטנדיק זי מיט די האָר אַראָפּ, וועט זי אפשר אזוי נישט בייסן... אפשר וועלן זיי ווייניקער שלאָגן, ווייניקער דריקן, ווייניקער יסורים פאַרשאַפן. דער כאַאָס פון „באַפן" האָט זיך טאַקע אַ ביסל איינגעשטילט. עס איז געוואָרן לייכטער. צום שלאָגן און פּייניקן אָבער בעת דער אַרבעט האָט דאָס נישט געהאָלפן. די אכזריות איז געווען גרויס און די ייִדן זענען ווייטער געפּייניקט געוואָרן נאָך מיט מער אימפּעט.

אויסער דעם האָט דער אזוי גערופענער קאָמיטעט באַדאַרפט אויך „רעגו־לירן" די פראַגע פון דער רויבעריי, ד"ה, אַנשטאָט די דייטשן און די פּאָליציי זאָלן גיין נעמען אין די ייִדישע הייזער און דערביי דאָרט אַלעמען צעמזיקן, האָבן די ייִדן אַליין צוגעשטעלט זאַכן. און די פאָדערונגען האָבן נישט אויפגעהערט. יעדער פאַרבייגייענדיקער דייטשער אָפּטיילונג האָבן די ייִדן געדאַרפט צושטעלן פון דאָס שענסטע און פון דאָס בעסטע. קיין שום אָפּזאָג צו שאַפן דאָס געפאָ־דערטע האָט נישט געקענט זיין, ווייל פאַר נישט דערפילן עפּעס אָדער פאַר נישט דערפילן צו דער צייט, צו דער באַשטימטער שעה, האָט געדראָעט דער טויט. וויפל געזונט, נערוון און בלוט דאָס אַלעס האָט געקאָסט! די ייִדישע היי־זער פלעגן ווערן אויסגעליידיקט פון שעה צו שעה, די נויט און אָרעמקייט האָט געוואַקסן, דער תהום איז געוואָרן אַלץ טיפער... אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט איינער פון די דייטשע קאָמענדאַנטן באַשטימט די אויבנדערמאָנטע פערזאָנען פאַר דער „אָפיציעלער" ייִדישער קערפּערשאַפט. זיי האָבן איר אַ נאָמען געגעבן „יודענראַט". מ'האָט געהייסן קומען אויף „קאַפּאַניצע" צו צוויי ייִדן פון אַ גאַס, ווי אויך די אויבנדערמאָנטע מיטגלידער פון ק"ט און אַ זשאַנדאַרם האָט איבער־געלייענט די אינסטרוקציעס פאַרן „יודענראַט", וועלכער טראָגט די אחריות פאַרן אויספילן אַלערליי פאָדערונגען פון די דייטשן צו די ייִדן. מערקווערדיק, דער זשאַנדאַרם האָט געהייסן ברענגען אַ שטול פאַרן רב, און ווי אַ סימן פון דרך־ארץ, האָט ער דעם „הער ראַבינער" געבעטן זיצן, אַלע איבעריקע זענען געשטאַנען. ער האָט באַמערקט, אַז אויב די ייִדן וועלן אַרבעטן און זיין געטריי איבערגעגעבן די דייטשן, אויספילן ראַיעל און פּינקטלעך אַלע זייערע פאָדערונגען, גיין און פאָרן וווּהין נאָר מען וועט זיי שיקן... וועט די ייִדן קיין בייז נישט געשען. די ייִדן האָבן בעת מעשה פרייער אָפּגעאָטעמט. זיי האָבן נאָך נישט געקענט די דייטשן מיט זייערע שפּת חלקות, מיט די באַרויִקונגען אין זייערע כיטרע אָפּנאַ־רערישע מעטאָדן.

נאָכן באַשטימען דעם „יודענראַט" האָט זיך די לאַגע מער פאַרערגערט.

די פֿאָדערונגען זענען געוואָרן נאָך גרעסערע און שטרענגערע, אָפֿט אוממעגלעך אויסצופֿירן. מען האָט געפֿאָדערט אַזעלכע טייערע חפֿצים, וואָס די ייִדן האָבן נישט געהאַט און מען האָט זיי אין ערגעץ נישט געקענט באַקומען אַפֿילו פֿאַר די גרעסטע געלטער, ווי, למשל, ספּעציעלע מעבל, גרויסע סכומים זיידענע וועש, מוזיק־אינסטרומענטן אאַז״וו. אין אַ סך פֿאַלן האָבן די ייִדן בסוד געקויפֿט חפֿצים ביי קריסטן (אָפֿט שוין פֿון פֿריִער ביי ייִדן אָנגערויבטע). קיין פּרייז פֿאַר אַזוינע קניות, אין אַזעלכע אומשטענדן, איז נישט געווען. מען האָט געצאָלט וואָס דעם מוכרס פֿאַנטאַזיע האָט נאָר פֿאַרטראַכט. און די פֿאַנטאַזיע האָט די קריסטן, וועלכע האָבן געוווּסט, אַז די ייִדן מוזן האָבן דעם חפֿץ פֿאַר די דייטשן כּדי צו ראַטעווען זיך פֿון טויט, נישט פֿאַרפֿירט. פֿאַר אַ בריליאַנט, למשל, וואָס די ייִדן האָבן געמוזט האָבן פֿאַרן געביט־קאָמיסאַר האַכמאַן, האָט דער „יודענראַט" באַצאָלט אַ באַן־באַאַמטן 72.000 רובל, דעמאָלט ווען זיין פּרייז איז געווען לערך 15־30 טויזנט. אַלץ האָט געמוזט דערפֿילט ווערן, בכדי צו האָבן וואָס ווייניקער קרבנות.

די לאַגע איז ביי די ייִדן געוואָרן האָפֿענונגלאָז און די גאַנצע באַפֿעלקערונג האָט גוט דערשפּירט אין וואָס פֿאַר אַ פֿינצטערן גהינום זיי זענען אַריינגעפֿאַלן...

## די געשטאַפּאָ אין גלובאָק

אויגוסט 1941 האָט אָנגעהויבן ווערן טעטיק אין גלובאָק די דייטשע געשטאַפּאָ. דער אויסדרוק ווי זיין פֿאַרנעם איז בכלל דאָ געווען אַ נייער. באַלד אָבער איז די דאָזיקע „אינסטיטוציע" געוואָרן דאָ גאַנץ פּאָפּולער... זי האָט זיך באַלד געלאָזט פֿילן די ייִדן אין אַלע זייערע אברים.

תחילת האָט די געשטאַפּאָ, מיט דער הילף פֿון דער היגער פּאָליציי און כתם אָרטיקע קריסטן, אָנגעהויבן זוכן קאָמוניסטן, קאָמסאָמאָלן און בכלל מענטשן, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער סאָוועטישער מאַכט, געדינט אויף וועלכע עס איז פּאָסטנס אאַז״וו. מען האָט תיכף אַרעסטירט 42 מענטשן. צווישן זיי: יהושע געלער — אַ פֿעלדשער, וועלכער האָט שוין היבטער זיך געהאַט עטלעכע צענדליק יאָר פּראַקטיק און געהיילט ייִדן און נישט ייִדן; שמעון בודאוו — אַ בעקער, לוי־יצחק דרייזנשטאַק — געהאַט אַ גרויסן פֿאַיאַנס־געשעפֿט, מערים וואַנט — אייזן־קרעמער, גלאַז רחל, מלכה קאַזלינער א״אַ. עס זענען אויך געווען עטלעכע קריסטן: כאַכאַלקאַ, טיווקאַ און קאַראַלענקאַ. אַלע אַרעסטירטע, חוץ די דערמאָנטע עטלעכע סוחרים, זענען געווען באַאַמטע פֿון מלוכהשע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס ביי די סאָוועטן.

וועגן דעם גורל פֿון די אַרעסטירטע האָט מען נישט געוווּסט אַ לאַנגע צייט. מען האָט דערציילט פֿאַרשיידענע מעשׂיות, פֿאַרשיידן קאָמענטירט: מען האָט געזאָגט, אַז מען האָט זיי אַרויסגעפֿירט „ערגעץ" אויף אַרבעט, אַנדערע

האָבן זיי „געזען" אין געגנט פון פּאָלאָצק, וויטעבסק, אַנדערע ווידער האָבן „געזען", אַז אינגיכן וועלן זיי קומען אַאַז"וו. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט, אַז נאָך אין דעם זעלבן טאָג, ווען מען האָט זיי צוגענומען, האָט מען זיי, אָן אַ משפּט און אָן אַ וועלכער עס איז אויספאָרשונג, דערשאָסן.

ווען די פרויען און נאָענטע קרובים פון די אומגעבראַכטע האָבן זיך געווענדט צו דער דייטשער מאַכט, אַז זי זאָל זיי כאָטש אַרויסגעבן די טויטע קערפּערס פון זייערע אייגענע, האָבן די דייטשן זיי אויסגעלאַכט און דורכגעטריבן, שפּאָטנדיק דערביי, אַז זיי זאָלן „צוואַרטן" ביז נאָך דער מלחמה...

ערשט אין צוויי חדשים אַרום, אין נאָוועמבער לערך, האָט זיך אייניקע משפּחות פּאַר אַ גרויסן שוחד איינגעגעבן אַרויסצובאַקומען זייערע מתים און ברענגען זיי צו קבר ישראל. אויפן יידישן בית־עולם האָט זיך דעמאָלט צונויפגעקליבן די גאַנצע שטאָט. קיין לויה איז דעמאָלט נישט פאָרגעקומען. די טויטע האָט מען געפירט מיטן פעלד אויף פורן. די לעבעדיקע האָבן זיך דורכגעשמוגלט צום בית־עולם דורך ארחות עקלקלות, דורך זייטיקע, פאַרקרימטע געסלעך.

בעת דער קבורה האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. מען האָט זיך געשטיקט מיט די טרערן, מען האָט ספּאַזמירט, מען האָט קריעה געריסן, געחלשט אד"גל. וויינען הויך אויפן קול האָט מען מורא געהאַט, אַז די דייטשן זאָלן נישט דערהערן. די מקברים, די מספּידים האָבן זיך נאָך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דער גורל פון די הרוגים, וועלכע זיי זענען איצט מקבר, איז אַ מער גליקלעכער ווי זייער אייגענער גורל. זיי, קומען, לכל הפּחות, צו קבר ישראל, אָבער וואָס עס דערוואַרט אָט די, וואָס זענען היינט די מקברים? ווו וועלן זיי אַהינקומען?..

אַ לענגערע צייט האָט זיך די באַפעלקערונג געפונען אונטערן רושם פון די געשעענישן. עס זענען נאָך אַלץ געווען נישט פאַרשטענדלעך די מעשים פון די דייטשן, וואָס מאָרדן אָן אַ פּאַרוואָס אומשולדיקע מענטשן. עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן מיט וואָס פאַר אַן אימה, וויפל שרעק די יידן האָבן זיך אָנגעשטרענגט אויסצופילן אַלערליי פאָדערונגען פון דער געשטאַפּאָ. צושטעלנדיק זיי זאַכן, ווי אויך מענטשן צום באַדינען זיי. דאָס איז געווען אַ צוגאָב צו די פאָדערונגען פון די דורכגייענדיקע מיליטערישע אָפּטיילונגען, וועגן וועלכע עס איז שוין גערעדט געוואָרן.

און די פאָדערונגען זענען נישט געווען אַבי וועלכע. מען האָט געמוזט צושטעלן זאַכן פון גרעסטן לוקסוס. דער טויט איז כסדר געשטאַנען פאַר די אויגן, די שווערד האָט געפאָכעט פון אויבן און אונטער דעם פּחד איז אַלץ דערפילט געוואָרן...

ווי טראַגיש איז געווען דער אַקט פון אָפּטראָגן די באַנדיטן זייערע באַשטעלונגען! דאָס האָט אויסגעזען ווי אַריינקריכן אין אַ לייבן־גרוב. מען איז נישט געווען זיכער צי מען וועט צוריקקומען. מען האָט געמוזט וואַרפן גורל ווער עס

זאָל אָפּטראָגן אין געשטאַפּאָ די זאַכן. ווייבער און קינדער, אויף וועמענס מענער און טאַטעס עס איז געפאַלן דער גורל צו גיין צו דער געשטאַפּאָ אָפּטראָגן זיי די „מתנות", האָבן שטאַרק געוויינט און מיט זיי זיך געזעגנט... אויך דער „יודענ־ראַט" האָט זיך מיט די אָפּטראָגער געזעגנט און געווונטשן, זיי זאָלן זיך אומ־קערן לעבעדיקע.

און ווי גרויס איז געווען די שמחה, ווען די שליחים האָבן זיך פון די דײַטשע געשטאַפּאָ־וצעס אומגעקערט לעבעדיקע, אָפּקומענדיק, ווי אַ „דאַנק אויסדרוק", פאַר דעם געבראַכטן האָב און גוטס, בלויז מיט טרוקענע קלעפּ... איינמאָל האָבן זיי אַזוי „מכבד" געווען די שליחים, אַז מען האָט זיי קוים אויף פורן געבראַכט צופירן אַהיים (זאַק, אַלמער, מעיעראָוויטש), אָבער דאָך נישט געטויט...

אַזוי האָבן אויסגעזען די ערשטע געשטאַפּאָ וויזיטן...

## די דייטשע ציוויל־מאַכט

צווישן די ייִדן האָבן געהערשט געוויסע חלוקי דעות. אייניקע האָבן גע־זאָגט, אַז מיטן אָנקומען פון דער ציוויל־מאַכט וועט זיך די לאַגע פון די ייִדן פאַרבעסערן. מיט דער סטאַביליזירונג פון דער מאַכט וועט אויפהערן די הפקי־רות פון יעדער דייטש און פון יעדער דייטשער אָפּטיילונג באַזונדער. די רוי־בערייען וועלן זיך איינשטילן, מען וועט לכל הפחות זיין פאַרפליכטעט פאַר איין מאַכט צוצושטעלן און באַפרידיקן זייערע פאָדערונגען. אויך וועלן די פיזישע יסורים ווערן געלינדערט. די ייִדן אַרבעטן בזיעת אַפּים, זענען משובעדים צו זייערע האַרן, צו די דייטשן, ווי די פאַרצייטיקע פאַרקויפטע קנעכט, וועט מען זיי אפשר מער נישט שלאָגן. עס וועט דאָך זיין אַ מאַכט, וועלכע וועט אַכטונג געבן אויף דער אָרדענונג...

אַנדערע האָבן להיפּוך געהאַלטן, אַז מיט דעם אָנקום פון דער ציוויל־מאַכט וועט דאָך מסתמא אָנהייבן אויסגעפירט ווערן די היטלער־פּראָגראַם אין איר גאַנצן פאַרנעם. געוויס וואָס די היטלער־פּראָגראַם שטעלט מיט זיך פאָר, האָט נאָך קיינער נישט געוווסט. דאָך האָבן זיי געהאַלטן אַז בעסער וועט נישט ווערן. הלוואי זאָל נישט ווערן ערגער. אָבער אויך די פּעסימיסטן איז נישט איינגעפאַלן, אַז די דייטשע פּראָגראַם, ווי אוממענטשלעך, ווי נידעריק זי זאָל נישט זיין, זעט פאַר אַ כליון חרוץ, אַ פולקאָמע פאַרניכטונג פון ייִדן. אַז אין אַנדערע ערטער האָט מען שוין ביז איצט געהאַט אומגעבראַכט ייִדן לאלפים ולרבבות, אין די טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, האָט מען נאָך דאָ נישט געוווסט. מען האָט אַפילו נישט געוווסט, וואָס עס קומט פאָר אין אַ דערבייִיקן נאָענטן שטעטל! מען האָט געמיינט, אַז מען הרגעט נאָר „פאַרברעכער", וועלכע זענען נישט פאַרזיכטיק אין אָפּהיטן די געזעצן און פאַלן אַרייַן ביים קויפן אַ שטיקל פוטער, אַן איי, אַ ליטער

מילך פאַר אַ קינד א״אַ, אָדער זיי פאַרגעסן זיך און טרעטן אַרויף אויפן טראָטו־אַר וכדומה. אָבער סתם אָרנטלעכע, אומשולדיקע ייִדן, וועלכע זענען נישט עובר אויף קיין קוצו של היטלער־פּראָגראַם, זאָגן זיך אָפּ פון עסן, פון גיין, פון שטיין, כמעט פון לעבן... צו אַזעלכע וועלן דאָך די דייטשן זיכער נישט האָבן קיינע פּרע־טעקסטן צו קומען און זיי וועלן אומברענגען. אָבער אַפילו די עקסטרעמסטע פּעסימיסטן זענען, צום אומגליק, אַנטוישט געוואָרן. מיטן אָנקומען פון דער ציוויל־מאַכט הייבט זיך אָן פאַר די ייִדן אַ ניי בלעטל צרות — נייע, לויט זייער כאַראַקטער פון די פּגעים און עינויים. די ציוויל־מאַכט הייבט אָן צו פאַר־ווירקלעכן אין לעבן די דייטשע פּראָגראַם און זי מאַכט עס מיט אַ באַשטימטן, איינגעשטעלטן סדר.

עס איז געקומען אַ „געביט־קאָמיסאַר״ מיט אַ גרויסן שטאַב באַאַמטע. פאַר די ייִדן, וועלכע זענען שוין ביז איצט געווען געגנוג אויסגעשעפּט און אויסגע־ליידיקט, הייבט זיך אָן אַ נייע סדרה פון באַזאָרגן אַלע באַאַמטע מיט שיינע, אויס־געצעמאָנטירטע קאָמפאָרטאַבלע דירות, מיט גוטע מעבל, מיט לוקסוס זאַכן, מיט צי־רונג אאַז״וו. אַלץ מוז זיין ראַיעל, אַלץ מוז אויסזען עלעגאַנט. די ייִדן לויפן אַרום צעטראָגן, צעמישט — ווו נעמט מען דאָס אַלץ, ווי אַזוי שאַפט מען עס. פון די ייִדישע הייזער שלעפּט מען און מען לאַדט אויף פורן שפּיגל־שאַפעס, בופעטן, דיוואַנען, בעטן, טישן, שטולן, גוטע וואַנט־זייגערס, פּיאַנעס, פידלען, מאַנדאַלי־נעס, פאַרשיידענע סערוויזן, כלים מכל המינים; פענצטער־ און טיר־גאַרדינען, אאַז״וו. אויך פון מלבושים שלעפּט מען די בעסטע אָנצוגן, מאַנטלען, שוכוואַרג, וועש, טעפּיכער גוטע, פאַרשיידענע דאַמען־זאַכן א״אַ. מען לויפט אַרום אין גע־היים צו קריסטן איינקויפן בדמים יקרים, ווייל ביי די ייִדן האָט זיך שוין כמעט אַלץ אויסגעלאָזט. אַנדערע האָבן זייערע זאַכן באַהאַלטן און גיבן בעסער געלט פאַר דעם. די משפּחות פון די דייטשע באַאַמטע ווערן דורך די ייִדן באַזאָרגט אויך מיט באַדינונג און די בנות ישראל העדינות והענוגות, די ייִדישע איידעלע טעכ־טער ווערן דינסטן, פּשוטע שפחות אין די דייטשע און פּאָליציייִשע הייזער. זיי פילן ביי זיי אויס די סאַמע פּשוטסטע און נידעריקסטע אַרבעטן. און מיט וויפל שטייען דאָס די ייִדישע מיידלעך העכער פאַר זייערע „האַרנטעס״, די דייטשקעס?! אָבער דער גורל זייערער איז, צום אומגליק, אַ נידעריקער...

די ציוויל־מאַכט מעלדעט, אַז וועגן אַלע פראַגן פון אויספילן די ייִדישע פליכטן, וועגן אַלע פאָדערונגען, וועלן זיי זיך דאַרפן ווענדן בלויז צו איין פּער־זאָן, צום „יודענעלטסטן״. אים וועלן זיי רופן און אָנזאָגן אַלץ, וואָס זיי האָבן נייטיק צו די ייִדן. חוץ אים טאָר קיין איין ייִד נישט איבערטרעטן דעם שוועל פון אַ דייטשן אַמט. נישט רעדן מיט קיין דייטש, נישט קומען אין קיין שום באַ־רירונג. די ייִדן זענען נאָר מחויב צו „ציִען די מיץ״, אַראָפּנעמען דאָס היטל פאַר יעדער דייטש, וואָס זיי וועלן אָנטרעפן און אָנטון צוריק דאָס היטל ערשט דע־

מאָלט ווען דער דייטש וועט שוין זיין דורכגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק הינטער זיך דעם ייִדן אויף אַ 5 מעטער. מיט ווערטער באַגריסן, אָדער אַ נויג טון זיך טאָר מען נישט.

אויך אויף דעם געביט האָט ייִדן נישט געפעלט קיין פּלאָגן. זיי פלעגן דאָך האָבן רעכט צו גיין נאָר אין מיטן גאַס און די דייטשן פלעגן דאָך, דורכגעמישט מיט אַנדערע דורכגייענדיקע כשרע אַריער, גיין אויפן טראָטואַר און נישט אַלע־מאָל פלעגט דער פאַרחושכטער, פאַרשמאַכטער ייִד באַמערקן פון דער ווייטנס דעם דורכלויפנדיקן דייטש און במילא פלעגט ער נישט אַראָפּציִען דאָס היטל. פלוצלונג פלעגט זיך אויפן ייִדן, וועלכער האָט עובר געווען אויף אַזאַ האַרבן לאוו ווי אַראָפּנעמען דאָס היטל, אַ שאָט טון אַ האָגל קלעפּ און ער פלעגט נישט וויסן, פון וואַנען און פאַר וואָס דאָס קומט אים. אַזוי פלעגן ייִדן קומען צעבלו־טיקטע צוליב „נישט ציִען די מיץ", אַזוי האָט עס געהייסן. דייטשן מיט מער הומאַניטאַרע געפילן פלעגן בלויז גוט אויסזידלען דעם ייִד פאַר זיין „חוצפה" און נישט שלאָגן. אָבער אַזעלכע זענען געווען גאַנץ ווייניק.

אַ ייִד האָט, דורכגייענדיק די גאַס, נישט געוווּסט אויף וואָס פריִער אַכטונג צו געבן, צי אַ מאַשין זאָל אים נישט איבערפאָרן (פאַר ייִדן פלעגן קיין סיגנאַלן נישט געגעבן ווערן און עס זענען געווען פאַלן פון איבערפאָרן ייִדן אויף טויט — זע ווייטערדיקע באַשרייבונגען), צי ער זאָל נישט פאַרנאַכלעסיקן אַראָפּצונע־מען דאָס היטל און אָנטון עס צו דער צייט, פאַר עפּעס אַ דורכלויפנדיקן דייטש.

איידער מען איז אינגאַנצן דורכגעדרונגען געוואָרן מיט די דייטשע מנהגים, האָבן ייִדן זיך געפּרוּווט דערלויבן אַריינצוקומען אין אַ וועלכן עס איז אַמט וועגן פּראַגן. זיי פלעגן, אין בעסטן פאַל, פון דאָרט אַרויסגעטריבן ווערן מיט שאַנד און שפּאָט. גאַנץ אָפט אָבער פלעגן זיך די דייטשע באַאַמטע אינגאַנצן נישט אַריינלאָזן מיט די ייִדן אין „וויכוחים" און פלעגן אויף זיי שליידערן מיט יעדן חפץ וואָס איז זיי געקומען צו דער האַנט. איינמאָל האָט די היגע פרוי ד״רא ראַ־יאַק העלענאַ, געדאַרפט גיין צו אַ קריסטלעכן חולה, וועלכן זי האָט אַלעמאָל גע־היילט. היות זי איז געווען אין ספק, צי זי, ווי אַ ייִדישער דאָקטער, האָט רעכט, לויטן היטלערישן געזעץ, אָנצוגיין ווייטער מיט דער קוראַציע פון איר קריסט־לעכן פּאַציענט און, מורא האָבנדיק פאַר קאָנסעקווענצן צו דעצידירן עס אויף דער אייגענער האַנט, האָט זי זיך געוואָלט ווענדן אין געביט־קאָמיסאַריאַט מיט אַ שאלה. ווען דער קוריִער, וואָס זיצט ביי דער טיר, האָט געמאָלדן דעם רעפע־רענט פאַר ייִדישע ענינים געבעלל, אַז צו אים וויל זיך ווענדן אַ ייִדישע ד־רין, האָט דער לעצטער איר דערלויבט אַריינצוקומען. ווען פרוי דאָקטער ראַיאַק האָט נאָר אַן עפן געטון די טיר און איבערגעטראָטן דעם שוועל, האָט דער רעפערענט געבעלל (שפּעטערדיקער אָנפירער פון אַלע שחיטות אין געגנט), געכאַפּט אַ טינ־טער פון טיש און אַ שליידער געטון דער פרוי ד״רא אין פּנים. די פרוי איז אַ

רגע געבליבן שטיין מבולבל, נישט פאַרשטייענדיק וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. באַלד איז זי — אינגאַנצן פאַרגאָסן מיט טינט דאָס פּנים און די קליידער — אַרויס אין קאָרידאָר באַגלייט מיט אַ פריילעכן געלעכטער פון די אַרומיקע דייטשן צוליבן קלוגן איינפאַל פון זייער שעף. אַזאַ קבלת־פּנים פון פרוי ראַיאַק — אַ באַקאַנטע דאָקטערין אין גאַנצן געגנט — האָט אויף אַלעמען, אויך אויף קריסטן, געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. עס האָט זיך דערשפּירט, ווי דער ייִד איז גע־וואָרן אַ חרפּת אדם ובזוי עם, דאָס נידעריקסטע באַשעפעניש. נאָר, האחרונות משכיחות את הראשונות, די ווייטערדיקע סורפּריזן, די שפּעטערדיקע דייטשע גרוילטאַטן מאַכן בלאַס די פריִערדיקע...

פאַר יודענעלטסטן האָבן די דייטשן באַשטימט דעם אַמאָליקן היגן סוחר גרשון לעדערמאַן, וועלכער איז געוואָרן דער „פאַרמיטלער" צווישן די פאַר־שקלאַפטע ייִדן פון גאַנצן געביט און די דייטשן. לעדערמאַנען פלעגן די דייטשן מאַכן אַלע באַשטעלונגען און די מיטגלידער פון „יודענראַט" פלעגן האַלטן אין איין אַרומלויפן איבער די ייִדישע הייזער און אַרויסציִען ביי די ייִדן די זאַפט פון די ביינער. דער ציוויל־מאַכט האָט מען געמוזט נאָכגעבן אַלע קאַפּריזן און די מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן פון זייער זייט באַזונדער געזויגן ייִדיש בלוט.

די לאַגע פון די אונטערגעדריקטע, דערשלאָגענע ייִדן איז געוואָרן אומדער־טרעגלעך. קיין אויסוועג איז נישט געווען. דער „יודענראַט" פון זיין זייט, האָט זיך געסטאַרעט איבערצוצייגן די ייִדן, אַז מיט איבערגעגעבענער אַרבעט, מיטן דערפילן אַלע פאָדערונגען וועט זיך איינגעבן די דייטשן ווייכער צו מאַכן, צו האַמעווען זייער ווילדקייט לגבי די ייִדן. אָבער די פאַקטן — דאָס מאַטערן און פייניקן, דאָס שלאָגן אויף יעדן טריט, די כסדרדיקע מאָרדן פון יחידים און גרופּעס — האָבן די אומגליקלעכע ייִדן נישט געלאָזט פאַרגעסן מיט וועמען זיי האָבן צו טון. זיי האָבן צופיל געשפּירט, אין וואָס פאַר אַ שרעקלעכן גיהנום זיי זענען אַריינגעפאַלן.

## די ייִדישע פּאָליציי

אַ באַזונדער קאַפּיטל, אין דער מאַרטיראָלאָגיע, שטעלט מיט זיך פאָר די ייִדישע פּאָליציי אין געטאָ. דאָס שאַפן אזא ספּעציעלן „מאַכט־אָרגאַן" פון די ייִדן גופא, איז געווען נאָך איינער פון די דייטשע ראַפינירטע, כיטרע שפּיצלעך, ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען אַלץ ביי די ייִדן, ווי אַזוי אויסצוזייגן פון זיי דעם לעצטן זאַפט, ווי אַזוי אינגאַנצן צו דערנידעריקן און צעברעכן זיי פיזיש און גייסטיק. וואָרעם ווער וועט נאָך אַזוי גוט טרעפן אַרויסצושלעפּן ביי די ייִדן זייערע פאַר־מעגנס, מיט גוטן צי מיט בייזן, ווי די ייִדן אַליין? ווער קען נאָך אַזוי גוט וויסן ווו און וואָס עס איז באַהאַלטן, ווי די ייִדן גופא?

און אָט זענען די ייִדישע בהורים, די נעכטיקע שטילע און רויִקע יונגעלייט, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אָנשטענדיקע ייִדישע הייזער, בין לילה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נוגשים, אין באַדריקער. זיי, די ייִדישע פּאָליציי־לייט, האָבן אויך געהאַט דעם ביטערן אומגליקלעכן טעות, מיינענדיק, אַז וואָס מער מען וועט די דייטשן צופרידנשטעלן, וואָס מער מען וועט זיי נאָכגעבן, אַלץ מער וועט זיין גע־זיכערט דאָס לעבן פון כלל און פון זיי און זייערע משפחות בפרט. אַ טייל זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּאָליציי צוליב די פּריווילעגיעס, וועלכע זיי האָבן דאָרט באַקומען, זיי זענען נישט געגאַנגען אויף אַרבעט און האָבן געהאַט פּרנסה קוואַלן... זיי זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער אָרטיקער קריסטלעכער פּאָליציי און באַפעלקערונג אד״גל. עס דאַרף אָבער אויך באַטאָנט ווערן, אַז אַ געוויסער טייל פון דער ייִדישער פּאָליציי האָט באמת געהאַט גוטע כוונות לטובת הכלל און האָט באמת געמיינט אָפּצוּווענדן פון די ייִדן גרעסערע פּורעניות, פאַר־מיידן גרעסערע בלוט־פאַרגיסונגען, אין דעם איז קיין ספק נישט. זיי האָבן זיך אָבער, צום אומגליק, טועה געווען אין זייערע אויסרעכענונגען, זיי האָבן נישט באַנומען דעם פּאָליטישן אונטערשלאַק פון די דייטשן, וועלכע האָבן געמיינט „מעלקן די קו״ כל זמן זי מעלקט זיך און נאָכדעם זי שעכטן... די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז די ייִדן פאַרמאָגן באַהאַלטענע, פאַרגראָבענע פאַרמעגנס און זיי האָבן געזוכט מיטלען, ווי אַזוי עס אַרויסצובאַקומען פאַרן אויסמאָרדן זיי, ווייל נאָכ־דעם וועט עס ערגעץ בלייבן באַהאַלטן און פאַר זיי וועט עס פאַרלאָרן גיין. צוליב דעם האָט די ציוויל־מאַכט געשאַפן די ייִדישע פּאָליציי.

און די פּאָליציי האָט טאַקע געהאָלפן דעם יודענעלטסטן לעדערמאַן, דורכ־צופירן אַלע דייטשע פאָדערונגען. זי האָט אַכטונג געגעבן, אַז די ייִדן זאָלן פּינקט־לעך אַרויסגיין צו דער אַרבעט, די ייִדן זאָלן אַוועקגעבן אַלץ, וואָס זיי האָבן און אַפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין צושטעלן נפשות צום מאָרדן, וואָס די דייטשן האָבן געפאָדערט, האָט עס אויך די פּאָליציי געטון, זייענדיק פאַרבלענדט און מיינענדיק, אַז מיטן אומברענגען דעם פּרט וועט דער כלל זיין געראַטעוועט... זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען (אַנדערע האָבן נישט געוואָלט פאַרשטיין), די פאַר־באָרגענע, פינצטערע כוונות פון די דייטשן, אַז נאָכן אויסזויגן פון די ייִדן אַלץ, וועלן זיי סוף כל סוף זיי פאַרניכטן... ווי איינער פון די גרעסטע פעלערן פון דעם יודענעלטסטן און פון דער ייִדישער פּאָליציי דאַרף באַצייכנט ווערן דאָס, וואָס אין דער אומגליקלעכער, קריטישער לאַגע האָבן זיי אַלץ געטון על דעת עצמם, נישט אויסהערנדיק קיין מיינונג פון אַנדערע. דעם אַלטן, פּראַקטישן, גע־זעלשאַפטלעכן עסקן הרב כ״ץ ז״ל, האָט לעדערמאַן אָנגערופן, „עובר בטל״. ווען דעם רבס ייִנגערע טאָכטער שפּרינצע האָט, מיט איר קלוגן פּראַקטישן קוק, גע־פּרוּווט זיך אַרויסזאָגן, אַז ביי די ייִדן טאָר מען דאָס לעצטע נישט צונעמען, זאָלן זיי בעסער, כל זמן זיי האָבן נאָך מיט וואָס, לויפן אין וואַלד, ווו עס איז אפשר דאָ וועלכער עס איז שאַנס צו ראַטעווען זיך און נישט אָפּגעבן אַלץ דעם דייטש, און

דערנאָך ערשט אומקומען, האָט דער יודענעלטסטער זי געוואָלט פשוט מחרים זיין... קיין עצות האָבן זיי ביי קיינעם נישט געפרעגט, זיי האָבן זיך אויך נישט צוגעהערט ווען עמעצער איז, אין דער עת צרה, אַליין געקומען מיט אַ וועלכער עס איז עצה.

ביים אויסריכטן יידן צו דער אַרבעט, אָדער ביים דורכפירן רעוויזיעס אין די הייזער פלעגט די פּאָליציי נישט זעלטן שלאָגן די יידן. אין געטאָ האָט מען גערעדט, אַז עס זענען געווען יידישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן פּערזענלעך גע־נאָסן פון יידישע פאַרמעגנס.

עס מוז דאָ באַמערקט ווערן, אַז אַ טייל פון די יידישע פּאָליציאַנטן, דער־שפירנדיק, אַז זיי קענען די יידישע צרות נישט לינדערן, אַז כדי צו דערפילן די דייטשע פאָדערונגען, זענען זיי, פאַרקערט, געצוווּנגען צו פאַרשאַפן די יידן נאָך מער פּיין און ליידן, זענען אַרויסגעטראָטן פון דער פּאָליציי. אייניקע פון זיי זע־נען שפּעטער אַוועק אין וואַלד, אין פּאַרטיזאַנקע און האָבן זיך דאָרט אויסגע־צייכנט אין קאַמף מיט די דייטשן. צווישן די לעצטע זענען געווען בלאַט יצחק, פינטאָוו ליוסיע (ביידע העלדיש אומגעקומען), שפּאַרבער ישראל, כ״ץ זלמן־בער א״אַ.

אַזוי האָט דער דייטש אַראָפּגעשטויסן די יידן אין אַ שרעקלעכן תהום, אין אַ פינצטערן, אומענדלעכן אָפּגרונט...

דער צוזאַמענשטעל פון דער יידישער פּאָליציי אין גלובאָקער געטאָ איז געווען:

בלאָנט יודע — קאָמענדאַנט, גאָרדאָן חיים־בער, גילעוויטש יודע, שיינדלין אַרקע (ליבע טויבעס), שיינקמאַן חיים, וויינשטיין אייזיק, פרידמאַן דוד, כ״ץ זיס־קע, פינטאָוו ליוסיע, (אומגעקומען שפּעטער אין פּאַרטיזאַנקע אין קאַמף מיט די דייטשן), יונגעלמאַן זלמן, שפּיראָ מיכאל, שפּאַרבער ישראל (שפּעטער אויסגע־צייכנטער פּאַרטיזאַן), צימער שלומקע (פון שאַרקאַוושציזנע), איכילציק ישראל, סראַגאַוויטש אבא, (אומגעקומען ווי אַ פּאַרטיזאַן), שפּיראָ לייבל, בודניאוו (זאַצע־פּיצקעס אַ שוואָגער), כ״ץ זלמן־בער (שפּעטער זיך אויסגעצייכנט אין דער רויטער אַרמיי), בלאַט יצחק (העלדישער פּאַרטיזאַן, געפאַלן אין קאַמף מיט די דייטשן).

## קאָנפיסקירט דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן

אויב ביז איצט איז דאָס רויבן פון די דייטשן ביי די יידן פאָרגעקומען „נישט אָפיציעל״, נישט לויט אַ מלוכה־געזעץ, מען איז פשוט געקומען און גענומען, אָדער געהייסן דעם „יודענראַט״ ברענגען, איז איצט, נאָכן אָנקומען פון דער ציוויל־מאַכט, אָנגעקומען אַן אָפיציעלער בריוו פון געביט־קאָמיסאַר, אין וועלכן עס איז געווען געזאָגט, אַז לויטן דייטשן געזעץ, טאָרן יידן נישט באַזיצן קיין שום

אייגנטום, נישט קיין נכסי דניידי און נישט קיין נכסי דלא ניידי. דעריבער ווערט אַלץ, וואָס די ייִדן באַזיצן מחוט ועד שרוך נעל, פון אַ פאָדים ביז אַ שוך־שנירל, קאָנפיסקירט און אין משך פון איין טאָג זענען די ייִדן מחויב אָפּצוגעבן אַלע זייערע ווערט־זאַכן, ווי גאָלד, זילבער, אויערינגלעך, פינגערלעך, בריליאַנטן, לייכטער, בעכער, זייגערלעך, גוטע, טייערע סערוויזן א״אַ. אויך פּאַפּיר געלט, אין וועלכער וואַליוטע דאָס זאָל נישט זיין.

הונדערטער ייִדן זענען געשטאַנען אין אַ לאַנגער ריי ביים געביט־קאָמיסאַריאַט מיט זייערע טייערע חפצים, מיט די טייערסטע זאַכן, וואָס זיי האָבן נאָך געירשנט פון זייערע עלטערן, זיידעס און עלטער זיידעס און ווער וייס פון וויפל דורות דאָס איז צו זיי געקומען און געוואַרט, אַז דער בלוטיקער שונא זאָל דאָס וואָס גיכער צונעמען אַבי כאָטש אָן בלבולים, אָן געשלעג. מען האָט אָפּגעגעבן די שיינע, פּסחדיקע כוסות, דאָס געשיר, וועלכע האָבן באַפּוצט דעם פּסחדיקן סדר־טיש נאָר איין מאָל אין יאָר. און ווער וייס וויפל סדרים אַזעלכע טייערע כלים האָבן געדענקט.... וויפל דערמאָנונגען איז געווען איינגעקריצט אין זכרון פון די אייגנטימערס פון די דאָזיקע פּראַכטפולע זאַכן. אַפילו די קדושין־פינגערלעך האָט מען געבראַכט. די אימה איז געווען אין לשער. מען האָט געוואָלט נאָר לעבן בלייבן. מען האָט געמיינט, אַז דאָס, צוזאַמען מיט דער קנעכטישער אַרבעט פאַר די דייטשן, וועט העלפן...

אויפן צווייטן טאָג איז געקומען אַ פרישער באַפעל, אַז אַלע ייִדן מוזן אָפּטראָגן זייערע פוטערס, פעלצן, אָנצוגן א״אַ, ווי אויך נישט אויפגעניייטע שטאָפן.

דאָס נעכטיקע שוידערלעכע בילד חזרט זיך איבער פון דאָס ניי. ווידער שטייען די ייִדן אין לאַנגע רייען מיט די שענצטע פוטערלעך, קאָסטיומען, מאַנטלען א״אַ און וואַרטן, אַז די תלינים זאָלן עס ביי זיי אויפנעמען. מענטשן האָבן געזאָרגט, געוויינט, געחלשט, עס קומט אָן דער שטרענגער ווינטער, מען בלייבט הויל און נאַקעט. די שרעק פון די ייִדן פאַר די נייע בעלי־בתים איז דערגאַנגען צו דעם, אַז מען האָט געבראַכט די זאַכן פון די קינדער, נישט רעכענענדיק זיך מיטן מאָרגן. געוועזענע מאַנופאַקטור־קרעמער, ביי וועלכע עס זענען געווען באַהאַלטן זאַפּאַסן פון סחורות, האָבן די לעצטע געבראַכט צו פירן אויף וועגענער.

אַנדערע האָבן זיך מיישב געווען און פלינק איבערגעגעבן זייערע זאַכן צו באַקאַנטע קריסטן. צווישן די לעצטע האָבן זיך שפּעטער געפונען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן עפּעס אומגעקערט צוריק צו זייערע בעלי־בתים אָדער האָבן, לפּחות, דערלאַנגט די ייִדן אַ קליינעם סכום פּראָדוקטן פאַר דעם. עס זענען אָבער געווען נישט ווייניק פאַרברעכערישע עלעמענטן, וואָס וועלנדיק פאַרבלייבן פולע „יורשים" פון דאָס ייִדישע האָב און גוטס און מורא האָבנדיק, אַז טאָמער קען נאָך דער ייִד ביי זיי אַמאָל צוריקמאָנען זיין פאַרמעגן, האָבן זיי דעם ייִדן פּראָוואָצירט און פאַרגיכערט זיין סוף...

עס האָבן זיך אויך געפונען „דרייסטע" און האָבן איבער נאַכט פאַרגראָבן אין דער ערד זייערע בגדים און קאָסטבאַרע חפצים.

אַלץ האָט פאַרשטענדלעך געמוזט געטון ווערן זייער פאָרזיכטיק. די דייטשן, און נאָך מער די היגע פּאָליציי, האָבן געפּאָרשט און געשמעקט צי די ייִדן גיבן אַלץ אַוועק. מען האָט נאָכגעקוקט די ייִדן ווו זיי ווענדן זיך, וואָס זיי טוען אאַז"וו.

קלאָר, אַז אָן קרבנות איז דאָס אויך נישט אַדורך (זעלדין בערל, בער־קאָוויטש א"אַ).

## געלט־אַקציע — קאָנטריבוציע

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די ייִדן האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעבן זייער גאַנץ פאַרמעגן — גאָלד, צירונג, טייערע חפצים, בגדים א"אַ — האָט דער יודענ־ראַט, סוף סעפּטעמבער 1941, ווידער באַקומען אַ שטרענגן באַפעל צוצושטעלן אַ גרויסע סומע געלט. פאַר נישט אויספילן פּינקטלעך צום טערמין די פאַראָרדע־נונג, ווערט געזאָגט אין באַפעל, וועלן אַלע ייִדן דערשאָסן ווערן. די דייטשן און די פּאָליציי האָבן קאָנטיק פאַרשטאַנען, אַז אַ טייל ייִדן האָבן נאָך נישט אינגאַנצן אָפּגעגעבן זייער פאַרמעגן.

דער יודענראַט האָט אָנגעהויבן מאַכן זיצונגען, רופן די ייִדן און „אונטער־האַנדלען", ריידן, ווירקן, אַז אויב עמעצער האָט נאָך ערגעץ ווו אַ פאַרבאָרגענעם „קניפּל", זאָל ער עס אָפּגעבן, וואָרעם דער גאַנצער ייִדישער ישוב אין גלובאָק שטייט אין געפאַר. דער יודענראַט איז באַזונדער צוגעשטאַנען צו די עלעמענטן, אויף וועמען עס איז געפאַלן אַ חשד, אַז זיי האָבן נאָך ערגעץ באַהאַלטענע געלט און חפצים.

נישט אַלע האָבן געקענט אריבערטראָגן די פּייניקונגען און יסורים פון די תביעות און עס זענען געווען קרבנות פון זעלבסטמאָרד. דער 60־יעריקער מענדל קליאַט האָט זיך אויפגעהאַנגען, ווייל ער האָט נישט געקענט צושטעלן די סומע, וועלכע דער יודענראַט האָט אויף אים אַרויפגעלייגט.

לסוף האָט מען צונויפגעזאַמלט אַ סאָלידע סומע און מען האָט עס אָפּגעגעבן דעם קאָמיסאַר. דאָס האָט קלאָר באַוויזן, אַז די ייִדן זענען נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעשעפּט. זיי האָבן נאָך... און די אַקציעס צו שאַפן פאַר זיי בגדים, וועש, שוכוואַרג, כלים, ווי אויך מזומנים, האָבן נישט אויפגעהערט.

די ייִדן אָבער זענען וואָס ווייטער אַלץ ווייניקער געווען ביכולת אויסצופילן די חיהשע פאָדערונגען פון די דייטשן און יעדער ווייטערדיקע אַקציע פלעגט שוין שפּעטער ווערן באַגלייט מיט מענטשלעכע קרבנות.

## טעראָר איבער אַ טייל פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג

אין די ערשטע צייטן פון דער אָקופּאַציע פלעגט מען ברענגען אין שטאָט אַרעסטירטע קריסטן פון די דערפער. דאָס זענען געווען עלעמענטן, וועלכע זע־

נען דורכן דייטשן שפּיאָנאַזש אויפגעדעקט געוואָרן אין דער אונטערערדישער, אַנטידייטשער טעטיקייט.

די קריסטן האָט מען געפּירט, אין קלענערע אָדער גרעסערע גרופּעס, עפ״י רוב 4 פּאַרטאָג ווען די שטאָטישע באַפעלקערונג שלאָפט נאָך. און כאָטש קיין גרעסערע מאַסן פלעגן עס נישט צוזען, אָבער פאַרבאָרגן פון דער באַפעלקערונג פלעגט דאָס נישט פאַרבלייבן. גאַנץ פרי פלעגן זיך מענטשן אונטערגנבענען שטילערהייט און פון די ווינקל־הייזער, פון אונטער די פּאַרקאַנען, דורך די שפּאַרונעס פון די טירן און פענצטער אד״גל אַרויסקוקן, ווי אַזוי מען פירט דורך לאָמזשער און ביאַליסטאָקער גאַסן, מענער, פרויען, קינדער אין דער ריכטונג צו באָראָקער וואַלד, אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער פון שטאָט, ווו מען פלעגט זיי דערשיסן.

אין די ערשטע טעג פלעגט עס ווירקן שוידערלעך אויף די ייִדן. מען האָט נישט געקענט קומען צו זיך, מען פלעגט נישט קענען עסן, טרינקען, שלאָפן. מען האָט בשום אופן נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, ווי אַזוי נעמט מען עס מענטשן און מען שיסט זיי אָן דין, אָן משפּט. די פרויען און די קינדער זענען דאָך זיכער געווען אומשולדיק. שפּעטער האָט מען זיך צו דעם צוגעוווינט, מען איז געוואָרן גלייכגילטיק. מען פלעגט בלויז דערציילן, איבערגעבן מפּה אל פּה, אַז פאַרטאָג האָט מען אין באָראָק אַוועקגעפירט אַזויפיל און אַזויפיל מענטשן צום שיסן. גאַנץ אָפט האָט מען דורכגעפירט באַקאַנטע קריסטן.

די ייִדן האָט דאָס געוואַלדיק דערשלאָגן און די אַפּאַטיע ביי זיי האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט.

## געיעג אויף ציגיינערס

אויב עמעצער פון דעם דאָרפישן פויערטום האָט באַקומען אַ שטראָף פאַר „געוויסע חטאים״ — האָבן אָבער די אַרומיקע ציגיינער, באַגלייך מיט די ייִדן, געליטן סתם אַזוי אָן שום חטאים, נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען ציגיינער, ווייל די פאַרב פון זייער הויט איז נישט געווען צום געשמאַק פון דער „אויסדערוויילטער, העכערער ראַסע״... מען האָט זיי אויך מאַסנווייז אויסגעראָטן אין די לעצטע חדשים פון 1941. די היגע פּאָליציי פלעגט זיי אויסזוכן אין געגנט, אין די אַרומיקע וועלדער און דערפער, ברענגען זיי אין שטאָט און אויסמאָרדן.

איינמאָל — דעצעמבער 1941 — האָט מען געבראַכט אַ פּאַרטיע ציגיינער פון העכער 100 מאַן און פאַרן דערשיסן האָט מען זיי אויסגעטאָן נאַקעט און אַזוי האָט מען זיי אַ לענגערע צייט געהאַלטן אויף דער ווינטערדיקער קעלט. די קינדער זייערע האָט מען נאַקעטע אַוועקגעזעצט אויפן אייז, זיי זענען בלוי געוואָרן ווי קעטל, די פּנימלעך זייערע האָבן זיך אויסגעקרימט און וויינען האָבן זיי נישט געקענט. די קעלט האָט זיי דערדריקט און זיי זענען געוואָרן פאַרגליווערט. באַלד

זענען זיי אויסגעגאַנגען. אַנדערע קינדער האָבן אויסגעהאַלטן לענגער און זיי האָבן זיך מער געמאַטערט.

די עלטערן פון די קינדער, באַזונדערס די מוטערס, האָבן געוויינט, גע־שריגן, געליאַרעמט, געריסן זיך די האָר פון קאָפּ, געפאַלן אין חלשות און גע־בעטן זיך ביי די תלינים, אַז מען זאָל זיי וואָס גיכער שיסן, זיי קענען נישט צו־קוקן צו די יסורים פון זייערע קינדער, וועלכע גייען אויס פון קעלט ליגנדיק אויפן שניי נאַקעטערהייט.

איינע אַ מוטער אַ ציגיינערן, איז בעת מעשה געווירט געוואָרן פון זינען. זי האָט מיטאַמאָל אָנגעהויבן לאַכן, זינגען, טאַנצן, מאַכן פאַרשיידענע העוויות און דאָס גלייכן.

אַ פראָסט איז אַריבער איבערן לייב, דאָס בלוט איז פאַרקילט געוואָרן אין די אָדערן צוקוקנדיק זיך צו די גרוילן, צו די שוידערלעכע בילדער. אויך זייטיקע מענטשן האָבן געיאָמערט און געקלאָגט. דאָס איז געווען איבער די מענטשלעכע כוחות אַריבערצוטראָגן. מענטשן מיט שוואַכערע נאַטורן האָבן עס אויסגעקרענקט אַ לענגערע צייט נאָכדעם.

נישט געווירט האָט דאָס נאָר די העלהויטיקע „יחוסדיקע, ציוויליזירטע אייראָפּעער“, וועלכע האָבן זיך לוסטיק געמאַכט איבער די שוואַרצהויטיקע ציגיינער.

נאָכן אָנשפּילן זיך מיט די קרבנות, נאָכן אָנזעטיקן זיך מיט נחת, האָבן די דייטשן אַוועקגעטריבן די ציגיינער אין באַראַק נאַקעטערהייט, צווינגענדיק זיי מיטצונעמען מיט זיך זייערע פאַרפראָרענע, טויטע קינדער. דאָרט ביי די אָפענע גריבער לעבן זייערע טויטע קינדער האָבן די מערדער זיי געהייסן זינגען, טאַנצן, שפּרינגען, פּאַטשן אאַז״וו. זיי האָבן דערביי זיי אונטערגעשמיסן מיט זייערע קאַנ־טשיקעס, אַז זיי זאָלן בעסער טאַנצן, שטאַרקער זינגען און די יונגע ציגיינערינס זאָלן לאַכן...

די קלאַנגען פון די אָריגינעלע, אומעטיקע ציגיינערישע לידער צוזאַמען מיט זייערע געוויינערייען, יאָמערייען און קוויטשערייען האָבן זיך אויסגעמישט און שניידנדיק די לופט האָבן זיי זיך געטראָגן איבערן גאַנצן וואַלד און אַוועק־געקייקלט זיך ווייט מחוץ דעם וואַלד צו די פּויערים פון די דערפער און כוטאָ־רעס. די פּויערים האָבן זיך געטרייסלט אין זייערע אָרעמע, קליינע הייזלעך, צו־הערנדיק זיך וואָס אין דערביייִקן וואַלד קומט פאָר.

דאָס אַלץ האָבן די דייטשן פאָטאָגראַפירט. ווען זיי זענען דערמיט פאַרטיק געוואָרן, האָבן די מערדער אַריינגעשטויסן די אומגליקלעכע ציגיינער אין גרוב אַריין, וווהין זיי האָבן פריִער אַריינגעוואָרפן זייערע טויטע קינדער, און דאָרט זיי דערשאָסן.

כאַראַקטעריסטיש איז, אַז נישט נאָר די דייטשן האָבן זיך מיט די שוידער־בילדער נישט געקענט אָנזעטיקן פון פאַרגעניגן, נאָר אויך די פּאָליציי־לייט —

היגע קריסטן, דייטשע משרתים ווי לעוואַנדאָווסקי, דאָמבראָווסקי, קריוויטשאַניִן, יארעמעק, זאקראַווסקי, טאַראַגאָנסקי, סודינקאָוויטש א״אַ — זענען געשטאַנען גאַנץ אויפגעלייגט און האָבן דערביי זייער גוט פאַרבראַכט. זיי האָבן געפירט אַ לעבעדיקן שמועס, געשפּאַסט, געלאַכט און מיט גרויס צופרידנקייט געקוקט דערויף. זייערע פּנימער זענען געווען נישט ווייניקער צעפלאַמט ווי די דייטשע. זיי אַלע צוזאַמען האָבן אויסגעזען, ווי די רויב־חיות בעת זיי באַפאַלן און רייסן פאַנאַנדער שטיקערווייז זייער קרבן, זייער געפונענע רויב.

## די געטאָ

די געשיכטע פון מיטלעלטער, ווי אויך פון די שפּעטערדיקע צייטן דערציילט אונדז גענוג וועגן דער יידישער געטאָ. מיר האָבן, מער ווייניקער, אַ באַגריף ווי אַזוי דאָרט האָט אויסגעזען דאָס לעבן, די פאַרשקלאַפטקייט פון די יידן, דער רעזשים, די שרעק, אאַז״וו.

אויך איצט, איידער נאָך עס האָט זיך אָנגעהויבן דער דייטש־סאָוועטישער קריג, האָבן מיר געהערט, אַז די יידן אין פּוילן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, זענען אין די שטעט און שטעטלעך אָפּגעזונדערט אויף די פּעריפעריען אין ספּעציעל אויסגעטיילטע, אָפּגעצאַמטע קוואַרטאַלן, וואָס הייסן „געטאָ״.

אָבער דעם אמתן טעם פון „געטאָ״ האָבן מיר ערשט דערפילט, ווען מיר האָבן זיך אַליין אין איר געפונען, ווען מיר אַליין האָבן עס איבערגעלעבט.

מיר זענען זיכער, אַז יענע דורות, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דאָס געטאָלעבן אין מיטלאַלטער מיט אַלע זיינע באַגרענעצונגען, מיט אַלע נגישות, מיט די ליידן און יסורים קשים, וואָלט זיך בשום אופן נישט פאַרגעשטעלט די געטאָ פון 20סטן יאָרהונדערט, אין וועלכער די דייטשן האָבן אַריינגעשטויסן מיליאָנען יידן. זיי, יענע יידן, ליידנדיק דעמאָלט אַזוי פיל, וואָלטן זיכער נישט געווען ביכולת צו באַגרייפן דעם גיהנום פון דער היינטיקער געטאָ. אַזעלכע האָט די מענטשהייט נאָך קיינמאָל נישט געזען און נישט איבערגעלעבט.

און אָט האָבן אין גלובאָק, נאָך דעם באַזעצן זיך פון דער ציוויל־מאַכט, אָנגעהויבן אַרומגיין איבערן שטאָט, באַזונדערס אין די ראַיאָנען פון די הינטערגעסלעך, פאַרשיידענע קאָמיסיעס מיט דעם בורגמיסטער נאַומאָוו און אַנדערע פאַרשטייער פון מאַגיסטראַט, באַטראַכטן די געגנטן, די געסלעך, מאַכן פאַרשיידענע פּלענער, קאָמבינאַציעס אד״גל.

תחילת האָט מען נישט געוווּסט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. מען האָט געטראַכט פאַרשיידן, מען האָט קאָמענטירט. די מאַכט האָט דעם ענין געהאַלטן בסוד. נאָכדעם איז מען געוואָר געוואָרן, אַז די דייטשן האָבן אין עק שטאָט אויסגעטיילט אַ באַזונדער ראַיאָן, אַ געטאָ פאַר די יידן. די קריסטן, וואָס וווינען אין

יענע געסלעך, וועלן זיך דאַרפן אַריבערקלייבן אין צענטר שטאָט, באַפרייענדיק זייערע הייזקעס פאַר די ייִדן.

אַ געוויסער טייל פויערים האָט דעם בייט שטאַרק נישט געוואָלט, זיי איז ליבער געווען צו פאַרבלייבן אין זייערע באַשיידענע הייזקעס, ביי זייערע פעל־דער, גערטנער, סעדער, שייערס און שטאַלן, דאָרט ווו זיי זענען געבוירן געוואָרן, זיך אויפגעהאָדעוועט און אָפּגעלעבט אַ לעבן, איידער גיין אין די רייכע, שיינע דירות אין צענטר שטאָט. אַנדערע, פאַרקערט, זענען געווען צופרידן, וואָס איצט וועלן זיי לעבן דאָס גוטע לעבן אין די ייִדישע הייזער...

ווי עס זאָל נישט זיין, האָבן נישט די קריסטן, נישט די ייִדן געוווּסט די אמתע, פינצטערע כוונות פון די דייטשן, וועמענס ציל איז געווען צונויפצונע־מען אַלע ייִדן צוזאַמען אין איין ווינקל, פאַרשפּאַרן זיי אַלעמען אין אַ שטייג, אויס־מאַטערן זיי און אויסגעזויגן פון זיי דאָס לעצטע ביסל זאַפט, דערפירן זיי צו אַ מדרגה פון יאוש און רעזיגנאַציע, בכדי שפּעטער אומגעשטערט זיי אומצובריינגען.

די ייִדן האָבן געמיינט, אַז דאָס וועט לכל הפחות נישט זיין ערגער פון דער געטאָ אין מיטלאַלטער, ווו ייִדן האָבן געליטן צרות, אָבער מען האָט זיי דאָרט נישט פאַרניכטעט מאַסנווייז.

און דעם 22סטן אָקטאָבער 1941, האָט דער געביט־קאָמיסאַר פאַראָרדנט, אַז אַלע ייִדן מוזן זיך אין משך פון איין שעה אַריבערטראָגן אין זייערע נייע „וווינ־ערטער". דערביי איז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז די ייִדן טאָרן פון שטוביקע בעסערע זאַכן (מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס ביי זיי איז שוין געבליבן פאַר „בעסערע זאַכן!"), מיט זיך גאָר נישט מיטנעמען. און אויף מיטצונעמען „כלאם", מוז מען אויך האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער מאַגיסטראַט־קאָמיסיע.

טייל ייִדן האָבן זיך פּריִער מיט עטלעכע טעג מתחכם געווען. מען איז גע־וואָר געוואָרן דורך פאַרשיידענע וועגן אין וועלכן ראַיאָן לערך די געטאָ וועט זיך געפינען און מען האָט אַהין פּרובירט געהיים אַריבערטראָגן חפצים. מען האָט פאַרמאַסקירטערהייט אַריבערגעוואָרפן מלבושים, וועש, כלים און נאָך גרעסערע בריהס, מער מוטיקערע האָבן אויך אַריבערגעטראַנספּאָרטירט מעבל. געמאַכט האָט מען עס אין די אָוונט־שעהן, אָדער פאַרטאָג. אַנדערע האָבן אויך אַריבערגעטראָגן זאַכן אין מיטן דער נאַכט, וואָס דאָס איז געווען אַן אמתע לעבנסגעפאַר. מען האָט געוווּסט וועלכע פּאָליציאַנטן עס וועט זיך איינגעבן לייכטער אונטערצוקויפן און מען האָט שוין צוגעהיט ווען יענע „גוטע" פּאָליציאַנטן וועלן שטיין אויף זייערע פּאָסטנס.

די איבערזידלונג פון די ייִדן אין געטאָ האָט אין יענעם 22סטן אָקטאָבער פאַרוואַנדלט די שטאָט אין אַ רוישיקן, קאָכיקן קעסל. די פּאָליציי האָט געיאָגט די ייִדן פון זייערע הייזער אַזוי ווי מען יאָגט פי פון „אָבאָרעס", פון שטאַלן אַרויס. די גאַסן זענען פול געוואָרן מיט גרויסע המונים דענערווירטע, צעשראָקענע מענטשן מיט שווערע פּעק אויף זיך. אַ ווירוואַר פון אַלטע, קינדער, פרויען, קאַ־

ליקעס, וועלכע קענען פשוט נישט גיין און ווערן פון עמעצן געשלעפּט. פּרויען מיט זויג־קינדער אויף די הענט שלעפּן זיך קוים און קרעכצן. די עופּעלעך ווייַנען, שרייען. אויך די מוטערס וויינען. דער טומל איז גרויס, מען שרייט, מען שטויסט איינע די צווייטע. אַנדערע פאַלן אונטער דער משא פון זייערע פּעקלעך און ווערן געטראָטן פון דער געשטויסענער מאַסע. די פּאָליציי מאַכט „אָרדענונג". זי שמייסט אַכזריותדיק מיט די קאַנטשיקעס, קלאַפּט מיט די קאָלבעס פון די ביקסן איבער ייִדישע קעפּ און ווו נאָר ס'מאַכט זיך. מענטשן גייען און פון זיי שטראָמט בלוט. איבעריִן גאַס שלענגלען זיך לאַנגע שפּורן פון בלוט. אין די גאַסן וואַלגערן זיך צעבראָכענע, צעהאַקטע מעבל, וואַליזעס, צעבראָכענע כלים, צעניש־טערטע שוכוואַרג, צעריסענע זאַכן, וועש, באַטגעוואַנט. די לופט איז אָנגעפילט מיט פעדערן. ווי קליינע, ווייסע שנייעלעך טראָגן זיי זיך אין גאַנצן חלל.

מענטשן פאַרלאָזן זייערע הייזער, ווו זיי האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די שיין פון דער וועלט, ווו זיי האָבן זיך אויפגעהאָדעוועט און געלעבט, געזעטיקט זיך מיט נחת און געליטן, שפּעטער קינדער דאָרט געבוירן, אויפגעהאָדעוועט זיי און חתונה געמאַכט, זיי זענען דאָרט, אין די הייזער, זיידעס געוואָרן. און איצט פאַרלאָזן זיי דאָס אין איין שעה, אין אַ הרף עין און גייען, גייען אין אומבאַקאַנטע, וויסטע פאַרבאָרגענישן, קיינער ווייס נישט צי וועלן זיי נאָך אַמאָל פון דאָרט קומען צוריק...

פון זייערע מיט שווייס און בלוט אָנגעלעבטע פאַרמעגנס און די פון לאַנגע דורות אָנגעזאַמלטע אין זייערע הייזער ירושות, איז די ייִדן פאַרבליבן בלויז דאָס פּעקל, וואָס דער שונא האָט זיי דערלויבט מיטצונעמען אויף זיך. אַן אויסנאַם זע־נען געווען בלויז יענע ייִדן, וואָס האָבן געהיים פון פריִער אַריבערגעוואָרפן אין דער אויפקומענדיקער געטאָ אַ ביסל זאַכן, ווי עס איז אויבן דערמאָנט.

ווי די שוואַרצע קראָען, ווען צו זיי דערטראָגט זיך דער ריח פון טויט, דער „אַראָמאַט" פון בלוט, אַזוי האָבן זיך אין דעם דערמאָנטן טומל אַ וואָרף געטון אויף די ייִדישע הייזער אנשים טמאים, אומווירדיקע, נידערטרעכטיקע מענטשן. אַלטע מענער און שיינע, יונגע קריסטינס זענען מיט צעפלאַמטע פּנימער, מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגן געלאָפן, אויסגעשטרעקט די הענט נאָך ייִדישן רויב. אַ מאָדנע ברייטקייט, אַן אויסערגעוויינלעכע רחבת הלב האָט זיך אויסגעדריקט אויף זייערע געזיכטער — „היינט מעג מען ביי די זשידעס אַלץ נעמען, זיי האָבן נישט די מעגלעכקייט צו שטערן אונדז". די פּאָליציי האָט אָבער דערלויבט שלעפּן פון די ייִדישע הייזער נאָר די יונגע, שיינע קריסטינס. אפשר זענען דאָס געווען זייערע געליבטע. די מענער, די קריסטן, האָט די פּאָליציי נישט צוגעלאָזט צו דער ייִדישער ירושה.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, ווי פריִער נאָך, איידער די ייִדן האָבן אַפילו דערוווּסט זיך, אַז זיי וועלן דאַרפן פאַרלאָזן זייערע הייזער מיט אַלץ, וואָס אין זיי געפינט זיך, פלעגן באַקאַנטע קריסטן קומען צו די ייִדן, אַז די לעצטע זאָלן

זיי, ווי „אַלטע גוטע פריינט", באַצייטנס אָפּגעבן זייערע זאַכן און פאַרמעגן, ווייל די ייִדן פאַר זיך וועלן דאָך שוין סיי ווי גאָר נישט באַדאַרפן... די קריסטן, די „אַלטע, גוטע פריינט", פלעגן נישט קענען פאַרבאָרגן זייער אומגעדולדיקייט, וואָס גיכער צו ירשענען די ייִדן. אַגב, האָבן זיי באַצייטנס געוואָלט „אַרויסכאַפּן" איינע פֿון די צווייטע דעם „ייִדישן געשמאַקן ביסן" און זיי האָבן געוווּסט, אַז כל הקודם זכה...

טייל ייִדן האָבן פון גרויס יאוש, פון אַנטוישונג, זייערע חפצים שטילערהייט באַצייטנס פאַרניכטעט. זיי האָבן עס צעהאַקט, צעריסן, פאַרברענט אאַז"וו, נאָר עס זאָל נישט אָנקומען צו די דייטשן, צו זייערע משרתים און אַפילו צו די „איי־גענע, אַלטע, גוטע פריינט"...

די געטאָ האָט מען אויסגעטיילט אין די זייטיקע גאַסן און הינטערגאַסן פון שטאָט: לאָמזשער, אַלטע און נייע קישעלייקע, דובראַווע, פּאַלנע און איין זייט פון ווילנער גאַס. קיינער האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלן ווו און ווי אַזוי וועלן זיך דאָ אין די עטלעכע ענגע, שמאָלע געסלעך אַלע אַהינטון. וועגן דעם, אַז מען וועט איזאָלירט, מען וועט אָפּגעריסן פון דער פרייער וועלט, מען וועט אַריינ־געזעצט אין אַ תפיסה, מען איז באַרויבט פון יעדער מענטשלעכע, עלעמענטאַרע רעכט, האָט שוין קיינער נישט געטראַכט. מען האָט זיך נישט פאַרטיפט אין גע־דאַנקען, דער געפיל פון וועלן לעבן איז געוואָרן פאַרטעמפּט. אַלץ האָט מען גע־טון מעכאַניש, אָן ווילן, אָן פאַרשטאַנד, אָן שפּירעוודיקייט... איין שטרעבונג, איין שטאַרקער ווילן איז ביי אַלעמען געווען: קריגן ערגעץ אַ ווינקעלע ווו דעם קאָפּ צו צושפּאַרן. אין איין קליין פויערשן שטיבל האָבן זיך באַדאַרפט „איינאָרדענען" עטלעכע משפחות, צענדליקער נפשות — מענער, פרויען, זקנים און קליינע קינ־דער, אַלע צוזאַמען אין אַ נידעריקער, קליינער „כאַטקע". אַ נס, וואָס די דייטשן און די פּאָליציי האָבן נישט געלאָזט מיטנעמען אין געטאָ קיין זאַכן, ווייל דאָס וואָס מען האָט אַריינגעבראַכט האָט זיך אויך געוואַלגערט אין די גאַסן, אויף די הויפן, אין די שטאַלן, אויף די גערטנער אד"גל. אַ לאַנגע צייט האָט געדויערט ביז אַלע האָבן געקראָגן אַן אָרט...

שלאָפן האָט מען זיך אויסגעלייגט משפחותווייז אויף דער פּאָדלאָגע געדריקט איינע צו די אַנדערע. אויב עמעצן איז געלינגען ווו נישט איז אַריינצושפּאַרן אַ בעט, האָבן זיך אויף דעם אויסגעלייגט אין דער ברייט 5־6 נפשות. קאָכן אין געטאָ איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער. איין אויוון האָט באַדינט 8־10 באַלע־באָסטעס, די אמתע קללה פון „ואפו עשר נשים בתנור אחד", איז מקוים געוואָרן. די מענער און פרויען, ווי באַוווּסט, פלעגן דאָך גאַנץ פרי מוזן אַוועקגיין אויף אַרבעט און במילא פלעגט שוין קיין שאלה נישט זיין וועגן קאָכן עפּעס. אַזוי פלעגן זיי אַוועקגיין נישט געגעסן, נישט געטרונקען. אין אָוונט, ווען מען האָט זיך אומגעקערט פון דער אַרבעט שטאַרק אויסגעמאַטערט, צעבראָכן און נישט זעלטן אויך צעשלאָגן, פלעגט קיין כוח נישט זיין צו פאַרנעמען זיך מיט קאָכן.

די, וועלכע האָבן נאָך „אין זייערע היימען" איבערגעלאָזט וועמען עס איז פון על־טערע (דאָס איז געווען אין די ערשטע צייטן, איידער מען האָט די אַלטע אויס־געהרגעט), וועלכע זענען אויף אַרבעט נישט געגאַנגען, האָבן אין משך פון טאָג צוגעגרייט עפּעס וואַרעמס. דאָס עסן איז געווען אינגאַנצן פּאַרעווע. ייִדן האָבן דאָך נישט געטאָרט נוצן נישט קיין פליישיקס, נישט קיין מילכיקס, נישט קיין פיש, קיין אייער, קיין פּרוכטן, יאַגאָדעס אד"גל. די בהמות האָט מען שוין פון לאַנג ביי זיי צוגענומען און קיין ביסל מילך האָבן זיי נישט געהאַט אַפילו פאַר די קליינע עופעלעך.

נישט ווייניק פאַרביטערונג האָבן די ייִדן געהאַט אין געטאָ צוליב דער באַ־הייצונג־פראַגע. קויפן האָלץ פון מאַרק איז ייִדן געווען פאַרבאָטן און פון וואַלד ברענגען איז דאָך אָפּגערעדט. אויב עמעצער האָט גייענדיק פאַרנאַכט פון דער אַרבעט, אויף זיך געשלעפּט אַ שטיקל האָלץ, וואָס ער האָט ערגעץ געקריגן, האָט מען עס ביי אים אַממיינסטן צוגענומען און ער האָט נאָך באַקומען געשלאָגן. זעלטן ווען ביים געטאָ־טויער פלעגט שטיין אַ בעסערער פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך געלאָזט אונטערקויפן פון יודענראַט, און פלעגט דורכלאָזן אַ פאַרשמאַכטן ייִדן מיט אַ שטיקל האָלץ אויף די פּלייצעס. ווער ס'האָט געהאַט אַריינגעבראַכט מעבל אין געטאָ האָט געהייצט מיט דעם מעבל. אַנדערע האָבן ריזיקירט און בייַנאַכט געריסן שטיקלעך האָלץ פון די דעכער און שטאַלן און מיט דעם געהייצט. נאָך דעם אַלעמען האָבן די ייִדן גוט געפראָרן אין זייערע הייזער.

עס איז אויך נישט געווען קיין באַלייכטונג אין געטאָ. די עלעקטריק האָט מען אויסגעשלאָסן, קיין נאַפט איז בכלל נישט געווען צו קריגן און די ייִדן זענען אַממיינסטן געזעסן אין דער פינצטער. גאַנץ טראַגיש איז געווען דער מצב אין יענע הייזער, ווו ס'האָבן זיך געפונען קראַנקע.

דער סאַניטאַרער צושטאַנד איז, טראָץ דער גרויסער ענגשאַפט און שרעק־לעכע באַדינגונגען בכלל, געווען אַ דערטרעגלעכער. די ייִדישע ד"רים זענען גע־שטאַנען שטרענג אויף דער וואַך. כדי אויפצוהאַלטן די ריינקייט אין געטאָ און אויף איינצוהאַלטן דעם געזונט־צושטאַנד פון די ייִדן, האָבן זיך שטאַרק מקריב געווען די ד"רים ראַיאַק העלענע, כאַוועס משה, האַראַדישץ, שוואַרץ, ווי אויך די קראַנקנשוועסטערס — ראַפּאַפּאָרט רחל, זינגער מירע א"אַ. כמעט אַלע טאָג פלעגן זיי אַרומגיין אין געטאָ איבער די הייזער און פירן צווישן די ייִדן אַן אויפֿ־קלערונג־אַרבעט וועגן דער וויכטיקייט אָפּצוהיטן אַבסאָלוטע ריינקייט אין גע־טאָ, וועגן דער געפאַר וואָס דראָעט אַלעמען מצד די דייטשן, אויב איינער אַפילו זאָל קראַנק ווערן אויף אַ וועלכער עס איז קלעפּיקער קראַנקייט (די דייטשן פלעגן אויסמאָרדן גאַנצע קהילות אויב עס פלעגט פון דאָרט ווער עס איז קראַנק ווערן אויף אַ קלעפּיקער קראַנקייט), נישט צו געבן דעם שונא אַ פּרעטעקסט צו שיסן ייִדן.

אין די הייזער, ווו ס׳זענען פאַרבליבן עלטערע מענער, פרויען פלעגן זיי בעת די ייִנגערע פלעגן אַוועק אַרבעט, וואַשן די דילן, רייניקן אַרום די הייזער. גראָבן טיפע גריבער אויף אָפּצוגיסן דעם שמוץ. קלאָזעטן איז אין געטאָ געווען מער ווי דירות און פאַר זייער ריינקייט האָט מען זיך שטאַרק געזאָרגט.

מעדיצינישע הילף פאַר די ייִדן אין געטאָ האָבן געבראַכט די דערמאָנטע 4 ייִדישע ד״רים. אַ סך ערגער איז געווען די לאַגע מיט רפואות, וועלכע מען האָט אין די שטאָטישע אַפּטייקן נישט געקענט באַקומען אויף די רעצעפּטן פון די ייִדישע ד״רים. די קריסטלעכע ד״רים איז געווען פאַרבאָטן צו היילן ייִדישע חולאים, פּונקט אַזוי ווי ייִדישע ד״רים איז געווען פאַרבאָטן אויפצונעמען קריסט־לעכע קראַנקע. דאָס איינציקע גליק איז געווען, וואָס די ייִדישע אַפּטייקערס און דאָקטוירים האָבן אַ ביסל רפואות אַריינגעשמוגלט אין געטאָ בעתן אַריינ־קלייבן זיך. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט ווייט נישט דערפילט די פאָ־דערונגען אויף די רפואות, אין וועלכע די ייִדן האָבן זיך געניייטיקט אין געטאָ.

אין אַ געוויסער צייט אַרום, אַז די ייִדן האָבן זיך „איינגעאָרדנט און צוגע־וווינט״ צו די נייע לעבן־באַדינגונגען, איז אין געטאָ געשאַפן געוואָרן אַ שפּיטאָל מיט אַן אַמבולאַטאָריע. דאָס איז אויך געווען אַ דאַנק דער קרבנות־גרייטקייט פון די דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטער. עס מוז דאָ דערמאָנט ווערן, אַז אַפילו דייטשן און זייער פּאָליציי פלעגן זיך בסוד ווענדן נאָך מעדיצינישע עצות צו די ייִדישע דאָקטוירים.

פון די באַגרעניצונגען צו געניסן פון ייִדישע מעדיצינישע הילף האָבן נישט וויי־ניק געליטן אויך קריסטן. זיי האָבן צו די ייִדישע דאָקטוירים געהאַט מער צוטרוי און ליבערשט געוואָלט זיך ביי זיי היילן. אַ געוויסע קאַטעגאָריע קריסטן, וועלכע זענען צו די ייִדישע דאָקטוירים געווען שטאַרק צוגעוווינט פון לאַנגע יאָרן, האָבן איצט, נאָכן פאַרבאָט ביי זיי זיך צו היילן, שטאַרק געליטן פון דעם. אין די ערשטע צייטן פלעגן נאָך אַזעלכע קראַנקע, אין אינדיווידועלע פאַלן, מיט גרויס מי און מאַטערניש, אַרויסקריגן ביי די דייטשן אַ דערלויבעניש אָנצוגיין מיט דער קוראַציע ביי אַ ייִדישן דאָקטער. שפּעטער האָט מען אַזעלכע דערלוי־בענישן בשום אופן נישט אַרויסגעגעבן. דאָך האָבן די ייִדישע דאָקטוירים געהיים געדינט זייערע אַלטע קריסטלעכע פּאַציענטן מיט עצות, ווי ווייט נאָר עס פלעגט זיך לאָזן. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס ריזיקע און עס האָט זיך צו דעם געפאָדערט גרויס פאַרזיכטיקייט און פלינקייט.

די קריסטן האָבן זיך אין די אַפּטייקן נישט געטאָרט ווייזן מיט די רעצעפּטן פון די ייִדישע דאָקטוירים. פאַר אַ גוטן אָפּצאָל פלעגט זיי דער אַפּטייקער אַרויס־געבן די באַטרעפנדיקע רפואה, נישט אָפּנעמענדיק דעם רעצעפּט. דאָס האָט נאָר געקענט געשען מיט גוטע באַקאַנטע.

אין שטאָטישן שפּיטאָל האָט, די ערשטע צייטן פון דער אָקופּאַציע, געאַר־בעט דער יונגער ייִדישער כירורג ד״ר נחום לקח. ער איז געווען זייער אַ גוטער

פּאַכמאַן, אַ ספּעציאַליסט און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אים פאַרבייטן. ער האָט דאָרט אַ סך געליטן, ווייל די באַציִונג צו אים איז געווען אַזוי ווי צו אַלע ייִדן. די קריסטלעכע מאַסע האָט אים שטאַרק ליב געהאַט און די דאָרפישע פויערים פלעגן אים ברענגען שפּייז־פּראָדוקטן, וועלכע ער האָט, לויטן דייטשן געזעץ, נישט געטאָרט נוצן. אין 2 חדשים אַרום האָט מען אים דאָך באַזייטיקט, נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס קיין אַנדערער אויף זיין אָרט איז נישט געווען און דער שפּיטאָל איז פאַרבליבן אָן אַ כירורג. ד״ר לקח האָבן די דייטשן שפּע־טער אַוועקגעשיקט אין אַ שפּיטאָל אין לוזשקי און פון דאָרט איז ער אַנטלאָפן אין פּאַרטיזאַנקע.

מחוץ דער געטאָ איז די ייִדן געווען פאַרבאָטן אַרויסצוגיין. אויף דער אַרבעט פלעגט מען אין די ערשטע צייטן גיין פריי. יעדער האָט זיך בלויז געדאַרפט מעלדן אויף זיין באַשטימטן אַרבעט־פּלאַץ אַלע אינדערפרי. מיט דעם האָט אָנ־געפירט דער יודענראַט און די ייִדישע פּאָליציי. שפּעטער איז געקומען אַ באַפעל, אַז איינציקווייז אויף אַרבעט טאָרן די ייִדן נישט גיין. זיי מוזן גיין אין גרעסערע גרופּעס, אין קאָלאָנען. אייגער צום צווייטן דאַרף זיך האַלטן נאָענט, ריידן בעתן גיין איז פאַרבאָטן, מען טאָר נישט ווענדן די בליקן אָן אַ זייט און נאָך אַזעלכע „תקנות״. האָט עמעצער עובר געווען און איז געגאַנגען צו דער אַרבעט אָדער פון דער אַרבעט אַליין, האָט מען אים פאַרהאַלטן, אָפּגעפירט אין באַראַק און ווי אַ „פאַרברעכער״ דערשאָסן.

אַלע טאָג, 6 אינדערפרי, פלעגן זיך אַלע ייִדן מוזן שטעלן ביים יודענראַט, פון וואַנען מען האָט זיי אונטער אַ פּאָליצייאישער וואַך אָפּגעפירט צו די באַ־שטימטע אַרבעט־פּונקטן. אויך האָט די דייטשע פּאָליציי שטרענג אַכטונג גע־געבן, אַז אין געטאָ זאָלן נישט אַריינגעשמוגלט ווערן קיין שום פּראָדוקטן. ווען די ייִדן פלעגן פאַרנאַכט זיך אומקערן פון דער אַרבעט, פלעגט די פּאָליציי ביים געטאָ־טויער אַלעמען רעווידירן און אויב זיי פלעגן ביי וועמען עס איז כאַפּן אַ פלעשל מילך, אַ שטיקל פּוטער, אַ פּאָר אייער, פיש, אַ ביסל מעל, יאַגאַדעס אאַז״וו, איז דער „פאַרברעכער״ גלייך אָפּגעפירט געוואָרן אין דער פּאָליציי פון וואַנען ער פלעגט זיך שוין קיין מאָל נישט אומקערן...

די צאָל קרבנות צוליב אַזעלכע באַשולדיקונגען פלעגן זיין גאַנץ היפּשע. זייער זעלטן ווען עס פלעגט זיך זיינעם איינגעבן זיך אויסצוקויפן פאַר אַ גאָל־דענעם זייגער, פאַר אַ בריליאַנט, אָדער אַ גרויסע סומע מזומנים. דאָס איז מעג־לעך געווען בלויז דעמאָלט ווען עס איז אין ׳דעם געווען פאַרמישט בלויז איין פּאָליציאַנט און אים האָט געלוינט דער „עסק״... ד״ה, אויב מען זאָל דעם גע־כאַפּטן ייִדן שיסן, וועט ער זיך דאָך דאַרפן זיין ירושה טיילן מיט נאָך חברים. ממילא האָט אים געלוינט צוצונעמען אַלץ ביי דעם ייִדן און אָפּלאָזן אים אַ לעבעדיקן (ביי דוד חזן פון שאַרקאַוושטשיזנע האָט מען בעת זיין אַריינגיין אין

געטאָ געפּונען אין די הויזן 2 בוריקעס מיט אַ רעטעך. ער האָט זיך אויסגעקויפט פאַר אַ גרעסערער סומע און מען האָט אים אין יענעם מאָמענט אָפּגעלאָזט).

די וואָס האָבן קיין כופר־נפש, קיין טייערן חפץ, קיין געלט ביי זיך נישט פאַרמאָגט, האָבן אַפילו האָפן נישט געקענט אויף שאַנסן צו בלייבן לעבן. בכלל איז פאַר דער פּאָליציי געווען אַ שאַנס צוצושטעלן וואָס מער ייִדן צום דערשיסן. אַנדערע פּאָליציאַנטן האָבן געהאָט דעם חשבון, אַז סיי־ווי־סיי וועט דאָך אַלץ וואָס דער ייִד פאַרמאָגט ביי זיך אים געהערן, איז צו וואָס דאַרפן זיי אים נאָך לאָזן לעבן...

נישט קוקנדיק אויף די אַלע נגישות, אויף אַזעלכע באַגרענעצונגען, אויף די קרבנות, האָט זיך קיין שטאַרקער הונגער אין געטאָ נישט געשפּירט. מענטשן האָבן ריזיקירט און פּראָדוקטן האָט מען אַריינגעבראַכט פאַר יעדן פּרייז. אויך פלעגן די דאָרפישע פּויערים ברענגען פּראָדוקטן: קאַרטאָפל, מילך, מעל, אַר־בעס, גרויפּן א״אַ. אין די וואַרשטאַטן, וואָס האָבן זיך געפונען מחוץ דער געטאָ, ווו עס האָבן געאַרבעט בלויז ייִדן און דאָרט דאָס איבערלאָזן. עס איז אויך געווען אַ פאַל, אַז אַן אַריערין האָט אָנגעטון די ייִדישע צייכנס (געלע מגן דודס), איז אַרייַן אין געטאָ און געבראַכט פּראָדוקטן צו אירע באַקאַנטע — (באָטווינִיק פון דאקשיץ).

ביזן אַרומצאַמען די געטאָ פלעגן פיל קריסטן פאַר אַ גוטן אָפּצאָל צושטעלן פּראָדוקטן. נאַטירלעך, אַז אַלץ איז געטון געוואָרן געהיים און גענוג פּאָרזיכטיק. די קריסטן־שכנים פלעגן אַריינשטעלן ביינאַכט אין גראָז אין אַ באַשטימטן ווינקל אַ פלאַש מילך, אַ שטיקל פּוטער אאַז״וו און דער ייִד פלעגט קומען שטילערהייט און עס צונעמען. מיר, למשל, ווינענדיק אין שכנות מיט דער קריסטלעכער משפּחה שעבעקאַ (פון דער צווייטער זייט געטאָ), האָבן אַלע טאָג באַקומען אַ פלאַש מילך פאַר אונדזער קראַנקער מוטער. דורך אונדז פלעגט אויך איבערגעבן פּראָדוקטן איינער גרישקעוויטש פאַר דער משפּחה פון לייזער גיטעלזאָן און פאַרן שניידער שמש. דער קריסט פלעגט אין אונדזער הויף פאַרטאָג, אָדער אין זונטיק, איבערן צוים אריינוואַרפן קאַרטאָפל, קרויט א״אַ און יענע פלעגן עס ביי אונדז שפּעטער אָפּנעמען.

אין גרעסטן טייל אָבער פלעגן די קריסטן צונעמען ביי די ייִדן זייערע זאַכן פאַר צושטעלן פּראָדוקטן און זיי האָבן זיי אויסגענאַרט, די געוויסנלאָזע קריסטן האָבן די ייִדן קיין זאַך נישט געגעבן. די ייִדן האָבן אַפילו מורא געהאַט שפּעטער צו דערמאָנען די קריסטן פון דעם. זיי האָבן נאָך מורא געהאַט, אַז צוליב די אָפּגעגעבענע זאַכן זאָלן יענע קריסטן נישט וועלן פון זיי וואָס גיכער פּטור ווערן. דאָס איז דעמאָלט געווען איינע פון די לייכטסטע זאַכן... די ייִדישע פאַרמעגנס האָבן נישט זעלטן גורם געווען פאַר זיי אַ שנעלערן טויט, מחמת די אָרטיקע קריסטן האָבן עפּ״י רוב געוווּסט ווער עס זענען די פאַרמעגלעכע ייִדן און ביי יענע פלעגן זיי תמיד זוכן, ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען זייערע זאַכן, זייע־

רע פאַרמעגנס, צוזאָגנדיק זיי הילף און רעטונג אין דער עת צרה. אָבער, ווי געזאָגט, האָט דאָס יענע ייִדן אין גרעסטן טייל דערנעענטערט זייער אומגליק. דער גרעסטער טייל פון אַזעלכע רויבער זענען צו די אומגליקלעכע, שוצלאָזע ייִדן צוגעטראָטן מיט רמאות און בעת מען טרינקט זיך כאַפּט מען זיך אַפילו פּאָר אַ מעסער. די ייִדן זענען געווען באין ברירה. זיי האָבן פּרובירט. אפשר! אפשר וועט איוואַן, סטעפּאַן, אָדער פראַנעק זיין אָרנטלעך און נישט וועלן זיי אומברענגען, כדי אָפּצוירשענען אים באַצייטנס, כדי צו פאַרבלייבן ביי זייערע פאַרמעגנס.

אָבער אומזיסט. די פאַרדאָרבנקייט פון די היגע קריסטן איז געווען גענוג גרויס. זיי פלעגן זיך סטאַרען אָפּצוראַמען פון וועג יענע ייִדן, וועלכע האָבן ביי זיי איבערגעלאָזט זייערע זאַכן...

אַזוי, למשל, האָט לאבאנאק אָפּגעירשנט דעם אינזשעניער מאַקס אסטראָוו־סקי, וועלכן מען האָט, אַ דאַנק זיין דענונציע, דערשאָסן; פּיליפּאַק האָט אָפּגע־ירשנט טרייסטערס זאַכן אאַז״וו.

עס פלעגט טרעפן, אַז די ייִדן פלעגן זיך אומקערן אין געטאָ אָן די אוי־בערשטע זאַכן און באָרוועס אָן שוכוואַרג. בעת דער אַרבעט אָדער ביים טויער פון געטאָ פלעגן די פּאָליציאַנטן זיי אויסטון און ווער שמועסט נאָך, ווען עמע־צער האָט מיט זיך גענאַט געלט, אָדער אַ חפץ פלעגט עס זיכער ווערן צוגערויבט און דער אייגנטימער פון דעם פלעגט עפ״י רוב דערשאָסן ווערן.

עס איז קלאָר געוואָרן, אַז ייִדיש לעבן איז דורכויס הפקר. עס גייט שוין נישט אין בגדים, אין עסן, אין פאַרמעגן. די פראַגע איז פיל ערנסטער: ווי אַזוי מיידט מען אויס אַ פיזישע פאַרניכטונג, אַ כליון חרוץ, אַן אַלגעמיינע אויסראָ־טונג? די גלובאָקער ייִדן האָבן געטראַכט, אַז אפשר וועט מען קענען אויסמיידן דאָס אומברענגען זיי מיט דעם, וואָס זיי וועלן ווערן נוציקע עלעמענטן, זיי וועלן ווערן פּראָדוקטיוו, דער שונא וועט פון זיי נוצן האָבן און צוליב דעם וועט ער זיי לאָזן לעבן.

די ייִדן האָבן גענומען שאַפן אין גלובאָק פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, וואַרשטאַטן לטובת די דייטשן. זיי האָבן געשאַפן אַ גרויסע לעדער־פאַבריק, מעכאַנישע וואַרשטאַטן, שטריק־אויסאַרבעטונג, פעלצן־נייעריי, שוסטערייען, שניידערייען, סטאָלערייען, באַרשטן־מאַכעריי, קאַמען־מאַכעריי, רעדער־מאַכעריי, שטריקערייען פון סוועטערס, זאָקן און הענטשיקעס, היטל־מאַכערייען, וואָליקעס־אויסאַרבעטונג, שוכשמירעריי וואַרשטאַטן, שפּינערייען, וואָל־ריניקונג, קאָנ־פעקטן־פאַבריק, מאַרמעלאַד־פאַבריק, שטעפּערייען א״אַ. אין אַ קורצער צייט האָבן די ייִדן פאַרוואַנדלט גלובאָק אין אַן אמתער פאַבריק־שטאָט. דאָס אַלץ האָט די דייטשן געבראַכט אומגעהייער גרויסע נוצן.

די ייִדן פלעגן אַלע אינדערפרי איילן אין די דערמאָנטע אונטערנעמונגען צו דער „הייליקער" אַרבעט. אַלע אינדערפרי פלעגן פון יודענראַט אָפּמאַרשירן

קאָלאָנעס אַרבעטער אונטער אַ פּאָליציי־וואַך ווי אַרעסטירטע. פאַרנאַכט פלעגן זיי זיך אומקערן מידע, הונגעריקע, צעחושכטע, נידערגעשלאָגענע צו זייערע קאַלטע, פינצטערע היימען.

זייער אָפט פלעגט ביים געטאָ־טויער אָפּוואַרטן אַ דייטש און אַוועקנעמען פאַרנאַכט די פאַרמאַטערטע, אויסגעפייניקטע ייִדן אויף עפּעס אַ פרישער אַר־בעט און אָפּהאַלטן זיי ביז שפּעט אין דער נאַכט. אינדערהיים פלעגט מען שוין נישט וויסן וואָס איבערצוקלערן. מען האָט געמיינט, אַז ער וועט שוין בכלל מער נישט צוריקקערן זיך. עס האָט נישט געהערט צו די זעלטענע פאַלן, עמע־צער זאָל זיך פון דער אַרבעט נישט אומקערן אַהיים.

עס פלעגט פאַסירן, אַז מען האָט בכלל אָן קיין שום סיבות פאַרהאַלטן ביים געטאָ־טויער בעתן אומקערן זיך פון דער אַרבעט. דער גורל פון אַזוינע פאַר־האַלטענע איז געווען באַוווּסט. — צווישן די לעבעדיקע פלעגט מען שוין יענע נישט טרעפן...

קיין משפּט, קיין אויספאָרשונג, קיין אויפקלערונג האָט פאַר ייִדן נישט עקסיסטירט. מען פלעגט צונויפנעמען אַ גרופּע און אָפּשיקן קיין באַראַק...

## דייטשער אָפיציר בעממאַ—לייטער פון דעם גרויסן שלאַכט־הויז אין גלובאָק

כדי צו באַקומען עפּעס אַ פאָרשטעלונג ווי ווייט די ייִדן זענען געוואָרן פאַרשקלאַפט, אין וואָס פאַר אַן אָפּגרונט זיי זענען אַריינגעפאַלן, ווי ווייט זיי זענען געוואָרן הפקר און יעדער דייטש האָט מיט זיי געטון כטוב וכישר בעיניו, וועלן מיר מקדיש זיין עטלעכע שורות אויף אַ טיפּ פון אַ דייטשן אָפיציר מיטן נאָמען בעממא, אויף וועמענס חשבון עס דאַרפן פאַרצייכנט ווערן אַ סך ייִדישע קרבנות.

שוין מיט זיין אויסערלעכקייט אַליין, מיטן אופן גיין, מיט זיינע באַוועגונגען פלעגט דער דייטש אויף אַלעמען אָנוואַרפן אַ שרעק — ער איז געווען אַ מענטש פון מיטעלער וווּקס, דער אויסדרוק פון פּנים — אַ חיהשער, די נאָז פאַרדרייט אויף אַרויף, די האָר העלע, די אויגן שאַרפע, כיטרע און מיט זיין שאַרפן בליק האָט ער יעדערן ווי דורכנעמען, פּשוט איינגעשלונגען. זיין גאַנג, זיינע באַווע־גונגען, זיינע וואַרפנדיקע, אין אַלע זייטן, שאַרפע בליקן פון אונטער די גרויסע ברעמען זענען געווען ענלעך צו די באַוועגונגען פון אַ חיה רעה, וועלכע זוכט און לויערט אויף אַ קרבן. דערצו פלעגט ער תמיד דרייען און אונטערשמייסן מיט זיין שפּיצרוט, געשפּילט זיך מיטן רעוואָלווער און לויפן, לויפן, ווי אַ פאַר־סמטער. צו זיינע קנעכט, צו די ייִדן, האָט ער קיין מאָל נישט גערעדט רויִק, געלאַסן. ער האָט כסדר געשריגן, געקרעכצט, געזידלט זיך ברוטאַל מיט די

נידעריקסטע ווערטער, מיט די העסלעכסטע אויסדריקן און בעת מעשה אויס־געשטעקט דעם רעוואָלווער; ער האָט געגעבן צו פילן, אַז ער איז דער מושל, דורכויס דער הערשער מיט אַן אומבאַגרענעצטער מאַכט און קען אַפילו דער־שיסן. פאַרשטענדלעך, אַז יעדערן האָט אָנגענומען אַ פחד צו טרעפן זיך מיט אָט דער ווילדער באַשעפעניש. אַזאַ טיפּ, אַזאַ פינצטערן כוח האָט געקענט באַ־שאַפן בלויז די נאַצי־שול אין דייטשלאַנד, וועלכע „באַפרייט דעם מענטשן פון געוויסן און פון מאָראַלישן דענקען".

די ערשטע אַרבעט פון דעם דאָזיקן אָפיציר איז געווען דאָס דערשיסן דעם 35־יעריקן אייזיק גאָרדאָן — אַ ייִד אַ בעל־משפחה, — וועלכער האָט געאַרבעט ביי אים אין באַינע, אין שלאַכט־הויז.

אין אַ פרימאָרגן — אין דעצעמבער 1941 — איז בעממא צוגעגאַנגען צו גאָרדאָנען און, אין דער אָנוועזנהייט פון פיל ייִדן — אַרבעטער, האָט ער אָן שום טענות און מענות אַרויסגעצויגן דעם רעוואָלווער און אויסגעשאָסן 2 מאָל אין גאָרדאָנען, אַוועקלייגנדיק אים טויט אויף אָן אָרט. געטון האָט ער דאָס בלויז צוליב זיין הנאה וועגן. ער האָט קוקנדיק אויפן הרוג 'געשמייכלט, האָט געהייסן אלי בלאכס עלטערן זון זאָגן קדיש נאָכן געשאָסענעם און מיט אַ צו־פרידענעם פּנים אַוועקגעגאַנגען עסן פרישטיק...

די ידיעה וועגן דעם מאָרד האָט זיך בליץ־שנעל פאַנאַנדערגעטראָגן איבערן שטאָט און האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ שרעקלעכן רושם.

שפּעטער איז שוין בעממא געוואָרן פּאָפּולער... אַלע האָבן שוין געוווּסט וועגן דעם מענטשן־פרעסער, וועלכער לעכצט נאָך מענטשלעך בלוט, נאָך מענטשלעכע קרבנות.

עס האָט שוין ביי קיינעם נישט אַרויסגערופן קיין וווּנדער זיין פייניקן ייִדן בעת דער אַרבעט, זיין שלאָגן, שמייסן און שיסן אָן אַ שום סיבה.

איינע אַ גלובאָקער קריסטן גאַלינסקאַ, אַ טאָכטער פון געוועזענעם פּאָסט־באַאַמטן מאַרצינקעוויטש, דערציילט, אַז זי האָט אַליין געזען, ווי דער צוויל־דעוועטער דייטש בעממא האָט איינמאָל געכאַפּט דעם 18־יעריקן בחור י. גימעל־זאָן, געוואָרפן אים אויף דער ערד, געשלאָגן מיטן שטיוול און געטראָטן אויף אים. גיטעלזאָן האָט געשריגן, געבעטן זיך, געוויינט, געזאָגט, אַז ער וועט אים אַלץ טון, אַבי ער זאָל אים נאָר אָפּלאָזן. אָפּגעלאָזט האָט ער אים ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט אונטער זיינע קלעפּ געחלשט. אַ צעקאַליטשעטן, מיט אַ צעבראָ־כענער האַנט האָט מען גיטעלזאָנען אַוועקגעטראָגן אַ היים. ער איז געבליבן ליגן צו בעט ביז דער ליקווידאַציע פון גלובאָקער געטאָ אין אויגוסט 1943.

בעממא איז געווען דער שרעק פון די ייִדן. זיין נאָמען האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַן אימה. „בעממא איז אין געטאָ", — „בעממא כאַפּט ייִדן" — פלעגן קינדער צעשראָקן און פאַרסאָפּעט אָנזאָגן די עלטערן, אַז זיי זאָלן זיך באַהאַלטן. שכנים פלעגן לויפן אָנזאָגן, אַז די שלאַנג קריכט איבערן געטאָ, און

אַלע פלעגן לויפן באַהאַלטן זיך. על פּי רוב פלעגט ער אַריינקומען אין געטאָ „ווײַלן זיך" אין די פאַרנאַכט־שעהן. די ייִדן, וואָס ער פלעגט באַגעגענען, פלעגט ער טרייבן אויף זיין אויטאָ. כאַפּן פלעגט ער אַלעמען אָן אונטערשייד — מענער, פרויען, זקנים און קינדער בּכלומרשט אויף אַרבעט, וועלכע איז אינגאַנצן נישט געווען. ער האָט עס נאָר געדאַרפט האָבן כדי זיך לוסטיק מאַכן, מיט וועמען צו שפּילן זיך... ער פלעגט די ייִדן הייסן זינגען, טאַנצן, קייקלען זיך, מאַכן פאַרשיידענע העויות אד"גל. ער פלעגט צווינגען עלטערע מענטשן שפּרינגען פון דעם אויטאָ אין גאַנג און אויב די שוואַכע, אַלטע מענטשן האָבן נישט געוואַגט צו שפּרינגען פון אויטאָ — דאָס איז געווען פאַרבונדן, אויב נישט מיט אַ זיכערן טויט, איז מיט אַ געוויסע שעדיקונג פון קערפּער — פלעגט זיי בעממא שלאָגן מיט אַ שטעקן איבער די פּיס, אָדער שמייסן מיט אַ דיקן גומענעם קאַנטשיק און פרייען זיך מיט זיין נייער דערפינדונג... די זקנים און זקנות פלעגן וויינען, אַז שטיינער האָבן געקענט צערונען ווערן. דעם דייטשן סאַטראַפּ האָט עס נישט גערירט.

שפּעטער האָט דאָס בעממא געמאַכט פאַר זיך פאַר אַ שיינער פּרנסה. די געכאַפּטע דורך אים ייִדן אויף „אַרבעט" פלעגט ער נישט אָפּלאָזן ביז וואַנען זייערע קרובים פלעגן אים נישט אַריינטראָגן אַ סאָלידן כופר־נפש, אַן אויס־לייזונג פאַר זיי. און ווערן אויסגעלייזט פון אַזעלכע בלוטיקע הענט, פון אַזעלכע באַנדיטן, איז נישט געווען קיין געוויינלעכער גליק, צו וועלכן אַלע האָבן זוכה געווען.

דער מערדער בעממא — דער געבילדעטער, קולטורעלער דייטש — איז פאַרבליבן אין זכרון פון די לעבנפאַרבליבענע ייִדן פון גלובאָקער געטאָ, ווי דאָס סאַמע פינצטערסטע געשטאַלט פון אַ בריאה בצורת אָדם.

## די איבערזידלונג פון קרולעוושצינע

אין איינעם אַ פרימאָרגן פון סוף דעצעמבער 1941, איז פלוצלונג געקומען צו די ייִדן אין קרולעוושצינע (14 קילאָמעטער פון גלובאָק), די פּאָליציי מיט פויערישע פורן און געהייסן אין משך פון איין שעה צענויפפּאַקן זייערע זאַכן, די וואַרשטאַט־מכשירים וכדומה, עס אָנלאָדן אויף די פורן און פאַרלאָזן זייער שטעטל. די קרולעוושצינער ייִדן, האָבן געדאַרפט שיידן זיך מיט זייערע ערטער, מיט זייערע וווינונגען, ווו זיי זענען געבוירן געוואָרן, זיך אויסגעהאָדעוועט און אָפּגעלעבט אַ לעבן. און נישט נאָר זיי אַליין, נאָר אויך זייערע עלטערן, זיידעס און עלטער זיידעס. ווער ווייס וויפל דורות דאָ האָבן געלעבט, געאַרבעט און געשאַפן!

וווהין און נאָך וואָס מען פירט זיי האָט מען זיי נישט געזאָגט און דער אומ־דערוואַרטער „סורפּריז" האָט די ייִדן צעקלאַפּט די מוחות. זיי זענען צעטומלט

געוואָרן, נישט וויסנדיק וואָס דאָ קומט פאָר — די קרולעוושצינער ייִדן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געקענט באַגרייפן די גרוילן פון די דייטשן, כאָטש זיי האָבן שוין „עפּעס״ יאָ געהערט, וואָס זיי האָבן געטון מיט ייִדן אין אַ סך אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

אַנדערע האָבן געמיינט, אַז דאָס פירט מען זיי שיסן. זיי האָבן געהערט, אַז אין אייניקע ערטער האָבן די דייטשן מיט אַזאַ צוגאַנג אַרויסגענאַרט די ייִדן און זיי אומגעבראַכט.

אין דעם פאַל איז צום גליק אַזוי נישט געווען. מען האָט זיי נאָר אַרויס־געפירט פון קרולעוושצינע און געבראַכט אין גלובאָקער געטאָ אַריין (אומגעקומען זענען זיי שפּעטער צוזאַמען מיט די גלובאָקער ייִדן).

אויפן וועג האָט מען זיי געמאַטערט, געפּייניקט און געשלאָגן. אין גלובאָק האָט מען זיי מיט זייערע זאַכן פאַרפירט אין דער פּאָליציי. דאָרט האָבן די פּאָלי־ציאַנטן די בעסערע זאַכן פאַר זיך צוגענומען און די ערגערע האָט מען איבער־געטרייסלט, געזוכט באַהאַלטן גאָלד, אָדער ווערטזאַכן. ביי וועמען מען האָט עפּעס געפונען, האָט אים שוין קיין צרות נישט געפעלט.

לסוף האָט מען אַלעמען אַריינגעוואָרפן אין געטאָ, ווו זיי האָבן זיך געפּלאָגט צוזאַמען מיט די גלובאָקער ייִדן. תחילת האָבן זיי זיך געשפּירט גליקלעך, וואָס זיי זענען לעבעדיקע אַרויס פון די מערדערס הענט, שפּעטער אָבער האָט דער גרעסטער טייל פון זיי נישט געהאַט ווו אַהינצוטון זיך, אין געטאָ איז געווען אַזוי ענג, אַז אַריינצונעמען נייע מענטשן איז ביי דער גרעסטער אָנשטרענגונג געווען נישט מעגלעך. עס איז נישט געווען ווו אַ שפּילקע אַריינצושטעקן. גאַנצע טעג זענען זיי אַרומגעלאָפן מיט די מיטגלידער פון יודענראַט זוכן אַן אָרט אונטער אַ דאַך. די משפחות זענען געוואָרן פאַנאַדערגעטיילט, צעשפּליטערט — דער מאַן אויף איין פּלאַץ, די פרוי אויף אַ צווייטן, איין קינד אָפּגעטיילט פון דעם צווייטן אאַז״וו. איינקוואַרטירן צוזאַמען אַ גאַנצע משפחה איז בשום אופן נישט מעגלעך געווען. די קרולעוושצינער ייִדן האָבן דעמאָלט אַלץ אָנגענומען באהבה. זיי האָבן זיך געריכט אויף ערגער און זיי זענען דעריבער געווען צופרידן. דאָס איז אַ זעל־טענער פאַל ווען אין דעם פאַרשקלאַפּטן געטאָ־לעבן, אין דעם פינצטערן קאָש־מאַר האָט זיך געקענט אַריינרייסן אַ שטראַל פון פרייד. אָבער נישט אויף לאַנג. די דייטשן האָבן נישט געלאָזט לאַנג זיך „פרייען״ די ייִדן אין גלובאָקער געטאָ. בלוטיקע עפּיזאָדן האָבן זיך גענומען באַווייזן איינער נאָכן אַנדערן. דער שווערד האָט געהאַנגען איבער די ייִדישע קעפּ.

## דער מאָרד איבער 40 נפשות

אין איינעם אַ פרימאָרגן, סוף דעצעמבער 1941, האָבן זיך איבערן געטאָ פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די פּאָליציי האָט ביינאַכט צוגענומען 40 מענטשן, און

זיי דערמאָרדעט. די סיבה פון עס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, זייער שלעכטע אויפ־פירונג, זיי האָבן אַ סך געשיכורט, געהאַט אויף זיך אַמאָל אַ פּראָצעס אד״גל. און אַזוי ווי ביי די דייטשן זענען ייִדן בכלל געווען הפקר, האָט מען זיי אָן דין, אָן משפט, אָן אויספאָרשונג דערהרגעט. אויך דאָ, ווי אין אַלע אַנדערע הריגות, זענען נעבעך די קליינע, אומשולדיקע קינדערלעך, געפאַלן קרבנות פאַר די „חטאים״ פון זייערע עלטערן און זקנים — פאַר די „פאַרברעכנס״ פון זייערע זין און אייניקלעך...

פאַרגעקומען איז עס אַזוי:

אַזייגער 4 פאַרטאָג איז געקומען פּאָליציי, מיט גרויס גערודער אויפגעריסן די טירן, אויפגעוועקט די מענטשן, אַראָפּגעשלעפּט זיי פון זייערע געלעגערס און באַפוילן מיטצונעמען די קליינע קינדער, אויך זויג־קינדער, און גיין. וואָס און וווהין, האָט מען זיי נישט געזאָגט. די מוטערס, וואָס האָבן געוואָלט מיטנעמען עפּעס צום עסן און טרינקען פאַר זייערע קליינע עופעלעך, האָט די פּאָליציי נישט געלאָזט. זיי האָבן אַפילו נישט געלאָזט זיי אָנטון זיך, ווי געהעריק. מען האָט זיי אָפּגעפירט אין דער פּאָליציי און אין אַ שעה אַרום האָט זיי דער קאָמענדאַנט אי־בערגעלייענט אַ באַפעל פון דער דייטשער ציוויל־מאַכט, אַז זיי, די אַרעסטירטע, ווי אַן עלעמענט „נישט קיין נוצלעכער״, זענען פאַראורטיילט צום טויט. די אומ־גליקלעכע האָבן זיך אָנהייב נישט אָריענטירט, זיי האָבן נישט באַנומען, וואָס דאָ קומט פאַר, וואָס מען וויל פון זיי, פאַרוואָס קומט זיי שיסן?! באַלד אָבער האָבן זיי פאַרשטאַנען זייער לאַגע. זיי האָבן זיך גענומען בעטן, וויינען, שרייען, נאָר עס איז נישט געווען צו וועמען צו ריידן, מיט וועמען איינצוטענהן. אויף זייערע פראַגן האָט זיי די פּאָליציי געענטפערט מיט קלעפּ. מען האָט זיי געשלאָגן מיט קאַנטשיקעס, מיט שטעקנס, מיט קאָלבעס פון די ביקסן. ערשט דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן די באַקאַנטע סצענעס, ווי רייסן אויף זיך די זאַכן, קלאַפּן זיך קעפּ אָן וואַנט און רייסן די האָר, וואַרפן זיך, שליידערן זיך אד״גל. אויך די קליינע קינדער, קוקנדיק אויף די עלטערן, נישט וויסנדיק וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָבן זיך צעוויינט און צעשריגן. לאַנג האָט מען זיי נישט געלאָזט פאַרנעמען זיך מיט זיך. מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין באַראַק און דאָרט דערמאָרדעט. איינע אַ פרוי מיט אירע קינדער האָבן זיך אַוועקגעלייגט אין מיטן וועג אויפן שניי און גע־שריגן, אַז זיי רירן זיך נישט פון אָרט. מען האָט זיי געשלאָגן ביזן פאַרלירן דאָס באַוווסטזיין און געהייסן די איבעריקע טראָגן זיי אויף זיך אין וואַלד. די קליינע קינדער האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אין גרוב לעבעדיקערהייט.

נאָכדעם איז די פּאָליציי געקומען אין די הייזער פון די דערמאָרדעטע, צו־גענומען זייערע זאַכן און דערביי האָבן זיי געפאָרשט ביי די שכנים, ווו עס גע־פינען זיך באַהאַלטענע בעסערע זאַכן פון די הרוגים, גאָלד, זילבער א״אַ.

דעם איינדרוק אין שטאָט פון דער ערשטער מאַסן־הריגה איז זיך לייכט

פּאָרצושטעלן, אָבער די גרויזאַמע געשעענישן יאָגן איינע די צווייטע און די צווייטע איז שרעקלעכער פון דער ערשטער...

## דער גרויסער געלויף פון ווילנע

אין די ווינטער־הדשים 1941־42 האָבן זיך גענומען אָהער דורכרייסן ידי־עות, אַז אין ווילנע מאָרדעט מען די יידן אין די טויזנטער און צענדליקער טויזנ־טער. טייל ווילנער יידן, זעענדיק אַז זיי האָבן במילא נישט וואָס צו פאַרלירן, רייסן זיך אַרויס און לויפן אין די קליינע שטעטלעך, ווו די אויגן טראָגן. אויך קיין גלובאָק זענען דעמאָלט אָנגעקומען אַ ביסל ווילנער יידן. זיי האָבן איבער־געגעבן שוידערלעכע פּרטים פון די ענויים און יסורים, וואָס די יידן האָבן דאָרט אויסצושטיין, ווען די מאַסן־מאָרדן אויף די יידן אַאַז״וו. דאָס אַלץ, האָבן זיי דערציילט, ווערט אָממייסטן אויסגעפירט דורך די ליטווינער און דער ליטווי־שער פּאָליציי. די פּאָליציי־לייט גייען אַרום אין געטאָ איבער די הייזער, זוכן אויס די באַהאַלטענע יידן, שלעפּן זיי פון דאָרט אַרויס און מאָרדן זיי. מען לאָזט איבער גאָר אַזעלכע, וואָס זענען נויטיק די דייטשן פאַר אַרבעט, פון וועמען זיי קענען האָבן גרעסערע נוצן. זיי האָבן אויף דעם ספּעציעלע „שיינען״, אַרויס־געגעבן פון די דייטשן. עס פאַרבלייבן נאָך דערווייל אויך יענע, וועמענס באַ־העלטענישן די ליטווינער קענען נישט געפינען.

אין די ערשטע צייטן פלעגן די ליטווינער אויף אַ געניטן ראַפינירטן אופן אויסגעפינען די באַהאַלטענע יידן. ווען זיי פלעגן אַריינקומען אין אַ יידישער וווינונג און דאָרט קיינעם נישט טרעפן, פלעגן די ליטווינער פאַרבלייבן זיצן שטילערהייט אין הויז און צוהערן זיך צו יעדער שאָרך, צו יעדער באַוועגונג. די יידן, זיצנדיק אַ לענגערע צייט אין זייער בונקער אין דער איינגעמויערטער וואַנט אָדער אין אַן אַנדער אָרט און, זעענדיק, אַז אין שטוב איז „רויק״, פלעגן מיינען, אַז קיינער איז שוין דאָרט נישטאָ און אָנהויבן שטילערהייט שמועסן צווישן זיך, באַוועגן זיך. דאָס פלעגט זיין גענוג, אַז די מערדער זאָלן אַנטדעקן זייערע באַהעלטענישן. די ליטווינער פלעגן אָפט פאַרבלייבן גאַנצע נעכט זיצן אין די יידישע הייזער, זיצן שטיל, אומבאַוועגלעך, כדי אַריינצוכאַפּן די יידן אין זייער נעץ.

נישט זעלטן פלעגן קליינע קינדער מיט זייערע געוויינען, ניסן, הוסטן „פאַרמסרן״ די „סכראָנען״, ווו די יידן זענען געזעסן. די ליטווינער פלעגן אויפ־דעקן די באַהעלטענישן פון די יידן און זיי פלעגן שוין פון די ליטווינער נישט ניצול ווערן. עס פלעגן פאָרקומען שוידערלעכע זאַכן פון דערשטיקן קינדער, כדי זיי זאָלן נישט וויינען. אין געוויסע פאַלן האָבן דאָס אויסגעפילט מוטערס מיט די אייגענע הענט.

די ווילנער פּליטים זענען געלאָפן אָהער ראַטעווען זייערע לעבנס. דאָס איז אָבער געווען אַן אילוזיע. זיי האָבן דאָ אַ ביסל שפּעטער געפונען זייער טויט.

היטלערס תלינים האָבן דאָ נישט ווייניקער געבושעוועט ווי אין ווילנע. די פּליטים זענען געווען עלנט. זייערע משפּחות האָבן זיי שוין געהאַט פאַרלאָרן אין ווילנע. מענער זענען געלאָפן נאָך דעם דערמאָרדן זייערע פרויען און קינדער און זין און טעכטער זענען געלאָפן נאָכן דערשיסן עלטערן אאַז״וו.

אויך האָט מען אַהער מיטגעבראַכט פון ווילנע דאָס אייניקל פון הרב כ״ץ נאָכן אומברענגען דאָרט אירע עלטערן הרב הלל זאַלמאַנאָוויטש און פרוי (הרב כ״צס איידעם און טאָכטער).

אין יענער צייט איז מען אויך געלאָפן פון סווענציאַן, וועלכע האָט געהערט צו ליטע און די ליטווינער האָבן דאָרט געבושעוועט איבער די ייִדן. באַלד ווי די דייטשן זענען אַהין אַריין, האָבן די סווענציאַנער פּליטים דערציילט, האָט מען געכאַפּט 100 ייִדן, זאָגנדיק, אַז דאָס נעמט מען זיי אויף אַרבעט און מען האָט זיי אָפּגעפירט הינטערן שטאָט און דערשאָסן. אַזוי האָט מען שוין כסדר נאָכדעם יעדן טאָג פאַרהאַלטן ייִדן און געשאָסן.

דריי חדשים נאָך דעם פאַרנעמען סווענציאַן האָבן די דייטשן צענויפגעזאַמלט אַלע ייִדן פון אַלט און ניי־סווענציאַן, פון האידוציאַן, סטאַיאַציאָן, איגנאַלינע, פּאָדבראָדז א״אַ, צוזאַמען ביי 8.000 נפשות און אַוועקגעפירט אין פּאָליגאָן, 15 קילאָמעטער פון שטאָט, וווּ מען האָט פאַר זיי געמאַכט אַ לאַגער. אויפן וועג האָט מען זיך איבער די גולים איזדיקעוועט. זקנים, פרויען און קליינע קינדער האָבן זיך געשלעפּט מיט זייערע קלומקעלעך אויף די פּלייצעס און, אויב עמעצער איז עטוואָס אָפּגעשטאַנען פלעגט אים די פּאָליציי שלאָגן איבערן קאָפּ, אַרויסרייסן דאָס פּעקל און אַוועקשליידערן אויפן וועג.

דער לאַגער אין פּאָליגאָן איז געווען געדיכט אַרומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט, שטרענג באַוואַכט דורך באוואָפנטע ליטווינער, אַזוי אַז ראַטעווען זיך פון דאָרט איז געווען אוממעגלעך. עסן האָט מען נישט געגעבן, קיין וואַסער צום טרינקען איז אויך נישט געווען. די 8.000 ייִדן האָט מען דאָרט געמאַטערט אין משך פון 12 טעג. דערנאָך האָט מען אַלעמען אַרויסגעפירט, כלומרשט, אויף אַרבעט און דערשאָסן. געשען איז עס דעם 9טן אָקטאָבער 1941. געראַטעוועט האָבן זיך אייניקע, צווישן זיי די משפּחה פון נחום זינגער פון גלובאָק. פון אַלע ייִדן אין סווענציאַן האָבן די ליטווינער איבערגעלאָזט פאַר זיך בלויז 15 נויטיקע ספּעציאַליסטן: שוסטער, שניידער, מעכאַניקער א״אַ.

גענויער וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע פון סווענציאַנער ייִדן, אין „חורבן סווענציאַן״.

אין גלובאָק האָט מען נאָך דעמאָלט געמיינט, אַז מאַסן־מאָרדן אין אַזאַ ברייטן פאַרנעם קומען פאָר נאָר אין ווילנע צוליב די ליטווינער, וועלכע זענען גרויסע אַנטיסעמיטן. דאָ, אין ווייסרוסלאַנד, ווו דער אַנטיסעמיטיזם איז „מילדער״ וועט עס אַזוי ווייט נישט דערגיין.

## מאַסן־מאָרדן אין די אַרומיקע שטעטלעך

אין יאַנואַר 1942, אָדער עטוואָס שפּעטער, האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז אין די אַרומיקע שטעטלעך, ווי פּראַזאַראַק, פּליסטע, יאַד, גער־מאַנאָוויטש, האַלוויטש, דאָרף שיפּי (דאָרט האָבן געוווינט יידן) א״אַ, מאָרדעט מען אויס די יידן מאַסנווייז און זעלטן ווען איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון דאָרט.

דאָ איז שוין קלאָר געוואָרן, אַז די לאַגע פון די יידן אין ווייסרוסלאַנד זעט נישט אויס צו זיין בעסער ווי די לאַגע אין ליטע און די ווייסרוסן זענען נישט בעסער פאַר די ליטווינער. אויך דאָ געפינען זיך גענוג אָרטיקע אַנטיסעמיטן וואָס העלפן מיט די דייטשן אין זייער דיסקרימינאַציע לגבי די יידן.

די איינצלנע פּליטים, וואָס האָבן זיך געהאַט אַהער דורכגעריסן פון יענע שטעטלעך האָבן דעמאָלט איבערגעגעבן שוידערלעכע פּרטים, וואָס די דייטשן מיט זייערע מיטהעלפער האָבן געטון מיט די יידן. מען האָט נישט בלויז גע־שאָסן, נאָר מען האָט מענטשן פאַרפּייניקט אין די שרעקלעכסטע יסורים. מען האָט אָפּגעשניטן הענט, פיס, פינגער, אויסגעפּאָרקעט אויגן, געריסן ציינער א״אַ. די קרבנות זענען אָפּגעגאַנגען מיט בלוט און האָבן זיך לאַנג געמאַטערט ביז זיי האָבן געקראָגע דעם גענאַרטן טויט. אַנדערע פּליטים זענען געווען אַזוי צו־טומלט, אין אַזאַ צעקלאַפּטן פּסיכישן צושטאַנד, אַז מיט זייערע שטומע, בלאָנד־זשענדיקע בליקן, האָבן זיי זיך כסדר „ווילד״ אַרומגעקוקט און נישט געוווּסט ווו זיי זענען, וואָס זיי טוען דאָ. זיי האָבן פּשוט נישט געדענקט וואָס מיט זיי איז געשען. מען האָט זיי נאָכגעיאָגט און אין זיי געשאָסן. אַ סך זענען געפאַלן אין וועג, נאָר זיי האָט, על פּי נס, די קויל נישט געטראָפן. צווישן די אַנטלאָ־פענע זענען געווען אַזעלכע וואָס זענען אַרויסגעקראָכן פון די גריבער, ווו זיי זענען געלעגן צווישן די קופּעס הרוגים, זיך געמאַכט פאַר טויט און איידער מען האָט די גריבער פאַרשאָטן האָבן זיי זיך ווי נישט איז אַרויסגעגנבעט. די קינדער האָט מען דאָרט אַממיינסטן געוואָרפן אין די גריבער לעבעדיקע און די ערד האָט זיך אַ לענגערע צייט געהויבן ביז זיי זענען דערשטיקט געוואָרן.

עס איז נישטאָ קיין ווערטער ווי אָנצורופן, ווי צו שילדערן די דייטשע חיהשקייט. עס ווערט פאַרשעמט די מענטשלעכע בריאה בכלל, דער צלם אלקים ווען מען דערמאַנט זיך, אַז עפּעס אַזוינס האָט געקענט פּאַסירן אין דער תקופה פון הויכער ציוויליזאַציע, אין 20סטן יאָרהונדערט, אין האַרץ פון דער קולטו־רעלער אייראָפּע...

## דער מאָרד איבער 110 יידן

נישט לאַנג איז די גלובאָקער יידן אויסגעקומען צו באַווייזן דעם אומ־גליק פון די יידן אין דער פּראָווינץ. אויך דאָ איז באַלד געקומען אַ פרישער

סורפּריז, אַ נייער מאַסן־מאָרד און שוין אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב. געשען איז עס דעם 25טן מערץ 1942, (ז׳ ניסן, תש״ב). אין איינעם פון די שיינע אָקאָרשט אָנגעהויבענע פרילינג־טעג, האָבן זיך די פּאָליציאַנטן אַריינגעריסן אין די געטאָ־הייזער, אַראָפּגעשלעפּט פון די גלעגערס גאַנצע משפחות און אַרויסגעטריבן זיי אויף דער גאַס. די ייִדן האָבן זיך תחילת נישט אָריענטירט אין דער סיטואַציע, נישט אָפּגעגעבן זיך קיין חשבון וואָס דאָ קומט פאָר. זיי האָבן געמיינט, אַז איבער נאַכט איז אָנגעקומען עפּעס אַן אומגעריכטע פּלוצלינגדיקע אַרבעט, וועלכע מוז שנעל אויסגעפירט ווערן. ווען אָבער מען האָט די אומגליקלעכע צוזאַמען מיט זייערע קינדער גענומען טרייבן אין דער ריכטונג פון באַראַק, האָבן זיי זיך געכאַפּט אויף וואָס פאַר אַן „אַרבעט״ מען פירט זיי.

אויפן וועג האָבן זיך אָפּגעשפּילט שרעקלעכע, האַרצרייסנדיקע סצענעס. די געשרייען, געוויינען, יאָמערייען האָבן פאַרהילכט די לופט. די קרבנות האָבן פון זיך געריסן די קליידער (בעסער געזאָגט, די וועש, ווייל דער גרעסטער טייל האָבן זיך נישט באַוויזן אָנצוטון), די האָר פון קאָפּ, מען האָט זיך אַרומגענומען, איינגעשצעמעט צווישנאַנאַנדער עלטערן, קינדער, מענער, פרויען. די געקלאָגערייען האָבן זיך אויסגעמישט מיט די ברוטאַלע געשרייען און זידלערייען פון די פּאָליציי־לייט, וועלכע האָבן די ייִדן רציחהדיק געשלאָגן, געטריבן ווי בהמות, געאיילט וואָס גיכער, כדי זיי זאָלן קיין צייט נישט האָבן זיך צו פאַרנעמען מיט זיך...

אויף לאָמזשער און קישעלייקע האָבן ייִדן דורך די שפּאַרונעס פון טיר און פענצטער, טרייסלענדיק זיך פון שרעק, צוגעקוקט ווי מען טרייבט זייערע נאָענטע, זייערע ברידער, שוועסטער, עלטערן, קינדער און סתם ייִדן, קיין באַראַק צו דער שחיטה. זיי האָבן געזען ווי אַזוי די פּאָליציי האָט געשלאָגן, געקלאַפּט מיט קאָלבעס, מיט פלעקער, איבער די קעפּ פון פרויען און קליינע קינדער. זיי זענען געשטאַנען געליימט, פאַרגליווערט, נישט געוווּסט וואָס צו טון, ווי אַזוי צו ראַטעווען, ווי אַזוי אַרויסצורייסן פון דער חיה די קרבנות. ווייל ווען זיי קריכן אַרויס פון זייערע הייזער, וואָלטן זיי אַליין אַריינגעפאַלן צו דער חיה אין פּיסק. זיי האָבן זיך מיט זייערע בליקן דורך די שפּאַרונעס פון די טירן און ביידעמער געזעגנט מיט זייערע פריינט...

אין אַ קאַרגער שעה אַרום זענען שוין די פּאָליציי־לייט געפאָרן אויף עטלעכע שליטלעך פון באַראַק. זיי האָבן געפירט די זאַכן וואָס זיי האָבן אַראָפּגעצויגן פון די הרוגים, אויף וועלכע זיי זענען געזעסן און געטרונקען...

באַלד נאָך דער געשעענער טראַגעדיע, האָט אויפן מאַרק־פּלאַץ גענומען שפּילן מוזיק. אַפילו אויף קריסטן, וועלכע האָבן נאָך פאַרמאָגט מענטשלעכע געפילן האָט עס געמאַכט אַ שוידערלעכן איינדרוק. די מוזיק־קלאַנגען האָבן נישט ווייניקער געווירקט ווי די געוויינען און יאָמערייען פון די קרבנות. ער האָט זיך, דאַכט זיך, בעת מעשה געזען, ווי דער טויט האָט אויסגעשפּרייט זיינע פליגלען

און געשוועבט אומגעשטערט אין דער לופט. די באַנדיטן האָבן באַלד איינגע־אָרדנט אָרגיעס, רווישנדיקע מאָלצייטן צוליבן אָפּגעהאַלטענעם „נצחון" איבע־ 110 גלובאָקער יידן.

דאָ האָבן היגע פּאָליציאַנטן געפונען אַ שעת הכושר זיך אָפּצורעכענען מיט יידן, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַט, נאָך „אַלטע חשבונות". אַזוי, למשל, האָט זיך קאָליע, אַ געוועזענער שוסטער און היינטיקער פּאָליציאַנט, זיך נוקם געווען אין דער משפּחה פון נ. רייכל (געוו׳ לעדער־קרעמער), ביי וועלכע ער האָט אין פרידן־צייט נישט געהאַט קיין קרעדיט. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די משפּחות פון שייקע שאַפּיראָ, זלמן גיטעלזאָן, אלי קורקודיאַנסקי, זלמן שפּאַר־בער (ביים לעצטן האָבן זיך געראַטעוועט אַ זון מיט אַ טאָכטער), לייזער גיטעל־זאָן, ד״ר משה כאַוועס, וועמען מען האָט אַ לאַנגע צייט געזוכט און נישט געקענט געפינען און אַנשטאָט אים, האָט מען צוגענומען זיין פאָטער ישראל כאַוועס און פרוי א״אַ. אסתר־שיינע — די פרוי פון לייזער גיטעלזאָן — איז געווען אַ גאָטס־פאַרכטיקע, אינטעליגענטע פרוי. אַפילו אין דער פינצטערער צייט האָט זי זיך נישט אָפּגעשטעלט צו לערנען אירע קינדער. זי איז געווען אָפּטימיסטיש גע־שטימט און געגלויבט אין אַ ליכטיקערן מאָרגן, אין אַ גיכן פאַרבייגיין פון די צרות.

דינסטיק, ו׳ ניסן דעם 24טן מאַרץ, איז זי גראַד געזעסן ביי די שרייבער פון די שורות אין הויז ווו מען האָט באַהאַנדלט און „דעבאַטירט" וועגן דעם אָנקומענדיקן פּסח, ווי אַזוי אים איינצואָרדענען ביי אַזעלכע אומשטענדן, ווי קריגט מען מצה אאַז״וו. אונדזער מוטער ע״ה איז פון די איבערלעבענישן גע־לעגן קראַנק און עס האָט געהערשט אַזאַ פּעסימיזם, אַז ס׳איז קיין חשק נישט געווען צו פיל זיך מטפּל צו זיין מיטן פּסח... מילא מיטן עסן, האָבן מיר זיך געטראַכט, וועט מען ווי עס איז אויסקומען. הלוואַי נאָר לעבן בלייבן!... נאָר די פרוי גיטעלזאָן האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז זי נעמט אויף זיך די טירחה אונדז צו באַזאָרגן מיט מצה על צד היותר טוב.

אויף צו מאָרגן מיטוואָך ז׳ ניסן, גאַנץ פרי איז שוין ר. ש. גיטעלזאָן נישט געווען צווישן די לעבעדיקע — זי מיט איר מאַן און דריי זין זענען געווען צווישן די אומגעבראַכטע 110 קרבנות.

די געטאָ האָט זיך אַ לענגערע צייט נישט געקענט באַרויקן פון דעם בעס־טיאַלישן מאָרד. די יידן האָבן נישט געוווּסט וואָס מיט זיך צו טון. מען האָט בשום אופן נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז מען זאָל מאָרדן אומ־שולדיקע מענטשן אָן אַ „פאַרוואָס און פאַרוועןֹ". נישט ווייניק זענען, פון גרויס עגמת־נפש צוליב זייערע אומגעבראַכטע קרובים, קראַנק געוואָרן. ס׳האָט צווישן די פרויען נישט געפעלט קיין היסטערישע אַטאַקעס, חלשות אד״גל.

ווי מען האָט שפּעטער דערציילט איז שטאָט, זענען די 110 יידישע נפשות געפאַלן אַ קרבן צוליב א... ליבע. אַ געוויסער דייטשער לייטענאַנט שולץ האָט

זיך איבער די אויערן פאַרליבט אין דעם ייִדישן מיידל גיטע גאָרדאָן, וועלכע האָט געאַרבעט אין דער זשאַנדאַרמעריע. קעגן דעם ייִדישן מיידל האָט אַפילו דער דייטשער לייטענאַנט, דער הייסער פּאַטריאָט און „וויכאָוואַנעק" פון דעם נאַציזם, נישט געקענטביישטיין. גאָרדאָן האָט אויף דעם דייטש געהאַט אַ טיפע השפּעה און אַ דאַנק איר זענען געראַטעוועט געוואָרן דער לערער פישער, פּופּ־קאַ, קאשער (שפּעטער אַלע אומגעקומען אין די מאַסן־מאָרדן) א״אַ.

דאָס איינליבן זיך פון אַ דייטש אין אַ ייִדיש מיידל איז דאָך געשטאַנען אין אָפענער סתירה צו דער היטלער־טעאָריע פון ראַסיזם און האָט שטאַרק דיס־קרעדיטירט די היגע דייטשע מאַכט.

ווען דעם לייטענאַנט האָט נישט געהאָלפן קיין מוסר, קיין שטראָפרייד — דאָס מיידל גאָרדאָן האָט ביי אים אין האַרצן פאַרנומען אַ גרעסערן פּלאַץ, איידער היטלערס לערע — האָט די ציוויל־מאַכט באַשלאָסן דורכצופירן די „אָפּעראַציע אָן וויטיק" אויפן דייטשן שטייגער. נעמלעך: איינמאָל, ווען דער פאַרליבטער לייטענאַנט איז נישט געווען אין שטאָט, האָט די פּאָליציי גאַנץ „אומשולדיק און העפלעך" אַרויסגערופן גיטע גאָרדאָן, נישט זאָגנדיק איר וועגן וואָס און ווען עס האַנדלט זיך און זי דערשאָסן.

שולץ, קומענדיק און דערוויסנדיק זיך וועגן דאָס געשעענע, איז געוואָרן אויסער זיך. ער איז פּשוט אַרומגעגאַנגען משוגע, ער האָט אָבער קיינעם גאָר־נישט געקענט זאָגן און צו קיינעם נישט געקענט האָבן קיין טענות. אַלץ איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן „כדת וכדין", פאַר זיין טובה וועגן, אָפּוואַשן פון אים דעם פלעק...

זייענדיק מאַכטלאָז, נישט האָבנדיק אויף וועמען אויסצוגיסן זיין כעס, האָט זיך אין דעם ווילדן היטלעריסט צעשפּילט די בעסטיע, די ווילדע חיה. כדי צו שטילן זיין טריפה בלוט, האָט דער פאַרליבטער אין דעם ייִדישן מיידל זשאַנ־דאַר, צוגעדינט צו דעם מאָרד פון די 110 ייִדן.

אַזוי זענען פון דער אומגליקלעכער ליבע אומגעקומען אומשולדיקע די דריסוויאטסקעס, קעניגסבערגס, הידעקעלס, גיטעלזאָנס, רייכלס, א״אַ מיט זיי־ערע פרויען און קליינע קינדער, וועלכע האָבן נעבעך געשריגן און נישט גע־ווּסט פאַר וואָס דאָס קומט זיי.

און נישט נאָר די קליינע מוחלעך פון די קליינע קינדער האָבן נישט גע־קענט באַגרייפן און פאַרשטיין דעם „פאַרוואָס", נאָר אויך די דערוואקסענע, פּראַקטישע, געלערנטע, דערפאַרענע מענטשן, האָבן קיין ענטפער נישט געפו־נען אויף די פראַגן פון די קליינע קינדער. די „קלוגע, קולטורעלע" דייטשן האָבן אָבער יאָ געפונען אַ סיבה. דער דייטשער געביט־קאָמיסאַר האָט געגעבן אַ דער־קלערונג, אַז אייניקע ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט „ספּעקולאַציע", ד״ה, זיי האָבן עובר געווען אויפן פאַרבאָט און געקויפט עסנוואַרג פאַר זיך און פאַר זייערע קינדער ביי קריסטן (קאָנקרעט האָט מען קיינעם נישט געכאַפּט ביים

„פאַרברעכן“) און דעריבער האָבן זיי באַקומען זייער פאַרדינטע שטראָף...

ווען רעאַגירן און פּראָטעסטירן אויף אַזאַ ציניזם האָט, ביי יענע פּינצטע־רע אומשטענדן, אַפילו קיין רייד נישט געקענט זיין. עס איז נאָר אויסגעקומען אויסצוהערן דעם ווילדן דייטשן ציניזם און שווייגן...

באַלד זענען געקומען פרישע סורפּריזן, נייע עפּיזאָדן, מוראדיקע גרוילן, וועגן וועלכע עס ווערט דערציילט אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען. די קרעכצן און געוויינען אין געטאָ זענען כסדר געוואקסן. דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז ייִדן זענען אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער אַפּאַטיע, וואָס האָט זיך געגרענעצט כמעט מיט אַ פולער רעזיגנאַציע און צו אַלץ האָט מען זיך גענומען באַציִען כמעט גלייכגילטיק. די לאַגע איז געוואָרן אַלץ מער פאַרצווייפלטער און קיין אויסגאַנג איז נישטאָ. מען האָט אויף קיין זאַך נישט רעאַגירט... דאָס איז אפשר געווען דער גרעסטער אומגליק!...

## די פאַרמירונג פון געטאָ־שטח

היות, ייִדן זענען געוואָרן וואָס אַמאָל ווייניקער, האָט זיך די דייטשע מאַכט געזאָרגט, אַז די פאַרבליבענע ייִדן זאָל נישט זיין צו געררים אין געטאָ. דעריבער האָט זי באַשלאָסן צו קירצן דעם געטאָ־שטח.

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער שחיטה פון די 110 ייִדישע נפשות איז געקומען אַ באַפעל פון די דייטשן צו שניידן דעם געטאָ־שטח. מען האָט פון די געטאָ־גרענעצן אויסגעטיילט די עקן פון לאָמזשער גאַס און נייע־קישעלייקע, ווי אויך האָט מען אָפּגענומען די גאַנצע אַלטע קישעלייקע. דאָ האָבן זיך געפונען די גרעסערע און שענערע הייזער.

אין משך פון איין האַלבער שעה האָבן די ייִדן פון די געטאָ־טיילן געמוזט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען. מען האָט זיי דערלויבט צו פאַרבלייבן צייטווייליק אויפן גאַס, אויב זיי האָבן נישט געפונען קיין אָרט אונטער אַ דאַך. אין געטאָ איז דאָך ביז איצט אויך געווען די ענגשאַפט אומגעהייער און די „נייע איינ־וואַנדערער“, ביי 800 נפשות, האָבן נישט געהאַט ווו אַהינצוטון זיך. אָבער אין להרהר! טראַכטן און מישב זיין זיך, האָט נישט געהאַט קיין זין, ווייל דאָ האָט זיך געהאַנדלט אין לעבן, וואָס פאַר אַ לעבן דאָס זאָל נישט זיין, אָבער דאָך לעבן...

מען האָט פון די הייזער גענומען וואַרפן, שליידערן מיט אַ ווילדן אימ־פּעט אויפן גאַס. מען האָט געוואָרפן דורך טיר און פענצטער, געבראָכן, געריסן, פאַרניכט, אַלץ חרוב געמאַכט. ס'האָט אונטער די פיס געדרושקעט צעבראָכענע געשיר, גלעזערנע כלים, ווי אויך רעשטלעך פון צעבראָכענע מעבל. בעטגעוואַנט האָט זיך צעפליקט און די לופט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט פעדערן. די גאַסן און הויפן זענען אויסגעשפרייט געוואָרן מיט בלעטער פון צעריסענע ביכער

און ספרים, כתבי הקודש: חומשים, גמרות א״אַ. ביי די שרייבער פון די שורות איז געווען אַ רייכע ביבליאָטעק (אויך אַ וויכטיקע מעדיצינישע ליטעראַטור), אַן אייגענע ווי אויך פון די שולן, וועלכע זיי האָבן געהאַט. אַ טייל פון אָט דער ביבליאָטעק האָט זיך זיי איינגעגעבן מיטצונעמען אין אָקטאָבער 1941 בעתן אַריבערקלייבן זיך אין געטאָ. איצט, ערב פּסח 1942, האָבן זיך כמעט אַלע ספרים, אין די הונדערטער, געוואַלגערט איבער די גאַסן צעריסענע, צעפּליקטע. אויך איז אומעטום געווען אויסגעשפּרייט מיט פאָטאָגראַפיעס, בילדער, בלעטער פון מאַנוסקריפּטן אין העברעיש, ייִדיש אאַז״וו. מוטערס האָבן זיך ארומגעפּירט מיט זייערע ווייגענדיקע קליינע קינדער, וועלכע האָבן זיך געטרייסלט פון שרעק און קעלט, און באַמיט זיך זיי צו באַרויִקן. אויף זיי האָט געווירקט שטאַרק דער נערוועזער צושטאַנד פון די דערוואַקסענע. קראַנקע האָט מען צוזאַמען מיט זייערע געלעגערס אַרויסגעטראָגן אויפן גאַס, ווו זיי האָבן זיך געוואַלגערט. צו דעם איז יענער ערב פּסח געווען אַ קאַלטער, אַ ווינטערדיקער.

היות, די בעסערע הייזער פון דער אַרומגעשניטענער געטאָ האָבן געזאָלט איצט פאַרנעמען פּאָליציי און דייטשע באַאַמטע, זענען זיי געשטאַנען די ייִדן אויפן קאַרק און זיי אונטערגעטריבן, זיי זאָלן וואָס גיכער פריי מאַכן זייערע דירות. זיי האָבן אַכזריותדיק געשלאָגן, געדראָעט מיט שיסן, אויב עמעצער וועט פאַרבלייבן אַפילו אויף אַ מינוט נאָכן אָנגעגעבענעם טערמין אין זייערע דירות. די ייִדן זענען געלאָפן פון די הייזער, ווי מען שטייט און גייט, איבערלאָזנדיק אַלץ פאַר די מערדער. און דאָס זענען זיי אויסן געווען.

אויף לאָמזשער גאַס האָט איין פּאָליציאַנט געוואָלט פאַרנעמען סלידזעווסקעס הויז, ווו ס׳האָט זיך געפונען אונדזער משפחה. דאָס דאָזיקע הויז איז געווען דאָס שענסטע אין געטאָ. דער פּאָליציאַנט האָט נישט געלאָזט פון שטוב אַרויסנעמען די זאַכן. ער האָט זיך געזידלט און געשליידערט, דערביי האָט ער זיך באַרימט מיט זיין „פּאָליציייאישער קונסט״. ער האָט דערציילט, אַז ער גייט תמיד אַרום אַ נישט דערשלאָפענער, ער שלאָפט וויניק צוליב דעם, וואָס אַלע 4 אַזייגער פאַרטאָג קומט אים אויס צו זיין אין באַראַק. ער איז — האָט ער אָנגעגעבן אין יחוס — איינער פון די טיכטיקסטע אָנטיילנעמער אין די פריימאָרגן־אַקציעס... בעת מעשה האָט ער מיט אַ טיכל אויסגעווישט זיינע פאַרבלוטיקטע שטיוול, וועלכע האָבן נאָך נישט אויסגעטריקנט פון דער היינטיקער אַקציע...

מיט דעם דערציילן זיין „העלדישקייט״ איז ער אויסן געווען אָנצוואַרפן אויף אונדז נאָך אַ גרעסערע שרעק, וועלכע איז אַזוי אויך געגוג גרויס געווען. ער האָט אונדז געגעבן אָנצוהערן, אַז אין די נאָענטסטע טעג גרייט זיך אַ גרעסערע בלוט־אַקציע און ער איז אונדז גרייט אָנצוזאָגן וועגן דעם מיט אייניקע שעה פריער, מיר זאָלן זיך קענען באַהאַלטן. פאַר דעם, פאַרשטענדלעך, דאַרף ער ווי געהעריק באַלוינט ווערן... אונטער דער דראָונג פון שיסן, האָט ער אונדז

אָנגעזאָגט, אַז דאָס מוז פאַרבלייבן אַ שטרענגער סוד, קיינער טאָר פון דעם נישט געוואָר ווערן. מיר האָבן זיך דערצו באַצויגן רעזערווירט. מיר האָבן גע־ווּסט, אַז די היגע פּאָליציי פלעגט עס אויסנוצן כדי אַרויסצובאַקומען אַ רייכן כופר־נפש ביי די ייִדן און ווען די סכנה פלעגט לויערן האָבן זיי קיין מאָל נישט געהאָלפן. פאַרקערט, אַממיינסטן פלעגט זיי זייער אונטערקויפער נאָך גיכער אַריינכאַפּן אין נעץ. אויך אין דעם פאַל איז פאַר אונדז קלאָר געווען, אַז ער איז אויסן פון אונדז אַרויסצופּרעסן וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן.

ערב פּסח גאַנץ פרי האָבן מיר, גלייך מיט אַנדערע, אַרויסגעוואָרפן אַ טייל זאַכן דורך טיר און פענצטער אויפן גאַס. מיר האָבן אויך אַרויסגעפירט אין דרויסן אונדזער קראַנקע מוטער. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר ארומגעלאָפן זוכן פאַר איר און פאַרן 7־יעריקן אַהרון־יצחקל, צו באַזאָרגן זיי אונטער אַ דאַך. דער יודנראַט איז געווען הילפלאָז. אַלע מיטלען אונטערצוקויפן די פּאָליציי, אַז זי זאָל זיין ווייניקער ברוטאַל, האָט נישט געהאָלפן. די מערדער האָבן געטון זייער זאַך, טראָץ דעם, וואָס מען האָט זיי אָנגעזעטיקט מיט כל טוב. אייניקע ייִדן פון די אַרומגעשניטענע הייזער זענען אַריינגעפאַלן אין אַ יאוש און האָבן אַפילו נישט געראַטעוועט פון זייערע זאַכן דאָס, וואָס זיי האָבן נאָך געקענט ראַטעווען. מען האָט זיך געטראַכט, אַז ס'איז סיי ווי סיי נישטאָ צוליב וואָס...
עס איז קלאָר געווען פאַר אַלעמען, אַז דער כאַראַקטער פון פאַרקירצן דעם געטאָ־שטח איז נישט געווען צוליב דעם, ווייל אין שטאָט האָט אויסגעפעלט דירות פאַר דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. אין שטאָט זענען געשטאַנען היי־זער ליידיק און קיינעם זענען נישט אָנגעגאַנגען די געטאָ־דירות. דער מאַגיסט־ראַט האָט פאַרקויפט ייִדישע הייזער צו 100־150 גילדן אויף אַראָפּצוטראָגן. דאָר־פישע פויערים האָבן זיך געקוואַפּעט אויף די ווילדע מציאות און אַלע טאָג פלעגט מען פון שטאָט אַרויספירן אויף צענדליקער פורן מאַטעריאַלן פון פאַ־נאַנדערגענומענע ייִדישע הייזער. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס פאַרקירצן דעם שטח פון געטאָ ווערט געמאַכט כדי די ייִדן איינצושפּאַרן אין אַ מער ענגערן קאַסטן.

בעתן פאַנאַנדערנעמען חיים־מאיר פריידקינס מויער (די צענטראַלקע) זע־נען געווען אַ סך קרבנות. דער סופיט איז אַראָפּגעפאַלן אויף די אַרבעטער און אונטערן ברוכוואַרג האָבן געפונען זייער טויט חדש, האבערמאַן א״אַ. אויך האָב מען פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט אַ סך פאַרווּנדיקטע. ווען מען האָט די פאַרוווּנ־דיקטע געבראַכט אין שטאָטישן שפּיטאָל (ער האָט זיך געפונען נאָענט פון העב אָרט פון דער קאַטאַסטראָפע), האָט מען די אומגליקלעכע אָפּגעזאָגט די ערשטע הילף — „זיי זענען יודען״...

ערשט שפּעט אין אָוונט, די ערשטע נאַכט פּסח, האָבן מיר זיך קוים אַריינ־געקוועטשט צו זלמן דעם מוליער אין דירה( אַ דיסנער). דאָס איז געווען אויפן הויף פון שמעון לקח אויף ווילנער גאַס. דאָרט האָבן געוווינט עטלעכע משפּחות

און די ענגשאַפט לאָזט זיך גאָר נישט באַשרייבן. מען האָט דאָרט אָפּגעריכט דעם „סדר". אויך מיר האָבן זיך געשטעלט צום סדר (זיצן איז נישט געווען מעגלעך). אין די אויגן איז געווען פינצטער, דער קאָפּ האָט זיך געדרייט. אָנ־שטאָט וויין — טרערן. קיין סימבאָל אויף מרור האָט מען אויך נישט באַדאַרפט.

מיר האָבן זיך אָבער גלייכצייטיק געשעצט גליקלעך, וואָס מיר האָבן ווי נישט איז איינגעאָרדנט אַ שטיקל געלעגער פאַר אונדזער קראַנקער מוטער, וועלכע האָט דעם גאַנצן טאָג אַזויפיל געליטן. מיר אַליין האָבן זיך געוואַלגערט אויף אַ הוילער פּאָדלאָגע און עס איז אויך געווען אַ גליק — מיר האָבן זיך געפונען אונטער אַ דאַך. וואָס צו עסן האָבן מיר נישט געהאַט, אַ ביסל קאַרטאָפל האָט אונדז געגעבן זלמן דעם מוליערס ווייב.

באַלד נאָך פּסח בין איך, צ. ר., קראַנק געוואָרן. איך בין אַרומגעגאַנגען מיט אַ זייער הויכער טעמפּעראַטור און גרויסע שמערצן אין גאַנצן קערפּער. ווו צו ליגן האָב איך נישט געהאַט. קיינער האָט זיך אויך נישט געמאַכט וויסן פון דעם. די דייטשן האָבן נישט טאָלערירט קיין קראַנקע יודען. לסוף האָט מען מיך אויפן „פערדל" פון יודענראַט אָפּגעפירט אין געטאָ־שפּיטאָל. דאָרט זענען געלעגן אַ סך קראַנקע ייִדן — ערשט נישט לאַנג גאָר געזונטע. אין 10 טעג אַרום בין איך „געזונט" געוואָרן. כ'האָב זיך אומגעקערט „אַ היים" און ווידער גע־וואַלגערט זיך אויף דער פּאָדלאָגע, איך האָב זיך געפילט זייער שוואַך און נישט געקענט קומען צו זיך. צו דעם אַלעמען האָט נאָך אין יענעם פרילינג זייער געדריקט די קעלט.

בתוך כך האָט זיך דערטראָגן די ידיעה, אַז אין דעם ווייטערדיקן שטעטל דאלהינאוו, איז ערב פּסח פּאָרגעקומען אַ גרויזאַמער פּאָגראָם איבער ייִדן. מען האָט 1.000 נפשות פאַרברענט לעבעדיקערהייט. די ידיעה איז געווען ווי אַ מין צושמעלץ צו די אייגענע צרות. מען האָט שוין פאַרגעסן פון אַ נאָרמאַלן לעבן. מען האָט נאָר געוואַרט אויף שלעכטס. די האָפענונגען אויף גוטס זענען ווי פאַר־שוווּנדן געוואָרן כמעט ביי אַלעמען. צום אומגליק האָט די אינטויִציע נישט פאַרפירט, ווי מיר וועלן עס זען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## די „שוואַרצע סטודענטן"

געהערט האָט מען פון זיי שוין לאַנג, נאָר מען האָט זיך אַזוי ווייט נישט פאָרגעשטעלט, וואָס פאַר אַ מין פאַרשאָלטענע ברואים דאָס זענען. מען האָט געוווּסט, אַז ס'איז דאָ אַ דייטשע אָרגאַניזאַציע, וואָס הייסט ס־ד (זיכערהייטס־דינסט), אָדער, ווי מען האָט זיי דאָ גערופן די „שוואַרצע סטודענטן", וועלכע טראָגן מיט זיך, ווו זיי קומען נאָר, השמדה און כליון, טויט און פאַרניכטונג.

אין גלובאָק האָבן זיי זיך ביז מאַי 1942 נישט געוויזן. איין מאָל, אין אַ פרי־מאָרגן פון דעם דערמאָנטן מאַי, האָט זיך בליץ־שנעל פאַנאַנדערגעטראָגן די ידיעה

איבערן שטאָט וועגן זייער אָנקומען אַהער. עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן דעם פּחד און אימה וואָס איז באַפֿאַלן די ייִדן. מענטשן האָבן זיך געזאַמלט אין גרופּ־קעס, געעצהט, געשושקעט זיך, געטראַכט ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס לעבן. קיי־נער האָט קאָנקרעט גאָר נישט געקענט צוטראַכטן. איינציקע האָבן פּרובירט שטי־לערהייט אונטערהאַנדלען מיט קריסטן, זוכן ביי זיי אַ רעטונג, אַ באַהעלטעניש, אויב נישט פֿאַר די דערוואַקסענע איז,לכל הפּחות, פֿאַר די קליינע קינדער. צום באַדויערן האָבן זיך געפֿונען צווישן זיי גאַנץ ווייניק אַמאַטאָרן, וואָס האָבן גע־וואָלט העלפֿן ייִדן אין דעם אומגליק.

מען האָט אויף גיך אָנגעהויבן „בויען" באַהעלטענישן אויף בוידעמער, אין קעלערס, שטאַלן, אונטער די פֿאָדלאָגעס, אין די גערטנער, אין גריבער אד"גל. מען האָט געמאַכט „פּאָטיעמטע" צימערן אין די ווענט, פֿאַרמאַסקירטע אַראָפּגענג אין גריבער דורך שאַפֿעס, אויווּנס און קלאָזעטן, מען האָט געמאַכט טיפֿע גרי־בער אין קעלערס — ערגער פֿאַר קבֿרים — און דאָס דורכפֿירן די אַרבעט איז געווען זייער קאָמפּליצירט, נישט פֿאַר געוויינלעכע כּוחות און אָנגעשטרענגט־קייט. די צייט איז געווען קורץ. דער מלאך המוות איז דאָך שוין געזעסן אין שטאָט און געפּאָכעט מיט דער שווערד. ווידער האָט די אַרבעט געמוזט פֿאַרקו־מען נאָר ביינאַכט, בייטאָג האָבן דאָך אַלע געמוזט זיין אויף אַרבעט ביי די דייטשן. און חוץ דעם האָט מען דאָך די אַרבעט געמוזט דורכפֿירן געהיים, פֿאַר־באָרגן פֿון יעדן מענטשלעכן אויג. דער ווילן זיך צו ראַטעווען פֿון טויט איז פֿאַר זיך געווען פֿאַררעכנט פֿאַר אַ גרויס פֿאַרברעכן. די ערד, אָדער זאַמד פֿון די אויסגעגראָבענע גריבער און קעלערס האָט מען נישט געהאַט ווו אַהינצוטון. שיטן אויפֿן גאַס האָט מען נישט געקענט — דאָס וואָלט דאָך געווען קאָנטיק און וואָלט געוועקט חשד... עס איז נישט געווען קיין אויסוועג. מען איז געבליבן הענגען אויפֿן אייגענעם גורל.

אין אָט די שרעקלעכע יאוש־מאָמענטן האָט מען זיך פּרובירט טרייסטן, באַרויִקן זיך אַליין. מען האָט געוואָלט האָפֿן, „גלויבן" אין די הבֿטחות פֿון דער דייטשער ציוויל־מאַכט, אַז דער וויזיט פֿון די ס־ד אין גלובאָק וועט דורכגיין אָן בלוט־פֿאַרגיסונגען צוליב דעם וואָס די גלובאָקער ייִדן זענען אַן „אויסנאַם" זיי זענען „נוציקע יודען" לויט זייער באַקאַנטן לשון. די ייִדן וועלן אָפּקומען בלויז מיט מאַטעריעלע פֿאַרלוסטן. און דעריבער לייגט פֿאַר דער געביט־קאָמיסאַר, אַז דער יודנראַט זאָל וואָס שנעלער שאַפֿן אַ גרעסערן סכום גאָלד, צירונג, קליי־דער, שוכוואַרג, סתם געלט און וואָס גיכער דאָס וועט אַריינגעטראָגן ווערן, אַלץ גיכער וועלן די ס־ד פֿון דאַנען אָוועקפֿאָרן.

אַלע זענען געשטעלט געוואָרן אויף די פֿיס... מען איז אַרומגעלאָפֿן פֿון שטוב צו שטוב צו יעדן איינציקן. מען האָט געזאַמלט, געקליבן, יעדער האָט אַרויסגעצויגן פֿון זיינע באַהעלטענישן וואָס נאָר מען האָט פֿאַרמאָגט. און אויס־

נאָם זענען נאָר געווען די, וואָס האָבן פון פריִער אָפּגעגעבן זייערע פאַרמעגנס צו קריסטן ווי אַ פּקדון און האָבן דאָס איצט נישט געקענט צוריקנעמען.

מען האָט געגעבן, געטראָגן אַנטקעגן, מען האָט אָנגעבראַכט וואַליזעס מיט זאַכן, טעקעס מיט געלט און מיט אויסערגעוויינלעכער שפּאַנונג געוואַרט אויפן גליקלעכן מאָמענט ווען די דייטשע באַנדיטן וועלן שוין פאַרלאָזן די שטאָט. מען איז געווען, אָדער געוואָלט זיין, נאַיִוו און גלויבן, אַז זייער באַרויִקונג האָט עפּעס אַ ממשות.

פון די בוידעמער, דורך שפּאַרן פון קעלערס, פון די קלאָזעטן האָט מען מיט פאַרכאַפּטע אָטעמס אַרויסגעקוקט, אַכטונג געגעבן. די תּלינים אָנגעלאָדענע מיט ייִדיש האָב און גוטס זענען אַרויסגעפאָרן פון שטאָט. די ייִדן האָבן אָפּגעאָטעמט... דאָס מאָל זענען די מערדער אַוועקגעפאָרן כמעט אָן קרבנות. איך זאָג „כמעט", וואָרום אַ 20 קרבנות (ביי יענע אומשטענדן האָט דאָס שוין געהייסן אַ קלייניקייט), זענען דאָך געווען.

מען האָט דעמאָלט דערמאָרדעט די משפּחה מלמד־קעניגסבערג (דוד־שמעון מעלאַמעדס טאָכטער רבקה מיט איר מאַן און קינדער), קריוויצקי לייב, דאָס מיידל בירזש (גרשון ישעיהס איגעסעס אַן אייניקל), שרה פּראַנאָוויטש א"אַ... ווען עס איז אַנטשטאַנען די שרעקלעכע פּאַניק, די מהומה צוליב די אָנגעקומענע ס־ד־לייט, זענען די אויבנדערמאָנטע געלאָפן פון געטאָ באַהאַלטן זיך. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין נישט פאַרענדיקטע בנינים, שטאַלן, קלאָזעטן, קאַנאַוועס וכו'. אָרטיקע קריסטן האָבן עס באַמערקט און דערטראָגן דער פּאָליציי, וועלכע האָט זיי דערמאָרדעט אויפן אָרט.

די טראַגישע מאָרדן האָבן שוין קיין איינדרוק נישט געמאַכט אין געטאָ. די פּסיכיק פון די ייִדן האָט זיך שוין געהאַט צוגעוווינט צו אַזעלכע געשעענישן, און זיי האָבן נישט רעאַגירט אויף אַזעלכע „קלייניקייטן". קיין איבעריקן רושם האָט דאָס אויך נישט איבערגעלאָזט צוליב דעם, וואָס דאָס לעבן פונעם גאַנצן כלל איז געהאַנגען אויף אַ האָר.

ווי געזאָגט, האָבן די ייִדן נאָכן אַוועקפאָרן פון די ס־ד, פרייער אָפּגעאָטעמט, מען האָט נישט פאַרשטאַנען, נישט פאַרגעשטעלט זיך, אַז דער „גליק" פון זייער איצטיקן אַוועקפאָרן איז ערשט אַן אומגליק. די דעזאָריענטירטע מוחות פון די ייִדן האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן, דערשפּירנדיק די דענערוווירונג, דעם אומרויִקן צושטאַנד ביי די גלובאָקער ייִדן, זענען דערווייל אַוועקגעפאָרן דורכפירן זייער טייוולאָנישע אַרבעט אין די אַרומיקע שטעטלעך. קיינער האָט נישט געטראַכט, אַז זייער אַוועקפאָרן האָט געצילט אָפּצוציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די ייִדן פון זייערע שוואַרצע מחשבות, בכדי שפּעטער לייכטער דורכצופירן זייערע פאַרניכטונג־פּלענער. זיי זענען אויסן געווען, אַז די ייִדן זאָלן זיך איינגאַנצן באַרויִקן און נישט זוכן קיין פּלענער ווי צו ראַטעווען זיך.

ווי ס'איז שפּעטער קלאָר געוואָרן האָבן די ס־ד, אָפּפאָרנדיק פון גלובאָק

איבערגעלאָזט אַ געהיימען פּלאַן דער ציוויל־מאַכט, ווי אַזוי צוצוגרייטן די בלוט־אַקציע. זיי זענען איצט אַוועקגעפאָרן, כדי אין דריי וואָכן אַרום צוריקצוקומען און דורכפירן די שחיטה מיט מער דערפאָלג און לייכטער, ווי דאָס וואָלט געשען פריִער.

טריט ביי טריט איז די דייטשן טאַקע געלונגען איינצושלעפערן די גלובאָקער ייִדן און שפּעטער האָבן זיי מיט אַ סך אַ גרעסערן דערפאָלג, אַריינגעכאַפּט די ייִדן אין זייער נעץ...

ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן די ס־ד, פאַר זייער אָפּפאָרן פון גלובאָק געהאַט אַ געהיימען אָפּמאַך מיטן יודנראַט, ווען זיי האָבן דערנאָך באַזונדער אָפּגענאַרט. גלובאָק איז טאַקע „פּריווילעגירט״, האָבן זיי געזאָגט דעם יודנראַט, אָבער אינגאַנצן אָן ייִדיש בלוט קען זי דאָך נישט אָפּקומען. די זכיה פאַר גלובאָק וועט זיין, אַז זיי וועלן זיך באַנוגענען „בלויז״ מיט די זעקס הונדערט נפשות (עלטערע און שוואַכערע), וואָס געפינען זיך אין דער צווייטער געטאָ. מער ווי זיי, די טאַטעס און די מאַמעס, וועלן זיי נישט אויסמאָרדן...

דער יודנראַט האָט צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים דעם „אָפּמאַך״ מיט די ס־ד געהאַלטן בסוד־סודות. דערפאַר אָבער האָבן זיי גאַנץ אָרנטלעך דעם „אָפּ־מאַך״ אויסגעפילט — זיי האָבן גוט צוגעגרייט די צווייטע געטאָ צו דער שחיטה.

ווי אַזוי אָבער די דייטשן האָבן געהאַלטן זייער צוזאָג דעם יודנראַט, אַז זיי וועלן זיך באַנוגענען מיט דער פּאַרציע ייִדיש בלוט פון בלויז די „אומנוצלע־כע ייִדן״, וועלן מיר זען ווייטער.

אַיִן וואָס פאַר אַ מצב, אין וועלכן אָפּגרונט די גלובאָקער ייִדן זענען אַריינגעפאַלן, קען מען זען דערפון, וואָס די ייִדישע „רעפּרעזענטאַנץ״ האָט „מסכּים״ געווען אומצוברענגען העכער 600 נפשות, מיינענדיק אַז מיט דעם וועלן זיי ראַטעווען די איבעריקע טויזנטער ייִדן.

## די פאַרניכטונג פון די יידן אין די אַרומיקע שטעטלעך

אַחרי הדברים האלה, נאָכדעם ווי די גלובאָקער ייִדן האָבן זיך אַ ביסל „באַפרייט״ פון דעם פינצטערן קאָשמאַר, האָבן אָנגעהויבן כסדר אָנקומען שוי־דערלעכע ידיעות פון די אַרומיקע שטעטלעך, אַז די דייטשן מאָרדן דאָרט אויס אַלע ייִדן. מען קערט דאָרט אויס די ייִדן מיט אַ מטאטא השמד, מיט אַ פאַר־ניכטונג־בעזים און עס בלייבט דאָרט נישט איבער קיין שריד ופליט.

דאָס זענען געווען בלוטיקע טעג, וועלכע האָבן, ווי מיר וועלן שפּעטער זען, געהאַט זייער עפּילאָג אין גלובאָק, ווו די ייִדן זענען, לויט די פאַרזיכע־רונגען פון די דייטשן, געווען אין אַ באַזונדער „פּריווילעגירטער, זיכערער״ לאַגע.

דער חודש יוני 1942, דער בלוטיקער חודש, וועט אויף אייביק פאַרבלייבן אין זכרון פון די איינצלנע לעבן־געבליבענע ייִדן פון גלובאָק און אומגעגנט. אין

דעם פינצטערן חודש האָבן די דייטשן מיט זייערע אָרטיקע מיטהעלפער אָפּגע־שווענקט פון דער ערד הונדערטער קהילות, גאַנצע ישובים ייִדישע. אין משך פון עטלעכע טעג זענען דאָ פאַרטיליקט געוואָרן די ייִדן פון בראסלאוו, מיאר, דיסנע, לוזשקי, שארקאוושצינע, דרויע, פליסע, דאָקשיץ, זיאבקי, פאראפיאנאָוו, פּאדסוויליע א״אַ. עס איז כדאַי זיך אָפּצושטעלן אויף איניקע פונקטן.

אין שארקאווצשיזנע, אַ שטייגער, האָבן זיך דעמאָלט, אַ דאַנק דעם יודנ־ראַט, וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף דער וואַך און מיט אַ באַ־זונדער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעקוקט און נאָכגעשפּירט די מעשים און כוונות פון די דייטשן און פּאָליציי, געראַטעוועט פון שטעטל איבער 50 פּראָצענט ייִדן. דער דעמאָלטיקער יודנראַט, דערמאָנענדיק אים לשבח, איז געווען כמעט דער איינציקער אין דעם געגנט, וואָס האָט באמת אָפּגעשאַצט די לאַגע, נישט נאַרנ־דיק זיך און די באַפעלקערונג, און איז געשטאַנען אויף זיין הויך צו ראַטעווען ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך געווען. להיפוך צו אַנדערע יודנראַטן, האָט דער שארקאוושצינער יודנראַט, נישט נאָר נישט באַרויִקט די ייִדן מיט שלום יהיה לכם, זיי גרינגער געמאַכט אויף זייער געמיט מיט הבטחות, נישט נאָר ניט פאַר־זיכערט זיי, אַז זיי זענען ביי די דייטשן „בני יקירים״ אויסנאַמען און דעריבער וועלן זיי לעבן בלייבן, נאָר פאַרקערט, — זיי האָבן געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז די לאַגע אין אַן ערנסטע, אַ באַדראָענדיקע: אַז די דייטשן וועלן זיי אומברענ־גען, אַז אַ שחיטה אויף שארקאוושצינער ייִדן איז אומפאַרמיידלעך א״אַ. דערי־בער מוז יעדער זיין אויף דער וואַך. די דייטשן מיט זייערע באַרויִקונגען זענען נאָר אויסן אָפּצונאַרן און מען טאָר זיך אויף זיי נישט פאַרלאָזן. מען מוז זיין גרייט צום לויפן אין יעדן מאָמענט, וועלכער קען קומען אינגאַנצן אומגעריכט.

אין יענע טעג, ווען די ס־ד־לייט האָבן זיך אַרומגעדרייט אין גלובאָק און אין געגנט, האָט דער שארקאוושצינער יודנראַט נאָך פאַרפּילפאַכט זיין נאָכ־שפּירונג נאָך דער טעטיקייט פון דער דייטשער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן לשבח דער יודנעלטסטער הירש בערמאַן, וועלכער האָט מיט אַ באַזונדער שאַרפן בליק, מיט אַ באַזונדער שפּירעוודיקייט באַמערקט די הכנות פון די מערדער. ערב דעם בלוטיקן טאָג האָט ער פון אַ „אינטים־פריינט־לעכן״ געשפּרעך מיטן אָבערוואַכמייסטער, הייט, פאַרשטאַנען די צילן, צוליב וועלכע דער לעצטער איז געקומען פון גלובאָק קיין שארקאוושצינע. הייט האָט געזאָגט בערכאַנען, אַז ער איז געקומען אַהער דורכפירן „מאַנעוורען״, וועלכע וועלן דאָ פאָרקומען אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי און ער איז אויסן אים צו וואָרענען וועגן דעם, אַז די ייִדן דאַרפן זיך נישט שרעקן, זיי וועט קיין זאַך נישט געשען.

דאָס איז שוין געווען אַ גענוגנדער סיגנאַל און דער יודענראַט האָט שנעל אַלעמען אָנגעזאָגט זיי זאָלן זיין גרייט... יענע נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפן.

פון די בוידימער און אַנדערע אויסשפּיר־ערטער האָט מען אָן אויפהער כסדר
נ׳כטונג געגעבן, וואָס עס פּאַסירט אין גאַס, ווער ווו עס גייט, ווער וואָס עס טוט.

ווען מען האָט באַמערקט אינדערפרי, אַז די זשאַנדאַרמען און פּאָליציאַנטן
זענען אויפגעשטאַנען פריער ווי געווײנלעך און זענען מער ווי אַלעמאָל פּאַרטון
— זיי לויפן באוואָפנטע אַרום אין זשאַנדאַרמעריע און צוריק, סודען זיך צווישן
זיך אאַז״וו, האָט דער יודענראַט אָפּגעשאַצט די לאַגע פּאַר געפערלעך און האָט
גלייך פאַראָרדנט אַלע ייִדן לויפן...

די מערדער האָבן פּאַרשפּעטיקט. ווען זיי האָבן אַרומגערינגלט די געטאָ
זענען שוין כמעט צוויי דריטל ייִדן געווען הינטערן שטעטל. ווען מיט אַ האַלבע
שעה שפּעטער זענען אויף מאַשינען אָנגעפאָרן די ס־ד, האָבן זיי שוין אין געטאָ
מער ווי אַלטע, קראַנקע און קינדער נישט געפונען. די ייִדן האָבן זיי דאָס מאָל
אָפּגענאַרט...

פאַר דער צעיושעטער דייטשער חיה איז פּאַרבליבן אַ צו קנאַפּע פּאָרציע
ייִדיש בלוט. זיי זענען געווען צעצונטערט פון דער ייִדישער „חוצפּה״. די נכפּה
האָט זיך אין זיי נאָכמער צעפלאַקערט. זיי זענען געקראָכן פון דער הויט. אַזוי
אויסגעלאַכט צו ווערן! היתכן? די ייִדן זאָלן זיי איבערכיטרעווען, אָפּנאַרן! זייער
אַקציע אין שארקאָוושצינע איז דורכגעפאַלן. אַ צו קליינע דאָזע ייִדיש בלוט איז
זיי פאַרבליבן אויסצוזופּן.

דאָך האָבן זיי נאָך נישט געהאַלטן פּאַר פאַרשפּילט אינגאַנצן. זיי האָבן
אויטאָס, זיי האָבן געווער, זיי זענען גענוג שטאַרק און ווילן זיך נאָך אַן עצה
געבן מיט די שטעטלדיקע פאַרחושכטע ייִדעלעך.

נאָכן אויסמאָרדן אויפן אָרט די זקנים, זקנות און קינדער, וואָס עס האָט
נאַטירלעך ביי דער דייטשער בריהשאַפט אומצוברענגען מענטשן נישט לאַנג
געדויערט, האָבן זיי זיך אַריינגעזעצט אין די אויטאָס און וירדפו אַחרי בני
ישראל — מען האָט זיך געלאָזט יאָגן נאָך די אַנטלאָפענע ייִדן.

צום אומגליק האָבן זיי פיל ייִדן געכאַפּט און די „פּאַרברעכער״ זענען
שרעקלעך באַשטראָפט געוואָרן. איין טויט איז פאַר זיי געווען ווייניק. מען האָט
די געכאַפּטע קרבנות אָנגעטון אַזוינע יסורים אַזויפיל געפּייניקט, ווי נאָר די
דייטשן זענען פעיִק. און ווי ווייט די דייטשע חכמה איז געשטאַנען הויך אין
הרגענען און מאָרדן איז שוין געווען באַקאַנט. מען האָט די אומגליקלעכע אויס־
געשטאָכן מיט הייסע פרענטן די אויגן, געשניטן פשוט לעבעדיקע פלייש, גע־
בראָכן די פינגער, געריסן די ציינער (באַזונדער ווען עס האָט געהאַט אַריינ־
געשטעלטע גאָלדענע), אויסגעשניטן די צינגער אאַז״וו.

אין יענעם טאָג האָבן זיי אומגעבראַכט ביי אַ 700 שארקאָוושצינער ייִדן
פון די פאַרבליבענע אין שטעטל צוזאַמען מיט די געכאַפּטע אויף די וועגן.

אין אַזאַ דערפאָלג — מוז געזאָגט ווערן — האָבן די דייטשן אַ סך מיט־
געהאָלפן די אָרטיקע פויערים, וועלכע האָבן איבערגענומען די ייִדן אויף די

וועגן און האָבן זיי איבערגעגעבן אין די מערדערישע הענט. באַזונדער פלייסיק זענען דאָ געווען די אָרטיקע פּאָליציאַנטן. עס האָט זיך אָבער נישט געענדיקט מיט די 700 קרבנות. די פּאָליציי איז נישט מיד געוואָרן, טעג און וואָכן נאָכאַנאַנד, צו זוכן די באַהאַלטענע און אנטלאָפענע ייִדן. זיי זענען געלעגן אין די קוסטעס, אין די וועלדלעך, אין קאָרן ביי די וועגן און געלויערט פון דאָרט אויף די ייִדישע פּליטים.

אַ גרויסע טרייב־קראַפט פאַר דער פּאָליציי און פאַר די פּויערים צו כאַפּן ייִדן איז געווען די חפצים און געלט, וואָס די ייִדן האָבן מיט זיך מיטגענומען. ביי אַ דערמאָרדעטן ייִד פלעגט אַ פּויער געפינען אַ זייגערל, אַ פינגערל, אויערינגלעך, אָדער סתם געלט. אַ באַזונדער אַפּעטיט האָבן די מערדער געהאַט צו אַ ייִד מיט גאָלדענע ציין.

די ייִדן האָבן געוווסט, אַז מען זוכט זיי, מען לויערט אויף זיי און דעריבער פלעגן זיי ליגן אין קאָרן, אונטער די קוסטעס, נישט רירנדיק זיך פון אָרט. זיי פלעגן מורא האָבן אַפילו שטאַרקער צו אָטעמען, זיי האָבן נישט געגעסן, נישט געטרונקען, געלעגן אונטער רעגן, אין קעלט (דער יוני 1942 איז, צום ייִדישן שלימזל, געווען אַ נאַסער און אַ קאַלטער).

ווי ווייט די אָרטיקע פּאָליציי האָט נישט אָפּגעלאָזט איז צו זען פון אָט דעם פאַקט: 5 וואָכן נאָך דער שחיטה איז אַ שאַרקאָוושצינער ייִד לייב חזן, נישט קענענדיק איבערטראָגן דאָס ליידן פון זיינע קינדער, וועלכע זענען געווען שרעקלעך פאַרשמאַכט פון הונגער, קעגן אַלע געפאַרן אַרויסגעקראָכן פון דעם קאָרן און אַוועק קריגן אַ שיסל וואַסער. ווען ער האָט זיך אָנגעבויגן צו אַ בלאָטע אָנשעפּן אין אַ צעבראָכענער כלי וואַסער, איז פון אונטער אַ קוסט אַרויסגעשפּרונגען אַ פּאָליציאַנט און האָט ביי אים געפאָדערט געלט, צוזאָגנדיק אים, אַז ער וועט אים דערפאַר לאָזן לעבן... נאָכדעם ווי חזן האָט אים אָפּגעגעבן אַ טייל פון זיין געלט, האָט דער פּאָליציאַנט אין אים אויסגעשאָסן און האָט אים שווער פאַרוווּנדעט. מיט די לעצטע כוחות האָט חזן אַרויסגענומען דאָס איבעריקע געלט און עס שנעל צעריסן, כדי דער מערדער זאָל פון דעם נישט נהנה זיין. דער פּאָליציאַנט האָט תיכף אַריינגעשאָסן אין חזנען נאָך אַ קויל און האָט אים פאַרענדיקט.

דאָס האָבן צוגעזען די באַהאַלטענע חזנס פרוי און קינדער. זיי האָבן אַפילו נישט געקענט זיך לייכטער מאַכן זייער ווייטאָג מיט אַן אויסגעשריי, מיט אַ קרעכץ. זיי האָבן נעבעך געמוזט שטיקן די טרערן, ווייל אַ געוויין, אַ כליפּ, אַ נישט פאָרזיכטיקער שאָרך איז עלול געווען זיי אויפצודעקן. אויב זיי האָבן זיך צו יענעם מאָמענט אויסגעהיט, האָט זיי אָבער די אַכזריותדיקע האַנט שפּעטער געטראָפן.

ווי געזאָגט, זענען אַ סך פון די אָרטיקע קריסטן געווען די בעסטע אויפזוכער פון די באַהאַלטענע. יעדער פּויער איז דאָך אויסגעצייכנט באקאנט מיט

די וועגלעך און שטעגלעך, מיט אַלע וועלדלעך און קוסטעס אין זיין ראַיאָן. די געכאַפּטע ייִדן פלעגן זיי גופא אומברענגען מיט פאַרשיידענע געצייג: מיט העק, רידלס, לאָמען, קירקעס א״אַ, אָדער איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי אָדער דייטשן. דערפאַר פלעגט די פּויערים אויסגעדריקט ווערן אַנערקענונג מצד די מאַכט־אָרגאַנען און זיי פלעגן אויך מאַטעריעל באַלוינט ווערן מיט עט־לעכע קילאָ זאַלץ, שוועבעלעך, זייף א״אַ.

אַזוי, למשל, האָט מאַקאַר פון דאָרף פּאליליעק געכאַפּט זרח קראפּיווניק און אים דערמאָרדעט. ער האָט אויך דערהרגעט מאָטקע בודאוו, די משפחה פון לייזער ראדאסקאווּיטש האָט ער פאַרטריבן אין טייך און האָט זי דאָרט דער־טרונקען. איינער אַן איינוווינער פון הייפּל בעדי האָט אָנגעטראָפן אויף דריי ייִדישע פּליטים. ער האָט זיי אַריינגענאַרט צו זיך, צוזאָגנדיק זיי שוץ, און דער־נאָך איבערגעגעבן די דייטשן. וואשטאי דאוויד האָט אַריינגענאַרט צו זיך די משפּחה פון ד. פילדאס מיטן צוזאָג אויסצובאַהאַלטן זיי און האָט זיי שפּעטער איבערגעגעבן די דייטשן; ער האָט צו זיך אויך פאַרנאַרט אַ קליין ייִנגל עסטרין און אַליין אים דערמאָרדעט מיט אַ האַק.

אינמיטן אַזויפיל אכזריותן זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן די ברידער סטאנקעוויטש מאַריאַן און אַדאָלף פון בארסוטשינע, וועלכע האָבן געהאָלפן די ייִדן אין זייער עת־צרה. זיי האָבן זיי געהאָלפן באַהאַלטן זיך פון די דייטשע מערדער, געשפּייזט זיי און אָנגעוויזן ערטער ווו צו באַהאַלטן זיך, וווהין צו אַנטלויפן.

צום גרויסן שבח דאַרף אויך דערמאָנט ווערן איינער סטאַצעוויטש, אין יענעם געגנט, וועלכער האָט זיך פשוט מקריב געווען, כדי צו ראַטעווען ייִדן. דערוויסנדיק זיך, אַז ביי סטאַצעוויטשן קען מען געפינען אַ מקום מקלט, האָבן זיך די ייִדן צו אים אַ לאָז געטון פון אַלע זייטן. ער האָט זיי באַהאַלטן ווו נאָר ער האָט געקענט — אין די קלייטן, אין שייער, אויף די בוידימער, ווי אויך ביי זיינע באַקאַנטע, צו וועמען ער האָט געהאַט צוטרוי. עסן פלעגט ער געבן נישט בלויז די וואָס האָבן זיך צו אים געווענדט, נאָר ער פלעגט אויך טראָגן שפּייז צו ייִדן אין וואַלד, אין קאָרן, אויב ער האָט נאָר געוווּסט ווו זיי ליגן באַהאַלטן. נישט איין ייִד איז דעמאָלט אַ דאַנק אים געראַטעוועט געוואָרן.

דער גרויסער גומל חסד, דער ייִדישער רעטער סטאַצעוויטש איז צו שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אין געגנט ווי אַ ייִדישער פאַרטיידיקער און דאָס האָט נישט גע־טויגט. ווי געזאָגט, האָט דער גרעסטער טייל פּויערים אין געגנט, זייער אַ סך מיטגעהאָלפן די דייטשן אין זייער אויסראָטן די ייִדן. און צוליב דעם האָבן אָרטיקע באַקאַנטע פּויערים באַשלאָסן אָפּצוראָמען סטאַצעוויטשן פון וועג... די דאָזיקע „גוטע שכנים“, אויסשפּירנדיק איין מאָל, אַז ביי סטאַצעוויטשן אין באָד זענען באַהאַלטן זיבן ייִדן און אויפן בוידעם פון זיין וווינונג צוויי ייִדן, זענען אַוועקגעפאָרן אין שארקאווּשצינע און וועגן דעם געהיים דערטראָגן דער דאָר־

טיקער פּאָליציי, וועלכע איז צוזאַמען מיט דער זשאַנדאַרמעריע תיכּף אומגעריכט אָנגעקומען צום אָרט פון „פאַרברעכן" און האָבן אונטערגעצונדן די באָד פון אַלע זייטן. פון די זיבן באַהאַלטענע דאָרטן ייִדן איז באַלד געוואָרן אַ קופּע אַש — די ביינער זענען כמעט נישט קענטיק געווען. זיי זענען אויך אַוועק צו סטאַצעוויטשן אין הויז זוכן ייִדן. סטאַצעוויטש, וועמענס נאָמען עס דאַרף באמת פאַרצייכנט ווערן אין די זכרונות פון אונדזערע בלוטיקע בלעטלעך מיט גאָל־דענע אותיות, האָט דאָ אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכן מסירת נפש. אָנשטאָט אַליין צו אַנטלויפן פון די מערדער, האָט ער זיך פאַרנומען בעת מעשה מיט ראַטעווען די ביי אים פאַרבאַהאַלטענע ייִדן. ער האָט זיי שנעל אַרויסגעלאָזט דורך די פענצטער און אַליין איז ער, צום אומגליק, אַריינגעפאַלן צו די באַנדיטן אין די הענט. די באַנדיטן האָבן אים אַוועקגעפירט אין גלובאָק, ווו מען האָט אים דערשאָסן.

דאָס זענען געווען איינצלנע אָאַזיסן אין דעם גרויסן, וויסטן מדבר. ווען אַזוינע ליכטיקע געשטאַלטן, ווי סטאַצעוויטש און אַפילו סטאַנקעוויטש וואָלטן געווען אין אַ גרעסערער צאָל, וואָלט די דייטשע חיה נישט געקענט אויספירן אַזוי ווייט אירע טייוולאָנישע אַקציעס אין דער ייִדן־אויסראָטונג. די ייִדישע טראַגעדיע וואָלט געווען אַ סך קלענער.

שאַרקאָוושצינער געטאָ האָט געציילט ביי אַ 1.200 ייִדן.

עפּעס באַזונדערס אויסטערלישס האָט פּאַסירט אין דיסנע, אַ שטאָט אויף דער מערב דווינע. בעת דער פאַרניכטונג־אַקציע האָבן די ייִדן גופא דאָרט אונ־טערגעצונדן די געטאָ, בכדי דער שונא זאָל נישט נהנה זיין פון ייִדישן פאַרמעגן.

דער יודענראַט, דערזעענדיק ווי די געטאָ איז פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי, האָט תיכּף באַגאָסן מיט בענזין און אונטערגעצונדן עטלעכע הייזער. באַלד איז די גאַנצע געטאָ געשטאַנען אין פלאַמען. די דייטשן האָבן פון אַלע זייטן געעפנט אַ פייער פון ביקסן, קוילנוואַרפער, באָמבעס א"אַ. ראַטעווען זיך איז געווען אוממעגלעך, ווייל דער רינג אַרום איז געווען זייער אַ געדיכטער און נישט לאַנג האָט געדויערט ווי דער גאַנצער שטח אַרום איז געווען אויסגעשפּרייט מיט מתים און שווער פאַרוווּנדיקטע. ייִדיש בלוט האָט געשטראָמט איבער די גאַסן, ווי וואַסער נאָך אַ גרויסן רעגן. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט קרעכצן און געשרייען פון די פאַרוווּנדיקטע. אַ רויך און אַ טשאַד פון די ברענענדיקע מענטשן האָט זיך אויסגעשפּרייט נישט בלויז איבערן געטאָ, נאָר איבער דער גאַנצער שטאָט. די פייער־צונגען האָבן געלעקט די בערוועגעס פון די אַלטע ייִדישע הייזער און הייזלעך און פאַרכאַפּט די זיך וואַלגערנדיקע הרוגים און באַלד פאַרוואַנדלט זיי אין קוילן.

און די דייטשן האָבן געקליבן נחת, צוקוקנדיק זיך צום גרויסן דערפאָלג, צו זייער דערגרייכונג...

אין דיסנער געטאָ האָבן זיך געפונען ביי אַ 3.000 ייִדן. געראַטעוועט האָבן זיך בלויז יחידים.

אין בראַסלאַוו זענען די ס־ד, ווי זיי האָבן זיך נוהג געווען אומעטום, אָנגע־קומען אויף זייערע אויטאָס גאַנץ פרי און מיט דער הילף פון פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע אַרומגענומען די געטאָ און דורכגעפירט דאָרט זייער בלוטיקע אַרבעט.

אין משך פון אַ פּאָר שעה האָבן זיי דאָרט אויסגעמאָרדעט קרוב פון 3.000 נפשות, איבערלאָזנדיק פּאַר זיך בלויז עטלעכע צענדליק ספּעצאַרבעטער. גאַנץ ווייניק האָבן זיך באַהאַלטן אין קעלערס און אין גריבער און אין אַנדערע אונ־טערערדן פון וואַנען דער גרעסטער טייל איז שוין נישט אַרויס. די פּאָליציי האָט נישט אָפּגעלאָזט און געזוכט די באַהאַלטענע.

דאָ דאַרף אויך פאַרצייכנט ווערן דער שיינער הומאַניטאַרער טאַט פון אָר־טיקן ראַיאָן־נאַטשאַלניק קיסעלעווסקי, געוו׳ סטאַראָסטע פּאַר דער פּוילישער מאַכט. ווערלנדיק ראַטעווען די באַהאַלטענע ייִדן איז ער פערזענלעך געפאָרן צום גלובאָקער געביט־קאָמיסאַר און געבעטן, אַז מען זאָל אראָפּנעמען די פּאָליציי־וואַך פון די ייִדישע הייזער און די באַהאַלטענע ייִדן זאָל מען נישט אומברענגען. זיין בקשה האָט ער מאָטיווירט מיט דעם, וואָס די גאַנצע אַרבעט אין די אייַנ־הייטן האָט זיך אָפּגעשטעלט און עס איז נישטאָ מיט וועמען צו לאָזן עס אין גאַנג. דער געביט־קאָמיסאַר האָט צוגעשטימט און צוגעזאָגט צו באַפרידיקן זיין בקשה. דער ייִדישער מליץ־יושר, קיסעלעווסקי, איז אַוועקגעפאָרן אַהיים, זייענ־דיק אינגאַנצן זיכער, אַז דעם רעשט ייִדן אין בראַסלאַוו וועט קיין בייז נישט געשען. נאָר באַלד ווי קיסעלעווסקי איז אַרויס פון געביט־קאָמיסאַר, האָט דער לעצטער טעלעפאָנירט צו דער זשאַנדאַרמעריע אין בראַסלאַוו, זי זאָל דערפירן די שחיטה איבער די ייִדן ביזן סוף. און ווען דער ראַיאָן נאַטשאַלניק האָט זיך צוריקגעקערט אין בראַסלאַוו, זענען שוין די פאַרבליבענע 300 ייִדן געווען אויס־געמאָרדעט.

אין די ימי חושך, אין די שרעקלעכע טעג האָט די ס־ד דורכגעפירט אַ שחיטה איבער די ייִדן פון מיאָר, וווּ זייער ווייניק האָבן זיך געראַטעוועט. צווישן די געראַטעוועטע איז געווען איינער לאַנדאַו ליפּאַ ז״ל, אַ מענטש מיט אַ סך וויסן און טיף אינטעליגענט. אים האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן ממש פון גרוב, וווהין מען האָט אים, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער, ווי אויך אַלע מיאָרער ייִדן אַריינגעוואָרפן צום אומברענגען. אין מיאָר זענען דעמאָלט, דורך די דייטשע מערדער מיט זייערע אָרטיקע מיטהעלפער, דערמאָרדעט געוואָרן אַרום צוויי טויזנט ייִדן.

אין די זעלבע טעג זענען ליקווידירט געוואָרן די ייִדישע ישובים אין פּליסטע, לוזשקי, ניי־פּאָהאָסט, פּראַזאָראַק, זיאַבקי, האַלוביטש א״א. אין דרויע זענען אומגעבראַכט געוואָרן ביי 2.200 ייִדן. די מערדער האָבן זייער פּאַרניכ־

טונג־אַרבעט אין די שטעטלעך דורכגעפירט זייער גיך, צו צוויי שטעטלעך אַ טאָג. ווייניק יידן האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די דערמאָנטע ישובים. די בלוטיקע אַרבעט פלעגט דורכגעפירט ווערן אויף אַזאַ אופן: די ס־ד פלעגט אָנ־פאָרן אין שטעטל, דורכפירן די מאַסן־שחיטה אין משך פון אַ פּאָר שעה און אַוועקפאָרן. און די אָרטיקע פּאָליציי האָט שוין פאַרענדיקט די אָנגעהויבענע אַרבעט. די היגע ווייסרוסן און פּאָליאַקן אין זייער שוואַרצע פּאָליציי־אישע קראָען־הלבשה, האָבן זייער פלייסיק געזוכט די באַהאַלטענע יידן אין משך פון טעג און וואָכן און זיי געמאָרדעט, זיי האָבן געזוכט די אומגליקלעכע באַהאַלטענע יידן אין די הייזער, אויף די בוידימער, גריבער, אין די אַרומיקע פעלדער און וועלדער אאַז״וו. די וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין כאַפּן יידן האָבן די דייטשן באַשאָנקען מיט מתנות.

## די צווייטע געטאָ

צו די פאַרניכטונג־פּלענער פון די דייטשן דאַרף צוגערעכנט ווערן דאָס אָפּטיילן די „נוצלעכע" יידן פון די „נישט נוצלעכע". פאַר די „נישט נוצלעכע" יידן, ווי שוואַכע, קראַנקע, זקנים, קאַליקעס און בכלל נישט פעיִקע צו פיזישער אַרבעט, האָבן די דייטשן געשאַפן די אַזוי גערופענע „צווייטע געטאָ". פאַר דער צווייטער געטאָ איז אויסגעטיילט געוואָרן די גאַס פון דער אַלטער קישעלייקע (לעגיאָנאָווע) מיט אירע געסלעך: נאָווע, גלערע, מאָסטאָווע א״אַ, און אַהין האָט מען אָנגעהויבן אַריבערפירן די „נישט נוצלעכע יידן". די אַקציע פון אַזאַ אײַ־בערזידלונג האָבן די דייטשן אויסגענוצט אויך פאַר זייערע רויב צוועקן. עלטערן וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן פון זייערע קינדער אין דער צווייטער גע־טאָ צי קינדער מיט זייערע עלטערן, האָבן זיך אויסגעקויפט פון דער צווייטער געטאָ מיט געלט, צירונג, קליידער וכדומה. בכלל האָבן די יידן נישט געוווּסט די אמתע כוונה פון דעם שאַפן אַ צווייטע געטאָ. מען האָט עס אויסגעטייטשט אויף פאַרשיידענע אופנים. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז די „נישט נוצ־לעכע יידן" אין דער צווייטער געטאָ וועלן נישט באַקומען קיין ברויט, אַז פאַר זיי וועט געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלער רעזשים. עס זענען אויך געווען קלאַנגען, אַז פאַרקערט, מען וועט די איינוווינער פון דער צווייטער געטאָ, ווי קראַנקע, שוואַכע אאַז״וו, דווקא בעסער באַהאַנדלען. עס האָט זיך אָבער אויך פאַרשפּרייט אַ שוידערלעכער קלאַנג, אַז מען שאַפט אַ צווייטע געטאָ פון אַן „אומנוצלעכן" יידישן עלעמענט, כדי צוצושטעלן די דייטשן, ווען זיי וועלן עס פּאָדערן, אַ גע־וויסע פּאָרציע יידיש בלוט... דאָס האָט מען גערעדט זייער שטיל און פאַר־זיכטיק מיט גרויס שרעק, אָבער גלויבן אין דעם האָט זיך קיינעם נישט גע־וואָלט. אַלנפאַלס, האָט דער עצם פאַקט פון דער צווייטער געטאָ אַרויסגערופן ביי דער יידישער באַפעלקערונג אַ גוואַלטיקע מהומה און מען האָט אויף דעם

געקוקט מיט גרויס חשד, און די רויבער האָבן עס אויסגענוצט. די פריִערדיקע איינוווינער פון דער אלטער קישעלייקע האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעצט ביסל פאַרמעגן פאַר דערלויבן זיי איבערצוקלייבן זיך אין דער ערשטער געטאָ און די אַלטע, שוואַכע האָבן זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן אויסגעקויפט בכדי נישט אַריינצופאַלן אין דער צווייטער געטאָ. און אין דעם אומגליק האָבן זיך געשפּירט גליקלעך די, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוכאַפּן פון דער אלטער קי־שעלייקע, ווי אויך די, וועמען עס האָט געדראָט אַהין אַריינצופאַלן און זיי האָבן עס אויסגעמיטן. און אומגליקלעך האָבן זיך געפילט די ייִדן, וועלכע האָבן דאָרט געמוזט זיין. און געבליבן זענען דאָרט, נישט בלויז די „נישט נוצלעכע", נאָר יענע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין כופר, קיין אויסקויף־געלט. עס זענען דאָרט פאַרבליבן סטאָליערס, שניידערס און אַנדערע פאַכלייט, כאָטש זיי האָבן געהערט צו דער קאַטעגאָריע פון די „נוצלעכע ייִדן". עס זענען דאָרט, צווישן אַנדערע, געזונטע און יונגע, פאַרבליבן דער סטאָליער שולמאַן, דער שניידער עטינגאָף און אַנדערע.

די צערודערונג ביי די ייִדן איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. דאָס שאַפן ביי די ייִדן גופא צוויי קאַטעגאָריעס, דאָס פאַנאַנדערטיילן ייִדן פון ייִדן האָט אַלעמען אויפגעטרייסלט. מען האָט אָפן געזען, אַז דער ייִד איז געוואָרן זייער אַ ביליקער אַרטיקל און איז ביי די דייטשן און זייערע מיטהעלפער אין די הענט ווי אַ נאַרישע שפּילצייג, מיט וועלכן מען טוט וואָס מען וויל. די ייִדן פון גלו־באָק, ווי די ייִדן אומעטום, זענען אָבער געווען הילפלאָז. זיי האָבן דעמאָלט קיין זאַך נישט געקענט צוטראַכטן, עס איז נישט געווען קיין אויסגאַנג פון דער בי־טערער, פאַרצווייפלטער לאַגע, עס איז נישט געווען קיין רעטונג פון אומגליק. קיין פאַרטיזאַנישע באַוועגונג איז נאָך דעמאָלט אין יענע מקומות כמעט ווי נישט געווען. אַלנפאַלס, האָט פון דעם גלובאָק אַפילו דאַן נישט געהערט.

## די צווייטע געטאָ ווערט צוגעגרייט צו דער שחיטה

קול עמי יתיפּח... אוי נא לי כי עיפה
נפשי להורגים (ירמי' ד')
פני זקנים לא נהדרו, זקנים משער שבתו
(איכה ה')

נאָכן אָפּפאָרן פון די ס"ד פון גלובאָק (זע קאַפּיטל „די שוואַרצע סטודענטן" זייט 101) האָט דער יודענראַט אָנגעהויבן ענערגיש אַריבערפירן ייִדן פון דער ערשטער געטאָ אין דער צווייטער. איבערהויפּט זענען אַריבערגעפירט געוואָרן אַלטע, שוואַכע, קאַליקעס און אַפילו גאַנצע משפחות פון געזונטערע און יונגע־רע אויך. עס זענען נישט אַריבערגעפירט געוואָרן די עלטערן פון דער ייִדישער פּאָליציי און פון די יודענראַטניקעס, ווי אויך גאָר וויניקע, וועמען עס איז

געלונגען זיך אויסצוקויפן. פאַרקערט האָט מען דערלויבט אייניקע פון דער צווייטער געטאָ (די אמתע תושבים פון יענע געסלעך) אַריבערצוקלייבן זיך אין דער ערשטער געטאָ. פאַרוואָס די בייטונג פון מענטשן האָט אָנגענומען אַזאַ ענערגישן און שנעלן כאַראַקטער האָט קיינער נישט געוווּסט. תחילת האָט מען געמיינט, אַז דאָס זענען „בלויז" מיטלען אויסצופּרעסן ביי יידן געלט, צירונג אאַז"וו, ווייל פאַר כופר האָט מען דאָך, אין געוויסע פאַלן, דערלויבט צו בלייבן אין דער ערשטער געטאָ. די תושבים פון יענעם געטאָ, וועמענס הייזער האָבן זיך דאָרט געפונען, ווי מ. שולהייפער, א. כהן, שוועסטער פייגעלסאָן (דענטיס־טינס), י. שולעוויטש, האָבן בכלל איינגערעדט די דאָרטיקע רייכערע יידן, אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן אָנציִען און פאַרבלייבן אויף זייערע ערטער, ווו זיי לעבן פון אַלע ציַיטן. ווי אַ באַוויַיז, האָבן זיי דערקלערט, אַז ביי די דייטשן איז נישטאָ קיין חילוק צווישן ערשטער און צווייטער געטאָ, קען דינען דער פאַקט, וואָס בעת דער שחיטה, אין אַפּריל 1942, פון די 110 יידן, האָבן זיי פון דער ערש־טער געטאָ אומגעבראַכט נאָך מער יידן איידער פון דער צווייטער. די אַקציע פון דעם אַריבערפירן איז געוואַקסן פון שעה צו שעה. אַלטע לייט, פרויען און מענער האָט מען צעשיידט מיט זייערע משפחות. מען האָט נישט געשוינט קיין שווער קראַנקע. די מוטער פון די וואָס שרייבן די שורות איז געלעגן קראַנק און נישט געקוקט אויף אַלע אונדזערע באַמיִונגען, אויף די תחנונים, געוויינען און געשרייען האָט מען זי, צוזאַמען מיטן בעטל אויף וועלכן זי איז געלעגן, אַוועקגעפירט אין דער צווייטער געטאָ. די פּאָליציאַנטן דוד פרימאַן (צונעמענעש „דוד דער זאַדיק"), אַרקע שיינדלין (אַרקע ליבע טויבעס) און יונגעלסאָן (פישל פינעס אַ זון, דאַכט זיך זלמן), האָבן מיטגעבראַכט אַ פויערישע פור. איך מיט מיין פרוי ד"ראַ העלענע ראיאק ע"ה, האָבן זיך שטאַרק געראַנגלט מיט די יידי־שע פּאָליציאַנטן, נישט געוואָלט לאָזן נעמען אויף כוח אונדזער מוטער אַ קראַנ־קע. זיי האָבן אונדז געשטויסן, געשלאָגן און לסוף איז די פיזישע איבערוואָג באַטירלעך געווען אויף זייער זייט און זיי האָבן אונדז גובר געווען, אַרויסגעריסן פון אונדזערע הענט אונדזער קראַנקע מוטער, אַרויפגעוואָרפן זי מיטן בעטל אויף דער פור און אַוועקגעפירט. שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער אונדזער געמיט ווען מיר זענען נאָכגעגאַנגען נאָכן וואָגן, אין וועלכן מען האָט די מוטער געפירט אין דער צווייטער געטאָ אַריין. די פּאָליציאַנטן האָבן אַליין געשמיסן דעם פערד, געאיילט וואָס גיכער און אויפן וועג האָבן זיי אויפן זעלבן אופן אַרויפגענומען אויף דער פור נאָך אַן עלטערע, שוואַכע פרוי (דאַכט זיך די מו־טער פון אַדוואָקאַט פּרוכט).

דאָס אַריבערפירן אין דער צווייטער געטאָ האָט אויסגעזען לערך אַזוי:

עס גייען איינער, צוויי אָדער מער אַלטע לייט אַרומגערינגלט פון עטלעכע יידישע פּאָליציאַנטן. מיט אַ ציטערדיקער, כמעט וויינענדיקער שטים, פּרובירט ווער פון זיי אַ פרעג טון: „וווּהין פירט מען אונדז?" — גייט ווו מען הייסט אייך!

קומט דער ברוטאַלער ענטפער פון פּאָליציאַנט. אויב עמעצער האָט געהאַט די „חוצפּה" נישט צו וועלן גיין האָט ער געקראָגן אַ שטויס, אַ קלאַפּ, אַ שטורך, אָדער די פּאָליציאַנטן האָבן אים פון ביידע זייטן גענומען אונטער די אָרעמס און מיט כוח געשלעפּט.

נאָך שרעקלעכער האָבן אויסגעזען די פורלעך, אויף וועלכע מען האָט גע־פירט שוואַכע, וואָס האָבן נישט געקענט גיין מיט די אייגענע כוחות. צו 4־5 זקנים און זקנות אויף אַ פויערישן וואָגן, האַלב ליגנדיק, האַלב זיצנדיק, די קעפּ אַראָפּגעלאָזט, אַ טייל וויינען, אַנדערע שווייגן און קוקן מיט אויסגעשטערקטע שטומע בליקן אין איין ריכטונג, ווי זיי וואָלטן קיין זאַך נישט דערקענט און גאָר נישט געפילט. איין פּאָליציאַנט טרייבט אָן דאָס פערד, אַ צווייטער גייט ביי דער זייט, אַ דריטער — פון הינטן, — די „פאַרברעכער" זענען געווען שטרענג באַוואַכט. נאָך דעם פורל גייען נאָך די שטוביקע און ברעכן די הענט, ריידן צו זיך, וויינען און בעטן. עס האָט אויסגעזען ווי אַ לויה, אָבער נישט אין ערך טרויעריקער און טראַגישער, מען פירט לעבעדיקע... לעבעדיקע, ווי קעלבער אין שלאַכטהויז...

די גאַנצע צווייטע געטאָ איז געווען אָנגעפילט מיט געוויין, מיט יללות, מיט זיפצן און קרעכצן. די אַלטע האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן, וווהין און צו וואָס פירט מען זיי, פאַר וועלכע חטאים האָט מען זיי צעשיידט מיט זייערע קינ־דער, מיט דער איבעריקער משפחה, ווי וועלן זיי אַליין, איינזאַם קענען לעבן, עקסיסטירן אד״גל. די יונגע ווידער, האָבן געהאַט איינגעלייגט וועלטן, זיי זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט פאַר דעם גורל פון זייערע עלטערן, וועלכע זענען אָן אויפזיכט, אָן באַזאָרגונג (וועגן מאָרד האָט דאָך קיינער ערנסט נישט געטראַכט, מען האָט נישט געגלויבט, אַז אַזאַ זאַך וועט פּאַסירן).

די גאַסן־סצענעס פון שלעפּן די ייִדן אין דער צווייטער געטאָ, דורך דער ייִדישער פּאָליציי, האָט געדויערט לערך אַ צוויי וואָכן, פון 20טן מאַי ביז די ערשטע טעג יוני, 1942. אין משך פון די צוויי וואָכן איז אין די געטאָ־גאַסן געווען „פריילעך". די פּאָליציי, טאַקע אונדזער אייגענע ייִדישע פּאָליציי, איז זיך, צו אונדזער גרויסן בזיון און נאָך גרעסערער טראַגעדיע, מיט אָט די טייע־רע זקנים און זקנות באַגאַנגען אויפן ברוטאַלסטן אופן.

די אַקציע פון אַריבערפירן די „אומנוצלעכע ייִדן" אין דער צווייטער געטאָ האָט זיך פאַרענדיקט. די גאַנצע אַלטע קישעלייקע (לעגיאַנאָווע) מיט די דער־בייאיקע געסלעך, ווי: גלוכע, מאָסטאָווע, נאווע א״אַ, זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט געוויין און מיט קרעכצן פון די פאַרביטערטע ייִדן. די זקנים, ווי אויך איי־ניקע זקנות, האַלטן אין איין זאָגן תהילים, זענען מתפלל מיט גרויס תחנונים און טרערן, אַז השי״ת זאָל זיי אַרויסציִען פון דער צרה. עטלעכע מאָל אין דער נאַכט מאַכט די ייִדישע פּאָליציי אין דער צווייטער געטאָ אַ קאָנטראָל, צי האָט חלילה עמעצער נישט „דעזערטירט" צוריק אין דער ערשטער געטאָ צו זיין

משפּחה, צו זיינע קינדער און צי האָבן די קינדער נישט „אַרויסגעגנבעט״ זייער קראַנקן פאָטער, אָדער קראַנקע מוטער. אויב די פּאָליציי האָט ביינאַכט אויסגעפונען, אַז עמעצער פעלט, איז מען געלאָפן אין דער ערשטער געטאָ צו יענער משפּחה, אויפגעזוכט דעם „דעזערטיר״ און אין מיטן נאַכט מיט געוואַלט, געשרייען און געשלעגן צוריק אומגעקערט אין דער צווייטער געטאָ.

אויב עמעצער פון די נאָענטע משפּחה־מיטגלידער האָט געוואָלט אויף נאַכט איבערבלייבן אין דער צווייטער געטאָ ביים בעטל פון זיין קראַנקן פאָטער אָדער מוטער, כדי אַרום דעם אַלטן, שוואַכן אַרומצוגיין, האָט די פּאָליציי בשום־אופן נישט דערלויבט, (בייטאָג איז דאָס מעגלעך געווען). אַ באַזונדער פאַרביטערונג האָט אַרויסגערופן דאָס, וואָס אייניקע עלטערן פון די פּאָליציי און יודענראַט־ניקעס זענען פאַרבליבן נישט געריהרט, ווי זלמן גאָרדאָן און פרוי — עלטערן פון פּאָליציאַנט חיים־בער גאָרדאָן א״אַ. זיי זענען פאַרבליבן אינדערהיים... אויך דאָס האָט געוועקט אַ סך חשדים און פאַרשיידענע טרויעריקע קאָמענטאַרן.

ווען די פאַרביטערטע, פאַרצווייפלטע ייִדן האָבן זיך געווענדט צום יודענעלטסטן גרשון לעדערמאַן, אַז ער זאָל אויפדעקן דעם סוד פון אַזאַ מין פאַנאַנדעררייסן די משפּחות, האָט ער דערקלערט, אַז די דייטשע ציוויל־מאַכט פירט עס דורך מיטן ציל צו באַגרענעצן דאָס אַרויסגעבן פּראָדוקטן פאַר די נישט אַרבעטנדיקע. דער אמת, די פינצטערע ווירקלעכקייט אָבער, איז געווען, ווי מיר וועלן זען ווייטער, גאָר אַן אַנדערע. דאָס האָט לעדערמאַן געוווּסט באַצייטנס.

**
*

דערווייל האָט מען אָנגעהויבן, שנעל און ענערגיש, צונויפצושטעלן רשימות פון די ייִדן, וואָס געפינען זיך אין דער ערשטער געטאָ. מען האָט אויסגעשריבן אַלע אַרבעטער, זייערע פרויען און קינדער. אַרבעטער, נאַטירלעך, האָט געמיינט ייִדן, וואָס ברענגען געהעריקע נוצן פאַר די דייטשן; ייִדן, וועלכע דער דייטש זאָל אָנערקענען, אַז זיי האָבן רעכט צו לעבן, רעכט אַרומצוגיין אויף דער וועלט און אָטעמען די לופט. און אָנגיין פאַר אַזעלכע האָט זיך אַוודאַי אַלעמען געוואָלט — דעם רב, דעם מלמד, דעם שמש פון שול, דעם אַדוואָקאַט, דעם בוכהאַלטער, דעם דאָקטער, דעם לערער, דעם ישיבה בחור, דעם סטודענט — אַלע האָבן געזוכט מיטלען ווי אַזוי צו ווערן רעגיסטרירט פאַר שניידער, שוסטער, פעלצנמאַכער, זאָקנמאַכער, שטריקער, מעכאַניק, שלאָסער, סטאָליער, קוימענקערער, שמיד, אַלע האָבן „געוואָלט״ זיין נוצלעך פאַר זייער שרעקלעכן צורר, דעם דייטש, און רעגיסטרירט ווערן ווי אַרבעטער, כדי צו באַקומען אַרבעט־שיינען, וועלכע גאַראַנטירן דאָס לעבן...

מען איז נאָך דעמאָלט געווען נאַיִוו און מען האָט געטרויט די הבטחות פון די דייטשן, אַז אַ ייִד, אַן אַרבעטער וועט זיין אַ יחסן און וועט פאַרבלייבן געזיכערט מיטן לעבן. דעריבער וועט קיין וווּנדער נישט זיין, וואָס יעדער איז גע־

זיינען אויסערגעוויינלעך אָנגעשטרענגט, יעדער האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען צו באַזאָרגן זיך מיט אַזאַ אַרבעט־צייגעניש. אין די שוסטער־וואַרשטאַטן זענען געזעסן אויסגעמישט, מיט די אמתע שוסטער, רבנים, מלמדים, ישיבה בחורים (הרב ר' ליפא לאַנדאַו, ר' כתריאל שניידערמאַן א"אַ), און געדרייט דראַטווען, גע־שלאָגן טשוועקעס, געהויבן דעם האַמער... אין גאַס האָבן אַדוואָקאַטן, לערער, בוכהאַלטערס געגראָבן גראָבנס, געריייניקט שטאַלן און קלאָזעטן, געזעגט האָלץ אאַז"וו. איינצייטיק האָבן די דייטשן עס אויסגענוצט אויך פאַר אַ מאַטעריעלער אַקציע. מען האָט ביי די ייִדן אַרויסגעפּרעסט דעם לעצטן מאַרך פון די ביינער פאַר אָט די פּאַפּירלעך. מיט וועמען מען איז דורכגעקומען מיטן פּרייז האָט מען אַרויסגעגעבן שיינען... נישט אַלע אָבער האָבן געקענט זיין „גליקלעך", נישט אַלע האָבן געהאַט מעגלעכקייטן צו געבן די נויטיקע סומען, ווייל ביי אַ סך האָט מען שוין געהאַט אַלץ צוגענומען. זענען טאַקע די, וואָס האָבן נישט געקענט איינקויפן די שיינען, אַרומגעגאַנגען ווי פאַרמישפּטע און געקוקט מיט גרויס קנאה אויף די „גליקלעכע", וואָס זענען שוין געווען „פאַרזיכערט" מיטן לעבן...

מיר נעמען אַריין די די ווערטער „גליקלעכע" און „פאַרזיכערט" אין גענ־דזנפיסלעך, ווייל, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זענען אין יענעם פאַל געראַטעוועט געוואָרן פון דער דעמאָלטיקער הריגה דווקא יענע, וועלכע האָבן אַזעלכע „לעבנס־דאָקומענטן" נישט געהאַט. וואָרום די גאַנצע פּראָצעדור מיט די רשימות, מיט דעם יחוס פון אַרבעט, מיט די צייגענישן, מיט דעם גאַנצן טומל אַרום דעם איז געווען בלויז אַ דייטשער שפּיצל, אַ העסלעכע אָפּנאַרעריי אַרויס־צוזויגן ביי די ייִדן, אַלץ וואָס ביי זיי איז נאָך פאַרבליבן און דערנאָך ערשט זיי אַריינכאַפּן אויף אַ שווידערלעכן אופן אין פּאַסטקע. דאָס איז געווען דער אַלגע־מיין אָנגענומענער דייטשער סיסטעם, צו געווינען פריִער דעם צוטרוי פון די אומגליקלעכע, פאַרצווייפלטע גלובאָקער ייִדן און שפּעטער אומגעשטערט פאַר־ניכטן זיי.

דעמאָלט האָט מען זיך נאָך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַ רעגירונג, אַ מלוכה, אַן אייראָפּעיִשע „קולטורעלע" מלוכה, זאָל פּעיִק זיין אויף אַזעלכע נידעריקייטן, אויף אַזעלכע מינים פאַלשקייטן און אָפּנאַרערייען, וואָס אַזעלכע וואָלטן זיך נישט דערלויבט צו טון די סאַמע נידעריקסטע, די סאַמע געפאַלנס־טע פעלקער אין אַלטערטום.

צום מיטל פון אויסנאַרן די גלובאָקער ייִדן האָבן די דייטשן געשטרעבט, מיינענדיק, אַז נאָכדעם, וואָס זיי האָבן אָפּגענאַרט אין די אַרומיקע שטעטלעך וועט די אַקציע איבער די ייִדן אין גלובאָק נישט געקרוינט ווערן מיטן געהע־ריקן דערפאָלג. פון איין זייט האָבן זיי געהאַט אַ געהיימען אָפּמאַך מיטן יודענ־ראַט, אַז זיי וועלן זיך „באַנוגענען" מיט דער פּאַרציע ייִדיש בלוט, ד"ה, מיט אויסהרגענען „בלויז" די 600־700 זקנים פון דער צווייטער געטאָ. פון דער

אַנדערער זייט האָבן זיי, אויף צו באַרויִקן די געמיטער פון די ייִדן, אַז זיי זאָלן קיין זאַך נישט מערקן, אַרויסגעגעבן פאַר אַ טייל איינוווינער פון דער ערשטער געטאָ די אַרבעטס־שיינען, כדי זיי זאָלן אין צוויי וואָכן אַרום אַריינקריגן די גאַנצע באַפעלקערונג אין זייערע הענט. צום אומגליק האָט זיך זיי טאַקע אַלץ איינגעגעבן, ווי זיי האָבן פּלאַנירט (זע וויטערדיקן קאַפּיטל). ווען דער באַקאַנטער תליון קאַפּפענוואל, איז דעם 11טן יוני, אַריינגעקומען אין יודענראַט נאָך זאַכן, נאָך געלט און צירונג, האָט עמעצער פון די מקורבים צום יודענראַט, וואָס האָט געוווּסט פון אָפּמאַך, געגעבן אים אָנצוהערן, אַז עס טראָגן זיך אַרום עפּעס באַאומרויִקנדיקע קלאַנגען וועגן אַ שחיטה אויף ייִדן. דער מערדער האָט געלייקנט שטיין און ביין און ווי אַ פאַרשטייער פון דער ציוויל־מאַכט האָט ער פאַרזיכערט מיט זיין „ערנוואָרט״, אַז אַזוינס וועט אין גלובאָק נישט געשען. אַזעלכע קלאַנגען, האָט ער צוגעגעבן, פאַרשפּרייטן, צוליב געוויסע פּיינטלעכע צילן, די היגע פּאָליאַקן, וועלכע וועלן פאַר אַזאַ פּראָוואָקאַציע שטרענג באַשטראָפט ווערן...

**
*

גאַנצע טעג פלעגן מיר זיך געפונען אין דער צווייטער געטאָ לעבן אונדזער מוטער. אַמאָל אַלע צוזאַמען מיט דער פרוי ד״רא ראיאַק, מיט אונדזער קינד אַהרן־ יצחקל (ביידע שפּעטער טראַגיש אומגעקומען), וועלכע האָט נישט געוואָלט זיך אָפּשיידן פון דער באָבען. אַמאָל פלעגן מיר זיך בייטן. מיר האָבן זיך באַמיט נישט איבערצולאָזן כאָטש בייטאָג, די מוטער אַליין אַפילו אויף איין רגע, (ביינאַכט האָבן מיר לעבן איר נישט געטאָרט פאַרבלייבן), געסטאַרעט זיך זי צו פאַרנעמען, זי זאָל נישט טראַכטן, געטראָגן איר עסן און געסטאַרעט זיך צו באַקומען פאַר איר וואָס בעסערע זאַכן. זי איז געווען זייער אַ קלוגע באַזאַכטע פרוי, אַן אשת חיל אין פולן זין פון וואָרט און זי האָט אַלץ פאַרשטאַנען. זי האָט אָפּגעשאַצט די אמתע לאַגע און פלעגט אָממיינסטן שווייגן. אַזאַ שווייגן האָט אָבער אַ סך געזאָגט... זי האָט זיך שטאַרק געזאָרגט וועגן אונדז, אירע קינדער — כסדר געפרעגט: צי האָבן מיר וואָס צו עסן, געבעטן זיך, מיר זאָלן זיך נישט זאָרגן פאַר די צוגערויבטע האָב און גוטס, — „מען זאָל נאָר לעבן און געזונט זיין״, — מיר זאָלן זיך נישט קימערן וועגן איר אַאַז״וו. ווען דעם 18טן יוני, אַ טאָג פאַר דער גרויסער טראַגעדיע, האָט דער יודענראַט פאַרקויפט האָלץ (נאָך אַ שפּיצל אויף אָפּצוּווענדן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם, וואָס עס גרייט זיך פאַר די ייִדן און זיי זאָלן מיינען, אַז מען וועט זיי נישט אָנרירן), האָט זי אונדז געשיקט, מיר זאָלן זיך באַזאָרגן מיט האָלץ. מיר האָבן איר געמוזט נאָכגעבן, כאָטש די שטימונג איז געווען אַ גאַנץ נערוועזע. די דייטשע באַנדיטן, די ס־ד־לייט, געפינען זיך דאָ אין געגנט און מען ווייסט נישט מיט וואָס זייער וויזיט וועט זיך פאַרענדיקן אין גלובאָק. מיר האָבן געקויפט

דאַנערשטיק בייטאָג ביי ראובן ראטניצקי אַ מעטער האָלץ און קוים אַריבער־געשמוגלט דאָס פון דער באַן־סטאַנציע צו אונדזער וווינונג אין געטאָ אויף פרץ־גאַס. די מוטער איז דערפון געוועזן שטאַרק צופרידן, ווייל האָלץ אין געטאָ, איז געווען אַ גאַנץ ערנסטער ענין. אויך אונדז האָט טיילווייז הנאה געטון. מיר האָבן דאָך נישט אָפּגעשאַצט די אמתע לאַגע.

אין זעלבן הויז ביי מאטע שולהייפער האָבן זיך אויך געפונען זלמן ווייצ־קין מיט זיין פרוי (דוד ווייצקינס עלטערן) און נאָך עטלעכע פרויען געבראַכטע פון ערגעץ אַנדערש. ז. ווייצקין איז געווען צעדולט, ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס מען האָט צו אים גערעדט. די פרויען פלעגן תמיד ביי אונדז „באַוווסטזי־ניקע, קלוגע", פאַרשן וואָס איז דער ציל, וואָס מען האַלט זיי דאָ אָפּגעזונדערט פון די ייִנגערע. נישט קוקנדיק, וואָס מיר זענען אַליין געווען גענוג פאַרצווייפלט, האָבן מיר זיך געסטאַרעט זיי צו באַרויִקן, אַז מען מיינט גאָרנישט... און באמת טאַקע האָבן מיר זיך אַליין נישט פאָרגעשטעלט די נאָענטקייט פון אומגליק. מיר האָבן נישט געוואָלט גלויבן די ווערסיע, אַז דאָס האָט מען אָפּגעריסן די עלטערע, כדי זיי צו ברענגען פאַר אַ קרבן פאַר די ייִנגערע.

אינטערעסאַנט איז געווען די טענה פון מאטע שולהייפער, אַ ייִד אַ פרומער און אַ בן־תורה. „ער וויל האָבן, — פלעגט ער טענהן, — אַ דין־תורה מיטן יודענראַט. דהיינו: — דער דין פסקנט, אַז אויב אַ מוטער גייט שווער צו קינד, און עס ווערט איר לעבן באַדראָט, מעג מען, כדי איר צו ראַטעווען, טויטן דאָס קינד. במה דברים אמורים, אויב דאָס קינד האָט נאָך נישט געזען דעם אויר העולם. ווי אָבער דאָס קינד האָט שוין אַרויסגערוקט דאָס קעפל, רעכנט זיך שוין דאָס פאַר אַ נפש חיה און מען טאָר עס נישט אומברענגען צוליב ראַטעווען די מוטער (שפּעטער האָט מיר מיין פרוי דערציילט, אַז דער זעלבער געזעץ איז אויך גילטיק אין דער מאָדערנער געריכטלעכער מעדיצין). לויט דעם, פרעגט זיך, מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט דער יודענראַט באַשטימט די עלטערן ווי קרבנות פאַר זייערע קינדער?" אין דער אמתן אָבער האָבן די זעלבע ייִדן, וואָס האָבן אַזוי געטענהט, אַליין נישט געגלויבט אַז דאָס איז טאַקע אַזוי. מען האָט נאָר מיט דעם געוואָלט אַרויסציִען דעם סוד פון יודענראַט כדי צו וויסן, ווי דיווירקלעכקייט זעט אויס. דאָנערשטיק, ג' תמוז, האָט מען גוזר געווען אַ תענית־ציבור. מען האָט געפאַסט, געזאָגט תהילים, סליחות. פאַרנאַכט האָבן מיר זיך, אַזוי ווי אַלע טאָג, אָפּגעזעגנט מיט אונדזער מוטער, נישט האָבנדיק דעם מינדסטן פאָרגעפיל, אַז דאָס זעגענען מיר זיך מיט איר צום לעצטן מאָל און מער וועלן מיר זי שוין קיינמאָל נישט זען... זי האָט דערביי זייער ליידנשאַפט־לעך געקושט אונדזער קינד, איר איניקל, איר ליבלינג. אָבער קיינער פון אונדז האָט נישט געטראַכט, אַז דאָס איז צום לעצטן מאָל, כאָטש די שטימונג בכלל איז געווען אַ גענוג געדריקטע.

מיר זענען אַוועק אַ „היים". באַלד טאָר מען זיך שוין בכלל נישט באַווייזן

אין גאַס. דער אָוונט איז געווען אַ רעגנדיקער, אַ גאַנץ קאַלטלעכער. די שטיל־קייט פון דער נאַכט איז געוואָרן געשטערט פון צייט צו צייט דורך די געשרייען, גוואַלדן און געוויינען פון די אַנטלאָפענע פון דער צווייטער געטאָ, וועלכע די פּאָליציי האָט געכאַפּט און מיט געוואַלט צוריקגעקערט אין מיטן דער נאַכט. און גראָד איז אין יענער נאַכט געווען מער אַזוינע פאַלן ווי אַלעמאָל. (שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אייניקע זענען געוואָר געוואָרן, וואָס עס שטייט פאָר און זיי האָבן זיך געלאָזט לויפן פון דער צווייטער געטאָ, נישט קוקנדיק אויף גאָר־נישט). די אַרבעט פון צוריקשלעפּן די זקנים אין דער צווייטער געטאָ איז ביי דער יידישער פּאָליציי און יודענראַט נישט געווען אַזאַ לייכטע. צווישן די אַריינ־געזעצטע דורכן יודענראַט אין דער צווייטער געטאָ האָבן זיך נאָך געפונען גאַנץ געזונט פעסטע מענער און פרויען, מיט וועלכע דער יידישער פּאָליציי איז אויס־געקומען צו אַמפּערן זיך און שלאָגן זיך. עס האָט שטאַרק אויפגערודערט די גאַס ווען די אַנטלאָפענע שרה קראוט, פון ווילנער גאַס, האָט זיך בשום אופן נישט געלאָזט צוריקפירן און האָט אַפילו צעשלאָגן עטלעכע פּאָליציאַנטן. ליידער, האָט מען זי גוט צעשלאָגן און אַריינגעוואָרפן אין דער צווייטער געטאָ, אויפגעפרעסן צו ווערן אויף מאָרגן צוזאַמען מיט אַלעמען דורך דער דייטשער חיה. ענלעכס האָט פּאַסירט אין יענער נאַכט מיט מאטע שולהייפער, וועלכער האָט זיך אויך אַרויסגעגנבעט פון דער צווייטער געטאָ און זיך באַהאַלטן ביי דוד מונכז אין סכראַן מיט נאָך אַ סך אַנדערע. די יידישע פּאָליציי האָט אים ביינאַכט אויפגע־זוכט און אַריינגעשלעפּט אין דער צווייטער געטאָ. נאָך פאַלן זענען געווען, וועלכע מיר געדענקען נישט קאָנקרעט.

דאָס האָט אוודאי אָנגעוואָרפן אַ גרויסן פּחד און כאָטש מיר האָבן נאָך נישט געוווסט דעם שוידערלעכן אמת, איז די נערוועזיטעט געוואקסן פון שעה צו שעה. די יוני־נאַכט האָט זיך געצויגן און מיר האָבן געגומען שפּירן, אַז עפּעס שרעקלעכס טראָגט מיט זיך דער יוני פרימאָרגן, וואָס דאַרף אָנקומען. צום אומ־גליק האָבן מיר זיך נישט געגאַרט...

## די פאַרניכטונג פון דער צווייטער געטאָ; 2.500 יידן ווערן אומגעבראַכט אין איין טאָג

השמש זרחה, השטה פרחה והשוחט שחט...
(„עיר ההרגה" ביאַליק)

און דער יום צרה ותוכחה, דער שרעקלעכער בלוטיקער טאָג איז געקומען. דאָס איז געווען ערב־שבת, ד' תמוז (19טן יוני 1942). פאַרטאָג האָט אונדז אין פענצטער אָנגעקלאַפּט דער יידישער פּאָליציאַנט אבא סראגאוויטש און אָנגעזאָגט אַז מיר זאָלן זיך נישט דערוועגן אַרויסצוגיין פון שטוב ביז אַ באַזונדערער פאַר־אָרדענונג. היינט, האָט ער געמאָלדן, וועלן די יידן נישט גיין אויף אַרבעט. אַזוי

האָט די פּאָליציי אָנגעזאָגט אין אַלע הייזער, אין דער גאַנצער געטאָ — „אל יצא איש מפתח ביתו" איז געווען דער שטרענגסטער אָנזאָג. דערווייל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די צווייטע געטאָ איז שוין פון האַלבע נאַכט אָן שטרענג אַרומגערינגלטע מיט באַוואָפנטע דייטשן און מיט נישט־ייִדישער פּאָליציי — דאָס וואָס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן איז געשען. די שרעקלעכע ידיעה האָט שוין אַלעמען געעפנט די אויגן, אַלעמען איז קלאָר געוואָרן, וואָס עס האָט געמיינט דאָס שנעלע אַריבערפירן די זקנים און שוואַכע, מיט צוויי וואָכן צוריק, אין דער צווייטער געטאָ. אַלע האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז די אומגליקלעכע עלטערן און קרובים זענען איבערגעגעבן געוואָרן דער בלוט־דאָרשטיקער חיה — די דייטשע ס־ד־לייט — אויף אומצוברענגען. אַלע זענען אָבער הילפלאָז, מען קען גאָרנישט טון...

אין דער צווייטער געטאָ האָט כמעט יעדער געהאַט אַ חלק: עלטערן, אַ זיידן, אַ באָבען, אַ שוועסטער, אַ ברודער און אַנדערע קרובים. אייניקע האָבן זיך אין גרויס פאַרצווייפלונג, נישט קוקנדיק אויפן שטרענגן פאַרבאָט, נישט צו כּאַרלאָזן די וווינונגען, געלאָזט לויפן אין דער צווייטער געטאָ „ראַטעווען" ווי נישט איז די אייגענע. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז דער דייטשער מלאך־המות לויערט אויף זיי נישט ווייניקער ווי אויף די 600־700 ייִדן פון דער צווייטער געטאָ, אַז ער וועט זיך נישט באַפרידיקן מיט דעם „ביסל ייִדן", וואָס דער יודענ־ראַט האָט „מסכים" געווען אים אָוועקצוגעבן... מען האָט זיי — די וואָס זענען אַהין געלאָפן ראַטעווען זייערע עלטערן און קרובים — אין דער צווייטער געטאָ אַריינגעלאָזט, אָבער צוריק האָבן זיי דעם וועג שוין נישט געטראָפן, צווישן די לעבעדיקע האָט מען זיי שוין מער נישט געזען. (זינגער מוליע איז געלאָפן ראַ־טעווען זיינע עלטערן, געוועזענע ווילנער וואַלד־סוחרים, און איז דאָרט פאַר־בליבן). אויך איך, צ. ר., האָב זיך אין גרויס צטומלעניש און אַנטוישונג, געוואָלט לאָזן לויפן פון פּרץ־גאַס אין דער צווייטער געטאָ אויף דער אלטער קישעלייקע צו אונדזער מוטער, אָבער מען האָט מיך נישט געלאָזן, ווייל עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס האָב איך געדאַרפט גיין אויף אַ זיכערן טויט. מיר זענען אַלע, מיט אַ גרעסערער גרופּע — די גאַנצע משפחה פון אלי גאָרדאָן, ליבע חדש מיט די קינדער א"אַ — אַרויף אויפן בוידעם פון אלי גאָרדאָנס בעקעריי, כדי צו באַהאַלטן זיך און פון דאָרט האָבן זיי מיך קיינער נישט געלאָזט גיין, — טענהנ־דיק צו מיר, אַז איך וועל אומקומען און נישט העלפן דער מוטער. נאַטירלעך, אַז זיי זענען געווען גערעכט, אויך איך האָב עס פאַרשטאַנען, אָבער מיך האָט עס געהויבן און געטראָגן קעגן מיין ווילן... מיר איז געוואָרן לייכטער ווען איך האָב אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאַזמיש געוויין און איך בין געבליבן מאַכטלאָז... וואָס אין שטאָט טוט זיך האָבן מיר נישט געוווּסט. מיר האָבן נאָר אַלע פון בוידעם געהערט, ווי דייטשן האָבן עפּעס געשריען אויף די פויערים. דאָס האָט מען אַפּנים אין שטאָט נישט אַריינגעלאָזט קיין דאָרפסלייט, אָדער עפּעס אַנדערש.

אויך האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן געשרייען און געוויינען פון יידישע פרויען, וואָס האָבן זיך געבעטן ביי די מערדער, מיר האָבן זיך אָבער נישט פאַנאַנדער־געקליבן וואָס און ווען. מיר זענען געלעגן און אונדז האָט געוואָרפן. די קליינע קינדער — אונדזער אהרן־יצחקל און עדיע חדשס קינד — וואָס זענען מיט אונדז געווען, האָבן אויך פאַרשטאַנען די סיטואַציע. זיי זענען געלעגן שטיל און פון זיך נישט געלאָזט הערן.

אין אַ פּאָר שעה אַרום (וויפל אַזייגער דאָס איז געווען געדענקען מיר נישט, אַלנפאַלס נאָך אין די פרימאָרגן שעהן), האָט די יידישע פּאָליציי אָפּגע־געבן אַ צווייטן באַפעל: אַלע יידן מיט זייערע גאַנצע משפחות, פרויען און קינ־דער, דאַרפן זיך תיכף ומיד צונויפזאַמלען אויפן ספּאָרט־פּלאַץ, בכדי דאָרט צו קאָנטראָלירן די אַרויסגעגעבענע זיי אַרבעט־שיינען, אויף וויפל עס שטימט מיט דער ווירקלעכקייט די באַצייכנטע אין זיי צאָל מיטגלידער פון דער משפּחה אאַז״וו. און אַז בלויז דורכקאָנטראָלירטע און אָפּגעשטעמפּלטע אויפן פּלאַץ שיינען, וועלן זיין גילטיק. דאַקעגן די שיינען, וועלכע וועלן נישט האָבן קיין צוגאָב שטעמפּל פון די דייטשן אויפן פּלאַץ, פאַרלירן זייער קראַפט. — און נאָך דער קאָנטראָל, האָבן פאַרזיכערט דער יודענראַט מיט דער יידישער פּאָלי־ציי, וועלן זיך אַלע בשלום צוריקקערן אַהיים מיט פאַרזיכערונגען ווי „נוצלעכע" יידן, וועלכע טאָרן נישט אָנגערירט ווערן...

כמעט אַלע, וועלכע האָבן געהאַט אַזעלכע „לעבן־שיינען", האָבן זיך מיט זייערע פרויען און קינדער געלאָזט אויפן פּלאַץ. אין איין מאָמענט איז שוואַרץ געוואָרן די גאַס פון יידן, פון יידישע קינדערלעך, וועלכע די עלטערן האָבן גע־פירט פּאַר די הענטלעך און געטראָגן אויף די הענט. מען האָט זיך אַפילו גע־מונטערט מען האָט געגלויבט... אויפן מאָמענט האָט מען אַפילו פאַרגעסן דעם אומגליק מיט דער צווייטער געטאָ. יעדער האָט זיך געסטאַרעט מיטצונעמען אויפן פּלאַץ אַלע זיינע קינדער, שוועסטער, ברידער, וואָס האָבן קיין שיינען נישט געהאַט און דאָרט דערוויזן, אַז דאָס געהערן זיי צו זיין משפחה און האַלטן זיך אויף ביי אים. און היות, ער איז דאָך אַ יחסן, אַ נוצלעכער, מוז מען דאָך אַלעמען אויף זיין שיין אַרויפשרייבן און זיי זענען געראַטעוועטע...

ווי שרעקלעך רחמנותדיק און טרויעריק איז געווען די לאַגע אין יענעם מאָמענט פון די, וואָס האָבן אַזעלכע שיינען בשעתם נישט געקראָגן! ווי אומ־גליקלעך זיי האָבן זיך בעת מעשה געפילט און מיט וואָס פּאַר אַ קינאה זיי האָבן געקוקט אויף די, וואָס זענען מיט זייערע „פּאַפּירלעך" פראַנק און פריי אוועק מיט זייערע פאַמיליעס אויפן פּלאַץ, ווו זיי וועלן געשטעמפּלט ווערן ווי „נוצלעכע" און וועלן זיין זיכער, אַז קיין בייז וועט זיי שוין נישט געשען! זיי האָבן זיך איצט גענומען אויסבאַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער, אין גריבער, סכראָנעס, אויף די בוידעמער, אין די אונטערראַויוונס — באו בעבים ובכפים עלו. זיי האָבן געמיינט, אַז ווי באַלד זיי האָבן נישט קיין שיינען זענען זיי דאָך

אומנוצלעך און דער דייטש וועט דאָך זיי זיכער אומברענגען. דער אמתער גורל אָבער פון די גלובאָקער ייִדן איז געווען אַן אַנדערער.

אויפן ספּאָרט־פּלאַץ האָבן זיך צונויפגעזאַמלט פון דער ערשטער געטאָ טויזנטער נפשות, די יוגנט, די געזונטע, די פּאַכלייט — די בלום פון דער ייִדישער גלובאָק. עס איז געקומען די אינטעליגענץ — דאָקטוירים, לערער, דענטיסטן, בוכהאַלטערס, מלמדים, געווי׳ סוחרים אאַז״וו. אַלע מיט זייערע פרויען און קינדער, מיט אייגענע, וועמען מען האָט נאָר געטראַכט, אַז מען קען טון אַ טובה צו ראַטעווען. אַפילו הרב כ״ץ מיט זיין פרוי, מיט זיין טאָכטער שפּרינ־צע און אייניקל זענען, אויף דער עצה פון יודענעלטסטן גרשון לעדערמאַן, אַוועק אויפן פּלאַץ (זיין טאָכטער דבורה איז גראָד ניט געווען דעמאָלט אין הויז און זי איז נישט געגאַנגען). ווי מען האָט אונדז איבערגעגעבן איז הרב כ״ץ געווען באַהאַלטן, נאָר לעדערמאַן האָט אויף אים געווירקט ער זאָל גיין דער ערשטער און במילא וועט, אויף אים קוקנדיק, די גאַנצע מאַסע אויך נישט מורא האָבן און וועט דרייסט נאָכטון זיין ביישפּיל. (הרב כ״ץ איז, נישט געקוקט אויף זיין עלטער אין דער צווייטער געטאָ נישט געווען).

איידער די צונויפגעזאַמלטע האָבן זיך אָריענטירט, איז כהרף עין, דער פּלאַץ געוואָרן געדיכט אַרומגענומען מיט באַוואָפנטע ס־ד־לייט, זשאַנדאַרמעריע, פּאָליציי און אַנדערע מלאכי־חבלה און עס זענען אָפּגעשלאָסן געוואָרן אַלע גאַסן מיט אַ זייער אַ שטרענגער וואַך, אַזוי, אַז קיינער פון יענע, וואָס זענען נאָך צום פּלאַץ נישט געהאַט צוגעקומען, האָט זיך שוין נישט געקענט צוריק ציִען. איינעם יעקב אלמער, וועלכער האָט פון ווייטן באַמערקט, וואָס אויפן פּלאַץ קומט פאָר, האָט זיך איינגעגעבן אַריינצוכאַפּן אין אַ הויף און באַהאַלטן זיך. אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אָריענטירט אין דער סיטואַציע און געוואָלט צוריק־ציִען זיך, האָבן שוין די דייטשן פון גאַס נישט אַרויסגעלאָזט. די אָריענטאַציע איז געקומען צו שפּעט. דער גרויסער אומגליק איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך. דער קרבן אַליין איז אַריינגעשפּרונגען דער ווילדער חיה אין פּיסק אַריין...

אויף צו באַרויִקן די אויפגעטרייסלטע ייִדן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויפן פּלאַץ איז דער רעפערענט פאַר ייִדישע ענינים ביים געביט־קאָמיסאַריאַט העבעליש, אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע און אויפגעקלערט, אַז די ייִדן האָבן זיך נישט וואָס צו שרעקן, אַז זיי וועט קיין בייז נישט געשען. מען וועט זיי בלויז שיקן אויף אַרבעט אין אַנדערע שטעט, ווי סמאָלענסק, וואַרשע, באַריסאָוו א״אַ און ביי דעם האָט מען אָנגעהויבן צו סעלעקציאָנירן די ייִדן. מען האָט זיי געסאָרטירט און אַוועקגעשטעלט איין טייל אויף רעכטס און די צווייטע אויף לינקס. געהייסן האָט עס, אַז אַ טייל ייִדן פאַרבלייבט אין גלובאָק און אַ טייל, אַ סך אַ גרעסערע, ווערט כלומרשט אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט אין אַנדערע שטעט. און במילא איז אויף לינקס בעת דער סעלעקציע אָפּגעשטעלט געוואָרן דער גרעסטער טייל.

לויט דער באַהאַנדלונג, וואָס עס איז אַרויסגעוויזן געוואָרן מצד די דייטשן צו די אויסגעטיילטע ייִדן אויף לינקס, איז געווען צו מערקן, אַז זייער גורל איז שוין אַ פאַרחתמעטער. מען האָט זיי גלייך באַפוילן צו שטעלן זיך אויף די קני מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. פאַר דער קלענסטער באַוועגונג, פאַר אויפהייבן די אויגן אַ קוק טון אָן אַ זייט וואָס עס טוט זיך דאָ, איז מען שטאַרק צעשלאָגן געוואָרן. די דייטשן האָבן געקלאַפּט די ייִדן איבער די קעפּ מיט די קאָלבעס, שטעקנס, ציגל אַרויסגעריסענע פון בית־עולם־צוים בשכנות פון ספּאָרט־פּלאַץ אד״גל. און פון די קניענדיקע ייִדן מיט די אַראָפּגעלאָזטע קעפּ האָט זיך שוין דאָ גלייך אַ גאַס געטון שטראָמען בלוט. אויך די ייִדן וואָס זענען געשטאַנען אויף רעכטס, האָבן נישט אויסגעמיטן קיין קלעפּ און גוואַלדטאַטן, אָבער נישט אַזוי שרעקלעך ווי די פון לינקס.

נאָכן צעטיילן די ייִדן האָבן זיך די דייטשן אַ כאַפּ געטון, אַז עפּעס „צופיל“ געפינען זיך אויף רעכטס, צו ווייניק האָבן זיי איבערגעלאָזט אויף צו „שיקן אויף אַרבעט אין אַנדערע שטעט“ און זיי האָבן תיכף גענומען נאָך אַ 500 פּערזאָן מן הבא בידם, ווער עס איז געקומען אונטער דער האַנט און אַריבערגעטריבן אויף לינקס. די וואָס זענען נישט אַזוי שנעל אַריבער (זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט), האָבן די דייטשן אויפן אָרט בעסטיאַליש דערמאָרדעט. אַזוי האָט מען מיט אַ ציגל, אַן אַרויסגעריסענעם פון בית־עולם־פּאַרקאַן, געגעבן איבער די קעפּ דעם לערער זלמן קראוויעץ, שלמה ווערבאַוווסקי און זיי אַרויסגעלאָזט דעם מאַרך. זיי זענען פאַר אַלעמען אין די אויגן אויסגעגאַנגען אין שרעקלעכע יסורים. אייניקע ייִדן האָט מען געבראַכט צו פירן געכאַפּטע פון שטאָט און האָבן געהאַט אַן ענלעכן אָפּשניט פאַר באַהאַלטן זיך... צווישן די לעצטע איז געווען דער דענטיסט יאש פון יאטקאָווע גאַס. מיט אַ צעפּלעטן מוח האָט מען אים געשלעפּט איבערן פּלאַץ און דער מאַרך זיינען האָט געשפּריצט איבער דער ערד. דאָס האָבן צוגעזען די טויזנטער אומגליקלעכע אויפן פּלאַץ, וואָלכע האָבן געשפּירט, אַז אויך זיי וואַרט באַלד דער זעלבער גורל.

בעת דער סעלעקציע זענען פאָרגעקומען שרעקלעכע, האַרצרייסנדיקע בילדער. בעת מען האָט צעטיילט משפּחות, פאַנאַנדערגעריסן מענער מיט פרויען, קינדער מיט עלטערן, ברידער מיט שוועסטער, האָבן זיך אַ סך פון די באַוויליקטע דורך דעם דייטשן מלאך המות צום לעבן (די פון רעכטס) אָפּגעזאָגט פון דער „מתנה“ און אַליין איבערגעלאָפן פון רעכטס אויף לינקס, אויסקלייבנדיק בעסער אומצוקומען צוזאַמען מיט די נאָענטע, אייגענע, איידער פאַרבלייבן אַליין אין טרויער און פּיין מיט די שרעקלעכע וויזיעס אין די נשמות. אַזוי איז געשען מיט יאָשקע מירלין און זיין טאָכטער, צערטל זעלדין מיט אירע עלטערן, דאָרע גיטעלזאָן און אירע עלטערן, ראָזע קראוט מיט איר טאָכטער ליזע און אַנדערע. זיי זענען אַליין איבערגעגאַנגען צו די אייגענע אויף לינקס.

נאָכן דורכפירן די סעלעקציע האָבן די דייטשן און די פּאָליציי אָנגעהויבן

פירן די ייִדן — פרויען, מענער און קינדער — פון פּלאַץ גרופּעסווייז אין באַ־ראַק, אַ וועלדל אַרום אַ קילאָמעטער פון פּלאַץ. דאָרט, אין וועלדל, זענען שוין פון פריִער געווען צוגעגרייט לאַנגע, טיפע גריבער פאַר די ייִדישע קרבנות. אויף דעם קורצן וועג האָבן זיך אייניקע געלאָזט לויפן. דער קאָנוואָי איז געווען אַרום זיי אַזוי געדיכט, אַז עס האָט נישט געקענט זיין קיין אופן פון ראַטעווען זיך, נאָר זיי האָבן בעסער געוואָלט דעם טויט אין וועג, איידער אין וואַלד ביי די גריבער. און ווירקלעך איז אַזוי געווען. די דייטשן האָבן תיכף איבער די אַנט־לאָפענע געעפנט אַ פייער און דער וועג ביזן וועלדל איז אין משך פון עטלעכע מינוט געוואָרן אויסגעשפּרייט מיט הרוגים און פאַרווונדיקטע. אייניקע האָבן זיך געלאָזט לויפן צו דער דערבייאיקער בערעזוועטשער אָזערע און זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן, אָדער זיך דערטרונקען אין דער אָזערע. אויפן דריטן טאָג נאָך דער שחיטה איז דער טויטער קערפּער פון דער יונגער זעלדע גאָרדאָן (אַ געוועזענע שילערין פון אונדזער שול) אַ טאָכטער פון יואל גאָרדאָן (צוגאָב נאָמען — יואל קאַנטאָר) אַרומגעשוווּמען איבערן וואַסער־אויבערפלאַך פון דער אָזערע.

פאַרענדיקט מיט איין גרופּע, האָט מען געפירט אַ צווייטע, דערנאָך אַ דריטע, אַ פערטע אאַז״וו, ביז מען האָט אַלעמען אַזוי אַריבערגעפירט פון פּלאַץ אין באַראַק און דאָרט דערמאָרדעט. די אומגליקלעכע קרבנות וואָס זענען גע־בליבן אויף שפּעטער האָבן נעבעך מקנא געווען די, וואָס זענען שוין דערמאָר־דעט געוואָרן פריִער און לעבן נישט איבער די שוידערלעכע מאָמענטן פון וואַרטן אויפן זיכערן טויט...

אין וואַלד גופא האָבן די דייטשן, פאַרן אומברענגען די ייִדן, זיי געפּייניקט אויף פאַרשיידענע אופנים. צוערשט האָט מען זיי באַפוילן זיך אויסטאָן נאַקעט און די מערדער האָבן, פאַר זיי אין די אויגן, זיך געטיילט מיט זייערע בעסערע זאַכן, קליידער, וועש, שוכוואַרג אאַז״וו. די יונגע מיידלעך האָט מען נאַקעטער־הייט געצוווּנגען צו טאַנצן אַרום די אָפענע גריבער. און ערשט נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן זיך מיט דעם אַלעמען אָנגעזעטיקט, האָבן זיי די קרבנות געטריבן אין גרוב, געהייסן זיי זיך אויסלייגן מיט די פּנימער צו דער ערד און געעפנט איבער זיי אַ פייער פון קוילן. די פאַרווונדיקטע און די קליינע קינדער האָבן די דייטשן נישט געמאָרדעט נאָר פאַרשאָטן לעבעדיקע. שכנותדיקע קריסטן האָבן שפּעטער איבערגעגעבן, אַז די ערד פון די לייכט פאַרשאָטענע גריבער האָט זיך אַ לענגערע צייט באַוועגט און פון אונטער איר האָט היבשע צייט אַרויסגע־שפּראָצט בלוט...

דעם 70־יעריקע הרב כ״ץ האָבן די דייטשן פאַר דעם דערמאָרדן אַוועקגע־לייגט אין גרוב צווישן צוויי יונגע מיידלעך, די 24־יעריקע דאָרע גיטעלזאָן און אַ ווילנער פּליטה, כדי דערמיט צו פאַרשאַפן דעם אַלט רב מאָראַלישע יסורים. די דייטשן האָבן דאָס אַלץ פאָטאָגראַפירט, כדי צו ווייזן פאַר דער דייטשער

בלוט־דאָרשטיקע געזעלשאַפט זייער טעטיקייט ווי זיי פאַרגיסן בלוט און פּייניקן ייִדן.

על כן מלאו מתנים חלחלה, צירים אחוזני, נעויתי משמוע נבהלתי מראות, תעה לבבי, פלצות בעתתני. ביז היינט איז שווער צו קומען צו זיך דערמאָנענדיק זיך וואָס די ייִדן האָבן איבערגעלעבט אין יענע מאָמענטן ביז זיי זענען צוגעקומען צום טויט... שילדערן די בילדער, איבערגעבן עס מיט ווערטער איז נישטאָ דוכט זיך אויף דער וועלט דער קינסטלער וואָס זאָל זיין בכוח עס צו טון. כל ידים תרפינה וכל לבב אנוש ימס. דאָס האַרץ ווערט בלויז צעגאַנגען.

דאָס ביסל ייִדן, אויסגעטיילטע בעת דער סעלעקציע אויף רעכטס, האָבן די דייטשן אָפּגעלאָזט און זיי זענען פאַריתומטע, צעבראָכענע אַוועקגעגאַנגען צוריק אין געטאָ באַוויינען און באַקלאָגן זייער אומגליק.

***

דער עפּילאָג פון דעם בלוטיקן פרייטיק האָבן די דייטשן פאַרענדיקט מיט די ייִדן פון דער צווייטער געטאָ.

נאָכדעם ווי מען האָט די קרבנות פון דער צווייטער געטאָ אָפּגעהאַלטן הוילע, נאַקעטע אונטערן פרייען הימל די גאַנצע קאַלטע רעגנדיקע נאַכט פון 18טן יוני און דעם טאָג פון 19טן יוני (ד׳ תמוז) אויף משה חנהס גאָרטן, האָט מען זיי ערשט 5 פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן שוין געהאַט פאַרענדיקט מיט די יונגע און שטאַרקע, אַוועקגעפירט אין באַראַק און דערמאָרדעט.

די אַקציע איבער די אַלטע און שוואַכע פון דער צווייטער געטאָ איז פאָרגעקומען אַזוי: דעם 18טן יוני 12 בייַנאַכט האָט די פּוילישע פּאָליציי אַרומגערינגלט די אַלטע קישעלייקע מיט אירע בייגעסלעך. די זקנים, זקנות און די קראַנקע האָט מען שלאָפנדיקע, נאַקעטע אַראָפּגעשלעפּט פון זייערע געלעגערס און מען האָט זיי אַזוי אַרויפגעטריבן אויף משה חנהס גאָרטן. די נאַכט איז געווען אַ קאַלטע און אַ רעגנדיקע. הוילע, נאַקעטע זענען די אומגליקלעכע פון דער צווייטער געטאָ געשטאַנען אין קעלט און זיך געגעצט. בייטאָג האָט זיך די פּוילישע פּאָליציי לוסטיק געמאַכט איבער זיי אויפן דייטשן מאַניער. וויינען, קרעכצן, שרייען איז געווען פאַרבאָטן. פאַר דעם זענען די זקנים געשלאָגן געוואָרן. אייניקע האָבן נישט אויסגעהאַלטן און ביי זיי האָט געפּלאַצט דאָס האַרץ און זענען דאָ אויפן אָרט געבליבן ליגן, נישט דערוואַרטנדיק זיך די קויל. דאָס איז געווען די פרוי פון יצחק ווערד (אַ פורמאַן פון וואַרשעווער גאַס) א״אַ. לעוויטאַנוס שמעון, הירשל פּאַליאַקס אײדעם, האָט גענומען מאַכן אַ אל מלא רחמים פאַר זיך און פאַר די אַלע, וואָס זענען געשטאַנען אויפן גאָרטן (דערווייל נאָך לעבעדיקע מתים...) די צוהערער האָבן אויסגעבראָכן מיט אַ ספּאַזמען־געוויין, וועלכע האָט דורכגעריסן די לופט און האָט זיך געטראָגן ווייט הינטער די גרעניעצן פון דער צווייטער געטאָ, צונויפגיסנדיק זיך מיט די יללות פון די איינ־

ווײַנער פון דער ערשטער געטאָ, וואָס האָבן זיך געהאַט אומגעקערט „גליקלעכע" פון ספּאָרט פּלאַץ. די פּאָליציי האָט זיי מיט די קאָלבעס פון די ביקסן און שטעקנס איינגעשטילט. די זקנים האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, געפאַלן צו דער ערד, זיך געקייקלט אין שמוץ, געשלאָגן זיך אָן דער ערד אאַז״וו. נישט אין ערך שוידערלעכער האָבן אויסגעזען די, וואָס האָבן אינגאַנצן נישט רעאַ־גירט, געווען פאַרשטיינערט, געהאַלטן אָפן די אויגן און נישט געזען, געווענדט זייערע שטומע בליקן בלויז אין איין ריכטונג, נישט גערעדט און נישט געענט־פערט אויף ווענדונגען צו זיי. דאָס זענען געווען לעבעדיקע מתים אין פולן זין פון וואָרט. שטיינער האָבן געקענט צעשמאָלצן ווערן — כי אבן מקיר תזעק וכפים מעץ יעננה... נישט גערירט האָט עס די דייטשן און זייערע אָרטיקע מיטהעלפער.

נאָך דער ליל חשך וצלמות און נאָך דעם פינצטערן טאָג, האָט מען 5 פאַר־נאַכט, אַלע זקנים און שוואַכע פון משה חנהס גאָרטן אַוועקגעפירט אין דעם דערמאָנטן באַראַקער וואַלד. מען האָט זיי געטריבן דורך דער נייער קישעלייקע און דאָרט אין די הייזער האָבן זיך דורך די שפּאַרונעס צוגעקוקט די, וואָס האָבן זיך מיט אַ פּאָר שעה צוריק אומגעקערט „בשלום" פון בלוטיקן ספּאָרט־פּלאַץ, ווי מען פירט זייערע עלטערן, ברידער, שוועסטער הוילע, נאַקעטע, צעבלו־טיקטע אין באַראַק... קראַנקע, קאַליקעס, וועלכע האָבן זיך אַליין נישט געקענט באַוועגן האָט מען געפירט אויף פויערשע פורלעך, אָנגעוואָרפן אין די וועגן איינע אויף די צווייטע ווי האָלץ. זיי האָבן זיך געדאַרפט צוקוקן ווי מען שלאָגט זייערע עלטערן כדי זיי זאָלן וואָס שנעלער נאָכהאַלטן דעם וועג. די הערצער האָבן געפּלאַצט זעענדיק דאָס אַלץ און רעאַגירן איז נישט געווען קיין מעג־לעכקייט. דאָס איז אפשר געווען אַ סך שווערער ווי דער טויט גופא.

ווי מען האָט איבערגעגעבן, איז די מוטער פון בנימין זאַק, געוועזענער דירעקטאָר פון פאָלקס־באַנק, אויפן וועג משוגע געוואָרן און די דייטשן האָבן איר אויפן אָרט דערשאָסן און איר קערפּער אַריינגעוואָרפן אין אַ וואָגן, ווו מען האָט געפירט די לעבעדיקע.

אין וואַלד האָבן פריִער די דייטשן זיי געצוווּנגען צו זינגען און טאַנצן. דערנאָך האָבן די געזונטערע געדאַרפט אַריינטראָגן אין גרוב אַריין די שוואַ־כערע און די זקנים און דאָרט זיי אויסלייגן. אויף זיי האָבן זיך געדאַרפט לייגן די „טרעגער" אַליין און די דייטשן האָבן זיי אויף אַזאַ אופן אין גרוב דערמאָרדעט.

צווישן די קדושים אין דער צווייטער געטאָ איז אומגעבראַכט געוואָרן אונדזער הייס־געליבטע, אומפאַרגעסלעכע מוטער, וועלכע האָט זיך אַזויפיל אָנ־געליטן אין איר לעבן. פאַרבלייבנדיק אַ יונגע אַלמנה האָט זי אונדז, די שרייבער פון די שורות, מיט אייגענער מי און אָנשטרענגונג, געמיט זיך צו געבן חוץ ייִדישער בילדונג, אויך וועלטלעכע, וואָס ביים צאַרישן רעזשים איז עס פאַר אַ ייִדן געווען גאַנץ שווער. און ווען מען האָט זיך געקענט גלויבן, אַז אַזאַ אשה

כשרה, אַ צדקניות בדורה, וואָס האָט אויף איר לעבן אַ פליג אויף דער וואַנט נישט אָנגעריִרט, זאָל אונדז אָוועקגעריסן ווערן אַזוי אכזריותדיק שרעקלעך, זאָל אומקומען פון אַ מערדערישער האַנט. ווען זי איז שוין אין געטאָ זייענדיק געווען קראַנק און האָט געמיינט, אַז זי וועט פון דעם קרענק מער נישט אויפשטיין, פלעגט זי אונדז תמיד טרייסטן און באַרויִקן, אַז זי האָט שוין איר לעבן אָפּגעלעבט און, „אַז אַ מענטש דאַרף דאָך טאַנצן דעם טאַנץ"... און דעריבער זענען מיר אומזיסט צערודערט... אָבער נישט איר און נישט קיינעם פון אונדז איז געקומען אויפן רעיון, אַז דער „טאַנץ" וועט זיין אַזאַ שוידערלעכער.

ווי מיר זענען שפּעטער געוואָר געוואָרן, האָט. אויף מאָרגן נאָך דער שחיטה, די דייטשע ראַדיאָ איבערגעגעבן, אַז די ס״ד האָט אין גלובאָק אַנטדעקט אַ גרויסע פּאַרטיזאַנישע נעסט פון אַ 3.000 מאַן מיט אַ 70־יעריקן רב בראש, וועלכע זי האָט אויפן אָרט ליקווידירט. די זעלבע ידיעה האָט זיך מיט עטלעכע טעג שפּעטער באַוויזן אין די דייטשע צייטונגען.

***

אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָך דער שחיטה האָבן די דייטשן אין דער ערשטער געטאָ אויפגעריסן די פאַרמאַכטע טירן פון די הייזער פון די קרבנות, וועלכע זענען פּריטיק אַוועק אויפן פּלאַץ מיט אַ קלאָרן געדאַנק זיך צוריקצוקערן און האָבן פון דאָרט אַלץ, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען צוגענומען און אַוועקגעפירט אין דער צווייטער געטאָ און עס צונויפגעלייגט צוזאַמען מיט די מטלטלין, וואָס דאָרט איז פאַרבליבן פון די קרבנות פון דער צווייטער געטאָ. מיט די בעסערע זאַכן האָבן זיך די רויבער צעטיילט אויפן אָרט און דאָס איבעריקע איז קאָנפיסקירט געוואָרן פאַר דער מלוכה. שפּעטער האָבן די דייטשן געמאָלדן אין שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער אַן עפנטלעכן אויספאַרקויף פון די ייִדישע מעבל און זאַכן. זייער אַ מינימאַלער טייל האָט עס נישט אויסגענוצט. דער גרעסטער טייל פון דער היגער באַפעלקערונג האָט, צו דער אַלגעמיינער חרפּה, אויסגענוצט די „גלענצנדיקע" געלעגנהייט און האָבן זיך מאַסנווייז געקליבן „אויסקויפן" דאָס ייִדישע פאַרמעגן. גענויער וועגן דעם, שפּעטער.

## נאָך דער שחיטה

פּריטיק פאַרנאַכט. די געטאָ זעט אויס ווי אַ בית־עולם. אַלץ איז טויט, דערשטיקט. די הייזער זעען אויס ווי מתים־שטיבלעך, אויף וועלכע עס איז אַ מורא צו קוקן. דער גרעסטער טייל פון די הייזער שטייען מיט פאַרמאַכטע לאָדנס און שלעסער אויף די טירן, וואָס די באַלעבאַטים האָבן אויפגעהאַנגען אינדערפרי פאַר זייער אַוועקגיין אויפן פּלאַץ. די מוזיק, וועלכע האָט דעם גאַנצן טאָג געשפּילט אין שטאָט אויפן קאָסטיושקי־פּלאַץ, טריומפירנדיק דעם נצחון

פון די דייטשן איבער די גלובאָקער ייִדן, האָט אויפגעהערט. עס איז שטיל, רויק. די ייִדן וויינען שוין מער נישט, עס הערן זיך נישט קיין יללות, די געשרייען זענען ווי געבליבן הענגען אין דער לופט, איבערגעריסן דורך די מערדערישע הענט אין סאַמע מיט. דאָס ביסל ייִדן, וואָס זענען אינדערפרי אויפן פּלאַץ נישט געגאַנגען, זענען נאָך געלעגן פאַרשטעקט אין זייערע לעכער און האָבן נאָך געציטערט אַרויסצוקריכן פון זייערע באַהעלטענישן. די רעשטלעך אײַנגעקערטע פון פּלאַץ האָבן זיך פאַרקליבן אין די ווינקעלעך פון זייערע פוסטע הייזער און האָבן זיך געשטיקט אין שטילן כליפּען און טרערן. די איינזאַמע, פאַריתומטע קינדער, עלטערן, מענער, פרויען, ברידער, שוועסטער נעמען ערשט איצט פון דאָסניי איבערקלערן, וואָס מיט זיי איז געשען. עס הייבן אָן ווי אָפּגעפרישט ווערן די שוידער־בילדער פון פאַרגאַנגענעם טאָג, פון די לעצטע טעג און וואָכן בכלל

עס איז פרייטיק צו־נאַכט. נישטאָ קיין סימן פון שבת, קיין סימן קדושה, פון הייליקייט. עס הערשן סימנים פון טויט, פון הריגות, פון סקילה, שרפה, פון גרויל, פון אומגעהויערן פחד, שרעק, פאַרצווייפלונג...

ביינאַכט איז מען נישט געשלאָפן. איינציקע מענער האָבן געפּרוווט אַרויסגיין אויף דער גאַס, האָבן, אין דער שטילקייט פון דער תמוזדיקער זומער־נאַכט, זיך צוגעהערט צו דעם וואָס עס קומט פאָר מחוץ לגעטאָ, האָבן אויפגענומען יעדן קלאַנג, יעדן שאָרך, שעפּטשענדיק קאָמענטירט דאָס וואָס דער צעשראָקענער אויער האָט אויפגעכאַפּט אָדער וואָס אים האָט זיך געדוכט, אַז ער כאַפּט אויף... און געוואַרט, אַז די מערדער פון זייערע נאָענטע וועלן באַלד קומען אויך נאָך זייערע נפשות. ביי דעם גרעסטן טייל איז אָבער דאָס לעבן איצט געווען אַזוי ביליק און ביי איינציקע אַפילו אַ איבעריקע משא, אַז קיין שום ידיעות וועגן נאָענטקייט פון דייטשן צום געטאָ, האָט שוין אויף זיי קיין רושם נישט געמאַכט.

אויב עמעצער איז אונטער דער שווערקייט פון פּיין און צער אַ ביסל אַנדרעמלט געוואָרן, האָט ער אין חלום געזען, ווי זיינע נאָענטע צאַפּלען זיך אין די הענט פון די מערדער, ווי זיי בעטן זיך מען זאָל זיי ראַטעווען, ווי די זיך טרינקענדיקע אין בערעזוועטשער אָזערע שטרעקן אויס זייערע הענט נאָך הילף, ווי די זיך שטיקנדיקע אין די גריבער אונטער דער ערד קאָנוולסירן און ראַנגלען זיך מיטן טויט.

אויף מאָרגן נאָך דעם בלוטיקן טאָג און דער טויט־שטילער נאַכט זענען די גאַסן אין געטאָ געווען פוסט. עס האָבן זיך געזען בלויז דאָקטוירים, וועלכע זענען אַרומגעלאָפן צו די קראַנקע און פאַרווונדיקטע. עס זענען פון דער שחיטה פאַרבליבן איינציקע פאַרווונדיקטע, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן אויסצודרייען זיך פון דעם בלוטיקן ספּאָרט־פּלאַץ און פאַרנאַכט אריינצוגנבענען זיך אין געטאָ. איניקע שווער־פאַרווונדיקטע האָט מען אויף די הענט ביינאַכט אַריבערגעטראָגן

פון גערטנער, פעלדער אין געטאָ אַריין. צווישן די לעצטע זענען געווען בעקער כאשע פון וואראפּאיעווא און פייגע פּלאווין, אַ טאָכטער פון דעם מוליער זלמן פּלאווין, וועלכע זינגער ציליע האָט אויף זיך געבראַכט צוטראָגן אין געטאָ.

אַזייגער 11 זענען אין געטאָ געקומען עטלעכע פּוילישע פּאָליציאַנטן, האָבן צונויפגענומען אַ 50 ייִדן און אַוועקגעפירט אויף אַרבעט — צונויפקלייבן די הרוגים פון די וועגן, פעלדער, גערטנער, אַוועקפירן זיי אין באַראַק און דאָרט באַגראָבן.

שבת פאַרנאַכט האָבן זיך ייִדן ביסלעכווייז גענומען באַווייזן אין געטאָ אויף דער גאַס. מען האָט אָנגעהויבן דערציילן פאַרשיידנס פון דעם נעכטיקן שחיטה־טאָג. מען האָט דערציילט, ווי איכילציק ישראל האָט אונטערגעקויפט אַ דייטש, אַז ער זאָל אַרויסראַטעווען זיין שוועסטער פון טויטן־פּלאַץ און האָט אים פּאַר דעם צוגעזאָגט צו גיבן אַ זייגערל. דער דייטש האָט איכילציקס שוועסטער אַרויסגענומען פון פּלאַץ, אָבער אַ צווייטער דייטש האָט זי ביי אים אָפּגענומען און צוריק אומגעקערט און זי איז דערמאָרדעט געוואָרן. דאָס האָט נישט גע־שטערט דעם דייטש צו קומען צו איכילציקן נאָכן זייגערל. איכילציק, מורא האָבנ־דיק פאַר זיך גופא האָט אים אָפּגעגעבן אַ זייגערל פון דער פירמע „צימאַ". דער רויבער האָט צוגענומען דאָס זייגערל, און באַלד איז ער געקומען פאָדערן ביי איכילציקן אַ צווייטן זייגערל פאַר זיך, זאָגנדיק, אַז דאָס ערשטע האָט ער אָפּ־געגעבן זיין חבר, וועלכער הייסט צימאַ, לויט דעם אויפשריפט אויף דער צי־פערבלאַט... איכילציק האָט געמוזט דעם דייטש געבן אַ צווייטן זייגערל, ווייל אין קעגנפאַל וואָלט ער אים אַוועקגעפירט אין באַראַק...

מען האָט אויך דערציילט, ווי שמעון הירשל פּאָליאַק, וועלכער איז געווען אין דער צווייטער געטאָ האָט זיך צונויפגערעדט מיט איינעם אַ דייטש פון די וואַך־לייט, אַז ער זאָל אים פון דאָרט אָפּלאָזן פאַר אַ באַשטימטן סכום גאָלד, וואָס פּאָליאַק האָט געהאַט ביי זיך אין שטוב באַהאַלטן נאָך אין דער ערשטער געטאָ, ווו עס זענען פאַרבליבן זיינע קינדער. דער דייטש האָט פּאָליאַקן אַוועק־געפירט אין זיין וווינונג נעמען דאָס גאָלד. ש. ה. פּאָליאַק האָט אָבער פאַרגעסן ווו ער האָט אַוועקגעלייגט זיין גאָלד, ער האָט עס געזוכט און נישט געקענט געפינען. אין שטוב איז קיינער נישט געווען, אַלע זענען געווען אַוועק אויפן פּלאַץ. איין זון איז אויפן פּלאַץ נישט געגאַנגען, ער איז געלעגן באַהאַלט; אויפן בוידעם און האָט געהערט, ווי זיין פאָטער זוכט דאָס גאָלד, האָט געהערט, ווי דער פאָטער האָט אַלע זיינע קינדער גערופן ביי די נעמען, מיינענדיק אַז זיי ליגן ווו באַהאַלטן, אַז זיי זאָלן אים זאָגן ווו דאָס גאָלד געפינט זיך און ער זאָל קענען אויסקויפן זיין לעבן. פּאָליאַקס זון איז אָבער געלעגן אויפן בוידעם און האָט מורא געהאַט אָפּצורופן זיך, פּאָליאַק האָט דאָס גאָלד נישט געפונען און דער דייטש האָט אים צוריקגעפירט אויף משה חנהס גאָרטן, פון וואַנען מען האָט אים אַוועקגעפירט צו דער הריגה אין באַראַק. ריידנדיק וועגן פאַרשיידענע מער־

דער האָט מען דערציילט וועגן דער בלוטיקער אַרבעט פון דער פאָלקס־דייטשקע אידאַ אדיצקא פון פסויע, וועלכע איז געווען זייער אַקטיוו אין דער שחיטה־אַקציע אין גלובאָק. זי האָט אין שטאָט געזוכט באַהאַלטענע ייִדן און געפירט זיי אויפן ספאָרט־פּלאַץ. דורך אירע הענט זענען צווישן אַנדערע אומגעבראַכט געוואָרן גרשון מירמאַנס זון און טאָכטער, וועלכע זי האָט געפונען באַהאַלטן. ווען מירמאנס טאָכטער האָט זיך אַרויסגעריסן פון אדיצקאס הענט, אַריינגעלאָפן אין יודענראַט און זיך דאָרט באַהאַלטן, איז אַהין אַריין די דייטשקע און האָט געדראָט, אַז אויב דאָס מיידל וועט זיך נישט מעלדן, וועט זי אָנשטאָט איר אומברענגען 50 ייִדן. זי האָט דאָס מיידעלע מירמאַן געפונען און זי פאַרשלעפּט אויפן פּלאַץ.

מען האָט אויך דערציילט, ווי אַזוי אין דער צווייטער געטאָ זענען אייניקע ייִדן פאַרבליבן. זיי האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן אונטער בעטן, אויף אויוונס, אָדער ערגעץ אַנדערש. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליציי האָט אין דער צווייטער געטאָ שוואַך געזוכט, ווייל, ווי באַקאַנט, האָבן די דייטשן זייער ווייניק אין זינען געהאַט די צווייטע געטאָ. זיי האָבן איינגעאָרדנט די גאַנצע זאַך מיט דער צווייטער געטאָ, כדי צו קענען לייכט, אָן שום שוועריקייטן אומברענגען דעם שטאַרקסטן און געזונטסטן עלעמענט פון די ייִדן. עס זענען פון דער צווייטער געטאָ פאַרבליבן די זקנים באַגין מאיר, יוסף מינדעל (דער ווײַנער), משה פישערס, דעם לערערס מוטער, משה שמואל שולמאַן (דער רבעלע).

מען האָט דערציילט ווי אַזוי פון געטאָ איז אַנטלאָפן שמואל גאָרדאָן דער דווילאוויטשער (די שוואַרצע הון). די דייטשן האָבן אים געכאַפּט אויף ווילנער גאַס, אומגעוואָרפן אים, פאַרטשעפּעט פאַרן האַלדז מיט אַ דיקן דראָט אויף אַ שטעקן און געשלעפּט איבערן ברוק ביז ער איז אומגעקומען.

פאַרנאַכט האָבן אייניקע זיך געלאָזט אין דער צווייטער געטאָ צו נעמען קישנס און אַנדערע פאַרבליבענע זאַכן פון זייערע אומגעקומענע עלטערן און קרובים. די פּאָליציי האָט זיי פאַרהאַלטן מיט די זאַכן. צווישן זיי איז געווען פייגעלסאָן אבא (שניידער), שולעוויטש (דענטיסט). מען האָט געמיינט, אַז מען וועט זיי זיכער שיסן. נאָר קעגן אַלע דערוואַרטונגען זענען זיי גראָד באַפרייט געוואָרן.

צווישן די געראַטעוועטע גלובאָקער ייִדן פון דער שחיטה האָבן זיך גע־פונען אַ גרופּע פישער, וועלכע זענען גראָד יענעם טאָג אַוועק אויף דער אָזערע פאַנגען פיש פאַר די דייטשן. מיט אַ געוויסער צייט פריִער האָבן זיי זיך בכלל אָרגאַניזירט אויף אַן אופן, אַז זיי זאָלן זיך וואָס ווייניקער געפינען אין שטאָט און „פאַרברענגען" אויף דער אָזערע... דאָס זענען געווען מוליע סאלאווייטשיק, שלום יונגעלמאַן, ארקע לעוויטאַן מיט זיין זון אַברעמקע א״אַ. זונטיק, דעם

21טן יוני (ו׳ תמוז) איז געקומען אַ באַפעל, אַז די אַלע לעבן־געבליבענע מוזן אומבאַדינגט גיין אויף אַרבעט, „עס מוז פאַרגעזעצט ווערן דאָס לעבן״... אַלע לעבן־פאַרבליבענע אין געטאָ האָבן געזאָגט קדיש. מען האָט איינגעאָרדנט אין עטלעכע הייזער מנינים. צו די מנינים האָט זיך יעדער געאײלט. יעדערן האָט זיך געוואָלט אָפּזאָגן אַ קדיש. עס זענען נישט געווען קיין עונים, קיין ענטפערער אויפן קדיש. אויך ביי אונדז איז געווען אַ מנין. מיר האָבן געזאָגט קדיש נאָך אונדזער מוטער. זונטיק זענען מיר געזעסן „שבעה״. אונדז איז געקומען מנחם־אָבל זיין יוסף באודין, אַ געוועזענער לערער פון יידישע רעליגיעזע לימודים אין אונדזער שול, און האָט דערציילט, אַז ער האָט פרייטיק געזען, ווי אונדזער מוטער האָט מען געפירט אויף אַ פור מיט נאָך פיל יידן. זי איז געזעסן פאַר־שטיינערט אָן וועלכן עס איז אויסדרוק פון עפּעס אַ געפיל... מיר האָבן עס אויך צוגעהערט ווי פאַרשטיינערטע, עס איז אויסגעטריקנט געוואָרן דער קוואַל פון טרערן און עס האָט זיך עפּעס גאָר נישט רעאַגירט...

ווי שוין אויבן דערמאָנט, האָט די דייטשע ציווילע־מאַכט אין אַ פּאָר טעג אַרום גענומען צונויפזאַמלען אין איין פונקט די יידישע זאַכן. מען האָט געפירט אָנגעלאָדענע פורן מיט מעבל, בעטגעוואַנט, געשיר, פאַרשיידענע קאַסטנס. מען האָט געפירט יידישע פסחדיקע רייכע געשיר מיט פאַרשיידענע זאַכן... אַלץ האָט מען צונויפגעזאַמלט אויף דער אַלטער קישעלייקע, אויפן אָרט פון דער צווייטער געטאָ. דאָס מעבל האָט מען צונויפגעוואָרפן אויף דער גאַס.

די אַלטע קישעלייקע מיט אירע בייגעסלעך — די געוועזענע צווייטע געטאָ איז נאָך דער ליקווידאַציע אויסגעשלאָסן געוואָרן פון געטאָ־שטח און פאַר יידן איז פאַרבאָטן געווען אַהין אַריינצוגיין. איך האָב דאָרט געהאַט איבערגעלאָזט מיינע תפילין, ווייל דאָנערשטיק, דעם 18טן יוני, אינדערפרי האָב איך גע־דאַוונט ביי מיין מוטער אין געטאָ, מיטן געדאַנק, אַז אויך אויף מאָרגן, פרייטיק, וועל איך גלייך פון פרימאָרגן ביי איר זיין... איך האָב אָבער אין געטאָ מער נישט געטאָרט אַריינגיין. אַ טייל פון די שטעטלשע קריסטן האָבן געטראַכט, ווי אַזוי צו געניסן עפּעס פון דעם אַלעמען פאַר זיך. זיי האָבן געוווסט, אַז אַזעל־כע „ניסים״ טרעפן איינמאָל אין אַ לעבן אויך נישט, ווייל נישט זייערע טאַטעס, נישט זייערע זיידעס און נישט זייערע עלטער און עלטער זיידעס האָבן אַזוינס נישט געקענט דערציילן. זיי האָבן עס פאַרשטאַנען אויסצונוצן. מען האָט זיך געדרייט אַרום דעם, געהאָלפן און טאַקע גענאָסן. מען האָט זיך טאַקע אָנגענומען מיט אַלעם גוטן. פאַרשטענדלעך, אַז די בעסערע חלקים, ווי צירונג, גוטע קליי־דער, וועש און ווערטפולע זאַכן בכלל, האָבן די דייטשן נישט אָפּגעגעבן די אָרטיקע קריסטן, אויף דעם זענען זיי אַליין געווען בעלנים. פאַר זייער אַרבעט קומט זיי דאָך דאָס בעסערע. אָבער נאָך דעם וואָס די דייטשן, די פּאָליציי און זייערע פריינט און באַקאַנטע האָבן זיך געהאַט אָנגעזעטיקט, איז נאָך פאַרבליבן

גאַנץ געגנוג אויף מהנה צו זיין כמעט אַלעמען, וואָרום חוץ פון גלובאָק האָט מען כסדר צוגעפירט פרישע מעבל, פרישע מטלטלים, נאָך זאַכן פון די נאָענטס־טע ייִדישע ישובים, פון שטעטלעך, ווו די ייִדן זענען אין דער פינצטערער צייט אומגעבראַכט געוואָרן. גאַנצע טעג האָט מען אַהער, קיין גלובאָק, געפירט אָנגע־לאָדענע פורן מיט פאַרשיידענע ייִדישע חפצים. אין די וועגענער זענען געווען צונויפגעמישט טליתים מיט טעפּ, מאַטראַצן מיט אָנצוגן וכדומה. עס האָבן זיך געוואַלגערט תפילינס, אַרבע־כנפותער איינגעטינקט אין בלוט, צעריסענע ספרים, גמרות, חמשים, תנכים און אַנדערע ווערטפולע ספרים, וועלכע האָבן זיך גע־קענט געפינען ביי ייִדן משכילים אין די קליינע שטעטלעך. (דער שרייבער פון די שורות האָט פאַנאַנדערגעפאַקט גלעזערנע זאַכן, וועלכע זענען געווען איינגע־פּאַקט אין בלעטער פון ש״ס, פון תנכים, פון רמב״מס מורה נבוכים א״אַ. אויך אויף אייניקע אַזעלכע בלעטער זענען געווען בלוט־פלעקן און מען דאַרף משער זיין, אַז די מערדער האָבן געמוזט הרגענען די ייִדן, בעת זיי זענען געזעסן ביי אַ בלאַט גמרא...) — דאָס אַלץ האָט מען געבראַכט אַהער אין ספּעציעלע סקלאַדן און מען האָט עס אַפילו איבערגעגעבן די ייִדן, אַז זיי זאָלן זיך מיט דעם מתעסק זיין — ברענגענדיק אין אָרדענונג, היטן עס זאָל אַלץ זיין גאַנץ אאַז״וו. מעבל האָט מען געוואָרפן אויף דער גאַס און דאָס איז געהיט געוואָרן דורך אַ פּאָליציאַנט.

די דייטשן האָבן געמאָלדן אַן עפנטלעכן פאַרקויף פון דעם אַלעמען. עס האָבן זיך געפונען גאַנץ געגנוג אַמאַטאָרן. ווי בינען אַרום אַ בינשטאָק זענען אָנ־געפאָרן קריסטן פון דאָרף און פון שטאָט און דער האַנדל איז געגאַנגען אין פולן ברען. אַלץ איז געווען שפּאָט ביליק, פאַר אַלעמען צוטריטלעך. אַ שאַפע 3־5 אָסט־מאַרק (דאָס געלט איז בכלל געווען אַן דעקונג און האָט קיין ווערט נישט געהאַט) 1 מאַרק אַ גוטע שטול, 2 מאַרק אַ טיש און מען איז „דורכגעקומען", אויב אַ קריסט האָט זיך באַקלאָגט אויף זיין לאַגע האָט ער אינגאַנצן נישט גע־צאָלט. פורן שווער אָנגעלאָדענע מיט שאַפעס, בעטן, טישן, עטאַזשערקעס, בוי־פעטן אאַז״וו, האָבן פויערים געפירט פון שטאָט צו זיך אַהיים אַזוי ווי פון אַן אמתן מאַרק. געפירט האָט מען עס אַלץ פון דער אַלטער קישיילייקע, פון דער געוועזענער צווייטער געטאָ, זייער ווייניק קריסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט נהנה צו זיין פון די בלוטיקע ייִדישע זאַכן.

אין עטלעכע טעג אַרום, אַז אַלע האָבן זיך שוין אָנגעזעטיקט מיט דעם צלעם עד בלי די, האָבן די דייטשן „געוואָרפן די פרייזן" און מען האָט געטיילט אומזיסט לכל הרוצה ליטול. ווי געזאָגט, איז דאָס מעבל געלעגן אויפן גאַס און אונטערן רעגן איז עס אַזוי פאַרנעצט געוואָרן, אַז עס זענען שוין נישט געווען קיין סד בעלנים אפילו פאַר אומזיסט. די ייִדן האָבן שפּעטער געדאַרפט אָפּרייניקן דעם פּלאַץ און די געסלעך פון די פאַנאַנדערגעלייגטע און צעבראָ־כענע מעבל. פון די קליידער, פון די וויכע זאַכן האָבן די דייטשן שפּעטער דורך

יִדישע הענט און אַרבעט געשאַפן דעם אַזויגערופענעם אין גלובאָק „דייטשן וואַרענהויז".

דאָס בעטגעוואַנט, די פוך און פעדערן האָט מען געהייסן די יִדן צונויפטראָגן און ברענגען אין אָרדענונג אין די סקלאַדעס פון מאיר גיטעלזאָן אויף ווילנער גאַס. דאָרט האָבן די יִדן גערייניקט די פעדערן, געסאָרטירט, אויסגעקליבן די ריינע פוך פון די פסלתדיקע, געפּאַקט עס און געשיקט קיין דייטשלאַנד, לויט די אָנגעגעבענע אַדרעסן דורך די דייטשן. אין די גרויסע, לאַנגע זומער־טעג זענען פון אינדערפרי ביז אָוונט געזעסן מיידלעך און פרויען איינגעטונקט אין פוך און פעדערן און געאַרבעט אַרום דעם. זיי פלעגן פשוט אין דער מלאכה דערשטיקט ווערן. נישט איין פאַל פון חלשות איז געשען ביי אַזאַ אַרבעט. דאָס האָבן זיי גע־אָרדנט אייגענע בעטגעוואַנט פאַר די מערדער פון זייערע נאָענטע, פאַר די בלוט־טיקסטע שונאים פון דער גאַנצער מענטשהייט. אָבער זיי האָט זיך געוואָלט לעבן און נישט אַרבעטן, נישט אונטערגעבן זיך, האָט געהייסן דעמאָלט אָפּזאָגן זיך פון לעבן...

## די פאַרקירצונג פון געטאָ־תחום

נאָך דער שחיטה פון דעם 19טן יוני (ד' תמוז) זענען אין גלובאָקער געטאָ פאַרבליבן לערך אַ פּאָר טויזנט יִדן. ווי די געמיטער זענען געווען ביי יעדן פון די פאַרבליבענע איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, נאָר קלאָגן האָט מען נישט געלאָזט, טרויערן האָט מען נישט געטאָרט, מען האָט ווידער געטריבן שטרענג אויף אַר־בעט, אַרבעט אין צער און אין שרעקלעכן פּיין. און ווער עס האָט פאַרשפּעטיקט, אָדער צוליב קראַנקייט נישט געשטעלט זיך צו דער אַרבעט, איז אַכזריותדיק גע־שלאָגן געוואָרן. אַזוי איז מאָטקע באַגין צוליב קראַנקייט איינמאָל נישט געקומען צו דער אַרבעט. נישט געפינענדיק צום מאָמענט אַ דאָקטער, וואָס זאָל אים באַ־שטעטיקן, איז די יִדישע פּאָליצײ געקומען צו אים אַהיים און האָט אים קראַנקער־הייט אַזוי געשלאָגן, אַז ער איז דערנאָך אַ גאַנצן חודש געלעגן צו בעט. דריי טעג נאָכאַנאַנד האָבן אים די געטאָ־דאָקטוירים געלייגט קאָמפּרעסן און איבערגעבונדן די ווונדן.

און אפשר איז אין דעם אַלעמען געווען אויך אַ שטיקל מעלה. די נגישות, דער פּחד פאַרן דייטשן שטן, די זאָרג צו שטילן דעם הונגער האָט נישט געלאָזט טראַכטן, צוזאַמענעמען זיך מיט די געדאַנקען, נישט געלאָזט באַזינען זיך. די רדיפות זענען אפשר אין יענעם מאָמענט געווען אַ געוויסע פאַרלייכטערונג — די יִדן האָבן זיך נישט געקענט אָפּגעבן קיין דין וחשבון. אין 13 טעג אַרום נאָך דער שחיטה, דעם 2טן יולי (שבעה עשר בתמוז) אַזייגער 12 בייטאָג, האָבן זיך ווי אַ שטורמווינט אַריינגעריסן אין אַ טייל פון דער געטאָ די מלאכי־חבלה און גע־בראַכט מיט זיך נייע טויט־שרעקן. אומגעריכט האָבן די פּוילישע פּאָליציאַנטן

אַנגעקלאַפּט אין די פּענצטער פון די הייזער אין ווילנער גאַס, פּרץ־גאַס און אַ טייל דובראַווע און האָבן אָנגעזאָגט, אַז דער שטח פון די גאַסן ווערט לויט אַ פאַראָרדענונג, אויסגעשלאָסן פון געטאָ און דעריבער מוזן די איינוווינער פון די הייזער, אין משך פון פופצן מינוט, אַריבערטראָגן זיך אין די איבעריקע טיילן געטאָ און אַז יעדער מעג מיטנעמען מיט זיך בלויז אַזויפיל מטלטלין, וויפל ער קען אַרויסטראָגן אויף זיינע הענט פאַר איין מאָל...

דורך די פענצטער האָבן מיר דערזען, ווי די גאַסן זענען שוואַרץ פון דייטשן, פּאָליציי און, דאַכט זיך, וולאַסאָוועצעס אויך (מיליטערישע גרופּעסביים דייטש פון די רוסישע פאַשיסטן אַנטלאָפענע פון דער סאָוועטישער רוסלאַנד. זיי האָט אָרגאַניזירט אַ רוסישער פאַשיסטישער גענעראַל וולאַסאָוו). דאָס האָט אונדז דערמאָנט די שחיטה פון מיט 13 טעג צוריק און מיר אַלע זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז בלויז אַ מאַנעוור אַריינצונאַרן דאָס רעשט יידן אין אַ פּאַסטקע, ווי דעם 19טן יוני מיט די „שיינען" כדי ווי צום לייכטסטן אונדז אומצוברענגען און צוליב דעם ווילן זיי אונדז אַלעמען ווידער צונויפנעמען אין איין פּונקט, איינשליסן אין אַן ענגן רינג. עס איז נישט געווען קיין עצה, עס איז נישט געווען ווו זיך אַהינצוטון, עס איז נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן. דאָך האָט מען גענומען עפּעס כאַפּן אין די הענט. מען האָט נישט געטראַכט וואָס עס לוינט בעסער צו נעמען. אייניקע האָבן געכאַפּט עסנוואַרג — קאַרטאָפל, מעל, ברויט; אַנדערע האָבן גענומען זאַכן צום אָנטאָן. מען האָט אָנגעטאָן אויף זיך וואַרעמע קליידער, נישט קוקנדיק וואָס עס איז געווען אַ הייסער טאָג; וועש, בעטגעוואַנט, געשיר צום קאָכן, אַרבעט־געצייג אאַז"וו, און מען איז געלאָפן. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן קיין זאַך נישט גענומען, זייענדיק זיכער, אַז דאָס פירט מען צום טויט און מען וועט גאָרניט דאַרפן...
אין כלל האָט מען כמעט אַלץ איבערגעלאָזט און מען איז געלאָפן אין טויט־שרעק. עס זענען אין די אויוונס פאַרבליבן געקעכטצן, ברויט וואָס האָט זיך געהאַלטן אין באַקן. ביי די שרייבער פון די שורות האָט זיך געקאָכט מילך פאַרן קינד און מיר האָבן זייער מורא געהאַט, אַז דאָס זאָל נישט באַמערקט ווערן, וואָרום מילך איז דאָך פאַר יידן געווען פאַרבאָטן, אויסגיסן האָבן מיר מורא געהאַט און מיר זענען געווען אין גרויס פאַרצווייפלונג, נישט וויסנדיק מיט דעם וואָס צו טון. אויסטרינקען האָבן מיר נישט געקענט, עס איז פּשוט נישט געגאַנגען אין האַלדז... מיר האָבן עס אויסגעגאָסן אין אויוון, וועלכער איז געשטאַנען אַ וואַרעמער און דאָס האָט באַלד אויסגעטריקנט. אין גאַס איז אַנטשטאַנען אַ בהלה. מען איילט, מען לויפט, מען ווייס נישט וואָס אַ ליאַדע מינוט קען ברענגען פאַר אַ סופּריזן און דאָך ווילט זיך יעדערן נעמען וואָס מער זאַכן... וויפל אָבער קען דאָס אַ מענטש נעמען אין איין מאָל אויף זיך דערצו נאָך אין אַזאַ צושטאַנד? פון צווייטן געטאָ־טייל זענען די דאָרט פאַרבליבענע געקומען צולויפן און געהאָלפן נעמען פּעקלעך. דאָס האָט טאַקע געבראַכט נוצן. פאַרקערט, זענען פון גאַרבעריי פאַרבייגעגאַנגען אונדזער שטוב אייניקע יידן און, צו אונדזער חרפה, האָבן זיי זיך אָפּגעזאָגט אונדז צו העלפן

אין דעם קריטישן מאָמענט (זייערע נעמען ווילט זיך נישט דערמאָנען, ווייל זיי געפינען זיך נישט צווישן די לעבעדיקע, זיי זענען שפּעטער אומגעקומען).

פון אַ סך הייזער איז אַפילו נישט געווען ווער עס זאָל אַוועקגיין, ווייל זייערע איינוווינער זענען אַוועק דעם 19טן יוני און האָבן זיך שוין מער נישט צוריקגעקערט. אויף אייניקע הייזער זענען נאָך געהאַנגען שלעסער און די לאָדן זענען געשטאַנען צוגעמאַכט זינט דעם בלוטיקן פרייטיק, ווייל די דייטשן האָבן נאָך נישט באַוויזן אַרויסצונעמען פון דאָרטן די איבערגעבליבענע זאַכן פון די אומגעבראַכטע. עס זענען נאָך געשטאַנען נישט אויפגעמאַכטע די הייזער פון צאָן־דאָקטער קאַצאָוויטש (משה קאַצאָוויטשעס שנור), צאָן־דאָקטער יאַש, זייגערמייסטער שוטאוו, כידעקעל, זאַלקינד, מירמאַן, סווערדלין א״אַ.

דורכגיין אין די נייע וווינונגען פון צווייטן טייל געטאָ האָט מען געדאַרפט דורך אַ שטעגעלע, וואָס האָט געפירט פון פּרץ־גאַס אויף דובראווע, הינטער די הייזער פון ווילנער גאַס. דורך אַנדערע גאַסן אָדער געסלעך איז געווען פאַר־באָטן צו גיין. דאָרט אויף דעם שמאָלן געסל איז געשטאַנען אַ דייטשע קאָמיסיע מיט וויטוויצקען (צירקאָוועץ) בראש און האָבן דורכגעלאָזן די גירושים. דאָרט האָבן זיי ערשט קאָנטראָלירט, וואָס יעדער טראָגט מיט זיך און דאָס בעסערע ווי קאָצן, וועש, בגדים, אַ זייגער אאַז״וו האָבן זיי אָפּגענומען. און אַזוי ווי איי־ניקע זענען דאָך בעתן אַרויסגיין געווען באַזאָכט און האָבן פאָרט געכאַפּט מיט זיך עפּעס בעסערס, זענען זיי איצט געבליבן בערום ובחוסר כל. בעסער איז שוין געווען מיט די וואָס האָבן געשלעפּט אויף זיך שמאַטעס. יענע זענען אַדורך „בשלום״. אויך מיר האָבן זיך געדאַרפט איבערטראָגן פון וויעבנינסקע (פּרץ) גאַס אין דעם דערלויבטן טייל געטאָ און אויפן וועג האָב זיי ביי אונדז אָפּגע־נומען אַ גוטן קאָץ, עטלעכע פּאָר שיך. איך האָב מיך געפּרוווט אַ קרים טון אויף דער עולה און געבעטן דעם קאָץ צוריק, — איך האָב מיך נישט מיט וואָס צו־צודעקן, האָב איך מאָטיווירט. ווי אַן ענטפער האָב איך פון אַ פּוילישן פּאָלי־ציאַנט געקראָגן אַ קלאַפּ. מיטאַמאָל האָט זיך ביי דער קאָמיסיע דערהערט אַ שיסעריי. מאַזאָוועצקי, ירחמיאל אלפּעראָוויטשעס איידעם, האָט געשלעפּט אַ בעטל. דאָס בעטל איז געפעלן געוואָרן אַ פּאָליציאַנט און ער האָט אים געהייסן זי איבערלאָזן. מאַזאָוועצקי האָט נישט דערהערט דעם באַפעל און דער פּאָלי־ציאַנט האָט אויסגעשאָסן אין דער הויך. די צערודערטע ייִדן האָבן זיך געלאָזט לויפן פייל אויסן בויגן און האָבן געוואָרפן, וואָס מען האָט געהאַלטן אין די הענט. בשעת מעשה האָט זיך געדוכט, אַז די דייטשן שיסן אין די ייִדן. מען האָט שוין וועגן קיין זאַך נישט געדענקט. מען איז געווען צופרידן... מען איז אָפּגעקומען „בלויז״ מיט שרעק. די פרוי העלענע ראַיאַק (פרוי פון מ. ראַיאַק), אַ קינדער דאָקטער, האָט אַריינגייענדיק אין געטאָ דורכגעשמוגלט צווישן אַנ־דערע מעדיצינישע מכשירים, אויך אַ קינדער וואָג. איצט איז געקומען וויט־וויצקי צו אונדז פאַרן אַרויסקלייבן זיך און פאַרווערט איר מיטצונעמען די

קינדער וואָג, ווי אויך איניקע מעדיקאַמענטן וואָס זי האָט געהאַט. מיר זענען צו דעם אַלעם געווען כמעט גלייכגילטיק. ער האָט אויך פאַרווערט צו נעמען די שבתדיקע לייכטער (וויטוויצקי האָט אונדז גוט געקענט פון פאַר דער מלחמה, ער פלעגט אין אונדזער שול אויף די קינדער־אָוונטן מאַכן דעקאָראַציעס).

אין דעם טייל געטאָ, וווהין מען האָט אונדז אַריבערגעוואָרפן האָבן זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַזוינע בילדער: מענער, פרויען, קינדער, פאַרחושכטע, איינגעשמוצטע, אָנגעטאָנענע אין שמאַטעס מיט צעריסענע שיך, אָדער באָרוועס אײַין שוך אָנגעטון, איינער פעלט אויפן פוס, וואַלגערן זיך אין די גאַסן אויף די הויפן, אויף די גערטנער און האָבן זיך נישט ווו אַהינצוטון. דערביי איז אומעטום פאַרוואָרפן מיט הרודעס גאַנצע „זאַכן" (בעסער געזאָגט: שמאַטעס — געשיר, שוכוואַרג, צעריסענע קליידער און וועש, צעפליקטע בעטגעוואַנט אָן מאַטראַצן, צעבראָכענע בעטלעך און שטולכלעך, ברויט, צעשאָטענע קאַרטאָפל, צעבראָכענע קינדער־וועגעלעך, טערמאָסן, וואַליזקעס אד"גל. איניקע פלינקערע יִדן האָבן זיך ווי נישט איז ארײַנגעכאַפּט אין שטאַלן, אויף בוידעמער, און ענלעכע בודואַרן. פיל זענען פאַרבליבן פשוט אונטערן פרייען הימל. אונדז האָט אַרײַנגענומען דעמאָלט שמואל־לייב קורעניץ, וועלכער האָט געהאַט אַ שטיבל אין עק ביאַלאסטאָצקע גאַס, ביים סאַמע גרענעץ פון געטאָ.

געווען איז דאָס, ווי געזאָגט, י"ז תמוז. יִדן האָבן געפּאַסט און טראָץ אַלעמען האָט מען צו מנחה געמאַכט אַ מנין, מען האָט געליינט „ויחל". אויך איך בין געווען דאָרט און מען האָט מיר אויסגעטיילט מפטיר, וועלכן מיר איז זייער שווער געווען צו זאָגן, נישט אַזויפיל צוליב פיזישער אויסגעשעפּטקייט (ווייל בכלל האָט מער געטראָגן דער אימפּעט, איידער די כוחות), נאָר מיר האָט געקוועטשט דאָס האַרץ פון די ווערטער „כי קרובה ישועתי לבא וצדקתי להגלות, הבוחר בישראל עמו", אאַז"וו... יִדן האָבן געשפּירט, אַז איך כליפּע ביי די אויסדריקן און זיי האָבן געוויינט אויפן קול...

## דער דייטשער שפּיאָן

וויטוויצקי, וועלכער האָט זיך באַוויזן אין גלובאָק אין האַרבסט 1941 צוזאַמען מיט דער דייטשער ציוויל־מאַכט איז נישט קיין שפּאָגל־נייע פיגור אויף דעם פּלאַץ. כמעט אַלע האָבן אים דאָ געקענט. מען האָט אים גערופן דער „צירקאָוועץ" און אָט פאַר וואָס:

זומער, 1933, איז דורך גלובאָק דורכגעפאָרן עפּעס אַ צירק, וועלכער האָט געגעבן עטלעכע פאַרשטעלונגען. יוען דער צירק איז אָפּגעפאָרן איז אין גלובאָק פאַרבליבן אַן „אַרטיסט" פון דעם צירק. קיינער האָט נישט געוווסט און קיינעם האָט נישט אינטערעסירט צו וויסן, צוליב וואָס דער אַרטיסט איז דאָ פאַרבליבן; מען האָט געמיינט, אַז די דירעקציע האָט אים אַרויסגעוואָרפן,

אַז ער האָט זיך מיט עפּעס וואָס פאַרזינדיקט אד״גל. דער „צירקאָוועץ״ איז געווען זייער אָרעם, געטראָגן אַלטע, נישט געפּאַסטע, צעריסענע בגדים און דער אלגעמיינער איינדרוק וועגן אים, איז געווען, ווי וועגן אַ שכור, וועלכער האָט נישט פאַר וואָס צו טרינקען...

פאַרנומען האָט ער זיך מיט גרייטן דעקאָראַציעס צו פאָרשטעלונגען, גרי־מירן אַרטיסטן, ער האָט געשפּילט אין סטרונע־אָרקעסטער פון די פייערלעשער, פלעגט פון צייט צו צייט איינאָרדענען טאַנץ־אָוונטן פאַר דער היגער יוגנט און פלעגט אויך אַרויסטרעטן אויף די מערק פאַר די דאָרפישע פּויערים, ווי אַ „פּאָקוסניק״. ער האָט זיך שטאַרק באַמיט אָנצוקומען אויף פּאָסט ווי אַ באַאַמ־טער. דאָס איז אים, וואַרשיינלעך, נויטיק געווען פאַר זיין טעטיקייט, צו זיין נאָענט צו דער קאָרעספּאָנדענץ, צום טעלעפאָן, צום טעלעגראַף אאַז״וו. נאָר נישט קענענדיק צושטעלן קיין מאָראַל־צייגעניש האָט ער אויפן פּאָסטן נישט געקענט אָנקומען. אַ געוויסע צייט האָט ער געדינט ווי אַ שומר אין אַ שול לעבן גלובאָק און ער איז אויך געווען טעטיק אין דער פּוילישער יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציע „סטרעלעץ״ א״אַ. מיט זיין אויסערלעכקייט האָט ער קיין באַזונדער איינדרוק נישט געמאַכט: דער וווקס העכער פון מיטל, מאַגער, די אויגן גראָע, ביטרע, דאָס פּנים בלאָס, דאַר, פון אונטן פאַרשפּיצט — אַ הינטישער אויס־דרוק, האָר העלע. ער פלעגט פאַרבן דעם פּנים און די ברעמען. גערעדט האָט ער שטיל און איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען ווי אַ דערשלאָגענער. וועגן זיך פלעגט ער דערציילן, אַז ער איז אַ זון פון אַ פּוילישן פּאָלקאָווניק און אַז פאַר זיין הוליען האָט מען אים אַרויסגעוואָרפן פון 6טן קלאַס גימנאַזיע. געוווינט האָט ער אויף קראָקאָווער גאַס ביי שלום צענציפּער דעם קצב. אַ צימער האָט ער געהאַט נישט קיין גוטן און, ווי די באַלעבאַטים פלעגן דערציילן, האָט ער געלעבט זייער אָרעם. ער פלעגט זיך זייער שלעכט שפּייזן. די באַלעבאַטים זיינע פלעגן אים אָפט צוהעלפן. באַזונדערט זייער יינגערער זון שעפּסל, וועלכער פלעגט אים דערלאַנגען אַ שטיקל פלייש, ברויט א״אַ. אויך די יידישע קרעמער פלעגן אים אונטערשטיצן — געהאַט אויף אים מיטלייד. ווען ער פלעגט אין אַ קראָם קויפן אַ הערינג פאַר אַ 10־20 גראָשן פלעגן די קרעמער קיין געלט ביי אים נישט נעמען. שפּעטער האָט ער חתונה געהאַט מיט אַן אָרעמער פּויל־שער מיידל.

קיינעם האָט אויפן זינען נישט געקענט אַרויפקומען, אַז דער אָרעמער, נידערגעשלאָגענער, אָפּגעריסענער „צירקאָוועץ״ זאָל זיין אַ דייטשער שפּיאָן. די רעזולטאַטן פון זיין טונקעלער אַרבעט האָבן זיך אָבער געלאָזט מערקן סוף זומער 1939, ווען פאַרן אָנפאַלן פון די דייטשן אויף פּוילן האָבן זיך אין גלובאָק און אומגעגנט, אָנגעהויבן שריפות, פּצַר וועלכע מען האָט קיין סיבות נישט געקענט געפינען. אַזוי האָט סוף יולי אויסגעבראָכן א גרויסע שרפה אין הויז פון משה מירמאַן און ד״ר בריטאַנישסקע אויף ווילנער גאַס, וועלכע האָט זיך

איך איבערגעוואָרפֿן אויף דובראָווע, ווו עס זענען פֿאַרניכט געוואָרן עטלעכע צענדליק הייזער. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט אויך אויסגעבראָכן אַ שרפֿה ביי חיים כעוולין און משה שולהייפער. אויף זאמקאָווע גאַס. זייער אַ ריזיקע שרפֿה איז אין עטלעכע טעג אַרום פֿאָרגעקומען אין דעם שטעטל לוזשקי, 30 קילאָמע־טער פֿון גלובאָק און עס איז דעמאָלט פֿאַרניכט געוואָרן כמעט דאָס גאַנצע שטעטל. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָ אַרבעט אַ פֿאַרבאָרגענע טייוולאָנישע האַנט, נאָר טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען, האָט זיך נישט איינגעגעבן אויסצוגע־פֿינען דעם שולדיקן...

ערשט נאָכן אָנקומען אין גלובאָק פֿון דער דייטשער ציוויל־מאַכט, צווישן וועלכע עס איז אויך געקומען, ווי אַן אַקטיווער אַרבעטער, דער פֿריערדיקער אָרעמער, האַלב מעלאַנכאָלישער „צירקאָוועץ", וואָס האָט דאָ געשפּילט פֿאַר דער פּוילישער מאַכט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גורם פֿון אַלע זומערדיקע שריפֿות, אין יאָר 1939, איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי דער „צירקאָוועץ", וועלכער האָט זיך געסטאַרעט אַרויסצורופֿן אַ פּאַניק צווישן דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג.

נאָכן אָנקומען פֿון דער רויטער אַרמיי, אין סעפּטעמבער 1939, האָט דער דערמאָנטער „פּאָקוסניק" געשפּילט אין סטרונע־אָרקעסטער. שפּעטער האָט די ראַטן־מאַכט באַמערקט אין דעם „אַרטיסט" אַ פֿאַרדעכטיקע פּערזאָן און האָט אים אַרעסטירט. ער איז געזעסן ביז עס איז געקומען צו אַן אויסטויש צווישן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד און דייטשלאַנד פֿון די סאָוועטישע און דייטשע בירגער. די ראַטנמאַכט האָט דעמאָלט, אויפֿן פֿאָרשלאַג פֿון דער דייטשער קאָמיסיע, באַ־פֿרייט דעם „צירקאָוועץ" און ער איז פֿון גלובאָק אַוועקגעפֿאָרן. ערשט נאָך דער אינטערווענץ פֿאַר אים פֿון דער דייטשער מאַכט איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז נישט קיין געוויינלעכער צירק־אַרטיסט, וואָס איז דאָ צופֿעליק פֿאַר־בליבן אין יאָר 1933, ווי אויך, אַז אויפֿן גלובאָקער האָריזאָנט האָט ער געשפּילט נישט קיין געוויינלעכע ראָלע...

נאָכן אָנקומען פֿון דער דייטשער ציוויל־מאַכט אין גלובאָק, סוף סעפּטעמ־בער 1941, איז מיט זיי אויך געקומען דער דייטשער שפּיאָן וויטוויצקי. אָבער שוין נישט קיין דערשלאָגענער, נעבעכדיקער, אָפּגעריסענער, נאָר אָנגעטון אין דער אמתער דייטשער, שפּאָגל נייער פֿאַשיסטישער אוניפֿאָרם. ער האָט איצט אויסגעזען ווי דער אמתער היטלעריסטישער תלין. די וואָס האָבן אים פֿריִער געשטיצט מיט עפּעס און געהאָלפֿן, האָבן אין אים איצט געוואָלט געפֿינען אַ פֿאַרטיידיקער, אַ באַשיצער, אָבער... אומזיסט! ער האָט קיינעם „נישט געקענט" און וועגן הילף מצד אים צו ראַטעווען זיך פֿון טויט האָט קיין רייד נישט גע־קענט זיין. פֿאַרקערט, ער האָט זיך צו זיי נאָך מער געטשעפּעט, געזוכט חטאים און מען האָט געמוזט זוכן מיטלען, ווי אַזוי אים אויסצומיידן, ווי אַזוי מיט אים זיך נישט צו באַגעגענען. מען האָט שוין פֿאַר קיין פֿאַל אין אים נישט געקענט

דערקענען דעם פריזיערדיקן שטילן, געלאַסענעם, אָרעמען „פּאָקוסניק“, וועלכער האָט שטענדיק געריידט מיט אַ קוים דערהערטער שטים. אַראָפּנעמענדיק די מאַסקע, האָט זיך באַוויזן די אמתע חיה, דער אמתער מענטשנפרעסער. ער איז איצט געגאַנגען אויסגעגלייכט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, ווי ער וואָלט מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן... ווען ער פלעגט מיט זיינע פעסטע טריט, מיטן שטרענגן, דורכשטעכנדיקן קוק דורכגיין די גאַס, האָט ער שטענדיק געדרייט מיטן גו־מענעם קאַנטשיק, מיט וועלכן ער פלעגט אונטערשמייסן ייִדישע פאַרבייגייער. אַ באַזונדער פּחד פלעגט פאַלן ווען ער פלעגט זיך דערביי אויך אונטערשפּילן מיטן רעוואָלווער... קורץ, ער האָט זיך נישט אויסגעטיילט פון זיינע איבעריקע „שיינע חברים“.

אין אַלע מאָרדן, אין שטאָט, אין אומגעגנט, באַזונדערס אין מאַסן־מאָרדן, האָט נישט געפעלט זיין אַקטיווע באַטייליקונג. נאַטירלעך, האָט ער די אַלע באַנ־דיטישע אַרבעטן דאָ אויפן אָרט געקענט אויספירן בעסער פאַר אַנדערע אַ דאַנק זיין פּיליאַריקן שפּיאָנאַזש דאָ. אויך האָבן פון אים געליטן די אַרומיקע דערפער. זייער געשיקט פלעגט ער אויסנוצן פאַר זיך די אַקציעס בשעתן אָפּשיקן קריסטן אויף אַרבעט אין דייטשלאַנד. פאַר אַ „קנעפּל“ (גאָלדענער צענרובלדיקער) פלעגט ער באַפרייען. אַזוינע „קנעפּלעך“ האָט ער אַנגעקליבן אין די הונדערטער און טויזנטער און אין אַ קורצער צייט האָט זיך דער אָרעמער „צירקאָוועץ“ פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנץ סאָלידן גביר. עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז אויפן וואָקזאַל אין גלובאָק, בשעתן אָפּשיקן די יוגנט קיין דייטשלאַנד, פלעגט וויטוויצקי, כדי אָפּצושוואַכן דעם איינדרוק פון די געוויינען ביים געזעגענען זיך, שפּילן אויפן האַרמאָניק און מאַכן פּאָקוסן, געאַרבעט ווי אַן אמתער אַר־טיסט... נאָר אין פאַרגלייך מיט די צרות, וואָס ייִדן האָבן פון אים געהאַט איז דאָס געווען אַ נול. אין די אָרטיקע רעפּרעסיעס און בלוט־אַקציעס אויף ייִדן איז וויטוויצקי שטענדיק געווען דער ערשטער. ער האָט בעסער פאַר זיינע חברים געוווּסט ווו, וואָס עס געפינט זיך און ווי צו אַרבעטן. אין גלובאָק איז, אויף זיינע אָנווייזונגען, איינגעשטעלט געוואָרן דאָס אָרט פון דער געטאָ, אויך שפּע־טער, נאָך די שחיטות, פלעגט ער דורכפירן די פאַרקירצונגען פון דער געטאָ און לסוף האָט דער בלוטיקער אַרטיסט גענומען דעם גרעסטן אָנטייל אין דער ליקווידאַציע פון גלובאָקער געטאָ אין אויגוסט 1943.

די ווילדע חיה איז אויך געווען שטאַרק אַקטיוו בשעתן צעשמעטערן די געטאָס אין דאָקשיץ און אין אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך.

חוץ מאָרדן איז ער געווען אַ גרויסער בריה אויסצוזויגן די לעצטע זאַפט. איינמאָל איז ער געקומען צו זיינע אַמאָליקע באַלעבאַטים ,צענציפּער, און האָט געפאָדערט, זיי זאָלן אים אין אַ פאָר שעה אַריינטראָגן 5.000 רובל און אַ גאָל־דענעם זייגער. זיי זענען צעמישט אַרומגעלאָפן איבער גאַנץ שטאָט — דאָס גופא האָט אויך געשמעקט מיטן טויט — און, נישט געקוקט אויף אַלע אָנ־

שטרענגען, האָבן זיי מער ווי 3.000 רובל נישט געשאַפן. ווען זיי זענען צו אים געקומען מיט דער סומע, האָט ער זיך אויף זיי געוואָרפן ווי אַ בייזע, צע־רייצטע שלאַנג, געשלאָגן מיטן קאַנטשיק, געשריגן, געזידלט זיך מיט די לעצטע ווערטער און נוקם געווען זיך, וויפל זיין האַרץ האָט געגלוסט. נאָך לאַנגע גע־וויינען פון די צענציפּערס האָט ער ביי זיי אַ ריס געטון און געגעבן אַ שליידער די דריי טויזנט רובל און זיי אַליין האָט ער דערלאַנגט אַזאַ שטויס דורך דער טיר, אַז זיי האָבן זיך עטלעכע מאָל איבערגעקייקלט. זיי זענען אָבער שוין געווען גליקלעך וואָס דאָס מאָל האָבן זיי כאָטש אויסגעמיטן די קויל.

בשעת דער פאַרקירצונג פון דער געטאָ, י״ז תמוז תש״ב — 2טער יולי 1942, איז דער „צירקאָוועץ״ וויטוויצקי, געשטאַנען אויפן וועג און האָט ביי די ייִדן אָפּגענומען די זאַכן. וואָס אים פלעגט נישט געפעלן פאַר זיך, האָט ער געטיילט דער אונטערוועלט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער אַפּע־טיט איז ביי אים אויסגעוואקסן אַזוי גרויס, אַז ער האָט ביי דער פרוי ד״ר ראַ־העניע ראַיאַק, צוגענומען אַפילו רפואות, מעדיצינישע פּרעפּאַראַטן, מעדיצינישע וואָג אד״גל. זיין גיריקייט איז געווען אומבאַגרענעצט.

שטאַרק טעטיק איז ער געווען אין די פאַרפאָלגונג־אַקציעס אויף די פּאַר־טיזאַנער. דאָ איז ער אויך געווען פּאָפּולער. אונטער זיין אָנפירונג פלעגן אַרויס־פאָרן אָפטע עקספּעדיציעס אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. זעלטן ווען פלעגן זיי זיך פון אַזוינע עקספּעדיציעס צוריקקערן נישט געשעדיקט. מערסטנס פלעגן זיי צוריקברענגען אַ סך דערהרגעטע, פאַרוווּנדיקטע דייטשן און פּאָליציאַנטן. דער באַנדיט פלעגט זיך שטענדיק באַרימען מיט זיינע „קונסט און העלדישקייטן״. ער פלעגט אָפט אויפמערקזאַם מאַכן אויף זיין דורכגעשאָסן היטל „דורך פּאַרטיזאַ־נער״, ווייזן פאַר זיינע חברים, ווי דרייסט און האַפּעדיק ער גייט אין סאַמע פייער קעגן די פּאַרטיזאַנער. ס'איז קלאָר געווען, אַז זיין היטל האָט ער אַליין דורכגעשאָסן, כדי צו ווייזן זיינע נאָענטע, ווי ווייט ער איז איבערגעגעבן דער אַרבעט...

ער פלעגט אויך מיט זיינע אַרטיסטישע קונצן אַריינציִען מענטשן אין נעץ. ער פלעגט זיך איבערטאָן אין ציווילע אָדער אין פּאַרטיזאַנישע קליידער אד״גל און קומען אין געטאָ אַ פאַרמאַסקירטער (נאַטירלעך איידער מען האָט די פייגל גוט דערקאָנט), איינריידן יונגע לייט, זיי זאָלן גיין אין פּאַרטיזאַנקע. ווי עס האָט שפּעטער אויסגעוויזן די לאַגע פון די דורך אים אָנגעצויגענע ייִדן, וועט זיך שוין דער לייענער לייכט פאָרשטעלן. קיין פלאָגן און צרות האָט שוין יענעם נישט געפעלט. דער טויט אין דעם פאַל איז גאָר געווען אַ גליקלעכע אויסלייזונג. די האָר שטעלן זיך קאַפּויר, ווען מען דערמאָנט זיך, ווי אַזוי עס זענען דורך דעם פּראָוואָקאַטאָר פאַרמאַטערט געוואָרן די יונגע ברידער חזן, גינזבורג א״אַ.

דער היטלעריסטישער תלין האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע פעיִקייט צו כאַפּן אַנטלאָפענע און אויסזוכן באַהאַלטענע. דעם דייטש איז נישט שווער געווען צו

פאַרן ספּעציעל קיין ווילנע, אויסצוזוכן דאָרט דעם געוועזענעם קרייז־ד״ר זאַשטאָווט, אַריינזעצן אים צו זיך אין מאַשין און אויפן וועג דערהרגענען. מיט דעם „נומער״ פּלעגט ער זיך שטענדיק באַרימען ווי קלוג ער האָט אים דורכ־געפירט, ווי, דערוויסנדיק זיך דעם אַדרעס פון ד״ר זאשטאָווט, האָט ער בכוונה געשפּאַצירט אַרום זיין שטוב, כדי „צופעליק״ אים צו באַגעגענען, ווי אַזוי ער האָט אים, ווי אַן אַלטן באַקאַנטן, פאַרגעלייגט צו פאָרן מיט אים אין גלובאָק, צוזאָגנדיק אים אָפּצופירן אויף זיין מאַשין צוריק קיין ווילנע...

ער האָט אויך אָרגאַניזירט אין גלובאָק און געגנט די „סאַמאָכאָוועצעס״ — אַ היטלעריסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, ער האָט אָרגאַניזירט קורסן, ער פלעגט פּראָוואָצירן און העצן איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער אַנדערער און גלובאָ־קער באָדן מיטן אַרום האָט זיך דורכגעווייקט מיט בלוט און טרערן פון אָט דער שרעקלעכער חיה.

דערפאַר אָבער האָט זיין רייכקייט געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. ער האָט זיך שוין אָנגעלעבט אַ היבשן מאַיאָנטעק אין זאלעסיע לעבן גלובאָק, ווו ער האָט אַ פּנים געמיינט צו בלייבן אייביק. אין דעצעמבער 1943 האָבן אָבער פאַר־טיזאַנער פון „זשוקאָוו״־אָטריאַד, ראָקאָסאָווסקעס בריגאַדע, זיין מאַיאָנטעק צע־שמעטערט. די פערד, בהמות, שעפּסן א״אַ, האָבן זיי אַרויסגעפירט און דאָס איבעריקע האָבן זיי פאַרברענט. עס איז אינטערעסאַנט דאָס צעטל, וואָס איינער אַ גלובאָקער יידישער פאַרטיזאַן האָט נאָך דעם אַקט איבערגעלאָזן ביי דעם פאַרוואַלטער פון מאַיאָנטעק פאַר זיין באַלעבאָס. דאָס איז די איבערזעצונג פון דעם צעטל געשריבן אין פויליש:

„הער וויטוויצקי! — זיי פריך נישט ברוגז. דאָס אַלץ האָט געטון דיין גוטער באַקאַנטער מיט וועמען דו האָסט צוזאַמען געדינט אין דער גלובאָקער פייערלעשער־אָפּטיילונג. נאָך דער מלחמה וועלן מיר זיך נאָך אָפּרעכענען פאַר אַלץ, אַלץ...

דיין פריינט זלמן סאמוילאָוויטש ראַפּאָפּאָרט״.

וואָס איז געוואָרן מיטן „צירקאָוועץ״ נאָכן אַרויסטרייבן די דייטשן פון גלובאָק, אָנהויב יולי 1944, איז אונדז נישט באַקאַנט. מען דאַרף זיך פאָרשטעלן, אַז דער אַרטיסט שפּאַצירט ערגעץ אַרום אַ פאַרמאַסקירטער מיט אַ פאַלשן פּאַס־פּאָרט אין קעשענע. מעגלעך, דווקא מיט אַ יידישן, וועלכן ער האָט צוגענומען ביי איינעם פון זיינע קרבנות, דערשפּירנדיק, אַז די מפּלה פון די דייטשן דער־נענטערט זיך. און אפשר האָט ער זיך אָנגעטון אין דער פעל פון יענעם דייטש, וועלכער האָט אַריינפאַלנדיק אין דער רוסישער געפאַנגענשאַפט דערקלערט, אַז זיין טאַטע איז געווען אַן אָנגעזעענער קאָמוניסט און אַ „געטרייער דינער ביים „גענעראַל״ קאַרל מאַרקס״! וועלכער געפינט זיך איצט אין ווין... (זע די מלחמה־דערציילונגען פון איליא ערענבורג).

ווי עס זאָל נישט זיין, וועט דער בלוטיקער דייטשער שפּיאָן פאַרבלייבן אין זכרון פון די איינצלנע לעבנפאַרבליבענע ייִדן פון גלובאָק און אומגעגנט, ווי אַ סימבאָל פון דער העסלעכסטער בריאה משונה, וועלכע טראָגט מיט זיך טויט, צעשטערונג און פאַרניכטונג...

## „וואַרענהאוס"

ווי געזאָגט, האָבן די דייטשן נאָך דער שחיטה אין גלובאָק און אין די אַרומיקע שטעטלעך, צונויפגעזאַמלט די איבערגבליבענע זאַכן פון די אומגע־בראַכטע ייִדן אין ספּעציעלע סקלאַדן. אויך האָבן זיי, נאָך דער פאַרקירצונג פון געטאָ־תחום, דעם 2טן יולי (י"ז תמוז), די זאַכן פון די איבערגעזידלטע ייִדן צונויפגעפירט אויף פורן אין די סקלאַדן. דאָרט האָט מען די זאַכן סאָרטירט און פון דעם געשאַפן „האַנדלסהייזער", אָדער ווי די דייטשן האָבן עס אָנגע־רופן „וואַרענהאוס".

אויך ווילנער גאַס זענען געעפנט געוואָרן מאַגאַזינען פון וועש, שוכוואַרג, גאַלאַנטעריי, קליידער א"אַ. די דייטשן און זייערע פריינט האָבן פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל דאָרטן באַקומען גוטע מענער־ און דאַמען־אַנצוגן, מאַנטלען, פוטערס, וועש, ווי אויך היט, הענטשקעס, אויסבינדער, זאָקנס, סקאַרפּעטן, גורטן, קראַגנס, וואַליזעס, פּאָרטפּעלן, שוכוואַרג א"אַ. עס זענען אויך געווען געשעפטן פון פּאָרצעלייענע און גלעזערנע געשיר און אויך אַ מאַגאַזין פון מעבל. אין הויז פון יהושע געלער (פעלדשער), האָט זיך געפונען דאָס וואַרענהאוס פון גאַלאַנ־טעריי און קליידער, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט העניע רייזע לעדערמאַן. אין הויז פון שמואל מאַטע צירלין (ראָג ווילנער און נייע קישעלייקע) איז געווען דער פּאַיאַנס־מאַגאַזין אונטער דער פאַרוואַלטונג פון איינעם גורוויטש (אַן עלטערער מענטש, אַ פּליט פון ווילייקע). אין הויז פון מושע־חנה (ראָג וויל־נער און אַלטע קישעלייקע) איז געווען דער מעבל סקלאַד.

כדי צו ברענגען די אַלע זאַכן פריִער אין אָרדענונג זענען געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע וואַרשטאַטן און איינריכטונגען, אָנגעפירט און באַאַרבעט דורכויס דורך ייִדן.. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע וועשעריי, ווו מען האָט אַלץ געוואַשן און גערייניקט פון דאָס בלוט פון די הרוגים, ביי וועמען מען האָט די זאַכן נישט באַוויזן אַראָפּצונעמען איידער מען האָט זיי דערמאָרדעט. אָנגעפירט מיט דער וועשעריי האָט קולביס, אַ געוועזענער באַלעבאָס פון אַ כעמישער וועשעריי אין ווילנע.

בעתן סאָרטירן און וואַשן האָבן איניקע דערקענט די וועש און זאַכן פון זייערע נאָענטע. אַזוי האָט מאַניע פריידקין דערקענט דאָס העמד פון איר אָקאָרשט דערמאָרדעטן מאַן שמעון. זי האָט מיט אירע אייגענע הענט געדאַרפט אויסוואַשן דאָס בלוט פון איר מאַנס העמד, פאַרן וואַרענהאוס. און וויינענדיק,

רייסנדיק זיך די האָר פון קאָפּ, האָבן די פרויען געוואָשן און געפּוצט די זאַכן פון זייערע טייערסטע, אַרויסגעוואָשן פון זיי דאָס בלוט און איבערגעגעבן עס זייערע מערדער. עס זענען געווען פאַלן ווען די אַרבעטערינס זענען בעת אַזאַ אַרבעט געפאַלן אין חלשות, פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין און מען האָט זיי געמוזט אין מיטן דער אַרבעט, קראַנקערהייט, אַוועקטראָגן אין געטאָ.

עס זענען אויך געווען וואַרשטאַטן, ווו מען האָט געפּרעסט, פאַריכט און געבראַכט אין אָרדענונג אָנצוגן, מאַנטלען, היט וועש א״אַ. אין איינעם אַזאַ וואַרשטאַט האָט די פרוי פון לערער ווולף מילכמאַן, ראיע, געדאַרפט מיט אירע אייגענע הענט ברענגען אין אָרדענונג דעם אָנצוג פון איר דערמאָרדעטן מאַן. זי איז בעת דער אַרבעט געפאַלן אין חלשות און מען האָט זיך קוים אָפּגעמינטערט און אויף אַ טראָג־בעטל אַוועקגעטראָגן אַהיים. נאָכן ברענגען אין אָרדענונג זענען די זאַכן אויסגעשטעלט געוואָרן אין די געשעפטן, די דייטשן האָבן עס געקויפט, געטראָגן און געשיקט מתנות זייערע פרויען, קינדער און קרובים. און אַזוי איז אויך געווען מיטן מאַגאַזין פון געשיר און פאַיאַנס. די סחורה האָט מען פריִער גענומען אין די הייזער פון די קדושים פון 19טן יוני און פון די אַרויסגעטריבענע דעם 2טן יולי, דערנאָך האָט מען אויך צונויפגעבראַכט פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי, דאקשיץ, פאראפיאנאוו, מיאר, לוזשקי, פליסע, זיאבקי, גערמאנאָוויטש, בראסלאוו, האלוביטש, דרויע, פאהאסט, שארקאוושצינע, פראזאראקי א״אַ. פון די שטעט האָט מען געבראַכט גאַנצע פורן מיט קאַסטנס געשיר און כלים, געפּאַקט אין בלעטער פון כתבי הקדש. די פורן מיט די זאַכן זענען געווען באַדעקט מיט צעריסענע פאַרבלוטיקטע קליידער, אָפּט מיט צעריסענע פאַרבלוטיקטע טליתים.

ווען די סחורה פלעגט, אין די האַנדלס־הייזער, ווערן וויניקער, פלעגן די דייטשן מאַכן באַשטעלונגען ביים יודענראַט אויף פאַרשיידענע אַרטיקלען. אין די חדשים אויגוסט, סעפּטעמבער 1942, פלעגן כמעט יעדן טאָג קומען באַשטעלונגען אין יודענראַט אויף אָנצוגן, וועש, זאָקן, שוכוואַרג, פּידזשאַמעס, לאַקנס, אויסבינדער, קראַגנס, קינדער־קליידער, אפילו שפּילצייג. אין געטאָ איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ לאַגע, אַז קיין שום גאַנצע נישט געטראָגענע זאַך, האָט ביי קיינעם נישט געטאָרט ליגן אויבנאויף, ווייל דאָס האָט געדאַרפט גיין פאַרן „וואַרענהאַוס“.

ווען עס איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו באַפרידיקן אַ וועלכע עס איז באַשטעלונג, ווען מען האָט נישט געקענט צושטעלן איינעם אָדער אַ צווייטן חפץ, האָט מען זיך געשעצט גליקלעך ווען עס איז געלונגען אויסצוקויפן זיך מיט אַנדערע זאַכן, גאָלד, צירונג אאַז״וו.

די פּראָצעדור פון פאַרקויפן דאָס ייִדיש האָב און גוטס אין דעם וואַרענהאַוס איז געווען אַזאַ:

די קונים — דייטשן אָדער פּאָליציי, ווי אויך באַאַמטע פון דייטשע אַנ־

שטאַלטן — פלעגן קומען אין „וואַרענהאַוס" מיט אָרדערס פון געביט־קאָמיסאַר און דאָרט פלעגט איינע פון די ייִדישע „פּאַרקויפערינס", מאַשע באַגין, חיה־רחל ראבינאָוויטש אָדער אן אַנדערע געבן דעם קונה אויסצוקלייבן וואָס אים געפעלט און אַ גליק איז געווען ווען יענער פלעגט, נאָכן באַקומען זיין דעליקאַט פאַרפּאַקטן פּעקל, נישט אַנזידלען מיט די לעצטע זידל־ווערטער די אַרויס־געבערין פון די סחורה. מען פלעגט זיך נישט קענען אָפּוווּנדערן ווען אַ דייטש האָט אין אַ זעלטענעם פאַל באַגריסט אַריינגייענדיק אין מאַגאַזין. וועגן דעם פלעגט מען אַ סך רעדן. אן איידעלער דייטש...

## אונטערנעמונגען, וואַרשטאַטן און ביוראָ פון געביט־קאָמיסאַר

ווען די ייִדן פון גלובאָק האָבן דערשפּירט אין וואָס פאַר אַ פינצטערן תהום זיי זענען אַריינגעפאַלן, האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן תחבולות, ווי צו ראַטעווען זיך פון אומקום. אַזוי ווי לויפן פון גלובאָק האָט מען נישט געקענט און עס איז נישט געווען וווהין, האָט דער יודענראַט אָנגעהויבן צו שאַפן פאַרשיידענע אונ־טערנעמונגען, וואַרשטאַטן, ווו ייִדן זאָלן קענען אַרבעטן און זיין „נוצלעך". די דייטשן האָבן פאַרזיכערט, אַז די ייִדן וואָס אַרבעטן און ברענגען מיט זייער אַר־בעט נוצן, וועט קיין שלעכטס נישט געשען. און אָנהויב 1942 איז גלובאָק געהאַט פאַרוואַנדלט געוואָרן דורך די ייִדן אין אַן אמתער פאַבריק־שטאָט:

1. אויף ווילנער גאַס ביי שמעון לקח אין שטוב איז געווען אַ שטעפּעריי אונטער דער אָנפירונג פון מענדל גאַלבערשטיין. דאָרט האָבן געאַרבעט לערך 20 שטעפּער, צווישן וועלכע עס זענען געווען: איזראַעלעוו הירש, שוכמאַן יצחק מיט זיין ברודער, שמעון לקח, גורעוויטש — אַ דאקשיצער יונגערמאַן — בודאוו אברהם א"אַ. זיי פלעגן אויסאַרבעטן חוץ זאַגאַטאָוועקעס פון שיך און שטיוול, אויך לעדערנע טעקעס, שיידלעך צו רעוואָלווערן, פּאָרטמאַנעטקעס, רידיקולן. זיי פלעגן אויך שטעפּן פאַר די דייטשקעס וואָליקלעך, פאַרשיידענע טופלעס. די אַרבעט פלעגט אַרויסקומען זייער שיין, קינסטלעריש. די ייִדן האָבן אין דעם אַריינגעלייגט געשמאַק און די דייטשן זענען פון דער אַרבעט געווען צופרידן.

2. בשכנות פון דער שטעפּעריי האָט זיך אין הויז פון פּרוי מינושקין, שמעון לקחס שוויגער, געפונען דער שוסטער־וואַרשטאַט. מיט אים האָט אָנ־געפירט דוד דרוץ פון הויפּישער גאַס, אלי דעם שמשס איידעם. אין שוסטער־וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט: חנן מעלצער, דוד ווײמאַן, זלמן שיצקין א"אַ. אויך האָבן דאָרט געאַרבעט פּיקטיווע „שוסטער". דער פּראזאראקער מלמד כתריאל שניידמאַן פלעגט מאַכן הילצערנע שטיפטן. און ליפא לאַנדאַו, (בן הרב פון דרויסק, אַליין אויך אַ מוסמך), האָט זיך אויסגעלערנט דאָרט נייען אַ פּאָר שטיוול. די שוסטער זענען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, שטענדיק זענען גע־ווען באַשטעלונגען פון דייטשן, וועלכע פלעגן זייער פיל שוכוואַרג אַרויסשיקן

קיין דייטשלאַנד פאַר זייערע נאָענטע, ווי אויך צום האַנדל. די שטעפּער און די שוסטער האָבן די דייטשן פאַוואָריזירט, זיי האָבן זיי נייטיק געדאַרפט האָבן. ווען די זשאַנדאַרמעריע האָט איין מאָל אַרעסטירט דעם שוסטער זלמן שיצקין פאַר אויסבייטן זאַכן אויף ברויט ביי אן אָרטיקן פּויער, האָט אים דער זשאַנדאַר־מעריע־שעף, קערן, באַפרייט. דאָס איז געווען איינער פון די זעלטענע פאַלן ווען אן אַרעסטירטער ייִד איז אָפּגעלאָזט געוואָרן. אין יענער צייט האָט מען ביים געטאָ טויער פאַרהאַלטן מאטקע פילדאס, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט און באַלד אים געשאָסן. אין געטאָ האָט מען גערעדט, אַז בערל פילדאסעס זון איז געפאַלן אַ קרבן פאַר שיצקינען, ווייל די דייטשע טאַקטיק איז געווען אַזאַ, אויב זיי האָבן איין ייִדן באַפרייט, ווייל זיי האָבן אים געדאַרפט האָבן, פלעגן זיי אָנשטאָט אים אומברענגען איינעם אָדער מער אַנדערע ייִדן.

3. ביי שרה קרעמער אין שטוב (די פרוי פון לערער זלמן קראַוויעץ) האָט זיך געפונען די מענער־שניידעריי און פעלצן־מאַכעריי. מיט דעם וואַרשטאַט האָט אָנגעפירט מיאַקינין. דאָרט האָבן געאַרבעט ביי אַ פאַר צענדליק שניי־דער צווישן זיי: זעליק גלאזמאַן, זלמן פייגעלסאָן, פייצעס מאַן, אַרקע דער שמש פון בלויעז מנין, שלמה דוד פּרעז, עטינגאָף א״אַ זיי פלעגן צוגרייטן גוטע וואַ־רעמע, פעלצענע הענטשקעס אאַז״וו.

4. ביי כתריאל כ״ץ אין שטוב אויף ווילנער גאַס האָט געאַרבעט די דאַמען־שניידעריי, אָנגעפירט פון חנה קנעל. זיי האָבן געניייט פאַר די דייטשקעס. די שניידערקעס פלעגן דאַרפן גיין מעסטן די זאַכן צו די דייטשקעס און דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנה. די ערשטע זאָרג איז געווען, אַז דער דייטשקע זאָל געפעלן די אַרבעט, אַז זי זאָל חלילה נישט דערשפּירן, אַז די ייִדישע שניידערין האָט צו וויניק נשמה און לעבן אריינגעלייגט אין איר קליידל, אָדער העמד... נישט קיין קליינע געפאַר איז אויך געווען דאָס עצם דורכגיין הין און צוריק די גאַנצע שטאָט מחוץ דער געטאָ. און די פאַרוואַלטערין חנה קנעל, וועלכער עס פלעגט אויסקומען אָפט צו גיין צו די דייטשקעס מעסטן אָדער אָפּטראָגן שוין אויסגעפּאַרטיקטע זאַכן, פלעגט ביים אוועקגיין געזעגענען זיך מיט אירע מיט־אַרבעטערינס און יענע פלעגן איר ווינטשן מען זאָל נאָך זוכה זיין צו זען זיך...

5. ביי שולעוויטשן אין שטוב איז געווען אַ שטריקעריי. דאָרט האָבן אַ סך פרויען געשטריקט סוועטערס, הענטשקעס, זאָקן, קאָפּטורקעס א״אַ. דאָ האָבן גע־אַרבעט אויך מיידעלעך פון 8 יאָר אַלט. צוזאַמען זענען דאָרט געווען באַשעפ־טיקט ביי 60־70 פרויען.

6. ביי מייטשיק ראַבינאָוויטש אין שטוב איז געווען דער קלומפּן־וואַר־שטאַט (הילצערנע שיך). אָנגעפירט מיט דעם האָט איינער כ״ץ לייזער פון וואראָפּאיעווע. דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט זייער אַ סך הילצערנע שיך. די דייטשן האָבן מיט דעם באַזאָרגט די ייִדן, די שוואַרצע אַרבעטער — פאַליאַקן

און ווייסרוסן פונעם גאַנצן געגנט. די טרעגער פון אַזוינע קלומפּערס זענען אַרומגעגאַנגען ווי אמתע קאַליקעס מיט צעבלוטיקטע פיס.

7. ביי מאיר גיטעלזאָן אויפן הויף, אין אַ הינטערשטער שטוב, האָט זיך געפונען דער בערשטן־וואַרשטאַט, אָנגעפירט פון פרידמאַן פון יאטקאָווע גאַס. דער וואַרשטאַט איז אַנטשטאַנען מיטן ציל צו באַשעפטיקן עלטערע, שוואַכערע ייִדן. די שטרעבונג איז געווען דורכויס, אַז יעדער ייִד זאָל זיין באַשעפטיקט. דאָרט האָבן געאַרבעט לקח שמעון, אַ דיסנער — דער פאָטער פון ד״ר לקח נחום; פּאַק מענדל, חיים־שמחה שפּייער (געוו׳ גבאי פון סטאראסעליער שול), זלמן גארדאָן, שלמה־מאיר שפּירא, ישראל אלפּעראָוויטש א״אַ. די אלטע ייִדן פלעגן אָפט זיצן אין וואַרשטאַט מיט אַ תהילים אָדער מיט אַן אַנדער ספר און בגנבה מעיין זיין. אין די שבתים פלעגן זיי זיצן אין די פאַרטעכער, האָבן אָבער נישט געאַרבעט, זיי פלעגן קומען פריִער, דאַוונען בציבור און אויך לייענען אין אַ ספר־תורה. אַזוי איז אויך געווען אין די שבתים צו מנחה. דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט בערשטלעך צו קליידער, צו שיך, צו פּוצן פערד א״אַ.

8. אין עק וואַרשעווער גאַס, אין הויז פון נאטאריוס, האָט זיך געפונען אַ גרויסע מאַרמעלאַדן פאַבריק, אָרגאַניזירט און אָנגעפירט דורך משה אבראַמאָ־וויטש (געוו׳ באַלעבאָס פון פירמע „מאָצני בוט״). די פאַבריק האָט געהאַט ביי די דייטשן גרויס חשיבות, ווייל די אויסאַרבעטונג פון מאַרמעלאַד איז געווען זייער אַ גוטע און די דייטשן איז עס שטאַרק געפעלן. דאָרט זענען געווען באַ־שעפטיקט אַ סך יוגנטלעכע. שפּעטער האָט מען אין דער פאַבריק אויסגעאַרבעט אויך צוקערקעס.

9. ביי משה דעם שמיד (קריינעס) אויף ווילנער גאַס 75 האָט זיך געפונען דער „וואַגענבאו״, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט איינער מאַטל בערכאוו פון לוזשקי. דאָרט האָט מען אויסגעאַרבעט וועגענער, רעדער, שליטנס אד״גל. פאַר דער ווערמאַכט. אין דעם „וואגענבאו״ האָבן די ייִדן שטאַרק געליטן פון דעם ווייסרוס וואלאקעוויטש, מיטגליד פון „ראַט פון ווייסרוסלאַנד״ פון אסטראווס־קעס קליקע אין מינסק. וואלאקעוויטש איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דעם „וואגענבאו״ און האָט מיט זיין פּייניקן די ייִדן און פאָגראָם העצעס שטאַרק אויסגענומען ביי די דייטשן.

10. דער יודענראַט האָט אויך אָרגאַניזירט אַן אייל־פאַבריק, אָנגעפירט פון מאָשקע כ״ץ (טוביהס זון) און זונדל מוסין (?). דער אייל איז דאָס רוב געגאַנ־גען אויף עקספּאָרט, עס פלעגט אויך ארויסגעגעבן ווערן אייל די באַאַמטע פון גלובאָק און אומגעגנט. פון צייט צו צייט פלעגט מען בגנבה אויך טיילן די ייִדן צו ביסלעך אייל. די ייִדן האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ בעסערער פּלאַצווקע און האָבן זיך אַהין געיאָגט אויף אַרבעט.

11. אַ סך ייִדן זענען געווען באַשעפטיקט אין דער היגער גאַרבעריי, אָנגע־פירט דורך א. קוראק מיט זיינע זין פון דאלהינאָוו און אויך מענדל כ״ץ (אַברהם

פּאַלאַנטאַס אײדעם). אויך אַהער האָבן זיך די ייִדן געיאָגט צו אַרבעטן, ווײַל מ׳עז פלעגט דאָרט קענען גיכער באַזאָרגן זיך מיט שוכוואַרג. חוץ דעם פלעגט די גאַרבערײַ בגנבה אויסאַרבעטן פעל אויך פאַר קריסטן און די ייִדן האָבן פאַר דעם באַקומען גענוג צום עסן פאַר זיך און פלעגן נאָך פאַרקויפן אַנדערע פּראָדוקטן אין געטאָ. דאָס אַלץ איז געווען פאַרבונדן מיט סכנת נפשות און עס פלעגן זײַן קרבנות. די גאַרבערײַ האָט זיך געפונען מחוץ דער געטאָ ביים עק שטאָט אויף ווילנער טראַקט און ווען אין שטאָט פלעגן אָנפאָרן עס־עס־לײַט, אָדער אַנדערע דײַטשע מערדער און עס פלעגט אין געטאָ אַנטשטיין אַ פּאַניק, פלעגן די אַרבעטער פון גאַרבערײַ פאַרבלײַבן נעכטיקן אין דער גאַרבערײַ. אייניקע פלעגן אויך פון געטאָ דעמאָלט אַרויסגנבענען זייערע משפחות און אַוועקפירן זיי אַהין אויף ביינאַכט.

12. מען האָט אויך אויסגעאַרבעט אין געטאָ מאַטראַצן אונטער דער אָנפירונג פון זלמן לעוויס. די מאַטראַצן האָט מען געשיקט קיין דײַטשלאַנד, ווי אויך צוגעטיילט זיי די דײַטשן וואָס האָבן זיך געפונען אין גלובאָק און אומגעגנט.

13. שטאַרק אַנטוויקלט איז דאָ געווען די מעבל־פאַבריק אונטער דער אָנפירונג פון טישלער פייגעלמאַן פון ווילנער גאַס. די ייִדן האָבן אין דעם אַרייַנגעלייגט זייער גאַנצן פלייס און קענטעניש און האָבן אויסגעאַרבעט זייער גוטע און שיינע מעבל. אויך די פּראָדוקציע איז, אין איר גרעסטן טייל, אַרויסגעפירט געוואָרן אין דײַטשלאַנד.

14. די היטלמאַכער האָבן אין געטאָ אָרגאַניזירט אַ וואַרשטאַט פון היטלען. דאָרט האָבן געאַרבעט אלאי אלי, גאָרדאָן ראובן, רוטענבערג חיים־דוד — אַ חסידישער ייִד פון לאָמזשער גאַס א״אַ.

15. אויך די בלעכער האָבן אָרגאַניזירט אַ וואַרשטאַט, אָנגעפירט דורך האבערמאַן ראובן מיט זיינע זין פון זאַמקאָווע גאַס. ער מיט זיינע זין און אַנדערע בלעכער האָבן אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע בלעכענע כלים.

16. אויף ווילנער גאַס איז געווען אַ שילדנמאַלערײַ. דאָרט האָבן געאַרבעט אלי פּאָדנאָס, זיין שוואָגער שרירא (געוו׳ אייגנטימער פון קינאָ „קאַרסאַ״), יוסף באודין, אַ געוו׳ רעליגיעזער לערער א״אַ. זיי האָבן געמאָלן שילדן, פּלאַקאַטן אד״גל, פאַר די דײַטשן.

17. אויך די דרוקערײַ, וועלכע האָט פריִער געהערט צו קאַצאַוויטש משה, שיינבוים און גאָלדבערג, איז אַריבער אין רשות פון די דײַטשן. דאָרט ווי אונטערמעטום, האָבן געאַרבעט ייִדן, צווישן וועלכע עס זענען געווען: האבערקאָרן, געוו׳ לערער פון דער ייִדישער האַנדלס־שול, זעלדין מוליע, זעלדין יאסקע, מילכמאַן זאליע, פריידקין יצחק, דער זון פון קעמלמאכער (צונעמעניש „קסר״), קאַטשער־גינסקי שמערקע (דיכטער פון ווילנע) א״אַ. דאָרטן האָבן די ייִדן בגנבה געדרוקט בלאַנקן פאַר דאָקומענטן און אייניקע האָט זיך אַ דאַנק דעם איינגעגעבן איינצוהאַלטן אויף דער „אַרישער זייט״.

18. אַפּילו די קליינע עופּהלעך האָבן געאַרבעט. פאַר זיי, פאַר די תינוקות, איז געווען אָרגאַניזירט אַ וואַרשטאַט, וווּ זיי האָבן פון קאַרטאָן געמאַכט שאַכט־לעך, כדי די דייטשן זאָלן האָבן אין וואָס צו פּאַקן די ייִדישע זאַכן און שיקן זיי קיין דייטשלאַנד. אָנגעפירט מיט דעם וואַרשטאַט האָט דער קאַליקער 11־יעריקער יאשע מאַזאָוועצקי, אַן אייניקל פון ירחמיאל אלפּעראָוויטש. דאָרט האָט אויך געאַרבעט דער 7־יעריקער זינקע (אַהרן־יצחק) ראַיאַק, אַ זונעלע פון מ. ראַיאַק.

ווייטער איז אין געטאָ אויסגעאַרבעט געוואָרן שוך־פּאַסטע (דאָרט האָבן געאַרבעט די לערערין רבקה סראַגאָוויטש, די טעכטער פון אברהם־שלמה ראַ־בינאָוויטש א״אַ), קאָמען, שטריק. מען האָט גענייט הענטשקעס. עס האָט געאַר־בעט אין אַ ווולקאַניזאַציע־וואַרשטאַט.

ווי געזאָגט איז גלובאָק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאַבריק־שטאָט, וווּ עס האָט נישט אויסגעפעלט קיין איין אַרבעט־צווייג.

אויף די ייִדישע גערטנער זענען אויך אַנטשטאַנען גאַנצע פּלאַנטאַציעס, וווּ עס זענען פאַרזייט געוואָרן פאַרשיידענע אייל — און אַנדערע געוויקסן. מיט דעם האָט אָנגעפירט איינער כ״ץ פון שטעטל ניי־סוויענציאַן. אויף די פּלאַנטאַ־ציעס האָבן געאַרבעט ביי אַ 40 ייִדן, שפּעטער האָט מען זיי ביסלעכווייז פון דער אַרבעט דערווייטערט און פאַרביטן זיי מיט פּאָליאַקן און ווייסרוסן. די דייטשן האָבן אויך עקספּלאָטירט די אינספּעקטן פון משה מירמאַן, איבערלאָזנדיק אים מיט זיין פרוי חנה ביי דער אַרבעט. דאָרט זענען אויך געווען באַשעפטיקט לייב קריוויצקי, שאַרקע סראַגאָוויטש, ציליע מירמאַן א״אַ.

חוץ דעם האָבן די ייִדן געאַרבעט אין „פאַרפלעגונג־אַמט״, אין באַניע, ביי באַדינונג פון געביט־קאָמיסאַריאַט, זשאַנדאַרמעריע, מאַגיסטראַט, גמינע, פּאָ־ליציי, ביי די דייטשן אין זייערע וווינונגען. זיי האָבן אויך געאַרבעט אויף די וועגן, אויפן אייזנבאַן, ביים רייניקן די גאַסן, מערק, גערטנער א״אַ. יעדן טאָג פלעגט מען ייִדן שיקן אויף די נאָענטסטע באַן־סטאַנציעס אַרום גלובאָק. הכלל, די דייטשן האָבן זיך געשפּייזט מיט דער ייִדישער האָרעוואַניע און האָבן פון זיי געזויגן דעם לעבנס־זאַפט ביז דאָס לעצט און דערנאָך זיי אומגעבראַכט.

אויף אָנצופירן מיט די פאַרשיידענע אונטערנעמונגען און אַרבעט־איינ־הייטן אין גלובאָק איז אויף ווילנער גאַס נומ׳ 19 — אין הויז פון מאיר גיטעלזאָן, וואָס איז געווען מחוץ דער געטאָ — געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע ביוראָ, וועלכע איז פאַקטיש געווען אָנגעפירט פון יודענראַט. אָפיציעל אָבער האָט די ביוראָ געהייסן „ביוראָ דעס געביטסקאָמיסאַרס״.

די ביוראָ האָט אַכטונג געגעבן אויף די ייִדישע אַרבעטער, זיי זאָלן קומען צו דער צייט אויף דער אַרבעט, האָט קאָנטראָלירט די פּראָדוקציע, די אויסאַר־בעטונג. איבערהויפּט האָט זיך די ביוראָ פאַרנומען מיט צוגרייטן באַשטעלונגען פאַר דייטשע אַנשטאַלטן און פערזאָנען אויף פאַרשיידענע זאַכן. די שטענדיקע

באַשטעלער זענען געווען: דער געביט־קאָמיסאַר האַכמאַן, דער רעפּרעזענטאַנט פון האַנדל־אָפּטיילונג פון געביט־קאָמיסאַר העבערלינג, שעף פון גלובאָקער זשאַנ־דאַרמעריע קערן, דער רעפערענט פאַר די ייִדישע ענינים העבעל, דער וואַכ־מייסטער פון זשאַנדאַרמעריע הייט, וויטוויצקי (געוועזענער שפּיאָן), גאָלדבערג, היינליאַט, ווילדט, שפּער, צימער, בעקער, קאַפּענוואַלד, זעמף, שולץ, דער בורג־מיסטער נאָומאָוו, דייטשן פון אַרבעט־אַמט א״אַ. אויך פלעגן דאָ זיין אָפּטע געסט דייטשן פון אַנדערע שטעט, וועלכע פלעגן קומען אַהער מיט ליידיקע וואַליזעס און אַוועקפאָרן אָנגעלאָדענע פון די ייִדן מיט אַלדאָס גוטס.

שטענדיק פלעגן דייטשן שיקן נאָך דעם יודענעלטסטן, אָדער פלעגן אַליין אין ביוראָ מאַכן פאַרשיידענע באַשטעלונגען. שטענדיק האָט מען דאָ געהאַלטן אין איין פּאַקן שוכוואַרג, מלבושים, וועש פראָדוקטן (פּוטער, האָניק, חזיר־פעטס, ווורשט, פלייש אד״גל) און אָפּגעשיקט לויט אָנגעוויזענע אַדרעסן אין פאַרשיידענע ערטער אין דייטשלאַנד. העבערלינג פלעגט שיקן שוכוואַרג און אָנצוגן קיין וואַרשע צו זיינעם אַ פריינט, אַ דייטש, וואָס האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער דאָרטיקער אַדמיניסטראַציע. די ייִדן האָבן געמוזט צושטעלן אַלע געפאָדערטע זאַכן צום באַשטימטן טערמין, כדי צו קענען אויס־פילן די באַשטעלונגען. אין ביוראָ איז שטענדיק געווען לעבעדיק, עס זענען אַרומגעלאָפן די ייִדישע פּאָליציי, מיטגלידער פון יודענראַט, און אזוי ייִדן איבער די ייִדישע הייזער און האָבן געטראָגן אין ביוראָ מלבושים, שוכוואַרג, כלי־בית, שפּייז אאַז״וו. אויפן הויף פון ביוראָ האָט זיך געפונען אַ סקלאַד פון לעדער, אָנגעפירט דורך אַלטער כהן, אַ סקלאַד פון לייוונט, פּעלצן, א״אַ, אָנגעפירט דורך יעקב אַלמער. אין די סקלאַדן פלעגן פּויערים ברענגען פון די דערפער זייערע „דאָסטאַווקעס", דאָרט האָט מען עס געפּאַקט און גאַנצע וואַגאָנעס מיט לעדער, לייוונט, פּעלצן און תבואה זענען יעדע וואָך אַוועק קיין דייטשלאַנד. עס איז אויך געווען אַ באַזונדער סקלאַד פון ניי־מאַשינען, זאָקן־מאַשינען, קירזשנער־מאַשינען, וואָס זענען צוגענומען געוואָרן ביי די דערמאָרדעטע ייִדן פון גלובאָק און אומגעגנט.

אויך איז געווען אַ סקלאַד פון מעטאַל. דאָרט זענען געווען סאַמאָוואַרן, פענדלעך, פּרימוסן, טאַצן, פלייש־מאַשינקעס, בעקנס, שטייסלען, קליאַמקעס פון טירן, קענדלעך, לייכטער און אַנד׳. דאָס אַלץ האָבן די ייִדן אויך געפּאַקט אין וואַגאָנעס און עס איז אַרויסגעפירט געוואָרן אין דייטשלאַנד.

עס איז אויך געווען אַ סקלאַד פון פעדערן. דעם גאַנצן זומער און האַרבסט 1942, האָט מען כסדר צונויפגעפירט בעטגעוואַנט פון אַלע שטעטלעך אַרום און אויך פון גלובאָק גופא פון די אומגעבראַכטע ייִדישע משפּחות. די פערענעס און די קישנס זענען צעטרענט געוואָרן און די ייִדן האָבן די פעדערן גערייניקט, סאָרטירט און גאַנצע וואַגאָנעס אָפּגעשיקט אין דער בלוטיקער דייטשלאַנד. דאָס בלוט ווערט נאָך היינט פאַרגליווערט אין די אָדערן ווען מען דערמאָנט זיך, אַז

אויך איצט שלאָפן אָט די פינצטערע, אומריינע ברואים אויף די פּערענעס און קישנס פון אונדזערע מוטערס, פאָטערס, פרויען, שוועסטער און קינדערלעך. ווער האָט עס ביי זיי אָפּגענומען שוין אַפילו נאָך דער קריג און נאָך דער קאַפּי־טולאַציע?

אין דער ביוראָ אויף ווילנער גאַס נומ׳ 19, האָבן געאַרבעט: משה שול־הייפער, מיכאל אזשינסקי (בוכהאַלטער), נתן געלוואַן, סאניע גורוויטש פון ווי־לייקע, סאליע נאטאנזאן, באגין סאניע. שפּעטער — אירע באטוויניק פון דאקשיץ א״אַ.

## גלובאָקער געטאָ — אַ קאָנצלאַגער פון די פאַרבליבענע יידן נאָך די שחיטות אין די אַרומיקע שטעטלעך.

נאָך די שחיטות פון אַפּריל, מאַי, יוני 1942 אין גלובאָקער געגנט אין די שטעט: דאקשיץ, דאלהינאוו, שארקאוושצינע, בראסלאוו, גערמאנאוויטש, דרויע, מיאר, לוזשקי, האלוביטש, פּליסטע, זיאבקי פּראזאראק, יאדי, פּאהאסט א״ז און דער גרויסער שחיטה פון 2.500 ייִדן אין גלובאָק, איז די שטימונג ביי די פאַרבליבענע ייִדן געווען אַזאַ יאושדיקע, אַזאַ פאַרצווייפלטע, אַז עס לאָזט זיך גאָרנישט איבערגעבן מיט ווערטער. די ייִדן האָט מען ווי פריִער געטריבן אויף אַרבעט, געפּייניקט און נישט געלאָזט אַפילו באַוויינען זייער גרויסן אומ־גליק. די פאַראיינזאַמטע ייִדן פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן זיך הונגעריקע, נאַקעטע געוואַלגערט אין די וועלדער, אין די בלאָטעס, אין די שטייענדיקע תבואה אויף די פעלדער און זיך אויסבאַהאַלטן פון טויט, וועלכער האָט אויף זיי געלויערט פון אַלע זייטן. אין אַ סך פאַלן האָט דער מלאך המות אַריינגע־דרינגען אויך אין זייערע באַהעלטענישן.

אין יענער צייט האָבן זיך שוין אין פאַרשיידענע ערטער געגומען ווייזן פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן טיילווייז געשטערט די דייטשן אין זייער פרייער באַוועגונג. די מערדער האָט דעריבער נישט געלוינט, אַז ייִדן זאָלן זיך וואַל־גערן אין די וועלדער, אין קוסטעס, בלאָטעס אד״גל. צוליב דעם האָט דער גלו־באָקער געביט־קאָמיסאַר אַרויסגעגעבן, יולי 1942, אַ באַפעל, אַז די אַלע פאַר־בליבענע פון די אַרומיקע אומגעבראַכטע שטעטלעך ייִדן, זאָלן זיך צונויפזאַמלען אין גלובאָקער געטאָ. דערביי האָט ער פאַרזיכערט, אַז מער וועט מען דאָ קיין ייִדן נישט מאָרדן. צוליב דעם האָט ער די מיטגלידער פון גלובאָקער יודענראַט אַרויסגעגעבן שיינען, אַז זיי זאָלן אומגעשטערט אַרומפאָרן (געזעצלעך האָט אַ ייִד נישט געטאָרט אַרויסגיין אַפילו פון געטאָ אין שטאָט אַריין) אין די ערטער, וווּ עס געפינען זיך באַהאַלטענע ייִדן, מעלדן זיי וועגן דער דייטשער גוטמוטי־קייט, וועגן זייער „אַמנעסטיע״ און צונויפנעמען זיי אין גלובאָקער געטאָ.

גאַנץ ענערגיש האָט זיך מיט דעם ענין פאַרנומען דער יודענעלטסטער

גרשון לעדערמאַן. ער האָט אָרגאַניזירט אייניקע ענערגישע מענטשן, געגעבן זיי פורן און מיט אויפרופן פון יודענראַט אַוועקגעשיקט זיי איבער די פעלדער, וועלדער, בלאָטעס, קוסטעס אאַז״וו. אין די געגנטן פון די אומגעבראַכטע ייִדישע ישובים, אַז זיי זאָלן אויסזוכן די נידחים, די פּליטים און צונויפקלייבן זיי אַהער אין געטאָ. די אומגליקלעכע, פאַריתומטע, צעבראָכענע ייִדן האָבן דערויף רעאַגירט אויף פאַרשיידענע אופנים. יענע, וואָס זענען געווען אינגאַנצן אונטערגעבראָכן, האָבן זיך פאַר דעם אָנגעכאַפּט ווי אַ טריקנדיקער כאַפּט זיך אָן אין אַ שאַרף פון אַ מעסער, כדי זיך ווי נישט איז אַרויסצוראַטעווען און זענען אויפן רוף באַלד אַוועק אין גלובאָק אין געטאָ אַריין. אַנדערע האָבן מיט זיך אַליין געקעמפט און נישט געוווּסט ווי צו האַנדלען. דער שכל הישר, וועלכער האָט זיי נאָך געדינט, האָט זיי אונטערגעזאָגט, אַז דאָס איז אַ נייער דייטשער שפּיצל, אַן אָפּנאַרעריי אַריינצונאַרן זיי אין אַ נייער פּאַסטקע, אין גלובאָקער געטאָ, כדי דאָרט מיט אַלעמען צוזאַמען זיי דערנאָך אומברענגען. אָבער זייער לאַגע אין וואַלד, דער הונגער, די מידקייט און דער טויט־שרעק פאַר די פּויערים גופא, האָט זיי געשטעלט אין אַזאַ לאַגע, אַז זיי האָבן אַלציינס נישט וואָס צו פאַרלירן און נאָך אַ קורצער שקלא וטריא האָבן זיי זיך געלאָזט איינרעדן און זענען, קעגן דער אייגענער איבערצייגונג, אַוועק אין געטאָ נאָכאַמאָל, ד״ה, נאָכן אַרויסראַטעווען זיך פון אַ שחיטה, ווידער אַוועק אין דייטשן קאַסטן. די ערשטע, וואָס האָבן זיך אין גלובאָקער געטאָ באַוויזן פון די וועלדער, זענען געווען ייִדן פון שאַרקאָוושציזנע. וואָרום, ווי באַקאַנט, האָבן די שאַרקאָוושציזנער פּאָליציאַנטן און ציווילע קריסטן געזוכט ייִדן אין די פעלדער, וועלדער און זיי דערהרגעט. און אויב פון דייטש האָט מען אין וואַלד, בלאָטע אָדער פעלד ווי עס איז געקענט זיך אויסבאַהאַלטן, איז אָבער פון אַן ארטיקן באַנדיט, ווּעמען עס זענען באַקאַנט אַלע וועגעלעך און שטעגעלעך, אַלע בלאָטקעלעך און קוסטיקלעך, אַזאַ זאַך נישט געווען מעגלעך און דעריבער האָבן די שאַרקאָוושציזנער תיכף זיך אָנגעכאַפּט אין דעם רוף פון יודענראַט און זענען געלאָפן אין מקלט, אין גלובאָקער געטאָ. אין אַן ענלעכער לאַגע זענען געווען די אַנטלאָפענע פון דאקשיצער פּייער און זיי האָבן זיך אויך באַלד אונטערגעגעבן. שפּעטער זענען שוין אויך געקומען זיך צושלעפּן ייִדן פון אַנדערע פאַרניכטעטע ישובים, ווי: מיאָר, דרויע, האָלוביטש, דיסנע, פּליססע זיאַבקי, בראַסלאַוו, פּראַזאראַק א״אַ.

אַלע טאָג פלעגן אַזוי אין געטאָ אַריינקומען מענער, פרויען על פּי רוב יונגע. עס האָבן זיך קוים דערשלעפּט ייִדן פון די וועלדער פון אַרום גערמאַנאַוויטש, לוזשקי, האַדוטישקי, וואַראַפּאַיעווא, פּאַראַפּיאַנאָוו, דאַלהינאָוו, דרויסק, בראַסלאַוו, זאַהאַטיע, בילדיוגי, שיפּי, סקונטשיקי, פּאַרפלישצע, סוויענציאַן, פּאַדבראַדז א״אַ. בלויז איינצעלנע פון די באַהאַלטענע, די פיזיש שטאַרקערע, האָבן זיך נישט געלאָזט כאַפּן אויף דער דייטשער ווענטקע, זענען נישט באַ־

איינפּלוסט געוואָרן פון די יודנראַט־אויפרופן און האָבן אויסגעקליבן בעסער דאָס סכנותדיקע לעבן אין וואַלד, אין פעלד איידער גיין ווידעראַמאָל צום דייטש.

די קלאַנגען אָבער וועגן דער זיכערקייט פאַר די ייִדן אין גלובאָקער געטאָ האָבן זיך כסדר געשפּרייט און אַהער האָבן פאַרבלאָנדזשעט פּליטים פון דייטשן שוועדר פון גאָר ווייטע מקומות: דווינסק, קאָוונע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, בריסק, באַראַנאָוויטש א״אַ. די אַלע געקומענע ייִדן זענען געווען אָפּגעריסן, פאַרוואָקסן, פאַרשוואַרצט. זיי זענען אין זייער גרעסטן טייל געווען מיט געשוואָלענע פיס, הענט און פנימער צעביסענע פון פליגן, בינען א״אַ. עס זענען אויך געווען שווער פאַרוווּנדיקטע, ווייל לויפנדיק דורך דער שיסעריי בעת די שחיטות זענען זיי געטראָפן געוואָרן פון די קוילן און זיי האָבן זיך אין די וועלדער אַליין געבאַנ־דאַזשירט מיט שמאַטעס און אויסגעהאַלטן... אַזוי האָט מען אין געטאָ כסדר באַגעגנט הינקנדיקע, אָנגעשפּאַרטע אויף וואַלד־שטעקנס מיט אַרומגעבונדענע קעפּ, פנימער, הענט און פיס, געשוואָלענע „מענטשן״, בעסער געזאָגט, שאָטנס, וועלכע האָבן אַפילו קיין כוח נישט געהאַט נישט צו דערציילן, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט און נישט צו באַווייזן זייערע סאַמע נאָענטסטע ווען זיי האָבן פאַרלוירן אין די שחיטות. עס זענען געווען פאַלן, ווען משפּחה־מיטגלידער האָבן זיך פאַרלוירן, לויפנדיק פון דער שחיטה אין זייערע מקומות, מיינענדיק, אַז דער אָדער יענער איז שוין אומגעקומען פון דער דייטשער קויל און דאָ האָבן זיי זיך ווידער צונויפגעטראָפן. אַוודאי איז אַזאַ באַגעגעניש שווער צו באַשרייבן. נישט אַלע זענען פּעיִק געווען אויפצונעמען די פרייד, פּונקט ווי, צוליב די אומ־מענטשלעכע איבערלעבענישן, זענען זיי נישט פּעיִק געווען אויפצונעמען די טראַגדיע אין איר גאַנצן פאַרנעם. מען האָט אין געטאָ אַריינגעבראַכט אויך זויג־קינדער, געפונענע אונטער קוסטעס באַהאַלטענע, און די עלטערן זייערע זענען דערמאָרדעט געוואָרן. מען האָט נישט געוווּסט וועמענס קינדער דאָס זענען.

אין אויגוסט 1942 האָבן די דייטשן איבערגעפירט די ייִדן פון קאזיאַן און ניי־פּאָהאָסט אין גלובאָקער געטאָ אַריין. מען האָט זיי אויף פּויערישע פורן גע־בראַכט צוזאַמען מיט זייערע „זאַכן״. און אַזוי האָבן זיך אין גלובאָקער געטאָ צונויפגעקליבן ייִדן, פּליטים פון 42 ייִדישע ישובים — צוזאַמען עטלעכע טויזנט מאַן.

די געקומענע האָבן נישט געהאַט קיין דאַך איבערן קאָפּ. אַ זכיה האָבן געהאַט די, וואָס האָט אָפּגעגליקט אַריינצוכאַפּן זיך אין קלייטן, שטאַלן, אויף בוידעמער און ענלעכע „ווין־פּלעצער״. אַ גרויסער טייל אָבער, איז געבליבן בוכשטעבלעך אויף דער גאַס. די געבראַכטע פון קאזיאַן און ניי־פּאָהאָסט זענען מיט זייערע בעבעכעס געבליבן ליגן אויף די גערטנער און בשום אופן נישט געהאַט ווו אַהינצוטון זיך.

דער יודענראַט איז געווען אין גרויס פּאַרלעגנהייט. ער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו לינדערן די דירות־פּראַגע פאַר די פּליטים, פון איין זייט האָט מען

זיך געמוזט משתדל זיין ביים געביט־קאָמיסאַר, אַז ער זאָל דערלויבן צו פאַר־ברייטערן דעם געטאָ־שטח. אָבער פון דער אַנדערער זייט האָט מען מיט די דייטשן וועגן דער ענגשאַפט אין געטאָ מורא געהאַט צו רעדן, כדי עס זאָל נישט אויסזען פאַר זיי, אַז אין געטאָ איז דאָ צופיל ייִדן און דאָס קען גורם זיין צו נייע מאָרדן, צו פרישע שחיטות. עס איז אָבער געווען לית ברירא. די שטי־קעניש אין געטאָ איז געווען נישט אויסצוהאַלטן און לעדערמאַן איז צוועק צום געביט־קאָמיסאַר און געפּועלט (פאַר גאַנץ שיינעם שוחד, פאַרשטייט זיך) צו פאַרגרעסערן דעם געטאָ־שטח. עס איז צום געטאָ צוגעטיילט געוואָרן די פון פריִער אָפּגעשניטענע טיילן: דובראַווע, פאַלנע און אויך אין זייט פון ווילנער גאַס ביי דובראַווע. די קריסטן, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט באַזעצט אין יענע הייזער, האָבן זיך פון דאָרט נעבעך ווידער געמוזט אַרויספּעקלען. די קראַנקע און פאַרוווּנדיקטע האָט מען אַוועקגעלייגט אין געטאָ־שפּיטאָל און די „געזונטע" האָט מען געטריבן אויף אַרבעט. בעת דער אַרבעט האָבן זיך די דייטשן, ווי מיר האָבן שוין דערציילט, נוקם געווען אין די ייִדן. זייערע ווילדע נגישות איז שווער צו באַגרייפן מיט אַ נאָרמאַלן שכל.

וואָס שייך דערנערונג איז אין זומער און האַרבסט 1942 קיין הונגער אין געטאָ נישט געווען. די דייטשן אַליין פלעגן מאַכן פאַרשיידענע קאָמבינאַטאָרישע „געשעפטן" און פלעגן געהיים דערלאַנגען פּראָדוקטן: קאַרטאָפל, מעל און דער־פאַר באַקומען געלט, שוכוואַרג, זאַכן א"אַ. די פליטים אָבער, ווי געזאָגט, זענען געקומען אינגאַנצן נאַקעט און האָבן נישט געהאַט פאַרוואָס צו קויפן. דער יודענ־ראַט האָט אין שפּיטאָל פאַר זיי געעפנט אַ קיך. אויך האָבן די גלובאָקער גופא ביי זיך געשפּייזט די פליטים טעגוויַיז, אָפטמאָל גאַנצע וואָכן.

אין דער עת צרה ותוכחה האָט מען ביי זיך אַליין געזוכט האָפענונג אויף וועלכער עס איז גאולה. און גאולה האָט דעמאָלט פאַר ייִדן געמיינט אַ נצחון פון דער רויטער אַרמיי איבער אונדזערע פאַרטיליקער — די דייטשן.

שטאַרק לעבעדיק פלעגט ווערן אין געטאָ ווען עס פלעגט זיך דערטראָגן אַ געוויש פון סאַמאָליאָטן. ייִדן פלעגן נישט שלאָפן נעכט און זיך צוהערן צו די זשוזשערייען פון די מאָטאָרן אין דער לופט. וואָס פאַר אַ שמחה איז געווען ביי די ייִדן אין יולי 1943, אַ חודש פאַרן אומברענגען אַלע ייִדן, ווען אַ גרויסע סאָוועטישע לופט סקוואַדרע האָט באָמבאַרדירט דעם דייטשן גאַרניזאָן אין בער־רעזוועטש, 2 קילאָמעטער פון שטאָט. ליידער האָט דער אָנפאַל די דייטשן נישט געשאַדט. די באָמבעס זענען געפאַלן אויפן פעלד אויף אַ ווייכן באָדן און האָבן נישט אויפגעריסן. נאָכן אָנגריף האָבן די דייטשן באַפוילן די ייִדן אַרויסצונעמען פון דער ערד די איינגעזונקענע, נישט אויפגעריסענע באָמבעס און אַליין זענען די „העלדן" זיך צעלאָפן פון דעם סכנהדיקן אָרט, מורא האָבנדיק פאַר אַן אויפרייס.

נאָכן צונויפזאַמלען אַלע ייִדן פון די פעלדער און וועלדער אין געטאָ, האָט

מען סוף זומער 1942 אָנגעהויבן פירן ברעטער, שטעכל־דראָט, סלופּעס אַרומ־צוצוימען די געטאָ. דאָס האָט נאָך מער דערדריקט די אַזוי אויך דערשטיקטע ייִדן. כאָטש מען איז שוין במילא געווען פאַרשפּאַרט און חוץ אויף אַרבעט האָט מען פון געטאָ נישט געטאָרט אַרויסגיין, האָט דאָך דער פאַקט פון אַרומצוימען די געטאָ, אַלעמען אויפגעטרייסלט. עס האָבן זייער ווייניק באַרויִקט די רייד פון רעפערענט העבעל, אַז דאָס ווערט געמאַכט צוליב דער „טובה פאַר די ייִדן“, כדי די פאַרשיידענע דייטשן און פּאָליציאַנטן זאָלן נישט האָבן, ווי דאָס איז געווען ביז איצט, קיין דריסת הרגל, קיין פרייען אַריינגאַנג אין געטאָ. קיין עצה דערצו איז אָבער נישט געווען. די ייִדן האָבן נאָך אַליין געמוזט אויספירן די אַרבעט. זיי האָבן מיט די אייגענע הענט געמוזט פאַר זיך בויען דעם „קאַסטן“.

גאַנצע צוויי חדשים האָבן די ייִדן אַרום דעם געאַרבעט און אין נאָוועמבער 1942 איז שוין די גאַנצע געטאָ געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכן, געדיכטן פּאַר־קאַן, באַצויגן פון אויבן מיט עטלעכע שיכטן שטעכל־דראָט. די געטאָ איז איצט באַשטאַנען פון דער צפונדיקער זייט ווילנער גאַס, מזרח־העלפט פון דובראַווע, מזרח־העלפט פון פּאַלנע, ניי־ לעגיאַנאָוו (קישעלייקע), דרויער, (לאָמזשער) גאַס און דער דרום זייט פון ביאַליסטאָקער (נידעריקער) גאַס. אַריין און אַרויס פון געטאָ האָט מען געקענט בלויז דורך איין טויער, וואָס איז געווען אויפגעשטעלט ביי דער גרענעץ פון דער ניי־קישעלייקע און ווילנער גאַסן. ביים טויער איז טאָג ווי נאַכט געשטאַנען אַ פּאָליציאַנט פון דער דייטשער געהילף־פּאָליציי און גע־היט. ווען די ייִדן פלעגן זיך פאַרנאַכט אומקערן פון דער אַרבעט, זענען זיי דורך דער פּאָליציי רעווידירט געוואָרן, צי טראָגן זיי נישט אַריין מיט זיך אין געטאָ עפּעס פּראָדוקטן. האָט מען ביי איינעם געפונען אַ ביסל מילך אין אַ פלעשל, אַ פּאָר אייער, אַ שטיקל קעז, צי אַפילו עפּעס פון גרינסן, איז יענעמס גורל, קען מען זאָגן, שוין געווען אַ פאַרחתמעטער. מען האָט אַזאַ איינעם שוין אין געטאָ נישט אַריינגעלאָזט. מען האָט אים אָפּגעפירט אין דער פּאָליציי און דערשאָסן.

די דייטשן האָבן אויך פאַרשוועכט דעם ייִדישן בית־עולם. זיי האָבן גע־צווּנגען, אַז די ייִדן אַליין זאָלן בידים צעשטערן דעם צוים, אונטערשניידן אַלע ביימער, אַרויסרייסן און צעשטערן די מצבות. פון די מצבות האָבן די דייטשן אין גלובאָק געבויט אַ טעאַטער. וועגן חלול־הקודש אויפן בית־עולם פלעגט אָפט מיט גרויס פאַרביטערונג דערציילן וועלוול לייבל דעם מאַזניקס א זון פון סענקעוויטש גאַס (אַ רעליגיעזער ייִד, וועלכער האָט, צוזאַמען מיט אַנדערע ייִדן, געמוזט אַרבעטן ביים צעשטערן דעם בית־עלמין).

אַ טייל פון דער יוגנט איז אוועק אין וואַלד און זיך פאַרבונדן מיט פּאַר־טיזאַנען דאָס זענען אָבער געווען יחידים. וועגן מאַסן־אַוועקגיין האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. גרעסערע גרופּעס האָבן דאָך אַפילו נישט געטאָרט אַרויס־גיין פון געטאָ. פון אַלע זייטן האָבן די דייטשן און פּאָליציי געלויערט און אויב איינעם איז געלונגען זיך אַרויסצוגנבענען פון דעם גי בן הינום, האָט מען

יענעמס נאָענטע אומגעבראַכט. אָט צום ביישפּיל אַזאַ פּאַל: אין דעצעמבער 1942 האָט איינער מאַטקע בערכאַן (געאַרבעט אין „וואַגענבאַו״ אויף ווילנער 75) אונ־טערגעהערט (אין יודענראַט), אַז די משפּחה פון אלי גאַרדאַן (בעקער) שטייט אין געפאַר צו ווערן אומגעבראַכט, ווייל זייער זון גאַרדאַן הירשקע איז אַוועק אין וואַלד. בערכאַן האָט דעם סוד פאַרטרויט גאַרדאַנען מיט זיין פרוי; האָבן זיי, מיט זייערע צוויי ייִנגערע טעכטער און אַ קליינעם זון משהל, הוילע, נאַקע־טע, קוים מיט דער נשמה, אַרויסגעגנבעט זיך ביינאַכט פון געטאָ און זענען נעלם געוואָרן. באַלד זענען אַרעסטירט געוואָרן גאַרדאַנס עלטערע טאָכטער הינדע מיט איר מאַן שבתי גאַטקין (פון קישעלייקע) און זענען תיכף דערשאָסן געוואָרן, איבערלאָזנדיק צוויי עופעלעך אויף הפקר. וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געמאַכט אין געטאָ איז לייכט זיך פאָרצושטעלן... מחמת אויב עס איז אויף עמעצן געפאַלן בלויז אַ חשד, אַז ער קלערט אַוועקצוגיין פון געטאָ האָט מען אים גלייך אַריינגעזעצט אין קעלער פון יודענראַט, אין הויז פון יעקב אַלמער.

ווינטער 42־1943 האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז יעדער איינציקער אין געטאָ האָט זיך געפונען אונטערן אויפזיכט פון יודענראַט. די ייִדישע פּאָליציי און ייִדן בכלל האָבן געהיט איינע די צווייטע, אַז קיינער זאָל פון געטאָ נישט אַנטלויפן. עס האָט זיך געשאַפן אַן איבערצייגונג, אַז „כולם ערבים זה בזה״, דער כלל טראָגט אַחריות פאַרן פּרט. אין די גרויסע, לאַנגע, פינצטערע האַרבסט און ווינטער־נעכט זענען די ייִדן, לויט דער באַשטימונג פון יודענראַט, אַרומגע־גאַנגען אַרום דעם געטאָ־צוים (פון אינעוויייניק, נאַטירלעך) און שטרענג אָפּגע־היט, אַז אונטער דעם נאַכט־צודעק, זאָל זיך קיינער נישט אַרויסכאַפּן דורכן פּאַרקאַן און אַנטלויפן אין וואַלד.

עס זענען געווען פאַלן ווען די „שומרי לילה״, די וועכטער, האָבן געכאַפּט אַנטלויפנדיקע פון געטאָ און דער יודענראַט האָט אויף מאָרגן געמוזט איינזעצן אין קעלער די גאַנצע משפּחה פון דעם געכאַפּטן און פאַרשטאַרקן די וואַך בכלל. אַזוי, האָט איינמאָל דער יודענראַט געכאַפּט ביינאַכט אויפן ייִדישן בית־עולם אַ גרופּע פון 30 מענטשן. זיי האָבן שוין געהאַט באַוויזן אַרויסצוגנבענען זיך פון געטאָ און האָבן זיך געקליבן אַוועקצוגיין שטילערהייט אין וואַלד. צווישן זיי, ווי מען האָט איבערגעגעבן, איז געווען חנה שנעל (אַ שניידערין, האָט אָנגע־פירט מיט דער איינהייט פון דער דאַמען־שניידעריי), חיים־ליב שולהייפער (אַפּ־טייקער), מאַרוסיע לעווין (ישראל כאַוועסעס א שנור) מיט איר שוואָגער משה כאַוועס (אַ דאָקטער), גילדין (לוזשקיער אַפּטייקער) א״אַ. די ייִדישע פּאָליציי האָט דעם גאַנצן עולם אונטער אַ גוטער שמירה אַריינגעבראַכט צוריק אין גע־טאָ אַריין. דער יודענראַט האָט אָבער נישט געמאַכט דערפון קיין גרויסן טומל, מורא האָבנדיק, אַז די דייטשן זאָלן זיך פון דעם נישט דערוויסן.

די ייִדן האָבן געהיט איינע די צווייטע, אַז קיינער זאָל נישט אַרויסגיין פון געטאָ און זאָל נישט האָבן קיין פאַרבינדונגען מיטן וואַלד. אין מערץ 1943 איז

צו שולעוויטשעס הויז, ווו עס האָט זיך געפונען די שטריקערײַ, צוגעפּאָרן רייטנ־דיק אַ פויער צון האָט געבעטן אַרויסרופן דבורה רודערמאַן, די מוטער פון פּאַרטיזאַן יענקל רודערמאַן. באַלד האָט זיך פון דעם דערוווּסט דער ייִדישער פּאָליציי־קאָמיסאַר יודע בלאַנט און איז געקומען שנעל צו לויפן און אַרויסגע־ריסן ביי דעם פרוי רודערמאַן אַ צעטעלע, וואָס דער פויער האָט דערווייל באַ־וויזן איר איבערצוגעבן פון איר זון, אין וואַלד. איידער זי האָט נאָך באַוויזן אים איבערצוגלייענען. דעם שליח, דעם פויער האָט ער געוואָלט פאַרהאַלטן און איבערגעבן דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, אָבער ער האָט זיך געזעצט אויף זיין פערד און איז אַנטלאָפן. און דבורה רודערמאַן איז איינגעשפּאַרט געוואָרן אין קעלער פון יודענראַט. דער תוכן פון בריוועלע, וואָס איר זון האָט געשיקט פון וואַלד איז פאַרבליבן אומבאַוווּסט. מעגלעך, אַז דאָס וואָלט דעמאָלט געקענט ברענגען אַן אויסלייזונג פון דעם שפּעטערדיקן טויט פאַר איר אַליין און אפשר אויך פאַר אַנדערע.

די ייִדן אין געטאָ זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ מער און מער גע־בראָכן. די טעמע פון די כסדרדיקע שמועסן פלעגט זיין איינע און די זעלבע ביי אַלעמען: השמדה, שיסן, ווען און ווי אַזוי וועט מען אומברענגען... די פרומערע ייִדן האָבן אין דער פרייער צייט מתפלל געווען, געזאָגט תהילים, געלערנט. אייניקע האָבן געפּאַסט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק (שלום ווינשטיין א״אַ). זיי האָבן איינגעזען, אַז דער אומגליק איז געקומען, ווי אַ שטראָף פון הימל פאַר די חטאים... אייניקע, פאַרקערט, האָבן פון זיך געטריבן יעדן געדאַנק פון יאוש איבערגעבנדיק זיך דער שכרות — אַלציינס — האָבן זיי גע־טענהט, — „וועט מען אומברענגען״. עס האָבן זיך אויך געפונען נאַיִווע ייִדן, וועלכע האָבן געוואָלט גלויבן די דייטשן, אַז די גלובאָקער ייִדן זענען „אַן אויס־נאַם״, זענען נוצלעכע און זיי וועט קיין זאַך נישט געשען. זיי האָבן אין זיך געשטיקט די גרויליקע געדאַנקען פון אָנקומענדיקן אומקום און האָבן געגלויבט אין אַ נס. אפשר וועט זיך פון וואַנען עס איז דורכרייסן די רויטע אַרמיי, אָדער עפּעס אַ שטאַרקע פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג וועט זיי באַפרייען. עס איז בכלל נישט מעגלעך איבערצוגעבן די שטימונג פון די ייִדן, זייער מצב הרוח אין דער אַרומגעצוימטער געטאָ, אָפּגעשלאָסן פון דער גאַנצער וועלט, ווו זיי זענען גע־זעסן און געוואַרט אויפן טויט. דער וואָס האָט אַליין פאַרזוכט דעם דייטשן גהי־נום, וועט עס באַנעמען, דער אָבער, וואָס האָט געהאַט דעם גרויסן זכות נישט אָנצוקוקן די דייטשע בעסטיע, וועט עס בשום אופן נישט קענען משיג זיין, וואָרום די ליידן פון די אומגליקלעכע אין געטאָ זענען געווען למעלה מן השכל און מענטשן מיט אַ געזונטן נאָרמאַלן אַרט דענקען זענען עס נישט בכוח צו באַגרייפן.

# די ערשטע פּאַרטיזאַנער פון גלובאָק

שוין אין פרילינג 1942 האָבן געוויסע גרופּעס יוגנטלעכע אין גלובאָק אָנגעהויבן זוכן וועגן ווי אַזוי זיך איינצושאַפן געווער און אַוועקגיין אין וואַלד. שטרענג געהיים און פאַרזיכטיק, גרייט אַפילו אויף קרבנות האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן דער זאַך. אַזוי, למשל, האָט איינער אַ האדוצישקער (יאכעלסאָן ראובן) זיך באַמיט אַריינצובאַקומען אויף אַרבעט אין דער דייטשער זשאַנדאַרמעריע, פון וואַנען ער האָט געשלעפּט געווער. יאכעלסאָן האָט זיך פאַרבונדן מיט אַ פּאַרטיזאַנער אטריאַד „מסטיטעל" (נקמה נעמער), וועלכן ער האָט דאָס געווער איבערגעשיקט. אַזוי האָט ער געאַרבעט אַ גאַנצן זומער און האַרבסט ביז ער איז דורך די זשאַנדאַרמען באַמערקט געוואָרן און זיי האָבן אים דערשאָסן.

נישט ווייניקער ענערגיש אויפן געביט פון איינשאַפן געווער האָט דאָ אויך געאַרבעט יעקב פרידמאַן. ער פלעגט זיך איבערטאָן אין קליידער פון אַ פּאָליציאַנט, אַרומפאָרן איבער די דערפער און דאָרט אויף פאַרשיידענע אופנים אַרויסבאַקומען געווער און אויך איבערשיקן אין דעם דערמאָנטן אָטריאַד. אַזוי האָט ער געאַרבעט ביז האַרבסט 1942, ווען ער אַליין איז אַוועק אין דעם אָטריאַד און האָט זיך שפּעטער אויסגעצייכנט אין קאַמף מיט די דייטשן ביזן אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי.

אַ סך פאַרדינסטן אין באַזאָרגן די פּאַרטיזאַנער מיט געווער האָט געהאַט משה בערקאנס איידעם. ער פלעגט אויפקויפן ביקסן, גראַנאַטן, רעוואָלווערן און עס איבערשיקן אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. ער האָט אָבער פאַר דעם באַצאָלט מיט זיין לעבן. די פּאָליציי האָט זיך פון אים דערוווּסט און איז געקומען אין געטאָ אים אַוועקנעמען, ער האָט זיך נישט געלאָזט לייכט אַרעסטירן. ביי איינעם אַ פּאָליציאַנט האָט ער אַרויסגעריסן דעם „שליסל" פון ביקס אים פאַרוואָרפן און איז אַנטלאָפן. אָבער ראַטעווען זיך האָט ער נישט געקענט, ווייל אַנשטאָט אים האָט מען געזאָלט אומברענגען זיין פרוי, קינד (?) און נאָענטע. כדי אויסצומיידן דאָס לעצטע, האָט ער זיך אַליין געמאָלדן צו די רוצחים, וועלכע האָבן אים אין שרעקלעכע ענויים אומגעבראַכט.

אינטענסיוו האָט אויך געאַרבעט קליאַנער דער לוטשאיער. אויך ער האָט איינגעשאפט געווער, די גאַנצע צייט פון זומער און האַרבסט 1942, ביז ער איז פון געטאָ אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין. בעתן אַנטלויפן האָט קליאַנער ביי אַ דייטש, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך, אַרויסגעריסן די ביקס, האָט אים מיט אַ שטאַרקן געלונגענעם קלאַפּ פאַרטויבט און איז פלינקט פאַרשוווּנדן געוואָרן.

די יוגנט האָט, נישט געקוקט אויף איר קעמפערישער און העלדישער שטימונג, קעגן דער ווילדער דייטשער חיה נישט געקענט אַרויסטרעטן אָפן. זי האָט נאָר געזוכט וועגן ווי אַזוי די ווילדע מערדער צו האַמעווען אין זייערע

פֿאַרניכטונגען און נעמען פֿון זיי נקמה. פֿאַר דאָס פֿאַרגאָסענע אומשולדיקע ייִדי־שע בלוט. אַזוי האָט דער פֿליסער בחור געניכאָוויטש באַמקע געזוכט נקמה צו נעמען פֿון דעם מערדער פֿון זיין פֿאָטער. ער האָט כסדר געלויערט אויפֿן דייטש קאַפּענבערג, וועלכער האָט אומגעבראַכט אין דעם שטעטעלע פֿליסע זיין פֿאָטער. קאַפּענבערג איז געוואָר געוואָרן, אַז דער זון פֿון זיין קרבן איז ערגעץ באַהאַלטן אין וואַלד און זוכט פֿון אים נקמה צו נעמען. ער האָט זיך פֿון אים געהיט... דער יונגער געניכאָוויטש איז אָבער געווען מער ראַפּינירט פֿון דעם דייטשן באַנדיט און, זוכנדיק אים אָן אויפֿהער, האָט ער אים איינמאָל געפּאַקט אויפֿן וועג פֿון פֿליסע קיין גלובאָק און האָט אים דאָרט אַוועקגעלייגט אַ טויטן.

דער זעלביקער באַמקע ג. האָט אויך נקמה גענומען פֿון דער פֿאָלקס־דייטש־קע אידאַ אדיצקא, וועלכע האָט אויף איר חשבון געהאַט אַ סך ייִדישע קרבנות. אדיצקא איז געווען אַקטיוו אין עקספּעדיציעס אויף פּאַרטיזאַנער, זי האָט אָנ־טייל גענומען אין די שחיטות אויף די ייִדן אין פּסויע, פּראָזאַראָק, פֿליסע, גלובאָק א״אַ, זי האָט אַליין געמאָרדעט ייִדישע קינדער אין די צענדליקער (זע קאַפּיטל „פֿאַרניכטונג פֿון דער צווייטער געטאָ אין גלובאָק״), זי האָט אויך דערמאָרדעט דעם געוועזענעם פֿאָרזיצער פֿון „סעלסאָוועט״ רוטשאַקאָווסקי. איינ־מאָל, ווען די דייטשקע איז געווען אין קאָשציאָל, האָט געניכאָוויטש מיט נאָך עטלעכע זיינע חברים זיך איבערגעטאָן אין דייטשע מלבושים און זענען גאַנץ פֿאַרזיכטיק אַריין אין קאָשציאָל. זיי האָבן זיך דאָרט „באַקאַנט״ מיט אדיצקאָן און נאָך דער „געבעט״ האָבן זיי איר גאַנץ העפֿלעך איינגעלאַדן אויף אַ שפּאַציר. זי איז דורך די שיינע קאַוואַליערן געוואָרן גאַנץ פֿאַראינטריגירט און אומבאַ־מערקט האָט די „יוגנט״ אַוועקגעשפּאַצירט אין וועלדל אַריין. מער ווי דאָס האָבן געניכאָוויטש מיט זיינע חברים נישט געוואָלט. זיי האָבן דאָרט אדיצקאָן צוגעבונדן צו אַ בוים, אויסגערעכנט איר אַלע אירע „שיינע מעשים״ און האָבן זי אַוועקגעלייגט.

ווי נאָר ס׳איז באַקאַנט געוואָרן אין גלובאָקער געטאָ, אַז אין וואַלד זענען דאָ פּאַרטיזאַנער, וועלכע פֿאַלן אָן אויף די דייטשן און שטערן זיי אין זייער טייוולאָנישער אַרבעט, נעמען איבער איינצלנע דייטשן אויף די וועגן און טויטן זיי, צעשטערן די קאָמוניקאַציע־ליניעס אד״גל, האָט די יוגנט גענומען זוכן וועגן ווי זיך אַרויסצורייסן אין וואַלד און אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער. און נישט קוקנדיק אויף די שווערע, סכנהדיקע באַדינגונגען, וועלכע זענען מיט דעם געווען פֿאַרבונדן, האָבן זיך דאָך אייניקע גרופּעס אַרויסגעריסן אין וואַלד. צום אַרויסגיין אין וועלדל האָט מען געמוזט האָבן אומבאַגרענעצטע גבורה און העלדישקייט, ווייל שטערונגען זענען געווען אויף יעדן טריט.

די געטאָ איז תמיד געווען אַרום און אַרום באַוואַכט פֿון דייטשן און אָרטי־קע פּאָליציי און ווער עס האָט געפּרוּווט אַרויסגיין פֿון דאָרט האָט געקענט אַריינ־פֿאַלן אין די נעגל פֿון דער דייטשער געשטאַפּאָ. חוץ דעם האָבן זיך, לויט די

קלאַנגען פון יודענראַט, אין געטאָ געפונען געהיים־אַגענטן, וואָס האָבן די דייטשן איבערגעגעבן אַלץ, וואָס אין געטאָ פּאַסירט און במילא האָבן די דייטשן געוווּסט פון די אַוועקגייענדיקע, פאַר וועלכע עס האָבן געקענט אָפּקומען אַ סך אומשולדיקע. אויך זענען די ייִדן מחוץ דער שטאָט, געטראָפענע דורך ציווילע פּויערים געווען אויסגעשטעלט אומצוקומען דורך זיי גופא, אָדער איבערגעגעבן צו ווערן דורך זיי די דייטשן.

אַזעלכע פאַלן האָבן פּאַסירט זייער אַ סך. נאָך אַלעמען האָבן די אַנטלאָפענע נישט געוווּסט וווּהין צו גיין, ווו צו זוכן די פּאַרטיזאַנער און אָנשטאָט צוקומען צו זיי, איז לייכט געווען אָנצוטרעפן אויף אַ „נאַרע" פון דער ווילדער דייטשער חיה. (נאָכפרעגן ביי עמעצן האָט מען נישט געקענט, ווייל מען האָט נישט גע־ווּסט וועמען צו פאַרטרויען. ווי געזאָגט, האָבן פּויערים אַליין אויף די וועגן נישט געקאַרגט די ייִדן אָנצוטון צרות און זיי צו מאָרדן).

און דאָך, נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען, האָט זיך, זומער 1942, אַרויס־געכאַפּט אַ גרופּע יוגנטלעכע מיט פאַרמאַסקירטע ארום זיך געווער און זענען אַוועק אין וואַלד און פאַראייניקט זיך מיט פּאַרטיזאַנער. צו די ערשטע פּיאָנערן־פּאַרטיזאַנער פון גלובאָקער געטאָ געהערן: פייגעלמאַן אבנר — אליאשא (פאַרן קריג געווען אַן אויפנעמער פון פלאַקס ביי לעדערמאַנען). ער מיט אַן אָרגאַני־זירטער גרופּע זענען אויף מאָרגן נאָך דער שחיטה פון 2.500 ייִדן אַוועק אין וואַלד. דאָס איז געווען פון די ערשטע גרופּעס יוגנטלעכע, וואָס האָט זיך מיטן גאַנצן אימפּעט געוואָרפן אויפן בלוטיקן שונא און מיט אים העלדיש געקעמפט. אין דער גרופּע איז אויך געווען איטשקע בלאט (לייבל בלאטס זון פון גאַמ־זשער גאַס), וועלכער איז געוואָרן נאַטשאַלניק „ראַזוויעדקי" פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד. בלאט האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפן שכל, דרייסט־קייט, אַנטשלאָסנקייט און פלינקייט. אין יענע וועלדער פלעגט ער אָנוואַרפן אַ מורא און די פּויערים האָבן דאָרט שוין אויפגעהערט ייִדן שלעכטס צו טון. בלאַטן האָט מען דאָרט גערופן „דער לייב פון וואַלד"... אין דער ערשטער גרו־פּע איז אויך געווען בארקע שאַפּיראָ (יאשקע שאַפּיראָס אַ זון פון סענקעוויטש גאַס), אַ דיסנער מיידל כאַסיע א"אַ.

אין סעפּטעמבער 1942 איז ווידער אַוועק אַ באַוואָפנטע גרופּע פון 17 מאַן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען קאַצאָוויטש בער און איזא (משה קאצא־וויטשעס אייניקלעך), זאליע מילכמאַן (דעם לערער מילכמאַנס זון), יאכעלמאַן, פייגעל מיכאל, רודערמאַן יענקל, מילקין ירחמיאל, גלעזער דוד א"אַ. די גרופּע האָט, זייענדיק אין געטאָ, זיך געפונען אין קאָנטאַקט מיטן פּאַרטיזאַנישן אָט־ריאַד „מסטיטעל", האָט אים געשיקט געווער און איז איצט אַוועקגעגאַנגען אין דעם אטריאַד. „מסטיטעל" האָט זיך געפונען אין וואַלד לעבן דאָרף אוניוויער, מיאדלער ראַיאָן. פון דעם דאָרף אוניוויער האָט איינער סטעפּאַן סאַמאַסיאַנעק

מיטגעהאָלפן אקטיוו אין דער אָרגאַניזירונג פון דער פּאַרטיזאַנקע אין דעם געגנט.

נאָכן אַוועקגיין פון דער גרופּע איז די לאַגע אין געטאָ געוואָרן באַזונדער אָנגעשטרענגט. די דייטשן און די פּאָליציי האָבן געהיט נאָך שטרענגער און עס איז געווען געמאָלדן, אַז פאַר די וואָס וועלן אַוועקגיין אין וואַלד וועלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך זייערע משפחות, ד״ה, פאַר די „חטאים" פון די קינדער וועלן אומגעבראַכט ווערן די עלטערן. דאָס האָט זייער געשראָקן די יוגנט, אָבער זייער טעטיקייט איז דורך דעם נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. זיי האָבן דאָך געגרייט געווער און נישט אויפגעהערט צו אָרגאַניזירן זיך. און אין צוויי חדשים אַרום איז ווידער אַוועק אַ גרופּע פון 18 מאַן, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען: שפּאַרבער ישראל, פייגעל משה און סאניע, גאָרדאָן הירשל, סאלאווייטשיק שמעון, איזראַעלעוו הירש און ביידע זין פון יודענעלטסטן ירוחם און מאָטקע לעדערמאַן. אין געטאָ איז נאָכדעם געוואָרן אַ שטיקל מבוכה, מען האָט גע־שפּירט, אַז דאָס וועט קאָסטן, אַז אָן בלוט־פאַרגיסונג וועט עס נישט דורכגיין. און ליידער האָט מען זיך טאַקע נישט אָפּגענאַרט. אין אַ פּאָר טעג אַרום, נאָכן אַרויסגיין פון די 18 מאַן, האָט די זשאַנדאַרמעריע און פּאָליציי, אומגעריכט אַרומגערינגלט די הייזער פון די משפּחות פון סאנע מילקין און פייצע פייגעל־סאָן, האָבן פון די הייזער אַלעמען אַרויסגענומען, אַוועקגעפירט זיי אין דער פּאָליציי, אַ גאַנצע נאַכט זיי אָנגעטון די שרעקלעכסטע יסורים און אינדערפרי זיי צ'לעמען דערשאָסן. עס זענען פון די ביידע משפּחות אומגעבראַכט געוואָרן פערצן מאַן פאַר דעם חטא, וואָס זייערע קינדער זענען אַוועק אין וואַלד. די אימה ופּחד וואָס האָט אַלעמען אַרומגענומען איז געווען אין לשער. יעדער איי־נער האָט געוואַרט, אַז אָט קומט מען אים צונעמען... מען האָט געציטערט פשוט פאַר דעם אייגענעם שטן. מען האָט אויסגעמיטן זיך צו געפינען אין דער איי־גענער וווינונג, מען האָט ביי זיך נישט גענעכטיקט.

די אומרויִקייט האָט זיך אויך פאַרגרעסערט צוליב דעם, וואָס אויך לע־דערמאַנס זין זענען אַוועק אין וואַלד. ווי באַלד דעם יודענעלטסטנס זין האָבן עס געטון קען דאָך דערפון ליידן נישט נאָר די משפּחה פון די פּליטים, נאָר די גאַנצע געטאָ, מען קען דערפאַר איינאָרדענען אַ שחיטה אין אַ גרויסן פאַרנעם, אָדער די גאַנצע געטאָ אומברענגען אין איינמאָל! אַזוי האָט יעדער געלערנט, אַזוי האָט מען קאָמענטירט, אַזוי זענען אַלע אַרומגעגאַנגען דערשלאָגן. מען האָט געזוכט ווו זיך צו באַהאַלטן, ווו צו באַגראָבן זיך. עס איז אָבער נישט געווען קיין אָרט ווו מען זאָל קענען מציל זיין דעם נפש. דער וואָס האָט געהאַט דעם קלענסטן מקום מקלט מחוץ דעם געטאָ, איז אויף נאַכט אַוועק פון שטוב...

דער יודענעלטסטער, לעדערמאַן, איז אַוועק צום געביט־קאָמיסאַר האָכמאַן, האָט אים אַליין דערציילט וועגן זיין אומגליק און געבעטן הילף, אַז מען זאָל קענען אומקערן זיינע „פאַרבלאָנדזשעטע" זין פון דער פאַרטיזאַנקע. דער גע־

ביט־קאָמיסאַר איז געווען אויף אַזויפיל „ליבנסווירדיק" און איז „אַריין" אין דער ביטערער לאַגע פון לעדערמאַנען, ער האָט אים געגעבן אַ שיין צו פאָרן איבער די וועלדער אין געגנט זוכן זיינע זין. לעדערמאַן האָט תיכף אַוועקגע־שיקט צוויי ייִדן אלי גאָרדן און סאלאוויטשיק מוליע (אגב זענען זייערע זין שוין אויך געווען אין וואַלד) אין מיאדלער ראיאָן אויפצוזוכן און ברענגען צו־ריק זיינע זין. לעדערמאַן האָט דעם ענין געמאַכט פאַר אַ כלל ענין, פאַר אַן ערנסטער פראַגע, אין וועלכער עס מוז זיין פאַרינטערעסירט די גאַנצע געטאָ — דער גורל פון אַלעמען, האָט ער געמאָלדן, וועט זיין אָפּהענגיק פון דעם, צי עס וועט זיך איינגעבן אומצוקערן צוריק אַהיים זיינע צוויי בנים. אין געטאָ זענען לעדערמאַנס זין געוואָרן אַ לעבנס־פּראָבלעם. אַלע האָבן אויסגעקוקט מיט אומגעדולד אויף די שליחים, מיט וואָס זיי וועלן קומען. און לערך אין צוויי וואָכן אַרום האָט זיך בליץ שנעל פאַרשפּרייט די גליקלעכע ידיעה, אַז גאָרדאָן מיט סאָלאָווייטשיקן האָבן זיך אומגעקערט בשלום און האָבן מיטגע־בראַכט לעדערמאַנס צוויי זין צו פירן. מיט זיי איז אויך געקומען הירשעלע איזראַעלעוו — אַ שטעפּער. די געטאָ האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער דאָך האָט מען זיך נאָך ווייט נישט באַרויִקט. מען האָט געוואַרט ווי וועט די מאַכט רעאַ־גירן אויף די לעדערמאַנס פּערזענלעך און אויך אויפן כלל — צי וועט זיין קרבנות, וויפל און ווער וועלן זיי זיין...

נאָר צו יענער צייט איז דער געביט־קאָמיסאַר גראָד געווען אין אורלויב און זיין פאַרטרעטער איז געווען עפּעס מענטשלעכער און דערצו האָט לעדער־מאַן געטראָפן זיי ווייכער צו מאַכן מיט פיל שוחד אין אלערליי פאָרמען און כדי צו רעהאַביליטירן דעם טאַט פון לעדערמאַנס זין, האָט דער געביט־קאָמי־סאַר פאַראָרדנט מען זאָל זיי שמייסן און מיט דעם, זאָל עס הייסן, זענען זיי שוין אָפּגעקומען די שטראָף.

אין געטאָ זענען זיך צונויפגעקומען דער פאַרטרעטער פון געביט־קאָמי־סאַר, דער רעפערענט פאַר ייִדישע ענינים העבעל (א שרעקלעכער ייִדנפרעסער), שעף פון זשאַנדאַרמעריע קערן, און נאָך הויכגעשטעלטע מיליטערישע און אַד־מיניסטראַציע־באַאַמטע, מען האָט אין יודענראַט געהייסן זיך צונויפזאַמלען אַלע ייִדן פון געטאָ און מען האָט בפני עם ועדה „געשמיסן" די „פאַרברעכער" — לעדערמאַנס ביידע זין און ה. איזראַעלעוו. דאָס איז געווען מער נישט לפּנים, לעדערמאַנס זין האָט מען פריִער געהייסן אָנטון דיקערע הויזן און אַפילו דער־נאָך האָט מען זיי אויך לייכט געשמיסן. (די פונקציע האָט אויסגעפירט דער ייִדישער פּאָליציאַנט מיכאל שאַפּיראָ). דער פאַרטרעטער פון געביט־קאָמיסאַר האָט דערביי געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט, אַז נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס לעדער־מאַן אַליין האָט געמאָלדן וועגן דעם פאַרברעכן פון זיינע קינדער און האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען זיי אומצוקערן צוריק, שענקט ער זיי דאָס לעבן. ער האָט מוסיף געווען, אַז ווער פון די ייִדן עס וועט זיך דערלויבן אַוועקצוגיין אין

וואַלד, וועט קודם כל אומגעבראַכט ווערן יענעמס משפחה און דערנאָך וועט ליידן די גאַנצע געטאָ. די מעלדונג האָט געווירקט. די ייִדן האָבן שטרענג געהיט אייגענע די צווייטע. די וואָך פון די ייִדן גופא איז אין געטאָ פאַרשטאַרקט געוואָרן דורכן יודענראַט און צוויי מאָל אַ נאַכט האָט זיך די שמירה אַרום דעם געטאָ־צוים געביטן. אַ גאַנצע נאַכט זענען די ייִדן אַליין אַרומגעגאַנגען אַרום צוים פון אינעווייניק אין געטאָ און אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל זיך נישט אַרויס־גנבענען פון געטאָ אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. אויסער דער שמירה פון די ייִדן אינעווייניק איז מחוץ לגעטאָ געשטאַנען אַ וואַך פון דייטשן אַזוי, אַז די געטאָ איז געווען הערמעטיש פאַרשלאָסן און אַרויסצובאַקומען זיך פון איר איז געווען כמעט אוממעגלעך.

## דער אַרעסט פון משה אַבראַמאָוויטש

ווי שוין דערמאָנט, איז מ. אַבראַמאָוויטש געווען דער אָנפירער פון אַ קאָנפעקטן־פאַבריק, וואָס האָט אויך אויסגעאַרבעט מאַרמעלאַד און אייניקע משקאות פאַר די דייטשן. אַבראַמאָוויטש האָט זיך אויף דעם געביט אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרויסן פאַכמאַן און איז ווי אַזאַ געווען „אָנערקענט“ דורך די דייטשן. זיי האָבן אים אַפילו דערלויבט אַ לענגערע צייט צו פאַרבלייבן וווינען אין שטאָט, מחוץ דער געטאָ.

אין פעברואַר 1943 האָבן אים די דייטשן פּלוצלינג אַרעסטירט. אַלע אין געטאָ זענען פון דער ידיעה וועגן זיין אַרעסט געווען שטאַרק איבערראַשט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די סיבה פון אַבראַמאָוויטשעס אַרעסט איז געווען דאָס וואָס ער האָט, לויט דער עצה פון איינעם געבעשן (דער זון פון שאַרקאָוושצינער ד״ר, אַ גאַליציאַנער), געוואָלט מיט דער הילף פון אַ דייטשן אָפיציר קאַרדיעל פעלשן אַ דאָקומענט, אַז זיין מוטער איז כלומרשט געווען נישט קיין ייִדישע און במילא איז ער שוין דאָך אויך נישט קיין געבוירענער ייִד. ער האָט געמיינט אויף דעם אופן צו ראַטעווען זיך, ווי אַן „אַריער“. די דייטשן האָבן זיך פון דעם דערוווּסט, האָבן אַבראַמאָוויטשן תיכף אַרעסטירט און דעם דייטש קאַרדיעל אָנגעגעבן אין געריכט אין מינסק. אָרטיקע דייטשן, קאַר־דיעלס פריינט, האָבן זיך באַמיט, אַז די זאַך זאָל לאָקאַליזירט ווערן און זיי איז די זאַך געלונגען. דאָס איז אויך געווען לטובת אַבראַמאָוויטשן. זיין פאַמיליע, ווי אַלע ייִדן, האָבן געוואַרט, אַבראַמאָוויטש זאָל באַפרייט ווערן. אָבער אַרויסרייסן זיך פון די דייטשע נעגל איז געווען פון די זייער גרויסע זעלטענהייטן און אויך אין דעם פּאַל איז אַזוי געשען. די דייטשן האָבן צוגעזאָגט אים צו באַפרייען פאַר אַ גרויסן סכום גאָלד. ווען די פרוי אַבראַמאָוויטש און זיינע נאָענטע האָבן גע־שאַפן דעם געפאָדערטן סכום גאָלד, האָבן אים די דייטשן אַלץ נאָך נישט באַ־פרייט, אונטערן אויסרייד, אַז קאַרדיעלס ריינוואַשן (פון דעם איז אויך אָפּהענ־

גיק געווען אַבראַמאָוויטשעס ריינוואַשונג) דאַרף נאָך כלומרשט באַשטעטיקט ווערן אין ריגע (דאָס איז מער נישט געווען ווי אַ תירוץ).

דער סוף פון דעם ענין איז געווען, אַז די דייטשן האָבן געצויגן די באַ־פרייונג פון אַבראַמאָוויטשן פון טאָג צו טאָג און האָבן עס אַזוי דערצויגן ביז דעם 20טן אויגוסט 1943, ביזן טאָג פון אומברענגען די גאַנצע געטאָ אין גלו־באָק, ווען צוזאַמען מיט אַלע ייִדן און מיט זיין איבעריקער משפחה (פרוי, קינ־דער און עלטערן) איז אויך אומגעבראַכט געוואָרן משה אַבראַמאָוויטש.

## דער אַרעסט פון יודענעלטסטן גרשון לעדערמאַן

אין דעם פינצטערן געטאָ־קאַשמאַר האָבן די ייִדן כסדר געפּאָרשט, גע־קוקט, וואָס עס טוט, ווהין עס קערט זיך און ווענדט זיך דער יודענעלטסטער גרשון לעדערמאַן. יעדער מאָל ווען ער פלעגט אָוועקטראָגן מתנות, פריִער דעם געביט־קאָמיסאַר און דעם שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע און דערנאָך אַלע אי־בעריקע בלוטזויגערס, (דאָס זענען געווען מעשים בכל יום) פלעגן די ייִדן מיט אומגעדולד וואַרטן זיין צוריקקומען. מען האָט געוואַרט די נייעס וואָס ער וועט ברענגען פאַר דער געטאָ, צי איז עפּעס שוין נישטאָ אַ פרישע גזרה. מען פלעגט אים פשוט אַריינקוקן אין די אויגן און פון זיי האָט מען געזוכט אַרויסצודרינגען דעם „אמת", וואָרום נישט אַלעמאָל פלעגט ער וועלן אָנזאָגן דאָס שלעכטס, כדי נישט צו שאַפן קיין פּאַניק צווישן די ייִדן.

איינמאָל, אין סוף פעברואַר 1943, האָט זיך לעדערמאַן פון אַזאַ מין „ווי־זיט" נישט צוריקגעקערט אַהיים אין געטאָ. עס איז אָנגעקומען דער פאַרנאַכט, דער אָוונט, די פאַמיליע און די נאָענטע האָבן געוואַרט אין דער גרעסטער אומרויִקייט און לעדערמאַן איז נישטאָ. די גאַנצע געטאָ איז נאָך פון דעם נישט געוואָר געוואָרן, אָבער די וואָס האָבן פון דעם געוווּסט, זענען געוואָרן שטאַרק פאַרצווייפלט: מען סודעט זיך, מען זאָגט איינער דעם צווייטן נישט אויס, אַז עפּעס איז נישט אין אָרדענונג. אַרויסגיין פון געטאָ האָט דאָך קיינער נישט גע־טאָרט. עס איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט און לעדערמאַן איז נישט געקומען.

אויף מאָרגן אינדערפרי זענען אין געטאָ אַריינגעקומען דריי ציוויל־גע־קליידעטע דייטשן און האָבן געפרעגט אויפן וווינונג פון גרשון לעדערמאַן. דער קאַליציאַנט מיכאל שאַפּיראָ האָט זיי אַהין אַפּגעפירט און זיי האָבן צוגענומען לעדערמאַנס פרוי, העניע רייזע, זיינע דריי קינדער: ירוחם, מאָטקע און רבקה און אַוועקגעפירט. די דייטשן האָבן די לעדערמאַנס באַרויִקט. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי פירן זיי צו זייער מאַן און פאָטער און מען וועט זיי אַלעמען אַרויסלאָזן אינגיכן. די קליינע טאָכטער לעדערמאַנס, רבקהן, האָבן זיי באַפרייט אין וועג און זי האָט זיך אומגעקערט אין געטאָ. די פרוי מיט די צוויי זין האָבן די דייטשן געפירט אין פאַרק אויף סענקעוויטש גאַס. די יונגע לעדערמאַנס האָבן פאַר־

שטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, אַז די דייטשן נאַרן זיי אַריין און זיי האָבן זיך גענומען אַרויסרייסן פון זייערע הענט און זיך געלאָזט לויפן. די דייטשן האָבן אין זיי געשאָסן און דעם עלטערן לייכט פאַרווּנדיקט. אַרויסגעריסענע פון די דייטשן, זענען די לעדערמאַנס געקומען צולויפן אין געטאָ. פון ירוחמען האָט געשטראָמט אַ דין שטראָמיקל בלוט איבערן גאַנצן וועג. ער איז אַריין נישט דורכן טויער נאָר איבערגעדראַפּעט זיך מיט אימפּעט איבערן הויכן פּאַרקאַן פון אַ זייטיקן פּונקט. אין געטאָ גופא זענען זיי נעלם געוואָרן און קיינער האָט נישט געוווּסט ווו זיי זענען.

די גאַנצע געטאָ איז שוין פון פרימאָרגן אָן געווען אויף „רעדלעך". אַלע האָבן געוווּסט, אַז לעדערמאַן איז אַרעסטירט און אַז מען האָט אויך צוגענומען זיין פאַמיליע. מען איז געוואָרן צעציטערט. דאָס איז געווען אַ שבת אינדערפרי פאַר פּורים און די עלטערע ייִדן זענען זיך צעלאָפן פון דאַוונען באַהאַלטן זיך. מען האָט געמיינט, אַז נאָך לעדערמאַנען קומט גלייך דער סוף פון דער גאַנצער געטאָ. לעדערמאַן, וואָס איז לויט אַלעמענס פאַרשטעלונג, געווען אומבאַריר־לעך, איז אַליין אַרעסטירט. עס איז צוגענומען געוואָרן דער איינציקער ייִד, וואָס האָט זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט די דייטשן און וואָס פלעגט מיט זיך אין געטאָ אַריינטראָגן כאָטש וויפל עס איז באַרויִקונג און שפּייזן מיט צו־זאָגן אין נאָמען פון די דייטשן, אַז גלובאָקער ייִדן זענען „יחסנים" און מען וועט זיי נישט אומברענגען. און איצט איז געפאַלן דער לעצטער זייל, דער איינציקער אָנשפּאַר. וואָס זשע קען שוין ווייטער זיין? די שרעק איז געווען אין לשער. מען איז אַרומגעלאָפן ווי אין אַ שׂרפה, צעטומלט, מען האָט נישט געוווּסט, וואָס מיט זיך צו טון, וואָס צו טון מיט די קליינע קינדער, וועלכע מאַמעס האָבן גע־פירט פאַר די הענטלעך צי געהאַלטן אויף די הענט. מען איז אַרומגעלאָפן ווי געסמטע.

זלמן רובאַשקין, אַ מיטגליד פון יודענראַט און לעדערמאַנס אַן אָפּטער באַגלייטער (ווען דער לעצטער פלעגט טראָגן צו די דייטשן פּעקלעך ייִדישע האָב און גוטס — פלעגט אים רובאַשקין העלפן זיי אונטערטראָגן), האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און דרייסטקייט און איז אַוועק צום געביט־קאָמיסאַר דער־גיין, וואָס איז געשען מיטן יודענעלטסטן ג. לעדערמאַן. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די ס״ד פון ווילייקע האָט אַרעסטירט לעדערמאַנען פאַרן „חטא" פון זיינע זין, וואָס זענען געלאָפן אין „פּאַרטיזאַנקע" און זענען שוין פאַקטיש רעהאַבי־ליטירט געוואָרן (זע אויבן). דער געביט־קאָמיסאַר האָט פאַרזיכערט רובאַשקי־נען, אַז דער ארעסט פון לעדערמאַנען האָט קיין שום שייכות נישט מיט דער געטאָ און די ייִדן קענען זיין פולשטענדיק רויִק, אַז אויב לעדערמאַן וועט אַפילו אַזוי גיך נישט באַפרייט ווערן, וועט אין עטלעכע טעג אַרום באַשטימט ווערן אַ נייער יודנעלטסטער אין גלובאָקער געטאָ. די ידיעה האָט אַ ביסל באַרויִקט. דער געביט־קאָמיסאַר האָט טאַקע דאָס מאָל געהאַלטן וואָרט. אין אַ פּאָר טעג

אַרום איז זלמן רובאַשקין באַשטימט געוואָרן פאַר דעם יודענעלטסטן אויף לע־דערמאַנס אָרט. אויך ער פלעגט אויספילן, ווי לעדערמאַן, די פונקציעס פון טראָגן אַלע טאָג מתנות דעם געביט־קאָמיסאַר און די איבעריקע. אויך רובאַש־קינען פלעגן די ייִדן אָפּוואַרטן מיט אומגעדולד, ווען ער פלעגט זיך אומקערן פון די דייטשן. מען האָט געוואַרט אויף עפּעס גוטע נייעס, אויף טרייסט, אויף האָפענונג... ליידער האָט זיי רובאַשקין קיין איבערצייגנדיק גוטס נישט געקענט ברענגען, כאָטש ער האָט אַלעמאָל געזוכט צו שאַפן אָפּטימיזם... די מעשים פון די דייטשן אין געטאָ, די טאָג־טעגלעכע טרויעריקע ווירקלעכקייט האָט נישט געלאָזט אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן אין דעם אמתן מצב, אין וועלכן די ייִדן האָבן זיך געפונען.

## די דייטשן שלינגען איין יידישע קרבנות איינע נאָך די צווייטע

נישט קענענדיק באַשרייבן אַלע פאַלן פון אינדיווידועלן מאָרד אין געטאָ, וועלן מיר זיך באַמיען כאָטש צו פאַרפיקסירן אייניקע פון זיי.

1. אין איינעם פון די ערשטע פרקים איז שוין געווען דערמאָנט, וואָס פאַר אַ חטא עס איז געווען ביי די דייטשן צו העלפן די ליידנדיקע קריגס־געפאַנגענע, וואָס מען האָט געבראַכט אין בערעזוועטש. נישט רעכענענדיק זיך מיטן פאַר־באָט, האָבן נישט געקענט ביישטיין דעם נסיון די קאזלינערס, וועלכע האָבן גע־וווינט נישט ווייט פון דעם „קריגסגעפאַנגענלאַגער" אין בערעזוועטש. די משפחה קאזלינער פלעגט אונטערטראָגן צום לאַגער פאַר די געפאַנגענע ברויט. זיי פלעגן עס טון געהיים, מיינענדיק, אַז קיינער וועט פון דעם נישט וויסן, אָבער די דייטשן האָבן עס יאָ באַמערקט, זיי האָבן אַרויסגעפירט אלע קאזלינערס אין דערבייִיקן וועלדל און אַלעמען אויסגעשאָסן. דער ברודער־קבר פון אַכט קדושים פון דער משפחה קאזלינער געפינט זיך לעבן די גריבער פון די קריגס־געפאַנ־גענע אין בערעזוועטשער וואַלד נישט ווייט פון מאָנאַסטיר.

2. די ייִדן זענען שוין אין געטאָ. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז דער אינזשיניער מאַקס אָסטראָווסקי איז אַרעסטירט. עס לויפן אַרום זיין פרוי און שוואָגער, דער ציין־דאָקטער יאשׁ, זוכן עצות, תרופות, שתדלנות צו ראַטעווען אים. עס העלפט נישט און אין אַ פּאָר טעג אַרום דערוויסט מען זיך, אַז אָסט־ראָווסקי איז שוין „נישטאָ". מען האָט געזוכט סיבות, חטאים, פאַרוואָס מען האָט אים אומגעבראַכט און מען האָט נישט געקענט דערגיין. אָסטראָווסקי איז געווען בטבע אַ שטילער, רויִקער מענטש. אייניקע האָבן געפרווּט אויסטייטשן, אַז מען האָט אים דערשאָסן דערפאַר, ווייל ער האָט פאַרנומען אַ פּאָסטן אַלס אינזשיניער ביי די סאָוועטן און האָט געאַרבעט אין בערעזוועטש ביי גלובאָק. ערשט שפּעטער איז מען געוואָר געוואָרן, אַז אין דעם מאָרד איז שולדיק געווען זיינער אַ שכן, דער ווייסרוס לאַבאַנקאָ, שפּעטער אַ פּאָליציאַנט, וואָס

איז געווען אין כעס אויף אָסטראָווסקין און האָט זיך מיט אים איצט אָפּגערעכנט. דאָס איז נאָך געווען אין די ערשטע צייטן. די ייִדן זענען נאָך געווען „נאַיִוו", זיי האָבן נאָך נישט פאַרשטאַנען, וואָס הייסט הרגענען אַ מענטשן אומזיסט, פאַר־גיסן מענטשלעך בלוט אומשולדיקערהייט און מען איז געווען שטאַרק צעטראָגן פון די פאַלן, ביז עס האָט זיך אונטערגערוקט אַ נייער פאַל, אַ נייער קרבן און האָט געמאַכט פאַרגעסן דאָס „אַלטע".

3. אין אַפּריל 1943, איז דער „לעשניצי" (וואַלד־אויפזעער) שעל, זיך דורכגעפאָרן איבערן שטאָט. דער רויטער, געזונטער, הויכער, ברייטפּלייציקער דייטש מיט אַ פול אָנגעגאָסענעם פּנים, מיט אַ גרינעם הוט און הויך אַרויסגע־סטאַרטשעטן פעדער, איז זיך געפאָרן שפּאַצירן און בעת מעשה זיך געווײַלט... ער האָט געשאָסן אויף רעכטס און אויף לינקס — אין אַלע זייטן. אַזאַ שפּאַציר פון דער ווילדער דייטשער חיה האָט געקאָסט ייִדישע קרבנות. איינער פון זיי איז געווען דער יונגער בחור משהל כאַווקין. ער איז געשטאַנען אויפן הויף פון נתן גיטעלזאָן און געשמועסט מיט זיינער אַ באַקאַנטער. צו אים האָט „פאַר־בלאָנדזשעט" שעלס אַ קויל און האָט אים שטערבלעך פאַרווונדיקט. דאָך האָט ער זיך אַ וואָכן זעקס אָפּגעמאַטערט און איז לסוף געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים. ער איז געווען ביי זיינע עלטערן אַ בן־יחיד. אויך איז פאַרווונדיקט גע־וואָרן פון שעלן האַבערקאָרן, געוועזענער לערער פון דער ייִדישער האַנדל־שול אין גלובאָק, איינער אַ ייִד פון בעלדיוקע א"אַ.

4. אויך דער פּסח תש"ג איז נישט אַדורך אָן ייִדישער בלוט פאַרגיסונג. און געשען איז עס אויף אַזאַ אופן: איינער זלמן פליישער האָט געדינט ווי אַ שומר אין דער היגער ווייסרוסישער גמינע, ער פלעגט זיך דאָרט באַגעגענען מיט זיינע באַקאַנטע קריסטן און האָט זיך מיט אייניקע פון זיי דערלויבט צו „מסחרן" — בייטן זאַכן אויף שפּייז־פּראָדוקטן. די זשאַנדאַרמעריע האָט זיך דערוווּסט, אַז פליישער האָט געקויפט ביי אַ קריסט אַ שטיקל פּוטער און האָט אים געוואָלט דערפאַר אַרעסטירן. פליישער איז פון דעם געוואָר געוואָרן און האָט זיך באַ־האַלטן. דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע, קערן, האָט אין אַן אָוונט אַריינגע־שיקט אין געטאָ זשאַנדאַרמען, אַז זיי זאָלן דאָרט אָנשטאָט פליישערן צונעמען אַנדערע דריי ייִדן. געווען איז דאָס איינער פון די פּסח־נעכט. לויק דריס־וויאַטצקי, אַ יונגערמאַן אַ גרויסער למדן און געלערנטער בכלל, מיט זיין 16־יעריקן זון כלוינע, האָבן אין אָוונט באַגלייט דעם פּליט פון מיאָר, לאַנדאו ליפּא, וואָס איז אַנטלאָפן געוואָרן ממש פון שחיטה־גרוב אין יוני 1942, בעת וועלכער עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן זיין פרוי און קינדער. לאַנדוי, אַ ייִד אַ מוסמך און אַ מענטש מיט העכערע בילדונג, איז געווען ביי דריסוויאַטצקען אויף אָוונט־ברויט. לוי דריסוויאַטצקי, ווי געזאָגט, אַ טיפער תלמודיסט, מאַטעמאַטיקער און לינגוויסט, איז נאָכן אָוונטברויט מיט זיין ייִנגסטן זון כלוינע אַרויס באַגלייטן דעם אורח און האָט זיך מיט אים אין דרויסן פאַרהאַלטן אַ ביסל אין דברי תורה

און חכמה. אויף דעם זענען גראד אין געטאָ אַריין די דערמאָנטע זשאַנדאַרמען און האָבן גלייך אָנגענומען די דריי — דריסוויאטצקי, פאָטער און זון און ליפּא לאַנדוי און זיי אַוועקגעפירט. אומזיסט האָבן די פרוי דריסוויאטצקי מיטן זון משה געוואַרט, אַז באַלד דאַרפן זייערע צוריק אַריינקומען. זיי האָבן זיך שוין צוריק נישט אומגעקערט... שפּירנדיק, אַז דאָ איז עפּעס געשען אַן אומגליק, האָט משה דריסוויאטצקי געהיט אין דער שטיל אַ גאַנצע נאַכט און ווען עס איז געוואָרן ליכטיקלעך האָט ער דורכן געטאָ צוים באַמערקט, ווי די דייטשן האָבן געפירט די קרבנות אין „באַראַק", אַ וואַלד ווו זיי פלעגן אויספירן זייערע מאָרדן.

אויף מאָרגן האָבן די פּאָליציאַנטן דערציילט, ווי די „אַרעסטירטע ייִדן" האָבן אַ גאַנצע נאַכט געוויינט, געדאַוונט (געזאָגט וידוי), ווי זיי האָבן זיך טראַגיש געזעגנט איינער מיטן צווייטן, אַזוי, אַז אַפילו אויף זיי, אויף די פּאָליציאַנטן, האָט עס געמאַכט אַ רושם... זיי, די מערדער, וואָס האָבן זיך געבאָדן אין ייִדיש בלוט, האָבן צו זיך נישט געקענט קומען און האָבן וועגן דעם גערעדט אַ לאַנגע צייט. (ביי דריסוויאטצקען איז אומגעבראַכט געוואָרן זיין עלטערער זון יהושע פאַר פּסח 1942).

5. אין די חדשים אַפּריל־מאַי 1943 זענען אין געטאָ אומגעבראַכט געוואָרן אַ גאַנצע ריי מענטשן פאַר „ספּעקולאַציע". מען האָט ביי זיי געכאַפּט פּראָדוקטן, וואָס זיי פלעגן מיט זיך אַריינטראָגן אין געטאָ ביים אומקערן זיך פון דער אַרבעט. און דער פּסק־דין פאַר אַזעלכע איז שוין געווען פאָרויס באַשטימט. אַזוי איז אין אָנהויב מאַי דערשאָסן געוואָרן דער קצב שלום צענציפער, ביי וועמען מען האָט בעתן אומקערן זיך פון דער אַרבעט אין געטאָ טויער געפונען אַ באַהאַלטענעם האָן אונטערן בוזים. אין אַ פּאַר וואָכן אַרום האָט מען פאַרהאַלטן זיין זון שעפסל צענציפער און דערשאָסן אָן אַ שום סיבה. (מען האָט שוין אין געטאָ אויפגעהערט צו פרעגן וועגן „סיבות", מען איז שוין געוווינט געוואָרן אויפצונעמען אַזעלכע זאַכן נישט זוכנדיק קיין פאַרוואָס...).

6. סוף מאַי 1943, זענען פּאָליציאַנטן אַריינגעקומען אין טריקאָטאַזש־פאַבריק און אין מיטן העלן טאָג צוגענומען פון דער אַרבעט קראַפּיווניק ליבע, וועלכע איז אין 1942, אַ הוילע, אַ באָרוועסע, קוים מיט דער נשמה, אַנטלאָפן פון די שחיטות אין ווילנע. איר מוטער און אַנדערע קרובים זענען אַרומגעלאָפן צום יודענראַט, צו דער ייִדישער פּאָליציי, האָבן געוויינט און געקלאָגט, ממש וועלטן איינגעלייגט און עס האָט קיין זאַך נישט געהאָלפן. מען האָט די קראַפּיווניק, מיט נאָך אייניקע „פאַרברעכער", אוועקגעפירט אין „באַראַק" און דערשאָסן.

7. אין זעלבן מאַי האָט זיך דער בלוטיקער דייטש היינליאט (אַ יונגער שגץ) דערוווסט, אַז דער שמיד קריינעס שלמה פון ווילנער גאַס 71, האָט אונטערגעשמידט אַ פערד פון זיינעם אַ באַקאַנטן פויער. ער האָט קריינעסן באַלד

געהייסן אַרעסטירן, מען האָט אים אויך אָפּגעפירט אין „באַראַק" און דערשאָסן. דאָס איז נישט דער איינציקער קרבן, וואָס דער היינליאַט האָט דאָ אומגעבראַכט. איינמאָל, זומער 1943, האָט ער באַמערקט, ווי אַ 10־יעריק יינגל, אַ זון פון שניידער זעליק גלאַזמאַן, האָט אין אַ טיכל געטראָגן עטלעכע יאַגאַדעס (יאַגאַדעס און גרינס בכלל איז פאַר ייִדן געווען פאַרבאָטן). היינליאַט האָט זיך געלאָזט לויפן נאָכן יינגל. דער יינגל איז געווען אַ פלינקער און אים איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן. היינליאַט האָט איבערגעגעבן די ייִדן, אַז זיי זאָלן זוכן דעם „פאַרברעכער", דראָענדיק, אַז ער וועט פאַר אים איינעם דערשיסן צענדליקער ייִדן. עפּי' נס איז מען דעמאָלט אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק און מיט אַ שיינער מתנה. קיין קרבנות זענען פון דעם פאַל נישט געווען.

8. אין דער זעלבער צייט האָט מען דערשאָסן די פרוי פון זלמן־וועלוול רודערמאַן. בעתן אומקערן זיך פון דער אַרבעט האָט מען ביי איר, ביים אַריינגאַנג אין געטאָ־טויער, געפונען צוויי באַהאַלטענע אייער, וואָס זי האָט געוואָלט „אַריינשמוגלען" אין געטאָ.

9. אָנהויב יוני איז דער פורמאַן אַברהם בודאוו אַרויס, פאַרנאַכט נאָך דער דערלויבטער צייט, פאַרמאַכן די לאָדן פון שוסטער־וואַרשטאַט אויף ווילנער גאַס (הויז מינושקין), ווו ער האָט געדינט ווי אַ שומר. דאָס האָט צופעליק באַמערקט אַ פּאָליציאַנט. בודאוו האָט זיך געוואָלט ביים פּאָליציאַנט אויסקויפן און האָט אים אָפּגעגעבן זיין גאָלדענעם זייגער. דער פּאָליציאַנט האָט דעם זייגער צוגענומען און בודאוון אָפּגעפירט אין פּאָליציי און פון דאָרט אין „באַראַק" צום גרוב...

10. סוף יוני 1943, איז געגאַנגען קראַוט נתן, געוועזענער אייגנטימער פון ביר־זאַוואָד, און האָט מיט זיך געטראָגן אין אַ זעקעלע אַ ביסל זאַלץ. דאָס האָט באַמערקט גאָלדבערג, אַ דייטש, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די אינספּעקטן און האָט אים פאַרהאַלטן. קראַוט האָט זיך געלאָזט לויפן און גאָלדבערג האָט אין אים געשאָסן און פאַרוווּנדיקט. באַלד זענען אָנגעקומען פּאָליציאַנטן, מען האָט קראַוטן אַוועקגעשלעפּט אין דער פּאָליציי און דאָרט מיט אים פאַרענדיקט.

11. אין דער זעלבער צייט האָט מען אומגעבראַכט איינעם כ"ץ פון סוועַנציאַן. כ"ץ איז געווען אַ שאָפער ביי די דייטשן און פלעגט שטיין נאָענט צו זיי. אין געטאָ האָט מען אויף אים געקוקט מיט אַ געוויסער קנאה, ער און זיין משפחה זענען דאָך מיטן לעבן געזיכערט, האָט מען געטראַכט. ער איז געווען ווי אַ מין באַאַמטער ביי די דייטשן און וויבאַלד ער האַלט זיין משפחה אין געטאָ, איז מסתמא נאָך די לאַגע נישט אַזוי געפערלעך. אַזוי האָט מען זיך איינגעשמועסט, אָדער, בעסער געזאָגט, געוואָלט זיך איינרעדן. איינמאָל איז כ"ץ ביינאַכט אַריינגעפאָרן מיט אַן אויטאָ אין געטאָ און שטילערהייט אַרויסגעפירט זיין פרוי, קינדער און שוויגער, ווייל זיינער אַ באַקאַנטער דייטשער שאָפער, שולץ, האָט אים פאַרטרויט, אַז אין געטאָ דאַרף „עפּעס געשען", עס דאַרף פאַר־

קומען אַ מאַסן־שחיטה. דערוויסנדיק זיך אינדערפרי, אַז דער שאָפער כ״ץ האָט ביינאַכט אַרויסגעפירט זיין משפחה פון געטאָ, איז אויף אַלעמען אַרויפגעפאַלן אַ שרעקלעכער פּחד, ווייל כ״ץ, זייענדיק אַ יוצא ונכנס ביי די דייטשן, ווייס דאָך זיכער, ווו עס האַלט מיט די ייִדן. עס האָט זיך איבערגעחזרט מעשה לע־דערמאַן נאָך מיט מער צערודערטקייט. מען איז ווידער געלאָפן באַהאַלטן זיך, ווער עס האָט געקענט האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ. (אמת, אוין־ מחוץ דעם געטאָ איז קיין אָרט נישט געווען ווו אַהינצוטאָן זיך, נאָר עס האָט זיך געדאַכט...). עס האָט זיך געשאַפן אַן אומדערטרעגלעכע לאַגע. נישט געווען קיין אויסוועג. דער יודענראַט, ווי געוויינלעך, גלויבט נאָך אַלץ בלינד אין די גוטע הבטחות פון געביט־קאָמיסאַר, אַז קיין שחיטות אין גלובאָק וועלן נישט פּאָר־קומען און אַז ער שיצט די געטאָ. באַלד אינדערפרי איז מען אַוועק צום געביט־קאָמיסאַר, דערציילט אים וועגן דער שרעק און פּאַניק, וואָס איז אַנטשטאַנען און געבעטן אויפקלערן, וואָס קומט דאָ פאָר. דער געביט־קאָמיסאַר, האָט, ווי שטענדיק, באַרויִקט דעם שליח און געהייסן, אין זיין נאָמען, באַרויִקן אַלע ייִדן. „די קלאַנגען, — האָט ער געזאָגט, — זענען בלויז אַ פּראָוואָקאַציע, פאַר וועלכער די שולדיקע וועלן באַשטראָפט ווערן״. ער האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט טאַקע באַשטראָפט, אָבער נישט דעם דייטש שולץ, וועלכער האָט כ״צן פּראָוואָצירט, נאָר דעם ייִדישן שאָפער כ״ץ. דער לעצטער איז באַלד פאַרהאַלטן געוואָרן. מען האָט אויך אויסגעפונען זיין באַהאַלטענע פרוי, קינדער און שווי־גער און זיי אַלעמען אין „באַראַק״ דערשאָסן.

12. איינמאָל, לערך אין די זעלבע טעג, האָט די זשאַנדאַרמעריע פאַרהאַלטן יעקב קראַשנעווסקי, וועלכער איז, לויט די תקנות פון יודענראַט, (זע אויבן), געשטאַנען ביינאַכט ביים געטאָ־צוים און געהיט, אַז אַ ייִד זאָל זיך חס וחלילה נישט אַרויסגנבענען פון געטאָ. דער יודענראַט האָט גלייך ענערגיש אינטער־ווענירט ביים געביט־קאָמיסאַר, אויפגעקלערט די „וויכטיקע מיסיע״, וואָס קראַשנעווסקי האָט אויסגעפירט און מען האָט אים אַרויסגעלאָזט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אים ווידער פאַרהאַלטן, אַוועקגעשיקט אין „באַראַק״ און דערשאָסן.

13. דאָ האָט מען אויך דערשאָסן בראָון סאַליע, ווייל מען האָט דערטראָגן, אַז זי איז כלומרשט אין פריינטלעכע באַציִונגען מיט אַ קריסטלעכן יונגנמאַן וויטיע שאַראַבייקאַ.

14. קיין איין טאָג איז כמעט נישט אַ דורך אָן קרבנות. אין איינעם אַ יולי־טאָג האָט די היגע פּאָליציי געכאַפּט איינעם סאַליע (אָדער בערל) סווערדלין, וואָס האָט געפירט אַ קו. מענטשן פון נישט קיין געטאָ־וועלט קענען נישט משער זיין ווי גרויס אַזאַ פאַרברעכן האָט אויסגעזען. דאָס איז דאָך נישט קיין האָן, אָדער אַ פּאָר אייער, אָדער אַ בוריק. דאָס איז דאָך אַ גאַנצע קו... די דייטשן מיט זייער גרויסער ראַפינירטקייט, מיט זייער גאַנצער „קולטור״ צו פּייניקן

מענטשן, האָבן שוין דאָ פּאַר סווערדלינען קיין שטראָף נישט געקענט צוטראַכטן. שיסן, הענגען קען מען דאָך בלויז איין מאָל, דאָס טוט מען פּאַר אַ האָן, פּאַר אַ פּאָר אייער, ווי עס איז געווען מיט צענציפּער און רודערמאַן. זיי האָבן אים געפּייניקט ביז ער האָט פאַרלאָרן זיין באַוווסטזיין און דערנאָך אים דערשאָסן. מער טון האָבן זיי נישט געקענט. דער איינדרוק איז אָבער געווען, אַז סווערדלין איז געבליבן נישט גענוג באַשטראָפט פאַר זיין „חטא".

15. אין דער זעלבער צייט האָט מען אויך דערמאָרדעט דעם 60־יעריקן מאטע גורוויטש (מאטע יודע־איטשעס פון קישעלייקע). מען האָט אים אַרויס־געטריבן אָפּרייניקן די גאַס און ער האָט זיך פון דערווייטנס באַגריסט מיט זיי־נעם אַ באַקאַנטן פויער.

16. אָנהויב יולי 1943 האָט איינער מיכאַל אלפעראָוויטש מיט זיין פרוי בערטאַ (פליטים פון ערגעץ), אָפּגערעדט מיט אַ באַן־באַאַמטן, אַז ער זאָל זיי דורכפירן אין וואַלד צו פאַרטיזאַנער. זיי זענען אַוועק צום באַשטימטן אָרט אויפן וועג קיין קאָנסטאַנטינאָווא. דאָרט האָבן ווירקלעך אויף זיי געוואַרט „דורכ־פירער" און מען האָט זיי אַוועקגעפירט אין וואַלד, אָבער אָנשטאָט צו די פּאַר־טיזאַנער, צו די דייטשן, וועלכע האָבן זיי אויפן אָרט דערמאָרדעט.

17. גאָר אָן אַ שום סיבה האָט מען אין דער זעלבער צייט צוגענומען פון דער אַרבעט אויף דער עלעקטרישער סטאַנציע דעם יונגן שמעון גאָדין, אַוועק־געפירט אים אין פּאָליציי און אין אַ פּאָר טעג אַרום אין „באַראַק" דערשאָסן.

18. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז אומגעקומען זיין פאָטער וועלוול גאָדין. זיין טויט איז פאָרגעקומען גאָר אויף אַן „אָריגינעלן" אופן. אין מיטן העלן טאָג איז וועלוול גאָדין געגאַנגען פון דער אַרבעט אויף ווילנער גאַס (נישט ווייט פון דער געוועזענער שול פון די ברידער ראַיאַק), יארעמעק, אַן אָרטיקער בעקער, איז אָנגעפאָרן אויף אַ לאַסט־אויטאָ און האָט בכיוון געטריבן שנעל די מאַשין אויף גאָדינען און אים גלייך דערקוועטשט אויף טויט. צי האָט עס יארעמעק געטון צוליב זיך אַ „שפּיל צו טון" אָדער ער האָט געהאַט אַ כעס אויף גאָדינען — איז נישט באַוווסט. אַ פאַקט איז נאָר געווען, אַז גאָדין איז געבליבן ליגן אַ הרוג אויפן ברוק אין אַ קאַלוזשע בלוט און יארעמעק איז זיך אַוועקגעפאָרן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. אויפן פּנים פון דעם אָרטיקן באַנדיט, אַ נעכטיקער יידישער שכן און „יידנפריינט", האָט זיך אויסגעדריקט אַן אמתע הנאה, אַ נחת רוח פון זיין טאַט (אין שטאָט האָט ער געקענט אַלע יידן און די יידן האָבן אים געקענט).

טראָץ דעם וואָס צו די מאָרדן אויף יידן אין גלובאָקער געטאָ איז מען שוין „צוגעוווינט" געוואָרן, האָט דער פאַל מיט גאָדינען געמאַכט אַ באַזונדער שווערן רושם. ראשית צוליב דעם, וואָס דאָס האָט אויסגעפירט אַ היגער איינ־וווינער, וועלכער האָט מיט די יידן צוזאַמענגעלעבט לאַנגע יאָרן, און צווייטנס האָט מען דעם הרוג געבראַכט אַ צעקוועטשטן אין געטאָ אין זיין וווינונג און זיין

גרויסע משפּחה האָט אים געגומען מספּיד זיין. דער קלאָג און יאָמער האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער געטאָ און עס האָט זיך ביי יעדן ווידער געעפנט די אייגנבלוטיקע וווּנדן. און די גאַנצע געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן יאָמער — וירב תאניה ואניה...

19. האַלב יולי 1943 האָבן די דייטשן צוגענומען יאשקע פייגעלסאָן (אַ מאלער פון ראמס משפחה אויף ווילנער גאַס), פאַר דעם חטא, וואָס זיינע צוויי זין, זלמן און דן, זענען אַוועק אין פאַרטיזאַנקע. די מוטער זייערע האָבן די זין אַרויסגענומען פון געטאָ אין וואַלד אַריין און דער פאָטער האָט נישט גע־וואָלט גיין און האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן אין געטאָ. (שפּעטער איז אין וואַלד אומגעקומען אויך די מוטער פון די צוויי זין. די אומשטענדן זענען נישט באַ־ווּסט). די דייטשן האָבן זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט דעם קרבן פון זייער פאָטער. זיי האָבן אַראָפּגענומען ביינאַכט פון די געלעגערס אויך זיין שוועסטער שרה ראם און איר טאָכטער נחמה, האָבן זיי אַ נאַכט אָפּגעהאַלטן אין דער פּאָ־ליציי און פאַרטאָג אָפּגעפירט אין „באַראַק" און דערמאָרדעט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָבן קריסטן ביים גרוב געזען אָפּגעגראָבן דעם קערפּער פון דער יונגער נחמה ראם, ארומגעגריזעט פון הינט.

די ברידער זלמן און דן פייגעלסאָן זענען ווי פּאַרטיזאַנער געווען טעטיק אין דער בריגאַדע „פּאנאמארענקא" אין די וועלדער פון מערב־ווייסרוסלאַנד. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין זייערע קאַמפן מיט די דייטשן.

20. ביים רעפערענט פאַר נאַציאָנאַלע ענינים האבעל האָבן זינט אייניקע חדשים געאַרבעט פיניע יונגעלסאָן מיט זיין פלימעניק לייבל יונגעלסאָן. תחילת איז אַלץ געגאַנגען „כשורה". זיי האָבן די דייטשן באַדינט, געאַרבעט איבער זייערע כוחות און די באַלעבאַטים האָבן זיי געמאַטערט וויפל נאָר עס איז געווען מעגלעך.

אין איין פרימאָרגן, יולי 1943, האָט מען זיי ביי דער אַרבעט פאַרהאַלטן. העבעלס פרוי האָט געשריגן, עוקר הרים געווען, אַז די יודען האָבן ביי איר גענבעט פּוטער. דאָס איז געווען אַ בילבול. דער אמת איז געווען אַן אַנדע־רער. לייב יונגעלסאָן האָט צוגענומען דאָרט, ווו ער האָט געאַרבעט ביי העבעלסן אַ רעוואָלווער מיט דער כוונה, ביינאַכט אַוועקצוגיין פון געטאָ אין וואַלד אַריין. דאָס האָט העבעלס פרוי געמערקט און געוואָלט פאַרדעקן דעם אמת. ווען די זשאַנדאַרמעריע איז געקומען אַרעסטירן די יונגעלסאָנס, האָט זיך לייבל יונ־געלסאָן אויף זיי געוואָרפן מיטן רעוואָלווער. די זשאַנדאַרמעריע האָט אים אָבער באַלד אַנטוואָפנט און ביידן אַוועקגעפירט.

העבעלס פרוי האָט פאַר די יידן געפאָדערט אַ שטראָף פון אַ מיתה משונה. זי האָט געוואָלט אַז אין מיטן געטאָ זאָל מען אויפשטעלן צוויי סלופעס מיט שאַרפע האקעס און מען זאָל די מענטשן הענגען אָנשטעכנדיק זייערע העלדזער אויף די האקעס. ווען מען האָט זיך פון דעם דערוווּסט אין געטאָ, האָט עס אַזוי

פאַרמיאוסט דאָס לעבן, אַז מען האָט שוין מקנא געווען די, וואָס זענען געלעגן אין „באַראַק" דערמאָרדעטע. די צוויי ייִדן זענען געווען קרובים פון קאָמענדאַנט פון דער ייִדישער פּאָליציי אין געטאָ יודע בלאַנט און ער האָט איינגעלייגט וועלטן, אַז מען זאָל זיי נישט טויטן אויף אַזאַ אופן. די ייִדן האָבן צונויפגעקליבן אַ סך גאָלד און צירונג און מען האָט עס אַוועקגעטראָגן דער דייטשקע העבעל און קוים געפּועלט, אַז די ייִדן זאָלן באַשטראָפט ווערן אויפן „נאָרמאַלן אופן". די יונגעלסאָנס האָט מען אַוועקגעפירט אין „באַראַק" און דערמאָרדעט, ווי גע־ווײנלעך, דורך שיסן... עס קלינגט מאָדנע, אָבער אין געטאָ האָט מען פון דעם אויסגאַנג „אָפּגעאָטעמט לייכטער"...

21. די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין געטאָ געפינען זיך פלײשערס פּרוי מיט אירע צוויי דערוואַקסענע טעכטער. און כאָטש מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, פּסח, זענען פאַר פלײשערס „חטא" אומגעבראַכט געוואָרן דריסוויטצקי לויק מיט זיין זון כלוינע און ליפּא לאַנדוי (זע אויבן), זענען די דייטשן ביינאַכט אַריין אין געטאָ (זיי האָבן אויפגעבראָכן דעם פאַרקאַן פּונקט אַנטקעגן דער וווינונג פון די פלײשערס און נישט דורכן געטאָ־טויער), האָבן פון די געלעגערס אַראָפּגעשלעפּט אַ נאַקעטע די מוטער פלײשער מיט אירע צוויי טעכטער (זייער שיינע מיידלעך), אָפּגעפירט זיי אין „באַראַק" און דערשאָסן. אויף מאָרגן האָט מען אין געטאָ דערציילט, ווי אַזוי די פרויען האָבן זיך געבעטן ביי די מער־דער; פון זייערע געוויינען און יאָמערייען האָבן שטיינער געקענט צעפּליצן. אויף די תלינים האָט עס נישט געווירקט, און זיי האָבן זייער אַרבעט אויסגע־פירט רויִק און בשלמות.

22. אין אַ וואָך אַרום נאָכן אומברענגען די פלײשערס זענען פּאָליציאַנטן אַריין ביינאַכט אין געטאָ (מיטן זעלבן דורכגאַנג ווי ביי די פלײשערס), האָבן צו־גענומען חנן פינטאַוו, זיין פרוי קיילע מיט זייער 16־יעריקער טעכטערל, אַוועק־געפירט זיי אין תפיסה און פון דאָרט אין „באַראַק" און אַלע דריי דערשאָסן. די פרוי פינטאַוו איז געווען אַ קעכין ביי דער איבערזעצערין פון געביט־קאָמיסאַר גוזאַווא. יענע האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ פאָלקסדייטשקע און איר מאַן האָבן די סאָוועטן אַרויסגעפירט. צו דער גוזאַווע פלעגט קומען פאַרברענגען דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע, קערן. שפּעטער האָט די גוזאַווע פאַרביטן איר „געליבטן" קערנען אויפן ראַיאָן־נאַטשאַלניק. גוזאַווע, זוכנדיק אויסצומיידן באַ־געגענישן מיט דעם דייטש קערן, האָט איינמאָל אָנגעזאָגט איר קעכין פינטאַוו קיילע, אַז אויב דער שעף־זשאַנדאַרם קערן וועט קומען, זאָל זי אים זאָגן, אַז די ווירטין איז נישטאָ אין הויז. און כך הוה. קערן איז אַריינגעקומען, אַריין אין קיך און קיילע פינטאַוו האָט אים געזאָגט, אַז גוזאַווע איז נישטאָ אין דער היים. דער דייטש האָט זיך אָבער דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען נישט ריכטיק און ער האָט ביינאַכט אַריינגעיאָגט זיינע זשאַנדאַרמען אין געטאָ, זיי האָבן דורכגע־בראָכן אַ לאָך אין פאַרקאַן פּונקט צו פינטאַווס וווינונג און אומגעריכט, שלאָפנ־

דיקע אַראָפּגענומען די פּינטאָווס פון זייערע געלעגערס, אַוועקגעפירט אין „באַראַק״ און דאָרט דערמאָרדעט.

23. יולי 1943, האָט אַ דייטשער אָפיציר געגעבן איינעם חדשן, אַ קרו־לעווישצינער, עטלעכע קאָסטנס שפּראָטן צו פאַרקויפן אין געטאָ. בכלל האָט זיך פּראַקטיצירט, אַז די דייטשן פלעגן גנבענען פּראָדוקטן און זוכן מאַכן מיט יידן „געשעפטן״. זיי פלעגן געבן די יידן וואָס האָבן ביי זיי געאַרבעט, אַז זיי זאָלן אין געטאָ פאַרקויפן און ברענגען זיי די הכנסה. דער יודענראַט האָט מורא געהאַט, אַז די העכערע דייטשן (די גרעסערע גנבים) זאָלן אַמאָל נישט כאַפּן די דייטשן, די גנבים, און זאָלן נישט דערגיין, אַז זיי זעצן אָפּ זייערע געגנבעטע פּראָדוקטן אין געטאָ, פון וואָס די גאַנצע געטאָ וואָלט געשטעלט געוואָרן אין גרויס סכנה. ווען חדש האָט גענומען אַריינברענגען די שפּראָטן אין געטאָ, האָט אים די יידישע געטאָ פּאָליציי געוואָרנט, אַז ער זאָל עס נישט טון. דער אָפיציר אָבער, האָט לויטן ביישפּיל פון אַזוינע פאַלן מיט אַנדערע דייטשן און יידן, אויך דאָ געצוווּנגען חדשן, אַז ער מוז זיינע שפּראָטן פאַרטון אין געטאָ. די יידישע פּאָ־ליציי האָט איינמאָל ביי חדשן קאָנפיסקירט עטלעכע שאַכטלעך שפּראָטן. ער האָט געזאָגט זיין אָפיציר, אַז ער קען אים זיין סחורה נישט פאַרטאָן, ווייל די יידישע פּאָליציי האָט מורא פאַר דעם און פאַרווערט אים אַריינצוברענגען אין געטאָ פּראָדוקטן, וואָס עס איז קעגן דייטשן געזעץ. די פּאָליציי פון איר זייט האָט די זאַך אָנגעטרויט דעם געביט־קאָמיסאַר, וועלכער האָט פאַרזיכערט, אַז קיינעם וועט מצד דעם אָפיציר קיין שלעכטס נישט געשען. דער אָפיציר פון די געגנבעטע פּראָדוקטן איז געקומען אין יודענראַט און דאָרט געטראָפן חיים־בער גאָרדאָן (אַ יודענראַטניק און עלטסטער פון דער יידישער פּאָליציי) און געפּאָדערט אַרויסצוגעבן דעם פּאָליציאַנט אייזיק וויינשטיין, וועלכער האָט ביי חדשן אָפּגענומען די שפּראָטן. וויינשטיין האָט זיך באַהאַלטן און גאָרדאָן האָט זיך אָפּגעזאָגט אים אַרויסצוגעבן (ער איז געווען האָפערדיק אין דער הבטחה פון געביט־קאָמיסאַר). אויפן צווייטן טאָג האָט מען גאָרדאָנען אַרעסטירט און איבערגעגעבן צו דער דיספּאָזיציע פון דער ס״ד. דער יודענראַט האָט פאַר־שטאַנען, אַז זיי זענען פאַרפירט געוואָרן דורך די הבטחות פון געביט־קאָמיסאַר, וועלכער האָט אין דער גאַנצער צייט פון דעם סכסוך מיט דעם דייטש, פאַרזי־כערט, אַז דער אָפיציר האָט קיין מאַכט נישט צו טון שלעכטס. חוץ דעם האָט גאָרדאָן געמיינט, אַז ער ווי אַ פּאָליציאַנט איז אומבאַרירלעך. דער יודענראַט האָט שוין איצט אָנגעהויבן זוכן וועגן צום אָפיציר, אים מפייס צו זיין, איינ־שטילן זיין צאָרן. מען האָט צו אים געשיקט שתדלנים, שליחים, געגעבן אים געלד ער זאָל באַפרייען גאָרדאָנען. דאָס געלט האָט ער נאַטירלעך צוגענומען, אָבער גאָרדאָנען האָט ער נישט באַפרייט. מען האָט אים אומגעבראַכט אין די שרעקלעכסטע יסורים. פריער האָט מען אים אין אַ טיר איבערגעבראָכן די פינ־

גער, געריסן די ציינער פון מויל, געשניטן לעבעדיקערהייט אברימווייז ביז ער איז אויסגעגאַנגען.

24. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די דייטשן געפּאַקט אייזיק ווײַנשטיין. עס זענען אויך דאָ אָנגעווענדט געוואָרן אַלע מיטלען אים אַרויסצוראַטעווען פון די מערדער. מען האָט ווידער דעם דייטשן אָפּיציר (דעם סוחר פון די פּראָ־דוקטן) געגעבן געלט און צירונג און ער האָט עס צוגענומען מיטן צוזאָג אים צו באַפרייען. ווײַנשטיינס גורל איז געווען דער זעלבער וואָס גאָרדאָנס, זיי האָבן אים אומגעבראַכט מיט אַ מיתה משונה, אין שרעקלעכע יסורים.

25. פּילדאַס רחל, אַ טאָכטער פון בערל פּילדאַס (בערל מאקאר) האָט בימי הסאָוועטן חתונה געהאַט מיט אַ קריסט, האָט פון אים געבוירן קינדער און איז געווען זיכער, אַז זי איז אַרויס פון כּלל ייִד און איז פריי פון דייטשע צרות. זי האָט די גאַנצע צייט געלעבט מחוץ דעם געטאָ. די דייטשן האָבן אָבער וועגן אַזעלכע געהאַט אַן אַנדער מיינונג. לגבי זיי איז זי געווען אַן אמת ייִדיש קינד. מען האָט זי איין מאָל אַרעסטירט און דעם מאַן זיך האָט זיך איינגעגעבן זי אויסצו־קויפן. ער פלעגט משחד זיין די פּאָליציי און זיי האָבן אויף דעם געקוקט צווישן די פינגער. אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז יולי 1943. אין יולי איז פּאָליציי געקומען און האָט רחלען מיט אירע קינדער אַרעסטירט, אַוועקגעפירט זיי אין „באַראַק" און דערשאָסן.

בכלל זענען אַזעלכע מאָרדן פאָרגעקומען אָן אויפהער אין דער גאַנצער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע און מיט די „עטלעכע" אויסגערעכנטע קרבנות איז ווייט נישט אויסגעשעפּט די גרויסע רשימה פון אַלע איינצלנע מאָרדן, וועל־כע מען האָט געקענט אָנרעכענען אין די טויזנטער.

מיר האָבן בלויז אייניקע פאַלן פאַרפיקסירט, כּדי צו באַווייזן ווי ווייט הפקרדיק עס איז געווען דאָס ייִדישע בלוט, אַז פאַר אַ ביסל זאַלץ, פאַר אַ פּאָר אייער, פאַר נישט גוט באַגריסן אַ דייטשן סאָלדאַט, אָדער אינגאַנצן אָן אַ פאַרוואָס, האָט מען באַלד אומגעבראַכט, מיר וועלן דערמאָנען נאָך איין כאַראַק־טעריסטישן פאַל פון דערמאָרדן פאַר נישט טראָגן ראַיעל די „געלע לאַטע". דאָס האָט פּאַסירט מיט אַ 17־יעריקן ייִנגל (זיין נאָמען געדענקען מיר נישט), וועלכער האָט געאַרבעט ביי די זשאַנדאַרמען אין משה קראַוטס הויף אויף זאַמ־קאָווע גאַס. דאָס ייִנגל איז איינמאָל, אין אַ זומער־פרימאָרגן 1943, געקומען צו דער אַרבעט און אים האָט אָנגעטראָפן אויפן גאַס אַ זשאַנדאַר, וועלכער האָט באַמערקט, אַז די „לאַטע" איז ביי אים נישט אין אָרדענונג צוגענייט צום אויי־בער־בגד (דייטשן האָבן דאָך ליב אָרדענונג...). דער זשאַנדאַרם האָט נישט לאַנג געטראַכט און קאַלט, געלאָסן אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און דאָס ייִנגל דערשאָסן. דער הרוג איז געלעגן אין אַ קאַלוזשע בלוט אין מיטן גאַס ביז וואַנען עס זענען אָנגעקומען אַנדערע ייִדן און מען האָט זיי באַפוילן אים צוצונעמען און אָפּוואַשן די בלוט קאַלוזשע, עס זאָל זיין זויבער. (אַפילו אויף די קריסטן

האָט דאָס געמאַכט אַ שווערן איינדרוק און זיי האָבן אויסגעמיטן צו גיין אויף דער גאַס. זיי האָבן מער נישט גערעדט צווישן זיך — „טאַם ליעזשי זאַביטי זשיד"... פּזשיקראָ!).

מיר ווילן אויך דערמאָנען, אַ פּאָר פאַלן ווען ייִדן זענען באַפרייט געוואָרן פון אַרעסט, ווייל די דייטשן האָבן זיי געדאַרפט האָבן. איין פאַל — אין יוני 1943, ווען וויטוויצקי דער „צירקאָוועץ" האָט אַרעסטירט אַלטע געלמאַן (געוו' פריזירערקע), ביי וועלכער ער האָט געפונען אירע פריזיר־אינסטרומענטן. אַ דאַנק דעם, וואָס געלמאַן האָט געשאָרן און געפוצט די פּאַלקסדייטשקע גוזאווע האָט יענע זיך משתדל געווען און מען האָט זי באַפרייט. דאָס האָט דער געלמאַן פאַרלענגערט איר לעבן אויף גאַנצע צוויי מאָנאַטן. (אַלטע געלמאַן מיט איר שוועסטער סאָניע, זענען אומגעקומען בעת דער ליקווידאַציע פון גלובאָקער געטאָ).

ס'איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די דייטשן, וואָס האָבן אַרעסטירט וועמען עס איז און געוווּסט, אַז אַנדערע דייטשן דאַרפן אים האָבן און וועלן זיך באַמיען אים צו באַפרייען, פלעגן זיך איילן צו דערמאָרדן דעם אַרעסטירטן וואָס גיכער. אַזוי איז געווען מיט דער משפחה פון חנן פינטאוו, מיט פעסיע גאָרדאָן א"אַ.

נאָך אַ פאַל דערמאָנט אונדז מיטן לערער פליסקין דוד, וועלכער האָט גע־דינט ביים קאָמענדאַנט ראזענטרעטער ווי א איבערזעצער. פליסקינען האָט זיך איינגעגעבן נושא חן צו זיין ביים דייטש און ער האָט זיך מיט אים נישט שלעכט איינגעלעבט. דער קאָמענדאַנט פלעגט אים פון צייט צו צייט געבן עסן און האָט זיך צו אים באַצויגן עפּעס בעסער. די דייטשע קאָמענדאַנטור, ווו פליסקין האָט געאַרבעט, האָט זיך געפונען אויף זאַמקאָווע גאַס אין געוועזענעם קאָסינאָ. דאָרט אויפן הויף זענען געוואקסן עטלעכע קוסטעס מיט יאַגאדעס. פליסקין דוד איז איין מאָל, אין יוני 1943, צוגעגאַנגען צו אַ קוסט און אָפּגעריסן עטלעכע יאַגאדעס. דאָס האָט דורך אַ פענצטערל באַמערקט איינער א דייטשער אינזשי־ניער, וועלכער איז געזעסן אין אַ צווייטער שטוב בשכנות פון קאָמענדאַנטור. ער האָט זיך נישט געפוילט און אַראָפּגעלאָפן צו פליסקינען, גענומען אויף אים שרייען און זידלען מיט די ערגסטע ווערטער. אויף די פראַגן פון אינזשיניער, ווי אַזוי ער, אַ יודע, האָט זיך דערלויבט צו רייסן יאַגאדעס, האָט זיך פליסקין אין שרעק פאַרענטפערט, אַז האיט, דער אָרדינאַנס פון קאָמענדאַנט האָט עס אים דערלויבט. האיט האָט טאַקע געוואָלט אויף זיך נעמען די שולד און ריינוואַשן פליסקינען. דעמאָלט איז דער אינזשיניער באַפאַלן האיטן, אַז ער איז אַ שלעכ־טער דייטש, אַן אמת קולטורעל־אינטעליגענטער דייטש וואָלט קיינמאָל נישט דערלויבט אַ יידן צו עסן יאַגאדעס אאַז"וו. פליסקינען האָט דער „קולטורעלער, אינטעליגענטער" אינזשיניער געשלאָגן מכת רצח און איז אין גרויס נכפּה צוועקגעלאָפן אין שטוב כאַפּן דעם רעוואָלווער. אין דער צייט איז דער קאָמענ־דאַנט אַוועקגעלאָפן צום שעף פון זשאַנדאַרמעריע קערן, האָט אים דערציילט

פון דער גאַנצער געשיכטע און געבעטן, אַז דאָס מאָל זאָל ער מוחל זיין דעם חטא זיין ייִדן, וועלכער איז אים זייער נוצלעך. קערן האָט אַזאַ „פּאַרברעך" דעם ייִדן נישט געקענט מוחל זיין, פון דער צווייטער זייט איז אים שווער געווען אינגאַנצן קעגנצושטעלן זיך דער בקשה פון קאָמענדאַנט און ער איז מושווה געוואָרן צו פאַרבייטן דעם טויט־שטראָף אויף אויסקויף־געלט.

קערן האָט דערביי שטרענג געוואָרנט, אַז אויב עס וועט נאָכאַמאָל פּאַסירן אַ פאַל, אַז אַ ייִד וועט עסן יאַגאַדעס, פּרוכט, פּעטס, גרינס אאַז"וו, וועט אים זיכער נישט אויסמיידן דער טויט, וועלכער אים קומט פאַר אַזאַ זאַך. און דאָס האָבן די דייטשן אָפּגעהיט בכל חומר הדין.

נישט ווייניק ייִדישע לעבנס האָבן די „באַראַקער" גריבער איינגעשלונגען צוליב אַ ביסל פּאַזימקעס, אַ ביסל מילך, סמעטענע, פאַר נישט העפלעך אָדער צו העפלעך באַגריסן זיך, פאַר דאָס און פאַר יענץ... ווייל נתנה רשות למשחית, ווייל די „אינטעליגענטע" דייטשן מיט זייערע אָרטיקע „קולטורעלע" מיטהעל־פער האָבן אָן שפיכת דמים נישט געקענט לעבן.

## די גלובאָקער דייטשן אין קאַמף מיט די ראַדיאַנאָווצעס

ווי באַוווסט פלעגן אַ טייל ייִדן פון גלובאָק יעדן טאָג פאָרן אין קרולעוו־שצינע אויף אַרבעט (14 קילאָמעטער פון שטאָט). אינדערפרי פלעגן זיי אַוועק־פאָרן און צום אָוונט צוריקקומען. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט שטאַרקע, נערוועזע איבערלעבונגען פאַר די נאָענטע, ווייל ביז די אייגענע פלעגן זיך נישט אומקערן פלעגן זיי נישט וויסן וואָס איבערצוטראַכטן. מען איז דאָך געווען תמיד ביי דער חיה אין בית לוע און זי איז עלול אַלע מינוט איינצושלינגען.

דעם 17טן אויגוסט 1943, זענען די שטענדיק באַשטימטע ייִדן אַוועק אין קרולעוושצינע אויף אַרבעט און האָבן זיך אויף נאַכט נישט צוריקגעקערט. זייע־רע קרובים זענען געוואָרן אויסער זיך, האָבן געוויינט און געקלאָגט און מיט דעם האָבן זיי זיך געמוזט „באַגרענעצן", מחמת אַרויסגיין פון געטאָ עפּעס דערוויסן זיך האָט מען דאָך נישט געטאָרט. די סיבה פון דעם נישט אומקערן זיך פון די ייִדן אין געטאָ איז געווען אַזאַ:

אַ געוויסע אָפּטיילונג פון אוקראַינער און רוסן, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אונטער דער אָנפירונג פון איינעם אַ פּאָלקאָווניק ראַדיאַנאָוו צו העלפן די דייטשן קעגן די סאָוועטן, האָט ענדלעך באַשלאָסן אַריבערצוגיין אויף דער זייט פון די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער און נקמה נעמען פון זייערע ביז איצטיקע אַנשי שלומם, פון די דייטשן. די ראַדאַנאָווצעס, גוט באַוואָפנטע, זענען דורך די דייטשן גע־שיקט געוואָרן אין דאָקשיצער ראַיאָן אָפּצורייניקן יענע וועלדער פון די פּאַר־טיזאַנער, וועלכע האָבן שטאַרק באַאוּמרויִקט די דייטשן. די ראַדיאַנאָוו־צעס האָבן נאָך זייער געהיימען באַשלוס אַריבערצוגיין צו די פּאַרטיזאַנער,

אַריינגענאַרט דעם גלובאָקער דייטשן גאַרניזאָן קיין קרולעוושצינע אויף דעם 17טן אויגוסט, כדי געמיינזאַם „דורכצורייניקן" די וועלדער און איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור ווערן פון דעם „פּלאָג", פון די פּאַרטיזאַנער אין יענעם ראַיאָן. די גלובאָקער דייטשן האָבן עס אויפגענומען מיט צופרידנקייט און די זשאַנ־דאַרמעריע מיט אַנדערע דייטשן, לערך 150־200 מאַן, זענען דעם 17טן אויגוסט, באַוואָפנטע מכף רגל עד ראש, אויף אויטאָס, אַוועקגעפאָרן קיין קרולעוושצינע. די ראַדיאָנאָווצעס האָבן זיי שוין דאָרט אָפּגעוואַרט. זיי האָבן די דייטשן אַרומ־גענומען און זיי מקבל פּנים געווען מיט אַ געדיכטן פייער פון זייערע אייגענע געווער. עס איז אַנטשטאַנען אַ העפטיקער קאַמף צווישן די ראַדיאָנאָווצעס מיט די דייטשן, וועלכער האָט געדויערט עטלעכע שעה. דער רעזולטאַט פון שלאַכט איז פאַר די דייטשן געווען אַ פאַטאַלער. צענדליקער טויטע און פאַרוווּנדיקטע זענען געבליבן אויפן שלאַכט־פעלד. דאָרט איז אויך אומגעקומען דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריע, דער בלוטיקער קערן ימח שמו. זיי האָבן דאָרט אויך צעשטערט די באַנסטאַנציע (אַ גרויסע קנופּ־סטאַנציע), די וואַסער־פּאָמפּע אאַז"וו. נאָכן נצחון האָבן זיך די ראַדיאָנאָווציס אַרויסגעצויגן פון קרולעוושצי־נע אין די אַרומיקע וועלדער און האָבן מיט זיך מיטגענומען די גלובאָקער ייִדן. וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט ביי די דייטשן. צווישן זיי זענען געווען חיים הערץ סראגאָוויטש (איטשע סראגאָוויטשעס אַן אייניקל), סיאָמע שרירא (פּאָדנאָס איי־דעם) א"אַ.

אויף מאָרגן, דעם 18טן אויגוסט, האָבן די דייטשן געבראַכט זייערע הרוגים פון קרולעוושצינע קיין גלובאָק, ווו מען האָט זיי געדאַרפט באַגראָבן מיט גרויס כבוד ווי העלדן, וואָס זענען געפאַלן פאַרן „פירער" און פאָטערלאַנד.

אויף די מיסיע פון באַגראָבן די דייטשן, געהרגעטע אין קרולעוושצינע, האָבן געדאַרפט אויספילן די ייִדן. זיי האָבן געדאַרפט די „העלדן"־פּגרים וואַשן, רייניקן פון זיי זייער אומריינע בלוט, מאַכן פאַר זיי טרומנעס, גראָבן גריבער אד"גל. מען דאַרף מודה זיין, אַז די אַרבעט האָבן די ייִדן געטון בכוונה, פלייסיק און צופרידן, ווי נאָך קיינמאָל נישט. דעם ייִדישן תלין, קערן, וואָס האָט זיך גע־באָדן אין ייִדיש בלוט, האָבן די ייִדן מיט אַ באַזונדער סאַטיספאַקציע באַגראָבן און געווונטשן אַלע מערדער אַזאַ סוף, כן יאבדו!... זיי האָבן זיך געוווּנטשן כסדר אַזאַ אַרבעט, כאָטש דאָס איז געווען גענוג שווער און שמוציק, אָבער דאָך... צום אומגליק אָבער זענען דאָס געווען די לעצטע טעג פון גלובאָקער געטאָ, די לעצטע שעהן, קען מען זאָגן, פון גלובאָקער ייִדישן ישוב.

# אַנטגילטיקע ליקווידאַציע פון גלובאָקער געטאָ

... הרחיבה שאול נפשה ופערה פיה לבלי חק
וירד המונה ושאונה ועלז בה ...
(ישעי ה, י״ד)

מיט ווילדער, חיהשער אַכזריות האָבן די דייטשן געפייניקט די ייִדן און זיי אומגעבראַכט איינעם נאָך איינעם. עס האָבן אויף זיי נישט געווירקט, נישט די טרערן פון די מוטערס, נישט דאָס געוויין פון די עופעלעך, נישט די תחנונים פון די זקנים. זיי האָבן זיך געטון דאָס זייעריקע. מיט דער ווילדסטער ליידנ־שאַפט האָבן זיי זיך איזדיקעוועט איבער די אומגליקלעכע, הילפלאָזע ייִדן. עס שטעלט זיך נאָך איצט אָפּ דער אָטעם, ווען מען דערמאָנט זיך די שרעקלעכע בילדער, ווי עס לויפט אַ פרוי, ביי וועלכער מען האָט אַוועקגעריסן אירע קינ־דער, מיט פאַרבראָכענע הענט, צעשויבערטע האָר און אויסגעגלאָצטע אויגן און שרייט נישט מיט אירע כוחות: „מיינע קינדער, קינדערלעך מיינע, וווּ זענט איר?!" אָדער עס גייט אַ מאַן צי אַ פרוי און חלשט אין מיטן גאַס אַוועק און עס איז נישטאָ אַפילו ווער עס זאָל זיך אויף זיי אומקוקן אַאַז״וו, אאַז״וו. מענטשן זענען בכלל אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס, האָבן נישט געוווסט וואָס מיט זיי טוט זיך. איינס האָט מען געזען, אַז די שווערד פּאָכעט לאָזט זיך אַראָפּ איבער יעדן איינציקן — אויף איינעם פריִער, אויף איינעם שפּעטער. מען האָט געשפּירט אין דער לופט, אַז דאָס איז נאָך נישט אַלץ, דאָס סאַמע גרויליקסטע דאַרף נאָך קומען. מען האָט געשפּירט, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, דער סאַמע טראַגישסטער, ווען די דייטשן וועלן צוזאַמען־נעמען אַלעמען פאַר איין מאָל און פאַרניכטן, אָפּמעקן דעם גאַנצן ייִדישן ישוב אין גלובאָק. און ווען אַן ס־ד־אָפּטיילונג האָט זיך באַזעצט אין גלובאָק, אָנהויב זומער 1943, האָט מען אויף זיי געקוקט ווי אויף מלאכי־חבלה, וועלכע זענען אַהער געקומען מיט אַ ספּעציעלער מיסיע פון השחתה, פון פאַרניכטונג, פון הריגה.

און דער שרעקלעכער יום צרה ותוכחה האָט זיך דערנענטערט. אַלערליי שנויִים, וועלכע זענען פריִער איינגעפירט געוואָרן אין געטאָ־לעבן האָבן אויף דעם עדות געזאָגט.

אין די לעצטע טעג פון יולי 1943, איז געקומען אַ שטרענגע פאַראָרדענונג פון דער ציוויל־מאַכט, אַז קיין איין ייִד טאָר נאָך 4 אַזייגער בייטאָג נישט פאַר־בלייבן מחוץ דער געטאָ. אַזוי ווי אַ סך ייִדן האָבן געאַרבעט אויף פאַרשיידענע פּלעצער ביי די דייטשן ביז 7 אָדער 8 אַזייגער פאַרנאַכט, האָט דער געביט־קאָמיסאַר פאַראָרדנט, אַז די דייטשן, אונטער וועמענס רשות די ייִדן געפינען זיך, זענען מחויב „זייערע" ייִדן אָפּצולאָזן פאַר 4 אַזייגער און יענע מוזן פון דער שעה אָן פאַרבלייבן דורכויס אין געטאָ. אויך איז געקומען אַ באַפעל אָפּ־צושאַפן די ייִדישע נאַכט־שומרים אין די וואַרשטאַטן, סקלאַדן, אונטערנעמונגען,

וואָס האָבן זיך געפונען מחוץ דעם געטאָ און די שומרים יידן פלעגן במילא אויך ביינאַכט פאַרבלייבן מחוץ דעם געטאָ אויף זייערע וואַכפּלעצער.

און אַ מערקווירדיקע פאַרקערטע דערשיינונג: די איינצלנע מאָרדן האָבן זיך גראָד אָנהויב אויגוסט איינגעשטילט, זיי האָבן כמעט ווי אויפגעהערט. און גראָד אָט די „הנחות" האָבן די גלובאָקער יידן אויפגענומען מיט מער אויפטרייסלונג, די נערוועזקייט האָט דערגרייכט ביז שגעון ממש. מען האָט אין די אַלע „פאַרלייכטערונגען" געזען דעם לפני רעש דממה, אַ שטילקייט פאַר אַ גרויסן שטורעם. דאָס זענען אַלץ געווען הכנות צו אַן אַלגעמיינער פאַרניכטונג פון דער גאַנצער געטאָ. דער הימל איבער דער יידישער געטאָ אין גלובאָק איז געוואָרן שוואַרצער פון טאָג צו טאָג און די יידן האָבן זיך פאַר זיך פשוט נישט געזען די ליכטיקע שיין. דער אַזוי גענוג צמצודזיקער שטח פון געטאָ, איז אין די לעצטע טעג נאָך מער פאַשמעלערט געוואָרן, מען האָט איבערגעטראָגן (די יידן גופא אויפן באַפעל פון דער מאַכט) דעם צוים אויף הינטער לאָמזשער גאַס, אויסשליסנדיק זי פון געטאָ־שטח און די יידן פון דאָרט האָט מען אַריינגעשטויסן אויף לעגיאָנאָוו (אַלט קישעלייקע) און אַנדערע ביי־געסלעך. דאָס אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן צוליב „סטראַטעגישע" טעמים. וואָס מער צונויפגעפּרעסט די יידן וועלן זיין, אַלץ שנעלער און לייכטער וועט מען זיי קענען אויסמאָרדן. אויך האָט זיך פאַרשטאַרקט די נאַכט־שמירה אַרום געטאָ. די יידן אין געטאָ זענען נישט געשלאָפן און פלעגן אין דער פינצטער נאָכפאָרשן, נאָכשפּירן די באַוועגונגען פון די דייטשן פון דער צווייטער זייט געטאָ־צוים.

ווען רובאַשקין (דער יודענעלטסטער אויף לעדערמאַנס אָרט) האָט דערציילט דעם געביט־קאָמיסאַר, וועלכער האָט זיך כלומרשט געהאַלטן פאַר אַ פּאַרטיידיקער פון די גלובאָקער יידן, אַז די יידן אין געטאָ זענען שטאַרק צעשראָקן צוליב דער פאַרשטאַרקונג פון דער נאַכט־שמירה אַרום געטאָ, האָט אים דער געביט־קאָמיסאַר באַרויִקט און „פאַרזיכערט", אַז דאָס האָט נישט צו טון מיט די יידן, נאָר דאָס איז פאַרבונדן מיטן „אַלגעמיינעם מלחמה־פּלאַן". פאַרשטענדלעך, אַז אַזוי נאַיִוו איז קיינער נישט געווען, און די פאַרזיכערונג האָט קיינעם נישט באַרויִקט. כמעט יעדן טאָג פון די אויגוסט־טעג פלעגן אין געטאָ אַריינקומען דייטשן פון ס״ד, זשאַנדאַרמעריע און אַנדערע, האָבן גערויבט, גענישטערט און נישט איבערגעקליבן. קיין בעסערע זאַכן זענען שוין ביי די יידן פון לאַנג נישט געווען און דעריבער האָבן זיי גענומען וואָס נאָר עס האָט זיך געמאַכט אונטער דער האַנט. עס איז כאַראַקטעריסטיש צו באַמערקן, ווי אַ דייטשער אָפיציר, אַ אינזשיניער, האָט ביי מאניע פרידמאַן צוגענומען אַלטע, פאַרלאַטעטע קינדער רעטוזלעך, אַ צווייטער אָפיציר, פון פאַך אַ לערער, האָט ביי חנה אַבראַמאָוויטש צוגענומען אַ פאַרלאַטעטע נאַכט־העמד.

אויך דער אופן פון רויבן האָט בולט באַוויזן, אַז די טעג פון דער גלובאָקער געטאָ זענען געציילטע. קיין אויסגאַנג איז נישט געווען. אַנטלויפן פון געטאָ

איז איצט נישט מעגלעך; (פריִער איז אויך געווען גענוג שווער און איינגע־שטעלט). די דייטשן מיט זייערע משרתים האָבן געהיט אויף טריט און שריט. די ייִדן, וואָס האָבן געהאַט אין געטאָ צוגעגרייטע בונקערס, האָבן אַהין אַריינגע־טראָגן ברויט, וואַסער, האָבן זיך מכין געווען צו יעדער מינוט אַריינצוקריכן אַהין. דאָס האָט מען געמאַכט געהיים איינער פון צווייטן, מען האָט מורא גע־האַט, אַז די זאַך זאָל נישט אַנטדעקט ווערן...

די לאַגע איז געווען אַ האָפענונגסלאָזע. דעם 18טן אויגוסט אינדערפרי, אויף מאָרגן נאָך די קאַמפן אין קרולעוושצינע, ווען דער טויט־שרעק ביי די ייִדן איז געווען אין לשער, האָבן זיך אייניקע געלאָזט לויפן איבערן צוים פון געטאָ. די דייטשן פון הינטערן צוים האָבן געעפנט אַ פייער איבער די ייִדן און זיי זענען געבליבן טויט אויפן פעלד. צווישן די אומגעבראַכטע זענען געווען ירחמיאל ווערך, זוד א״אַ. דאָנערשטיק דעם 19טן אויגוסט פאַרנאַכט, זענען גע־קומען עס־עס־לייט אין יודענראַט און פון דאָרט אַוועקגענומען אַלץ, וואָס איז נאָר געווען: מלבושים, שוכוואַרג, וועש א״אַ, וואָס דער יודענראַט האָט געהאַלטן אויף צו „שמירן״ די דייטשן און די פּאָליציי. זיי האָבן אויך צוגענומען די קאַסע פון יודענראַט.

## די לעצטע נאַכט

אין דער נאַכט פון 19טן אויפן 20טן אויגוסט (י״ח־י״ט מנחם אָב תש״ג) האָבן די ייִדן באַמערקט, אַז די שמירה ארום געטאָ האָט זיך נאָך מער פאַר־שטאַרקט ווי אין די פריִערדיקע נעכט. עס האָבן כסדר געגומען צוקומען פאַר־שיידענע וואָכלייט. פון האַלבער נאַכט אָן זענען אַלע 20־30 מינוט אָנגעקומען פרישע אָפּטיילונגען פון גרין־מונדירטע מיליטער, זשאַנדאַרמעריע, פּאָליציי, ווי אויך עלעמענטן אין ציוויל קליידונג. אַלע זענען געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. די אַלע, ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, זענען אין מיטן דער נאַכט פון ערגעץ געבראַכט געוואָרן מיט ספּעציעלע עשאַלאָנען קיין גלובאָק און פון דער באַן־סטאַנציע גלייך צו דער געטאָ.

דאָס אַלץ איז דורכגעפירט געוואָרן שטיל, רויִק, מיט אַ באַזונדערער פאַר־זיכטיקייט, בכדי צו פאַרבאָרגן, צו פאַרמאַסקירן די הכנות צום ריזיקן מאַסן־מאָרד.

אין דער זעלבער מאָס, ווי עס איז געוואַקסן די צוגרייטונג פון דעם שונא, האָט זיך פאַרגרעסערט די אומרויִקייט צווישן די ייִדן אין געטאָ. געשלאָפן איז יענע נאַכט כמעט קיינער נישט. קינדער האָט מען נישט אויסגעטון. אַלע זענען געווען אויף דער גאַס. פונקט ווי די דייטשן אַרום געטאָ, אַזוי די ייִדן אין געטאָ האָבן זיך געהיט נישט אָנצורירן אויף אַ האָר די שטילקייט. דער צושטאַנד איז ענלעך געווען צו אַן אָרט, וווּ עס געפינט זיך אַ געפערלעכער חולה און מען

דאַרף זיך היטן מיט אַ הויך וואָרט, מיט אַן איבעריקן סקריפּ פון דער טיר, עס האָט זיך געשפּירט אין דער לופט, אַז אַלץ מוז זיין שטיל, עס טאָר נישט אַרויס־געוויזן ווערן קיין סימן פון וואכקייט. עס האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט דער אָטעם און דער קאָפּ איז ווי אָנגעפּילט געוואָרן מיט בליי... מען האָט צווישן זיך גע־שעפּטשעט, עצות געהאַלטן וואָס צו טון, אָבער קיין אויסוועג פון דער לאַגע האָט מען נישט געפונען. עס איז געווען צו קלאָר, אַז עס איז נישט קיין פראַגע פון טעג, נאָר פון שעהן און מינוטן, וועלכע האָבן זיך גערוקט און דערנענטערט דעם סוף...

אייניקע, מיט שטאַרקערע נערוון, וואָס זענען בכוח צו האַלטן דעם קאָפּ אַפילו בעת דער חלף ליגט שוין אויפן האַלדז, האָבן געפּרוווט אונטערן נאַכט־צודעק וואַרפן זיך צום צוים פון געטאָ. זיי האָבן געזוכט אַ לאָך, אַ שפּאַר, ווו נישט איז דורכצוזיגנבענען זיך. נאָד וווהין זיי האָבן זיך נישט געוואָרפן האָבן זיי אַלץ אָנגעטראָפן אויף דער וואַך. די לעצטע האָבן זיך אַזוי רויִק פאַרהאַלטן, אַזוי שטיל געלעגן, געזעסן, געשטאַנען, אָדער אַרומגעגאַנגען, אַז עס האָט גע־מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ בלוט־דאָרשטיקע חיה לויערט און וואַרט ביז איר קרבן וועט אַרויס אויפן פרייען פּלאַץ, בכדי זי זאָל זיך אויף אים לייכט קענען וואַרפן. די ייִדן ביים צוים זענען אויך אַרומגעגאַנגען שטיל, אויף די שפּיץ־פינגער, האָבן זיך דורכגערעדט בלויז אויפן ווונק. די דייטשן און פּאָליציאַנטן מחוץ דער געטאָ האָבן באַמערקט, אַז די ייִדן דרייען זיך אַרום צוים און זוכן ערטער אויף אַרויסצוגיין און זיי האָבן נישט רעאַגירט, נישט געשריגן, זיי האָבן נאָר געוואַרט, אַז די פאַרמשפּטע זאָלן זיך לאָזן קריכן דורכן צוים, דער קרבן זאָל אַליין אַריינשפּרינגען צו זיי אין פּיסק אַריין... עס איז געווען אַ צושטאַנד פון „ואבד מנוס מקל וחזק לא יאמץ כחו וגבור וקל ברגליו לא ימלט נפשו ותפש הקשת לא יעמוד (עמוס ב׳, י״ד) — קיינער האָט זיך דאָ נישט געקענט ראַטעווען.

די קינדער האָבן זיך געטרייסלט ווי בלעטער און די עלטערן האָבן פאַר זיי קיין טרייסט נישט געקענט געפינען. אייניקע מוטערס האָבן פּרובירט זייערע עופעלעך איינשמועסן, אַז די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט די געטאָ נאָר צוליב שרעקן... אַ גרויסער טייל מוטערס זענען בכלל אַריינגעפאַלן אין אַזאַ אַפּאַטיע, אַז זיי האָבן נישט רעאַגירט אויפן שווידערלעכן מצב פון זייערע קינדער — לא הפנו אבות אל בנים מרפיון ידים (ירמי׳ מ״ז), דער טויט אַליין איז געווען באמת פיל לייכטער, איידער דאָס וואַרטן אויף אים...

## פרייטיק, י״ט מנחם אָב, 20טער אויגוסט — יום מהומה, מבובה ומבוסה...

ווען עס האָט געבומען ליכטיק ווערן האָט מען שוין דערזען דייטלעך, ווי די געטאָ איז פון אַלע זייטן אַרומגעשטעלט מיט באַוואָפנטע פּאָליציי און דייטשן

מכל המינים. עס האָבן זיך דערזען זייערע ברוינע, שוואַרצע, געלע, גרינע קליי־
דער, ווי אויך מלאכי־חבלה ציוויל געקליידעט. דער אויסזען פון די רויטע, אָפּ־
געפּרעסענע פּנימער מיט די ברייטביינערדיקע, מגושמדיקע געשטאַלטן פון די
מערדער האָבן פון די לעבעדיקע מתים ביזן דערמאָרדן זיי געמאַכט אַ גל עצמות...

פיר פאַרטאָג איז אין יודענראַט געקומען אַ דייטשער אָפיציר און
אָנגעזאָגט, אַז אין צוויי שעה אַרום זאָלן זיך אַלע ייִדן צונויפזאַמלען ביים יודענ־
ראַט, פון וואַנען מען וועט זיי אַרויסשיקן אויף אַרבעט אין לובלין. און כאָטש
גלובאָקער ייִדן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט, וואָס דאָס וואָרט „לובלין"
באַטייט, כאָטש מען האָט נאָך דאָרט פון דעם באַרימטן „מיידאַנעק" מיט זיינע
רויכערנדיקע גאַז־אויוונס נישט געהערט, אָבער דעם באַגריף „פאָרן אויף אַר־
בעט" ביי די דייטשן האָבן זיי שוין דווקא געוווּסט... אָבער קיין אויסוועג צו ראַ־
טעווען זיך איז נישטאָ. די געטאָ איז אַרומגעשלאָסן אזוי, אַז עס קען קיין רייד
נישט זיין פון אַרויסכאַפּן זיך פון דאָרט. און אָנשטאָט צו ראַטעווען זיך, איז ביי
די גלובאָקער ייִדן געווען דער ווונטש, וואָס גיכער צו באַקומען אַ קויל און נישט
אַריינפאַלן לעבעדיקערהייט צו די דייטשן, וואָס איז נישט אין ערך שווערער פון
טויט. עס איז אַנטשטאַנען אַ מוראדיקע בהלה. פרויען זענען אַרומגעלאָפן מיט
צעגלאָצטע אויגן, צושויבערטע האָר און משונהדיק געשריגן. נאָך זיי — קינ־
דערלעך באָרוועסע, נאַקעטע, פאַרצווייפלטע מיט צעשראָקענע פּנימלעך... די
לופט איז שנעל געוואָרן אָנגעפילט מיט יאָמערייען, קלאָגן, געשרייען פון מענער,
פרויען און קינדער: „קינד מיינס, זון ט־אַ־כטע־ר־ל... קינדער, אָנווערנדיק זייע־
רע עלטערן זענען ארומגעלאָפן מיט ווילדע געשרייען: ט־אַ־ט־ט־ע, מ־אַ־מ־ע,
ז־יי־ד־ע אד"גל.

ווי דורך עפּעס אַ ספּעציעלע קאָמאַנדע האָבן זיך די אומגליקלעכע אַ וואָרף
געטון צום געטאָ־צוים, געוואָלט זיך דורכרייסן. ווי עס איז געווען פאָרויסצו־
זען האָבן די דייטשן געעפנט איבער די ייִדן אַ געדיכטן פייער. עס האָבן פון
אַלע זייטן גענומען קנאַלן ביקסן, פּולעמיאָטן, עס האָבן זיך געריסן באָמבעס,
גראַנאַטן. דער געהילך פון דער שיסעריי האָט אין דער לופט אויסגעמישט זיך
מיט די געשרייען און קלאָגערייען פון די קרבנות. מענטשן זענען געפאַלן ווי
פליגן, ווי גראָז פון אונטער דער קאָסע און אין משך פון אַ קורצער צייט זענען
די גאַסן פון געטאָ, ווי אויך דער אַרום, געווען פאַרזייט מיט הרוגים. די פריִער־
דיקע קולות האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין משונהדיקע געשרייען און קרעכצן פון
די פאַרווּנדיקטע, וועלכע האָבן אין שרעקלעכע יסורים אויסגעהויכט זייער לעצטן
אָטעם. די געשרייען און געוויינען פון די קינדער, זייער רוף צו די מוטערס,
פאָטערס איז אָפּגעהאַקט געוואָרן דורך אַ קויל פון שונא. מיט זייערע פינגער,
מיט די הענטלעך האָבן זיי געסקראָבעט די ערד, וואַרפנדיק זיך אין קאָנוווּל־
סיעס און רופנדיק צום לעצטן מאָל: מ־אַ־מ־ע, מ־אַ־מ־ע!... אַ פראָסט גייט
איבער איבערן לייב דערמאָנענדיק זיך די בילדער, ווי עס קלינגט דעם נביאס

קלאָג — מעי, מעי אוחילה, קירות לבי הומה לי (ירמי׳). פון דעם וואַלט, דאַכט זיך, זיך געבויגן און געקנייטשט די ווילדסטע חיה. נישט דערגאַנגען איז אָבער דער שוידער צו די אייראָפּעישע „קולטורעלע" דייטשן, צו דעם „הערן־פאָלק פון דענקער און פּאָעטן", וועלכע מען קען נישט צוגלייכן צו קיין בריאה משונה אויף דער וועלט.

די געפאַלענע זענען שוין געווען גליקלעך... די, וואָס האָבן נאָך געלעבט, האָבן זיי מקנא געווען. די פאַרווונדיקטע, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן אויף די טויטע און אונטער די טויטע, האָבן זיך געבעטן ביי די מערדער רחמים, אַז זיי זאָלן זיי דערענדיקן, כדי פּטור צו ווערן פון די יסורים. נישט אַלע אָבער האָבן געהאַט דאָס מזל אָנצוטרעפן אויף „גוטע" דייטשן, וועלכע זאָלן רחמנות האָבן און אַריינשיסן נאָך אַ קויל... דער גרעסטער טייל פון די מערדער האָבן זיך מיט אַ ווילדן סאַרקאַזם אויסגעלאַכט — „עס איז אַ שאָד אַ קויל", פלעגט קומען דער שפּאָטישער ענטפער, — „אין אייניקע שטונדן וועסט דו, יודע, אַליין אויסגיין..." סאַניע אזשינסקאַ, די פרוי פון בוכהאַלטער מיכאַל אזשינסקי, האָט זיך אַ שווער פאַרווונדיקטע געקייקלט איבערן מיסט, איבער די שמוץ פון די רינעס, געשליידערט זיך אין שרעקלעכע שמערץ־קאָנווולסיעס און ערשט פאַרנאַכט, דעם 20טן אויגוסט, האָט זיך איבער איר „דערבאַרעמט" אַ דייטש און האָט זי דערשאָסן. אַזוי איז געווען מיט איינער אַ פרוי דאַראַ, שמואל ניסן געלמאַנס אַ שוועסטער, און אַ סך אַנדערע. די ביטערע רייד פון נביא — היו חללי ה׳ מקצה הארץ ועד קצה הארץ, לא נספדו, לא נאספו ולא נקברו, לדמן על פני האדמה היו (ירמי׳ כ״ה, ל״ג) — האָבן דאָ זייער אויסדרוק באַקומען אין דער גאַנצער ברייט. די אומגליקלעכסטע זענען געווען די וואָס זענען אַרייַנ־געפאַלן צו די דייטשן לעבעדיקערהייט. דאָס איז געווען נישט אין ערך ערגער ווי דערמאָרדעט צו ווערן אויפן פרייען פּלאַץ.

די, וואָס האָבן געהאַט פון פריִער צוגעגרייטע סכראָנעס, בונקערס און סתם וועלכע עס איז לעכער, זענען אַהין אַריינגעקראָכן. מען איז געלאָפן באַ־האַלטן זיך אין גריבער, אין אויוונס, אין קוימענס — באו בעבים ובכפים עלו (ירמי׳ ד׳ כ״ט). אָבער אויך דאָס האָט, צום גרויסן אומגליק, זייער ווייניק גע־האָלפן — לא ינוס להם נס ולא ימלט להם פליט (עמוס ט׳). דער גורל פון די באַהאַלטענע איז נאָך געווען אַן ערגערער. זיי האָבן אַפילו „געלעבט" מיט עטלעכע שעה לענגער און אפשר ווער מיט אַ גאַנצן מעת לעת, דערפאַר איז זייער טויט שפּעטער געווען אַ סך גרויזאַמער. זיי זענען אין די באַהעלטענישן, אין די גריבער, קעלערס אאַז״וו, לאַנגזאַם דערשטיקט, אָדער פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט, אָדער זייערע באַהעלטענישן זענען געוואָרן אַנטדעקט און זיי זענען לעבעדיקע אַריינגעפאַלן צו די דייטשן. אייניקע זענען פאַרבליבן ביי זיך אין די וווינונגען און אַפילו נישט געזוכט צו באַהאַלטן זיך. די מערדער האָבן אָט די צונויפגעטריבן אויף אַ הויף לעבן געוו׳ קינאָ „קאַרסאָ" (הויז פּאַדנאָס),

אַהין האָט מען אויך געבראַכט די געכאַפּטע אין די גאַסן און די געפונענע אין די באַהעלטענישן. מען האָט אַזעלכע צונויפגעטריבן ביי אַ 1.000 מאַן. צוויי פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט. דאָס זענען געווען, לעווין רפאל (הירשל מוסינס אַן איניקל) און פסח מאסנאוויקס אַ שוואָגער (לעווינס פאָטער — דוד לעווין, געפינט זיך אין ארץ ישראל). זיי האָבן זיך אויפן הויף אָפּגעגנבעט פון דער מחנה און זענען אַריינגעקראָכן אין אַן אַלט שטיבל און דאָרט פאַרקראָכן אין אויוון, פון אויוון זיך אַריינגעקוועטשט אין קוימען און זענען מיט גרויס מאַטערניש אַרויס אויפן בוידעם. פון דאָרט האָבן זיי זיך שוין שפּעטער אַרויסגעראַטעוועט. (לויט געזאַמלטע ידיעות זענען די צוויי שפּעטער אומגעקומען אין וואַלד). זיי האָבן דערציילט, אַז נאָך זיי האָט זיך אין קוימען עפּעס אַריינגעקוועטשט אויך אַ מיידל, וועלכע איז געבליבן שטעקן אינמיטן, נישט קענענדיק דורכקריכן און נישט זיך צוריקציִען... דער גורל פון אַזאַ איינער איז קלאָר. זיי האָבן שפּעטער געהערט, אַז מען האָט איר אונטערגעשניטן די פיס און מען האָט איר דאָרט איבערגעלאָזט אַזוי שטעקן אין דער העלפט...

די צונויפגעזאַמלטע טויזנט ייִדן אויף יענעם הויף האָט מען נישט געשאָסן, נאָר מען האָט זיי פאַרפּייניקט. מען האָט זיי אָנגעטון אַלערליי מיתות משונות: אויפגעשניטן בייכער, אַרויסגעריסן ציין, געשניטן אויערן, נאָז, פליישׁ, אָפּגעהאַקט מיט אַ האַק די פינגער, די הענט, די פיס. ביי די פרויען האָט מען געריסן די האָר, אָפּגעשניטן די ברוסט. ביי מענער מיט בערד האָט מען די האָר אויסגעריסן מיטן פליישׁ. (אַבראַמאָוויטש משה, כהן מענדל א״אַ).

## די געטאָ אין פלאַמען — סופה וסערה ואש אוכלה... (ישעי׳ כ״ט)

יענעם ערב־שבת, דעם 20טן אויגוסט אַרום האַלבן טאָג לערך, האָבן זיך איבערן געטאָ געגומען דרייען אַעראָפּלאַנען. זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק פּשוט איבערן קאָפּ און האָבן באַשאָסן. די שיסעריי איבער די ייִדן איז אויף אַזאַ אופן געווען פון אַלע זייטן ווי אויך פון אויבן. פון די אַעראָפּלאַנען האָבן זיי באַגאָסן מיט אַ פליסיקן ברען־מאַטעריאַל די בנינים און באַלד איז די גאַנצע געטאָ (עטלעכע הונדערט הייזער) געשטאַנען אין פלאַמען די מענטשן פון סדום און עמורה, וועלכע זענען אומגעקומען אין איין רגע, האָבן זיכער נישט געליטן אַזויפיל צרות. הונדערטער מענטשן מיט זייערע קליינע קינדער זענען אין די בונקערס, סכראַנעס, קעלערס, גריבער און אַנד׳ באַהעלטענישן דערשטיקט אָדער פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. אויב דאָס פייער אָדער שטיקנדיקער רויך האָט עמעצן אַרויסגעשליידערט פון זיין באַהעלטעניש און ער האָט זיך געלאָזט לויפן, איז ער אַריינגעפאַלן צום שונא אין די הענט. אויך

דאָס דערמאָנט די קרענקלעכע שילדערונג פון נביא — הנס מקול הפחד יפול אל הפחת והעולה מתוך הפחת יפול בפח, אָדער — ... כאשר ינוס איש מפני הארי ופגעו הדב ובא הבית וסמך ידו על הקיר ונשכו הנחש, הלא חשך יום ה׳ ולא אור ואפל נגה לו (עמוס ה׳ י״ט). נישט געווען קיין באַהעלטעניש, נישט גע־ווען קיין רעטונג. און דאָס שוידערלעכסטע איז געווען דאָס אַריינפאַלן צום שונא. און צו כאַפּן לעבעדיקע יידן האָבן די דייטשן געשטרעבט, ווייל דאָס נוקם זיין זיך אין די יידן לעבעדיקערהייט איז פאַר זיי געווען אַ באַזונדער נחת־רוח.

ווי נאָר די שרפה האָט זיך אָנגעהויבן איז יעדער הויז, יעדער ווינקעלע שטאַרק באַוואַכט געוואָרן פון די דייטשן און פּאָליציי. זיי האָבן פאַרויסגעזען, אַז פון די ברענענדיקע בנינים וועלן נעמען לויפן די יידן. אַ סך קרבנות (דער־וואקסענע און קינדער) האָבן זיי געפאַנגען פון די ברענענדיקע הייזער. אפשר עטלעכע פון די פיל הונדערטער איז געלונגען דורכצורייסן זיך דורך דעם פייער און רויך און גלייכצייטיק אויסמיידן די קויל פון שונא. דער אַפּטייקער חיים־לייב שולהייפער, קאַסאָווסקאַ מינאַ, גילדין (לוזשקיער אַפּטייקער) א״אַ. האָבן זיך געהאַט באַהאַלטן אין אַ גוט־פאַרמאַסקירטן צימער אין הויז פון חיים־חנן פּידעלהאַלץ אויף לאָמזשער גאַס. זיי האָבן געהאָפט דאָרט איבערצוזיין עד יעבר זעם, ביז עס וועט איבערגיין די שחיטה און זיי וועלן ווי נישט איז אַנטלויפן. ווען דער פּלאַם אָבער האָט זיך אַריינגעריסן אויך צו זיי אין צימער, האָבן זיי זיך פון דאָרט געלאָזט לויפן צו קאָנטאַראָוויטשעס „סכראָן״ אויף ווילנער גאַס. (אַגב, דער „סכראָן״ איז געווען געמאַכט פאַר 50 מענטשן און דאָרט האָבן זיך שוין געפונען איבער 100, אַזוי אַז דאָרט איז שוין געווען דערשטיקט צו ווערן). דער ווילן זיך צו ראַטעווען איז געווען שטאַרקער פון אַלץ און די געלאָפענע פון פייער האָבן געפונען די באַהעלטעניש און נישט געקוקט אויף אַלע שטערונ־גען, זיך מיט די לעצטע כוחות אַהין אַריינגעריסן. זיי אָבער האָבן, נישט נאָר זיך נישט געראַטעוועט, נאָר אויך געבראַכט אומגליק אויף די דאָרט באַהאַל־טענע. פּאָליציי האָט פון דערווייטנס באַמערקט, וווהין זיי זענען געלאָפן און זיי האָבן שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָרט ערגעץ באַהאַלטן זיך אויס יידן. דעם „סכראָן״ אָבער האָבן זיי פאַר קיין פאַל נישט געקענט געפינען. ער איז געווען קונציק פאַרמאַסקירט. זיי האָבן געוואָרפן באָמבעס, גראַנאַטן און נישט געטראָפן דעם ריכטיקן אָרט. דאַן האָבן זיי געוואָרנט די יידן זיי זאָלן בעסער אַליין אַרויסגיין, אויב נישט וועלן זיי אויפרייסן דעם גאַנצן מויער. די דראָונגען האָבן אייגנטלעך קיינעם נישט געדאַרפט אָפּשרעקן, ווייל, סיי ווי זענען זיי דאָך שוין געווען פאַר־לאָרענע, דאָך האָט דער אינסטינקט דעם גרעסטן טייל זייערן מיטגעריסן און זיי זענען אַרויסגעלאָפן פון דעם „סכראָן״. אַלע זענען אומגעקומען. פּיניע אזשינסקי דערציילט, אַז אייניקע האָבן זיך בעת מעשה געוואָרפן אויף די דייטשן און פּאָליציי, און מאָטקע לעדערמאַן האָט געהרגעט דריי דייטשן. פון אנדערע

קוועלן האָט זיך עס נישט איינגעגעבן פעסטצושטעלן. די דייטשן, מיינענדיק, אַז אין „סכראָן" איז קיינער נישט פאַרבליבן, האָבן דעם פונקט פאַרלאָזט, זיי האָבן די באַלאַגערונג פון קאַנטאַראַוויטשעס מויער אַראָפּגענומען. די עטלעכע דאָרט פאַרבליבענע זענען דערוויייל געבליבן גאַנץ און אייניקע פון זיי האָבן זיך טאַקע געראַטעוועט. (קאַסאַוואָקא מינע, פּיניע אזשינסקי א"אַ).

אין אַ שעה אַרום לערך נאָך דעם (עס איז שוין געווען פאַרנאַכט), האָבן די פאַרבליבענע אין „סכראָן" דערהערט, ווי עמעצער בויטשעט זיך אין ברונעם, וועלכער איז געווען ספּעציעל צוגעבויט צום „סכראָן", כדי צו האָבן וואַסער. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָרט געפינט זיך עמעצער פון די אומגליקלעכע און זיי האָבן אַהין אַראָפּגעלאָזט אַ שטריק. פון ברונעם האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט אויף דער שטריק דעם 12־יעריקן קאַליקן יאשע מאַזאַוועצקי (ירחמיאל אלפּע־ראָוויטשעס אַן אייניקל). ער האָט געזוכט דעם „סכראָן" און איז אַריינגעפאַלן אין ברונעם.

אַ פּאָר שעה שפּעטער, איז אַהין, אין איין העמד, געקומען צו לויפן אלתר כהנס אַ פּלימעניק. ער האָט געזוכט ווי אַזוי זיך צו נעמען דאָס לעבן. ער האָט געוואָלט אין ברונעם זיך דערטרינקען. געקומען אַהער איז ער צולויפן פון דוד מונבעזס „סכראָן" אויף לאָמזשער גאַס. ער איז פון דאָרט אַנטלאָפן בעת דאָס געוועלב, אונטער וועלכן עס האָט זיך געפונען יענער „סכראָן", וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן, איז שוין געשטאַנען אין פלאַמען. ער האָט דערציילט, אַז אַלע שטיקן זיך דאָרט אין שרעקלעכע יסורים פון רויך, די היץ איז שרעק־לעך. אַלע האָבן פון זיך דאָרט אַראָפּגעשליידערט די מלבושים און מען זיצט הויל נאַקעט. בעת ער האָט געהאַט פאַרלאָזט דעם „סכראָן", האָבן שוין אַ סך געהאַט פאַרלאָרן זייער באַוווסטזיין. אויך ער האָט זיך דאָרט אויסגעטון, קוים זיך דורכגעריסן און געקומען אַהער צו לויפן אין איין העמד. דערטרינקען זיך האָט ער אָנגענומען פאַר אַ לייכטערן טויט, איידער פאַרברענט צו ווערן לעבע־דיקערהייט. געחלשטע דאָרט האָט מען געמינטערט מיט קאַלטע וואַסער. דאָס וואַסער האָט זיך באַלד אויסגעלאָזט און די מענטשן זענען ממש דערשטיקט געוואָרן. דער אַנטלאָפענער האָט דערציילט, אַז פאַר זיין געחלשטן פאָטער אלתר כהן האָט פאַרפעלט וואַסער און זיי האָבן אים געמינטערט מיט השתנה...

פאַרן אונטערצינדן די געטאָ האָבן די דייטשן און די פּאָליציי איבערגעזוכט אין די הייזער, דורכגעטרייסלט אַלע ערטער, אַלע ווינקעלעך: אויף די בוידע־מער, אין קליימן, שטאַלן, אויווגס, געזוכט אין האָלץ, אין קלאָזעטן און אַפילו אין די קוימענס אַריינגעקוקט. די באַהאַלטענע וואָס די תלינים האָבן נישט געפונען, זענען געלעגן אין זייערע באַהעלטענישן מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס און האָבן זיך צוגעהערט צו זייערע געשפּרעכן, צו זייערע געלעכטערן. זיי האָבן געהערט ווי זיי טאַפּן מיט די שפּיזן אין דער ערד, זיי זוכן, זיי שרייען: יידע הערראוס, הערראוס... דאָס רעוועו פון די דייטשן האָט אויף די יידן געווירקט

שטאַרקער ווי זייערע קוילן. די שוואַכערע פרויען האָבן זיך געדרייט אונטער דער ערד אין דרייען און ממש געריטן געוואָרן פון זינען.

עס זענען געווען פאַלן, אַז מען האָט קינדער דערשטיקט בידים, מורא האָבנדיק, אַז זיי זאָלן מיט זייערע געוויינען נישט אויסגעבן די באַהעלטענישן. (וויינשטיין יהושע, גאָרדאָן א״אַ). אין די גרעסערע פאַרמאַסקירטערע, גוט איינגעאָרדנטע „סכראָנעס" פון אלמער יעקב, יהושע געלער, דוד מונכז, קאָנטאראָוויטש א״אַ, האָבן זיך געפונען צו צענדליקער און הונדערטער מענטשן. פון איינעם אַזאַ „סכראָן" האָט אַ פּאָליציאַנט אַרויסגעשלעפּט דאָס יונגע, שיינע מיידל איטקין, וועלכע האָט זיך טרייסלענדיק געבעטן ביים פּאָליציאַנט, ער זאָל איר שענקען דאָס לעבן... דער לעצטער האָט פּאַר דעם געפאָדערט די געהעריקע באַלוינונג, ווי גאָלד, בריליאַנטן, אַ גוטן זייגער א״אַ. דאָס מיידל האָט אַרויסגענומען אַ גרויסע גאָלדענעם רינג, וועלכן זי האָט ספּעציעל באַהאַלטן אויף דער „שוואַרצער אומגליקלעכער שעה" און אויך געלט וויפל זי האָט פאַרמאָגט און דאָס אַלעס אָפּגעגעבן דעם פּאָליציאַנט. דער מיידלס „לעבן" אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז ביים פּאָליציאַנט מער ווערט געווען און אים האָט אַזאַ „באַשיידענער" כופר נפש, אַזאַ פּדיון נישט באַפרידיקט... די אומפאַרשעמטע, צעיושעטע חיה האָט פאַרן שענקען דאָס לעבן געפאָדערט פון דעם מיידל עפּעס מער... ער האָט געפאָדערט איר צניעות, איר ערע... נאָר דאָ האָט זיך דער באַנדיט טועה געווען — ביי דער אָנשטענדיקער, אָרנטלעכער יידישער טאָכטער איז די ערע געשטאַנען העכער און טייערער פאַרן לעבן און, דערהערנדיק זיינע רייד, האָט זי זיך געלאָזט לויפן... זי איז אַזוי שנעל געלאָפן, אַז נישט דער פּאָליציאַנט און נישט זיינע חברים, וועלכע זענען אים באַלד צו־הילף געקומען, האָבן דאָס מיידל נישט געקענט דעריאָגן און זי כאַפּן אַ לעבעדיקע. זיי האָבן איבער דעם קרבן געעפנט אַ פייער פון געווער און שוין גאָר פון אַ ווייטן מרחק זי דערמאָרדעט. נישט יעדן אָבער האָט אין אַזעלכע פאַלן דאָס „מזל" געדינט. נישט קיין סך אַזוינע באַשיידענע, כשרע יידישע טעכטער איז געלונגען נישט אַריינצופאַלן לעבעדיקערהייט צו די דייטשן און צו זייערע אָרטיקע פריינט אין די הענט. נישט וויניק פרויען האָבן די אויסוווּרפן פאַרפייניקט אין די שרעקלעכסטע יסורים: געריסן די האָר, געשניטן די בייכער, די ברוסט אאַז״וו.

דעם גאַנצן טאָג פון 20טן אויגוסט האָבן די פּולעמיאָטן נישט אויפגעהערט צו קלאַפּן. באָמבעס, גראַנאַטן און אַנדערע אויפרייס־מאַטעריאַלן האָבן אויפגעריסן אומעטום. ווו עס איז נאָר געפאַלן אַ חשד, אַז דאָרט באַהאַלטן זיך אויס יידן, האָט מען געוואָרפן אויפרייס־מאַטעריאלן און, ווי געזאָגט, האָבן אַ סך צענדליקער און הונדערטע מענטשן, געפונען זייער שרעקלעכן טויט אין די „סכראָנעס" און גריבער, וואַרנדיק לאַנגזאַם דערשטיקט אונטער פאַרשאָטענעם גרוז און ערד.

אין דעם שרעקלעכן פורעניות־טאָג, אין דעם יום צרה ותוכחה, י״ט מנחם

אָב עש״ק פ׳ עקב ה׳תש״ג (20טן אויגוסט, 1943), זענען אויף אַלערליי אומגע־הייערע שרעקלעכע אופנים אין גלובאָק אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן מיט זייערע מיטהעלפער — אָרטיקע פּאָליציאַנטן — העכער דריי טויזנט ייִדן.

און טראָץ אַלע זוכונגען, אַלע אָנשטרענגונגען פון די מערדער, האָט זיך דאָך עטלעכע הונדערט ייִדן איינגעגעבן, אין יענעם בלוטיקן פּרייטיק, צו פאַר־בלייבן אין באַהעלטענישן, ווהין דאָס פייער און דער רויך האָבן נישט דער־גרייכט און די באָמבעס האָבן נישט געטראָפן. די דייטשן אָבער האָבן נישט אָפּגעלאָזט. זיי האָבן זייער אַרבעט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד...

זיי, די דייטשן, זענען אַרומגעגאַנגען אָן אויפהער געזוכט, געשנישטערט, אָבסערווירט און אין די טעג פון 21טן, 22טן און 23טן אויגוסט האָבן זיי געכאַפּט אַ סך באַהאַלטענע ייִדן עס איז געגוג געווען, אַז ווער עס איז זאָל קוים אַ שטעק טון דעם קאָפּ צו כאַפּן אַ בליק וואָס עס טוט זיך אין דעם אַרום, אַז די לויערער זאָלן אויפדעקן די גאַנצע באַהעלטעניש.

עס זענען געווען פאַלן, ווען די באַהאַלטענע האָבן שוין מער נישט גע־קענט אויסהאַלטן אין די גריבער און „סכראָנעס״ גאַנצע מעת לעתן און מען פלעגט אַליין אַרויסגיין, אויסווייִלנדיק בעסער דעם טויט...

די פאַרניכטונג פון די לעצטע ייִדן אין גלובאָק האָט, בכן, געדויערט עטלע־כע טעג און אין אָט דעם משך זענען די געטאָ־גאַסן געוואָרן געדיכט אויסגע־שפּרייט מיט הרוגים און פאַרוווּנדיקטע.

די דייטשן מיט זייערע משרתים — אָרטיקע קריסטן — האָבן דערווייל אַרומגעשפּאַצירט מיט ספּעציעלע מכשירים און האָבן ביי די מתים געריסן פון די מיילער די גאָלדענע ציין, אויערינגלעך פון די אויערן, פינגערלעך פון די פינגער אד״גל. אויף צו פאַרלייכטערן זיך די אַרבעט, האָבן די צעווילדעוועטע מענטשן גלייכגילטיק אָפּגעהאַקט מיט אַ האַק די פינגער צוזאַמען מיט די פינ־גערלעך... פון די אָרטיקע קריסטן האָבן זיך „אין דער אַרבעט״ באַזונדערס אויסגעצייכנט איינער ניעדזיעלעץ איוואַן, איוואַן דער הינקענדיקער — „טרי־לופּ״ און נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען עס זענען נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן.

די געטאָ האָט געברענט עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד. אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קופּעס אַש, אין גרוז. גאַנצע קילאָמעטערס אַרום שטאָט האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פעלדער און לאָנקעס געשטאַלטלאָזע, מענטשלעכע גופים, איינציקע אברים, הענט, פיס און אַנדערע טיילן פון מענטשלעכע קערפּערס, זיי־ער טעטיקייט אין אומברענגען די ייִדן האָט זיך נישט באַגרענעצט מיט דער שטאָט אַליין, זיי האָבן געזוכט ייִדן אין גאַנצן געגנט אַרום. זיי האָבן געמאַכט „זאַסאַדקעס״ אין די קוסטעס, וועלדלעך, אָדער זענען אויף די וועגן אַרומגע־כאָרן אויף אויטאָס און האָבן געלויערט אויף יעדער פּליט, וועלכן עס האָט זיך ווי עס איז איינגעגעבן אַרויסצורייסן פון שטאָט, פון פייער און האָבן אים אומ־געבראַכט דאָרט אויפן וועג, אין פעלד אד״גל.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די דייטשן צונויפגעטריבן פון די נאָענטע דערפער פויערים מיט פורן, וועלכע האָבן צונויפגעקליבן די הרוגים און אָפּגע־פירט זיי צו די גריבער אין באראקער וואַלד.

חוץ די גרויסע קברים אין באראקער וואַלד זענען אַ סך קלענערע קברים צעוואָרפן איבער די פעלדער און לאַנקעס אַרום דער שטאָט. אַ באַדייטיקע צאָל הרוגים זענען געבליבן נישט באַערדיקט און זייערע קערפּערס האָט מען געפונען צעפרעסן פון הינט — זיי זענען געוואָרן אַ שפּייז פאַר חיות און פייגל (נבלת עבדיך מאכל לעוף השמים, בשר חסידיך לחיתו יער...).

ווי אונדז האָט שפּעטער איבערגעגעבן אינזשיניער רוסקעוויטש — אַ פּאָ־ליאַק, אַן אַלטער גלובאָקער תושב, וועמען די דייטשן האָבן באַפוילן אָפּצורייניקן דעם פּלאַץ פון דער געוו׳ געטאָ פון די יידישע הרוגים, — האָט מען פון די גריבער און קעלערס מיט פלעקער און „באהארעס״ אַרויסגעשלעפּט האַלב און אינגאַנצן פאַרברענטע גופים. די נישט פאַרברענטע קערפּערס זענען געווען גע־שוואָלן און ער האָט ווייניק פון זיי דערקענט. בכלל האָט רוסקעוויטש געקענט כמעט אַלע יידן אין שטאָט. ער האָט בלויז דערקענט אברהם־יהושע פידעלהאָלץ, חיים־חנהס זון, וועלכער איז געבליבן אין קעלער זיצנדיק און געהאַלטן אַרומ־גענומען זיין פרוי און קינד, אַזוי פעסט, אַז אַפילו טויטערהייט איז זיי שווער געווען פאַנאַנדערצורייסן... ער האָט אויך דערקענט משה שולהייפער, מיט זיינע צוויי טעכטער. ער האָט נאָך אייניקע יידן דערקענט אָבער ער האָט פאַרגעסן זייערע נעמען.

זיי אַלעמען האָט מען ארויסגענומען פון „סכראָן״ און מען האָט זיי באַ־גראָבן אין אַ גרוב אין באראק.

## פאַר דער לעצטער שעה

בעת דער פאַרניכטונג פון די לעצטע יידן אין גלובאָק אין די אויגוסט־טעג, 1943, נאָכן פאַרברענען די געטאָ, זענען די מערדער אַרומגעגאַנגען איבער אַלע הויפן און גערטנער פון געוועזענעם געטאָ, האָבן געזוכט באַהאַלטענע יידן. זיי האָבן געוווּסט, אַז יידן זיצן ערגעץ באַהאַלטענערהייט אין אונטערערדישע בונקערס און די בונקערס האָבן זיי געזוכט. אין פרילינג 1943, ווען די יידן אין גלובאָק האָבן פאַר זיך געגרייט גריבער ווו צו באַהאַלטן זיך בעת אַ שחיטה, האָבן זיי אייניקע אַזעלכע גריבער געמאַכט אויף גערטנער לעבן זייערע וווינונ־גען, האָבן פון אויבן פאַרזעצט קאַרטאָפל, בכדי מיט די געוויקסן צו פאַרמאַס־קירן זייערע באַהעלטענישן. אַזאַ בונקער מיט קאַרטאָפּל פון אויבן האָט אויך צוגעגרייט דוד מונבז לעבן זיין הויז אויף לאָמזשער גאַס.

די דייטשן און די אָרטיקע פּאָליציי זענען, ווי געזאָגט, געגאַנגען איבער די גערטנער זוכן און האָבן אויף אַלע הויפן און גערטנער מיט קאָסעס און

סערפן אַראָפּגעשניטן די אָנגעוואָקסענע גראָזן און בלעטער. און זיי זענען אויך געקומען אויף לאָמזשער גאַס צום גאָרטן פון דוד מונבז. אָפּשניידנדיק די גראָז פון די קאַרטאָפל אויף דעם גאָרטן האָבן זיי אָנגעטראָפן אַ רער, וועלכע איז געווען דורכגעפירט פון דער אונטערערדישער באַהעלטעניש צו באַקומען לופט... באַמערקנדיק די רער האָבן די תלינים געוואָרפן אויף דעם אָרט גראַנאַטן און האָבן די דאָרט באַהאַלטענע ייִדן דערהרגעט. דאָרט זענען אומגעקומען: דריס־וויטסקי משה מיט זיין מוטער גרוינע, דוד מונבז מיט זיין פרוי, די משפחה פון חיים־הירש גילעוויטש, סאָלאָווייטשיק משה מיט זיין זון טוביה, דער עלעקטראָ־טעכניקער מעלער פולקע, דער קאַמאַשנמאַכער קליופּט ישראל־אַברהם מיט זיין פרוי צילע און דריי טעכטער. פון דעם בונקער זענען פאַרבליבן לעבן בלויז צוויי פּלימעניצעס פון דוד מונבז. די קליידער אויף זיי זענען געווען אינגאַנצן צעשאָסן, די פּנימער צעקאַליעטשעט.

צילע קליופּט איז געלעגן נאָך נישט אינגאַנצן טויט, זי איז געווען שטאַרק פאַרוווּנדיקט און האָט געגוססט. די לעבנפאַרבליבענע האָבן געוואָלט ביי קליופּטן אַראָפּנעמען פון איר קערפּער דאָס קליידל. זי האָט אָבער נישט געלאָזט. ביי־נאַכט זענען זיי אַרויס פון טויטנגרוב כמעט הוילע. זיי האָבן אין גראָז געפּויזעט אויף אַלע פיר און זענען עפּ״י נס אומבאַמערקט אַרויס פון שטאָט. זיי זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון באַראַקער וואַלד; גייענדיק פאַרביי דעם בית־עולם האָבן זיי דייטשן באַמערקט און האָבן אויף זיי געלאָזט ראַקעטן. די מיידלעך זענען געפאַלן אויף דער ערד און זיך געלייגט צווישן די הרוגים. דייטשן זענען זיי געגאַנגען זוכן צווישן די טויטע. איין דייטש האָט גענומען איינע פון זיי פאַר דער האַנט, האָט איר אַריינגעלייכט מיט אַן עלעקטריש לעמפּל אין פּנים אַריין, האָט אין איר אָבער נישט דערקענט קיינע סימנים פון לעבן און זי דאָרט איבערגעלאָזט ליגן...

ווען די דייטשן זענען אַוועק האָבן זיך די מיידלעך אויפגעהויבן און זענען אַוועקגעגאַנגען ווייטער. אויפן וועג האָבן זיי אָנגעטראָפן דעם 9־יעריקן ייִנגל נחום בערקאַן (מאשקע בערקאַנס אַ זון), אָנגעשפּאַרט אין אַ בוים. ער איז געווען פאַרוווּנדיקט אין די ענגע ערטער. די מיידלעך האָבן אָפּגעריסן אַ שטיק שטאָף פון זייערס אַ קלייד און אים איבערגעבונדן. פאַרטאָג האָבן זיי זיך דערשלעפּט ביז באַראַקער וואַלד. פון דערווייטנס האָבן זיי באַמערקט, ווי דייטשן פירן אַ גרופּע ייִדן פון אַ 200 מאַן — מענער, פרויען, זקנים און קינדער. די מיידלעך האָבן זיך באַהאַלטן אין קוסטעס נישט ווייט פון גרוב, צו וועלכער מען האָט געפירט די ייִדן און האָבן געהערט ווי אַזוי מען האָט זיי אויסגעשאָסן. די קינ־דערלעך האָבן די דייטשן אָנגענומען פאַר די פיסלעך, געשמעטערט זייערע קעפּלעך אָן אַ בוים און געוואָרפן אין גרוב.

נאָכדעם האָבן די דייטשן אַריינגעוואָרפן אין גרוב אייניקע גראַנאַטן. ווען די דייטשן זענען אַוועק פון גרוב, זענען די מיידלעך אַוועק מיטן וואַלד און אין

אַ קורצער צייט אַרום געקומען צו אַן אָפּטיילונג פון פּאַרטיזאַנער, ווו זיי האָבן שוין געטראָפן נאָך גלובאָקער געראַטעוועטע פון דער שחיטה.

די גלובאָקער יידישע קהילה, וואָס האָט זיך געבויט אין משך פון הונדערטער יאָרן, איז געוואָרן אינגאַנצן וויסט און דער יידישער ישוב אינגאַנצן אָפּגעמעקט

*****

מיר, די שרייבער פון די דאָזיקע בלוטיקע בלעטער, זענען נאָכן אומברענגען אונדזער מוטער ד׳ תמוז תש״ב (זע „די שחיטה פון 2.500 יידן אין גלובאָק״), פאַרבליבן ביי פערט. נאָכן פאַרקירצן די געטאָ, זומער 1942, האָט מען אונדז איבערגעוואָרפן פון איין אָרט אויף אַ צווייטן, ביז מען האָט אונדז אַ פּאָר וואָכן פאַר ראש השנה אַריינגעוואָרפן אין אַ שטיבל אויף פּאָלנע גאַס ביים צוים פון געטאָ.

דאָרט האָבן מיר, ווי אַ סך אַנדערע יידן, צוגעגרייט זיך לעבן שטיבל אַ גרוב — אַ מין „סכראָן״. דער סכראָן איז געווען אַ בשותפותדיקער מיט נאָך צוויי משפחות: יאָסל קאַזשדאַן און געידענזאַן (די לעצטע פון קרולעוושצינע).

אין די לעצטע חדשים פאַרן ליקווידירן די געטאָ האָבן מיר געהערט וועגן דער פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. מיר האָבן געטראַכט אַוועקצוגיין אין וואַלד, נאָר די געטאָ איז געווען שטרענג געהיט פון אַלע זייטן. מיר זענען געווען זייער דערשלאָגן פון די שטענדיקע געשעענישן אין געטאָ, נישט געוווּסט וווהין און ווי אַזוי צו לאָזן זיך, נישט געהאַט ווער עס זאָל אונדז אויסשטרעקן אַ האַנט, און זענען ביז דער ליקווידאַציע פון גלובאָק געבליבן אויפן אָרט.

פרייטיק, י״ט אָב אינדערפרי, זענען מיר מיט די דערמאָנטע צוויי משפחות, צוזאַמען 11 נפשות, אַריין אין גרוב... אין טומל האָבן מיר פאַרגעסן מיטצונעמען ברויט, וואָס איז געווען צוגעגרייט פון פריער. נישט פאַרגעסן האָבן מיר אַריינצונעמען אַהין אַן עמער וואַסער און אויך אַ טעקע מיט רפואות פון גיכע הילף. דער גרוב אונדזערער, וואָס האָט געפירט פון אַ שטעלכל אין גאָרטן אַריין, איז געווען זייער פּרימיטיוו געמאַכט. געגראָבן האָבן מיר אים אין די ווינטער חדשים. דער „סרוב״ איז געווען אַ שוואַכער און פאַר דער צייט איז די ערד אין אייניקע ערטער איינגעפאַלן, אַזוי, אַז עס האָט זיך פון אינעווייניק ערטערווייז אַרויסגעזען די גאַס. דער גאָרטן און אויך דער גרוב פון אויבן זענען געווען באַוואַקסן מיט גראָז און די לעכער פון דער איינגעפאַלענער ערד האָט מען געקענט באַמערקן נאָר ווען מען האָט זיך גוט איינגעקוקט.

אין גרוב זענען מיר אַריין דורך אַ פאַרמאַסקירטן לאָך פון שטעלכל. אין גרוב איז געווען שרעקלעך ענג. מיר זענען געזעסן אַזוי צונויפגעפּרעסט דאָרט, אַז מיר האָבן זיך נישט געקענט אַ קער טון. דורך די לעכער האָבן מיר געהערט די שיסערייען, געהערט קולות פון די געכאַפּטע יידן, געהערט ווי אַ פּאָליציאַנט

האָט געכאַפּט אַ פּרוי מיט קינדער, געבעטן ביי איר געלט, האָט זי געזידלט פֿאַרוואָס זי האָט צו ווייניק געלט און זיי צוגעפֿירט צו אַ דייטש, וואָס האָט זיי דערשאָסן. מיר האָבן געהערט ווי ראַדע, שמואל ניסן געלמאַנס שוועסטער, האָט אַ פֿאַרווונדיקטע מיט נישט קיין מענטשלעכע כוחות געשריגן, אַז מען זאָל זי דערשיסן און אירע נאָענטע האָבן זי איינגעשטילט, די תּלינים זאָלן נישט דער־הערן איר שרייען און זי האָט זיך נישט געקענט באַרויִקן...

בייטאָג האָבן מיר געהערט, ווי איבער דעם געטאָ זענען געפֿלויגן אעראָפּ־לאַנען, מיר האָבן בעת מעשה נישט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט. שפּעטער האָבן מיר דערשפּירט אין גרוב אַ רויך. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען אַז די געטאָ ברענט...

אונדזער שטיבל איז געשטאַנען אָפּגעזונדערט פֿון די אַרומיקע בנינים און האָט זיך נישט אָנגעצונדן.

פֿאַרנאַכט האָבן מיר דערהערט, ווי דייטשן זענען אַריין צו אונדז אין שטיבל, האָבן דאָרט געווילדעוועט, געשריגן: „יודע, הערויס, הערויס!". ווען זיי זענען אַרויס פֿון שטוב האָבן זיי געלאַכט, געווען צופֿרידן, הויך גערעדט צווישן זיך, געווען זאַט מיט נצחון...

אין אַ רגע אַרום האָט אין גרוב אַריינגעשטראָמט אַ וואַרעמקייט און עס איז דאָרט געוואָרן ליכטיק — אונדזער שטיבל האָט געברענט אַזוי ווי אַ ליכט. באַלד האָבן אין גרוב גענומען פֿאַלן ברענענדיקע האָלאָוועשקעס, קוילן און עס האָט געדראָעט, אַז דער „סרוב" פֿון אונדזער „סכראָן" זאָל זיך אָנצינדן. צום גליק האָט דער ווינט געדינט אין אַ פֿאַרקערטער ריכטונג און דער רויך האָט אונדז נישט געשטיקט. די בעלקעס פֿון „סרוב" האָבן זיך גענומען רויכערן און מיר האָבן מיט די הענט געגראָבן ערד און געלאָשן דאָס פֿייער. מיר האָבן אויף אַזאַ אופֿן געקעמפּט מיטן פֿייער, וואָס האָט זיך געריסן צו אונדז אין גרוב, עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד. דער לאָך, דורך וועלכער מיר זענען אַריין אין גרוב, איז גע־וואָרן אײַנגעאַנצן אָפֿן און מיר האָבן געזען פֿאַרבייגייענדיקע דייטשן און פּאָליציי. שפּעטער האָט זיך אונדז איינגעגעבן דעם אָפֿענעם לאָך אַ ביסל צו פֿאַרמאַסקירן פֿון אינעווייניק.

אַ פּאָר צענדליק מעטער פֿון אונדז האָט געברענט דאָס הויז פֿון קלמן־משה הויכמאַן. דאָרט זענען אין אַ גרוב אונטערן הויז פֿאַרברענט געוואָרן עט־לעכע צענדליק מענטשן, צווישן וועלכע עס זענען געווען הויכמאַנס פֿרוי מיט פֿיר קינדער. ער אַליין מיט אַ 17־יעריקע מיידל האָבן שבת, דעם 21טן אויגוסט פֿאַרטאָג, שטאַרק אָפּגעבריטע פֿון פֿייער, אַריינגעגראָבן זיך צו אונדז אין „סכראָן", בעת זייער קריכן צו אונדז האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס גראָבן זיך צו אונדז די מערדער. נאָך זייער אַריינקריכן צו אונדז איז אין גרוב געוואָרן אַ גרויסער לאָך און מיר האָבן מיט די הענט געגראָבן ערד, כדי ווי נישט איז אים צו פֿאַרמאַכן. ביי אונדז אין גרוב איז געוואָרן אַזאַ ענגשאַפֿט, אַז זיי זענען

ממש געזעסן ביי אונדז אויף די קעפּ. אַ ריר טון מיט אַן אבר איז געווען אומ־מעגלעך. ק. מ. הויכמאַן האָט שטאַרק געליטן פון זיינע בראַנדווונדן, ער האָט זיך אָבער באַהערשט און געשוויגן. דאַקעגן די טאָכטער זיינע איז, ווי עס ווייזט, געווען נאָך שטאַרקער פאַרווונדיקט און האָט זיך נישט געקענט פאַרהאַלטן רויק. זי האָט זייער הויך געקרעכצט, אָדער שלאָפנדיק הויך געכראָפּעט. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז איר כראָפּען זאָל נישט אַרויסגעבן אונדזער באַהעלטעניש דעם שונא.

אין משך פון דעם שבתדיקן טאָג זענען איבער אונדזערע גאַסן אַרומגעגאַנגען דייטשן און פּאָליציי, האָבן געטאַפּט און געזוכט. מיר האָבן געהערט ווי זיי האָבן גערעדט צווישן זיך, ווי זיי האָבן מיט זייערע שפּיזן „געטאַפּט" די ערד. ווי עס שיינט, האָבן זיי געוואָרפן אַ חשד אויף אונדזער באַהעלטעניש. מיר האָבן עס דערשפּירט. אַרום 2 אַזייגער בייטאָג זענען צוגעקומען צו אונדזער גרוב עטלעכע דייטשן, האָבן זיך איינגעהערט, געטאַפּט די ערד ביי דער לאָך, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט דורך די איינגעפאַלענע ערד און איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיטן אַריינקריכן פון קלמן־משהן מיט זיין טאָכטער. די דייטשן האָבן מיט די שפּיזן געטאַפּט דעם גרוב, די ערד האָט זיך געשאָטן אויף אונדזערע קעפּ... מיט די דייטשן איז אויך געווען איינער אַ בעקער מיטן נאָמען קאָליע, וועלכער האָט ביזן געטאָ געוווינט אין דעם ראיאָן (די פאַמיליע פון קאָליען ווייסן מיר נישט). ווי עס שיינט האָבן אים די דייטשן אָבער געבראַכט, ווי אַ „זאַכקענער", צו זוכן באַהאַלטענע ייִדן. פון זייער שמועס איז קענטיק געווען, אַז זיי האָבן דערטאַפּט אונדזער גרוב. נאָר צוליב דער איינגעפאַלנקייט און פאַרוואָקסנקייט, האָבן זיי זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָ זיצן מענטשן. זיי האָבן קאָליען געפרעגט וועגן דעם גרוב פון וואַנען זי נעמט זיך. מיר האָבן געהערט, ווי קאָליע האָט דערקלערט די דייטשן, אַז אין אָפּגעברענטן שטיבל (געמיינט אונדזער ווינונג) האָט געוווינט זיין שוואָגער אַלעקסאַנדער און ער ווייס זיכער, אַז ביי אים איז דאָ געווען אַ גרוב פון קאַרטאָפל. אויף די לעכער האָט קאָליע באַמערקט, אַז דאָס האָבן, ווי עס ווייזט, קעץ צוגראָבן... ער האָט אויסדריקלעך געזאָגט: „טוט ווידנאָ קאָטי פּראָדראַפּאַלי". די דייטשן זענען געשטאַנען, האָבן געטראַכט און זענען אַוועק. קאָליע דער בעקער האָט זיך מסתמא אָריענטירט, אַז מיר זענען דאָ באַהאַלטן און האָט אונדז בכוונה געוואָלט ראַטעווען. קיין גרוב איז אויף דעם אָרט קיינמאָל נישט געווען און די „קאַרטאָפל־גרוב" האָט ער אויסגעטראַכט... מיר האַלטן פאַר אונדזער חוב צו דערמאָנען קאָליען לטובה, ווייל ווען ער וואָלט אין יענעם מאָמענט אַ קליינעם קער געטון מיט דער צונג „אַן אַ זייט", וואָלטן מיר זיכער אַריינגעפאַלן צו די דייטשן.

שפּעטער, לערך ביים זון פאַרגאַנג, זענען צו אונדזער גרוב ווידער געקומען דייטשן, ווידער באַטראַכט דעם פּונקט... מיר האָבן געהערט, ווי אַ דייטש האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט, אַז מען דאַרף דאָ וואַרפן אַ גראַנאַט. זיי האָבן

עס אין דעם מאָמענט נישט געטון. נאָר פאַר אונדז איז געוואָרן קלאָר, אַז לענ־גער דאָ פאַרבלייבן קען מען נישט... אָבער אַרויסקריכן פון גרוב כל זמן עס איז נאָך געווען ליכטיק איז אויך נישט מעגלעך געווען. אונדז האָט זיך אַלע רגע געדאַכט, אַז אונדזער „סכראָן" ווערט אָט־אָט אויפגעריסן. אין אַזאַ „וואַרטן", האָבן מיר קוים דערצויגן ביז האַלבע נאַכט.

און אַזייגער 12 ביינאַכט פון שבת אויף זונטיק זענען מיר מיט גרויס שרעק און געפאַר איינציקווייז, דרייצן נפשות אַרויסגעקראָכן דורכן לאָך פון גרוב. מיר האָבן מיט זיך קיין זאַך נישט געהאַט, חוץ אַ טעקע מיט רפואות, וועלכע די פרוי פון מ. ראַיאַק ווי אַ דאָקטער האָט נאָך מיטגענומען אין גרוב און האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ זאַך, אָן וועלכער מען קען זיך נישט רירן אין דעם שרעק־לעכן, געפערלעכן וועג.

אַרויסקריכנדיק פון גרוב האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט אַ גרויזאַם בילד, די געטאָ האָט געברענט, די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט רויך. פון דערוויטנס זענען אַרומגעפאָרן אויטאָס מיט דייטשן. עס האָבן זיך געהערט זייערע צעיושעטע שטימען. מיט עלעקטרישע לעמפלעך האָבן זיי באַ־לויכטן אַרום זיך און געזוכט... עס האָבן זיך געהערט שיסערייען פון ביקסן, פּו־ליעמיאָטן, ווי אויך אויפרייסן פון באָמבעס. פון אַלע זייטן האָבן זיך געטראָגן קרעכצן פון פאַרוווּנדיקטע, וועלכע די אַכזרים האָבן נישט דערהרגעט, איבער־לאָזנדיק זיי אין גרויס יסורים, זיך מאַטערן ביז זיי וועלן אַליין אויסגיין... אַרום האָבן זיך געוואַלגערט געשטאַלטלאָזע, פאַרברענטע גופים, אָפּגעריסענע אברים. גיין האָט מען נישט געקענט, מען זאָל נישט באַמערקט ווערן. מען האָט געמוזט קריכן אין גראָז אויף אַלע פיר. מיר האָבן פאַרלאָרן די אָריענטאַציע. מיר האָבן נישט געוווּסט ווו מיר געפינען זיך... און דאָ איז געשען דאָס, וואָס האָט אונדז שפּעטער געבראַכט דעם גרויסן אומגליק. מיר האָבן זיך אין דער דעזאָריענ־טאַציע צעשיידט, מיר האָבן פאַרלאָרן איינע די צווייטע. איינער פון אונדז, צבי, איז געבליבן אַליין און מיכאַל מיט זיין פרוי און קינד זענען געבליבן מיט די איבעריקע, מיט וועלכע זיי זענען אַרויס פון „סכראָן". טראַכטן לאַנג האָט מען נישט געקענט. דער מלאך המות האָט דאָ געלויערט אויף יעדער טריט און האָט געטראָגן טויט...

איך, צבי, האָב אין גראָז צוגעפּויזעט אין דער ריכטונג פון ווילנער גאַס. דער געטאָ־פאַרקאַן איז געווען פאַרברענט און איך בין אַרויס פון דער געטאָ... אויך מיכאל מיין ברודער מיט אַלע איבעריקע זענען שפּעטער דורכגעגאַנגען דורך דעם זעלבן וועג. מיר האָבן אָבער נישט געוווּסט איינע פון די צווייטע. אַ פאָר צענד־ליק מינוט, וואָס מיכאל האָט פאַרזאַמט ביים „סכראָן", זוכנדיק מיך, איז שפּע־טער געוואָרן פאַר אונדז פאַטאַל — דאָס האָט אונדז געבראַכט דעם שרעקלעכסטן אומגליק אויף אונדזער גאַנצן לעבן...

אַרויסגייענדיק פון געטאָ דורכן אָפּגעברענטן פּאַרקאַן אויף ווילנער גאַס לעבן נתן גיטעלזאָנס הויף און אַרויסגייענדיק פון שטאָט אַזייגער 5 אינדערפרי — עס איז שוין געווען ליכטיק, האָבן מיר (מיכאל מיט זיין פרוי און קינד און די איבעריקע), 2 קילאָמעטער הינטערן שטאָט, געוואָלט איבערשניידן דעם טראַקט, וואָס פירט צו דונילאָוויטש. ווי נאָר מיר זענען אַרויף אויפן טראַקט זענען אויף אונדז אָנגעפאַלן צוויי אויטאָס מיט דייטשן, מיטן שפּיאָן וויטוויצקי (צירקאָוועץ) בראָש, וועגן וועמען עס איז שוין דערציילט געוואָרן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל. זיי האָבן אָפּגעשטעלט די אויטאָס און געלאָזט זיך אויף אונדז מיט זייער גאַנצן פאַרניכטונג־געווער. עס האָבן זיך איבער אונדזערע קעפּ אַ שאָט געטון קוילן פון ביקסן, אויטאָמאַטן און פּולעמיאָטן פון אַלע זייטן...

צעטומלטע האָבן מיר זיך געלאָזט לויפן אין אַלע זייטן. איך מיכאל, האָב פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל, בין אַראָפּגעשפּרונגען פון וועג און אַריינגעקייקלט זיך אין אַ לאָנקע מיט הויכע גראָז. אַהין האָבן זיך אַריינגעכאַפּט יאָסל קאַזשדאַן, דער קצב, איינע פון די שוועסטער גאַדענסאָן און קלמן־משה הויכמאַן. מיר זענען געקראָכן אויף אַלע פיר און זענען אַריין אין אַ טיפן קאַנאַל. די דייטשן האָבן אויף אונדז געשאָסן, די קוילן האָבן געפייפט פון אַלע זייטן און האָבן, ווי עס שיינט, געטראָפן ק. מ. הויכמאַן, ווייל מיר האָבן שפּעטער נישט געהערט, אַז ער זאָל זיך ערגעץ געפינען צווישן די געראַטעוועטע. מיינע נאָענטסטע זענען מיט מיר נישט געווען. מיר האָבן זיך צעשיידט. איך האָב זיך צעשיידט מיט מיין ליבער פרוי העלענע (ליוסי) און מיט מיין טייערסטן זונעלע אַהרן־יצחק, וועלכער איז אַלט געווען אַכט יאָר מיט פיר חדשים (געבוירן דעם צווייטן טאָג חוהמ׳ פּסח תרצ״ה). איך האָב זיך צעשיידט מיט מיינע ליבסטע און טייערסטע, וועלכע האָבן מיט זיך צוגענומען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון מיין לעבן, פון מיין נשמה... הנהבים והנעימים זענען אַוועק פון מיר אויף אייביק — עיני ולא ספוג, מאנה הנחם נפשי...

## מיר וואַנדערן אָן אַ ציל און קומען צו די פּאַרטיזאַנער

מיר זענען געלעגן אין קאַנאַל אַרום דריי שעה און האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט. ווען די שיסעריי אויף אונדז האָט אויפגעהערט און מיר האָבן דערהערט, אַז די דייטשע אויטאָס זענען אַוועק פון טראַקט, זענען מיר, איך און יאָסל קאַזשדאַן, אַרויסגעקראָכן פון קאַנאַל און זיינען אַרויס פון דער לאָנקע. מיר זענען אַרויף אויף אַ בערגל און האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ שיטערן קוסטאַרניק. די דייטשן זענען אַרומגעפאָרן אויף אויטאָס איבער אַלע וועגן און שטעגן און האָבן אָן אויפהער געשאָסן. איך בין געזעסן אינגאַנצן אַ פאַרשטיינערטער. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס עס איז געשען מיט מיין פרוי און מיט מיין קינד — עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן אַז זיי זענען שוין נישטאָ.

מיר האָבן אויך נישט געוווּסט, וואָס עס איז געשען מיט די אַלע, וואָס זענען מיט אונדז געווען. יאָסל קאָזשדאַן האָט באַמערקט בלויז, אַז זיין פרוי האָט געטראָפן אַ קויל אויפן וועג און זי איז געבליבן ליגן. ווי איך האָב זיך אין אַ צייט אַרום דערוווּסט, איז מיין פרוי אויך דערשאָסן געוואָרן אויפן וועג און מיין זונעלע האָט זיך נעבעך געזוכט צו באַהאַלטן, ער האָט אָבער קיין באַהעלטעניש נישט געפונען. מיר האָט נאָך דער באַפרייאונג דערציילט ה׳ גידענסאָן, וועלכן איך האָב באַגעגנט אין לאָדזש, אַז מיין קינד איז אים נאָכגעלאָפן, ווען ער האָט זיך באַהאַלטן פון די דייטשע קוילן און ער האָט זיך פון אים אָפּגעקערט, מורא האָבנדיק אַריינצופאַלן מיט אים צוזאַמען אין די דייטשע הענט...

מיר זענען געזעסן אין די קוסטעס ביז עס איז געוואָרן גוט טונקל. מיר האָבן אינאָוונט געוואָלט זיך צוריקקערן צו דעם אָרט ווו עס איז געשען מיט אונדז דער אומגליק אפשר צו קענען דערוויסן זיך עפּעס וועגן אונדזערע. דאָס איז אָבער געווען אומעגלעך, ווייל פון די ראַקעטן וואָס די דייטשן האָבן גע־וואָרפן האָבן מיר געזען, אַז זיי האָבן דאָרט אין אַלע ווינקעלעך „זאַסאַדעס". מיר האָבן זיך פון אונדזער פּלאַן געמוזט אָפּזאָגן און זענען אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. פון די צוועלף מענטשן וואָס זענען אַרויס פון אונדזער גרוב, זענען מיר געווען בלויז באַנאַנד און באַנאַנד! — צוויי פּאַראייַנזאַמטע, פּאַריתומטע שאָטנס — זענען מיר אַוועק בלאָנדזשען אין דער פינצטערער חושכדיקער וועלט.

מיר זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון קרולעוושצינע. מיר האָבן אָבער שטענדיק געדאַרפט בייטן אונדזער ריכטונג, ווייל די דייטשן האָבן פון אַלע זייטן אויף אונדז געוואָרפן ראַקעטן. דאָך האָבן מיר זיך פאַר דער נאַכט דער־ווייטערט פון גלובאָק. איך בין געווען נישט ביי זיך, האָב נישט געגלייבט, אַז ווער פון מיינע לעבט און מיך האָט נישט אינטערעסירט מיין לעבן. איך האָב זיך מעכאַניש נאָכגעשלעפּט נאָך קאָזשדאַנען, וועלכער האָט געקענט דעם געגנט. מיר האָבן אויף אונדזער וועג עטלעכע מאָל באַמערקט מענטשן פאָרנדיק און קאַזשדאַן פלעגט זיך לאָזן לויפן באַהאַלטן און איך נאָך אים. איך בין אָבער געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק, ווען אַ דייטשע „זאַסאַדע" האָט אונדז באַמערקט און געוואָרפן אויף אונדז ראַקעטן און אויף אונדז געשאָסן. איך האָב בלויז מורא געהאַט אַריינצופאַלן צו די דייטשן אין די הענט לעבעדיקערהייט.

ווען עס האָט גענומען טאָגן האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין אַ געדיכטן קוס־טאַרניק. מיר זענען דאָרט געזעסן אַ גאַנצן טאָג. עס האָט געגאָסן אַ גרויסער רעגן און מיר האָבן זיך אינגאַנצן דורכגענעצט. נאָר ווען עס איז אָנגעגאַנגען, מיר האָבן זיך בלויז געשראָקן פאַר אַ באַוועגונג אַרום אונדז, מיר פלעגן אויפ־ציטערן פון מינדעסטן שאָרך פון אַ פויגל, פון אַ בלאַט, פון אַ קול עלה נידף וואָס מיר האָבן אָנגענומען פאַר אַ מענטש וועלכער קען אונדז באַמערקן. דער מענטש איז פאַר אונדז געווען די גרעסטע שרעק. אינאָוונט האָבן מיר זיך ווי־

דער געלאָזט אין וועג אַריין. קאַזשדאַן האָט אין די דערפער געהאַט באַקאַנטע קריסטן. ער האָט אין אַ דאָרף אַנגעקלאַפּט צו זיינעם אַ באַקאַנטן און יענער האָט אים אַרויסגעטראָגן אַ שטיקל ברויט. ער האָט אָבער מיט אים מורא גע־האַט צו ריידן, ער האָט געוואָלט וואָס גיכער פּטור ווערן פון אים.

מיר האָבן אַזוי געוואַנדערט עטלעכע טעג — בייטאָג פלעגן מיר זיך באַ־האַלטן אין וועלדער, אָדער קוסטעס און ביינאַכט פלעגן מיר גיין. מיר האָבן זיך אויף אַזאַ אופן דערנענטערט צו דער פּאַרטיזאַנער־זאָנע. מיר האָבן זיך אויפן וועג דערוווּסט, אַז אין דער פּאַרטיזאַנער־זאָנע קומען נישט קיין דייטשן, זיי האָבן מורא דאָרט צו ווייזן זיך. מיר האָבן זיך באמת נישט שטאַרק געאיילט מיט אונדזער גיין, ווייל נאָך דעם וואָס מיט אונדז איז געשען, איז פאַר אונדז אַלץ געווען גלייכגילטיק.

אין אַ וואָך אַרום זענען מיר געקומען אין דאָרף יוזיכע, עטלעכע און צוואַנציק קילאָמעטער פון גלובאָק. דאָרט האָבן מיר געטראָפן אַנטלאָפענע פון דער גלובאָקער שחיטה: קלמן ראַבינאָוויטש, רובקע כ״ץ, זלמן ראַפּאַפּאָרט, בני־מין גיטעלזאָן מיט זיין פרוי און אַ קליין טעכטערל, אַברהם שוב, אלי פּאָדנאָס, ראַשע וויימאַן, פּיפּיק דעם שוסטערס אַ ייִנגל פון אַ יאָר 8, איינע פון די שוועס־טער גיידענסאָן, וואָס איז מיט אונדז געזעסן אין גרוב, פרוי קוראַק מיט אַ יונגער טאָכטער, וואָס איז געווען שטאַרק פאַרוווּנדיקט, אַרקע בירזש, איטשקע מינד און נאָך איניקע. ביי דעם דאָרף יוזיכע האָט זיך געפונען נישט קיין גרוי־סער פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד און איניקע פון די אַנטלאָפענע, וואָס זענען געקומען מיט געווער, זענען באַלד אַריין אין אָטריאַד. אַלע זענען געווען באַהערשט פון אַ שטרעבונג נקמה צו נעמען פון די מערדער פאַר דאָס אומשולדיק בלוט. אין דעם האָט מען געזען דעם ציל פון לעבן.

מיר זענען דאָ געווען אַ פּאָר טעג, געשפּירט זיך רויִקער פון די דייטשן, אָבער דאָך נישט געקענט קומען צו זיך. איך בין אומגעגאַנגען אינגאַנצן צע־טומלט, ווי נאָך אַ שרעקלעכן פינצטערן חלום, פון וועלכן מען קען זיך נישט באַפרייען...

פלוצלינג איז געקומען צולויפן אַ „ראַזוויעדקע״ פון די פּאַרטיזאַנער און האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז אַ גרעסערע דייטשע אָפּטיילונג דערנענטערט זיך צו יוזיכע און גייט בלאָקירן די פּאַרטיזאַנער זאָנע. דער עולם האָט תיכף פאַרלאָזט דעם דאָרף. מען איז אַוועק אין פאַרשיידענע ריכטונגען. איך מיט יאָסל קאַזשדאַן און מיט פרל׳ גיידענסאָן און מיט מינען פון דעלהינאָוו (אַ קרובה פון חיים־לייב שולהייפער) זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון מיאַדיאָלער ראַיאָן, ווו עס האָט זיך געפונען אַ שטאַרקע פּאַרטיזאַנער בריגאַדע. מיט אונדז איז אויך געגאַנגען חדש לייבל פון דונילאָוויטש. מיר זענען געגאַנגען בלויז אין די נעכט. בייטאָג פלעגן מיר זיך באַהאַלטן ערגעץ אין אַ וואַלד, אָדער אין אַ קוסט.

אין אַ פינף טעג אַרום זענען מיר געקומען אין אַ דאָרף מיסוני, נישט

ווייט פון מיאדיאל. דאָרט האָבן מיר געטראָפן שלום יונגעלסאָן און חיה זינגער מיט אַ זון, וועלכע זענען נאָך פאַר דער שחיטה אַנטלאָפן פון גלובאָק. אין מיסוני האָט זיך געפונען אַ ספּעציעלע פּאַרטיזאַנען־גרופּע, וואָס איז געקומען פון מאָס־קווע מיט אַעראָפּלאַנען. דער קאָמענדאַנט פון דער גרופּע האָט זיך מיט מיר צונויפגערעדט, ער האָט דערזען מיין צעבראָכנקייט און מיין צעטומלטקייט און האָט מיך געראַטן צו באַשרייבן די געשעענישן, וועלכע מיר האָבן איבערגע־לעבט. ער האָט מיר געגעבן פּאַפּיר און טינט מיט אַ פּען און איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן. איך האָב אין דער אַרבעט דערשפּירט ווי עפּעס אַ ציל אין מיין לעבן בלייבן און האָב זיך אָנגעהויבן אין דעם צו פאַרטיפן. די געדאַנקען האָבן מיך אָבער נישט געלאָזט רוען. די שמערצן זענען מיט יעדער שעה געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער און איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן. אויך דאָס שרייבן האָט מיך נישט באַרויִקט. איך האָב זיך קיין אָרט נישט געפונען...

אַרום דעם דאָרף מיסוני זענען געווען פאַרשיידענע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיי־לונגען און דורכן דאָרף פלעגן אָפט דורכגיין פאַרשיידענע גרופּעס. עטלעכע טעג נאָך מייִ קומען אַהער איז דורך מיסוני דורכגעפאָרן אַ „ראַזוויעדקע“ פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד פון וואָראָשילאָווס בריגאַדע, אונטער דער אָנפירונג פון אונדזער געוו' תלמיד איטשקע בלאַט, וועלכער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון דעם אָטריאַד. ער האָט מיר געבראַכט אַ בריוול פון מיין ברודער צבי און האט מיר איבערגעגעבן, אַז ער גייט צו מיר און וועט אין אייניקע טעג קומען אַהער. די ידיעה איז פאַר מיר ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. איך האָב זיך צעוויינט. בלאַט האט מיך באַרויִקט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז די לאַגע בכלל איז אַן ערנסטע. די דייטשן גרייטן אַ שטאַרקן אָנגריף אויף די פּאַרטיזאַנער און מען דאַרף זיין גרייט אויף אַלץ. איך האָב אינגאַנצן אָפּגעלעבט און האָבן געוואַרט אויפן קומען פון מיין ברודער. עס האָבן זיך ביי מיר געצויגן נישט נאָר די שעהן, נאָר די מינוטז האָבי זיך געצויגז ווי אייביקייטן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען מיר אנגעזאָגט, אַז מיין ברודער איז געקומען אויפן „הויכן אינדזל“ און קלייבט זיך צו גיין אין מיסוני צו מיר. דער אינדזל האָט זיך געפונען ביי אַ 5 קילאָמעטער פון מיסוני. איך האָב זיך מקדים געווען און בין אַוועק צו אים. אויפן „הויכן אינדזל“ האָט זיך געפונען אלי גאָרדאָן מיט זיין משפחה און נאָך אייניקע גלו־באָקער. מען האָט מיך אַוועקגעפירט צו מיין ברודער. ער איז געווען אָנגעטאָן אין פרעמדע צעריסענע קליידער, איז געווען שרעקלעך בלאַס און פאַרוואָקסן, ער האָט זיך אַזוי געענדערט, אַז איך האָב אים קוים דערקענט. ער איז געוואָרן גרוי און דאָס פּנים איז געווען באַדעקט מיט אַזאַ טרויער, וואָס מען האָט ביי קייעם נישט געזען. ווען איך בין צו אים צוגעגאַנגען, איז ער געשטאַנען ביי אַ ביידל און געדאַוונט שמונה־עשרה. עס איז געווען אינדערפרי. ער האָט פאַר־ענדיקט שמונה־עשרה, מיר האָבן זיך צעקושט. ער האָט געמאַכט אַ ברכה „שהחינו“ האַכט זיך, און האָט ביי מיר קיין זאַך נישט געפרעגט. ער האָט שוין

געוווּסט, אַז מיין פרוי און מיין קינד זענען מיט מיר נישטאָ, און וואָס מיט זיי איז געשען איז געווען פאַרשפּאַרט צו פרעגן. דער פּיין און דער צער וואָס האָט געדריקט אונדזערע ביידנס ברידערלעכע הערצער האָט אונדז ביידן שטום געמאַכט...

## די הויפּטמערדער פון די יידן אין גלובאָק און אומגעגנט

פון די דייטשע מערדער און זייערע מיטהעלפער, אָנגעזויפטע מיט יידיש בלוט אין גלובאָק און אין די אַרומיקע יידישע ישובים, האָבן זיך אויסגעטיילט:

1. האָכמאַן — געביט־קאָמיסאַר. ווי אַן אָנפירער פון דער ציוויל־מאַכט, האָט ער באַלד נאָך זיין אָנקומען אין גלובאָק, סעפּטעמבער 1941, אָנגעהויבן זיין בלוטיקע אַרבעט. אויף אַ ראַפינירטן אופן האָט ער אויסגעזויגן דעם לעצטן זאַפט פון דער יידישער באַפעלקערונג. כדי צו דערגרייכן זיין ציל, כדי צו צווינגען די יידן אָפּצוגעבן זייערע פאַרמעגנס און זאַכן, האָט מען געדאַרפט זיי טעראָריזירן. מען האָט געדאַרפט האָבן קרבנות, מען האָט געדאַרפט בלוט... און דער געביט־קאָמיסאַר האָט אָנגעזעטיקט דעם גלובאָקער באָדן מיט יידיש בלוט, אַ דאַנק דעם, וואָס ער פלעגט שטענדיק שיקן אין דייטשלאַנד געפּאַקטע טשעמאָדאַנעס מיט יידיש גאָלד און צירונג.

2. העבעל — רעפערענט איבער נאַציאָנאַלע פראַגן. פון אים האָבן די יידן געליטן נישט ווייניקער ווי פון זיין שעף. זיין באַליבטסטע אַרבעט איז געווען דער אָפּטער „שפּאַציר" אין געטאָ, וואָס פלעגט יעדער מאָל אָנוואַרפן אַ פחד אויף די יידן. אין געטאָ פלעגט העבעל אַממיינסטן „שפּאַצירן" מיט זיין פרוי, וועלכע האָט זיך איזדיקעוועט איבער די יידן גלייך מיט איר מאַן. בעת זייער „שפּאַצירן" אין געטאָ האָבן זיי אַלעמאָל מיט זיך געפירט אַ הינטל מיט אַ צו־געטשעפּעטן געלן „מגן דוד" (דאָס איז געווען דער שאַנד־צייכן, וואָס די דייטשן האָבן געצוווּנגען די יידן שטענדיק צו טראָגן אויף זייערע אויבערשטע בגדים). די דייטשקע האָט זיך שטענדיק געמאַכט אירע טואַלעטן ביי די יידישע שניי־דערינס, פלעגט תמיד צוטראַכטן אַלץ פרישע מאָדעס און פאַסאָנען און די אַרבעטערינס פלעגן איר נישט קענען באַפרידיקן. זי האָט זיי אוממענטשלעך געפּייניקט. דאָס זעלבע איז געווען מיט די שוסטער, שטעפּער, וועלכע האָבן געמוזט אויסשטיין אירע ווילדע קאַפּריזן ביים אויספאַרטיקן פאַר איר די עלע־גאַנטע שוכוואַרג. זי פלעגט די אַרבעטער וואָרענען, אַז זיי זאָלן נישט וואַגן קיינעם צו נייען אַזעלכע קליידער, וועש, שיך, ווי זיי נייען פאַר איר. און די יידישע אַרבעטער האָבן זיך שטענדיק געפונען צווישן האַמער און קאָוואַדלע אין בסדרדיקן פחד, אַז די אָדער יענע הערשערין זאָלן זיי, פאַר עובר זיין אויף עפּעס אַ „פאַסאָן", נישט אָפּשיקן אין באַראַק...

העבעל איז שפּעטער געוואָרן שטאַרק פּאָפּולער מיט זיין געיעג אויף פאַר־טיזאַנער. ער פלעגט אַרויסשיקן אין וואַלד גאַנצע עקספּעדיציעס און פלעגט

אַליין אויך גאַנץ אָפּט זיך באַטייליקן אין אַזעלכע עקספּעדיציעס. ער פּלעגט אויך פאַרשפּרייטן פלוג־בלעטלעך מיט אויפרופן צו די פּאַרטיזאַנער, אַז זיי זאָלן אַרויס פון די וועלדער, צוזאָגנדיק זיי הרים וגבעות. ווי אַ רעפערענט אי־בער נאַציאָנאַלע פראַגן איז ער געווען איינער פון די אַקטיווסטע אָנפירער פון די שחיטות אויף ייִדן אין גלובאָק און אומגעגנט. מיט פאַרשיידענע מיטלען האָט ער זיך געמיט צו העצן די פּאָליאַקן און ווייסרוסן קעגן די ייִדן און אויך זיי אַריינצײַען אין זיין מערדערישער אַרבעט.

3. העבערלינג — רעפערענט איבער האַנדל־ און ווירטשאַפט־ענינים ביים געביט־קאָמיסאַר. ער האָט אָן אויפהער גערויבט די ייִדן און האָט זיך דערביי שטאַרק אָנגעלעבט. אַלע טאָג פלעגט ער דורך פּאָסט איבערשיקן פּאַקעטן צו זיין פאַמיליע אין דייטשלאַנד, חוץ גרעסערע באַגאַזשן, וואָס ער פלעגט תמיד שיקן מיטן אייזנבאַן. גאַנץ אָפט פלעגט העבערלינג פאָרן מיט אָנגעפּאַקטע גרוי־סע טשעמאָדאַנעס מיט ייִדיש האָב און גוטס קיין דייטשלאַנד און וואַרשע צו זיינע פריינט.

4. קערן — זשאַנדאַרמעריע־שעף אין גלובאָק. פון זיין אָנקום ביז זיין אומקום (17טן אויגוסט 1943), האָט ער נישט אויפגעהערט צו רויבן און צו מאָרדן.

5. הייט — וואַכמייסטער פון זשאַנדאַרמעריע, אַ נאָענטער מיטהעלפער פון קערנען.

6. בעממא — לייטער פון „פאַרפּלעגונגס אַמט". געני וועגן זיין טעטיקייט אויבן.

7. ווגדמאַן — געהילף פון בעממאַן. געווען, ווי זיין שעף, אַקטיוו אין רויב און מאָרד.

8. שפּער — וואַכמייסטער פון זשאַנדאַרמעריע — האָט אייגנהענטיק אויס־געפירט פאַרשיידענע מאָרדן אין בראַק און אַנדערע ערטער.

9. וויטוויצקי (דער צירקאָוועץ) וועגן זיין בלוטיקער טעטיקייט — זע אויבן.

10. גאָלדבערג — פאַרוואַלטער איבער די „אינספּעקטן". האָט זייער העפּ־טיק גערויבט די באַפעלקערונג, איז געווען אַן איבערגעגעבענער נאַציסט, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין פאַרשיידענע בלוט־אַקציעס אין גלובאָק און אומגעגנט, אין עקספּעדיציעס אויף פּאַרטיזאַנער א.אַז״וו.

11. מאררע — אָנפירער פון לעדער־פאַבריק. האָט זיך באַטייליקט אין מאַסן־שחיטות.

די דייטשן צאַנגער, קאַפּפענוואַלד, בעקער, קריעגער, זייף, היינליאַט, סמידס, ווילדט, פּעטערסאָן האָבן אַלע געפייניקט, גערויבט און געמאָרדעט די ייִדן פון גלובאָק און סביבה. וועגן די ווילדע מעשים פון יעדן איינציקן פון זיי וואָלט מען געקענט אַ סך דערציילן. איינער האָט איבערגעשטיגן דעם צווייטן אין אויס־זובן מיטלען פון אַכזריות פאַר די ייִדן. צי קענען מיר אָנווייזן אַ חיה, וואָס זאָל

צווינגען איר קרבן אַריינצונעמען צו זיך אין מויל דאָס קעפּל פון אַ לעבעדיק מויז און עס אָפּבייסן? דאַכט זיך, אַז די ווילדסטע פאַנטאַזיע קען זיך אַזאַ זאַך נישט פאָרשטעלן. גאַנץ געלאַסן האָט עס דורכגעפירט דער דייטש סמידס. אויף דער באַן־סטאַנציע פון גלובאָק, בעת די ייִדן האָבן דאָרט געפּרעסט און געלאָדן אין די וואַגאָנעס היי, האָט ער, געצוווּנגען הויכמאַנען, פאַר אַלעמען אין די אויגן, אָפּבייסן מיט די ציין דאָס קעפּל פון אַ לעבעדיקער מויז. אַזעלכע און ענלעכע מעשים תעתועים וואָלטן מען געקענט פאַרשרייבן אויפן אַקטיוו פון יעדן איינעם. עס איז אָבער אוממעגלעך אַלץ צו דערציילן. די באַשיידענע בייי־שפּילן כאַראַקטעריזירן גענוג דעם מהות פון די מערב־אייראָפּעיִשע קולטור־טרעגער.

מען דאַרף מיט שאַנד און ווייטיק מודה זיין, אַז אונדזערע היימישע קריסטן האָבן שנעל איבערגענומען די תורה פון די דייטשן און האָבן באַוויזן, אַז מען מוז נישט געהערן דווקא צום „ערן־פאָלק פון דיכטער און דענקער", כדי צו פּייניקן און אומצוברענגען מענטשן. מען דאַרף בלויז צערייצן די חיה, וואָס זיצט פאַרשטעקט אין מענטשן און די אַרבעט קען אויסגעפירט ווערן.

פון די אָרטיקע מערדער, באַקאַנטע אין זייער הילף די דייטשן, זענען געווען:

1. וואַליוקעוויטש — דער פאַרוואַלטער פון „וואַגענבאַו". ער איז געווען אַ מיטגליד פון „ווייסרוסישן ראַט", בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען דער באַקאַנטער ווייסרוסישער פאַררעטער אָסטראָווסקי (מינסק). וואַליוקעוויטש איז אויך געווען אַן אַקטיווער מיטגליד פון „ווייסרוסישן נאַציאָנאַלע קאָמיטעט" און בעת ער איז געווען טריי זיין אַמט, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט איזדיקעווען און פּייניקן די ייִדן.

2. גרינעוויטש — דער פאַרוואַלטער פון קוזניע. אַקטיווער מיטגליד פון „ווייסרוסישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט".

3. פּאַולסקי — ראַיאָן נאַטשאַלניק פון גלובאָקער געביט.

4. קאָזיאָל — דאָס זעלבע.

5. גוזאווא — פאָלקסדייטשקע. געדינט אַלס איבערזעצערין אין געביט־קאָמיסאַריאַט.

6. אסקערקא וולאדימיר — אַקטיווער מיטגליד פון „ווייסרוסישן נאַציאָ־נאַלן קאָמיטעט".

7. אסקערקא הענריך — דאָס זעלבע.

8. סובבאטין — שול־אינספּעקטאָר. אַקטיווער מיטגליד פון „ווייסרוסישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט".

9. אגראנאם לאפיר — באַקאַנטער שונא ישראל נאָך פון די סאַנאַציע־צייטן. איצט אַקטיווער מיטגליד פון „ווייסרוסישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט".

10. גרודמאַן — דער לייטער פון קינאָ אין גלובאָק בעת דער דייטשער

הערשאַפט. ער פלעגט שלאָגן ייִדן אויף יעדן טריט. מען האָט געמוזט אויסמיידן מיט אים זיך צו באַגעגענען. גרודמאַן האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אומברענגען די ייִדן בעת דער ליקווידאַציע פון דער געטאָ אין אויגוסט 1943.

11. סמאָלסקי אַלעקסאַנדער — געדינט אין דער דייטשער געהיים־פּאָליציי. דער דייטשער שפּיאָן האָט דערטראָגן די דייטשן אויפן שניידער ליפשין יצחק, אַז ער איז בעת די סאָוועטן געווען דער פּאָרזיצער פון שניידער־אַרטעל אין גלובאָק און אויפן שניידער אַראָנסאָן, אַז בעת דער קאָנפיסקאַציע פון די שניי־דערשע מאַשינען, האָט ער זיין מאַשין נישט אָפּגעגעבן און באַהאַלטן. ליפשין און אַראָנסאָן זענען פאַר די חטאים אַרעסטירט געוואָרן.

12. שטשעבעס מיעציסלאַוו — האָט געדינט אין דער דייטשער געהיים־פּאָליציי. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, זענען צוליב זיין מסירה דער־שאָסן געוואָרן, אין הארבסט 1941, די 12 מאַן פון גלובאָק (באַשריבן אין די ערשטע פּרקים). שטשעבעט האָט דערטראָגן די דייטשן, אַז דער פעלדשער יהושע גיילער איז עפּנטלעך אַרויסגעטראָטן אויף אַ סאָוועטישן מיטינג דעם 10טן אָקטאָבער 1939. ענלעכע חטאים האָט שטשעבעט אויך געפונען ביי די איבעריקע 11 אסורים.

13. קאָנדראַטין פּאַוועל — פאַרוואַלטער פון צ. ט. א. אין גלובאָק. אַ דאַנק אים איז אַרעסטירט און געפּייניקט געוואָרן נתן גיטעלזאָנס דינסט, וואַרוואַרע באַזיקי, פאַר דעם, וואָס זי האָט געהאָלפן אירע באַלעבאַטים.

14. ספּאַקאָווסקי — האָט זיך ענערגיש באַטייליקט אין זוכן די באַהאַל־טענע ייִדן בעת דער ליקווידאַציע פון גלובאָקער געטאָ.

15. ניעדזיעלעץ איוואַן — האָט אָנטייל גענומען אין אַ סך רויבערייען און אין מאָרדן די ייִדן אין גלובאָק.

16. איוואַן טרילוף (דער הינקעדיקער) — האָט צוזאַמענגעאַרבעט מיטן דערמאָנטן ניעדזיעלעצן. בעת די מאַסן־שחיטות אין יוני 1942 און אויגוסט 1943, זענען דיביידע איוואַנעס אַרומגעגאַנגען מיט העק אין די הענט און האָבן ביי די הרוגים אַרויסגעהאַקט פון די מיילער די גאָלדענע און פּלאַטינענע ציין, האָבן אַראָפּגעריסן פינגערלעך פון די פינגער, אוירינגלעך פון די אויערן אד״גל (טיילוויז האָט דאָס דער דייטש געמאַכט ביי די קרבנות בעת זיי האָבן געלעבט. נאָר דאָס „רעשט" איז פאַרבליבן פאַר די איוואַנעס...).

17. נאומאָוו — בורגמיסטער פון גלובאָק.

18. פיליפּאַק — נאָענטער מיטהעלפער פון די דייטשן. האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די שחיטות און רויבערייען פון די ייִדן.

19. יאַרעמעק — נאָענטער חבר פון דערמאָנטן פיליפּאַק, וועלכער האָט צוזאַמען מיט אים געפירט די בלוטיקע אַרבעט.

20. דובראָווסקי — געוועזענער שאָפער פון „פישצעפּראַמטאָרג" פאַר די סאָוועטן. געווען באַפריינדט מיט אַברהם שוב. ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט

גלובאָק איז דובראָווסקי געוואָרן אַ פּאָליציאַנט און האָט זיין „פריינטשאַפט" מיט שובן אויסגענוצט... ער האָט אים גערויבט און פאַרפאָלגט. דובראָווסקי פלעגט קומען צו שובן און פאָדערן ביי אים אָנצוגן און אַנדערע זאַכן, זאָגנדיק דערביי, אַז סיי־ווי וועט מען דאָך די ייִדן אומברענגען און זיינע זאַכן וועלן אַריינפאַלן צו עפּעס אַן אומבאַקאַנטן און „פרעמדן". שוב האָט פון זיין „גוטן פריינט" שטאַרק געליטן, נאָר עפּ"י נס, איז ער אַרויס פון זיינע הענט אַ לעבעדיקער. שוב האָט זיך פשוט, אין דער לעצטער צייט, פון אים באַהאַלטן. דובראָווסקי האָט זיך בכלל נוקם געווען אין די ייִדן און זיך באַטייליקט אין די שחיטות.

ווען די רויטע אַרמיי האָט אין יולי 1944 באַפרייט גלובאָק פון די דייטשן, איז שוב אָנגעקומען אויף אַרבעט אין נ. ק. וו. ד. דובראָווסקי איז אַרעסטירט געוואָרן און איז געזעסן אין תפיסה פון גלובאָקער נ. ק. וו. ד. דער נאַטשאַלניק האָט איינמאָל אַריינגעבראַכט דעם אַרעסטירטן דובראָווסקי צו זיך אין קאַבינעט, ווען מיר זענען דאָרט געווען. דובראָווסקי האָט זיך געטרייסלט, נישט געקענט רעדן פאַר שרעק. אויף אונדזערע פראַגן וועגן זיין אַרבעט ווי אַ פּאָליציאַנט ביי די דייטשן, פלעגט ער זאָגן, אַז ער האָט ייִדן קיין שלעכטס נישט געטון, אַז ער פלעגט נישט נעמען קיין אָנטייל אין מאָרדן. ווען שוב, וועלכער איז בייגעווען בעת אונדזער אויספאָרשן דובראָווסקי, האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט אים גערויבט, האָט ער געשוויגן.

21. קאַספּזשיצקי — אויך געדינט אין דער פּאָליציי. ווי די איבעריקע חברים זיינע, האָט ער אויך גערויבט און געמאָרדעט. נאָר ער האָט פאַרפאָלגט אויך נישט ייִדן. ווי מען האָט איבערגעגעבן, האָט קאַספּזשיצקי בשעתו געהרגעט דריי קסיאָנדזשן צוליב רויב־ציל. די אָנגערויבטע זאַכן האָט ער געבראַכט אַהיים און צוגעטראָגן זיין פרוי אַ מתנה. זי איז אָבער אַ פּנים געשטאַנען אויף אַן אַנדער הויך און האָט די „מתנה" פון איר מאַן אַ שליידער געטון אים אין פּנים און האָט זיך צעוויינט. די פרוי קאַספּזשיצקי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן די מעשים פון איר מאַן און האָט אים איינמאָל ביינאַכט דערמאָרדעט... די חברים זיינע האָבן אַרעסטירט קאַספּזשיצקיס פרוי און זי דערשאָסן. עס איז פון זיי פאַרבליבן אַ קליין מיידעלע, וועלכע האָדעוועט זיך אין גלובאָק ביי איינעם פאָמיעטאָ אויפן 17טן סעפּטעמבער־פּלאַץ.

די נעמען פון די פּאָליציאַנטן זענען שוין אויסגערעכנט. זיי אַלע, ווי עס איז שוין אויבן דערמאָנט, האָבן אַקטיוו געהאָלפן די דייטשן אין זייער משונה־ווילדער אַרבעט.

דאָס צעטל אָבער שעפּט ווייט נישט אויס די אַלע, וואָס האָבן פאַרגאָסן ייִדיש בלוט אין גלובאָק און אין די אַרומיקע ישובים. מיר האָבן געקענט אויסרעכענען די נעמען בלויז פון יענע מערדער, וואָס זענען אונדז געווען באַקאַנט אין געטאָ. צי האָבן מיר אָבער געקענט פאַרצייכענען אַלע מערדער, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער בלוטיקער אַרבעט? זיי זענען דאָך געווען אין די טוי־

זנטער און זייערע נעמען זענען געווען אומבאַוווּסט, סיי פאַר די, וואָס זענען פון זייערע בלוטיקע הענט אומגעקומען און סיי פאַר דעם קליינעם הייפל לעבן־געבליבענע...

אַך, ווי פּײנלעך עס איז צו טראַכטן, אַז די אַלע מערדער פאַרבלײבן אומ־באַשטראָפט, און אַז אַפילו דער מער יושרדיקער טייל פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וואָס ווערט אויפגעציטערט לייענענדיק די שרעקלעכע געשעענישן, וועט נישט קענען באַשטראָפן די גרויסע מחנה פאַרברעכער, ווייל מען ווייסט נישט ווער זיי זענען.

מיר גלויבן אָבער אין דער העכערער גערעכטיקייט, וועלכע מוז לסוף אויפ־דעקן אַלע פאַרברעכענס, ווי געהיים זיי זאָלן נישט דורכגעפירט ווערן. און אַז פאַרברעכער, ווו און ווי זיי זאָלן זיך נישט אויסבאַהאַלטן, וועט זיי די שטראָף גרייכן. זי וועט זיי אויסגעפינען בחדרי חדרים און וועט פון זיי נקמה נעמען אין דער זעלבער מאָס ווי זיי האָבן געפייניקט...

מיר ווילן אונדזער ביסל טרייסט באַקומען אין דעם גלויבן.

## אין קאַמף מיטן שונא

מיר האָבן שוין פריִער דערציילט וועגן די ערשטע פאַרטיזאַנער פון גלו־באָק, ווילן מיר איצט איבערגעבן אייניקע פרטים וועגן דער טעטיקייט פון באַזונדערע פאַרטיזאַנער אין גלובאָקער געגנט.

1. ד"ר נחום לקח איז אַוועק פון גלובאָקער געטאָ אין אַפּריל 1942 און האָט זיך באַזעצט אין אַ שטעטל לוזשקי, ווו ער האָט געאַרבעט ווי אַ דאָקטער אין אַ שפּיטאָל. דאָרט האָט ער געזוכט אַ וועג צו פאַרבינדן זיך מיט פאַרטי־זאַנער און אין אָקטאָבער האָט ער צוגענומען פון יענעם שפּיטאָל די כירורגישע אינסטרומענטן און איז, צוזאַמען מיט זיין פרוי און פלימעניצע דאָרע ראַזעט, אַוועק אין פאַרטיזאַנער גרופּע אונטערן נאָמען „פּיעטרושענקאָ". אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער דאָרט אַריבער אין דער בריגאַדע „אָקטיאַבר", ווו ער איז געווען טעטיק ביז צו דער באַפרייונג דורך דער רויטער אַרמיי. די גאַנצע צייט האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין פאַרשיידענע קאַמפן, זיין פרוי, וועלכע האָט געאַרבעט ווי אַ קראַנקן־שוועסטער איז אומגעקומען אין אושאַצער ראַיאָן אין קאַמף מיט די דייטשן אין מאַי 1944. צו יענער צייט איז אויך אומגעקומען זיין פלימעניצע ראַזעט.

2. אַ ייִדיש מיידל פון קאַלינין, וועלכע האָט אין פאַרטיזאַנקע געטראָגן דעם נאָמען „קלאַווע", איז אויך געווען טעטיק אין אַ ספּעץ־גרופּע פון פאַרטי־זאַנער מיטן נאָמען „פּיעטרושיענקאָ". זי האָט געדינט ווי אַ פאַרבינדלערין צווישן דער יוגנט פון גלובאָקער געטאָ און דער ספּעץ־גרופּע, וואָס האָט זיך געפונען אין אושאַצער ראַיאָן. מיט דער גלובאָקער יוגנט איז „קלאַווע" געווען פאַרבונדן

דורך מ. שאַפּיראָ. „קלאָווע״ איז געווען זייער אַ העלדישע פּאַרטיזאַנקע און איז העלדיש אומגעקומען. געשען איז עס אין מאַי 1943, נישט ווייט פון זיאבקי. זי האָט באַגעגנט אַ דייטשן אָבערלייטענאַנט פון ס״ד, זי האָט געוווּסט, אַז ער באַזיצט וויכטיקע דאָקומענטן, פּלענער אאַז״וו און זי האָט געוואָלט עס ביי אים אַרויסבאַקומען. „קלאָווע״ האָט געשאָסן אין דייטש. ער איז געפאַלן, געמאַכט זיך טויט. ווען „קלאָווע״ איז צו אים צוגעקומען אַרויסצוציִען פון די קעשענעס די דאָקומענטן, האָט ער זיך אויף איר געוואָרפן און האָט זי אַנטוואָפנט. אין דעם זעלבן אָנגעקומען נאָך דייטשן. זיי האָבן זי אַוועקגעפירט אין גלובאָק און האָבן זי דאָרט געפּייניקט, אַז זי זאָל אַרויסגעבן דאָס אָרט, ווו עס געפינען זיך אירע חברים און זייערע נעמען. „קלאָווע״ האָט אויסגעהאַלטן און נישט גע־קוקט אויף אַלע עינוים קיין שום סודות נישט אַרויסגעגעבן. זיי האָבן זי אַוועק־געפירט אין „באַראַק״ און דערשאָסן.

3. שאַפּיראָ ב. האָט זיך אַקטיוו פאַרנומען אין געטאָ מיטן אָרגאַניזירן די יוגנט און באַזאָרגן זי מיט געווער. אין יוני 1942, האָט זיך אים איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן אין געטאָ אַ גרופּע יוגנטלעכע און צוזאַמען מיט זיי איז ער אַוועק אין די וועלדער פון ליעפּלער ראַיאָן צו פּאַרטיזאַנער. דאָרט האָט ער זיך אויס־געצייכנט אין פאַרשיידענע קאַמפן מיט די דייטשן, אַראָפּגעלאָזט עשאַלאָנען פון שונא און איז אומגעקומען אין אַ קאַמף מיט די דייטשן.

4. דעם 4טן יוני 1942, זענען פון גלובאָקער געטאָ אַנטלאָפן פּרץ הערשמאַן מיט זיין משפחה, קאָזלינער מישע מיט זיין ברודער און בערקאַן הירש. זיי זע־נען אַוועק אין די בלאָטעס „אַוואַשאַדאַ״ ביי לוזשקי. דאָרטן האָבן זיי אָרגאַני־זירט אַ גרופּע יידישע יוגנט פון אַ 20 מאַן, וואָס איז געשטאַנען אין פאַר־בינדונג מיט גלובאָקער געטאָ. זיי פלעגן פון גלובאָק באַקומען געווער און זענען טעטיק געווען אין פאַרשיידענע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. מישע קאָזלי־נער איז געווען די גאַנצע צייט אין דער „ראַזוויעדקע״ פון בריגאַדע „אָקטיאַבער״, איז געווען אייניקע מאָל פאַרוווּנדיקט. זיין ברודער איז געווען די גאַנצע צייט אַ קאָמאַנדיר פון אַ וויזוואָד פון סאַזיקינס בריגאַדע, וועלכע איז געווען טעטיק אין דיסנער און פּליסער געגנטן. פּרץ הערשמאַן איז געווען אַ סטאַרשינאַ פון „ערשטן אָקטיאַבער״־אָטריאַד. ער איז געווען זייער דרייסט בעתן אויספירן פאַרשיידענע קאַמף־אויפגאַבן.

5. קאַמינסקאַ חוה איז אַוועק פון גלובאָק אין דער פּאַרטיזאַנקע אין מאַי 1943. זי איז אויך געווען טעטיק אין דער בריגאַדע „אָקטיאַבער״ און האָט זיך דאָרט אויסגעצייכנט בעתן דורכפירן פאַרשיידענע אויפגאַבן. בעתן אויספירן אַן אויפגאַבע אין מאַי 1944, אין דאָקשיצער געגנט האָבן זי די דייטשן געכאַפּט, געבראַכט אין דאָקשיץ, געפּייניקט זי און דערנאָך אויפגעהאַנגען.

6. צימער ברוך בן שמעון פון קאַזיאַן, איז אַריינגעטראָטן אין דער פּאַר־טיזאַנקע דעם 1טן יולי 1942. פריִער איז ער אָנגעקומען אין דער בריגאַדע

„ספּאַרטאַק". אין דעצעמבער 1942, איז ער אַריבער אין דער „סוואָראָוו"־ברי־גאַדע, ווו ער איז געווען טעטיק ביזן סוף. ווען די „סוואָראָוו"־בריגאַדע האָט גע־דאַרפט, אין אַפּריל 1943, איבערגיין די אייזנבאַן־ליניע צווישן פּאָדסווילע און זיאַבקי האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף דייטשע סאָלדאַטן. מיט גראַנאַטן האָבן זיי דעמאָלט דערהרגעט עטלעכע דייטשן און אונטער אַ פייער פון פּולעמיאָטן און מינאָמיאָטן האָבן זיי פאַרכאַפּט אַ פּולעמיאָט פון דייטשן גאַרניזאָן „זאַבקי" און זענען דורך די באַן־ליניע אָן קרבנות. ביי דעם האָט זיך אויסגעצייכנט דער דערמאָנטער ברוך צימער.

7. בלאַט יצחק — דער שטילער בחורל פון לאָמזשער גאַס (אַ געוועזענער לאַנגיעריקער שילער אונדזערער), האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין העלדישקייט ווי אַן אויספשפּירער־אָפּיציר אין טשאַפּאַיעווס אָטריאַד פון וואָראָשילאָווס פּאַר־טיזאַנער־בריגאַדע און שפּעטער פּאָליטרוק. בלאַט האָט אַרויסגעוויזן אַזויפיל גבורה, אַזויפיל קאַמף־פעיקייט, אַז ער איז געוואָרן איינע פון די חשובסטע פי־גורן אין דער אָנפירונג פון דער דערמאָנטער פּאַרטיזאַנער קאָמאַנדע. און אין קאַמף מיטן שונא איז בלאַט, אין פעברואַר 1944, העלדיש אומגעקומען.

געשען איז עס אויף אַזאַ אופן: האַלב יאַנואַר 1944, איז דורך די פּאַרטי־זאַנער פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד אומגעבראַכט געוואָרן דער דייטשער גאַרניזאָן אין קאַמף, נישט ווייט פון שטעטל קאָבילניק. נישט ווייט פון קאַמאַי, אין דאָרף פּעטריצע, האָט זיך געפונען אַ גאַרניזאָן פון 40 ליטווינער, וועלכע האָבן געדינט די דייטשן. דער 3טער ווזוואָד פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד האָט געזאָלט פאַר־ניכטן דעם פּעטריצער ליטווישן גאַרניזאָן. אַ גרופּע פון 20 מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר לענקאָ, האָט אַרומגערינגלט די ליטווינער, וואָס האָבן זיך געפונען אין בנין פון אַ פּאָלקס־שול. די ליטווינער האָבן זיך פאַרפעסטיקט אין שול, אין דריי צוגעגרייטע בונקערס, פון דאָרט געשאָסן אויף די פּאַרטי־זאַנער און נישט צוגעלאָזט זיי צו זיך. נאָך אַ קעגנזייטיקער שיסעריי פון עטלע־כע שעה, איז די פּאַרטיזאַנער געלונגען אונטערצוצינדן די שול. די באַלאַגערטע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין קעלער פון שול און האָבן זיך פון דאָרט אָפּגעשאָסן. בלאַטן האָט זיך געוואָלט די ליטווינער נעמען לעבעדיקערהייט. מיט דריי באַ־וואָפנטע פּאַרטיזאַנער איז ער צוגעגאַנגען נאָענט צו די באַלאַגערטע און זיי פאָרגעלייגט אונטערצוגעבן זיך. די ליטווינער האָבן אויף די פּאַרטיזאַנער גע־עפנט אַ פייער פון מאַשין־ביקסן און בלאַט איז געפערלעך פאַרוווּנדיקט געוואָרן. דער פּאַרטיזאַן, שערעס טוביה, אַ ווילנער, האָט דעם פאַרוווּנדעטן יצחק בלאַט אַוועקגעפירט אין קאַמאַי. ער האָט אים אָבער קיין לעבעדיקן נישט דערפירט. אויפן וועג איז ער אויסגעגאַנגען. דער נאָמען פון יצחק בלאַט איז פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג אין דער רשימה פון די, וואָס האָבן העלדיש און מסירת־נפשדיק געקעמפט מיטן שונא און זענען העלדיש אומגעקומען.

דעם ליטווישן גאַרניזאָן אין פּעטריצע האָבן די פּאַרטיזאַנער פּאַרניכטעט עד גמירא.

8. די שרעק פון די דייטשן אין מיאדלער ראַיאָן איז געווען דער גלובאָקער פּאַרטיזאַן אבנר פייגעלמאַן פון וואָראָשילאָווס בריגאַדע. די דייטשן האָבן געהאַט „גרויס דרך־ארץ“ פאַר „אליאָשען“, וועלכער איז דרייסט אָן פּחד געקראָכן ממש אין פייער אין קאַמף מיטן שונא. פייגעלמאַן האָט נישט געהאַט, איז נישט געבליבן אויף אָן אָרט, מען האָט אים שטענדיק געזען, דאָ אין ליפּאָווע, דאָ אין קריזשאַנאווקע, פּילקאָווושצינע, מאגדולינע, אוזלע, אוניוויער, אויפן „הויכן אינדזל“ אאַז״וו. אָפט פלעגט ער באַגלייטן דעם קאָמאַנדיר פון בריגאַדע מאַרקאָוו.

די דייטשן האָבן געציטערט ווען „אַליאָשע“ (פייגעלמאַן) פלעגט זיך באַוויזן נאָענט פון זייערן אַ באַזעצטן פּונקט. זיי האָבן אויף אים געלויערט, האָבן אָבער מורא געהאַט מיט אים זיך צו באַגעגענען, און אַ דאַנק דעם איז אים געלונגען אַרויס פון די קאַמפן נישט געשעדיקט.

וויפל העלדישע טאַטן וואָלט מען געקענט פאַרשרייבן אויפן חשבון פון אַזוינע ווי יעקב רודערמאַן, באמקע געניכאוויטש, יעקב פרידמאַן, פייגעל מיכל, ציפּע סאָלאָווייטשיק, גאָרדאָן הירש, מנשה קאַפּעליאַוויטש, אלי (פון קריוויטש) א״אַ. וויפל עשאַלאָנען מיט אַמוניציע און געווער און טאַקע דייטשע ברואים האָבן די גלובאָקער ייִנגלעך און מיידלעך אויפגעריסן אויף די אייזנבאַן־ליניעס; וויפל גאַרניזאָנען האָבן זיי פאַרניכט ירשענענדיק גאַנצע סקלאַדן מיט געווער, וועלכע זענען געווען פונקט אַזוי וויכטיק ווי די מענטשן.

ביי דער באַשיידענער גלובאָקער יוגנט האָט זיך אין קאַמף מיטן שונא אַנטפּלעקט אַ קוואַל פון גבורה, וועלכע מען האָט געקענט בערג אויפרייסן. זיי האָבן זיך פאַרמאָסטן צו פאַרניכטן דעם דייטשן גאַרניזאָן אין גלובאָק און צו באַפרייען די ייִדן פון דער דאָרטיקער געטאָ. אָנהויב אויגוסט 1943, האָט די פּאַרטיזאַנער בריגאַדע „סוּוואָראָוו“ באַשלאָסן צו באַפרייען די גלובאָקער ייִדן די אַרבעט האָט געזאָלט דורכפירן דער אָטריאַד אויפן נאָמען פון „קאַגאַנאָוויטש“. דער קאָמאַנדיר פון דעם אָטריאַד, דוד פינצאָוו, האָט אַרויסגעשיקט קיין גלובאָק די פּאַרטיזאַנער ברוך צימער און מאָטקע לעדערמאַן צוצוגרייטן אין געטאָ די יוגנט צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן און פּאָליציי, אין מאָמענט ווען דער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד וועט באַפאַלן דעם דייטשן גאַרניזאָן אין גלובאָק. צימער האָט זיך אומגעקערט אין אָטריאַד און איבערגעגעבן, אַז אין געטאָ געפינט זיך אַ יוגנט פון אַ זעלכע 300 מאַן, וועלכע מען קען אָרגאַניזירן. עס איז אויך דאָ געווער אין געטאָ. עס זענען דאָ ביקסן, גראַנאַטן, קורצע געווער און אַפילו צוויי מעטראַליען. עס מוז אָבער דויערן אַ ביסל צייט, כדי צוצוגרייטן זיך צום געפּלאַנטן אויפשטאַנד.

צימער האָט מיט זיך געבראַכט פון גלובאָקער געטאָ אין אָטריאַד אַ 20 יוגנטלעכע. צווישן זיי זענען געווען: כידעקעל יצחק, פייקין אַברהם, פינצאָוו

הירש און אַלתר, לייזער און משה שקאָלניק, הירש לעווין, קאָפּל האָבערמאַן, אַברהם שוב א״אַ.

מאָטקע לעדערמאַן איז פאַרבליבן אין גלובאָקער געטאָ, כדי צו העלפן די יוגנט אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד בעתן אָנגריף פון די פּאַרטיזאַנער.

צום אומגליק, איז אָבער דער פּלאַן נישט אויסגעפירט געוואָרן. נאָך דער מפּלה פון די גלובאָקער דייטשן אין קאַמף מיט די „ראדאגאווצעס״ אין קרו־לעווושצינע, האָבן זיי מסתמא דערשפּירט זייער סכנה אין גלובאָק און באַשלאָסן צו פאַרשנעלערן דעם סוף פון די ייִדן אין גלובאָק.

ווי אַזוי די דייטשן האָבן ליקווידירט די גלובאָקער געטאָ, האָבן מיר שוין דערציילט.

בעת דער ליקווידאַציע האָבן אַ טייל, מיט געווער אין די הענט, זיך דורכ־געריסן דורכן פייער און אַוועק אין וואַלד, ווו זיי האָבן נקמה גענומען פון שונא.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאַי צו דערמאָנען צום גוטן דעם „קאָמבריג״ פון „סוואָראָוו״ י. א. כאַמצענקאָ, וועלכער האָט אַ סך געהאָלפן די געראַטעוועטע ייִדן פון גלובאָק און אומגעגנט. נאָך פאַר דער ליקווידאַציע פון גלובאָק איז, לויט זיין איניציאַטיוו, אָרגאַניזירט געוואָרן דער ייִדישער „קאַגאַנאָוויטש״־אָטריאַד, אונטער דער קאָמאַנדע פון דוד פינצאָוו. כאַמצענקאָ האָט געהאָלפן אַ גרופּע פון 23 ייִדן, וואָס זענען בעתן פאַרניכטן די געטאָ אַנטלאָפן פון גלו־באָק, אַריבערקלייבן זיך די באַנליניע אין אושאצער ראַיאָן. דאָס איז געווען אַ שווערע און געפערלעכע אַרבעט. אַ דאַנק דער הילף פון כאַמצענקאָ זענען דע־מאָלט נצול געוואָרן פון טויט דוד לאַימאַן, ראַיע מילכמאַן א״אַ.

## נאָך אונדזער צעשיידן זיך

ווען איך, צבי, בין אַרויס פון גרוב, האָט זיך פאַר מיינע אויגן אַנטפּלעקט אַ גרויזאַם בילד. אַרום האָבן דערברענט רעשטלעך פון בנינים. פון וויטן זענען אַרומגעפּאָרן דייטשן אויף אויטאָס און מאָטאָציקלעטן, באַלויכטן מיט פּראָזשעק־טאָרן דעם שטח. אויף פאַרשיידענע ערטער זענען אַרומגעגאַנגען פּאַטרולן אין העלמען און האָבן באַלויכטן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך. שיסערייען פון מעט־ראַליען און ביקסן און אויפרייסן האָבן זיך דערטראָגן פון פאַרשיידענע פּונקטן (דאָס, אַגב, האָט נישט אויפגעהערט די גאַנצע 43 שעה זינט דעם אָנהויב פון דער שחיטה). קענטיק, אַז דאָס האָט מען געכאַפּט קרבנות, אַרויסלויפנדיקע פון זייערע באַהעלטענישן, אָדער אין די באַהעלטענישן גופא.

די לופט איז אָנגעפילט מיט רויך. לעבן מיר איז געשטאַנען בלויז מיין שוועגערין. די איבעריקע, דער ברודער מיטן פּלימעניקל, זענען געווען עטוואָס ווייטער פון מיר. איך טראַכט וואָס צו טון מיט דער טעקע רפואות פון ערשטער הילף, וועלכע די שוועגערין האָט מיטגענומען אין גרוב און פון דאָרט אַרויס־

גענומען. איך האָלט אויף דעם ברודערס טלית. די שוועגערין האָט זיך עפּעס אויך פון מיר אָפּגערוקט. איך קוק מיך אַרום. קיינער פון אונדזערע איז נישטאָ... איך בין מבולבל, איך ווייס נישט וואָס צו טון. איך ווייס נישט ווו צו זוכן זיי, איך ווייס נישט ווו צו לאָזן זיך גיין. דער טויט לויערט פון אַלע זייטן. איך מוז שטרענג זיך היטן, אַז עמעצער פון די משחיתים זאָלן מיך נישט מערקן. די גאַנצע געגנט אַרום מיר איז אַרומגעוואַקסן מיט הויכע גראָז. (געוועזענע גערטנער). איך האָב מיך אַוועקגעלייגט און טראַכט וואָס צו טון. דאָס האַרץ פּאַלט פשוט אַרויס, וואָס טוט זיך מיט אונדזערע? (ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן זענען זיי געשטאַנען ס״ה צוויי מעטער פון מיר און מיר האָבן נישט געוווּסט איינע פון די צווייטע). איך האָב בכלל פאַרלאָרן די אָריענטאַציע. די טעקע מיט די רפואות מוז איך איבערלאָזן. איך וואַרף אַראָפּ פון זיך די אויבערשטע בגדים, טו אויס די שטיוול און לאָז זיך אויף „אַלע פיר״ פויזען דורך די גערטנער פון „משיחס״ קאָלאָניע. איך האָב אַזוי צוגעפויזעט צו כתריאל כ״צס הויף אויף ווילנער גאַס. דורכמאַכנדיק דאָס שטיקל וועג פון אַ פּאָר הונדערט מעטער דורך פייער און שווערד, האָב איך דערזען, אַז אויף ווילנער גאַס איז אַלץ פאַרברענט: די הייזער, דער געטאָ־צוים. קיין פּאַטרול האָט זיך אויך נישט באַמערקט. איך האָב דורכגעשניטן די ווילנער גאַס און אַריינגעכאַפּט זיך אויפן הויף פון שרה קרעמער (פרוי פון לערער זלמן קראַוויעץ). מיינע גע־דאַנקען זענען עפּעס לויטערער געוואָרן. איך האָב עפּעס אָנגעהויבן טראַכטן, אַז די גרעסטע סכנה איז געבליבן הינטער מיר און איך האָב שאַנסן צו בלייבן לעבן... שטייענדיק אַזוי אויפן הויף הינטער דער קאַליטקע און טראַכטנדיק, האָב איך דערהערט קרעכצן, וועלכע האָבן זיך דערטראָגן פון דעם גראָז, פון די קאַרטאָפל, פון די גערטענער. דאָרט זענען, קענטיק, געלעגן פאַרוווּנדיקטע. די שיסערייען האָבן נישט אויפגעהערט. עס זענען געפאַלן ראַקעטן אין אַלע זייטן. לאַנג שטיין און טראַכטן טאָר איך נישט. דאָס איינציקע וואָס מיך פּייניקט — די געדאַנקען זענען ביי מיר פאַרטונקלט, אָבער פאַרלאָזן מיך נישט — איז ווו זענען מיינע?... אַך, ווי גליקלעך איך וואָלט זיך געפילט, ווען זיי זענען מיט מיר צוזאַמען דאָ! מיר גייט נישט איין מיין, „הצלחה״, וואָס איך האָב זיך אַרויס־געדרייט פון געטאָ. אין מיר קומט פאָר אַן אינערלעכער געראַנגל: וואָס זאָל איך דאָ טון, לאָזן זיך ווייטער איבער די פעלדער, גערטענער, לאַנקעס, אָדער אומ־קערן זיך זוכן זיי, מיינע טייערסטע. דאָס וואָלט אָבער באַטייט זיכער אַריינפאַלן צו די מערדער אין די הענט, און דאָ טראַכט איך מיר, אַז טאָמער האָבן זיי זיך פּאַרט געראַטעוועט, וועלן זיי דאָך מיט מיין דורכפאַלן ערשט זיין אומגליקלעך. און איך האָב באַשלאָסן זיך לאָזן אַרויסגיין פון שטאָט. איך בין אַוועק דורך די גערטנער פון ווילנער גאַס. איך האָב געטראָטן איבער טויטע קערפּערס, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די קאַרטאָפל, קרויט אאַז״וו. איך האָב זיך אַ סך מאָל פאַרטשעפּעט, געפאַלן. ביי דעם בלאַסן לבנה־שיין האָב איך פּרובירט אַריינ־

קוקן אין די פּנימער פון מתים אויף די גערטנער, אפשר וועל איך עמעצן דער־קענען, אָבער איך האָב קיינעם נישט דערקענט. איך האָב געשפּירט, אַז מיינע כוחות פאַרלאָזן מיך. איך האָב מורא געהאַט, אַז איך זאָל נישט אַריינפאַלן אין חלשות. דער אינסטינקט פון וועלן זיך ראַטעווען האָט מיך געטראָגן. מיט אימ־פּעט האָב איך זיך דורכגעריסן דורך שטעכל־צוימען, געשפּרייזט איבער קלע־צער האָלץ. איך האָב אויף זיך צעריסן די קליידער. מיין קערפּער איז געווען נאַס. תחילת האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז שווייס, נאָר באַלד האָב איך דערזען, אַז פון מיר רינט בלוט. איך האָב אָן דעם שטעכל־דראָט צעריסן די הויט אויף זיך. קיין ווייטיק האָב איך נישט געשפּירט... געלאָפן בין איך אָן שיך אין סקאַר־פּעטן. איך האָב אַראָפּגענומען פון די פיס די בלאָטיקע סקאַרפּעטן און געוואָלט מיט זיי ווי עס איז פאַרהאַלטן דאָס בלוט פון מיינע וווּנדן. איך האָב אָבער גאָר נישט געמאַכט. טראַכטן וועגן דעם האָב איך נישט געקענט. מיינע געדאַנקען זענען געווען פאַרנומען מיט דעם, ווי אַזוי אויסצונוצן די נאַכט און דערקלייבן זיך צו עפּעס אַ וועלדל.

פון שטאָט האָבן זיך אָן אויפהער געטראָגן שיסערייען פון מעטראַליעזן, ביקסן, עס זענען כסדר געפלויגן ראַקעטן, וועלכע האָבן אויך אַהער, אויף מיין וועג פאַרבלאַנדזשעט. דער לבנה־שיין האָט מיר געשראָקן, אַ מערדעריש אויג זאָל מיך נישט באַמערקן. איך האָב זיך דערשלעפּט ביז גלאַוניצקעס גאָרטן, וועלכן איך האָב גוט געקענט, ווייל דאָרט האָט זיך געפונען דער בנין פון אונד־זער שול אין משך פון 12 יאָר. איך האָב געוואָרפן פון דערווייטנס אַ בליק אויף דעם שול־בנין, אויפן פּלאַץ ווו די קינדערלעך פלעגן זיך שפּילן און אין מיין געדאַנק זענען דורכגעפלויגן די מאָמענטן פון דער גאָר נישט לאַנגער גליקלע־כער צייט, וועלכע איז פאַרשוווּנדן אויף אייביק...

איבער ווילנער גאַס נומ׳ 77, לעבן דעם שול־בנין האָב איך באַמערקט אַ פּאַטרול. איך האָב מורא געהאַט, ער זאָל מיך נישט באַמערקן און זיך געלייגט אין די קאַרטאָפל. ער איז באַלד דורכגעגאַנגען. ליגנדיק האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וווהין צו גיין ווייטער. מיך האָט געצויגן צו דרום, אין דער ריכטונג פון קרולעוושצינע. איך האָב געטראַכט אפשר זענען מיינע אַוועק אַהין. איך האָב זיך אויפגעהויבן און אַוועק אין יענער ריכטונג. דאָרט האָב איך געדאַרפט דורכשניידן די באַן־ליניע, לערך אַ האַלבן קילאָמעטער ווייטער. אָפּגייענדיק אַ 50 מעטער, האָב איך דערהערט ביי דער ליניע אַ מעטראַליען־שיסעריי און איך בין אַוועק אין אַ צווייטער ריכטונג. דערווייל האָט גענומען טאָגן. איך האָב באַשלאָסן צו פאַרקירעווען צום באראקער וועלדל. ווי באַקאַנט האָבן די דייטשן דאָרט, אין משך פון צוויי יאָר, אויסגעמאָרדעט טויזנטער ייִדן. איך דאַרף דורכ־שניידן דעם טראַקט, וואָס פירט קיין דונילאָוויטש, פּאסטאווו. עס איז געפערלעך. איך בין צוגעקומען צו דער לעדער־פאַבריק און באַמערקט אַ פּאַטרול. איך האָב געמיינט, אַז אַלץ איז שוין געענדיקט. איך האָב געשפּירט, אַז לויפן טאָר איך

נישט. בין איך געגאַנגען לאַנגזאַם מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און געמיינט, אַז ער וועט מיך פאַרהאַלטן, אָדער גאָר שיסן פון הינטן. צו מיין גרויסן וווּנדער איז קיין זאַך נישט געשען. איך האָב אַ ביסל אַ קער געטון דעם קאָפּ און געזען, אַז די ביקס איז ביי אים נישט אויסגעשטרעקט און אַז ער רעאַגירט נישט. איך זע נישט גוט. עס איז מיר טונקל אין די אויגן, אָדער אפשר איז נאָך בכלל פינצטערלעך פון דער נאַכט און אפשר ביידע זאַכן צוזאַמען. איך האָב זיך אָנגעהויבן שאַרן שנעלער און שנעלער, איך האָב זיך איינגעבויגן און ווידער געשאַרט זיך. איך האָב געכאַפּט איין בליק, אַ צווייטן בליק אין יענעמס ריכ־טונג און — מאָדנע, נישט ער זאָגט עפּעס, נישט ער באַוועגט זיך. אַ געדאַנק האָט מיר אַ בליץ געטון אין מוח: אפשר האָט אים עמעצער דאָ דערמאָרדעט. אויב יאָ, פאַר וואָס זשע איז ביי אים פאַרבליבן זיין ביקס? די ביקס האָט זיך מיר גראָד געוואָלט אַריינקריגן. איז אפשר זאָל איך מיך אַ קער טון צו אים... איך וועגד מיינע בליקן ווידער און זע, ווי ער האָט זיך גענומען אויסציִען זיך ווי פון אַ דרעמל. איך האָב געזען, אַז ער לעבט און האָב פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיין שיכור, אָדער ער דרעמלט. דער נס איז פאַר מיר געוועזן אַ קלאָרער. איך האָב בשלום דורכגעקרייצט דעם וועג אין דער ריכטונג צו צפון, צום בלו־טיקן באַראַקער וועלדל. עס איז שוין געוואָרן גוט ליכטיק, ווען איך בין אַריינ־געקומען אין וואַלד. איצט איז אַ פראַגע, וואָס טוט מען, ווו באַהאַלט מען זיך אויף גאַנצע 16־17 שעה ביז נאַכט? איך האָב געפונען אַ קוסט און אין אים אַריינגעקראָכן. די באַהעלטעניש איז מיר נישט שטאַרק געפעלן געוואָרן, נאָר זוכן זיכערס אין יענעם מאָמענט איז געווען אַ צו גרויסע ריזיקע. עס האָבן זיך צו מיר גענומען דערטראָגן קולות פון דייטשן. און וואָס ווייטער אַלץ העכער האָבן געקלונגען די „געשמאַקע" דייטשע שטימען און געלעכטערס. וועלכע האָבן פאַרהילכט דעם וואַלד. צי דער קוסט האָט מיך פאַרדעקט אַזוי, אַז מען זאָל מיך נישט קענען באַמערקן, ווייס איך נישט. איך האָב יאָ געזען אַרום זיך אַ קליינעם שטח און ווען עמעצער פון די מלאכי־חבלה וואָלט זיך דאָרט באַוויזן, וואָלט מען מיך זיכער געקענט באַמערקן.

דער שרעקלעכער פּיין וועגן דעם גורל פון די אייגענע, די געדאַנקען, וועלכע האָבן מיך אַ מינוט, אַפילו אין די סאַמע סכנהדיקע מאָמענטן, נישט אָפּגעלאָזן, האָבן אין מיר פאַראַליזירט די שרעק, דעם פחד. איך פלעג מאָמענט־ווייז אַפילו פאַרגעסן ווו איך בין אין דער וועלט...

די „קאַנאָנאַדע" פון גלובאָקער זייט הערט נישט אויף. עס איז שוין דער דריטער טאָג פון דער שחיטה, און עס איז נאָך אַלץ דאָ וועמען צו שיסן...

עס הויבט מיך אָן מאַטערן דער דאָרשט. צוויי מיט אַ האַלבן מעת־לעת, ווי איך האָב אַפילו נישט באַנעצט מיינע ליפּן. וועגן עסן איז דאָך אָפּגערעדט. איך האָב געוואָלט אויפהויבן זיך און אַ לעק טון די ראָסע פון די בלעטער פון די קוסטעס, אָבער זיי זענען טרוקן. אָבער באַלד פאַרגעס איך אין מיין דאָרשט.

איך דערהער, ווי נישט ווייט פון מיר קאָמאַנדעווען עפּעס די דייטשן מיט קריסטן, באַפעלן און שרייען. באַלד דערטראָגן זיך קלאַנגען פון פורן, וועלכע זענען פון ערגעץ אָנגעפאָרן און שטעלן זיך אָפּ. בעת מעשה האָב איך נישט געהאַט די מינדסטע אַנונג, וואָס דאָס קען באַטייטן. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָט מען זונטיק געפירט די הרוגים פון גלובאָק און דאָ נישט ווייט פון מיר זיי באַגראָבן. וויפל האָט געפעלט, אַז איך אַליין זאָל זיין אין דער מתים־קאָמפּאַניע! בין איך, טראַכט איך מיר, איינער פון די גלובאָקער, אַ געראַטע־וועטער! ס׳קען נישט זיין! עס מוז זיין נאָך... אָבער ווו זענען זיי? וואַלגערן זיי זיך אין וועלדער, פעלדער, הויכע גראָזן, אָדער אַנדערש־ווו? אפשר ליגט דאָ אַמאָל, נאָענט פון מיר, עמעצער פון אונדזערע? אָך, ווי גליקלעך איך וואָלט געווען! אָבער גיין זוכן איז נישט שייך. עס איז אַ גרויסע סכנה אַפילו אַרויס־צושטעקן דעם קאָפּ פון קוסט. זייענדיק אַזוי פאַרטיפט אין די געדאַנקען וועגן מיין אומענדלעכן אייביקן גליק, ווען איך ווער געוואָר, אַז אונדזערע לעבן, באַ־מערק איך, ווי פאַרביי מיין קוסט לויפט דורך אַ יונגער קריסט, לייכט אָבער עלעגאַנט געקליידט מיט אַ שפּאַדל אין דער האַנט. זיין אויסזען האָט געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין שוואַרצער אַרבעטער. די דייטשן האָבן אים אַפּנים געצוואונגען צו באַגראָבן די טויטע, די קדושים. דערזעענדיק פּלוצלינג לעבן זיך דעם אומבאַקאַנטן קריסט, האָט עס מיך אַ וואַרף געטון אין דער לופטן, ווי איך וואָלט אָנגערירט אַ שטאַרקן עלעקטרישן שטראָם מיט אַ הויכן דרוק. ער האָט צו מיר אָן ווערטער אַ פּאָר מאָל אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, קענטיק געוואָלט מיך באַרויִקן, אַז מצד אים וועט מיר קיין בייז נישט געשען (אַזוי האָב איך עס פאַרשטאַנען) און איז אַוועקגעלאָפן ווייטער זיין וועג. איך האָב זיך צעוויינט. (דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט). דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַרום אַ האַלבע שעה. עס איז מיר אַ ביסל לייכטער געוואָרן, די געדאַנקען לויטערער, ריינער. איך האָב אָנגעהויבן צווייפלען, צי מעג איך זיך פאַרלאָזן אויפן קריסט, וואָס האָט מיך פריִער באַרויִקט. אפשר האָט ער מיך באַרויִקט, כדי אָפּצונאַרן מיך, אַזוי ווי עס האָט פּאַסירט מיט אַנדערע ייִדן, וואָס קריסטן האָבן זיי באַמערקט, נישט געטשעפּעט און שפּעטער איבערגעגעבן דער פּאָליציי אָדער אַליין אומגעבראַכט. זעלטן ווען אַ קריסט איז פאַרבליבן פּאַסיוו און גאָר נישט געטון... איך האָב באַלד געביטן מיין אָרט. אָנגעקומען איז עס מיר נישט לייכט, ווייל דער וואַלד איז געווען פול מיט דייטשן און מיט פּאָליציי.

איך וויל נאָכאַמאָל אונטערשטרייכן, אַז איך האָב מיין לעבן דאַן פאַר זיך צום וווּנציקסטן געשעצט. עס איז מיר נאָר געווען טייער צוליב די אייגענע; ווייל ביי יעדן פון אונדז איז זיין לעבן בלייבן געווען אויף אַזויפיל וויכטיק, אויף וויפל עס זענען געבליבן לעבן די אייגענע.

אָפּליגנדיק אַרום אַ שעה, צי מער אויפן פרישן אָרט, האָב איך זיך אַ ביסל באַרויִקט. צו די שיסערייען, אויפרייסן, וועלכע דויערן שוין אין גלובאָק און

דעם אַרום, צוויי מיט אַ האַלבן מעת־לעת, כמעט אָן איבעררייס, האָב איך זיך שוין אַזוי צוגעוווינט, אַז ווען אויפֿן דריטן טאָג פֿון דער שחיטה, איז געווען אַ שטיקל הפסקה, האָט עס מיך פּשוט געוווּנדערט. מיך האָט ווידער גענומען מאַטערן דער דאָרשט, אַ סך שטאַרקער ווי אינדערפֿרי. איך האָב פּשוט נישט געקענט אויסהאַלטן. איך האָב געלעקט די בלעטלעך פֿון געוויקסן. זיי זענען אָבער געווען טרוקן... דער טאָג איז געווען אַ הייסער און עס האָט מיך אַזויפֿיל געטריקנט, אַז איך האָב קיין שפּייעכץ נישט געהאַט, מיט וואָס די ליפּן צו באַנעצן עסן, להיפּוך, נישט קוקנדיק, וואָס עס זענען שוין באַלד אַוועק דריי מעת־לעת, ווי איך האָב אין שטוב, צוזאַמען מיט אונדזערע, אָפּגעגעסן צום לעצטן מאָל, — האָט זיך מיר נישט געוואָלט. אָבער טרינקען, גאָט מיינער! דאָס וועל איך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן! ווען איך האָב וווּ צו גיין אָנטרינקען זיך, וואָלט איך זיך, דאַכט זיך, געשטעלט אין סכנה און וואָלט געגאַנגען. דער דאָרשט האָט מיך אַזוי געדריקט, אַז איך האָב בכלל אין אַלץ פֿאַרגעסן. און דער טאָג האָט נישט קיין ברעג... ער איז לענגער ווי דער גאַנצער ייִדישער גלות. געלעגן בין איך נאָענט ביים טראַקט, וואָס פֿירט פֿון גלובאָק קיין שאַרקאָווש‏צינע, גערמאַנאָוויטש. עס פֿאָרן פֿורן, עס גייען יום טובֿדיק צוגעפּוצטע פּויערים און פּויערטעס. אייניקע שיכּור, ווי געווײנלעך. מיר האָט עס אויסגעזען עפּעס מאָדנע. ווייל פֿריִער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די גאַנצע וועלט איז אונטערגעגאַנגען, אַלץ איז מיטן קאָפּ אַראָפּ. ווי עס שיינט, האָב איך אַ טעות געהאַט, די וועלט לעבט... מער נישט, עולם חשך בעדי — די וועלט איז פֿינצטער פֿאַר מיר, פֿאַר אונדז ייִדן. איך בין שטאַרק מקנא. איך בייס זיך די ליפּן פֿאַר ווייטיק. די זון האָט אָנגעהויבן פֿאַרגעלעך אַראָפּלאָזן זיך, זי ווערט נידעריקער און נידעריקער. דער לאַנגער פֿינצטערער זומער־טאָג האָט אויך אַן עק... אין וואַלד איז שוין שטילער געוואָרן. אויפֿן וועג זעט מען שוין קיינעם נישט. מיר פֿאַלט איין אַ ווילדער געדאַנק: איבערן וועג שטייט אַ הויז. אַהין פֿלעגן אַלע זומער גלובאָקער ייִדן קומען אויף זומער־וווינונג. איך טראַכט מיר, די קריסטן, וואָס וווינען דאָ אין הויז, זענען דאָך זיכער באַרעמהאַרציק, זיי פֿילן דאָך זיכער מיט דעם גרויסן ייִדישן בראָך, פֿאָרט געווען אַזוי צונויפֿגעלעבט מיט די היגע ייִדן. דער ווילדער דאָרשט האָט מיך שנעל אויפֿגעהויבן, איך האָב זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און האָב זיך אַ ריס געטון צו יענער שטוב איבערן טראַקט. עס איז געווען פֿאַרשפּאַרט, סגור ומסוגר. זיי האָבן מיך אָפּנים באַמערקט לויפֿנדיק אַהין און האָבן מיר די טיר פֿאַרשפּאַרט. איך האָב אָבער נישט אָפּגעלאָזט און גענומען רייסן די טיר. איך בין אַוועקגעלאָפֿן צו דער הינטער טיר. ווי איך האָב נאָר אָן עפֿן געטון איז אַנטקעגן מיר אַרויס אַ מחנה קריסטן יונגע און אַלטע מיט שטעקנס און מיט ווילדע געשרייען, אַז איך האָב אַפֿילו נישט געקענט זאָגן, וואָס איך וויל פֿון זיי. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער „קבלת פּנים“ האָט מיך אַזאַ טרייב געטון צוריק, אַז איך ווייס נישט, ווי איך בין דורכגעלאָפֿן און נישט געבראָכן האַלדז און נאַקן. דאָס

בילד איז געווען פּונקט אַזאַ, ווי ווען צעלאָזענע קינדער באַפֿאַלן אַ הונט, וואָס האָט קיין היים נישט און קיין שוץ, יאָגן אים, מיט שטעקנס, מיט שטיינער און ער לויפֿט, אַנטלויפֿט נישט אַרומקוקנדיק זיך אַהינטער, ביז מען פֿאַרטרייבט אים הינטער די הרי חשך. איך בין געלאָפֿן צוריק אין וואַלד אַריין. און דאָ זענען מיט מיר ווידער פֿאָרגעקומען אַ פּעקל מאָדנע ניסים: וואָס די קריסטן גופא האָבן מיך אַרויסגעלאָזט אַ לעבעדיקן (פֿאַר מיין קאָפּ וואָלטן זיי דאָך פֿון די דייטשן עפּעס באַקומען סיי מאַטעריעל און סיי אָנערקענונג בכלל); וואָס ביי די קריסטן איז בעת מעשה נישט געווען עפּעס אַ פּאָליציאַנט, אַ דייטש, אָדער סתם עמעצער פֿון די „גוטע“ מענטשן; וואָס שניידנדיק דעם אָפּענעם, באַלעבטן טראַקט האָט מיך אין יענעם מאָמענט קיין מענטשלעך אויג נישט באַמערקט. אין וואַלד איז שוין געווען פּוסט. קיין רייד, קיין גערודער, קיין געזאַנג. אינסטינקטיוו פֿלעגט מיך אַ טרייסל טון דאָס דורכפֿלי:ען פֿון פֿייגל, דאָס איבערשפּרינגען פֿון אַ וועווערקע פֿון איין בוים אויפֿן צווייטן, די באַוועגונג פֿון די וואַלד־מייז אַאַז״וו. מיר האָט זיך געדוכט, אַז זיי קוקן אויף מיר... אַז זיי ווייסן וואָס איך טו דאָ. זיי פֿאַרשטייען, אַז איך באַהאַלט זיך אויס פֿון מיין מין, פֿון מין „מענטש“ און באַהאַלט זיך אין וואַלד, ווו עס לעבן פֿירפֿיסיקע. און כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז די פֿייגל און וועווערקעס זענען דאָ נישט שעדלעך, זיי וועלן מיר קיין שלעכטס נישט טון, אויך וועלן זיי קיינעם פֿון די צווייפֿיסיקע מענטשלעכע ברואים נישט דערציילן וועגן מיין זיין דאָ, האָב איך דאָך אויך אויף זיי געקוקט מיט חשד... אויך זיי האָבן מיך באַאומרו:יקט... מיר האָט אויסגעזען ווי „פֿאַרדעכטיקט“, וואָס זיי פֿלי:ען און שפּרינגען אַרום דווקא „דאָ“, ווו איך געפֿין זיך, ווו איך קער זיך, ווו איך זעץ זיך, ווו איך לייג זיך... עס איז אָנגעקומען די גליקלעכע נאַכט. דער טאָג האָט זיך געצויגן כאלף שנים, אָבער אַפֿילו אַזאַ טאָג גייט אויך פֿאַרביי. באַלד דריי מעת־לעת, דערמאָנט איך, דריי מעת־לעת, ווי אין גלובאָק שעכט מען און מען ברענט. מען ברענגט אום, מען פֿאַרטיליקט אַלע ייִדן. שוין אַ מעת־לעת ווי איך האָב זיך צעשיידט מיט מיינע ליבסטע און טייערסטע, אָן וועלכע איך קען נישט לעבן. און דאָך איז דאָס אַריבער... איצט, ווען די נאַכט האָט אויף אַלץ און אַלעמען פֿאַרשפּרייט אירע פֿליגלען, ווען אין איר טונקלקייט לאָזט זיך לייכטער געפֿינען אַ באַשיצונג, ווען די פּערזענלעכע סכנה איז פֿאַרקלענערט געוואָרן, האָט זיך דער ווייטיק אָבער אַ סך פֿאַרגרעסערט. די געדאַנקען הויבן אָן אַרבעטן, עס הויבט אָן עגבערן איינעווייניק, — וואָס איז דאָ פֿאָרגעקומען! צי איז עפּעס ווערט מיין בלייבן לעבן, כאָטש עס איז נאָך ווייט נישט זיכער, אַז איך וועל בלייבן לעבן. צי איז דאָס בכלל נישט אַ צו שטאַרקער עגאָ:יזם צו וועלן זיך ראַטעווען. מיט וואָס בין איך בעסער פֿון אַלעמען? וואָס וועל איך לסוף טון אײנער אַליין אויף דער וועלט?... באַלד אָבער דרייט זיך איבער דער געדאַנק: די נאַכט איז קורץ, מען מוז עפּעס אויפֿטון. דער נעכטיקער טאָג אין וואַלד איז ווירקלעך אַדורך מיט נסים, און

דורכן בלייבן דאָ נאָך אַ טאָג קען איך אַלץ פאַרשפּילן... חוץ דעם, אויף וואָס בכלל האָב איך דאָ צו וואַרטן. יאָ, מען דאַרף זיך לאָזן גיין. איך הויב אָן קלערן אין וואָס פאַר אַ ריכטונג וואַרפט מען זיך. די וועלט האָט פיר זייטן און פיר ווינקל־זייטן, ווו איז זיכערער, ווו איז בעסער? דער עיקר, ווו קען איך טרעפן עמעצן פון גלובאָקער געראַטעוועטע? קלאָר, דאָ מוז מען אַרבעטן „בלינד", פאַר־לאָזן זיך אויף מזל, ווייל קיין אויסרעכענונג, קיין לאָגיק איז דאָ נישט שייך. מיך האָט געצויגן אויף מערב. ווו איז אָבער דער מערב? איך האָב געוווּסט, ווו עס ליגט גלובאָק און, לויט דעם האָב איך זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן. איך בין אַרויסגעקראָכן פון וואַלד. אויפן פרייען פעלד איז ליכטיקער, אָבער ווייט זעט מען נישט. די לבנה איז נאָך נישט אַרויס (עס איז כ״ב אָב) און אין משך פון די פּאָר שעה דאַרף מען זיך דערווייטערן פון גלובאָק. דער דאָרשט מאַטערט מיך ווידער. איך בין זייער צעטריקנט, איך קען נישט אויסהאַלטן. עסן ווילט זיך מיר גראָד נישט, כאָטש איך האָב שוין דריי מיט אַ פערטל מעת־לעת נישט טועם טעם געווען. ווי אויף להכעיס זענען די פעלדער און די לאָנקעס אויסגע־טריקנט, נישטאָ קיין טייכל, קיין קאַנאַווע, קיין בלאָטקע, ווו צו דערהאַלטן זיך מיט אַ קאַפּ וואַסער. געגאַנגען בין איך איבער פעלדער און לאָנקעס אין דער ריכטונג אויף מערב. איך האָב געציטערט, צי געפין איך זיך נישט נאָענט פון טראַקט, איך האָב געוווּסט, אַז דער וועג איז בחזקת סכנה. אַזוי גייענדיק און טראַכטנדיק איז מיטאַמאָל ליכטיק געוואָרן; אין מיין ריכטונג איז געלאָזט גע־וואָרן אַ ראַקעט, וועלכער איז באַגלייט געוואָרן באַלד מיט אַ מעטראַליען־שיסע־ריי. קענטיק, אַז נישט נאָר די וועגן, נאָר אויך די פעלדער און לאָנקעס זענען באַוואַכט און באַזעצט מיט לויערער. מען האָט געהיט יידן, וואָס זענען געלאָפן פון געטאָ, פון שטאָט. איך האָב זיך גלייך אַוועקגעלייגט, בין געלעגן עטלעכע מינוט ביז דאָס שיסעריי האָט אויפגעהערט. איך האָב זיך אויפגעהויבן און גע־לאָזט זיך ווייטער גיין אין שרעק. עס איז קלאָר, אַז די לאַגע איז גאַנץ ווייט נישט קיין זיכערע, עס זיצן „זאַסאַדעס" און היטן. מען קען אַזוי דרייסט נישט גיין. אָבער וואָס טוט מען? איך בין אויף אַ פרייען, אָפענעם פעלד, קיין וואַלד זעט זיך נישט. פון באַראַקער וואַלד בין איך אָפּגעגאַנגען שוין אַ שטיק, אַזוי אַז אומקערן זיך צוריק איז ווידער געפערלעך. עס פאַלט אַ צווייטער ראַקעט, באַלד אַ דריטער און אַ פערטער אאַז״וו. איך בין באַמערקט און האָב קיין אויסוועג נישט. איך גיי מיר ווייטער. איך קוק אויף צוריק אין דער ריכטונג פון וואַנען די ראַקעטן פאַלן און ווי נאָר עס נעמט זיך הויבן דער ראַ־קעט, אַזוי לייג איך זיך תיכף אַנידער אויף דער ערד, הויב זיך באַלד אויף און גיי ווייטער. די ראַקעטן האָבן מיר אַזוי געיאָגט אָן אויפהער גאַנצע דריטער־האַלבן שעה. איך האָב געהאַט איין פאַל, ווען אַ ראַקעט איז לעבן מיר געפאַלן אויף אַ פונקט, ווו עס איז נישט געווען קיין גראָז, קיין בוים, קיין בערגל און בדרך נס האָב איך באַמערקט אָן דער זייט אַ קאַנאַווע וואַסער און איך האָב

מיך אַריינגעוואָרפן אין דער קאַנאַווע. איך בין געלעגן אינגאַנצן אין וואַסער, איך האָב געשפּירט, אַז אַפילו ליגנדיקערהייט קען איך באַמערקט ווערן. נאָר איך האָב בלויז אַרויסגעשטעקט דעם נאָז, כדי צו קענען אָטעמען. איך האָב געציטערט אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ פון וואַסער. אָפּליגנדיק אַזוי אַ געוויסע צייט, האָב איך דאָך עטוואָס דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט, באַמערקט, אַז עס איז פינצטער, עס הערט זיך קיין זאַך נישט און איך האָב מיר גענומען פּאַמעלעך אַרויסקריכן פון קאַנאַווע, היטנדיק זיך נישט צו מאַכן קיין גערויש אין די וואַ־סער. פון מיר האָט זייער גערונען דאָס וואַסער. איך האָב דערשפּירט ווייטיקן פון מיינע ווונדן. מיר איז געוואָרן זייער שווער צו גיין אין מיינע דורכגענעצטע צעריסענע בגדים. דער אימפּעט האָט מיך דאָך געטראָגן. איך פאַרשטיי ביז איצט נישט, ווי אַזוי איך האָב בעת מעשה, ליגנדיק אין וואַסער און זייענדיק אַזוי אויסגעטריקנט, נישט אָנגעזופּט זיך מיט וואַסער. איך האָב זיך געכאַפּט ערשט שפּעטער, ווען איך האָב זיך שוין געענוג דערווייטערט פון דער קאַנאַווע. די ראַקעטן האָבן אויפגעהערט. איך האָב זיך באַרויִקט. גייענדיק ווייטער האָב איך אָנגעטראָפן אַ פייכטע לאָנקע, ווו עס זענען געווען גריבלעך אָנגעפילט מיט וואַסער, דורכגעזעצטע פון פערדישע קאָפּיטעס. נישט קוקנדיק אויף די נישט ריינקייט פון די וואַסער, האָב איך מיט די הויפּנס עס געשעפּט פון די גריבלעך און עס געטרונקען... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל נאָך פערטערהאַלבן מעת־לעת, וואָס איך האָב זיך אָנגעטרונקען מיט די פּעטע זומפּ־וואַסער. איך גיי מיר ווייטער, מיינע דורכגענעצטע קליידער רוישן און פייפן. איך האָב מורא, אַז דאָס זאָל זיך נישט דערהערן. וואָס טוט מען? אויסטון זיך אינגאַנצן נאַקעט, לאָזט זיך עפּעס נישט. אמת, די זאַכן זענען צעריסן, צעפליקט, דאָך אָבער באַ־דעקן זיי דעם קערפּער. איך האָב זיך צוגעזעצט אָפּרוען. מיר איז שטאַרק קאַלט געוואָרן. מיר האָט ממש גענומען וואַרפן איילנווייז. און ווידער פאַרשיי־דענע געדאַנקען. צו וואָס ראַנגל איך זיך אַזוי פאַרן לעבן. צי דען קען מען און מען דאַרף קעמפן פאַר אַזאַ לעבן? אָבער טאָמער פאָרט האָבן זיך אונדזערע געראַטעוועט! ווי גליקלעך וועלן זיי זיין, אַז איך לעב אויך! און אָט, צוליב זיי אַליין מוז איך זיך דאָך סטאַרען צו בלייבן לעבן. איך גיי ווייטער, איך לויף, כדי זיך צו דערוואַרעמען אַ ביסל. עס הויבט אָן טאָגן. מען דאַרף שוין ווידער זוכן ווי אַזוי דעם טאָג איבערצוקומען.

נאָך אַ נאַכט גיין, וואַנדערן און דרייען זיך, בין איך ערשט אָנגעקומען צו זאַוויטקער וואַלד — אַ 4־5 קילאָמעטער פון גלובאָק. דעם „קפיצת הדרך" קען איך נאָך ביז היינט נישט פאַרשטיין. האָב איך פאַר אַ גאַנצער נאַכט טאָקע מער נישט דורכגעמאַכט ווי דריי אָדער פערטערהאַלבן קילאָמעטער? אָבער אַ דאַנק גאָט! איך בין פאָרט ווייטער פון גלובאָקער גיהנום.

נאָך אַ שרעקלעכער נאַכט הינטער מיר, פאָרט מער שאַנסן צו בלייבן לעבן! איך בין אַריין אין וואַלד. וווהין ווענדן מיין ריכטונג ווייס איך נישט. נאָר בע־

סער פאַר באַראַקער וואַלד איז דאָ. עס איז „היימלעכער". איך האָב אַרומגעוואַנ־דערט איבערן וואַלד אַרום אַ שעה. די זון איז שוין אויפגעגאַנגען. אַלץ אַרום איז רויִק, שטיל. פייגעלעך זינגען, זשאַבעס קוואַקן, קענטיק נישט ווייט וואַסער, פליגן זשומען. אַך, ווי אָנגענעם עס איז דאָ! עס הערט זיך נישט קיין שטים פון אַ מענטשן, קיין טייוולאָניש געלעכטער. עס אָטעמט דאָ נישט מיט „מענטש־לעכקייט", נאָר מיט וואַלד, מיט געשמאַקן וואַלד, מיט רויִקייט. איך האָב אַ בלויזן שטח אין וואַלד, ווו די זון איז נישט פאַרשטעלט. איך האָב זיך אויסגעצ־טון און אויסגעשפּרייט מיינע זאַכן טריקענען. ערשט איצט האָב איך באַמערקט ווי ווייט מיין לייב איז צעשעדיקט פון דעם שטעכל־דראָט. נישט נאָר די פיס און די הענט, נאָר אויך דער בויך, די ברוסט און אַפילו דער נאַקן. איצט זענען שוין די ווונדן אַ ביסל פאַרטריקנט. אויך האָב איך דאָ דערזען, אַז מיין האַנט־זייגערל, וואָס איך האָב די גאַנצע צייט געטראָגן אָנגעבונדן אויפן אָרעם און אַזוי אויסגעהיט אים אין געטאָ, איז גאַנץ געבליבן און ער גייט אַפילו אויך. אים האָט נישט געשאַדט דאָס, וואָס ער איז געווען אין וואַסער בעת איך האָב זיך באַהאַלטן פון די ראַקעטן. עס איז געווען 5 אינדערפרי. ביי אַזעלכע אומ־שטענדן פאַרמאָגן אַ זייגערל וואָס גייט, איז אַ גרויסע זאַך. עס האָט מיר „פאַר־ביטן" אַ מענטשן, אַ חבר, אַ גאַנצע געזעלשאַפט! עס קלאַפּט אַ זייגערל! מאָדנע! עס דאַרף דאָך קלאַפּן אַ ביקס, אַ פּולעמיאָט און אַנדערע כלי־משחית און מיט־אַמאָל דאָ אין רויִקן, שטילן וואַלד קלאַפּט גאָר אָנשטענדיק, נישט חיהש, אַ זייגערל... דאָס זייגערל האָט מיר איצט פאַרביטן אַן אייגענעם, נאָענטן נפש, וואָס איז מיר פאַרבליבן געטריי און וועט מיט מיר ווייטער דורכמאַכן אַלץ, וואָס מיר שטייט נאָך פאָר... מיינע „בגדים" האָבן זיך אַ ביסל צוגעטרוקנט. איך האָב זיי אָנגעטון און געדאַוונט. איך געדענק נישט צי דאָס גאַנצע דאַווענען, צי בלויז אַ טייל, אָדער מער נישט ווי קריאת־שמע. איינס געדענק איך, אַז ביי דעם „ושננתם לבניך" האָב איך געטראַכט, אַז די מצוה האָט דאָך מיין ברודער מקיים געווען — ער האָט זיין איינציק קינד אַהרן־יצחק מחנך געווען עפּ"י רוח היהדות און פון 5 יאָר אָן מיט אים געלערנט. צו דער צייט פון אומגליק האָט ער שוין געהאַט דורכגעלערנט סיסטעמאַטיש תורה ביז פּרשה אמור, פון נביאים — יהושע, שופטים און שמואל. מיר דערמאָנט זיך ווי איינמאָל אין געטאָ בעת תפילת שחרית — ער פלעגט גיין מיט אונדז דאַוונען, מיר האָבן דעמאָלט גע־זאָגט „קדיש" נאָך אונדזער אומגעקומענער מוטער ז"ל — האָט דער בעל קורא בעת קריאת התורה געזאָגט אַ פעלער, ער האָט פאַרביטן פון אַ „שין" ימיני אויף אַ „שין" שמאלי, האָט זיך אַהרן־יצחקל אָפּגערופן, אַז דער בעל־קורא שטאַמט מסתמא פון שבט אפרים, וועלכע האָבן נישט געקענט אַרויסרעדן קיין „שין" און אָנשטאָט „שבולת" פלעגן זיי זאָגן „סבולת" (שופטים). דער גאַנצער עולם און באַזונדער דער משכיל ר' שלום וויינשטיין ז"ל זענען געווען אַנטציקט פון דעם קינדס הבנה. און איך האָב מיר בעת מעשה געקלערט, אַז דער „ושננתם"...

האָט זיכער מגין געווען אויפן קינד מיט זיינע עלטערן און זיי זענען לעבן געבליבן...

איך האָב מיר ווייטער „געשפּאַצירט" איבערן וואַלד. דער זייגער איז 7 אינדערפרי. איך האָב באַמערקט 3 אָפענע גריבער, ווו פּויערים באַהאַלטן קאַר־טאָפל אויפן ווינטער און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ נישט ווייט מוז ערגעץ זיין אַ ישוב — אַ דאָרף, אָדער אַ כוטאָר. און אָנשטאָט צו זיין צופרידן מיט אַזאַ אַנטדעקונג, בין איך גאָר געוואָרן אומרויִק. איך האָב אַ קלער געטון, אַז אויך דאָ בין איך נאָך נישט אינגאַנצן איזאָלירט פון „מענטשן", די חיה קען מיך אויך דאָ דערטאַפּן...

מיטאַמאָל... עפּעס מאָדנע... איך בין נישט ביי מיינע גאַדנקען... איך דריי מיך אַרום אַרום די קאַרטאָפל גריבער, איך ווייס אַליין נישט, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט... עפּעס איז מיט מיר ווייט נישט אין אָרדענונג... איך האָב פאַר־געסן אַלץ וואָס עס איז געשען, איך בין מאָדנע צעדולט... ווי אַזוי קום איך אַהער און ווו זענען אַלע מיינע?... איך געדענק נישט, איך געדענק קיין זאַך נישט! אַלץ איז פון מיר פאַרשוווּנדן. מיינע געדאַנקען זענען ווי איך וואָלט ערשט גע־בוירן ווערן און נישט געוווּסט, אַז הינטער מיר איז עפּעס דאָ אַ „שטיקל" עבר, אַ פאַרגאַנגענהייט... דער קאָפּ פון דרויסן טוט מיר וויי, ווי פאַרווונדיקט, עפּעס שמאַרצט מיר. איך פיר דורך מיטן האַנט אויפן קאָפּ און טאַפּ אָן ווונדן. די האַנט איז פייכט פון בלוט... איך גיב אַ קוק אויפן זייגער, עס איז 2 נאָכמיטאָג. וואָס טוט זיך דאָ? ערשט איז געווען 7 אינדערפרי און עס איז שוין 2! רבונו של עולם! וואָס קומט דאָ פאָר אַזוינס? דער זייגער גייט נאָרמאַל... די זון ווייזט אויך לערך די צייט... ווי אַזוי זשע זענען מיטן קוק איבערגעשפּרונגען גאַנצע זיבן שעה? די ווונדן אויפן קאָפּ שמאַרצן. איך טאַפּ דעם קאָפּ, עס בלוטיקט אַ ביסל, אָבער נישט שטאַרק... מיטאַמאָל גיב איך זיך אַ כאַפּ, אַז איך האָב נישט מיין היטל. ווו איז מיין היטל? איך זוך עס און קען עס נישט געפינען... איך געדענק, אַז איך האָב געהאַט אַ היטל. איבערהויפּט עגבערט מיך דער געדאַנק: ווי אַזוי און נאָך וואָס קום איך אַהער איינער אַליין אין וואַלד, און ווו זענען אַלע אונדזערע?... דרייענדיק זיך אַזוי באַמערק איך פּלוצלינג, מיין היטל ליגט אין אַ גרוב, איינגעקייקלט אין זאַמד... ווי אַזוי קומט מיין היטל אין גרוב? איך פאַרשטיי קיין זאַך נישט... איינס שפּיר איך, איך בין נישט אין אָרדענונג... ביים גאַנצן נישט פאַרשטיין מיין לאַגע, האָב איך אָבער געשפּירט, אַז מיט מיר איז עפּעס נישט גלאַט... איבערהויפּט פּלאָגט מיך, וואָס איך בין דאָ איינער אַליין אָן קיינעם. איך האָב זיך שרעקלעך פאַנאַנדערגעוויינט... דאָס וויינען איז געווען נישט קיין געוויינלעכס, עס האָט מיך געוואָרפן, איך בין אַוועקגעפאַלן צו דער ערד און די טרערן האָבן זיך ביי מיר געגאָסן אָן אויפהער. מיר דוכט זיך, אַז עס האָט געדויערט אַ 2 און אפשר 3 שעה. גראָד אין דעם וויינען האָט זיך צו מיר לאַנגזאַם גענומען אומקערן דער באַוווּסטזיין. עפּעס ווי דורך אַ מאָדנעם

חלום האָב איך מיך גענומען דערמאָנען אַלץ, וואָס מיט מיר איז פאָרגעקומען. איך האָב זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו דערמאָנען, ווי אַזוי פּרייטיק אינדערפרי האָט זיך אין גלובאָק אָנגעהויבן די שחיטה, ווי מיר זענען קאַרגע 2 מעת־לעת געלעגן אין גרוב, ווי איך האָב מיך צעשיידט מיט מיינע, ווי איך האָב זיך דער־שלעפּט ביזן וואַלד, ווי אַזוי איך בין געקומען אַהער... מיר איז געוואָרן לייכ־טער... געדאַכט האָט זיך מיר, אַז מיר טיילט אָפּ פון די געשעענישן נישט קיין שעהן און טעג, נאָר לאַנגע, לאַנגע יאָרן... אַ צייט ווי די שחיטה איז אין גלובאָק פאָרגעקומען, אַ צייט זינט איך האָב זיך צעשיידט מיט מיינע, אַ צייט זינט איך בין אַהער געקומען אאַז"וו. אַלץ האָט עפּעס געהערט ווי צו אַ ווייטער פאַרגאַנ־גענהייט... מיר איז קלאָר געוואָרן די רעטעניש פון מיין זייגער, וועלכער האָט געמאַכט אַ „קפיצת הדרך", אַ שפּרונג פון גאַנצע זיבן שעה, איך האָב אויך פאַר־שטאַנען ווי אַזוי מיין היטל קומט אין גרוב אין זאַמד אויסגעקייקלט. ביסלעכווייז האָב איך זיך אָנגעהויבן דערמאָנען... קומענדיק אַ ביסל צו זיך, האָב איך דער־שפּירט, אַז יענעם מאָנטיק, דעם 23טן אויגוסט אינדערפרי, נאָך דעם „ביסל" איבערלעבענישן, האָב איך פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין און קענטיק אַזוי אַריינ־געפאַלן אין איינע פון די גריבער, אַרום וועלכע איך האָב זיך דאָ אַרומגעדרייט. איך האָב דעמאָלט, ווייזט אויס, דאָרט געחלשט און אַזוי אויך צעמזיקט דעם קאָפּ. איך בין דאָרט אָפּנים אָפּגעלעגן אַ לענגערע צייט, ביז דער חלשות־צו־שטאַנד איז אַריבער און איך בין אַרויסגעקראָכן. עפּעס געדענקט זיך ווי פאַר־נעפּלט דאָס אַרויסקריכן, דאָס אַריינפאַלן אַהין געדענק איך אינגאַנצן נישט... ווי אַזוי איך בין אָפּגעקומען מער נישט ווי מיט לייכטע, אויבערפלאַכיקע קאָפּ־ווונדן, ווי אַזוי איך האָב זיך בכלל דערמונטערט אָן שום דרויסנדיקער הילף, פאַרשטיי איך נאָך ביז איצט נישט... דער גורל האָט אָפּנים געוואָלט, איך זאָל פאָרט לעבן. איך בין זיכער געווען, אַז דאָס איז געשען אין מיין מאַמעס ז"ל זכות. איך האָב מיט אַ לענגער צווייגל אַרויסבאַקומען פון גרוב דאָס היטל, עס אָפּגערייניקט אַ ביסל, אָנגעטון אויפן קאָפּ און געמאַכט די ברכה „מחיה המתים"... איך האָב זיך ווידעראַמאָל צעוויינט, עס האָט זיך ווידער אַ גאָס געטון טרערן, אָבער שוין נישט אַזוי ווי פריִער. איך האָב זיך צום ערשטן מאָל דערשפּירט שטאַרק אָפּגעשוואַכט. אויף דעם האָבן קענטיק געווירקט די איבערלעבונגען פון די לעצטע עטלעכע שעה... און אפשר איז עס גאָר געווען די רעאַקציע פון דער גאַנצער צייט, ווייל ביז איצט בין איך נאָך אַלץ געווען ווי אין הינערפלעט. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט. דער זייגער איז נאָך 4. דער טאָג איז אַ פיינער. קיין ילוד אשה, נישט מען זעט און נישט מען הערט. איך האָב אַ טראַכט געטון, אַז איך מוז קעגן דעם אייגענעם ווילן, עפּעס נעמען אין מויל, ווייל אין 2 שעה אַרום ווערט פונקט פיר מעת־לעת, ווי איך האָב, אַ חוץ אַ ביסל שמוציקע וואַ־סער, אין מיין מויל נישט געהאַט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אויב איך האָב זיך ביז איצט אַרויסגעראַטעוועט פון היטלערס קויל, קען איך דאָך אָבער דאָ אין

וואַלד איינער אַליין אויסגיין ווי אַ ליכט. איך וועל פון שוואַכקייט זיך נישט קענען רירן פון אָרט... דער אימפּעט, וועלכער האָט מיך ביז איצט געטראָגן, וועט דאָך סוף כל סוף, נאָך אַזויפיל אויסגעשעפּטקייט, אויך אויפהערן צו די־נען... מען מוז דאָך ווי עס איז מיט עפּעס אונטערהאַלטן דעם גוף... אָבער ווי אַזוי טוט מען עס? ווו נעמט מען כאָטש אַ שטיקל ברויט, ווי קומט מען מיט מענטשן אין באַרירונג — דאָס איז דאָך פאַר אַ ייִדן די גרעסטע געפאַר (מיר האָט זיך געדוכט, אַז אבד חסיד מן הארץ וישר באדם אין — אַז עס איז שוין בכלל נישט במציאות צו געפינען אַ מענטשן, וואָס זאָל נישט דאַרשטן אונדזער בלוט...). ווען עס זאָל אַפילו דאָ ערגעץ זיין נאָענט אַ דאָרף, קען איך דאָך נישט אַרויסקריכן פון וואַלד; באַווייזן זיך אין אַ דאָרף, הייסט דאָך זיכערער אומקום... ביי מיר איז געבליבן „דורכלאָזן" אויך דעם טאָג ביז אויף מאָרגן פרי... איך האָב געטראַכט, איך וועל נאָך קענען ציִען אַ וואָסערע 15 שעה. אפשר וועט זיך אין דער צייט ווייזן עפּעס אַ נס... איך האָב גענומען ווידער לאַנגזאַם ארומ־וואַנדערן אָן אַ ציל איבערן וואַלד. איך האָב אַלץ געטראַכט, אפשר וועל איך פּאַרט עמעצן אָנטרעפן פון די געראַטעוועטע ייִדן. צי דען בין איך נאָר איינער אַרויס אַ גאַנצער פון שטאָט? עס האָט דאָך זיכער געמוזט נאָך עמעצער אַרויס־קריכן... ווער ווייס אָבער אין וועלכע וועלדער און פעלדער זיי זענען צעוואָרפן?

איך בין צוגעקומען צו אַ ברייטן וואַסער־שטראָם, וועלכער איז פוןביידע זייטן לענגאויס געווען באַוואַקסן מיט הויכע יונגעביימלעך. איך האָב זיך געשטעלט אין די געדיכטעניש פון די קוסטעס און איינגעקוקט זיך אַנטקעגן צום צווייטן ברעג. דאָס קוקן איז געווען אָן אַ כוונה און אָן אַ ציל. מיטאַמאָל האָב איך באַ־מערקט, ווי דאָרט ווייט גייט דורך עפּעס אַ קריסט. געווען איז ער געקליידט נישט אינגאַנצן דאָרפיש, עפּעס אַ ביסל שטאָטיש. ער האָט מיך נישט געזען. איך האָב זיך איינגעטוליעט אין די קוסטעס און געטראַכט, וואָס זאָל איך דאָ טון — זאָל איך אים פאַרטשעפּען און בעטן ביי אים עפּעס צום עסן? ווער ווייס, טאָמער וועט ער עמעצן איבערגעבן וועגן מיר, טאָמער וועט ער סתם אין זיין דאָרף דערציילן וועגן מיין אויסבאַהאַלטן זיך דאָ אין וואַלד. פון דער צווייטער זייט איז דאָך גוט, וואָס ער איז איינער אַליין און איך וועל קענען ערגעץ ווייט אַוועק אין פאַל, איך זאָל באַמערקן עפּעס נישט אין אָרדענונג פון זיין זייט... און איך האָב צו אים אַ ברום געטון. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיך דערזען. איך האָב צו אים אַ ווונק געטון, גענומען מאַכן מיטן מויל, ווי איך וויל עפּעס קייען און האָב נישט וואָס. ער האָט תיכף פאַרשטאַנען ווער איך בין און פון וואַנען איך קום... און נישט לאַנג טראַכטנדיק, האָט ער מיר געהייסן צווואַרטן — ער וועט מיר באַלד ברענגען ברויט. ער איז אַוועק און איך האָב נישט גע־ווּסט וואָס צו טון: צי וואַרטן אויף אים, אָדער לויפן באַהאַלטן זיך פאַר אים. ווער ווייס, ער זאָל מיך אַמאָל נישט פאַרפירן! איך האָב זיך גוט באַהאַלטן אין אַ געדיכטן קוסט און נאָכגעקוקט, צי וועט ער קומען אַליין און צי וועט ער

ווירקלעך טראָגן ברויט. איך האָב געמוזט ריזיקירן... קיין אויסוועג איז דאָך נישטאָ. אויסגיין אַזוי פון הונגער איז דאָך נישט בעסער ווי דערשאָסן צו ווערן. עס האָט געדויערט לערך ביי אַ האַלבע שעה, וועלכע האָט זיך ביי מיר געצויגן ווי אַ יאָר, ביז דער קריסט האָט זיך באַוויזן ביים אַנטקעגנדיקן ברעג און טאַקע אַליין, אָבער קיין ברויט ביי אים האָב איך נישט באַמערקט. ער האָט מיך גענומען זוכן מיט די אויגן. איך האָב זיך אַרויסגערוקט אַ ביסל פון קוסט און ער האָט מיך דערזען. ווי אַ גנב האָט ער שנעל אַרויסגעשלעפּט פון אונטער זיין פּאַדיאָווקע אַ שטיקל ברויט און האָט עס מיר זייער פלינק איבערגעשליידערט איבערן וואַסער אויף מיין זייט. דאָרט איז געווען מער ווי אַ קילאָגראַם ברויט. דאָס האָט אויף מיר זייער געווירקט און איך האָב זיך ווידער צעוויינט. דער פויער האָט עס באַמערקט, האָט עפּעס אַ מורמל געגעבן און איז תיכף פאַרשווונדן געוואָרן. וואָס זיין מורמל האָט באַטייט ווייס איך נישט. איך האָב בלויז געשפּירט, אַז ער וואָרנט מיך, איך זאָל זיין פאָרזיכטיק... צי דאָס איז טאַקע געווען צוליב פאַרהיטן מיך, אָדער ער האָט מורא געהאַט פאַר זיך, עס זאָל זיך עמעצער נישט דערוויסן פון זיין „פאַרברעכן"... איינס איז קלאָר געווען, ער איז אָרנטלעך און איז ווי צעשראָקן.

אַ לענגערע צייט האָב איך זיך נישט געקענט באַרויִקן. דאָס ברויט איז אין מיינע הענט דורכגעווייקט געוואָרן מיט טרערן, פון וועלכע עס איז געווען געזאַלצן און פייכט.

דער זייגער איז שוין 7 פאַרנאַכט. פונקט פיר מעת־לעת ווי איך האָב צום לעצטן מאָל אָפּגעגעסן אָונט־ברויט מיט מיינע נאָענטע... דאָס דערמאָנען זיך אויפן „פיר מעת־לעתדיקן יאָרצייט" פון מיין לעצטן זיצן מיט די אייגענע ביים טיש, האָט מיך ווידער דערשיטערט און אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד האָב איך זיך נישט געקענט באַרויִקן.

אין וואַלד האָט אָנגעהויבן טונקל ווערן. איך האָב פון מיין דורכגעווייקטן אין טרערן שטיק ברויט אָפּגעבראָכן אַ שטיקל און אַריינגענומען אין מויל. איך האָב דעם ביסן געהאַלטן אַ לענגערע צייט און נישט געקענט אַראָפּשלינגען... ער איז מיר געבליבן שטעקן אין האַלדז. איך האָב דאַן געשעפּט מיטן הויפן וואַסער, געזופּט און פּרובירט אַזוי אַראָפּטרייבן דעם ביסן. דאָס איז מיר געלונגען, אָבער נישט לייכט איז עס מיר אָנגעקומען... איך האָב אַראָפּגעלאָזט אַ 3־4 און אפשר גאַנצע 5 ביסן און מער האָב איך נישט געקענט. אין וואַלד איז שוין גוט טונקל. די נאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט. דורך די צווייגן פון די קוסטעס זע איך קוים דעם האָריזאָנט, ער איז נאָך העל. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט זיך דערטראָגן צו מיר דאָס שפּילן פון אַ האַרמאָשקע, ווי אויך דער אָפּהילך פון שיסערייען פון אַ צווייטער זייט. פון וואַנען די שיסערייען זענען ווייס איך נישט. נאָך דער אינדערפריִעדיקער פּאַסירונג האָב איך פאַרלאָרן די אָריִענטאַציע. דעם איינדרוק האָב איך געהאַט, אַז דאָס שיסט מען נאָך אַלץ אין גלובאָק און אומ־

געגנט. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט האָב איך קיין טעות נישט געהאַט. מען האָט נאָך אַלץ געכאַפּט ייִדן אין באַהעלטענישן ווי אויך איבערגענומען אַנטלאָפענע אין די פעלדער און וועלדער און זיי געמאָרדעט. די קלאַנגען פון דער האַרמאָשקע האָבן מיך געפּייניקט. וואָסערע צוויי וויטע וועלטן — אונד־זערע און זייערע!...

איך האָב זיך אויסגעזוכט אַן אָרט אונטער אַ בוים, אָפּגעדאַוונט „בנעי־מות״ מעריב. אין קריאת שמע ווידער ספּעציעל מכוון געווען דעם „ושננתם לבניך״... איך האָב זיך אַוועקגעלייגט. אינטערעסאַנט, דאָס פאַרבלייבן איינער אַליין אין וואַלד ביינאַכט האָט מיך כלל נישט געשראָקן. איך בין דאַכט זיך די נאַכט שטאַרק געשלאָפן.

דינסטיק, דער 24טער אויגוסט; דער טאָג איז אַ פיינער, לויטערער. דער וואַלד באַרויִקט אַ ביסל. איך האָב זיך אין אים „איינגעהיימישט״ און באַשלאָסן דאָ צו פאַרבלייבן אויך דעם הייַנטיקן טאָג. איך וועל פּרובירן זוכן — אפשר וואַלגערט זיך דאָ נאָענט עמעצער פון די אַנטלאָפענע. איך האָב מיך אָנגע־טראָפן מיט עטלעכע שקצים, וואָס האָבן געטראָגן וועניטקעס אין די הענט. זיי זענען געגאַנגען ערגעץ פאַנגען פיש. זיי האָבן מיך אָפּגעשטעלט. איך בין שטאַרק נישט צופרידן געווען מיט דער באַגעגעניש. פאַר זיי גופא האָב איך זיך נישט געשראָקן. זיי האָבן ביי מיר נישט אַרויסגערופן קיין חשד. זיי האָבן פאַרשטאַנען וואָס איך טו דאָ. זיי האָבן מיך אויסגעפרעגט און איך האָב זיי מיט גרויס הכנעה אויף אַלץ געענטפערט. איך האָב זיך באַמיט אַרויסצורופן ביי זיי, ביי די יונגע שקצים, מיטגעפיל, רחמנות — אויך מיין אויסזען מיט די „מלבושים״ האָט קענ־טיק אַרויסגערופן ביי זיי אַ ביסל מיטלייד. זיי האָבן געזען, אַז זיי האָבן פאַר זיך נישט דעם רייכן, אויסגעפּוצטן ייִדן, נאָר א „לעבעדיקן מת״... פאַר זייער אַוועקגיין האָב איך זיי מיט אַ צעבראָכענער שטים געבעטן, אַז זיי זאָלן קיינעם נישט דערציילן וועגן מיין באַהעלטעניש דאָ און זיי האָבן מיר עס צוגעזאָגט... שטאַרק געטרויט אָבער האָב איך זיי דאָך נישט און איך בין אַוועק פון דאַנען. איך בין געקומען אין אַן אַנדער וואַלד. קיין ייִדן האָב איך אָבער אויך דאָ נישט געטראָפן. וואַנדערנדיק אַזוי אויף מיין נייעם אָרט, האָב איך באַגעגנט עטלעכע קריסטנס, ייִנגערע און עלטערע. זיי זענען געווען רייך געקליידט. די ייִנגערע, דערזעענדיק מיך, האָבן זיך געלאָזט לויפן — זיי האָבן זיך מסתּמא דערשראָקן פאַר מיין אויסזען, די עלטערע זענען זיך געגאַנגען זייער וועג, האָבן מיך נישט פאַרטשעפּעט. די באַגעגעניש האָט מיך נאָך מער באַאומרויִקט איידער די פריִער־דיקע מיט די שקצים און איך בין ווידער אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. איך האָב די גאַנצע צייט געקוקט אויף צוריק זען צי היטן זיי מיך נישט ווו איך גיי. נאָר ווי עס שיינט בין איך זיי נישט אָנגעגאַנגען אינגאַנצן. דעם גאַנצן טאָג האָב איך כסדר געהאַלטן אין איין זוכן געראַטעוועטע ייִדן אין וואַלד. איך האָב קיינעם נישט געפונען... איך ווייס נישט פון וואַנען עס האָבן זיך צו מיר גענומען

כוחות. דאָס ברויט, וואָס איך האָב געהאַט פון נעכטן, האָב איך טרוקנערהייט נישט געקענט עסן. קיין הונגער האָב איך נישט געליטן, עסן האָט זיך מיר נישט געוואָלט... געטרונקען האָב איך אַ סך. וואַסער איז דאָ געווען לרוב. ווו איך געפין זיך אין וואַלד האָב איך קיין אַנונג נישט געהאַט. שפּעטער האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אַזוי גייענדיק און וועלנדיק אויסמיידן מענטשן, בין איך געקומען נענטער צו... גלובאָק. וואָס נאָך מיט מיר איז געשען אין יענעם טאָג געדענק איך נישט, נאָר איין זאַך געדענקט זיך מיר: איך בין געווען אויסער זיך, וואָס איך געפין נישט קיינעם פון די ייִדן. איך האָב שטאַרק געבענקט, געגאַרט צו טרעפן כאָטש נאָך איין ייִדן... איך האָב זיך אַוועקגעלייגט אונטער אַ בוים, גע־שלאָפן אָבער בין איך נישט. מיך האָבן געמאַטערט געדאַנקען, וואָס זענען גע־ווען שטאַרקער פאַר יעדן שרעק, פאַר יעדער מורא. זיי האָבן אין מיר אַלץ פאַראַליזירט. דער אימת מות פאַר די דייטשן אין די פריִערדיקע טעג האָט געהאַט די „מעלה", וואָס ער האָט פאַרטריבן דעם קאָשמאַר פון די איבערלע־בענישן און האָט געהויבן דעם אימפּעט...

מיטוואָך, 25סטער אויגוסט. איך האָב גענומען טראַכטן פאַר זיך אַ „תכלית". איך מוז דאָך פאָרט ווי נישט איז דערוויסן זיך, וואָס מיט מיינע נאָענטע איז געשען. פון דעם איז דאָך אָפּהענגיק מיין ווייטערדיקער קאַמף פאַרן לעבן... קיין ייִדן באַגעגן איך אַלץ נישט. וואָס טוט זיך בכלל, ווו איך געפין זיך, צי האָט מען שוין אין גלובאָק דורכויס „פאַרענדיקט" מיט אַלעמען, ווייס איך נישט. איך בין צוגעגאַנגען צום ראַנד פון וואַלד. פון ווייטן זעט מען אַרבעטן פּויערים אויף די פעלדער. איך ווייס נישט וואָס צו טון, לאָזן זיך צו זיי, אָדער נישט. איך קען זיך נישט באַשליסן. איך גיי ווייטער מיטן ראַנד פון וואַלד, עס אַרבעטן נאָך פּויערים, אָבער אַ היבשער מרחק פון וואַלד. אַרויסגיין צו זיי אויף אַן אָפענעם פּלאַץ איז אַ ריזיקע. איך גיי אָפּ נאָך אַ ביסל און באַמערק אַ פּויער, אַקערנדיק האַרט ביים וואַלד. איך האָב אים שטילערהייט אַ רוף געטון. ער האָט אָפּגעשטעלט דאָס פערד מיטן אַקער, האָט זיך אַרומגעקוקט, צי באַמערקט אים נישט עמעצער און איז צו מיר צוגעגאַנגען. ווער איך בין און וואָס איך טו דאָ האָב איך אים נישט געדאַרפט דערציילן. פאַר אים איז אַלץ געווען קלאָר. קיין באַזונדערע זאַכן האָב איך זיך פון אים נישט דערוווּסט. ער האָט מיר דער־ציילט, אַז „זשידקעס" זענען געלאָפן דאָ פריִיטיק, שבת און אַפילו זונטיק. ער האָט זיי געזען. איינער אַ קצב האָט זיך אַ פאַרוווּנדיקטער אין בויך דערשלעפּט צו זייער דאָרף און האָט זיך דאָרט געוואַלגערט אין אַ שייער. קיין הילף האָט ער נישט באַקומען. וואָס מיט אים איז געוואָרן ווייס ער נישט. ווער דאָס איז געווען האָב איך זיך בשום אופן נישט געקענט כאַפּן. איך האָב זיך פון אים אויך דערוווּסט, אַז איך בין היינט נעענטער צו גלובאָק, צום גיהנום, איידער איך בין נעכטן געווען. די קריסטן פון זיין דאָרף זענען אין די בלוטיקע טעג אין גלובאָק נישט געווען. זיי איז „סטראַשנע", זיי האָבן מורא... צי האָט זיך ווער פון די

יִדן געראַטעוועט ווייס ער נישט. ער ווייס נאָר, אַז פון די נאָענטע דערפער האָט מען גענומען פויערים מיט פורן אַרומצוקלייבן די הרוגים פון שטאָט און אַרום שטאָט און אַוועקגעפירט זיי אין באַראַקער וואַלד. עס איז געווען דערביי אַ סך אַרבעט..., ווייל פאַרברענט געוואָרן זענען דאָך וויניקער, איידער געשאָסענע און אַזוי דערמאָרדעטע. דער קריסט איז פון מיר אַוועק. ברענגען עפּעס עסן האָט ער מיר אָפּגעזאָגט, ווייל זיין דאָרף איז ווייט און מיט זיך האָט ער גאָר־נישט. איך בין אַריבער אין אַ צווייטן דערבייאיקן וועלדל און אַרויסגערופן אַ צווייטן פויער. איך האָב עפּעס געקראָגן צו זיי צוטרוי... איך האָב ביי אים גע־בעטן א ביסל מילך, אַן אוגערקע, זאַלץ, וואָס איך האָב שוין זיבן טעג נישט געזען אין מיינע אויגן. ער האָט מיר געבראַכט אַ פלעשל מילך מיט אַ שטיקל ברויט און האָט דערפאַר ביי מיר גענומען אַ „פינפערל" (אַ גאָלד פינפערל). דער אַפּע־טיט זיינער צו גאָלד האָט מיך באַאומרויִקט. מיך האָט שוין פאַרדראָסן, וואָס איך האָב אָנגעהויבן די גאַנצע זאַך. איך האָב געהאַט מיט זיך אַ זעלכע מטבעות און וואָלט אים געוויס געגעבן. איך האָב אָבער מורא געהאַט מיט דעם אַרויס־צווייזן זיך. איך האָב אים גענומען פאַרזיכערן, אַז קיין גאָלד האָב איך נישט, אַז איך בין קיין מאָל נישט געווען קיין סוחר — איך בין געווען אַ לערער און געלעבט באַשיידן פון מיין אַרבעט. איך האָב אַרויסגענומען 90 סאָוועטישע רובל און אים דערלאַנגט. ער איז פאַרבליבן נישט צופרידן, ער האָט געמיינט דאָ עפּעס צו געניסן — אַ יִיד אַנטלויפט פון חלף, ווי האָט ער דאָס ביי זיך נישט קיין גאָלד?... היתכן! אַ סך פויערים פון שטאָט און פון די דערפער האָבן זיך ווירקלעך אָנגענומען מיט גאָלד און ווערט־זאַכן ביי די הרוגים, ווי אויך ביי לעבעדיקע, וועלכע האָבן אַוועקגעגעבן אַלץ, מען זאָל זיי נאָר ראַטעווען. ווי מען האָט אונדז שפּעטער דערציילט, האָבן אין גלובאָק, נאָך דער שחיטה, יונגע קריסטן געצאָלט צו גאָלדענע „צענערלעך" פאַר אַ פלאַש בראָנפן. זיי האָבן דאָס געטראָגן אין די קעשענעס ווי קליין געלט. לסוף האָט ער ביי מיר צוגענומען די 90 רובל און איז אַוועק מיט אַ זויערער מינע. איך בין געווען שטאַרק אומ־רויִק. איך האָב עפּעס מורא באַקומען פאַרן קריסט. איך האָב גענומען זוכן אַן אָרט ווו צו באַהאַלטן זיך אין וואַלד. איך האָב אויסגעזופּט אַ ביסל מילך, וואָס האָט מיך פּשוט מחיה־נפש געווען און בין אַוועק וואַנדערן ווייטער. איך בין צוגעקומען צו אַזאַ אָרט, וואָס מיר האָט זיך געדוכט, אַז דאָרט האָט קיין מאָל אַ מענטשלעכע פוס נישט געטראָטן און דאָ האָב איך זיך באַרויִקט... איך האָב אויף מיין נייעם „ווויינאָרט" ווידער זיך געלייגט אונטער אַ קוסט, איך האָב ווידער געהאַט אַ שווערע נאַכט, מיך האָט כסדר געמאַטערט דער געדאַנק וועגן אונדזערע... דעם פאַרנעם פון דעם גאַנצן אומגליק איז מיין קאָפּ נישט פעיִק געווען צו באַגרייפן...

אויף מאָרגן דאָנערשטיק, דעם 26טן אויגוסט, גיי איך מיר אַרום אַזוי איבערן וואַלד און טראַכט... קיין זכר פון גלובאָקער יִדן. וואָס טוט זיך דאָרט!

איך וויס קיין זאַך נישט. איך וואָגל אַרום ווי אַן ערבי אין דער מדבר. איך האָב ווידער געמומען זוכן, ווי אַזוי באַגעגענען אַ פויער און האָב צוגעוואַנדערט ביזן ראַנד פון וואַלד. פויערים אַרבעטן אויף די פעלדער. מיר האָט זיך איינגעגעבן צוצורופן איינעם צום וועלדל. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט רעדן מיט מיר. דער־וויסנדיק זיך, אַז איך בין אַ לערער, האָט ער זיך צו מיר באַצויגן מיט אַ באַזונדער מיטגעפיל. ער איז געווען אַ ביסל „אויפגעקלערט" און האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט שוין לאַנג געלייענט וועגן די איצטיקע שרעקלעכע צייטן און וועגן דעם וועלט־אונטערגאַנג בכלל. ער האָט מיר אויפגעוויזן מיט אותות ומופתים, אַז אַלץ קומט פאַר פונקט אַזוי ווי ער האָט געלייענט. זיין „פילאָסאָפיע" איז מיר אין קאָפּ אינגאַנצן נישט געקראָכן. איך האָב אים אויף אַלץ „פּאָטאַקעוועט", נישט קוקנדיק, וואָס איך האָב אַפילו נישט געהערט וואָס ער רעדט צו מיר. קיין בייזע חיה אָבער, פון וועלכער מען זאָל זיך מוזן לויפן באַהאַלטן, איז ער נישט געווען... און דאָס האָט מיך געטרייסט. איך בין געווען צופרידן, וואָס אַ פויער שטייט און רעדט מיט מיר אַ ווײַלע און האַלט מיך פאַר אַ „מענטשן"... דערצו האָט ער, לויט זיין באַמערקונג, נאָך אין מיר דערקענט אַן אינטעליגענטנעם מענטשן. קיין ממשותדיקס אָבער, וואָס מיך האָט איבער־הויפּט אינטערעסירט, בין איך פון אים נישט דערגאַנגען. וואָס אין גלובאָק טוט זיך און ווער עס איז לעבן געבליבן וויס ער נישט. ער געהערט ניט צו דער רויבער־באַנדע, האָט ער באַמערקט, וועלכע נוצן אויס דעם ייִדישן אומגליק, כדי רייך צו ווערן, פאַרקערט, ער פילט מיט די ייִדן. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער איז טאַקע אַ בעסערער קריסט, ער געהערט צו די ווייניקע וואָס פאַרמאָגן נאָך אַ שטיקל געוויסן. מיט אַ גוטן ווונטש האָט ער זיך געזעגנט און אומגעקערט זיך צו זיין אַקער, צו זיין נאַרמאַלער אַרבעט, צו זיין שטוב, צו זיין משפחה... און איך?... ווי דער פוקס צוריק אין וואַלד אַריין. ווו איך מוז אַכטונג געבן אויף מיינע יעגער זיי זאָלן מיך נישט פאַנגען...

מיך לאָזט נישט רוען. מיר ווילט זיך וויסן, וואָס איז מיט גלובאָק. צי האָט זיך ווער געראַטעוועט און ווו זענען זיי? ווו בין איך אַליין? צי איז דאָס אָרט אַ זיכערס? די קריסטן האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן געהערט, אַז די דייטשן מיט דער פּאָליציי ימח שמם וזכרם לויערן אין די וועלדער פון אַרום גלובאָק און זוכן די באַהאַלטענע ייִדן.

איך האָב זיך פאַרבונדן מיט נאָך אַ קריסט מיטן נאָמען „יעווגעני", פון אַ יאָר 35־40, אַ בלאָנדער, האָט גערעדט שטיל און לאַנגזאַם, מיט זיסע רייד, געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ לבן הארמי. ער רעדט מיט מיר און האָט דערביי הינטער־געדאַנקען... ער האָט מיר דערציילט, אַז יונגע ייִדן און קינדער זענען געלאָפן פאַרביי זייער דאָרף (לעבן זאַוויסקי, פאַרגעסן דעם נאָמען) איבער פעל־דער, לאָנקעס. זיי האָבן זיך געסטאַרעט אויסצומיידן דערפער, מענטשן... ער האָט מיר צוגעזאָגט צו דערגיין ביי די שכנים פון זיין דאָרף, וואָס עס טוט זיך אין

גלובאָק. אַגב, וועט ער מאָרגן אַליין אויך זיין אין שטאָט און וועט זיך סטאַרען אַלץ געַנוי זיך צו דערוויסן. איך האָב אים געפרעגט, צי וואָלט איך ערגץ ביי אים ניט געקענט איבערנעכטיקן, איך האָב דורך דעם געוואָלט אים אויספּרו־בירן, צי איז ער נישט קיין איש דמים ומרמה, אייניקע פלעגן בכוונה אַרויס־וויזן פאַר די אומגליקלעכע „פריינטשאַפט,״ אַריינגעמען צו זיך און דערנאָך איבערגעבן דעם טייוול אין די הענט. ער וואָלט מיך געוויס, האָט ער געזאָגט, אַריינגענומען צו זיך, נאָר דאָס איז פאַרבונדן מיט געפאַר פאַר אונדזביידן. דאָס איינציקע וואָס ער וואָלט יאָ געקענט טון איז איבערלאָזן אויף נאַכט נישט פאַרשלאָסן זיין שייער, וועלכער שטייט אין עק דאָרף און ווען עס וועט ווערן טונקל, וועל איך מיך קענען אַהין אַריינקלייבן. אָבער אינדערפרי מוז איך אַכ־טונג געבן צו פאַרלאָזן דעם שייער איידער דער דאָרף וועט אויפוואַכן פון שלאָף, איידער די פאַסטוכער וועלן אַרויס אין פעלד מיט די בהמות. אויף דעם אופן דראָט אים קיין געפאַר נישט. פאַר אַן אָפענעם שייער איז ער דאָך נישט פאַר־אַנטוואָרטלעך, אויב דאָרט פאַרקלייבט זיך עמעצער ביינאַכט. אָבער איך — האָט ער מיר געגעבן צו פאַרשטיין — בין יאָ אין געפאַר, עס קענען זיך אַ מאָל געפינען כיטרע פויערים און פאַראינטערעסירן זיך, כאַפּן אַ בליק אינע־וויניק אין זיין אָפענעם שייער... איך האָב רעזיגנירט פון דעם. איך האָב מורא געהאַט אַז מיר וועט זיך נישט איינגעבן אויסצוהיטן זיך פון אַ מענטשלעך אויג. איך בין ווידער געבליבן נעכטיקן אין וואַלד אונטער אַ קוסט.

פאַרנאַכט האָט מיר יעווגעני געבראַכט אַ שטיקל ברויט, אַן אוגערקע און מילך און האָט מיר דערציילט, אַז אין גלובאָק איז נאָך די אַקציע (שוין באַלד אַ וואָך!) נישט פאַרענדיקט... מען זוכט נאָך אַלץ ייִדן און מער מאָרדעט, ער האָט מיר געזאָגט, אַז מאָרגן, פרייטיק, וועט ער אַליין זיין אין שטאָט און זיך דערוויסן געַנויער וועגן דעם, ער האָט זיך מיט מיר אָפּגעזעגנט מיטן צוזאָג, אַז אינדערפרי וועט ער ווידער צו מיר קומען. ער וועט קומען אויפן פערד רייטנדיק, כדי, דאָס דאָרף זאָל אים נישט חושד זיין, אַז ער האָט אין וואַלד מיט עמעצן אַ קאָנטאַקט. און אויב ער וועט פאָרן אויפן פערד רייטנדיק, וועט עס אויסזען, אַז ער פאָרט אינדערפרי פון נאַכטפּיטערונג. אויך פאַרנאַכט וועט ער אויף דעם זעלבן אופן רייטנדיק קומען צו מיר און וועט מיר ברענגען ידיעות, וואָס ער וועט זיך דער־וויסן פאַרן טאָג, זייענדיק אַליין אין גלובאָק.

יעווגעני האָט זיין הבטחה מקיים געווען. אין מיין פּיין און איינזאַמקייט איז אַזאַ קאָנטאַקט געווען פאַר מיר אַ גרויס געשעעניש. עס האָט מיך אַ ביסל דער־מונטערט, הגם איך האָב זיך צו יעווגענין באַצויגן נישט מיט פולן צוטרוי. בשעת ער פלעגט צו מיר דאַרפן אָנקומען אינדערפרי אָדער פאַרנאַכט, פלעג איך מיך באַהאַלטן אין אַ געדיכטן קוסט, פון וועלכן איך פלעג אַרויסקוקן און אָבסערווירן, צי ער קומט אַליין אָדער עס קומט עמעצער מיט אים...

פרייטיק, דער 27טער אויגוסט. אַ וואָך ווי עס האָט זיך אין גלובאָק אָנגע־

הויבן די שרעקלעכע שחיטה, אַ וואָך ווי עס הערן נישט אויף צו קלאַפּן פֿאַר־שיידענע כלי־משחית (אמת, נישט אַזוי ווי אין די ערשטע טעג); אַ וואָך ווי איך בין אָפּגעריסן פֿון מיינע טייערסטע און ווייס נישט פֿון זייער גורל, אַ וואָך ווי איך וואַלגער זיך אַרום טאָג און נאַכט, איינזאַם אין וואַלד, אַ וואָך, וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ גאַנצע תקופה פֿון אויסערגעוויינלעכע איבערלעבונגען; אַ וואָך פֿון נישט מער ווי זיבן טעג, אין וועלכער איך בין געוואָרן גרוי און על־טער אויף צענדליקער יאָרן; אַ וואָך, אין וועלכער יעדע שעה, יעדע מינוט ציט זיך ווי אַן אומענדלעכקייט, אַן אייביקייט און דאָך איז אַזאַ וואָך אויך אַריבער... די צייט, ווי שלעכט זי זאָל נישט זיין, גייט זי דאָך אַוועק.

און אָט אין דעם פּרייטיק, אין דעם „גליקלעכן" וואָך־טאָג פֿון מיין לעבנ־בלייבן, האָב איך זיך אין וואַלד פֿון אונטער דעם בוים אויפֿגעכאַפּט און אַ קוק געטון אויף מיין זייגער. ער האָט געוויזן האַלב פֿינף אינדערפֿרי. עס האָט מיך אַ וואָרף געטון — פּונקט די שעה, ווען מיט אַ וואָך צוריק האָט זיך אָנגעהויבן די פֿאַרניכטונג איבער דעם רעשט פֿון די גלובאָקער יידן, די שעה ווען מיר האָבן דערהערט די ערשטע געדיכטע שאָסן איבער אַלע גאַסן פֿון געטאָ און עס איז אַנטשטאַנען די גרויזאַמע מהומה, די שעה, וועלכע האָט שוין געגעבן פֿיל צענדליקער און הונדערטער יידישע הרוגים; די שעה, ווען מיר אַלע — מיין שוועגערין ד"ראַ ווילקאָמירסקאַ־ראַיאַק, מיין פּלימעניקל אַהרן־יצחקל, איך, מיין ברודער און אונדזערע שכנים — זענען געלאָפֿן שנעל אין גרוב באַהאַלטן זיך, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון צי פֿון דאָרט וועט מען נאָך זוכה זיין אַרויסצוקריכן און אָנצוזען די זון־שיין...

(אַגב, האָבן מיט אונדז צוזאַמען אין געטאָ געוווינט אין איין דירה דוד און סאָניע חזן, געראַטעוועטע פֿון שאַרקאַוושטשינער געטאָ, זיי זענען באַלד, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן די שיסעריי, פֿאַרשוווּנדן פֿון שטוב. זיי האָבן, זעט אויס, בעסער אויסגעקליבן דאָס לויפֿן, איידער באַהאַלטן זיך אין גרוב און זענען טאַקע נעבעך געפֿאַלן פֿון די קוילן). איך האָב זיך אַזוי פֿאַרטיפֿט אין די אַלע געדאַנ־קען פֿון די געשעענישן אין גלובאָק מיט אַ וואָך צוריק, אַז איך האָב נישט גע־שפּירט ווי יעוועני, אויף זיין וויסן פֿערד, האָט זיך צו מיר דערנענטערט און האָט מיך אַ נעם געטון פֿאַר דער האַנט: — וואָס איז מיט דיר? ווו ביזטו אַזוי פֿאַרטון! —

איך בין געווען אַזוי אויפֿגעטרייסלט, אַז איך בין נישט בכוח געווען אים צו ענטפֿערן. ער האָט עס פֿאַרשטאַנען און האָט זיך נישט באַליידיקט. פֿאַר־קערט, ער האָט זיך באַמיט צו צעקלאַפּן מיינע געדאַנקען און מיך אויפֿמונטערן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז היינט, פּרייטיק, וועט ער זיין אין גלובאָק. איך האָב אים זייער געבעטן, ער זאָל דערגיין עפּעס וועגן אונדזערע. מיין שוועגערין, ווי אַ פּאָפּולערע קינדער־דאָקטערין, האָט מען געקענט נישט נאָר אין גלובאָק, נאָר אין גאַנצן געגנט און וועגן איר, האָב איך אים געזאָגט, קען ער זיך דערוויסן

אַפילו ביי אַ קליין שגצל אָדער שיקסל. ער איז פון מיר אַוועק. דעם גאַנצן טאָג האָב איך געוואַרט. איך האָב אין משך פון טאָג איבערגעטראַכט און געוואָלט זיך דערמאָנען יעדן מאָמענט, אויף יעדער געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט אין דער אָדער יענער שעה, רגע אַאַז״וו, מיט אַ וואָך פריִער, ווען מיר זענען נאָך אַלע געלעגן אין גרוב. איך האָב מיך גענומען דערמאָנען אַלע איינצלהייטן ווי אַזוי דער אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן, וואָס מיר האָבן געהערט, וואָס מיר האָבן געטון אאַז״וו. דער טאָג איז אַדורך שנעל און פּאַרנאַכט איז צו מיר געקומען צו רייטן אויפן ווייסן פערד יעווגעני. איך האָב זיך „אַנטווישט״, ער האָט מיר געבראַכט זייער קאַרגע ידיעות. וועגן זאַכן, וואָס מיך אינטערעסירן בלוטיק, נשמהדיק, האָט ער מיר קיין זאַך נישט איבערגעגעבן. ער האָט מיר בלויז דער־ציילט, ווי אַזוי חיים־לייב שולהייפער האָט זיך אַ פּאַרוווּנדיקטער געוואַלגערט ביי אַרטאַיעוון אויפן גאָרטן (ווילנער גאַס) אין די קאַרטאָפל און געבעטן אַ ביסל קאַלטע וואַסער. אַנשטאָט וואַסער האָט אים די פרוי אַרטאַיעוו געמאָלדן אין דער פּאָליציי, אָדער די דייטשן, וועלכע זענען געקומען און אים פּאַרענדיקט... ווי מען האָט אין שטאָט גערעדט, האָט זיך ביי שולהייפערן געפונען אַ גרויסער סכום גאָלד, צירונג אד״גל, וועלכע עס האָט שטאַרק אימפּאָנירט דער פרוי אַרטאַיעוו און זי האָט עס גלייך אויפן אָרט גענירשנט... וועגן אונדזערע האָט ער מיר גאָרנישט געקענט איבערגעבן. איך האָב אים חושד געווען, אַז ער וויל מיר נישט אויסזאָגן, נאָר ער האָט מיך פּאַרזיכערט, אַז ער איז קיין זאַך נישט דערגאַנגען.

איך האָב פּאַרנאַכט אין וואַלד מקבל שבת געווען... מיינע געדאַנקען האָבן זיך אויף אַ ווײַלע אַריבערגעוואָרפן צו די שבתים אין שטוב און נאָך ווייטער... מיר איז אויפן זינען אַרויף דאָס קינדער מעשהלע „שבת ביער״ און נאָך ענ־לעכע. איך האָב געזוכט אַ וועלכע עס איז אַנאַלאָגיע צו מיין שבת דאָ אין וואַלד. איך האָב אָבער קיין פּאַרגלייך נישט געפונען. פּאַר מיר האָבן זיך נישט אַנט־פּלעקט קיין הערלעך־באַלויכטענע פּאַלאַצן מיט שבתדיק שיינע סערווירטע טישן. עס האָט זיך צו מיר נישט באַוויזן, נישט אַברהם אָבינו, נישט אליהו הנביא, נישט קיין אַנדערע זקנים; איך האָב נישט געהערט קיין זמירות, קיין זיסן געזאַנג פון „לכו נרננה״. לאַנג פּאַנטאַזירן האָט מיר מיין פּאַרבלוטיקט האַרץ נישט געלאָזט און אין דעם פינצטערן וואַלד האָט פון מיינע אויגן אַ שטראָם געטון אַ קוואַל טרערן. נאָכן אויסוויינען זיך האָב איך מיך אַ ביסל באַ־רויִקט, איך האָב געמאַכט קידוש... און דערביי געקלערט, צי בין איך געווען אין דעם מחויב און צי מעג איך דאָ אין מיין גרויסן טרויער, אַריינברענגען שבתדיקייט... צי בין איך מיט מיין קידוש נישט מחלל דעם שבת... עס איז דאָך בפרוש געזאָגט: — „וקראת לשבת ענג״... מאַכן קידוש און שטיקן זיך אין טרערן?! איך האָב אָבער געפּראַוועט די „סעודה ראשונה״ פון שבת, „גע־געסן״ דאָס שטיקל ברויט, וואָס יעווגעני האָט מיר געבראַכט מיטן ביסל מילך

און האָב מיך דערמאָנט, אַז פּאַראַכטאָגן פּונקט אין דער צייט, ווען עס איז שוין זינט 16־17 שעה אָנגעגאַנגען די שחיטה אין גלובאָק, בין איך נאָך צוזאַמען מיט מיינע טייערסטע געלעגן אין גרוב אין געטאָ און מיר האָבן געלאָשן דעם טליִענדיקן „סרוב״ פון אונדזער בונקער...

מיר האָבן נישט געוווּסט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן, צי וועלן מיר אַרויס לעבעדיקע.

נאָך דער „סעודה״ האָב איך „זיך ווי געוויינלעך״ געלייגט אונטער אַ קוסט שלאָפן. איך שלאָף שבת ביינאַכט אין וואַלד... עס איז „אַ ביסל״ שווידערלעך. אַלערליי מחשבות וועבן זיך דורך. סוף כל סוף ווער איך מיד און שלאָף איין... נאָך גאָר פאַרטאָג וועקט מיך אויף אַ שטאַרקע „באָמבאַרדיראָווקע״, אָבער נישט קיין שרעקלעכע — זי קומט נישט פון דער ווילדער מענטשלעכער חיה, נאָר גאָר פון דער נאַטור. נאָך האַלבע נאַכט האָט אָנגעצויגן אַ געדיכטער, שוואַרצער וואָלקן און עס איז אַנטשטאַנען אַ מוראדיקער געוויטער. אַ געפערלעכער שטור־רעמווינט האָט דיביימער געשליידערט הין און הער און זייער רוישן איז געווען גוואַלדיק. ביימער האָבן זיך איינגעבראָכן און זענען אומגעפאַלן. די נאַטור איז גרויזאַם. די פינצטערניש איז ממש אָנצוטאַפּן. אַלע ווייל׳ע ווערט זי דורכגע־שניטן מיט די גרויסע, דויערנדיקע בליצן, וועלכע באַלויכטן דעם גאַנצן וואַלד און מאַכן נאָכדעם נאָך פינצטערער אין די אויגן. די דונערן רייסן זיך, דאַכט זיך, איבערן קאָפּ. עס דערלאַנגט אַ גוס רעגן, ווי פון אַן עמער. איך האָב זיך שנעל אויפגעהויבן. מיר איז געוואָרן נישט היימלעך... אין אַזאַ געוויטער ביינאַכט אין אַ וויסטן, פינצטערן וואַלד איינער אַליין!... איך שטיי אונטערן בוים. דאָס איז דאָך געפערלעך, אָבער איך האָב קיין אַנדער פּלאַץ נישט. ביימער זענען אַרום און אַרום. דערצו זעט מען נישט קיין טראָפּן שיין און מען קען זיך נישט באַ־וועגן. יעדער בליץ און דונער, האָט זיך מיר געדאַכט, קלאַפּט אָט אין דעם בוים, אונטער וועלכן איך שטיי. נו, האָב איך מיר געטראַכט, הלואַי זאָלן נאָר אונד־זערע לעבן, וועל איך דאָס אויך מקבל באהבה זיין. פּאַראַכטאָגן אין דער צייט איז מיין לאַגע געווען אַ סך געפערלעכער...

דער שלאַקס־רעגן, באַגלייט מיט שטאַרקע דונערן און בליצן, האָט גע־דויערט לערך אַ פּאָר שעה. איך בין געוואָרן דורכגענעצט ביז די ביינער... קיין זאַכן אויף זיך האָב איך דאָך כמעט ווי נישט געהאַט (אַ פּאָר צעריסענע שמאַ־טעס). עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. דער רעגן איז געוואָרן שוואַכער און שוואַכער. די נאַטור גייט זיך מיט איר סדר. איך קען זיך נישט צוזעצן, ווערגן לייגן זיך איז אָפּגערעדט. אומעטום איז נאַס, בלאָטיק. איך שטיי. מיר איז געוואָרן קאַלט, גוט קאַלט. עס האָט מיך געטרייסלט. איך וואָלט שוין געגרן די זון זאָל זיך אַ ביסל באַווייזן און איך זאָל מיך דערוואַרעמען. נאָר ווער ווייס וואָס פאַר אַ טאָג עס וועט זיין! באַלד דאַרף אָנקומען מיין קריסט. די צייט רוקט זיך און ער איז נישטאָ. מיך וווּנדערט עס. אין משך פון די פּאָר טעג האָב איך זיך שוין צוגע־

ווינט, אַז ער קומט פּינקטלעך אינדערפרי און פּאַרנאַכט. אפשר האָט ער זיך פּאַרשפּעטיקט צוליב דעם געוויטער? באַלד איז אויפגעגאַנגען די זון און איך האָב זיך אַ ביסל דערוואַרעמט. ערשט אין אַ פּאָר שעה אַרום איז געקומען יעווגעני. ער איז געקומען מיט אַ נייעס. ער האָט געהערט, אַז פּאָליציי און דייטשן פון גלובאָק גרייטן זיך צו מאַכן אָבלאַוועס אין די וועלדער, פּעלדער, דערפער. די נאָענטע געגנט אַרום גלובאָק האָבן זיי שוין פון די ייִדן אָפּגערייניקט, זיי האָבן אַ סך ייִדן געכאַפּט אויף די וועגן און איצט וועלן זיי זיך נעמען „רייניקן" די ווייטערע געגנט... דעריבער, מיינט ער, אַז איך מוז זיך פון דעם וואַלד אַריבערציִען, זוכן ערגעץ אַ ווייטערדיקן אָרט, ווו זיך צו שיצן. צי דאָס איז געווען אמת, אָדער יעווגעני האָט געוואָלט — ווער ווייס צוליב וואָס — איך זאָל זיך לעבן זיין דאָרף נישט געפינען, האָב איך נישט געוווּסט. נאָר ווי די זאַך זאָל נישט זיין — אָננעמענדיק אַפילו די צווייטע השערה, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך מוז פון מיין „נייער היים" אַוועקגיין. ער האָט מיר דערביי געגעבן צו דערקלערן, אַז וואָס פריִער איז בעסער, ווייל יעדע שעה קען ברענגען סורפּריזן. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז בייטאָג גיין איז געפערלעך און דעריבער וועל איך שוין דאָ מוזן אָפּוואַרטן ביזן אָוונט און דערנאָך לאָזן זיך אין וועג... ער האָט מיט מיר מסכים געווען. פּאַרנאַכט איז יעווגעני צו מיר ווידער געקומען, האָט מיר געבראַכט צדה לדרך, און האָט מיר אָנגעוויזן אַ מאַרשרוט, וווּהין צו גיין. פריִער האָב איך געדאַרפט גיין צו די מערעצקער כוטאָרעס לערך 2 קילאָמעטער. פון די כוטאָרעס דאַרף איך גיין אַ 5־7 קילאָמעטער ביזן גרויסן דאָרף אודעלע און אָפּגייענדיק פון דאָרט אַ 4־5 קילאָמעטער, טרעפט מען שוין פּאַרטיזאַנער און דייטשן באַווייזן זיך שוין דאָרט זעלטן. אַזוי, אַז לויט זיין חשבון, האָב איך געדאַרפט דורכמאַכן אַ 15־18 קילאָמעטער, גייענדיק מיט וואַלד און פעלד און האַלטנדיק זיך אין אַ בּאַשטימטער ריכטונג. איך האָב יעווגענינען געגעבן 1.000 סאָוועטישע רובל און זיך מיט אים האַרציק געזעגנט. מיך האָבן געשטיקט טרערן און אויך אויף דעם קריסט האָט זיך געמערקט, אַז ער איז נישט גלייכגילטיק. ער האָט מיך געטרייסט, אַז איך וועל בשלום דורכגיין מיין וועג, וועל טרעפן מיינע אייגענע און עס וועט נאָך זיין גוט. אַרויסגייענדיק צוזאַמען מיט מיר פון וואַלד האָט ער מורא געהאַט מען זאָל אונדז נישט באַמערקן. ער איז אַוועק און איך בין נאָך פאַרבליבן אין וואַלד מיט מיינע געדאַנקען וועגן מיין וועג...

איך האָב געוואַרט ביז עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל און בין אַרויס פון וואַלד. איך האָב זיך געסטאַרעט צו געדענקען דעם אָנגעוויזענעם מאַרשרוט. פון דערווייטנס זענען צעזוּאָרפן דערפלעך, כוטאָרעס; אויף די לאָנקעס פּיטערן זיך פערד. יונגע שקצים לייגן פאַנאַנדער אַ פייער. איך הער ווי זיי רעדן וועגן מיר, אַז „עמעצער איז צווועקגעגאַנגען און גייט מסתמא אין מערעצקעס". מיך קימערט עס אָבער נישט, ווייל זיי נעמען מיך אָן פאַר אַ פּויער פון דאָרף דער

אימפעט טראָגט מיך און איך גיי מיר מיין וועג. איך גיי פאַרביי אַ כוטאָר, וואָס שטייט אויף אַ היגל. דאָרט אין דער הויף איז פריילעך. עס זעען זיך פיל יוגנט־לעכע. מען זינגט, מען לאַכט, עס הערט זיך שפּילן אויף אַ האַרמאָשקע, מען טאַנצט... איך האָב זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. צוליב דער טונקלקייט פון דער נאַכט, ווי אויך צוליב די קוסטעס, וואָס האָבן מיך פאַרשטעלט און באַזונדערס צוליב דעם, וואָס דער עולם איז געווען אין פאַרטון אין פאַרווײַלן זיך, האָט מען מיך נישט באַמערקט. אך, ווי ווײַט זיי זענען דאָס געווען פון מיין לאַגע! ווי לאַנג איז דען, אַז איך בין אויך געווען אין מיין היים, אין מיין סביבה, צווישן מײַנע אייגענע!... איצט אָבער זענען זיי אויבן און איך שטיי אונטן... צוויי באַזונדערע וועלטן...

דער לוסטיקער געלעכטער פון די קריסטן, דאָס געזאַנג און זייער ווײַלן זיך האָט מיך געפּייניקט. שוין העכער 3 יאָר ווי איך האָב די וועלט נישט אָנגע־קוקט. איך האָב שוין פאַרגעסן, אַז עס עקזיסטירט נאָך אַזאַ וועלט. איך האָב געמיינט, אַז די הימלען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר אַלעמען און האָבן אַלעמען דערשטיקט, נישט בלויז די אומגליקלעכע ייִדן אַליין. איך וואַנדער אין דער פינצטערער נאַכט און די געדאַנקען מאַטערן מיך. פאַראַכטאָגן אין דער צייט זענען מיר אַרויס פון גרוב און איך האָב דורכגעשמוגלט די געטאָ. עס איז שוין דורך אַ וואָך צייט פון דעם צעשיידן זיך מיט מײַנע טייערסטע, אַ וואָך, ווי איך האָב צום לעצטן מאָל פאַרלאָזט גלובאָק, די גלובאָק, וווּ מיר האָבן אין משך פון אַ צענדליק יאָר אויפגעשטעלט הונדערטער און טויזנטער תלמידים... מײַנע געדאַנקען זענען איבערגעריסן געוואָרן. איך בין געקומען צו אַ ברייטער קאַ־נאַווע, פון בײַדע זײַטן פאַרוואַקסן מיט יונגע ביימעלעך און קוסטעס. ווי אַזוי גייט מען אַריבער? איך האָב מיך געדרייט בײַ אַן אַנדערטהאַלבן שעה און קוים געפונען אַ דורכגאַנג. ביני לביני האָב איך פאַרלאָרן מיין גאַנצע אָריענטאַציע און איך ווייס נישט אין וועלכער ריכטונג איך דאַרף זיך האַלטן. איך האָב פון דערווײַטנס באַמערקט אַן איינזאַמען כוטאָר. איך בין אַהין צוגעקומען, עס איז רויִק, שטיל. די איינוווינער זענען קענטיק געשלאָפן. נאָך אַ ביסל טראַכטן האָב איך געוואַגט און גאַנץ פאַרזיכטיק אָנגעקלאַפּט אין פענצטער און געפרעגט דעם וועג צום דאָרף מערעצקעס. אין פענצטער האָבן זיך באַוויזן אַ פרוי, באַלד נאָך איר אַ מאַן. זיי זענען צו מיר געווען העפלעך און נישט אַרויסגעוויזן קיין תרעומות, פאַרוואָס איך האָב זיי באַאומרויִקט פון שלאָף. ווער איך בין איז פאַר זיי קלאָר געווען, גלייך איך בין בײַ זיי נישט דער ערשטער אַזאַ... זיי האָבן מיר דערציילט, אַז שוין אַ וואָך צייט ווי דורכלויפנדיקע ייִדן קלאַפּן צו זיי אָן בײַ־נאַכט: ווער עס בעט אַ שטיקל ברויט, אַ טרונק וואַסער, פרעגט דעם וועג אאַז״וו. — דאָס זענען אַנטלאָפענע פון גלובאָק אומגליקלעכע ייִדן. איך האָב זיך דאָ דערוווּסט, אַז דרייענדיק זיך פריִער אַרום דער קאַנאַווע, בין איך אַוועק נישט ווײַטער, נאָר זיך דערנענטערט, פאַרקערט, צוריק צו גלובאָק. איך בין געווען

מיט זיי אָפּנהערציק, נישט געשטערט זיך. זיי האָבן מיר אָנגעצייכנט דעם וועג. ביז איך בין צוגעקומען צו די מערעצקער כוטאָרס, וועלכע זענען ס״ה נישט מער ווי אַ 4 קילאָמעטער פון מיין נעכטיקן אָרט, האָט געדויערט אַ 4־5 שעה. איך בין געווען שטאַרק אויסגעמאַטערט און האָב זיך אַוועקגעלייגט אָפּ־רוען. נישט ווייט האָב איך באַמערקט אונטער אַ שטריך ליגן שטרוי און איך האָב זיך אין די שטרוי אַוועקגעלייגט. דער נייער געלעגער, נאָך 10 נעכט ווי איך בין אַוועק פון מיין בעט, האָט מיר אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ. איך בין שוין נישט אין וואַלד און עפּעס האָט זיך מיר געגומען דוכטן, אַז איך בין אויך נישט אַזוי איינזאַם... נישט ווייט זענען הייזער, אין וועלכע עס זענען דאָ מענטשן... אמת, איך האָב גוט פאַרשטאַנען, אַז די באַלעבאַטים וועלן נישט זיין שטאַרק צופרידן פון זייער „גאַסט״, וואָס האָט זיך דאָ „איינגעאָרדנט״ זיין נאַכטלעגער. איך האָב זיך אָבער דאָ פאַרט געשפּירט היימישער. איך בין אָפּגעלעגן אַזוי אין די שטרוי ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. איך האָב זיך געאיילט אַוועקצוגיין פון דאַנען איידער די מענטשן זענען אויפגעשטאַנען. איך בין מיר ווייטער אַוועק מיין וועג. בין געגאַנגען דורך וועלדער, קוסטעס, פעלדער. איך האָב זיך אויס־געהיט מען זאָל מיך נישט באַמערקן. מיר איז עס געלונגען, ווייל עס איז געווען זונטיק און אויף די פעלדער האָט מען נישט געאַרבעט. איך האָב אָבער נישט געהאַט ביי וועמען צו פרעגן דעם וועג. איך האָב געבלאָנדזשעט.

איך האָב געשפּירט, אַז דאָ, אין די געגנטן, דאַרפן ערגעץ זיין פּאַרטיזאַנער. וואָס וועל איך אָבער, אַ צעבראָכענער, אַ דערשטיקטער, אָן אַ טראָפּן מוט, טון ביי די פּאַרטיזאַנער? זיי דאַרפן דאָך מענטשן שטאַרקע, מונטערע מיט אַ פעסטן גייסט, וואָס זאָל קענען נוצן ברענגען... נאָר אפשר זענען אונדזערע ערגעץ דאָ אין די פּאַרטיזאַנער? מיין שוועגערין איז דאָך ד״ר און די פּאַרטיזאַנער נויטיקן זיך דאָך אין דאָקטוירים! שפּעטער אַ ביסל האָב איך באַגעגנט פּשוטע, דאָרפישע פרויען און בין מיט זיי געגאַנגען אַ שטיקל וועג. זיי איז דער געגנט גוט באַ־קאַנט, זיי האָבן מיך נישט געפרעגט ווער און וואָס איך בין. אַלעמען איז שוין געווען באַוווסט, ווער מיר לויפנדיקע ייִדן זענען און פון וועמען און פון וואָס מיר אַנטלויפן... זיי האָבן מיר דערציילט, אַז אויף די דאָזיקע וועגן פאָרן שוין נישט די דייטשן און פּאָליציי איינציקווייז, נאָר גרעסערע גרופּעס. זיי האָבן מורא פאַר די פּאַרטיזאַנער. מיר איז געוואָרן אַ ביסל היימלעכער... איך בין צוגעקומען צו אַ דאָרף (איך געדענק נישט דעם נאָמען) און די פויערים פון דאָרף האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז אין דאָרף איז נישטאָ פאַר וועמען מורא צו האָבן. איך בין אַריין אין אַ שטוב, דאָרט איז געווען לוסטיק, פריילעך, יום טובדיק. מען האָט געבאַקן „בלינעס״, געקאָכט, געפּרעגלט. אין שטוב איז פול מיט עלטערע, קינדער. אַלץ איז נאָרמאַל, גלייך ווי ס׳וואָלט גאָרניט געשען. פאַר מיינע אויגן האָט זיך ווידער אויפגעעפנט דער תהום הנשיה, אין וועלכן מיר זענען פאַרקייקלט. איך בין אַריין נאָך אין עטלעכע הייזער, כמעט אומעטום דאָס זעל־

בע. — איך האָב געטראָפן שטאָטישע מעבל: שיינע מעבלירטע בעטן, שאַפעס, טרומאָ־שפּיגלען, טישן, שטולן, וואַנט־זייגערס. אין איין שטוב האָב איך געזען צוויי שיינע בופעטן... דאָס האָט שטאַרק נישט האַרמאָנירט מיט די פּויערישע אָרעמע הייזלעך, עס האָט עפּעס אויסגעזען מאָדנע... געוווּנדערט האָט עס מיך אָבער נישט. עס איז דאָך באַוווּסט געווען, אַז אין גרויסן טייל איז דאָס יידישע מעבל בעתן אויסמאָרדן זייערע באַלעבאַטים, אַוועק אין די דערפער.

לעבן דאָרף אודעלע האָב איך געמוזט איבערגיין דעם טראַקט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַר, ווייל דאָרט פלעגן אָפט דורכפאָרן דייטשן און פּאָליציי. גאַנץ פאָרזיכטיק בין איך אים ב״ה אַ דורך בשלום. איך האָב מסתמא אין יענעם זונטיק־טאָג דורכגעמאַכט אַ 10 קילאָמעטער און דאָס איז געווען אַ גרויסע זאַך. די נאַכט פון זונטיק אויף מאָנטיק האָב איך גענעכטיקט ערגעץ אין אַן אָפענעם שייער לעבן אַ כוטאָר. בכלל האָב איך זיך איצט אין ערגעץ נישט געאיילט... מיין ״היים״ איז געווען אומעטום, ווו איך בין געגאַנגען, געזעסן, געלעגן — כל הארץ שלי... — מען האָט זיך נאָר געמוזט אויסהיטן פון דייטשן און נישט אָרנטלעכע, געוויסנלאָזע קריסטן.

מאָנטיק, 30טער אויגוסט. איך האָב זיך ווידער געלאָזט אין וועג אַריין. איך האָב זיך געהיט ווייטער צו גיין בלויז בארחות עקלקלות. דאָ איז דער וועג וויניקער געפערלעך. איך באַגעגן זיך דאָ פרייער מיט אַ קריסט. די קריסטן זענען דאָ מער איינגעהאַלטן. זיי האָבן מורא פאַר די פאַרטיזאַנער. איך דריי זיך אַרום פרייער איבער די פעלדער, לאָנקעס אָן אַ באַשטימטן ציל. וווהין און צו וועמען זאָל איך גיין... איך בין פאַרגאַנגען אין אַ ״פונקע״, ווו קריסטן לייגן אָפּ היי און האָב זיך דאָ אַוועקגעלייגט אין מיטן העלן טאָג און איינגעשלאָפן. באַלד זענען געקומען די באַלעבאַטים און האָבן זיך אינגאַנצן נישט געוווּנדערט אויף מיין זיין דאָ און האָבן מיר דערלויבט צו פאַרבלייבן אויף ווייטער. איך האָב אָבער געוואָלט גיין זוכן יידן. און יידן, ווי אַלע גיבן איבער, זענען דורכגעלאָפן פאַרביי דעם דאָרף. אויף מיין פראַגע צי האָבן זיי באַמערקט אַ סך דורכלויפנ־דיקע יידן? — יאָ, איז געקומען אַן ענטפער, — אַ סך יידן זענען דאָ געווען. איי־נער האָט געזען גאַנצע 4, אַ צווייטער נאָך צוויי (מסתמא פון די זעלבע וואָס דער ערשטער); נאָך אַ קריסט האָט געזען צוויי יידישע פרויען מיט אַ קינד. און אַזוי האָט מען מיר אָנגעציילט ביי אַן 8־9 פערזאָן... איך האָב אָפּגעוואַרט ביז די קריסטן האָבן זיך אָפּגעטראָגן און איך האָב פאַרלאָזט מיין ״מקום מנוחה״. איך האָב געוואַנדערט ווייטער — ווו און וואָס ווייס איך נישט. איך האָב נאָר גע־ווּסט, אַז איך דערווייטער מיך פון גלובאָק. אויפן פעלד האָט געאַרבעט אַ קריסט, איך בין צו אים צוגעגאַנגען. ער האָט מיר דערציילט, אַז צו אים אויפן כוטאָר קומען אָפט פאַרטיזאַנער. נעכטן זענען ביי אים אויך געווען עטלעכע פאַרטי־זאַנער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען איטשקע בלאָט (אונדזערער אַ גע־וועזענער שילער, זייער אַ גוטער יינגל און אַן אויסגעצייכנטער פאַרטיזאַן). און

ווען איך קום נעכטן — גיט ער צו — וואָלט איך זיי אַלעמען ביי אים געטראָפן. דאָ האָב איך דערשפּירט, אַז איך בין פריי. דאָס האַרץ איז אָבער געווען צעוויי־טיקט, מיר האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן און איך האָב נישט געקענט ריידן. דער קריסט האָט מיך גענומען באַרויִקן, האָט מיר פאַרגעלייגט אַריינגיין צו אים אָפּעסן און דערנאָך אויפן שייער אָפּרוען זיך. ווייטער האָט ער מיר געזאָגט, אַז די אַנטלאָפענע ייִדן פון גלובאָק דאַרפן זיך, לויט זיין מיי־נונג, געפינען אין יוזיכע, אַ פאָלוואַרעק 5 קילאָמעטער פון זיין כוטאָר (באַר־סוקי). דאָרט, אין יוזיכע, זענען שוין דאָ אַ סך פאַרטיזאַנער און די לאַגע איז דאָרט אינגאַנצן אַ זיכערע מצד די דייטשן. ער האָט אַ סך גערעדט וועגן דער לאַגע, וועגן פאַרטיזאַנער... באמת, איז דאָס מיר ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען אין יענעם מאָמענט. ביי מיר איז געווען אַ גאַנץ אַנדער מצב. וואָס די לאַגע איז גע־וואָרן זיכערער און איך האָב באַקומען מער שאַנסן צו פאַרבלייבן לעבן, אַלץ פיינלעכער איז מיר געוואָרן; מיך האָט עפּעס ווי געשראָקן דער געדאַנק צו ווערן אינגאַנצן רויִק, ווייל דעמאָלט עפענען זיך אויף מיינע ווונדן... איך האָב אָפּגעגעסן ביי מיין מכניס אורח אין באַרסוקי. ער האָט געהייסן סטאַנקעוויטש. דאָס ערשטע מאָל האָב איך אין מיין נע ונד זיין געגעסן ביי אַ טיש, פון אַ טע־לער מיט אַ לעפל ווי אַ מענטש. צו גיין אין יוזיכע האָב איך זיך נישט געאיילט. איך בין געווען זייער אויסגעמאַטערט און דער אימפּעט האָט מיך נישט געטראָגן. עס האָט מיר נישט אויפגעהערט צו עגבערן דער מוח וועגן דעם גורל פון מיינע נאָענטע און איך האָב געציטערט צו דערוויסן זיך דעם אמת וועגן זיי. איך בין אַוועק אויפן שייער צו סטאַנקעוויטשן און זיך דאָרט געלייגט שלאָפן. דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט האָב איך געקענט שלאָפן נישט גע־גנבעטערהייט...

אויף מאָרגן האָט מיך סטאַנקעוויטש ווידער געבעטן עסן. ביי זיי איז גע־ווען אַ זון קראַנק אויף דיזענטעריע און איך האָב מורא געהאַט דאָרט צו עסן. מיר איז אָבער געווען שווער אָפּצוזאָגן זיך און איך האָב געגעסן. נאָכדעם האָט מיר סטאַנקעוויטש אויסגעמאָלט ווי צו גיין אין יוזיכע און איך בין אַוועק. איך בין געגאַנגען ווי אַ פאַרחלומטער, געשלעפּט זיך דורך פעלדער און לאָנקעס, אָפּגעשטעלט זיך רעדן מיט פויערים, וואָס האָבן געאַרבעט אויפן פעלד. אַלע האָבן מיר געזאָגט, אַז די אַנטלאָפענע ייִדן געפינען זיך אין יוזיכע. איך האָב אַנגעגעבן די סימנים פון מיין ברודער, שוועגערין און זייער קינד, נאָכפרעגנדיק צי האָבן זיי אַזוינע נישט געזען דורכגיין. איך האָב אָבער קיין זאַך נישט געקענט דערגיין. איך בין געקומען אין דאָרף זשאַלניצע, 2 קילאָמעטער פון יוזיכע. די פויערים פון דאָרף האָבן מיר דערציילט, אַז נישט לאַנג איז ביי זיי געווען אַ דייטשע אָפּטיילונג. דאָס האָט מיך אַ ביסל איבערראַשט נאָך מיין גרויסער זי־כערקייט, אַז קיין דייטשן זעט מען שוין דאָ נישט. מיר איז געבליבן נאָך אַ פּאָר קילאָמעטער ביז יוזיכע. מען דאַרף דורכגיין דורך טיפע בלאָטעס, זומפּן. קיין

חשק צו גיין איז נישטאָ, דאָך גיי איך, איך שלעפּ זיך. ווער ווייס וואָס איך קען זיך דאָ דערוויסן וועגן מיינע! אויפן וועג טרעף איך שוין פּאַרטיזאַנער. צוערשט איז מיר די באַגעגעניש מיט זיי גאָר נישט היימלעך געווען. איך האָב געטראַכט, ווער ווייס, ווי זיי וועלן אויף מיר קוקן. צי וועלן זיי נישט וואַרפן קיין חשד אַמאָל אויף אַן אומבאַקאַנטן וואַנדערער... די ערשטע פּאַרטיזאַנען, וואָס איך האָב באַגעגנט לעבן יוזיכע זענען געווען אַ גרופּע מענער און פרויען, וואָס זענען געפאָרן אויף פויערישע פורלעך, זיי זענען געווען גוט באַוואָפנט. דער־זעענדיק מיך האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס. איך האָב קענטיק געמאַכט אויף זיי אַן איינדרוק פון אַ שטאַרק געליטענעם. איינער האָט אַ זאָג געטון דעם צווייטן מיט מיטלייד, אז איך בין קענטיק נישט קיין געגעסענער. זיי האָבן מיך פאַנאַנדערגעפרעגט פון וואַנען איך קום, וואָס מיט מיר איז און האָבן מיך געלאָזט גיין ווייטער. מיר איז געוואָרן נאָך היימ־לעכער, עפּעס לייכטער. דאָס באַגעגענען באַוואָפנטע מענטשן, וואָס האָבן מיר קיין שלעכטס געטון און פאַרקערט, נאָך אַרויסגעוויזן אַ געוויסן מיטגעפיל, האָט מיך דערמונטערט. עפּעס האָט זיך מיר עס אַליין נישט געגלויבט, אַז אַזאַ זאַך קען זיין...

ערשט אַרום זונפאַרגאַנג דינסטיק, דעם 31טן אויגוסט, האָב איך זיך דער־שלעפּט ביז יוזיכע. אין אַ גרויסן לאַנגן הויז פון אַ קליין גוט־באַזיצער, פון וועלכער די באַלעבאַטים זענען זיך צעלאָפן, אָדער די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי צוליב זייער הילף פאַר די דייטשן דערמאָרדעט, האָב איך געטראָפן דריי גלו־באָקער פּליטים: פייגעל — אַ ווילנער, נישט לייכט פאַרווונדיקט, פרוי קוראַק מיט איר 14־יעריקער טאָכטער, וועלכע איז געווען זייער שווער פאַרווונדיקט נאָך אין גלובאָק בעת דער שחיטה דעם 20טן אויגוסט און די מוטער האָט זי אין אַזאַ צושטאַנד דערשלעפּט אויף זיך אַזש ביז יוזיכע. פייגעל האָט זיך ווי נישט איז נאָך אַליין באַוועגט און האָט זיך אַליין געמאַכט די „איבערבינדונגען" אויף זיינע ווונדן (געמאַכט מיט שטרוי און שמאַטעס). אָבער די יונגע קוראַק איז געלעגן כמעט ווי אַ גוססע, נישט גערעדט. געלעגן און געקרעכצט. גע־וואַלגערט האָבן זיי זיך אויף אַ שמוציקער פּאָדלאָגע אויף אַ ביסל שטרוי, אָבער דאָס איז אויך גוט געווען...

די דריי לעבעדיקע האָבן מיר מיט טרערן אין די אויגן אָנגעזאָגט, אַז מיין ברודער מיכאל לעבט און איז פון דאַנען אייערנעכטן, זונטיק דעם 8־29טן אוי־גוסט, אַוועק מיט אַ קאָמפּאַניע יידן אין דער ריכטונג פון מיאַדלער ראַיאָן. אינס־טינקטיוו האָט זיך מיר אַרויסגעריסן: יהי שם ה׳ מברך וכו׳ און געמאַכט די ברכה מחיה המתים... איך בין געוואָרן צעטומלט און נישט געוווסט וואָס מיט מיר קומט פאָר. קומענדיק אַ ביסל צו זיך האָב איך אָנגעהויבן אַן אויפהער אי־בערצופרעגן, צי דאָס איז אמת, צי האָבן זיי נישט קיין טעות, צי דוכט זיי זיך אַמאָל נישט אויס, צי האָבן זיי אים נישט פאַרביטן אויף אַן אַנדערן... וועגן דער

שווערערין און פּלימעניקל ווייסן זיי גאָרנישט. זיי האָבן מיר אַפּנים נישט געוואָלט אויסזאָגן.

ביי אַ קילאָמעטער פון יוזיכע האָט זיך געפונען אַ פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, דאַכט זיך, פון „זשוקאָווס" בריגאַדע, אין וועלכער עס האָבן שוין באַוויזן אָנצוקומען פון די גלובאָקער פּליטים ארקע בירזש, איטשקע דער צוקערניק, מינדל־דינה פידעלהאָלץ — אַ קראַנקנשוועסטער. זיי פלעגן אונדז אָפט באַזוכן אין יוזיכע און ברענגען הילף. דינה פידעלהאָלץ האָט געבראַכט אַ באַנדאַזש און מעדיקאַמענטן פאַר די פאַרוווּנדיקטע קוראַק און דעם אַלטן פייגעל. די איבערי־קע פלעגן ברענגען עסן. די באַוואָפנטע גלובאָקער ייִנגלעך האָבן מיר דערציילט, אַז די אַלע געראַטעוועטע גלובאָקער ייִדן, בתוכם אויך מיין ברודער, זענען געווען אין יוזיכע און האָבן דאָרט פאַרבראַכט עטלעכע טעג.

מיין מצב האָט זיך דאָ איצט אינגאַנצן געביטן. אין מיר האָבן זיך געראַנגלט צוויי היפּוכדיקע געפילן. פון איין זייט, האָט מיך די בשורה טובה וועגן מיין ברודער באַפליגלט, אַריינגעגאָסן אין מיר אַ שטראָם גליק. פון דער צווייטער זייט האָט מיך דאָס אומבאַוווּסטע וועגן דער שווערערין און פּלימעניקל, וועלכע האָבן דאָך געדאַרפט זיין מיט מיין ברודער צוזאַמען און קיינער האָט זיי דאָ נישט געזען, געפּייניקט און נישט געלאָזט רוען. דאָס האָט מיר פאַרטונקלט מיין גליק. מיך האָט אויך געפּייניקט, וואָס מיין ברודער ווייס פון מיר קיין זאַך נישט און איז צעבראָכן ביז דער לעצטער מדרגה. איך האָב זיך געערגערט, וואָס איך האָב זיך אַזוי לאַנג געוואַלגערט אין די פעלדער און וועלדער און פריִער אַהער נישט געקומען. ווען איך קום פריִער, וואָלט איך אים דאָ געטראָפן. די פּאַרטיזאַנער האָבן מיר געבראַכט קאַרטאָפל. מיר איז אָבער קיין זאַך אין האַלדז נישט געקראָכן. די אַרומיקע האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס איך בין אַזוי אויפגעטרייסלט. זיי האָבן מיך באַרויִקט, געהאַלטן, אַז איך דאַרף זיך שפּירן גליקלעך, זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען מיינע אינערלעכע איבערלעבענישן. מיין אויסזען איז געווען אַ שרעקלעכער. איך בין פאַר די טעג געוואָרן גרוי, פאַרוואָקסן אַזוי אַז מיך איז געווען שווער צו דערקענען... איך אַליין האָב צום ערשטן מאָל פאַר דער גאַנצער צייט דאָ אַריינגעקוקט אין אַ שפּיגל און זיך נישט דערקענט...

נאָך מיין באַרויִקן זיך אַ ביסל, האָב איך זיך פאַרנומען מיט די קראַנקע. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז זיי זענען פאַרוווּנדיקט געוואָרן פרייטיק, דעם ערשטן טאָג פון דער שחיטה, ווען זיי זענען געלאָפן פון געטאָ. פרוי קוראַק האָט אין דער שחיטה־שטאָט איבערגעלאָזט איר מאַן, פיר זין און צוויי טעכטער, וועלכע זענען פאַר אירע אויגן געפאַלן טויט פון די מערדערלעכע קוילן. דאָס איינציקע מיידעלע, פאַרוווּנדיקט מיט אַ קויל אין בויך, האָט זי ממש אויף די הענט אַרויסגעטראָגן דורכן פייער פון געטאָ און זי קוים דערשלעפּט אַהער. פייגעל, אַ ייִד פון אַ יאָר עטלעכע און פופציק, האָט אויך אַלעמען פאַרלאָרן בעתן לויפן פון דער שחיטה און אַליין, אַ פאַרוווּנדיקטער אין די ענגע ערטער, האָט ער זיך פון

פייער אַרויסגעריסן און קוים זיך דערשלעפּט אַהער. איך האָב דער פרוי געגעבן געלט, וואָס איך האָב מיט זיך געהאַט. זי איז אַרויס פון געטאָ אײנגאַנצן אָן מיטלען. זי האָט מיר געזאָגט, אַז איך האָב איר מיט מיין הילף געראַטעוועט דאָס לעבן און זי וועט עס קיין מאָל נישט פאַרגעסן. זי איז אַוועק אין דאָרף און האָט געקויפט פאַר איר קראַנקער טאָכטער אייער, פּוטער, מילך א״אַ. איך האָב אויך אָנגעבאָטן געלט דעם קראַנקן פייגעלען — ער האָט נישט גענו־מען, געזאָגט, אַז ער דאַרף נישט.

מיינע אַלע געדאַנקען זענען געווען איצט פאַרנומען, ווי אַזוי צו טרעפן זיך מיטן ברודער. גענוי וווהין ער איז פון דאַנען אַוועק, האָט קיינער נישט געוווסט. מען האָט נאָר געזאָגט, אַז איין גרופּע איז פון דאַנען אַוועק אין דער ריכטונג פון מיאָר, איינע אין דער ריכטונג פון קאַזיאַן און אַ טייל ייִדן זענען אַוועק אין מיאַדלער ראַיאָן. לויט זייער השערה איז מיין ברודער אַוועק מיט די לעצטע.

עס איז געווען אָוונט. איך האָב מיך געלייגט אויף אַ גרויסן, לאַנגן טיש אין אַ צווייטן צימער. עס איז געווען קאַלט און האַרט, נאָר איך האָב עס נישט געפילט. איינשלאָפן האָב איך בשום אופן נישט געקענט. די נערוון זענען מיר געוואָרן צעשרויפט נאָך מער ווי פריִער. לבי פחד ורחב — דאָס האַרץ שפּרינגט מיר אַרויס פון שמחה און פון צער איינצייטיק. אין מיינע געדאַנקען וועבן זיך פּלענער, ווי אַזוי איך זאָל גרייכן צום ברודער, ווי אַזוי היט מען זיך ערשט אויס פון אומגליק. איצט איז שוין מיין לעבן מער ווערט, איצט איז מיין לעבן וויכטיק נישט נאָר פאַר מיר... אמת, די לאַגע איז אַ מער זיכערע ווי פריִער, אָבער די דייטשן זענען דאָך פאַרט דאָ, זיי זענען דאָך נישט פאַרשוווּנדן גע־וואָרן פון דער ערד. און ווער שמועסט, אַז מען דאַרף זיך נאָך לאָזן אין אומ־באַקאַנטע וועגן. דערצו ווייס איך נאָך נישט וווהין איך דאַרף נעמען מיין ריכ־טונג צום ברודער, מען ווייסט דאָך נישט זיכער וווהין ער איז אַוועק. און ווי וועט זיין, אויב איך וועל זיך לאָזן וואַנדערן איבער די סכנהדיקע וועגן און עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז איך האָב געגרייזט מייַ ריכטונג?... און ווען איך זאָל אַפילו וויסן, אַז ער איז אַוועק אין מיאַדלער ראַיאָן, איז ווי גרייכט מען אַהין. עס איז אַ מרחק פון אַ 70 קילאָמעטער און מען מוז דורכגיין איבער אַ סך באַן־ליניעס און וועגן און דאָ איז די סכנה זייער גרויס. דערצו בין איך דאָך נאָך איינער אַליין אין דעם מצב. מער קיין מיטגייער האָב איך נישט. און אַזוי זיצנדיק פאַרזונקען אין די מחשבות האָט פּלוצלינג דערלאַנגט אַ טראַך, אַז עס האָט אונדז אַלעמען אַ וואָרף געטון אין דער לופט. מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן ווי צעשראָקענע מייַז, נישט וויסנדיק וווהין. עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס זענען אונדז די דייטשן באַפאַלן... אָבער עס איז שטיל, מער קלאַפּט נישט. עס איז פינצטער. מיר האָבן זיך אַ ביסל באַדענקט און גענומען פאַרזיכטיק אַרומקוקן זיך. עס איז אַרויסגעפאַלן אַ פענצטער, האָט זיך צעדראָז־

געט אויף פּיצלעך. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער איז שוין נאָכדעם נישט געשלאָפן. מיר האָבן גערעדט פון דער איבערלעבונג און פון גאַנצן מצב ביז עס איז גע־וואָרן ליכטיק.

מיטוואָך, דעם 1טן סעפּטעמבער, בין איך אַוועק אין בארסוקי (אָדער בארסוטשינע) צו סטאַנקעוויטשן. איך האָב געטראַכט, אפשר וועל איך אָנטרעפן אויף איטשקע בלאַט אָדער אַנדערע באַקאַנטע פּאַרטיזאַנער. איך האָב מיר געזוכט עצות, ווי אַזוי וואָס שנעלער אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט מיין ברו־דער און געבן אים צו וויסן וועגן זיך. אַלע האָבן מיך אָפּגערעדט פון צו לאָזן זיך אַליין גיין אין אַזאַ סכנהדיקן וועג. ווען איך האָב נישט געפרעגט, צי ווייס מען נישט ווער עס וויל זיך לאָזן צוזאַמען מיט מיר גיין אין מיאדלער ראַיאָן האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן. בייטאָג זענען אַהער געקומען צו לויפן פאַלקע לעווין, זונדל מוסינס אַ פּלימעניק (אונדזערער אַ שילער) און פּיישקע סאָט־נאָוויקס אַ שוואָגער (איך געדענק נישט די פאַמיליע). זיי האָבן מיר דערציילט ווי אַזוי זיי האָבן זיך פרייטיק, דעם 20טן, געראַטעוועט פון דער שחיטה דורך אַ קוימען (גענויער אין פּרק „די ליקווידאַציע פון דער געטאָ"). זיי האָבן תחילת מסכים געווען צו גיין מיט מיר צוזאַמען אין מיאדיעל, אָבער באַלד האָבן זיי חרטה געקראָגן און זענען אַוועק אין קאזיאַן.

נישט ווייט פון אונדזער הויז האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַן אַלטער פרוי פון גלובאָק מיטן נאָמען סאשע. זי איז אויך אַהער געקומען אין יוזיכע און האָט זיך איינגעאָרדנט ביי אַ קריסטין אַ שניידערין אויף „אַרבעט"... זי האָט מיך אויך תיכף באַגעגנט מיט דער בשורה וועגן מיין ברודער, זי האָט מיך פאַר־זיכערט אַז זי האָט מיט אים אַליין גערעדט און אַז ער איז שטאַרק באַזאָרגט וועגן מיר, ווו ער איז אַוועק געגוי ווייס זי אויך נישט. זי האָט זיך געראַטעוועט אויף אַ ווונדערלעכן אופן. פרייטיק פאַרטאָג, ווי נאָר עס האָט זיך אין גלובאָק אָנגעהויבן די שחיטה האָט זי זיך אַוועקגעלייגט אין די גערטענער פון „משיחס קאָלאָניע" אין גראָז. זי האָט ביי זיך געהאַט אַ „סגולה־ספרל" — אַ מין טאַליס־מאַן, אויף וועלכן זי האָט געלייגט גרויס האָפענונג... זי האָט צוגעזען, ווי אַזוי די מערדער האָבן האַרט פאַרביי איר געשלעפּט קרבנות און זיי געשלאָגן. זי האָט געזען, ווי די לעצטע יונגע מיידלעך, האָבן זיך ביי די מערדער געבעטן רחמים, אַז זיי זאָלן זיי נישט מאָרדן, זיי זאָלן זיי שענקען דאָס לעבן... די אַכזרים האָבן אויף געוויינען און קלאָגן געענטפערט מיט געלעכטער, באַגלייט מיט זידלערייען און קלעפּ (דאָס האָבן געטון היגע, אַלעמען באַקאַנטע קריסטן פּאָ־ליציאַנטן). זי האָט אויך אונטערגעהערט ווי די פּאָליציי־לייט האָבן זיך באַראַטן ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען ביי די יידן דאָס גאָלד און ווערטזאַכן פאַרן שענקען זיי, כלומרשט דאָס לעבן... איבער איר זענען געפלויגן הונדערטער קוילן, נאָר איר האָט נישט געשאַדט. זי איז געלעגן אין דעם הויכן גראָז אומבאַוועגלעך, האָט זיך נישט אַ ריר געטון. פרייטיק פאַרנאַכט האָט זי געהאַט גרויס פּאַו־דרוס, וואָס

זי האָט נישט געקענט בענטשן קיין ליכט און מקבל שבת זיין, ווי איר שטייגער. זי האָט עס געטון אין דער מחשבה... זי האָט געזען, ווי אַזוי די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן הייזער אין געטאָ, ווי מענטשן האָבן זיך געראַנגלט מיטן טויט. פאַר אירע אויגן איז דורך דער גרויל פון דער שחיטה. זי איז געלעגן פאַרגליווערט די גאַנצע נאַכט פון פרייטיק אויף שבת און אויך דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג. די געטאָ האָט געברענט פון אַלע זייטן. זי האָט עס אַלץ צוגעזען, ליגנדיק אין גראָז, זי אָבער, די 75־יעריקע סאשע, האָט זיך געהאַלטן פעסט צוזויפגעדריקט די ציין און האָט זיך נישט געבראָכן... שבת־צו־נאַכט איז זי אַרויסגעקראָכן פון געטאָ און פון שטאָט. אויפן וועג האָט זי זיך איבערגעטון ווי אַ פויערטע. ביי אַ באַקאַנטן קריסט האָט זי באַקומען אַן אלטן סערפּ און איז אַוועק מיטן טראַקט. קיינער האָט אויף איר, אויף דער אַלטער „דאָרפישער פּויערטע" מיטן פאַרוואָרפענעם סערפּ אויף די אַקסלען, קיין אַכט נישט געלייגט. באַמערקנדיק פון ווייטן אַן אויטאָ מיט דייטשן אָדער פּאָליציי, פלעגט זי זיך איינבייגן ביי אַ זייטיקער וועג־„מיעזשע" און נעמען שניידן גראָז... ווען די באַנדיטן פלעגן דורכפאָרן, פלעגט זי זיך אויפהויבן און גיין ווייטער איר וועג. אַזוי האָט זי זיך דערשלעפּט ביז יוזיכע, אָנגעקומען צו אַ דאָרפישער שניידערין אויף אַרבעט און האָט זיך גוט „איינגעאָרדנט" — האָט אַ דירה און וואָס צו עסן. אַרום דאלהינאוו, פלעשצינעץ, האָט זי מיר דערציילט, האָט זי אַ זון אין פּאַרטיזאַנקע און אַהין וויל זי גרייכן. נאָר ווי אַזוי? זי וואָלט וועלן מיט מיר מיטגיין, אויב איך וואָלט זי נעמען.. דעם אמת זאָגנדיק, איז זי די אַלטע 75־יעריקע סאשע, געווען מער העלד פאַר מיר, דעם יונגן, עטלעכע און דרייסיק יעריקן מאַן, האָט געהאַט מער מוט און איז געווען אַ גרויסער מוצלח. דאָך האָט זיך מיר געוואָלט געפינען נאָך עמעצן אויף צו לאָזן זיך אין וועג, און איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז ווען איך וועל געפינען נאָך עמעצן, וואָס וועט גיין אין דעם וועג, וועל איך זי אויך מיטנעמען. בכלל דאַרף מען פון דאַנען אַוועקגיין, ווייל די דייטשן האָבן מן הסתם דערשמעקט, אַז דאָ איז געוואָרן אַ שטיקל נעסט פון יידן און זיי קענען באַפאַלן יוזיכע; צוליב דעם טעם זענען די פּאַרטיזאַנער אויך נישט צופרידן, וואָס די יידן זאַמלען זיך אין איין פּונקט. איך האָב באַשלאָסן זונטיק, דעם 5טן אַוועקצוגיין פון דאַנען. שבת האָט זיך מיר נישט געוואָלט גיין. צו מיר זענען געקומען איטשקע דער צוקערניק, אַרקע בירזש און דינה פידעלהאָלץ. איך האָב זיי דערציילט וועגן מיין פּלאַן און זיי האָבן מיר געראַטן אויסצוזוכן אַ קריסט, וואָס זאָל מיך וועלן דורכפירן. זיי זענען זיך אַוועק און איך בין פאַרבליבן וואַרטן אויף זונטיק.

פלוצלינג איז פרייטיק, דעם 3טן סעפּטעמבער, אַריינגעלאָפן צו מיר, נישט טויט, נישט לעבעדיק איטשקע דער צוקערניק און האָט אונדז געהייסן וואָס גיכער פון דאַנען אַנטלויפן, ווייל דייטשן באַפאַלן דעם פּונקט און די פּאַרטיזאַנישע כוחות זענען דאָ צו שוואַך זיי אָפּצוטרייבן. עס האָט זיך אונדז אַלעמען

צעמישט די מוחות... וואָס טוט מען דאָ מיט די פאַרוווּנדיקטע? עס האָט זיך דערהערט אַ ווייטע שיסעריי פון מעטראַליען. מיר האָבן געכאַפּט אויף זיך די קראַנקע און אַרויסגעטראָגן זיי פון הויז אין די קוסטעס, כאָטש דאָרט איז די באַהעלטעניש אויך געווען אַ גאַנץ שוואַכע. צו אונדז איז געקומען צו לויפן די אַלטע סאַשע און אַ פאַרוווּנדיקט מיידל פון אַ יאָר 16־17 אַ שאַרקאָווּשצינער, זי איז געווען פאַרוווּנדעט אין מויל (די קויל איז ביי איר דורך דורכן מויל און באַק) און זי האָט זיך פריי באַוועגט. זי איז אויך געקומען צו לויפן פון גלו־באָק, פאַרלירנדיק דאָרט די משפּחה אירע. די פאַרוווּנדיקטע קוראַק און פייגעל האָבן מיר געטראָגן פון קוסט צו קוסט. די שיסעריי האָט באַלד אויפגעהערט, נאָר עס איז נאָך נישט געווען זיכער, אַז די לאַגע איז רויִק. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון. אונדז איז זייער שווער געווען צו באַוועגן זיך צוליב די קראַנקע. דאָך האָבן מיר זיך געלאָזט גיין ווייטער און ביז אָוונט האָבן מיר זיך אָפּגעשלעפּט אַ 5־6 קילאָמעטער. אויף נאַכט האָבן מיר זיך צעטיילט אין באַ־זונדערע כוטאָרעס. אויך די קראַנקע האָבן מיר איינגעאָרדנט.

אויף מאָרגן שבת, דעם 4טן סעפּטעמבער, זענען צו מיר צוגעשטאַנען סאַ־שע מיט דעם מיידל פון שארקאָווּשצינע, אַז מיר זאָלן אין דרייען לאָזן זיך גיין ווייטער. איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו טון. איך האָב געשפּירט, אַז מיר דאַרפן זיך פון דאַנען דערווייטערן; מיר איז אָבער זייער שווער געווען איבערצולאָזן דאָ די קראַנקע, וועלכע האָבן מיט אונדז נישט געקענט גיין. פייגעל און די פרוי קוראַק האָבן זיך אויפן כוטאָר גוט געשפּירט און האָבן מיך אַליין צוגערעדט נישט צו פאַרהאַלטן זיך דאָ. מיר דריי זענען אַוועק. פון פויערים אויף די פעל־דער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מיר געפינען זיך אויפן וועג צו די קאַזיאַנער וועלדער און אונדז פעלט נאָך צו גיין 18 קילאָמעטער ביזן וואַלד. אין דער אמתן איז מיין כוונה געווען נישט קאַזיאַנער וועלדער, נאָר מיאַדלער ראַיאָן, וווּהין מיין ברודער זאָל האָבן אַוועק. אָבער אַז עס האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, האָט זיך מיר געוואָלט גרייכן די קאַזיאַנער וועלדער, ווו איך וועל זיך אפשר קענען דערוויסן ביי די אַנטלאָפענע גלובאָקער ייִדן עפּעס וואָס וועגן מיין שוועגערין מיטן פּלימעניקל. אפשר האָט מיין ברודער געענדערט דעם פּלאַן און איז אויך אַהין אַוועק? מיר האָט זיך בכלל געוואָלט דערוויסן, וועלכע ייִדן האָבן זיך געראַטעוועט פון גלובאָק. מיר זענען אַרויס שבת פרי פון דאָרף און איבערן טאָג „איינגעאָרדנט" זיך אויפן פעלד... שבת האָבן מיר נישט געוואָלט גיין... אָבער אין דאָרף האָבן מיר אויך נישט געוואָלט זיין. אָפּוואַלגערנדיק זיך דעם טאָג אויף די פעלדער, האָבן מיר זיך אין אָוונט אַריינגעקליבן בגנבה אין אַ שייער לעבן אַ כוטאָר און דאָרט איבערגענעכטיקט. זונטיק גאַנץ פרי, ווען אַלע זענען נאָך געשלאָפן, זענען מיר אַרויס אין „וועג". מיר האָבן דורכויס אָנגעטראָפן אויף אָפּגעברענטע דערפער און קיין בנינים האָבן מיר נישט געזען. די דייטשן פלעגן זיך אין גרעסערע אָפּטיילונגען אַריינרייסן אין דער פאַרטיזאַ־

נישער זאָנע און אַלץ פאַרברענען און פאַרניכטן, כדי די פאַרטיזאַנער זאָלן נישט האָבן פון וואַנען צו ציִען זייער יניקה. די אַלטע סאַשע האָט מיר אין וועג אַ סך געדינט. זי פלעגט לייכטער קריגן עסן ביי די פויערים (איך האָב זיך געשעמט צו בעטן...). אַ סך מאָל פלעגט זי מיר אַרויסטראָגן דאָס עסן פון אַ פויעריש הויז, ווייל מיר איז שווער געווען אַריינצוגיין אינעווייניק אין הויז. איז פלעג די אויגן נישט קענען אויפהויבן, נישט קענען קוקן מענטשן אין פנים אַריין, נישט קענען פאַרליידן ווען יונגע דאָרפישע שקצים און שיקסעס פלעגן אויף אונדז אויסשטעלן זייערע אויגן, אויסשטרעקן זייערע בליקן און אונדז אָנקוקן ווי עפּעס אַ בייזן ווונדער... איך מוז דאָ מודה זיין, אַז די אַלטע סאַשע איז בכלל בעסער געגאַנגען פון מיר און איז נישט געווען אַזוי צעבראָכן ווי איך. דאָס האָט מיך שטאַרק געוווּנדערט. זי האָט געטראָגן באַהאַלטן אויפן ברוסט אַ קליין ספרל פון „סגולות" פאַר אַ צייט פון סכנה, קראַנקייטן אאַז"וו. דעם נאָמען פון ספרל געדענק איך נישט. דאָס ספרל, האָט זי מיר געזאָגט, האָט איר געראַטעוועט און זי לייגט אויף דעם גרויסע האָפענונגען אויף ווייטער...

נאָך לאַנגע טלטולים און נדודים, האָבן מיר זיך לסוף, דינסטיק, דעם זיבעטן פאַרנאַכט, דערשלעפּט צו די קאזיאנער וועלדער. אַ פּאָר קילאָמעטער פאַרן וואַלד האָבן מיר געטראָפן אַ פּאָר גלובאָקער — ברודנא און איינע אַ מיידל (כ'געדענק נישט די פאַמיליע), וועלכע האָבן אויסגעקלאַפּט קערנער פון זאַנגען פון נאָך נישט אָראָפּגעפּירטע אין שייער גארבן און מיט דעם האָבן זיי זיך גע־שפייזט. נענטער צום וואַלד האָבן מיר באַגעגנט ייִדן אין „לאַפּציעס", וואָס זיי האָבן געקראָגן ביי פויערים, אייניקע זענען געגאַנגען אינגאַנצן באָרוועס. די פאַרחושכטע פנימער מיט זייער הילוך האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שווערן איינ־דרוק. איך האָב זיכער נישט אויסגעזען בעסער פון זיי און אפשר נאָך ערגער, אָבער איך האָב דאָך זיך אַליין נישט אָנגעקוקט... די באַגעגנטע האָבן אונדז אַריינגעפירט אין וואַלד אינעווייניק, ווו מיר האָבן געטראָפן גלובאָקער, דאָק־שיצער, מיארער, שאַרקאָווּשצינער, לוזשקיער און פון אַנדערע ערטער. כמעט אַלע האָבן געוווּסט ווער איך בין, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָב געקענט בלויז די גלובאָקער... און דאָך האָבן זיי זיך אַרום מיר אַרומגעשטעלט און אין מיר זיך עפּעס מאָדנע איינגעקוקט, באַטראַכט מיך פון קאָפּ ביז די פיס, געוווּנדערט זיך, געקוועטשט מיט די אַקסלען, זיך צווישנאַנאַנד איבערגעוווּנקען אאַז"וו. תחילת האָב איך נישט פאַרשטאַנען, וואָס האָבן זיי אין מיר דערזען פאַר אַ מופת, וואָס איז זיי דאָ נישט קלאָר... דערווייל איז צוגעלאָפן אַ מיידל (קורמאַן), וועלכע האָט זיך ביי אונדז יאָרן־לאַנג געלערנט אין שול און פרעגט שט־ילערהייט ביי די אַרומיקע ווער איך בין? פאַר מיר איז שוין דאָ געוואָרן אַלץ קלאָר. איך האָב געבעטן אַ שפּיגעלע און מען האָט מיר באַלד צוגעטראָגן. ווען איך האָב זיך דערזען אין שפּיגעלע איז מיר געוואָרן פאַרשטענדלעך פאַר־וואָס מיין לאַנגיעריקע שילערין האָט מיך נישט דערקענט. איך אַליין האָב זיך

אויך נישט דערקענט... איך האָב אַפּילו נישט געפונען קיין שטריכן ענלעכע צו מיר. איך בין געוואָרן גרוי, פאַרוואָקסן, עלטער אויף צענדליקער יאָרן און כולו חושך... דערקענט האָט מען מיך בלויז לויט דער שטים און בשעת מיין שילערין איז צוגעגאַנגען צו מיר האָב איך דעמאָלט גראָד נישט געהערט. מיך האָבן גענומען שטיקן טרערן, אָבער איך האָב מיך געוואָלט באַהערשן, אַז קיינער זאָל עס נישט באַמערקן, כאָטש אַלע זענען דאָך געווען אין דער זעלבער צרה וואָס איך. פּרוי פּינצאָוו פון פּאָהאסט, וועלכע איז מיט איר משפחה אַוועק אין וואַלד נאָך פאַר דער שחיטה, האָט מיר באַלד צוגעטראָגן מילכיקע פאַרפל, וועלכע איך האָב געגעסן בלויז צוליב „פּאַסאָן", ווייל אין יענעם צושטאַנד האָב איך נישט געקענט עסן. די ייִדן זענען שוין דאָ געווען אַ ביסל „איינגעאָרדנט", זיי האָבן דאָ געהאַט צום עסן — די פּאַרטיזאַנער האָבן זיי באַזאָרגט. אַלע האָבן זיך דאָ מיט מיר מטפּל געווען, די אַלטע „תושבים" האָבן זיך געזאָרגט וועגן אַ „נאַכטלעגער" פאַר מיר, די „דירה־פּראָגע" איז דאָ געשטאַנען גאַנץ שאַרף, ביידלעך אָדער זיעמליאַנקעס האָבן געהאַט נאָר די, וואָס האָבן עס אַליין פאַר זיך אויסגעבויט. דאָך האָט מען מיך באַזאָרגט מיט אַ ביידל. סאשען איז דאָס לעבן דאָ אינגאַנצן נישט געפעלן. זי איז גלייך אַוועק אין איינע פון די נאָך נישט פאַרברענטע דערפער און האָט זיך דאָרט איינגעאָרדנט ביי אַ פּויער.

פון דאַנען, פון קאַזיאַן, ביז די מיאַדלער וועלדער איז אַ מרחק פון אַ 60־70 קילאָמעטער. דער וועג איז געווען אַ גאַנץ שווערער און סכנותדיקער. מען האָט געדאַרפט איבערגיין באַן־ליניעס, שניידן טראַקטן, שאָסייען אאַז"וו, ווו עס איז זייער עלול געווען אָנצוטרעפן אויפן שונא. וואָס טוט מען דאָ? ווי גרייכט מען צום ברודער? ווען איך געפין כאָטש נאָך איינעם, וואָלט איך מיך געלאָזט אין וועג אַריין...

איך האָב דאָ איבערגענעכטיקט. אויף מאָרגן איז דאָ געווען אַ שטיקל באַוועגונג. עס זענען געקומען איטשקע בלאַט און נאָך עטלעכע פּאַרטיזאַנער פון טשאַפּאַיעווס אָטריאַד, וועלכע זענען געשטאַנען אין די קאַזיאַנער וועלדער. בלאַט איז געווען אַן אויסגעצייכנטער פּאַרטיזאַן און אַלע האָבן אים דאָ געקענט. דערזעענדיק מיך איז ער באַלד צוגעלאָפן (ער איז געווען אונדזערער אַ שילער אין משך פון 8 יאָר), מיר האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן און האָב נישט געקענט ריידן... ער האָט מיר אַ זאָג געטון: — גענוג, גענוג... — איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט געוואָלט, אַז די נישט־ייִדישע פּאַרטיזאַנער זאָלן עס באַמערקן, איך האָב זיך נישט געקענט איינהאַלטן און זיך אָפּגעקערט אין אַ זייט...

באַלד זענען געקומען נאָך ייִדישע פּאַרטיזאַנער, גוט באַוואָפנטע, פרייע, שטאָלצע, מוטיקע און קאַמף־לוסטיקע. זיי האָבן אויף מיר געמאַכט אַ רושם. נישט קיין טרויער־פיגור פון אַן אייגעבויגענעם, צעשלאָגענעם, צעמאַטערטן ייִדן האָב איך אין זיי דערזען. עס האָט מיר הנאה געטון און גלייכצייטיק איז מיין

האַרץ אַרויסגעשפּרונגען, ס׳האָט מיך ממש גענומען וואַרפן איילנווייז, דער־שפּירנדיק, אַז אַ גרויסער טייל גלובאָקער ייִדן האָבן זיך געקענט ראַטעווען. עס זענען געווען מעגלעכקייטן. אמת, נישט לייכט און זיכער איז געווען דער וועג, אָבער פּיל לייכטער ווי פאַרברענט צו ווערן אָדער דערשטיקט צו ווערן לעבע־דיקערהייט אונטער דער ערד... מאָדנע, ווי קיינער פון די בייוועזנדיקע האָט עס נישט געפילט. מען איז געווען פאַרשטיינערט, פאַרגליווערט, גלייכגילטיק, פּונקט ווי צו נאַטירלעכע געשעענישן... בלאָט איז געפאָרן מיט זיין גרופּע אויף אַ „זאַדאַניע״ אין מיאדלער ראַיאָן און האָט מיר צוגעזאָגט צו פאַרבינדן מיך מיט מיין ברודער. דאָס האָט מיך אַ ביסל באַרויִקט. בכלל האָב איך זיך אין וואַלד געשפּירט ווי אין אַן אייגענער סביבה, אַלע האָבן מיך מקרב געווען, געטרייסט. יענקל דער קאַזיאַנער, אַן עלטערער ייִד, אָבער אַ פעסטער, וועלכער האָט זיך באַצייטנס אַרויסגעכאַפּט מיט זיין משפּחה פון גלובאָקער געטאָ, האָט געהאַט צוויי זין און אַן איידעם אין פאַרטיזאַנקע און איז דאָ געווען גוט „איינגעאָרדנט״. ער האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט פון עסן און טרינקען ביי אים. די ייִדן האָבן דאָ געדאַוונט מיט מנין דריי מאָל אַ טאָג. דער איינציקער, וואָס האָט אַפילו געלייגט טלית און תפילין איז געווען יענקל. מען האָט אין אָוונט מחדש געווען די לבנה, עס איז געווען אָנהויב אלול. דאָרט צווישן אונדז האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן בערל שפּיראָ, אַ זון פון חבל שפּיראָ פון ווילנער גאַס. ער איז געווען אַ געטאָ־פּאָליציאַנט און די ייִדן אין געטאָ האָבן פון אים קיין איבעריקן נחת נישט גע־האַט. איצט האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך דאָ געוואָלט נוקם זיין אין אים און איבערגעבן די דערבייאיקע פאַרטיזאַנער וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט. עס האָט אים געדראָעט טויט שטראָף. מיט גרויס מי האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באַרויִקן די אויפגערעגטע געמיטער און אים בעת מעשה ראַטעווען. איך האָב ביי זיך נישט געקענט פועלן, אַז ביי דעם אומגליק זאָלן ייִדן אַליין אומ־ברענגען נאָך אַ ייִדן, אויב יענער זאָל אַפילו זיין שולדיק... (אַז דירעקט דורך שפּיראָן זאָל עמעצער אין געטאָ ווערן אומגעבראַכט, האָב איך נישט געהערט). שפּעטער איז שפּירא אומגעבראַכט געוואָרן עפּעס צוליב זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט באַהאַלטן ביי אַ קריסט. גענוי די פּרטים זענען מיר נישט באַקאַנט.

דאָ זענען אויך געווען לייכט פאַרווונדיקטע, וועלכע האָבן זיך אַהער דער־שלעפּט און האָבן זייערע ווונדן געהאַט „פאַרבאַנדאַזשירט״ מיט שטרוי און שטריקלעך. צווישן זיי איז געווען חיים־הירשל גילעוויטשעס אַ זון — איטשקע, אַן אימה האָט אָנגענומען, דערזעענדיק די אָפּגעריסענע, באָרוועסע אין וואַלד, וועלכע זענען געווען גיכער שאָטנס, איידער מענטשן. שפּעטער זענען געקומען אין וואַלד יאשקע שפּיראָ פון דאקשיץ — די קילאָ גאָלד (אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל אין גלובאָקער געטאָ האָט מען די דייטשן פאַר אים באַצאָלט אַ קילאָ גאָלד בעת ער איז געווען אַרעסטירט), שלמקע דער לוזשקיער, הירשל סלאָבאָדקין, צאַלקע קרעמער.

דאַנערשטיק, דעם 9טן סעפּטעמבער, האָב איך באַשלאָסן צו לאָזן זיך אין דעם נייעם אומזיכערן וועג אין דער ריכטונג פון מיאַדלער ראַיאָן. צו מיר זע־נען צוגעשטאַנען: איידליע שפּאַרבער (זלמן שפּאַרבערס אַ טאָכטער), חנה קוטשאַק, איינע פון גרעלסאָן, אַ שניידערס אַ טאָכטער פון קישעלייקע, די שניי־דערקע נחמה פון זאַמקאָווע גאַס לעבן בריק מיט איר אַ פּלימעניטשקע, אַ קליין יינגל פּיפּיק (דער פאָטער אַ שוסטער, האָבן געוווינט אויף זאַמקאָווע גאַס לעבן בריק), אַ פאַבריקמאַכער הילע (זיין פאַמיליע געדענק איך נישט). קיינער האָט דאָ פון אונדז דעם וועג נישט געוווּסט. מיר אַלע זענען ערשט אַרויסגע־קראָכן פון אונטער דער „מאַמעס פאַרטוך", מיר האָבן נישט געוווּסט אַ פוס צו שטעלן... מיר זענען אָבער געגאַנגען. געשפּירט האָבן מיר, אַז אונדזער קאָמפּאַ־ניע איז „צו גרויס", אַז צו פיל וואַרפן מיר זיך אין די אויגן. פאַנאַנדערטיילן זיך אָבער איז אויך געווען אוממעגלעך, ווייל קיינער האָט זיך נישט געוואָלט צעשיידן. אַלע האָבן דווקא געוואָלט גיין מיט מיר. איך בין שוין געווען דער „העלד" פון דער גרופּע. אויף זיי האָט מיין דאַוונען געווירקט ווי אַ באַרויִקונג... זיי פלעגן זאָגן, אַז זיי זענען זיך פּשוט מחיה ווען איך דאַוון...

איך בין געגאַנגען באַרוועס און ביי מיר האָבן גענומען געשוואָלן ווערן די פיס. זיי האָבן מיר געקראָגן שמאַטעס אויף די פיס און דאָס האָט מיך ממש געראַטעוועט. מיר האָבן געבלאָנדזשעט, אַ סך מאָל זיך געדאַרפט אומקערן אויף צוריקוועגס, געמאַכט אַ סך איבעריקע קילאָמעטערס. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ דייטשע מאַשין (אַ לייכטע). מיר האָבן זיך שנעל אויסגעלייגט אונ־טער אַ קליין בערגל. די געפאַר איז געווען זייער גרויס, עס איז אָבער דורך בשלום. די דייטשע באַנדיטן האָבן אונדז נישט באַמערקט. פאַרנאַכט זענען מיר צוגעקומען צו אַ באַן־ליניע. עטלעכע שעה האָבן מיר זיך דאָרט אַרומגעדרייט אויף איין אָרט און נישט געוווּסט ווי אַזוי זי אַריבערצוגיין, אַז מיר זאָלן נישט נכשל ווערן, ד״ה, נישט אָנטרעפן אויף אַ פּאַטרול. לסוף האָבן מיר צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז מיר זאָלן גיין נישט אַלע צוזאַמען, נאָר פּאַרווייז. די ערשטע בין איך געגאַנגען מיט איידליען — די טאָכטער פון זלמן שפּאַרבער. אויף דער צווייטער זייט ליניע זענען מיר צוגעקומען צו אַ כוטאָר. מיר האָבן זיך אַריינ־געגנבעט אין אַ שייער און דאָ איבערגענעכטיקט. אויף מאָרגן מיטוואָך גאַנץ פרי האָבן מיר פאַרלאָזט דעם שייער, ווען די פּויערים זענען נאָך געשלאָפן און מיט זענען אָוועק. אויפן וועג ביים דאָרף וואַלאַזשין האָט אונדז פאַרהאַלטן אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער „מאַנאַכאַווצעס". זיי האָבן אונדז ביי אַ האַלבן מעת־לעת געהאַלטן אונטער שמירה אונטערן פרייען הימל אויפן פעלד. מיר האָבן זיך אין דעם „אַרעסט" גוט געשפּירט. זיי האָבן אונדז געבראַכט עסן. געהיט האָט אונדז אַ ייִדישער פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט אונדז געטרייסט, אַז מען וועט אונדז גיך באַפרייען. ביי אונדזער לאַגע איז עס באמת געווען אַ קנאַפּער טרייסט. מיר וואָלטן דעמאָלט גיכער פאַרבליבן אונטער דעם „אַרעסט", בעסער געזאָגט, אונ־

טער זייער שוץ... אומרויִק זענען געווען בלויז די ייִנגערע מיידלעך, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז מענטשן באַוואָפנטע זאָלן קענען נישט טון קיין שלעכטס. לסוף איז געקומען אַן עלטערער פּאַרטיזאַן מיט נאָך צוויי חברים זיינע. זיי האָבן אונדז אויסגעפרעגט און אונדז באַפרייט, אָנזאָגנדיק, אַז מיר זאָלן זיין פאָרזיכטיק נישט אַריינצופאַלן צום שונא אין די הענט. זיי האָבן אונדז אָפּגעשיקט אויף נאַכטלעגער אין נאָענטסטן כוטאָר אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט אָנגעזאָגט די פּויערים, אַז מען זאָל אונדז געבן עסן און גוט באַהאַנדלען. מיר זענען געווען רויִק און זיך גוט געשפּירט. אויף מאָרגן פרי איז ווידער געקומען פון דאָרט אַ פּאַרטיזאַן, האָט ווידער געהייסן אונדז געבן עסן און האָט נאָך דעם אונדז באַפוילן אַוועקצוגיין פון דאָרט.

דאָנערשטיק, דעם 9טן סעפּטעמבער, זענען מיר אַ גאַנצן טאָג, כמעט אָן אויפהער, געגאַנגען. אויף אונדזער וועג פלעגן מיר דאָ אָפּט באַגעגענען פּאַרטיזאַנער און זיי פלעגן אונדז כסדר באַרויִקן. שפּעט אין אָוונט זענען מיר אַריינגעקומען אין עפּעס אַ דאָרף. איינע אַ פּויערטע האָט אַריינגערופן מיכליע פּעגיילסאַן און האָט איר געגעבן עפּל פאַר אונדז אַלעמען. מיר האָבן אין דאָרף איבערגענעכטיקט.

אויף מאָרגן, פרייטיק דעם 10טן סעפּטעמבער, האָבן מיר פאַר זיך געהאַט אַן ערנסטע אויפגאַבע איבערצושניידן אַ טראַקט, אויף וועלכן עס פלעגן אָפּט דורכפאָרן דייטשע אויטאָס. דער טראַקט איז געווען באַוואַכט פון דייטשן און דאָס אַריבערגיין איז געווען אַ סכנה. אַליין לאָזן זיך האָבן מיר נישט געוואָגט. מיר האָבן באַשלאָסן צו זוכן אַ „פּראָוואָדניק", אַ מענטשן, וואָס קען דאָ גוט אַלע ווינקעלעך, אָבער דאָס איז אויך געווען זייער אַ שווערע זאַך, ווייל מען האָט נישט געוווּסט מיט וועמען מען האָט צו טון. מען האָט געציטערט פאַר יעדן איינציקן, ער זאָל, אַנשטאָט אונדז אויסצוהיטן, נישט איבערגעבן דעם שונא. לסוף האָט זיך צו אונדז געווענדט איינע אַ קריסטין, וועלכע האָט סיי ווי געדאַרפט גיין אין יענעם ראַיאָן איבערן טראַקט און זי האָט זיך אָנגעבאָטן אונדז דורכצופירן. כדי צו געווינען אונדזער צוטרוי האָט זי אונדז דערציילט, אַז איר מאַן איז געווען אַ לערער, אַ קעמפער פאַר פרייהייט און איז דורך די דייטשן אומגעבראַכט געוואָרן. באין ברירה האָבן מיר זיך מיט איר געלאָזט אין וועג. זי איז געגאַנגען אַזוי שנעל, אַז קיינער פון אונדז האָט איר בשום אופן נישט געקענט נאָכהאַלטן. זי האָט אונדז געזאָגט, אַז דער וועג מוז דורכגעמאַכט ווערן ווי צום שנעלסטן. דאָס האַרץ איז ממש אַרויסגעפאַלן. דאָך האָבן מיר זיך נאָך איר נאָכגעצויגן מיט די לעצטע כוחות. צוקומענדיק אַ האַלבן קילאָמעטער פונעם דערמאָנטן טראַקט האָבן מיר געגומען גיין לאַנגזאַמער און פאָרזיכטיקער. מיר האָבן באַמערקט די שפּיצן פון די טעלעגראַפן־סלופּעס, וועלכע ציִען זיך ביים טראַקט. ביי יעדן פון אונדז האָט געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. אויפן האַרצן איז געווען שווער. מיר האָבן געשוויגן, נישט אָפּגערופן זיך

איינער צום צווייטן מיט אַ וואָרט. ביי יעדן פון אונדז איז געווען איין געדאַנק: צי וועלן מיר אַדורך בשלום דעם טראַקט, די גרענעץ פון איין פּאַרטיזאַנען־זאָנע אין דער צווייטער. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין קוסטעס און אונדזער פּי־רעריין איז אַרומגעלאָפן און „געטאַפּט" דעם געגנט... זי האָט אונדז געזאָגט, אַז זי האָפט, מיר וועלן אַריבער בשלום. מיט אונדז צוזאַמען אָבער האָט זי נישט געוואָלט גיין. זי וועט גיין, האָט זי געזאָגט, פאַראַויס און וועט אונדז אָפּוואַרטן שוין אויף דער אַנדערער זייט טראַקט. אונדז איז געווען נישט אַהער, נישט אַהין. קיין ברירה האָבן מיר נישט געהאַט. מיר האָבן אָפּגעוואַרט ביז די קריסטין איז אַריבער דעם וועג און זיך גלייך געלאָזט לויפן נאָך איר איבערן טראַקט. זי איז פון דעם געווען שטאַרק נישט צופרידן, האָט משמעות מורא געהאַט נישט אַריינצופאַלן צוליב אונדז צו די דייטשן. אַפּלויפנדיק ביי אַ 200 מעטער, שוין פון דער אַנדערער זייט טראַקט, האָבן מיר פון הינטן באַמערקט ווי מיטן טראַקט זענען דורכגעלאָפן עטלעכע דייטשע אויטאָס. מיר האָבן זיך שנעל אויסגעלייגט אויפן פעלד. זיי האָבן אונדז נישט באַמערקט. אונדז איז דאָ ווידער געשען אַ נס, וואָס מיר האָבן געשניטן דעם וועג אין אַ גוטער שעה...

אָפּרוענדיק זיך אַ ביסל האָבן מיר זיך געלאָזט גיין ווייטער. אונדזער „פּי־רעריין" האָט אונדז ווידער שטאַרק געטריבן און מיר האָבן איר נישט געקענט נאָכהאַלטן. דערצו האָט געגאָסן אַ רעגן. דער וועג איז געוואָרן גליטשיק, זומ־פּיק און האָט באַשווערט דעם גאַנג. די באָרוועסע פּיס האָבן געקנאָטן דעם נאָסן, קאַלטן ליים, אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר נישט געגעסן. מיר האָבן זיך מיט דעם נישט געקענט אָפּגעבן. פאַרנאַכט צו זענען מיר אָנגעקומען צום דאָרף קאַלי־נוווקע, אוניוועזער ראַיאָן. דאָס איז שוין געווען מיאדלער געגנט. די קריסטין האָט זיך פון אונדז אָפּגעטיילט ביי אַ קילאָמעטער פון דאָרף. זי האָט נישט גע־וואָלט, אַז די פּאַרטיזאַנער זאָלן וויסן, אַז זי האָט אונדז אַהער צוגעפירט (פאַר־וואָס?). זי האָט אַ פּנים מורא געהאַט פאַר דעם געצאָלט, וואָס זי האָט ביי אונדז גענומען, כאָטש מיר האָבן איר עס געגעבן מיטן גוטן ווילן. אויפן וועג האָבן טאַקע פּאַרטיזאַנער איר פאַרגעוואָרפן, אַז זי האָט ביי אונדז געקראָגן גאָלד און דערפאַר פירט זי אונדז...

מיר זענען געווען אַזוי מיד, אַז מיר האָבן ממש נישט געקענט איינשטיין אויף די פּיס און אַפילו פּשוט רעדן איז געווען איבער אונדזערע כוחות. אונד־זער אידעאַל איז געווען וואָס גיכער זיך אויסצורוען. אין דאָרף קאַלינוווקע האָבן אונדז די דאָרטיקע פּאַרטיזאַנער פאַרווערט אַריינצוקומען. דאָ איז שוין געווען אַן אַנטיסעמיטישער אונטערשלאַק. זיי האָבן אונדז געהייסן גיין אַן אַנדערהאַלבן קילאָמעטער פון דאָרף, ווו עס זענען געשטאַנען עטלעכע הייזלעך, אַ „זאַסטיאַ־נעק". דאָס איז פאַר אונדז געווען שווערער ווי די 35 קילאָמעטער, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט פאַרן טאָג. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט. ווען עס זאָל פּונקט דעמאָלט געווען זיין אַ דייטשע בלאָקאַדע אַרום אונדז, וואָלטן מיר נישט

געקענט אַנטלויפן. מיר האָבן זיך צוגעזעצט לעבן דאָרף אין נאַסן גראָז, נישט געקוקט וואָס מיר זענען געווען געגנוג דורכגעווייקט פון רעגן און פון אייגענעם שוויס. מיר האָבן נישט געשפּירט אונדזערע פיס.

עס האָט גענומען ווערן טונקל און מיר האָבן געהאָפט, אַז אפשר וועט זיין אַן עלפטער נס פון די עשרה נסים, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן ערב שבת בין השמשות (איצט איז דאָך אויך פּריטיק פאַרנאַכט) און די פּאַרטיזאַנער פון קאַלינעווקער דאָרף וועלן צו אונדז ווייכער ווערן... באַלד איז צו אונדז צוגעקומען איינער פון דאָרף מיט אַ באַפעל פון עלטסטן, אַז מיר טאָרן זיך דאָ נישט געפינען. איך ווייס נישט ווי אַזוי מיר האָבן זיך אויפגעהויבן, אָבער מיר האָבן זיך געשטעלט. דערצערענען די אומבאַקאַנטע פּאַרטיזאַנער האָט זיך אויך נישט געוואָלט... די שטרעקע פון אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער האָט ביי אונדז געמוזט דויערן ביי אַ קאַרגע פּאָר שעה. מיר האָבן זיך אָבער דערשלעפּט. אויך דאָרט האָבן מיר ביי די קריסטן געקראָגן גאָר אַ קאַלטן „קבלת פנים"... זייער באַציִונג האָט קענטיק געשטאַמט פון דער נישט גוטער באַציִונג פון די פּאַרטיזאַנער צו ייִדן. מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז אַהער געשיקט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין כוח מיט זיי איינצוטענהן. זיי זענען געווען אויסגערוטע, זאַטע, ביי זיך אין דער היים און ווי זענען מיר... דאָך האָבן מיר געפּועלט זיי זאָלן אונדז לאָזן איבערנעכטיקן. מיר האָבן זיך צעטיילט צו צווי אין אַ הויז. עסן האָב איך צוליב מידקייט נישט געקענט. איך האָב אויך נישט געקענט איינשלאָפן. איך בין געלעגן ווי אַ האָלץ, אַפילו אָן רעיונות...

אויף מאָרגן פרי, שבת דעם 11טן סעפּטעמבער, האָט דער גרעסטער טייל פון אונדז זיך כמעט נישט געקענט רירן פון אָרט. די שווערקייט און מידקייט פון פאַרגאַנגענעם טאָג זענען נישט אַדורך. נישט בלויז איך אַליין, נאָר אַלע זענען געלעגן די נאַכט ווי קלעצער און האָבן מיט אַן אויג נישט צוגעמאַכט. און טאַקע ערשט אינדערפרי האָט מען גענומען פילן, ווי עס ברעכן די הענט, די פיס, וועמען די פּלייצעס, עס איז געווען אַ משא כבדה צו האַלטן דעם קאָפּ אויף די אַקסלען. פאַרבלייבן אָבער לענגער ליגן האָט מען אויך נישט געקענט, מחמת, ווי געזאָגט, איז די הכנסת־אורחדיקייט לכתחילה דאָ געווען אַ גאַנץ שוואַכע... איצט איז פאַר אונדז ווידער געוואָרן אַ שאלה לאָן? וווהין דאַרפן מיר זיך איצט לאָזן גיין? מיר זענען געשטאַנען אויפן וועג און געטראַכט... פּריִער איז געווען אונדזער ציל מיאדלער ראיאָן. אז מיר האָבן שוין אַהער דערגרייכט איז וואָס ווייטער? נאָך אַ פּאָר שעהדיקן פאַרצווייפלטן ישוב הדעת האָבן מיר זיך פאַנאַנדערגעשיידט אין צווי גרופּעס: איינע אַ גרעסערע גרופּע איז אַוועק אין מיסונער און אוזלער געגנט און איך מיט נחמה דער שניידערין (אין די ברילן) מיט איר קליינער פלימעניצע האָבן גענומען אונדזער ריכטונג צו אוניווער, אַ גרעסערע גרופּע גרויסע כוטאָרעס, ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן פּאַרטיזאַנער און ווו יחידים פּליטים פון פאַרשיידענע שטעטלעך האָבן געפונען

אַ שטיקל מקלט. ביים געזעגענען זיך האָבן מיר זיך אַ ביסל צעוויינט און איינע די צווייטע צוגעוווּנטשן... קיינער האָט נישט געוווּסט ווו ער גייט, צו וועמען ער גייט און וואָס אים דערוואַרט אין דער נאָענטסטער שעה. איך האָב געהאַט מיין ציל צו זוכן מיין ברודער, אָבער ווו? נאָך אין די קאַזיאַנער וועלדער האָב איך דורך איטשקע בלאט מיטגעגעבן צו אים אַ צעטעלע, אַז איך לעב. אָבער ווער ווייס, אויב איטשקע האָט אים ערגעץ געטראָפן? איך מיט נחמהן זענען נאָך אַ ביסל פאַרבליבן אין קאַלינוווקע. דאָ זענען געווען פאַרטיזאַנער כמעט אין יעדער הויז. זיי האָבן געגעסן, געטרונקען, געשיכורט. פון איין שטוב איז צו אונדז אַרויס אַ שיכורער פאַרטיזאַן כלומרשט אַן עלטערער און האָט אונדז גענומען אויף אַ פאַרהער, ווער מיר זענען, וואָס מיר טוען דאָ און ווי אַזוי קומען מיר אַהער. ווען איך האָב אים דערציילט בקיצור אַלע פּרטים, אונדזערע איבערלעבענישן און צרות און אַז איך וויל גיין זוכן אין אוניוויער, ווו עס געפינען זיך ייִדן, מיין ברודער, האָט ער זיך צעקאָכט און פאַלנדיק פון שיכרות גענומען אויסרעדן אויף ייִדן דאָס מיאוסטע, גאָר אויפן דייטשן שטייגער. מיר זענען געוואָרן צעציטערט. מיר וואָלטן גערן וועלן זיך אָפּטשעפּען פון אונדזער „באַשיצער". מיר זענען געשטאַנען און שווייגנדיק געמוזט אויסהערן זיין לאַנגן „מוסר". אַנדערש האָט ער מיך נישט אָפּגעלאָזט און האָט אונדז גערדראָעט מיט זיין ביקס... לסוף האָט ער אונדז געזאָגט, אַז אין אוניוויער זאָלן מיר זיך נישט דערוועגן צו גיין. ער וועט אויף יענעם וועג באַלד פאָרן אויף זיין ראָווער און אויב ער וועט אונדז טרעפן, וועט ער אונדז תיכף דערשיסן „יאַק סאַבאַק", ווי הינט הייסט עס. און ער ווייזט אונדז די אָנגעלאָדענע ביקס און צילט, ווי ער וועט טון... מיר האָבן אים צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן אין אוניוועך נישט גיין און מיר זענען פון אים קוים פּטור געוואָרן. די קריסטן פון דאָרף האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע זידלערייען און אויסרופן אויפן ייִדישן אַדרעס און דאָס האָט אונדז באַאומרויִקט. די פּויערים האָבן זיך בעסער באַצויגן צו ייִדן אויס מורא פאַר די פּאַרטיזאַנער און אויב דאָ זענען זיי אַזאַ באַציִונג פון די פּאַרטיזאַנער גופא, איז וואָס פאַר אַ גוטס קען שוין דאָ זיין? באַלד איז ער מיט נאָך צוויי שיכורע חברים טאַקע אויף ראָווערן אַוועק אויף אוניוועער וועג און מיר זענען געבליבן אין גרויס פאַרלעגנהייט און נישט געוווּסט וואָס דאָ צו טון. בלייבן אין דאָרף איז נישט מעגלעך, ווייל די באַציִונג פון די דאָרפסלייט איז אַ שלעכטע און גיין אין אוניוועער, ווו עס זענען דאָ ייִדן האָבן מיר מורא פאַרן פּאַרטיזאַן. דאָך זענען מיר אַוועק אין דער ריכטונג פון אוניוועער. מיר האָבן מורא געהאַט צו נאָכפרעגן ביי קריסטן אויף ייִדן, טאָמער באַהאַלטן זיך אויס די ייִדן אַזוי, אַז די קריסטן טאָרן פון דעם נישט וויסן. מיר האָבן באַגעגנט אַן עלטערע פּויערטע און פאָרזיכטיק ביי איר אַ פרעג געטון, צי זענען דאָ אַמאָל נישט געווען ייִדן. זי האָט געענטפערט, אַז „וועגן ייִדן ווייס נאָר סטעפּאַן". סטעפּאַן איז אין יענעם געגנט געווען אַ שם דבר... ערשטנס האָט ער געדינט ווי אַ „פאַרבינדלער"

צווישן די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. צווייטנס האָט ער זיך דאָרט אויך שטאַרק אָפּגעגעבן מיט דער „ייִדנפֿראַגע״. ער האָט אַפילו פון די ייִדן אָנגעזאַמלט א היבש ביסל „פּינפּערלעך״ און „צענערלעך״, אָבער די ייִדן, וואָס האָבן זיי גע־האַט, האָבן דורך אים געפונען אַ מקלט, אַ רעטונג. גייענדיק אין דער אָנגע־וויזענער ריכטונג צו סטעפּאַנען, האָבן מיר פון ווייטן אויפן פעלד באַמערקט אַ ייִדישע פרוי מיט אַ מיידעלע, גייען אַרום איבערן פעלד און קלייבן זאַנגען. איך האָב מיך דערפרייט, פון איר וועלן מיר זיך דאָך דערוויסן אַלץ. אָבער די פרוי, באַמערקנדיק אונדז פון דערווייטנס, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שנעל געביטן די ריכטונג אין אַ פאַרקערטער זייט, ד״ה, זי האָט זיך מיט אונדז נישט געוואָלט באַגעגענען. מיר איז געוואָרן ווייטיקלעך און אומפאַרשטענדלעך. איך האָב אָבער באַלד אויף איר מלמד זכות געווען, טאָמער מאַסקירט זי זיך און האָט זיך דאָ אָנגעגעבן פאַר אַן אַריערין און זי קען מיט ייִדן דורך דעם זיך נישט באַגעגענען... איך האָב איר נישט געוואָלט פאַרשאַפן קיין פאַרדרוס און באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון איר. מיין באַגלייטערין נחמה די שניידערין אָבער האָט נישט אָפּגעלאָזט און מיר זענען קעגן יענערס ווילן צו איר צוגעגאַנגען. זי האָט זיך אין אָנהויב נישט געלאָזט דערקענען און זיך געמאַכט ווי זי ווייסט נישט פון קיין זאַך. איך האָב איר ווייניק געטרויט. נחמה האָט זי באַלד דער־קענט, אַ גלובאָקער ווייבל ציפּע רודשטיין (איך האָב זי פון גלובאָק נישט גע־קענט, שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אירער אַ זון האָט זיך געלערנט ביי אונדז אין שול), און האָט מיט איר אָנגעהויבן רעדן אויפן „ווייבערישן לשון״, מיט טענות ומענות, היתכן, הלמאַי, ווי וועדט עס רעכט אין אַזוינע אומגליק־לעכע מאָמענטן צו באַהאַלטן זיך פון אייגענע באַקאַנטע ייִדן, נישט וועלן ווייזן דעם פּרצוף, נישט וועלן אָנווייזן, דערציילן ווער, ווו, וואָס וכדומה. און אינמיטן דעם „וואַרעמלעכן״, נישט אָנגענעמען שמועס איז אָנגעלאָפן דעם דערמאָנטן סטעפּאַנס ווייב, וועלכע איז געווען באַהאַוונט אין דער אָרטיקער „ייִדנפֿראַגע״ נישט ווייניקער פון איר מאַן. זי איז באמת געווען אַ דורכגעטריבענע, קלוגע, פּראַקטישע פויערטע און האָט קענטיק געשאַצט די הכנסה און הנאה, וואָס זי האָט פאַר די לעצטע צייטן פון די ייִדן באַקומען. זי האָט שטאַרק געטאַדלט און געזידלט ציפּען פאַר דעם וואָס זי האָט זיך פון אונדז געוואָלט אַרויסמאַכן און אונדז נישט דערציילט, ווי און וואָס דאָ איז (עד היום פאַרשטיי איך נישט צו־ליב וואָס די ציפּע האָט זיך פון אונדז דעמאָלט געוואָלט אויסבאַהאַלטן) די סטעפּ־פּאַניכע האָט אונדז דערציילט, אַז די ייִדן געפינען זיך נישט ווייט אין וואַלד אויפן „הויכן אינדזל״, אַ 3־4 קילאָמעטער פון דאַנען. פון צייט צו צייט באַווייזן זיי זיך אין די נאָענטסטע דערפער, כוטאָרעס, באַקומען שפּייז אאַז״וו. באַלד האָט זי צוגערופן „יורקען״ — אַ יונג פּאַסטוכל, וועלכער האָט זיך נישט ווייט געפונען — און אים געהייסן אָפּפירן אונדז קיין קריזשאַנאָווקע — עטלעכע כוטאָרס, אַ פּאָר קילאָמעטערס פון אוניוועד — און פון דאָרט האָט זי צוגע־

געבן, וועלן מיר שוין לייכט טרעפן צו די ייִדן אין וואַלד. אויפן וועג האָב איך זיך דערוווּסט פון „יורקען", אַז ער איז אַ מיאַדלער ייִנגל, און זיין פאָטער יואל (די פאַמיליע געדענק איך נישט) האָט אים אָפּגעגעבן פאַר אַ פּאַסטוך צו סטעפאַנען. דער לעצטער האָט אים „אַדאָפּטירט" און אַ נאָמען געגעבן „יורקע". נאָכן באַזאָרגן זיין איינציק געראַטעוועטן קינד, איז יואל „יורקעס" פאָטער, אַוועק אין פּאַרטיזאַנקע קעמפן מיטן בלוטיקן שונא. ער האָט זיך געפונען זייער ווייט פון אוניוועך און האָט זיך נישט געקענט זען מיט זיין קינד (שפּעטער, פאַר דער באַפרייונג איז ער געקומען און מיר האָבן זיך מיט אים געטראָפן). איך האָב כמעט מקנא געווען „יורקען" — ער איז אַ „מענטש", גייט פריי מיט די קי און חזרים אין פעלד און אַפילו אויפן וועג.... האָט וואָס צו עסן, ווו צו שלאָפן. אַ קליייניקייט האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ כאָטש בייַנאַכט אויף איבערצוגעכטיקן! און דערצו נאָך אַזאַ „אָנשטענדיקע" באַשעפטיקונג! אויפן וועג האָבן מיר זיך פון „יורקען" דערוווּסט נאָך פּרטים וועגן סטעפאַנען, ווי אַזוי ער האָט אויסבאַהאַלטן ייִדן אַאַז"וו. ביי זיך פלעגט ער אַ ייִדן האַלטן בלויז אַ פּאָר טעג און דערנאָך אויסריכטן אים ערגעץ אין אַ וואַלד פון אַן „אַנדער זאָנע". ערגער איז געווען מיט אָרעמע, וועלכע האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן כדבעי. דאָס יאָ: מען איז מיט אים געווען דורכאויס זיכער, אַז ער וועט קיינעם נישט אַרויסגעבן די דייטשן אָדער דער פּאָליציי און דאָס איז נאַטירלעך געווען דער עיקר...

אין קריזשאנאווקע זענען מיר געקומען שבת, דעם 11טן סעפּטעמבער, פּאַרנאַכט. מיר האָבן זיך דאָ אָפּגעשטעלט נעכטיקן, ווייל נאָכן שווערן, מידן טאָג האָט נישט געהאַט קיין זין צו לאָזן זיך אַנטקעגן נאַכט אין אַן אומבאַקאַנטן וואַלד זוכן דאָרט דעם „ייִדישן ישוב". מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ שייער און איך בין געפאַלן פון מידקייט. שלאָפן האָב איך נישט געקענט. עס איז שוין געווען האַלב טונקל, ווען פּלוצלינג האָבן זיך צוויי פּערזאָן אַריינגעריסן שטילערהייט אין שייער. מיר האָט זיך זייער געוואָלט וויסן יועך זיי זענען, אָבער איך האָב מורא געהאַט זיך אָפּצורופן. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז נאָך עמעצער געפינט זיך דאָ. באַלד האָבן די צוויי פאַרפירט צווישן זיך אַ שמועס און דאָ האָב איך באַלד דערקענט איין שטים פון משה מירמאַ! — זינגערס אידעם. מירמאַנס און זינגערס משפחות, זענען אַוועק פון גלובאָק נאָך אין פּאַרץ 1943 און זיי האָבן זיך אַלע געראַטעוועט. דער צווייטער איז געווען איינער אַ דרויער ייִד יענקל, וואָס האָט זיך צונויפגעמען מיט די זינגערס אייפגעהאַלטן דאָ אין וואַלד. איך האָב זיך דעמאָלט אָפּגערופן, אָבער מירמאַן האָט מיין קול נישט דערקענט -- עס האָט זיך געביטן... איך האָב אים געזאָגט ווער איך בין. צו זיין איבעראַשונג און פרייד איז נישט געווען קיין גרענעץ. ווי אַלטע „תושבים" דאָ, האָבן זיי געוווּנט ערגעץ אין אַ דאָרף און עס איז געווען שפּעט אומצוקערן זיך צו זיי „אַהיים" אין דער טיפעניש פון וואַלד אין „גאַלאַ-

דוכע״ (אַזוי האָט געהייסן זייער „וווינאָרט״). דאָס איז געווען נישט ווייט פון „הויכן אינדזל״, ווו עס האָבן זיך געפונען מערער ייִדן. צו ביידע ייִדישע „ייִשו־בים״ איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער צוצוקומען, ווייל זיי זענען געווען אַרומגערינגלט מיט גרויסע בלאָטעס און טיפע זומפּן. דערפאַר אָבער איז מען דאָ געווען מער זיכער פון דייטשע איבערפאַלן. אויף מאָרגן זונטיק, דעם 12טן סעפּטעמבער, זענען מיר פון קריזשאַנאָווקע אַוועק אין וואַלד. מיר האָבן גע־דאַרפט דורכגיין שווערע זומפּן און בלאָטעס. מיר האָבן די גאַנצע צייט גע־מיינט, אַז מיר בלאָנדזשען. עס איז געווען שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז מענטשן זאָלן זיך פאַרקלייבן אין אַזאַ ארץ ציה וצלמות, אין אַזאַ וויסטעניש. באַלד האָבן מיר באַמערקט הינטער זיך מענטשן. מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. מיר האָבן געמיינט, אַז דייטשן יאָגן אונדז. צו אונדזער גליק זענען דאָס געווען דריי פאַרטיזאַנער. זיי האָבן אונדז אָנגעוויזן דעם וועג. נאָכן אַרומדרייען זיך ביי אַ פּאָר שעה אין וואַלד גופא האָבן מיר געפונען ייִדן. דאָרט איז געווען אלי גאָרדאָן מיט זיין משפחה, אליע פאדנאס, יאָסל קאזשדאַן, מיט וועלכן מיר זענען צוזאַמען געזעסן און אַרויס פון גרוב, חיים־מאיר ביפּקין (אַ יונגער ייִנגל). שפּעטער זענען צוגעקומען מאָטקע גענשטיין, מאיר בליאכמאַן, מאטקע מארק־מאַן א״אַ. גאָרדאָנס ווייב, וויכנע, האָט מיר געגעבן אַ העמד איבערצוטאָן. די ייִדן האָבן שוין דאָ געהאַט אויסגעבויט אַ פּרימיטיווע באָד און זיי האָבן זי איצט געהייצט לכבוד די „געסט״. און איך האָב מיך אַרומגעוואַשן און אָנגעטון דאָס „נייע״ העמד און געקומען אַ ביסל צו זיך. בכלל זענען דאָ די ייִדן שוין געווען אַ ביסל איינגעהיימישט. זיי האָבן דאָ געלעבט אין „זיעמליאַנקעס״, אין ביידלעך.

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין דאָרף מיסון, 7 קילאָמעטער פון דעם וואַלד, געפינט זיך מיין ברודער און וואַרט אויף מיר. מיט 3 טעג פריִער האָט אים דער פּאַרטיזאַן איטשקע בלאַט אָנגעזאָגט, אַז איך לעב און אַז איך גיי אין יענער ריכטונג. מיין ברודער האָט געמיינט, אַז איך וועל גיין דורכן דאָרף מיסון און איז געווען שטאַרק אומרויִק, וואָס איך פאַרזאַם זיך אַזוי לאַנג. איך בין אָבער געגאַנגען דורך פעלדער און וועלדער, באַמיענדיק זיך אויסצומיידן מענטשלע־כע ישובים און אַזוי האָב איך אויך אויסגעמיטן דאָס דאָרף, ווו דער ברודער איז געווען. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז אין מיסון שטייט אַ שטאַב פון פּאַרטי־זאַנער און האָב געזוכט אַ בעלן צו גיין מיט מיר אַהינצו. אַליין לאָזן זיך אין די אומבאַקאַנטע וועגן איז מיר שווער געווען. קיין מיטגייער אָבער האָבן זיך נישט געמאַכט און איך האָב באַשלאָסן אויף מאָרגן מאָנטיק, דעם 13טן סעפּטעמבער, לאָזן זיך גיין אַליין. דער זונטיקדיקער טאָג האָט זיך מיר געצויגן לאַנג, זייער לאַנג. איבערגענעכטיקט האָב איך אין באָד אויף דער „פּאָדלאָגע״ — פון קיי־לעכדיקע, נישט פעסט אויסגעלייגטע פלעקלעך. די לופט איז געווען אן אמתע באָד־לופט, אָנגעזאַפּט מיט שוויס און אַ מין צעפוילטקייט. עס האָבן זיך גע־וואַשן נישט לאַנג אַרום 30־40 מענטשן. דאָך האָב איך זיך געשפּירט „גוט״...

עס איז געווען וואַרעמער.. די גרעסטע טייל פון דער נאַכט האָב איך דורכגע־שטופּט זיצנדיק. די פּלעקער אונטער מיר האָבן זיך געקייקלט, זיי זענען געווען „האַרטע" און קענטיק, אַז איך בין פאַר זיי אויך געווען אַ משא... איבער־דערפרי בין איך געשטאַנען לעבן דער באַד. דער וועטער איז געווען זייער אַ שיינער. איך האָב זיך פאַרטיפט אין מיינע רעיונות און געקליבן זיך אין וועג קיין מיסון צום ברודער. פאַרן אַרויסגיין האָב איך זיך געשטעלט מתפּלל זיין. ווען איך בין געשטאַנען שמונה־עשרה, האָט זיך פּלוצלינג פון הינטער די ביי־מער באַוויזן מיין ברודער, ער האָט זיך מקדים געווען און איז געקומען אַהער מיך זוכן. ער האָט אויסגעזען ווי פון יענער וועלט, און געמאַכט אויף מיר אַ שוידערלעכן רושם. ער איז געווען פאַרוואָקסן, גרוי, די אויגן טיף־איינגעגראָבן מיט אויסגעלאָשענע בליקן, געגאַנגען איינגעהויקערט מיט אַ וואַלד־שטעקן אין דער האַנט, קוים געשטעלט די טריט איך האָב זיך פאַר אים פּשוט דערשראָקן...

איך האָב פאַרענדיקט שמונה־עשרה, מיר האָבן זיך צעקושט און גאָר נישט גערעדט... איך האָב אַפילו נישט געפרעגט וועגן זיין פרוי און קינד. מיין ברו־דער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פּאָר טרערן, איך האָב דאָס אויך נישט געקענט... כ'האָב נאָר באַוויזן צו מאַכן „שהחיינו" און זאָגן: יהי שם ה' מברך וכו'. איך וואָלט זיך געראַטעוועט ווען איך וואָלט זיך געקענט אויסוויינען אין יענעם מאָמענט. איך בין געווען גליקלעך פאַרן ברודער און גלייכצייטיק האָט מיך געשליידערט איילנ־וויַיז פאַר דער שוועגערין און פּלימעניקל אַהרן־יצחקל, וואָס זיי זענען נישטאָ... זיך האָב מיך אָנגעשטרענגט, אַז מיינע אינעווייניקסטע איבערלעבונגען זאָל מייז ברודער נישט באַמערקן. מיין דירעקטע אויפגאַבע, איז איצט געווען אים אויפ־צוהאַלטן, אים טרייסטן, מונטערן און אַוודאַי שוין נישט אַרויסצווייזן אַליין קיין דעפּרעסיע. חוץ דעם האָב איך זיך געפילט שולדיק און אויך באַשולדיקט מיין ברודער, פאַרוואָס מיר האָבן נישט אויסגעמיטן דעם גרויסן אומגליק. איך, אַרויסגייענדיק ביינאַכט, דעם 21טן אויגוסט, פון גרוב, האָב דאָרט אַלעמען פאַר־לאָרן און דאָס האָט געבראַכט צו אַ געוואַלדיקער צערודערונג ביי מיין ברודער אין זיינע געדאַנקען. ער האָט געמיינט, אַז איך בין אומגעקומען און ער האָט זיך דערפאַר אינגאַנצן פאַרלאָרן. אים ווידער האָב איך באַשולדיקט, וואָס אין אַזאַ מאָמענט האָט ער זיך נישט באַהערשט — יהיה מה שיהיה — און האָט זיך געלאָזט פירן בלינד פון יאָסל קאזשדאן, וועלכער האָט אומגעלומפּערטערהייט געפירט אין דער וועלט אַריין און מען איז אַרויף אויפן וועג און אָנגעטראָפן אויף די דייטשן, ווו עס איז געשען דער גרויסער אומגליק. נאָך אַ לענגערן שטיין אַזוי לעבן באַד, זענען מיר אַוועק צו די „ביידלעך". מיין ברודער מיט זיין אויסזען האָט ממש אַלעמען אויפגעטרייסלט. עס איז שווער געווען פאַר־צושטעלן זיך, אַז אַ מענטש זאָל אין אייניקע וואָכן קענען אַזוי פאַרביטן ווערן — עלטער ווערן אויף צענדליקער יאָרן...

די ייִדן האָבן אונדז אויפגענומען פריינטלעך, זיי האָבן אונדז געטרייסט, אַז

אונדזערע האָבן זיך געראַטעוועט און מיר וועלן פון זיי אינגיכן הערן... מיר האָבן זיך געלאָזט אײַנרעדן, געוואָלט גלויבן אין דעם נס. מיר זענען אַרומגע־גאַנגען מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, נאָכגעהערט, נאָכגעפאָרשט בײַ יעדן באַ־געגנטן פּאַרטיזאַן, צי האָבן זיי נישט אָנגעטראָפן אַזעלכע און אַזעלכע... און פיל פון זיי האָבן אונדז אויפגעוויזן מיט פאַרשיידענע אותות ומופתים, אַז זיי האָבן זיי בפירוש באַגעגנט אין פאַרשיידענע ערטער אין פּאַרטיזאַנקע. מיר האָבן געהאָפט און געוואָרט און דאָס איז געווען אונדזער גאַנצער ציל אין לעבן.

מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער נײַ לעבן אין וואַלד צווישן די געראַטעוועטע ייִדן און פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיך חוץ דער ביקס אויך באַוואָפנט מיט דער פען, מיר האָבן געפירט אַן אויפקלערונג־אַרבעט צווישן דער ווייסרוסישער באַ־פעלקערונג אין די דערפער וועגן דער וויכטיקייט פון קאַמף קעגן די בלוטיקע דייטשן. די אַרבעט האָבן מיר געפירט אומדערמידלעך ביז דער באַפרייונג, דעם זיבעטן אַפּריל 1944, דורך דער רויטער אַרמיי.

## נאָך דער באַפרייונג

ווי געזאָגט, זענען מיר באַפרייט געוואָרן דעם 7טן אַפּריל 1944, דורך דער רויטער אַרמיי. געשען איז דאָס אין דאָרף אוניוער, מיאָדלער ראַיאָן. ביים אָנקום פון די ערשטע אויסשפּירער האָבן די עטלעכע ייִדן, וואָס האָבן זיך דאָרט גע־פונען, זיי האַרציק באַגעגנט מיט פאַרשיידענע אויסרופן, אָנרופנדיק זיי: „רע־טער, באַפרייער אאַז״וו״. ביים גרעסטן טייל האָבן זיך אין דעם מאָמענט גע־עפנט קוואַלן פון טרערן, וועלכע זענען די גאַנצע צייט געווען פאַרגליווערט. אויך מיר זענען געווען צווישן די באַגריסער. ווען עס איז רייטנדיק אָנגעפאָרן אַ מאַיאָר, האָט ער זיך לעבן אונדז אָפּגעשטעלט. מיר האָבן אים מיט פּאַטאָס באַגריסט, דערציילט וועגן אונדזערע צרות. ער האָט אונדז געטרייסט, פּאַרזי־כערט, אַז די דייטשע חיה וועט דערשלאָגן ווערן ביזן לעצט אין איר אייגענער נאָרע... מיר האָבן זיך דאָ דערוווּסט, אַז אין בוגאַרוסלאַן איז דאָ אַן עוואַקואַ־ציִאָנס־ביוראָ, ווו מען קען זוכן עוואַקויִרטע און פּליטים. מיר האָבן דורך דער מיליטער־פּאָסט תיכף אָוועקגעשריבן אַהין, געבעטן אויפזוכן אונדזערע.

אין אייניקע טעג אַרום זענען מיר אַרויס פון וואַלד, צוזאַמען מיט די משפחות סווערדלין, דרייזין, קאַפּלאַן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך אין וואַלד באַפריינדעט. מיר זענען מיט זיי אַוועק אין זייער שטעטל קריוויטש, אַ 150 קילאָמעטער פון ווילנע. דער איינציקער ציל אונדזערער איז איצט געווען צו דערגיין עפּעס וועגן אונדזערע נאָענטע. עס האָט זיך נישט געוואָלט גלויבן, אַז זיי לעבן נישט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען מיר אַוועקגעפאָרן אין דער באַפרייטער גלו־באָק, די שטאָט איז געווען אינגאַנצן חרוב. די דייטשן האָבן זי פאַרברענט פאַר

זייער אָפּטרעטן. אין גלובאָק זענען זיך צונויפגעקומען אַ פּאָר צענדליק געראַ־טעוועטע ייִדן. זיי זענען געווען שרעקלעך צעבראָכן, האָבן זיך באַזעצט אין עטלעכע נישט פֿאַרברענטע הייזער אין עק שטאָט און האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טון מיט זיך. די וועלט איז טאַקע באַפֿרייט געוואָרן פֿון דער גרויזאַמער היט־לעריסטישער פּעסט. די פֿאַראייניקטע, פּאַריאָטישע ייִדן האָבן זיך אָבער אין דער פֿרייער וועלט געשפּירט נאָך מער אומגליקלעך, איידער אין וואַלד. דאָרט האָבן זיי לפּחות געהאַט אַ ציל אין לעבן — קאַמף מיטן שונא און נקמה פֿאַרן בלוט פֿון זייערע נאָענטע, און איצט וואָס?...

מיר פֿערזענלעך האָבן זיך געלאָזט וואַנדערן, מיט דער האָפֿענונג, אפֿשר וועלן מיר געפֿינען אונדזערע. איינע אַ דאָקטער, אַ פֿרוי פֿון גלובאָקער נאַטשאַל־ניק פֿון נ. ק. וו. ד. האָט אונדז געזאָגט, אַז זי האָט געהערט אין ווייסרוסישן געזונטהייט־קאָמיסאַריאַט אין מינסק, אַז די דאָקטער ראַיאַק לעבט און מען דאַרף זי צוריק ברענגען קיין גלובאָק צו איר פֿריִערדיקער מעדיצינישער אַר־בעט. מיר זענען געפֿאָרן קיין מינסק און צו אונדזער גרויסן אומגליק, האָט מען אין מינסק פֿון איר קיין זאַך נישט געוווּסט, חוץ דאָס, וואָס זי האָט ביז דער מלחמה געאַרבעט אין גלובאָק.

ווי געוועזענע לערער האָבן מיר זיך דאָרט געווענדט צום פּאַרטרעטער פֿון בילדונג־קאָמיסאַר קאַכאַנאָווסקי. ער האָט אונדז זייער פֿריינטלעך אויפֿגענו־מען, ער האָט אונדז געטרייסט און איינגערעדט, אַז מיר זאָלן פֿאַרבלייבן אין מינסק ביי פּעדאַגאָגישער אַרבעט. מיר זענען אָבער געווען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מיר האָבן בשום אופֿן קיין שול־אַרבעט נישט געקענט אָננעמען. קאַכאַ־נאָווסקי האָט אונדז דעמאָלט געשיקט אין ווייסרוסישן מלוכהשן מוזיי. דאָרט האָט מען אונדז געוואָלט איבערלאָזן ביי וויסנשאַפֿטלעכע אַרבעט. מיר האָבן נישט געקענט איינזיצן אויף איין אָרט, עס האָט אונדז נישט געלאָזט רוען... מיר האָבן זיך מיטן מוזיי פֿאַרבונדן אויף דעם אופֿן, אַז מיר וועלן זיי צושטעלן היס־טאָרישע מאַטעריאַלן וועגן די געשעענישן בעת דער אָקופּאַציע אין מערב ווייס־רוסלאַנד.

עס האָט אונדז געטריבן צוריק אין דער חרוב געוואָרענער גלובאָק. מיר האָבן געהאָפֿט אויף נסים... אפֿשר וועלן זיך פֿון וואַנען עס איז פֿאָרט אָפּרופֿן אונדזערע. מיר האָבן געהאַלטן אין איין שרייבן אין פֿאַרשיידענע ביוראָען אין רוסלאַנד און צו באַקאַנטע. צו אונדזער אומגליק האָבן אונדזערע זוכענישן גאָר־נישט געבראַכט. קיין נסים זענען נישט געשען...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זיי זענען אומגע־קומען דורך די דייטשן, בעת מיר האָבן זיך צעשיידט אויף דונילאָוויטשער טראַקט.

אונדזער ציל פֿון לעבן איז איצט געוואָרן דערציילן דער וועלט, דער גרוי־סער וועלט דאָס אַלץ, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען מיט די אַלע ייִדישע קהילות

פון מערב־ווייסרוסלאַנד און ליטע, וואָס מיר אַליין האָבן איבערגעלעבט און וואָס לעבנגעבליבענע וועלן אונדז דערציילן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אויפגאַבע איז ווייט נישט קיין לייכטע, ווייל די, וואָס האָבן עס נישט איבער־געלעבט, וועלן עס נישט קענען באַגרייפן. דאָך האָט עס אונדז נישט אָפּגע־שטעלט און מיר זענען צו דער דאָזיקער אַרבעט צוגעטראָטן מיטן גאַנצן ברען פון אונדזער ווייטיק.

מיר האָבן אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן די געשעענישן אין די ייִדישע ישובים אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע

דערביי ווילן מיר באַמערקן, אַז גראָבנדיק זיך אין בלוטיקן אַש און חורבן האָבן מיר דערזען, אַז די מענטשלעכע שפּראַך איז בשום אופן נישט בכוח אויס־צודריקן אַלץ, וואָס עס איז געשען, פּונקט ווי דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד איז קליין עס צו באַגרייפן. דאָס האָט אונדז אָבער נישט אָפּגעשטעלט, אומדער־מידלעך און אומאויפהערלעך גייען מיר אָן מיט דער אַרבעט, וועלכע מיר האַלטן פאַר הייליק. מיר זאַפּן אין זיך אַריין די אַלע אוממענטשלעכע גרוילן, אין וועלכע עס זענען אומגעבראַכט געוואָרן די ייִדישע ישובים און אויב די וועלט קען עס נישט באַגרייפן, זאָל זי לפּחות וויסן און איבערגעבן לדור־דורות, וואָס פאַר אַ שוידערלעכקייטן אין 20טן יאָרהונדערט זענען געשען. זאָל זיך איינקריצן אין איר אייביק זכרון, אַז אויף דער וועלט האָט אַראָפּגענידערט אַ בריאה משונה, וועלכע האָט אויף אַ מאָדערנעם אופן, אין משך פון אַ פּאָר יאָר, אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן ייִדן: פרויען, זקנים און קינדער.

אויב די מענטשהייט קען עס נישט פאַרשטיין, טאָ זאָל זי כאָטש פון דעם וויסן!

# רשימה פון די אומגעבראַכטע יידן אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין די יאָרן 1941—1943 (תש״א—תש״ג) אין גלובאָק

| ווילנער גאַס | צאָל |
|---|---|
| פריידקין וואָלף | 5 |
| פריידקין זעליק | 2 |
| פריידקין יצחק | 3 |
| טייטש מאַקס (מאיר באַגינס איידים) | 2 |
| באַרנשטיין דוד (געראַטעוועט, זלאַטע) | 4 |
| קרעמער (אַ קירזשנער) | 6 |
| סימקין | 2 |
| בערקאָן אלי | 3 |
| פליסקין מענדל־לייב | 2 |
| דרוץ וואָלף (מענדל־לייבס איידים) | 4 |
| קאַנטאָראָוויטש יוסף (מענדל־לייבס איידים) | 6 |
| סלאָבאָדקין (געראַטעוועט, הירש, געוועזן פּאַרטיזאַן) | 1 |
| גיטעלזאָן לייזער | 5 |
| אייגעס אַלטער | 4 |
| צירלין שמואל־מאָטע | 4 |
| צירלין שמואל־נאָטע | 4 |
| מילשטיין נחמן | 4 |
| שפּייער חיים־שמחה | 5 |
| כץ כתריאל | 2 |
| אייגעס פּסח | 2 |
| פען ראובן | 3 |
| פייגעלסאָן יוסף (געראַטעוועט, זלמן און דן, געוו. פּאַרטיזאַנער) | 3 |
| קאָפּייעץ מ׳אָמע | 4 |
| בודנאָוו יעקב | 2 |
| קאַזשדאַן | 1 |
| זאַצעפּיצקי הערץ | 6 |
| געלער יהושע (פעלדשער) און פרוי זינאַ | 3 |
| בלאַנט יודע | 4 |
| גיטעלזאָן נתן | 2 |
| פערדער משה | 4 |
| לקח שמעון | 4 |

| ווילנער גאַס | צאָל |
|---|---|
| הרב זאַלמאַנאָוויטש הלל (איידים פון הרב קאַץ, אומגעקומען אין ווילנע) | 3 |
| שפּיראביילע און גוטמאַן | 5 |
| פייגעלמאַן חיים | 6 |
| מעלער מענדל | 3 |
| גינדין מענדל | 3 |
| שולהייפער דוד | 5 |
| קראַוס מאָטע | 4 |
| זינגער ירמיהו | 3 |
| סווערדלין זלאַטא | 5 |
| יונגעלסאָן | 5 |
| געלמאַן שמואל־ניסן (געראַטעוועט, אבא, געוו. פּאַרטיזאַן) | 3 |
| צייטלין בערל | 4 |
| דער אַלטער שליאָסער | 3 |
| סווערדלין בער | 3 |
| יונגעלסאָן דבורה (געראַטעוועט, יודע מיט דער משפחה: זון) | 3 |
| רודערמאַן מענדל | 3 |
| שפּייער לייב | 4 |
| וואָטקין שמואל | 7 |
| אהרון (אַלטער רעדער־מאַכער) | 3 |
| איטין יוסף (געראַטעוועט, רפאל, געוו. אין דער רויטער אַרמיי) | 3 |
| יוגעלסאָן וואָלף | 5 |
| שפּיראָ זלמן | 3 |
| שפּיראָ מיכאל | 3 |
| קאָפּעליאָוויטש תנחום | 6 |
| קאָפּעליאָוויטש יעקב־בער | 5 |
| באַדניעוו | 3 |
| יונגעלסאָן מאָטל | 5 |
| יונגעלסאָן כתריאל | 5 |
| פייגעלסאָן יעקב בן ירחמיאל | 5 |
| עפּשטיין (פרוי פון שמואל) | 5 |

| ווילנער גאַס | צאָל |
|---|---|
| ראַזענבליום פּאַליע (שניידער) | 4 |
| סירמאַן הירש | 4 |
| קורמאַן ברוך (?) | 4 |
| קאַזשדאַן דוד־זלמן | 3 |
| קאַזשדאַן יאָסלס פרוי און אַ קינד, (גרעאַטעוועט יאָסלס פרוי און אַ זון) | 2 |
| קאַמינסקי יהושע | 5 |
| שיינקמאַן יצחק | 3 |
| גינזבורג ירחמיאל | 4 |
| מלמד הירש | 2 |
| מלמד טוביה | 4 |
| מלמד (פרוי פון דוד־שמעון) | 1 |
| פייגל (פייצעס מאַן, אַ שניידער, מיט אַ געשעדיקטער ליפּ; — גרעאַ־טעוועט, מאַשקע און מאַניע. — געפאַלן אין שלאַכט) | 8 |
| איטין פּרץ | 7 |
| קעניגסבערג יעקב (מלמדס איידים) | 4 |
| גאָטקינס שבתי | 4 |
| שפּיראָ לייב | 4 |
| איטין (פורמאַן) | (?) |
| קריינעס משה (דער שמיד) | 4 |
| אייגעס זלמן | 12 |
| אייגעס חיים־ראובן | 6 |
| אייגעס זלמן־משה | 2 |
| בירזש הנך (גרשון־שייעס איידים; גרעאַטעוועט, אהרן, פאַרוווּנדעט אין דער רויטער אַרמיי) | 4 |
| שפּיראָ ראָדע (שמואל־ניסן געלמאַנס שוועסטער) | 4 |
| שפּיראָ חבל | 5 |
| פידעלהאָלץ כאַצקל און פרוי דאָראַ | 5 |
| קאַניס קאָפּל און פרוי | 5 |
| וויינשטיין מענדל (גרעאַטעוועט, אַ טאָכטער) | 2 |
| מינדלין אַלטער | 4 |
| ראַזאָוו מאָטע | 5 |
| יאָפּע יאָשקע | 3 |
| מאָגילניק יקותיאל | 2 |
| יונגעלסאָן פּיניע | 4 |
| יונגעלסאָן זלמן | 2 |
| מייטעס יצחק | 5 |

| ווילנער גאַס | צאָל |
|---|---|
| קראָוט חיה־שרה | 2 |
| קראָוט גאָלדע (גרעאַטעוועט, דער מאַן לייזער, געווען אין דער רויטער אַרמיי) | 2 |
| קראַוועץ זלמן (לערער) | 4 |
| שוועסטער קרעמער | 2 |
| גיטעלזאָן חיה־עטל (גרעאַטעוועט, דער מאַן מאיר) | 4 |
| זייטשיק משה־יעקב | 3 |
| זייטשיק חיים (משה־יעקבס זון) | 3 |
| געלוואַן מענדל | 3 |
| הרב מאַנדעלבוים | 5 |
| אייגעס חיענע (בערל־בנימינס טאָכ־טער) | 1 |
| עלפּעראָוויטש אברהם (מושע־חנהס איידים) | 6 |
| דימענשטיין | |
| דרייזענשטאָק לוי־יצחק | 5 |
| גאָרדאָן זלמן און איידים | 8 |
| שולעוויטש ישראל און פרוי סאָראַ ב. ט די זין | 4 |
| ראַבינאָוויטש מאיר (מיטשיק) | 4 |
| ראַבינאָוויטש קלמנס פרוי און 2 קינדער (גרעאַטעוועט, קלמן) | 3 |
| טרייסטער יצחק (גרעאַטעוועט, חנה־עסקע) | 4 |

(פלאַץ קאָסטיושקי)

| | |
|---|---|
| רודערמאַן דוד (גרעאַטעוועט, יענקל, פאַרטיזאַן אין רויטער אַרמיי) | 4 |
| סאָלאָווייטשיק משה | 2 |
| גינדין פייגע | 4 |
| גינדין משה־מאירס משפּחה | 5 |
| גילעוויטש חיים־הירש | 8 |
| טייטעלבוים | 4 |
| גאָלבערשטיין מענדל און פרוי חנה, געב. טייטעלבאַום | 3 |
| טייטעלבוים דבורה | 3 |
| קינדער פון גיטעלזאָן בנימין, (גרעאַ־טעוועט בנימין און פרוי און, דאַכט זיך, אויך אַ טאָכטער) | 2 |

### (דובראָווע גאַס)

| | צאָל |
|---|---|
| אַלמער יעקב | 3 |
| ווירשוב (זיין איידים מיט פרוי און קינדער און אַ מוטער מיט אַ שוועסטער) | 5 |
| שפּיראָ לייזער (גרעאַטעוועט, 2 זין, פאַרוווּנדעט אין שלאַכט) (?) | 6 |
| גאָרדאָן חיה בליומע מיט דער משפּחה פון איר זון אייזיק | 8 |
| מירמאַן בנימין | 5 |
| סעגאַל ריווע און טאָכטער | 2 |
| שאַפּיראָ קאָפּל (פרוי דברה) | 5 |
| וויינשטיין אַלטער | 7 |
| ווייצקין מ.טוס (אַ הינקעדיקער) | 4 |
| מירמאַן הירש | 3 |
| שיינדלין אהרן און ברודער יענקל | 5 |
| אַלפּערין חנה (פרוי פון קאַלבאַסניק אפרים אַלפּערן) | 1 |
| זלאַטקין פייגע | 4 |
| וועקסלער מערים (אַ בלינדלעכער) | 4 |
| ווייצקין זלמן (גרעאַטעוועט, אַ זון דוד און איידים אברהם שוב) | 6 |
| מינדלין, צוויי שוועסטער פון יקו־תיאל מינדלין | 2 |
| מינדלין יקותיאל | 3 |
| גאָלבערשטיין משה (גרעאַטעוועט, אַ זון מאיר — אינוואַליד) (?) | 4 |

### (הויפּישע גאַס)

| | |
|---|---|
| ליפשין משה | 6 |
| גלאַז זלמן | 3 |
| דרוץ דוד | 4 |
| רובאַשקין זלמן (גרעאַטעוועט, אַ זון — חיים) | 4 |
| צעפּעליאָוויטש מאָטע | 3 |
| ווימאַן דוד (שוסטער) — (גרעאַטעוועט, טאָכטער ראשע, געווען אין פּאַרטיזאַנקע) | 5 |
| פרידמאַן יוסף | 3 |
| קאָפּעלאָוויטש קאָפּל | 2 |
| רייכל חיה־שרה (אברהם־יאָשע דעם מלמדס פרוי און טאָכטער) | 2 |
| מילקין סאָנע (שניידער). (זון רחמיאל אומגעקומען אין פּאַרט.). | 4 |

### (הויפּשיע גאַס)

| | צאָל |
|---|---|
| מינדעל יצחק מילקינס איידים | 3 |
| פייגעלסאָן אלי־מאיר | 3 |
| פייגעלסאָן יצחק | 5 |
| שולמאַן ישראל (דער מאַראַזשעניק) | 7 |
| ריווקין שמואל און זיין מוטער | 2 |
| איידענזאָן אברהם־יצחק | 7 |
| (?) יוסף (משה־מאָטע דעם שמשס איידים) | 5 |
| בנימינסאָן מיכאל | 5 |
| וואַקסמאַכער וואָלף | 3 |
| גלאַז חיים־אלי און 2 שוועסטער | 3 |
| וויימאַן דברה | 3 |
| סאָרקין ראשע | 2 |
| גאָרבער נחום (גרעאַטעוועט, טאָכטער מיכליע) | 3 |
| מאַרקמאַן אברהם־יצחק (גרעאַטעוועט, זון מאָטע, געוו. פּאַרטיזאַן) | 7 |
| מאַרקמאַן בתיה | 1 |
| גינדין זלמן | 3 |
| גינדין יעקב | 4 |
| קאָטשערגינסקי דוד | 2 |
| גערמאַלין זעליק | 3 |
| איחילציק דוד (גרעאַטעוועט, זון שלמה, געוו. פּאַרטיזאַן) | 4 |
| חידעקעל לייזער — איחילציקס איידים | 3 |
| סמושקאָוויטש — איחילציקס איידים | 3 |
| איחילציקס טאָכטער בליומע, מיט אַ קינד | 2 |
| גיטליץ מענדל (גרעאַטעוועט רפאל) (?) | 4 |
| קליאַט מענדל | 5 |
| פּיפּקאָ | 5 |
| קנעל פייגע־רחל | 1 |
| וויינשטיין אייזיק | 4 |
| קליאַט יעקב־אייזיק | 5 |
| האָוועס ישראל — פרומאַן | 3 |
| כידעלהאָלץ גבריאל | 5 |
| שיצקין ביינוש | 4 |
| טיבישעוויטש בער | 2 |

### (פּשעכאָדניע גאַס)

די משפּחה פון זעלדין שמואל (גרעאַ־טעוועט, שמואל זעלדין, געוו.

(פּשעכאָדניע גאַס) — אַצל

פּאַרטיזאַן 2
ביק לייזער 6
גלאַז לייב 3

פּאָלנע גאַס

סלוצקין חיה־שרה 4
סלוצקין משה־אהרן 3
צמח ישראל (געראַטעוועט, אַ זון) 3
צמח זאַוול 4
צמח חיים 4
צמח אלי 3
הויכמאַן — צמחס שוועסטער 3
הויכמאַן קלמן־משה 6
(?) אברהם־איטשע (סאווערע) 5
קנעל מייטעס (טרעגער) 6

קישעלעיקע (לעגיאָנאָווע)

חאַנאַוויטש בן־ציון (ש״ב) 5
גאָטקין דוד 1
מעלצער אַלטער (שוסטער) 5
פּעסענסאָן 2
באַנד (משפּחה פון לערער משה־שמואל באַנד) 6
לענקין פּעסיע — שוועסטער פון מ. ש. באַנד 5
שפּאַרמער זלמן (געראַטעוועט, די קינדער איידליע און ישראל, געוו. פּאַרטיזאַנער) 2
פּעיסאַכאָוו זלמן 2
שפּאַרבער שניאור 4
קאַפּלאַן רפאל 4
שפּאַרבער איסער [illegible]
גאָטקין ישעיהו 4
יאָפּע בער (געראַטעוועט, אַ זון — אינאַליד פון דער רויט׳ אַרמיי) 5
סקלעננביק 6
חידעקעל לייזער 4
(?) משה (צונאָמען: „אַ לעבער)
ניעמאָי בתיה 3
טיאָמקין 2
שוועץ שלום 2
דריסאָוויאַצקי לייוויק 5
דאַנילעוויטש ישראל 4

קישעלעיקע (לעגיאָנאָווע) — צאָל

כ־ומקין אברהם־לייב 6
קעקס אברהם 3
גאָרדאָן ראובן 5
שולהייפּער מאָטע און משה 6
מענטקאָוויטש — שולהייפּערס איידים 4
קאָן זלמן־יאָסיע (געראַטעוועט, טאָכטער סאָניע)
צעפּעלעוויטש אסתר 5
קאַמענקאָוויטש בלוינע 7
פיימאַן אסתר 6
יונגעלסאָן מאיר 6
דוואָסקין יעקב 5
פישמאַן מלכה 5
פישמאַן ראשע (בלינדע) 5
פייגעלסאָן רחמיאל 8
גלאַומאַן זעליק 9
פייגעלסאָן משה 4
טאַרנאָ בער (שליאָסער) 5
צעפּעליעוויטש סאָשע 1
לאַפּקאָ (געראַטעוועט, אַ זון — געוו. אין דער רויטער אַרמיי) 2
מינדעל יעקב 2
פייגעלסאָן זעלדע 7 (?)
שיינדלין ליבע 4
גאָטקין שלמה 6
שולמאַן חבל 6
זאַק חיים — חנה 7
עטמאַן לייב 7
גאָרדאָן חיים־דוד 3
יונגעלסאָן אברהם 6
גיטעלזאָן אַלטער 4
גענשטיין יצחק 5
חדש נאָטע 3
בויער חיים 6
טילעס 5 (?)
פייגעלסאָן זלמן 3
פייגעלסאָן אלי־אייזיק 6
ראַפּאַפּאָרט לייזער 4
עטמאַן מענדל 3
הויכמאַן זלמן 3
שיינקמאַן זעליק 8
גאָטקין ישעיהו 5
(?) אברהם — (שמיד) 4

| קישעלעיקע (לעגיאָנאָווע) | צאָל |
|---|---|
| (?) יודע־לייב (בלינדער) | 4 |
| סאָסנאָוויק הירש | 6 |
| קנעל יוסף | 4 |
| (?) יודע־לייב (שוסטער) | 5 |
| פרידליאַנד הערץ (פורמאַן) | 5 |
| גינדין שלמה־נח | 4 |
| סלאָווין לייב | 4 |
| (?) רחל־ביינע | 2 |
| באַס איטשע־דוד (שניידער) | 1 |
| (?) עטע | 6 |
| זאַק שלמה | 2 |
| גראָסביין חנה | 4 |
| פאַפקין ברוך | 7 |
| זענדעל מענדל | 9 |
| בליאַכמאַן בנימין (געראַטעוועט, זון מאיר, געוו. פּאַרטיזאַן) | 5 |
| גלאַנזעט זלמן | 7 |
| פינקעלשטיין מענדל | 2 |
| בויער אפרים | 7 |
| גורעוויטש מאַטע | 10 |
| קאַצאָוויטש אַרציק — פורמאַן | 5 |
| עטמאַן רבקה | 6 |
| רודשטיין ישראל | 2 |
| מאַליאַשקעוויטש | 5 |
| גורעוויטש מענדל | 4 |
| פאַק ליבע | 1 |
| בערנשטיין (שמש — געקומען פון סמאַרגאָן) | 3 |
| גיטעלזאָן מענדל | 2 |
| בודאָוו אַרציק — פאַבריקמאַכער | 2 |
| פישער ליפע — שמש פון סטאַראָ־שעלער שול | 8 |
| גלאַזמאַן יענקל — שוסטער | 4 |
| שאַפּיראָ מלכה און ישעיהו | 6 |
| בליאַכמאַן זלמן | 7 |

## גלוכע געסל

| | |
|---|---|
| זיידל ראובל | 4 |
| ליפשין בנציון | 2 |
| אידיס משה | 2 |
| (?) ליבע (די שטומע | 1 |
| גאַרדאָן ראובן און וואַראַבעיציק — (געראַטעוועט, יצחק וואַראַבעי־ | |

| (גלוכע געסל) | צאָל |
|---|---|
| ציק, אין דער רויטער אַרמיי — פאַרוווּנדעט) | 12 |
| פאַפקין משה־שמואל | 9 |
| ריינשטיין (?) | 8 |
| בודאָוו אברהם — פורמאַן | 12 |
| מירמאַן לייב | 8 |
| מירמאַן גרשון (אַ זון אומגעקומען אין דער רויטער אַרמיי) | 6 |
| רייכעל לייזער־אַהרן | 6 |
| פליסקין אַלטער | |
| גאָלדמאַן הירש (געראַטעוועט, זון העשל, אין רויטער אַרמיי) | 3 |
| צעפּעליעוויטש דרייזיע און זון זעליק | 2 |
| שולמאַן יענקל | 11 |
| שולמאַן משה־שמואל | 9 |
| (?) סאָניע (אַ שוועסטער פון מ. ש. שולמאַן) | 5 |
| שיינקמאַן (?) — דער גילזעמאַכער | 10 |
| קאַץ אפרים־דוד, סאָניע, חוה — די מוטער (געראַטעוועט, זון זלמן־בערל (?), אין דער רויטער אַרמיי) | 5 |
| פרידמאַן מאיר מאַטע | 6 |
| רייכעל אברהם (?) | 5 |

## נייע גאַס

| | |
|---|---|
| כהן אַלטער | 4 |
| רייכעל נחום און קורקודיאַנסקי | 14 |
| לייבאָוויטש אבא | 6 |
| פליסקין גדליהו און בער — זון (געראַטעוועט, זון אַהרן־זעליק) | 6 |
| קרעוויצקי לייב, ג. פליסקינס איידים | 4 |
| זלאַטקין (?) | 6 |

## מאָסקווער געסל

| | |
|---|---|
| יאַפע קיווע (פורמאַן) און טאָכטער | 14 |
| קאַץ זלמן | 6 |
| גאָרדאָן (?) | 11 |

## וואַרשעווער גאַס (דאָקשיצער)

| | |
|---|---|
| ווערך יצחק | 3 |
| האָפמאַן אשר | 5 |
| (?) הירשל (צונאָמען: „שמעק”) | 4 |

| וואַרשעווער גאַס (דאָקשיצער) | צאָל |
|---|---|
| גלאַז אברהם | 3 |
| דרייזענשטאַק בער | 5 |
| פייגעלסאָן אברהם | 7 |
| בערסאָן אברהם | 5 |
| יודין גדליהו | 3 |
| שמיט אהרן | 5 |
| שמיט לייזער | 2 |
| ליפשין יצחק (שניידער) | 6 |
| סלאַווין זלמן | 5 |
| באַריודין גיטע | 2 |
| חאַוקין טוליע | 1 |
| חאַוקין דוד | 3 |
| ראַפּאַפּאָרט לייזער־בער | 9 |
| זעלדין נחום | 3 |
| משפּחה פון דינערשטיין פּיוועש, (געראַטעוועט, פּיוויש דינער־שטיין, געוו. פּאַרטיז.) | 2 |
| פייגעלסאָן מאיר | 3 |
| סראַגאָוויטש חיים (געראַטעוועט, זון מוליע (?) | 3 |
| רייכל לייב — זון פון בערל | 3 |
| גלאַז יעקב | 1 |
| ציצאַנאָוויטש (?) | 3 |
| חידעקעל לאה | 3 |
| קאַפּעלאָוויטש חנה — טאָכטער פון קאַפּל זאַליעסיער | 2 |
| קראַפּיווניק לאה | 3 |
| זעלדין בער | 4 (?) |
| סראַגאָוויטש אבא | 3 |
| חדש ליבע (געראַטעוועט, זון משה) | 4 |
| סראַגאָוויטש אבא | 3 |
| הרב יוסף הלוי קאַץ | 4 |
| ראַיאַק (געראַטעוועט, מיכאל און צבי) | 3 |
| וויינשטיין שלום | 5 |
| שאַכנאָוויטש חיים־זעליק, ש. וויינ־שטיינס איידים | 3 |
| חאַוועס ישראל | 3 |
| פינקעלשטיין זלמן־אליהו שוחט | 5 |
| סלאַווין מענדל | 4 |
| פרידמאַן חיים | 4 |
| פרידמאַן מאַטע | 8 |
| ראַבינאָוויטש חיה־רחל | 4 (?) |

| וואַרשעווער גאַס (דאָקשיצער) | צאָל |
|---|---|
| פייגעלסאָן חיים־הירש | 4 |
| דימענטשטיין חנה מיטן זון און איי־דים (געראַטעוועט, די שנור מיט אַ מיידעלע, אין פּאַרטיז.) | 6 |
| קראַוס נתן און ברודער | 6 |
| פייגעלסאָן מירא — צאָן־דאָקטער | 3 |
| בודאָוו שמעון מיט דער מוטער און ברודערס משפּחה | 8 |
| צעפּעלעוויטש ברוך (געראַטעוועט טאָכטער פּעסיע, אין פּאַרטיז.) | 3 |
| ציפּקין אפרים | 4 |
| ציפּקין משה | 2 |
| (?) שלום | 3 |
| וואָראָבעיציק חיים־פּסח | 2 |
| דלאַט יאָכע | 4 |
| קעניגסבערג חיים | 4 |
| מידיוק אבא | 3 |
| מידיוק דאָבע | 2 |
| מידיוק משה | 5 |
| פידעלהאָלץ זלמן־יעקב | 7 |
| פריידקין (?) — (קאַליקע) | 4 |
| זעלדין יוסף | 3 |
| זלאטקין הלל | 5 |
| פלאַווניק פרומע־חנה | 3 |
| דאמעשקין מאַטע | 3 |
| ווייצקין שמערל | 5 |
| פען חנה־ליבע | 5 |
| פען פאַיע־ליבע | 2 |
| פען הירש | 2 |
| אבעלעוויטש יהודא | 5 |
| פלאַווניק אסתר | 2 |
| שער יעקב | 6 |
| בערקאָווסקי ראובן — איינבינדער | 3 |
| דייטש מייטע | 2 |
| הויכמאַן יקותיאל | 2 |
| הויכמאַן ציפּע | 2 |
| (?) די אלמנה פון בער | 3 |
| גלאַז מענדל (שנייערס) | 5 |
| קאַץ לייזער־איטשע | 4 |
| קאַץ מאיר | 3 |
| גלאַז אליהו | 5 |
| גלאַז פסח | 2 |
| גלאַז יענטע | 1 |

| וואַרשעווער גאַס (דאָקשיצער) | צאָל |
|---|---|
| פישער אברהם | 4 |
| גורעוויטש חיה | 3 |
| צירלין יעקב־בער | 1 |
| חאַווקין הערשל | 4 |
| כץ טוביה | 2 |
| כץ משה — טוביהס זון, (געראַטעוועט טאָכטער עטל, אין פּאַרס.) | 4 |
| מירמאַן יוסף | 4 |
| מאיראַוויטש יוסף | 4 |
| צעפּעלעוויטש יצחק | 4 |
| צעפּעלעוויטש מאָטע | 3 |
| גינדין מענדל | 6 |
| פלאַווניק יוסף | 7 |
| שאַפּירא (?) | 4 |
| שאפּירא קאָפּל | 4 |
| גפן מוליע | 3 |
| ווייצקין סאָניא | 2 |
| לענקין שמואל | 5 |
| ווייצקין אליהוס משפחה | 4 |
| סאַרקין ישראל | 6 |
| סאַרקין יוסף | 5 |
| שפּייער אהרן און זיין טאָכטער סאָניע | 6 |
| הויכמאַן בתיה | 5 |
| סראַגאָוויטש יצחקס משפחה | 8 |
| סראַגאָוויטש ראובן — איטשע י. | |
| סראַגאָוויטשס זון | 6 |
| קרעמער משה | 6 |
| בעקער משה | 6 |
| פלאַווניק ראַשע | 2 |
| סאַפּראָ מאָטע | 3 |
| סאַפּראָ אַלטערס משפחה (געראַטעוועט סאַפּראָ אַלטער און אַ טאָכטער) | 3 |
| בלאָט הירש | 5 |
| הויכמאַן ניסן | 7 |
| חאַוועס הירשס פרוי מאַרוסיע (געראַטעוועט (?) — ער איז געווען אין דער רויטער אַרמיי) | 2 |
| **לאָמזשער גאַס (דרויער)** | |
| יונגעלסאָן שלומס משפחה (געראַטעוועט יונגעלסאָן שלום אין פּאַריזאַנקע) | 4 |
| כץ יענקל — טעביע כצס זון | 2 |

| לאָמזשער גאַס | צאָל |
|---|---|
| שאַפּירא שלמה־מאיר | 7 |
| פייגעלסאָן זלמן | 5 |
| רוטענבערג שמואל־דוד (קירזשנער) | 4 |
| קנעל טויבע | 3 |
| ראַפּאָפּאָרט משה־קאָפּל (שניידער) | 6 |
| סאָלאָווייציק מוליע | 4 |
| (?) מענדל, פון האַלוביטש | 5 |
| גינצבורג (?) (צונאָמען „קוטיאַק") | 11 |
| (?) אליהו — (דער מוליער) | 6 |
| סאָסנאָוויק פסח | 8 |
| קראַשנעווסקי (?) | 6 |
| פּאָליאַק שמעון־הירש און זיין איידים לעוויטאַנוס | 8 |
| פלאַווניק (?) | 8 |
| שוכמאַן יצחק | 7 |
| בלאָט (געראַטעוועט, די גאַנצע משפחה, אויך פון איידים; — בלאָט איטשקע געפאַלן אין פּאַרטיזאַנקע ווי אַ העלד) | 1 |
| (?) קברות־מאַן („דער דרוקער") מיט די משפחות פון זון און טאָכטער | 28 |
| קורילאָוו (?) | 16 |
| פליישער ברכה | 5 |
| לעווינזאָן צלאל בן מענדל | 5 |
| קאַץ שמואל־לייזער | 16 |
| לעוויט זלמן | 4 |
| ביניאַמינסאָן דאָרע | 4 |
| (?) זעליק־איטשע (דער מלמד) | 8 |
| סאַפּאַרניק פרץ | 3 |
| לעדערמאַן — (געראַטעוועט, זון מאָטקע (?)) | 4 |
| פידעלהאָלץ חיים־חנא | 4 |
| פידעלהאָלץ אברהם־יהושע | 3 |
| קאָפּעלאָוויטש (?) — פון ווילייקע | 6 |
| יונגעלסאָן מאָטע | 5 |
| שולקין יידל (לוי־איטשע יונגעלסאָנס איידים) | 5 |
| טילעס (?) — (שניידער) | 3 |
| קאַץ חיה | 5 |
| (?) לייזער (פאַמיליע — זרח (?) | 8 |
| מירמאַן איטשע־בער | 4 |
| שנייער (?) | 6 |

| ביאַליסטאָקער גאַס | צאָל |
|---|---|
| מיאַקינין (?) | 2 |
| מוסין זונדל און פרוי זעלדע (געוו. שערעשעווסקי) | 4 |
| לעווין רייזל — ז. מוסינס שוועסטער (געראַטעוועט, געוו. פרוי פון לערער דוד לעווין) | 3 |
| די משפחה פון שפער הירש (געראַטעוועט שפער הירש) | 4 |
| גאלבערשטיין אברהם | 2 |
| פישער געסיע | 5 |
| פרען חיים (פאָטאָגראַף) | 1 |
| (?) (?) פישער געסיעס איידים | 2 |
| פריידקין זלמן | 5 |
| פריידקין נתן | 3 |
| קאַץ שבתי | 5 |
| פערדער (?) — (שערער) | 5 |
| פאַרבער גיטע | 2 |
| פרידמאַן חיים | 4 |
| זאַק סאלאָמאָן (שניידער) (געראַטעוועט, די פרוי סימע מיט אַ זון און אַ טאָכטער) | 3 |
| קאַץ בת־שבע | 2 |
| שוכמאַן רוווקע | 5 |
| טילעס וואָלף | 3 |
| רייזעס זונדל (כלי־זמר) | 10 |
| פישער שפרה | 6 |
| פייגעלסאָן לייזער | 3 |
| ראַזאָוו חנה | 6 |
| בראַון נאָכא | 5 |
| בראַון דוד | 5 |
| רייכל חיים־נתן | 5 |
| מאַליאַשקעוויטש ריבה | 2 |
| קאַץ לייב | 3 |
| קאַץ זיסיע | 1 |
| מאַרקמאַן חיים־לייב | 2 |
| מעלער יצחק | 3 |
| קראַוט מאָטע | 3 |
| צאַלקינד (?) | (?) |
| וויימאַן ראובן | 4 |
| כהן (?) | 4 |
| כהן חיה | 2 |
| כהן שלום | 4 |

| ביאַליסטאָקער גאַס | צאָל |
|---|---|
| אַראָנס בער — שניידער | 3 |
| חדש לייוויק | 3 |
| חדש מוליע | 3 |
| ליבערמאַן אסתר | 3 |
| לקח משה (כלי־זמ־ר) | 9 |
| פאַטקין גאָטליב | 2 |
| סווידלער לייב (געראַטעוועט, טאָכטער העניע) | 2 |
| יידל סלאָווינס (געראַטעוועט, זון, אינוואַליד, אין רויטער אַרמײ) | 3 |

## פלאַץ פון 3טן מאַי

| | |
|---|---|
| שאַפּירא (?) ‸ בעקעריי; צונאָמען: „די באָרד" | 7 |
| לאָימאַן דודס משפחה (געראַטעוועט, דוד מיט אַ זון, אין פּאַרטיז.) | 2 |
| קאַצאָוויטש מוליע (געראַטעוועט, זון איזיאַ, אין פאַרטיז.) | 3 |
| קאַבאַטשניק איסר | (?) |
| מינדל יוסף | 4 (?) |
| לעווין (?) | 2 (?) |
| (?) חאַסיע | (?) |
| שאַמעס (?) — שניידער | (?) |
| מוליע סאָלאָווייציק | (?) |

## קראַקאָווער גאַס

| | |
|---|---|
| לעוויטאַן הירש | 11 (?) |
| סאָלאָווייציק חנה | 3 |
| סאָלאָווייציק אברהם | 4 |
| רודערמאַן זלמן־וואָלף | 4 |
| פינטאָוו יענקל | 3 |
| פינטאָוו שבתי | (?) |
| יונגעלסאָן מאָטע (דער בויער) | (?) |
| פליסקין טיסיע | (?) |
| צענציפאר שלום (דער קצב) (געראַטעוועט, טאָכטער פריידל) | 5 |
| יונגעלסאָן שבתי | 2 |
| סאָלאָווייציק איסר | 2 |
| פרידמאַן הירשל | 3 |
| זיסקינד ניסן | (?) |
| יונגעלסאָן הינדע | (?) |
| יונגעלסאָן יצחק | (?) |
| עליאַנאָוו שמואל (שוסטער) | (?) |

| קראָקאָווער גאַס | צאָל |
| --- | --- |
| געגנשטיין אהרן (שמש פון דער בלויער שול) | (?) |
| קאַץ יודל | 3 |
| פרידמאַן רחל | (?) |
| שולקין צדוק (שניידער) | 5 (?) |

| דיסנער גאַס | |
| --- | --- |
| גאָרדאָן העניע | 2 |
| פרומין לייב | 4 |
| פייגעלמאַן העשל | 4 |
| מלמד ברכה (?) | (?) |
| פרידמאַן חיים | (?) |
| וויגדערהויז דוד | (?) |
| שאַפּירא יוסף (געראַטעוועט, זין ליפּע און מיכאל, אין פּאַרטיז.) | (?) |
| שערמאַן מענדל | (?) |
| ראַבינאָוויטש אליהו — שערמאַנס איידים | (?) |
| וואַקסמאַכער לייב | (?) |
| סלאָווין ישראל־גריינעם | (?) |
| האַקנער (?) | (?) |

| יאַטקאָווע גאַס | |
| --- | --- |
| באַגין מאיר, מיט די משפּחות פון זון מאָטע און טעכטער: מאַשע און לאה מיטן מאַן מאַקס | 8 |
| ווילנין משה | 4 |
| זינגער בנציון־לייזער | 2 |
| אלאַי ביינוש (שערער) | 5 |
| בוידין יוסף (געראַטעוועט, טאָכטער אסתר) | 2 |
| פישער משה, כּאַודינס איידים | 4 |
| דוואָרקין שלמה־מאיר און די משפּחה פון זיין שוועסטער | 6 |
| זאגאוואל חיים | 5 |
| סראַגאָוויטש יענקל | 5 |
| לעווינזאָן מענדל | 7 |
| (?) שכן פון יענקל סראַגאָוויטש | (?) |
| מינדלין בער | 2 |
| פייגעלמאַן קאפּל (געראַטעוועט, א טאָכטער) | 4 |
| סאָלאָווייציק יענקל | 2 |
| שולהייפער חיים־לייב | 1 |

| יאַטקאָווע גאַס | צאָל |
| --- | --- |
| הערמאַן חיים־מאיר | 3 |
| אַסטראָווסקי מאַקס | 3 |
| פרידמאַן — יאש (צאָן־דאָקטאָר) | 4 |
| פרידמאַן (?), ברודער פון צאָן־דאָקטער פרידמאַן — יאש | 3 |
| מינדלין יקותיאל | 3 |
| מאַרגאָלין גרשון־ישראל | 2 |
| פּאַלאַנט אברהם | 2 |
| קאַץ מענדל — פּאַלאַנטס איידים (געראַטעוועט, זון ראובן, אין פּאַרטיזאַנקע) | 4 |

| זאַמקאָווע גאַס | |
| --- | --- |
| ליסיצקי וואָלף | 3 |
| מעלער ישראל | 3 |
| בערקאַן אפרים־דוד | 9 |
| לעוויט מיכאלס משפּחה (געראַטעוועט לעוויט מיכאל, אין פּאַרטיז.) | 4 |
| מאַזאָוועצקי (?), — רחמיאל אַלפּעראָוויטשעס פרוי סאָניע און איידים | 4 |
| אַלפּעראָוויטש ישראל, פרוי און קינדער | 4 |
| אָזשינסקי מיכאל (געראַטעוועט, זון פיניע און טאָכטער) | 3 |
| נאַטאַנזאָן אליהו בוכהאַלטער | 5 |
| דוואָסקין חיה | 3 (?) |
| שנייער (געראַטעוועט, זון דוד — אינוואַליד פון רויטער אַרמיי) | 5 |
| שמיד יצחק | 6 |
| סאָלאָווייציק זלמן | 5 |
| פרידמאַן משה | (?) |
| לעוויטאַן אהרנס משפּחה (געראַטעוועט פאָטער און זון אברהם, אין פּאַרטיזאַנקע) | 3 |
| קראַוט נחמה | (?) |
| קראַוט יצחק | 5 (?) |
| פינטאָוו שימשל און איידים קאַפּעלאָוויטש שמעון | 6 (?) |
| קאַזיאָל אייניק — פורמאַן | 5 |
| קופערשטאָק (?) | 3 |
| גאָרדאָן רחל (פרוי פון יואל גאָרדאָן) | 3 |
| פּאָק מענדל | 5 |
| שערזאָן מאיר און פרוי חיה מיט פיר טעכטער | 5 |

| זאַמקאָווע גאַס | צאָל |
|---|---|
| פינטאָוו חנן | 4 |
| גאַדין וואָלף (גראַטעוועס, זון אהרן) | 5 |
| בערקאָן משה (גראַטעוועס, זון שלום) | 7 |
| גיטעלזאָן זלמן | 6 |
| פרען שלמה־דוד | 5 |
| כעוולין חיים | 8 |
| האָבערמאַן מענדל | 8 |
| אַסמאַן הינדע (גראַטעוועס, דער מאַן יעקב־לייב) | |
| אַלפּעראָוויטש פריידע (גראַטעוועס, זון פאַניע, אין רויטער אַרמיי) | 1 |
| אַלפּעראָוויטש זלמן | 3 |
| פעסענסאָן לאה | 3 |
| אבראמאָוויטש משה | (?) 6 |
| ברודני דוד | 4 |
| פאָדנאָס יקותיאל | 3 |
| אָליע — פאָדנאָס טאָכטער (גראַטעוועס אָליע און איר מאַן, אין פּאַרטיזאַנ.) | (?) |
| מעלצער אַלטער (שוסטער) | 5 |
| מאָזעס ראובן | 4 |
| בערקאָן לייזער, דבורה | (?) 1 |
| שיינקער חיים | 3 |
| חפץ יהושע (גראַטעוועס, טעכטער מלכה און ברכה, אין פּאַרטיז.) | 4 |
| חפץ יעקב־שמואל | 3 |
| וויינשטיין סאָניע | 6 |
| קורעניץ שמואל־לייב | 5 |
| שעפּסענוואָל — שוויגער־עלטערן פון משה אבראמאָוויטש | 5 |
| סאָלאָווייציק משה — זייגערמייסטער | 5 |
| (?) טויבער שמיד | (?) |
| מושקאַט צדוק | 5 |
| גאָרדאָן שמואל — צונאָמען: „די שוואַרצע הון" | 1 |
| טייטעלבוים יצחק | 3 |
| ראַפּאָפּאָרט מלכה (גראַטעוועס, טאָכטער רחל אין פּאַרטיז.) | 1 |
| האָבערמאַן ראובן | 6 |
| ראַבינאָוויטש לייב | 4 |
| (?) שבתי — דער שוסטער מיט דער פרוי | 6 |
| געלמאַן סאָניע און אַלטע — שערער | 2 |

| זאַמקאָווע גאַס | צאָל |
|---|---|
| פינטאָוו יצחק | 1 |
| חעוולין שמעון (גראַטעוועס, זון קאָפּל) | 4 |
| פרומין מוסיע | 2 |
| אומבראָז בערל | 5 |
| זאַק לייב | 2 |
| פיפיק (?) — שוסטער | 2 |
| מאַנקיטאָ (?) — שוסטער | (?) |
| זאַלקינד מאיר־לייב — זייגערמייסטער | 5 |
| אַלאַי אליהו — קירזשנער | 6 |
| (?) 2 שוועסטער — שניידערקעס | 2 |
| בירנצווייג — אַגראָנאָם | 4 |
| קאָשער יעקב — זייף־פאַבריק. | 4 |
| רייכעל בער | 3 |
| שפּייער רבקה, קינדער פון פיניע שפּייער: אסתר, יוסף, זישקע שפּייער | 5 |
| קראַוט מאַיסעי, פרוי ראָזע און טאָכטער | 3 |
| גפן יצחק (גראַטעוועס, זון גרשון) | 4 |
| פערעוואָזקין מאָטע | 3 |
| האַבערקאָרן — לערער פון האַנדלס־שול | 1 |
| סלאָנימסקי לעאָן — אַדוואָקאַט | 3 |
| (?) צאָן־דאָקטער פון דיסנע | (?) |
| זאַק יוסף זון פון סאָלאָמאָן בוכ־האַלטער | 2 |
| (?) אַלטער שניידער, לעבן פיפּיקן | (?) |
| זאַק בנימין | 1 |
| גאָלדע חאַיט (געוו. שערזאָן), מאַן שלום און זון דוד (אומגעקומען אין ווילנער געטאָ) | 3 |
| קאַמינסקי חוה און לאה (חוה אומגעקומען אין פּאַרטיז.) | 2 |
| כּרוי סאַגאָוויץ און טעכטער: ריווע, סלאָווע און טאַמאַראַ | 4 |

## הוספה צו דער רשימה פון אומגעבראַכטע ייִדן אין גלובאָק

(צוגעשיקטע פון אַמעריקע)

### קישעלייקע (לעגיאָנאָווע)

פיימאַן אסתר

גענשטיין איטשע־פישל (שניידער)

| ואַרשעווער גאַס | צאָל |
|---|---|
| ריידער שמואל (האָטעל) | |

| מאָסטאָווע גאַס | |
|---|---|
| מאָטע דער שוסטער | |
| שכנאָ דער וואַסער־טרעגער | |
| וויערך — טרעגער | |
| ראובקע באָשעס | |

| ווילנער גאַס | |
|---|---|
| שפּער הירשל — 3 נפשות; ער אַליין איז געווען אין רוסלאַנד; אין געטאָ איז געווען די פרוי מיט 2 קינדער | |
| פּליסקין אַלטער | |
| שניידמאַן כתריאל (דער פּראַזאָראָקער מלמד) | |
| זאלקע אברהם — דעם דרוקערס | |
| מאָטע — צונאָמען: „דער האָז" | |

| הויפּישע גאַס | |
|---|---|
| דייטשע כלוינא | |

| פּלאַץ פון 3טן מאי | |
|---|---|
| גאָלדבערג און שיינבוים (דרוקעריי) | |

הוספה צו דער רשימה פון אומגע־בראַכטע ייִדן אין גלובאָק
(צוגעשיקט פון ישראל)

| קראַקאָווער גאַס | |
|---|---|
| כץ לייב | 4 |
| קאזלינער מענדל | 4 |
| בימבאד זלמן | 3 |
| פּינטאָוו זאלקע | 6 |
| בודאָוו שרה | 1 |

| ווילנער גאַס | |
|---|---|
| פריידקין זלמן | 5 |
| פּליסקין אלטער | 6 |
| נאָטאַנזאָן — בוכהאַלטער | 4 |
| דאַנכין חנה | 2 |
| מילשטיין חנה | 3 |
| מילשטיין גדליה | 1 |
| שאַפּירא מענדל | 1 |
| שאַפּירא פּעסיע | 1 |
| שוכמאַן רחל | 2 |

| קראַקאָווער גאַס | צאָל |
|---|---|
| צייטלין זאַוול | 4 |
| סווערדלין שאול | 4 |
| בערזאָן יעקב | 3 |
| יוגעלסאָן שמואל־לייב | 4 |
| פּידעלהאַלץ שמואל | 5 |
| געלער פּנחס | 5 |
| פּליסקין חיים־מאיר | 3 |
| האָפּ ראובן | 4 |
| דזאַאיזינקער בערל | 2 |
| דזאַאיזינקער מאָטל | 3 |
| בערזאָן אפרים | 2 |
| זאַק יוסף | 1 |
| שייקע — דער שטעפּער | 4 |
| די טאָכטער פון פייגע און חצקל לעוויטאַן | 1 |
| סווידלער לייב | 2 |
| פרידמאַן נתן | 5 |
| גאָלבערשטיין אברהם־שאול | 2 |

| דובראָווע גאַס | |
|---|---|
| ראָם שרה | 3 |

| הויפּישע גאַס | |
|---|---|
| מעלער נחום | 5 |
| פייערמאַן שאול | 8 |

| קישעלייקע (לעגיאָנאָווע) | |
|---|---|
| שמעון־אליהו — דער קצב | 6 |
| גאָרדאָן יוסקע | 3 |
| פייגעלסאָן יוסף | (?) |
| שיינקמאַן זיאָמקע | 2 |

| וואַרשעווער גאַס | |
|---|---|
| חאָוועס הירש | 3 |
| חאָוועס כלוינע (?) | (?) |

| לאָמזשער גאַס — (דרויער) | |
|---|---|
| אַלפּעראָוויטש ישראל | |
| פליישער מאיר | |
| מעלער | |
| מונעוועז דוד | 2 |
| מייטעס לייזער | |
| מייטעס מיכאל | |
| בלאָך אליהו | |
| דוואָסקין יעקב | |

# רשימה פון די גלובאָקער פּאַרטיזאַנער

אזשינסקי פּינע בן מיכאל
אַלפּעראָוויטש חנה — טאָכטער פון לייב בלאַט
אַלפּעראָוויטש מאָטל — איר מאַן
בירזש אהרן־גרשון — ישעיהס אייניקל
בערקאַן שלום בן משה
בערקאַן נחום בן משה
גאָטליב רייע (אומגעקומען)
געגשטיין מאַטע
דרייזענשטאָק ראובן
ווייסמאַן ראשע
ווינשטיין משה בן לייב (אומגעקומען)
וואַנט לייב
זעלדין טוליע
זאַק פסח
חדש הירש
חדש טאַנע
חפץ מלכה בת יעקב־שמואל
חפץ ברכה בת יעקב־שמואל
יונגעלסאָן שלום
יונגעלסאָן ראובן
לעוויט מיכאל
לעוויט רפאל
לעקאַך נחום ד״ר
לעקאַך — זיין פרוי (אומגעקומען)
לעדערמאַן מאָטקע בן גרשון
מירמאַן משה
מלמד אסתר
מלמד רבקה
מילקין רחמיא (אומגעקומען)
סאָלאָווייטשיק שמעון בן מוליע
סאסמאַן שפרה — טאָכטער פון לייבל ראַפּאַפּאָרט
סאסמאַן ישעיה — איר מאַן (אומגעקומען)
סלאָבאָדקין הירש
סראַגאָוויטש אבא בן חיים (אומגעקומען)
סראַגאָוויטש חיים־הערץ — איטשע סראַגאָוויטשס אייניקל
פייגעל מיכאל (אומגעקומען)
פייגעל סאָניע
פרידמאַן יעקב
פייגעל משה
פינטאָוו לוסי (אומגעקומען)
צמח שמעון
צמח פישל
צאַלקינד מענדל
צאַלקינד — זיין טאָכטער
קראַוט מאָטע
קאַץ זלמן־בער
קאַץ ליבע
רודערמאַן יעקב
ראַבינאָוויטש קלמן בן מאיר
ראַפּאַפּאָרט לייב בן דוד
אייגעס דוד
איזראַילעוויטש הירש
באַדניעוו סאָניע
בערקאַן יוסף
בלאַט יצחק בן לייב (אומגעקומען)
בליאַכמאַן מאיר בן בנימין
גאַרדאָן אליהו
גיטעלזאָן בנימין בן יצחק־משה
גיטעלזאָן סאָניע — פרוי פון בנימין
גיטליץ רפאל
געלמאַן אבא בן שמואל־ניסן
דימענטשטיין דינה — טאָכטער פון חיים—חנה פידעלהאָלץ
זינגער נחום און מירע, און זייערע צוויי טעכטער
זעלדין שמואל
חדש לאה
חפץ משה־יצחק בן יהושע
טרייסטער חנה־עסקע בת יצחק
יחילציק שלמה בן דוד
כץ ראובן בן מענדל
כץ אסתר בת משה
לעווין רפאל בן דוד (אומגעקומען)
לעוויטאַן אהרן

לעוויטאַן אברהם זיין זון
לאַימאַן דוד
מילכמאַן זלמן
מילכמאַן ראַיע זיין מיטער
מינדעל יצחק (אומגעקומען)
מעלער מייטע
מאַרקמאַן מאָטע
סאַלאָווייטשיק ציפּע בת משה
סווידלער מוליע (אומגעקומען)
סאָסנאָוויק פּסח
סאָסנאָוויק ליפּשע
עטמאַן לייב (אומגעקומען)
פייגעלסאָן זלמן
פייגעלסאָן דן
פייגעלמאַן שרה בת קאָפּל
פייגעלמאַן אבנר
פריידקין הערץ
פליסקין דוד
צעפּעליעוויטש אברהם (אומגעקומען)

צעפּעליעוויטש פּעסי
קאַצאָוויטש בער — אייניקל פון משה קאַצאָוויטש
קאַצאָוויטש איזיאָ
קרעמער צאלע (אומגעקומען)
קאָסאָווסקא מינע
ראַיאַק מיכאל
ראַיאַק צבי
ראַפּאָפּאָרט זלמן
ראַפּאָפּאָרט רחל בת דוד
שפּאַרבער ישראל בן זלמן
שפּאַרבער איידליע בת זלמן
שאַפּירא בארקע בן יוסף (געפאַלן)
שאַפּירא לייב
שוב אברהם — שמואל־ניסן געלמאַנס פּלימעניק
שפּירא ליפּא בן יוסף
שפּירא מיכאל בן יוסף
שרירא אָליע — פּאדנאס יקותיאלס טאָכטע
שרידא — איר מאַן



גלובאָקער סטאָלער־וואַרשטאַט



לערן־וואַרשטאַט פאַר דאַמען־שניידעריי ביים „אָרט"



אַ גאַס אין גלובאָק



אַ גאַס אין גלובאָק



אַ גאַס אין גלובאָק



אַ גאַס אין גלובאָק



אַ גאַס אין גלובאָק.



גלובאָקער פייערלעשער.



ביים ברודער־קבר פון די גלובאָקער יידן



גלובאָקער יידן באַגלייטן צום באַן דעם לובאַוויטשער רבין.



אַ גרופּע גלובאָקער יוגנט



גלובאָקער מכבי



מאַנדאָלין - אָרקעסטער



חתונה פון דעם גלובאָקער ישראל חאַנאָוויטש אין אַמעריקע



קְן השומר הצעיר



השומר הצעיר



דער שוחט בן־ציון חאַנאָוויטש, זיין פרוי און קינדער



◈

מיכאַל און צבי

ראַיאַק

אין פאַרטיזאַנקע

◈



אַ גרופּע קינדער פון קינדער־גאָרטן ביי דער שול



אַ גרופּע תלמידות פון דער העברעאישער שול



דער ברודער־קבר פון די
גלובאָקער יידן



אליהו (עליע) דער שמש



געזעלשאַפטלעכער טוער פון גלובאָק.
פאָרזיצער פון דער פייערלעשער־
קאָמאַנדע.

# חורבן שאַרקויסצענע

## געאָגראַפישע פּאָזיציע

דאָס שטעטל שאַרקויסצענע Szarkowszczyzna געהערט צו ווייסרוסלאַנד. מען רופט די געגנט אויך קרעסן. אין דער אמתן אָבער געהערט דאָס שטעטל צו דער יידישער ליטע. הגם די שאַרקויסצענער יידן האָבן קיין וואָרט ליטוויש נישט געקענט זיינען זיי דאָך געווען עכטע ליטוואַקעס. פאַררעכנט איז דאָס שטעטל געווען צו ווילנער גובערניע, דיסנער קרייז (אויעזד). שפּעטער האָט מען עס צו־געשריבן צו גלובאָקער קרייז. דאָס שטעטל געפינט זיך 30 קילאָמעטער פון גלו־באָק, 50 ק״מ פון דיסנע, 60 ק״מ פון ברעסלאָוו און עס ליגט ביי אַ שמאָל טייכל, דיסענקע, וואָס פאַלט אַריין אין דער דווינע. אין פרילינג פלעגט מען איבער דעם טייכל פירן פליטן האָלץ קיין דווינסק און ריגע. דאָס אָרט ווו דאָס שטעטל גע־פינט זיך איז אַ פלאַכס, מען זעט נישט אין דעם אַרום קיין בערגל, די ערד איז ערטערווייז ליימיק. בעת די גרויסע רעגנס אָדער בעת דער שניי גייט אָפּ ווערן די וועגן אַזוי פאַרגאָסן אַז מען קען מיט קיין פור נישט דורכפאָרן. דאָס שטעטל פלעגט זיך דעמאָלט געפינען ווי אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט. צובריינגען סחורה פלעגט מען דערהויפּט פון דווינסק, דיסנע, פּאָלאָצק. שפּעטער איז צוגעקומען די באַנסטאַנציע וואַרפּאַיעווע, 25 ק״מ פון שטעטל, פונוואַנען מען פלעגט פאָרן קיין ווילנע. אין 1910 האָט די צאַרישע, רוסישע רעגירונג גענומען בויען אַ שאָסיי, וואָס האָט אויך געדאַרפט דורכשניידן וואַרפּאַיעווע. אויסגעבויט האָט מען אָבער ניט מער ווי זיבן ק״מ ביזן פריץ רודזשינסקיס הויף, דערמיט איז דאָס ערגסטע שטיק וועג באַפרייט געוואָרן פון זומפּן און בלאָטעס. בעתן בויען דעם שאָסיי האָבן יידן אַ פּאָר יאָר געהאַט אַרבעט. אַ סך האָבן געפירט זאַמד פון ברעג טייך אויף אָנצושיטן דעם שאָסיי.

צו יענער צייט (1910) האָט מען אויך אויסגעברוקירט די איינציקע לאַנגע גאַס, וואָס האָט דורכגעשניטן דאָס שטעטל און דעם מאַרק. די גאַס האָט זיך דעמאָלט געענדיקט ביים ברעג טייך, פונוואַנען מען פלעגט אַריבערפאָרן אויף יענער זייט מיט אַ פּאַראָם. דער פּאַראָם איז געווען אַ הילצערנער און מען פלעגט אים ציִען מיט אַ שטריק. ווען דער טייך פלעגט אַרויס פון זיינע ברעגעס פלעגט

מען אויפן פאַראָם נישט קענען פאָרן. אַזוי פלעגט איין זייט שטעטל אויף עטלעכע טאָג אָפּגעשלאָסן ווערן פון דער אַנדערער זייט. מער האָט געהאַט אָנגעהויבן בויען אַ בריק, אויףביידע ברעגן טייך, ווו דער פאַראָם איז געגאַנגען, האָט מען אָנגעשאָטן הויכע בערג מיט ליימיקער ערד. מען האָט אָבער דאָס בויען נישט פאַרענדיקט. בעת די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן האָט מען אויפגעשטעלט אַ בריקביים אָנהייב פון שאָסיי, ס׳הייסט ביים אַריינפאָרן אין שטעטל אַריין, אַרום שטעטל האָבן זיך געפונען וועלדער, איינעם פון וועלכע מען פלעגט רופן דער זווערינעץ. אַהין פלעגט די יידישע יוגנט גייען פאַרברענגען די יום־טובים.

די יידישע באַפעלקערונג אין שאַרקויסצענע איז באַשטאַנען פון 1000 נפשות. עס זיינען געווען ביי 500 קריסטלעכע נפשות.

## גאַסן אין שטעטל

דער צענטער פון שטעטל איז געווען דער מאַרק, וועלכער האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ לאַנגן קאַסטן. אַלע קראָמען האָבן זיך דאָרט געפונען. אַלע שטיבער פון שטעטל זיינען געווען הילצערנע חוץ עטלעכע געציילטע ציגלנע מויערן. דער מאַרק איז נישט געווען ברוקירט און נאָך אַ רעגן פלעגט מען אים נישט קענען דורכגיין. שפּעטער האָט מען ביי די שטיבער און קראָמען געמאַכט טראָטואַרן פון ברעטער.

פון דעם מאַרק האָבן זיך געצויגן פינף גאַסן, די לענגסטע פון זיי איז געווען דיסנער גאַס. זי האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם הויז פון אסתר איצעס חידקל וואָס האָט געהאַלטן אַן אכסניה. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די אַפּטייק. דאָס איז געווען די ערשטע גאַס צום אויסברוקירן. דורך איר פלעגט מען מיטן שאָסיי אַריינפאָרן אין שטעטל אַריין. אויף אָט דער גאַס האָבן געוווינט אַרום צוואַנציק יידישע און אַ פופציק קריסטלעכע משפּחות. דורך דיסנער גאַס פלעגט די יוגנט, אום זומער ,אַרויסגיין, אין די שבתים און יום־טובים, שפּאַצירן מחוץ דעם שטעטל און זיך לאָזן דורך די גרינע פעלדער צום קריסטלעכן מאָהילניק. נאָענט פון דאָרט, ווו די יידישע יוגנט פלעגט אַזוי ליב האָבן צו שפּאַצירן, געפינט זיך איצטער דער ברידער־קבר ווו עס ליגן אַ גרויסער טייל פון שאַרקויסצענער יידן וואָס דער בלוטיקער שונא האָט אַזוי אכזריותדיק אויסגעשאָכטן.

געווען אין שטעטל צוויי שולן, די אַלטע שול און די נייע שול. דאָס גרויסע ליידיקע פּלאַץ וואָס האָט זיך געפונען אַרום די שולן האָט מען גערופן דער שול־הויף. אויף דעם שול־הויף פלעגט מען שטעלן אַלע חופות פון שטעטל. פירן צו דער חופה די חתן־כלה פלעגט מען געוויינלעך צופוס. נישט בלויז די מחותנים נאָר דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט גיין צו דער חופה און אין אַלע פענצטער פון די שטיבער פלעגט מען אָנצינדן ליכט. גוט איז געווען ווען די חתונה פלעגט אויספאַלן אין אַ טרוקענעם וועטער. שלעכט אָבער איז געווען אויב עס איז אויסגע־

פאַלן אום האַרבסט אָדער נאָכן צעגייַין פון דעם שניי. מען פלעגט אין דער פינצ־טער טאַפּטשען זיך אין דער בלאָטע, די מענער פלעגן טראָגן שטיוול, די פרויען פלעגן פאַרלירן די שיך, די קלעזמערס אין שפּיץ פון דער חתונה־פּראָצעסיע פלעגן אויסשפּילן זייערע מאַרשן און די געשרייען האָבן פאַרהילכט דאָס שטעטל. נישט ווייט פון שול־הויף איז געווען די באָד.

קיין לאַנגע גאַסן זיינען מער נישט געווען אין שאַרקויסצענע, נאָר געסלעך. איינס פון די כאַראַקטעריסטישע געסלעך האָט מען גערופן „די שניידער גאַס". זי איז באַשטאַנען פון זיבן הייזער, דאָס איז געווען אַ ירושה וואָס דער שניידער לייב שולקין האָט איבערגעלאָזט זיינע קינדער. אַלע זיינען זיי געווען שניידערס. ווען דער טייך פלעגט זיך פאַרגיסן, פלעגט ער פאַרטרינקען זייערע הייזער.

דער בית־עלמין האָט זיך געפונען ווייט אונטערן שטעטל ביים ברעג טייך. דאָס פּלאַץ אַרום איז געווען ליימיק. מיט גרויס שוועריקייט פלעגט מען אַהין צוקומען. מען האָט געדאַרפט אַריבערגיין אַ בריקל וואָס פלעגט כמעט תמיד זיין צעבראָכן. גאָר אָפט פלעגט עס דאָס וואַסער פאַרטראָגן און מען האָט געמוזט מאַכן אומוועגן אויף צו קאָנען אַריבערגיין דעם גראָבן. פון דעם בית-הקברות האָט מען געקענט זען, אַז שאַרקויסצענע איז געווען אַן אַלט שטעטל. עס איז געשטאַנען דאָרט אַן אַלטער אוהל. צום באַדויערן איז קיינעם נישט איינגעפאַלן אָפּצושרייבן דעם טעקסט פון די מצבות. ביים בית־עולם האָט געוווינט אַ ייִד, ירמיה־לייב האָט ער געהייסן, וואָס איז געווען אי דער קברן אי דער בעדער. אַן ערלעכער ייִד געווען.

## דאָס שטעטל ביז 1914

### די פּרנסות

די קרעמערס האָבן געלעבט פון די מאַרק־טעג וואָס פלעגן פאָרקומען יעדן דאָנערשטיק. פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן ברענגען זייערע פּראָ־דוקטן צום פאַרקויפן און גלייכצייטיק פאַר דעם אָפּגעלייזטן געלט איינהאַנדלען סחורה פאַר זיך: קליידער, עסנוואַרג און אַרבעטס־מכשירים. זיי פלעגן ברענגען צום פאַרקויפן אַלערליי תבואות: קאָרן, גערשטן, האָבער, ווי אויך פלאַקס, קאַר־טאָפל, עופות, אייער, פּוטער, קי קעלבער און שעפּסן. ווינטער פלעגן די פּויערים ברענגען האָלץ און היי.

אַ חשובן פּלאַץ האָט פאַרנומען דער מסחר מיט פלאַקס. ייִדן פלעגן אַרומ־פאָרן איבער פּריצישע הויפן און איבער דערפער אויפצוקויפן דעם פלאַקס, נישט וואַרטנדיק אויפן מאַרק־טאָג. טייל ייִדן, די רייכערע פאַרשטייט זיך, האָבן געהאַט גרויסע שפּייכלערס, ווו מען פלעגט אָפּלייגן דעם אָנגעקויפטן פלאַקס. אים אויסרייניקן, אויסאָרטירן, פּאַקן אין ריזיקע פּעק און דערנאָך אָפּשיקן צום באַן. אַ סך ייִדן האָבן ביי דעם געאַרבעט, סיי ווי שוואַרץ־אַרבעטער און סיי ביים

טרעפלען און פּאַקן דעם פלאַקס, ווי אויך ייִדן בעלי־עגלות וואָס האָבן אָפּגעפירט די פּעק צו דער באַנסטאַנציע. די אַרבעט אַרום דעם איז אָנגעגאַנגען כמעט דאָס גאַנצע יאָר. דער פלאַקס־מסחר איז געווען די גרעסטע אונטערנעמונג אין שטעטל.

מען האָט אויך געהאַנדלט מיט תבואות, פּי און פּעל. געווען אויך עטלעכע פּרוכט־הענדלער. אָנהייב זומער פלעגן זיי אָפּדינגען ביי די פּריצים זייערע סע־דער, וועלכע זיי האָבן אָפּגעהיט אַ גאַנצן זומער. ווען די פּרוכטן זיינען צייטיק געוואָרן פלעגט מען זיי אַראָפּנעמען, פּאַקן אין קאַסטנס און אָפּשיקן אין די גרויסע שטעט קיין רוסלאַנד. דער עיקר פלעגט מען שיקן עפּל און באַרנעס. פאַר דער אָרטיקער באַשפּייזונג איז זייער ווייניק פּרוכטן פאַרקויפט געוואָרן. מען פלעגט עס קויפן בלויז אין סאַמע ברען פונעם סעזאָן.

געווען אין שטעטל אַ סך שניידערס. גאַנצע משפּחות פלעגן די מלאכה אי־בערנעמען בירושה פון דור צו דור. אַ גאַנץ שיינע געסל איז געווען באַוווינט פון שניידערס, קליין און גרויס האָבן געאַרבעט ביי דעם פאַך. דאָס רוב האָט מען גענייט פאַר די פּויערים אין די דערפער. געווען אַזוינע וואָס פלעגן אַ גאַנצע וואָך אַרומגיין איבער די דערפער און נייען אָדער פאַרלאַטען די פּויערשע מלבו־שים און נאָר אויף שבת פלעגן זיי אַהיימקומען. געווען אָבער אויך שניידערס וואָס האָבן גענייט פאַר ייִדן, דער עיקר פאַר די יום־טובים אָדער חתונה־קליידער. דאָס איז געווען, קען מען זאָגן, דער הויפּט־פאַך אין שאַרקויסצענע.

חדרים זיינען געווען עטלעכע. קיין ישיבה איז נישט געווען. אויב עמעצער האָט געוואָלט לערנען זיינע קינדער פלעג ער זיי שיקן קיין מיר, ווילנע אָדער אַנדערע שטעט. אַ סך פון די וואָס זיינען געפאָרן לערנען, פלעגן זיך שוין נישט אומקערן צוריק אין שטעטל. געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן געשיקט זייערע קינדער אין אַ רוסישער גימנאַזיע פון די אַרומיקע שטעט. פון דאָרט אין אוני־ווערסיטעט. אַזוי האָבן עטלעכע שאַרקויסצענער ייִדן געהאַט קינדער מיט דאָק־טאָר־טיטלען. קיין איינער פון זיי איז אָבער אין שטעטל נישט געבליבן.

דעם כסא־הרבנות אין שטעטל האָט אַ סך יאָרן פאַרנומען דער רב ר׳ רפאל. געווען זייער אַן איידעלער ייִד מיט אַ סך גוטע מידות. די ווייסקייט פון זיין באָרד און די לויטערקייט פון זיין געשטאַלט האָט ביי אַלעמען אַרויסגערופן טיפן דרך־ארץ. ער פלעגט אַלע פאַרנאַכט בין מנחה למעריב לערנען מיט ייִדן אַ בלאַט גמרא. גאָר אַן אַנדערער איז געווען זיין איידעם ישראל, דער דרויער רב, וואָס איז געווען זיין ממלא מקום. ער איז געווען זייער פרום און אויסערגע־וויינלעך ערלעך. ער פלעגט זיך אַליין נישט געטרויען. תמיד האָט זיך אים גע־דאַכט אַז ער נאַרט עמעצן אָפּ. ער האָט מורא געהאַט פאַר אַ פאַלשן רעיון מער ווי פאַר דעם גרעסטן חטא. ער איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע שאַרקויסצע־נער ייִדן. ער איז געגאַנגען פאַרויס פאַר זיין עדה, איינגעהילט אין טלית און אַרומגענומען פון זיין איינציקן זון הירשל, אַ דאָקטער.

די גרעסטע קריגערייען אין שטעטל פלעגן פאָרקומען צוליב שוחטים. גע־וועז דאָרט אַ שוחטס אַ זון, קלמן האָט ער געהייסן, וואָס האָט געוואָלט פאַרנעמען זיין טאַטנס פלאַץ. רבנים האָבן אים אָבער געפּסלט ווי אַ שוחט. פלעגט ער נישט שווייגן און כמעט אַלע שבת מעכב הקריאה זיין און דערמאָנען אַז ער האָט נישט פון וואָס זיך מפרנס צו זיין. עפּעס פלעגט ער אויסקעמפן.

קרעמעריי איז געווען דער געוויינלעכסטער מקור פּרנסה אין שטעטל. מען האָט פאַרקויפט פון אַלץ און פון אַלעמען, פון די בעסטע שטאָפן ביז אַ קלעצל



אַ גרופּע יוגנט ביי דער יידישער שולע.

פּאָדעם. מער פון אַלץ איז אָנגעגאַנגען דער מסחר פון זאַלץ, צוקער, קעראָסין און הערינג. עס זיינען נאָך געווען אַנדערע פאַכן פון וואָס יידן האָבן געצויגן חיונה. בעלי־־עגלות, קצבים, שוסטערס וכדומה. געווען איין פריזירער אין שטעטל, איצע לייב חזן, וועלכער איז אויך געווען דער שטאָט־וויצלינג (זיינער אַ זון און אַ טאָכטער געפינען זיך אין אַרגענטינע).

## די מלחמה פון 1914

אַזוי האָט מען געלעבט ביז 1914. די מלחמה האָט זיך גלייך געלאָזט פילן אין שטעטל. קודם, האָט מען פאַרנומען אין מיליטער די יידישע רעזערוויסטן. נישט געווען קיין איין משפּחה ביי וועמען עס זאָל נישט געווען אַוועק עמעצער־

אויף מלחמה. די געוויינען און קלאָגערייען ביים געזעגענען זיך מיט די נאָענטע האָבן לאַנג אָפּגעקלונגען אין שטעטל. ווען מען האָט שוין געהאַט שלום געמאַכט מיט דעם נייעם מצב האָט זיך די מלחמה גופא דערנענטערט צום שטעטל. דער רוסיש־דייטשער פראָנט האָט זיך אַזוי אויסגעצויגן אַז דאָס דורכגיין פון רוסישן מיליטער איז וואָס ווייטער געוואָרן אָפטער. עס פלעגן פאַרבייגיין רייטער און פוסגייער ווי אויך קאָנוואָיען מיט פּראָוויאַנט. דער גאַנג פלעג זיך אַזוי ציִען, אָפּטמאָל, גאַנצע טעג און נעכט. קיין רציחות אויף ייִדן זיינען נאָך דעמאָלט נישט פאָרגעקומען. דאָס שטעטל איז באַזעצט געוואָרן פון מיליטער און אין יעדער שטוב האָט מען איינגעוואַרטירט סאָלדאַטן. פלעגן זיי דאָס רוב שלאָפן אויף די פּאָדלאָגעס. דער עיקר איז געווען אַ דאַך איבערן קאָפּ.

ביסלעכווייז האָט מען זיך אויך צו דעם צוגעוווינט, הגם דאָס איז צוגעגאַנ־גען שווער. נישט אַלע האָבן געקענט ביישטיין דעם נסיון וואָס דער נייער מצב האָט געשאַפן און נישט ווילנדיק געמומען האַנדלען מיט די סאָלדאַטן. זיי זיינען געווען גוטע קונים. אייניקע האָבן אויך צוגעשטעלט שפּייז פאַר די סאָלדאַטן. עס איז אויפגעקומען אַן אינדוסטריע פון באַקן ברויט פאַר דעם מיליטער. דער־מיט האָבן זיך באַשעפטיקט נישט דווקא בעקערס, נאָר אַ סך באַלעבאָסטעס האָבן זיך גענומען דערצו. דאָס מיליטער האָט גוט געצאָלט. אויך אַנדערע פאַכן האָבן אויפגעלעבט. די שניידערס האָבן שוין נישט געדאַרפט גיין איבער די דערפער זוכן אַרבעט. די אָפּיצירן און סאָלדאַטן האָבן זיי צוגעשטעלט גענוג אַרבעט.

חוץ דעם מאַטעריעלן אויפלעב איז אויך פאָרגעקומען אַ קולטור־אויפריכטונג אין שטעטל. צוליב דער מלחמה האָט מען זיך גענומען באַקענען מיט דער נייער טעכניק. עס האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אין שטעטל פאַרשיידענע מינים אויטאָמאָבילן און אַנדערע חידושימדיקע מאַשינען. מען האָט וואָס אַמאָל מער זיך געמוזט אינטערעסירן מיט דעם וואָס קומט פאָר אויף דער וועלט. די ידיעות פלעגן פאַרשפּרייטן די אָרטיקע אינטעליגענץ וואָס האָט געלייענט צייטונגען. חוץ דעם פלעגן אויך די אָפּיצירן און די סאָלדאַטן דערציילן פון זייערע אייגענע דערפאַרונגען אויף די פראָנטן. אין מאָראַלן זינען איז פאָרגעקומען אַ מין איבער־בראָך אין די מנהגים. דער רעליגיעזער צוים איז לויזער געוואָרן. אַ סך האָבן שוין מער נישט געדאַוונט מיט דער פריִערדיקער התלהבות. די יוגנט האָט גע־פּרוּווט ביסלעכווייז הראָפּוואַרפן דעם עול מלכות שמים. גאָר ווייניקע פון די יוגנטלעכע האָט נאָך געטראָגן פּאות. אין שול פלעגט מען גיין מער צוליב גע־זווינהייט און דרך־ארץ פאַר די עלטערן ווי צוליב אייגענער איבערצייגונג. די יוגנט האָט עפּעס ווי געוואַרט אויף גרויסע געשעענישן וואָס דאַרפן פאָרקומען. און וואַרטנדיק אַזוי האָט אַלץ וואָס מען האָט געטון אויסגעזען נישטיק. די יוגנט האָט זיך דערפילט פריי. פאַרן אַלטן לעבן־שטייגער איז דאָס געווען אַ גרויסע איבעראַשונג.

די רוסישע רעוואָלוציע האָט אין שאַרקויסצענע געדויערט זייער ווייניק, ווייל די דייטשן זיינען באַלד אַריין. זיי האָבן, אויפן דייטשן שטייגער, גלייך אין דער ערשטער וואָך דורכגעפירט אַ צענז פון יעדן איינעמסווירטשאַפט. אַלץ האָט מען געמוזט פאַרשרייבן פּינקטלעך: וויפיל פערד, קי, קעלבער, ציגן און עופות יעדער איינער האָט. מען האָט אויך געמוזט אָנגעבן וויפיל אייער, מילך און אַנדערע פּראָדוקטן יעדער איינער באַקומט אַ וואָך. אָט דער „אומשולדיקער" צענז איז תיכף געוואָרן דער זיכערער וועגווייזער ביי ווען מען קען צונעמען די



די פייערלעשער אין שאַרקויסצענע.

דאָזיקע טייערע פּראָדוקטן. צום „גליק" האָט עס די שטעטלדיקע יידן גאָר ווייניק אָנגערירט, ווייל מער ווי איין קו, פערד אָדער קעלבל האָט כמעט קיינער נישט פאַרמאָגט. אַנדערש איז עס געווען מיט די פויערים אין די דערפער. ביי זיי האָבן זיי מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט צוגענומען אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט. אַלע טאָג פלעגן אָפּגעשיקט ווערן צו דער באַנסטאַנציע קאָנוואָיען מיט פּראָדוקטן ווי אייער, מילך, קעז, עופות, קעלבער, שעפּסן וכדומה.

אויך די דייטשע ממשלה האָט לאַנג נישט געדויערט. עס האָט, אין 1919, אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן די רוסן און די פּאָליאַקן. די מאַכט אין שטעטל איז אָפט איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט ביז די פּאָליאַקן האָבן זיך לסוף באַזעצט דאָרט. פון אָנהייב איז קיינער נישט געווען זיכער מיטן לעבן. ס'איז גענוג געווען מען זאָל אויף איינעם זאָגן אַז ער איז אַ באָלשעוויק מען זאָל אים צונעמען און פון זיין געביין מער נישט וויסן. חוץ דעם האָבן די פּאָליאַקן אַרויס־

געווויזן אַ סאַדיסטישע הנאה ביים שלאָגן ייִדן. אַלץ איז פּאַר זיי געווען קאָנטראַ־באַנד. און קוים האָט מען געפֿינען ביי אַ ייִדן עפּעס פון די אַרטיקלען ווי זאַלץ, צוקער וכדומה, האָט מען עס ביי אים צוגענומען און אים דערביי גוט צעשלאָגן.

## די שרפה

ס׳איז געווען זומער 1920. ביי זלמן שמואל־לייבס האָט זיך אָנגעצונדן די קיך. דאָס פייער האָט זיך באַלד איבערגעטראָגן אויף די דערבייִיקע שטיבער. קיין מיטלען צו לעשן דאָס פייער איז אין שטעטל נישט געווען. די פוילישע סאָל־דאַטן האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און געוואָרפן צינד־באָמבעס אויף יענע ייִדישע הייזער ווו דאָס פייער האָט נישט געגרייכט און אַזוי האָבן זיי באַוויזן אונטערצוצינדן ביידע שולן און די באָד. פון דאָרט האָט זיך שוין דאָס פייער אויסגעשפרייט אויף אַלע אַרומיקע הייזער ביז כמעט גאַנץ שאַרקויסצענע איז אָפּגעברענט געוואָרן. ווען דאָס פייער אויף דער דיסנער גאַס געהאַט געגרייכט די גויעשע הייזער, האָט זיך באַוויזן דער גלח און געבעטן די פוילישע סאָלדאַטן זיי זאָלן אויסלעשן דאָס פייער און זיי האָבן טאַקע פאַרהיט די גויעשע הייזער. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס ס׳האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין שטעטל. דאָס גאַנצע האָב און גוטס איז אַוועק מיטן פייער. בלויז בערגלעך אַש זיינען געבליבן. מען האָט נישט געהאַט ווו דעם קאָפּ אָפּצושפּאַרן און נישט וואָס אין מויל צו נעמען און דאָס געוויין פון די קינדער האָט הימלען געשפּאָלטן.

ביסלעכוויז האָט מען גענומען ווידער אָפּבויען. ס׳איז אָבער אָנגעקומען זייער שווער. דאָס רוב פלעגט מען קויפן ביי די פויערים דעם הילצערנעם סקע־לעט. מען פלעגט עס ברענגען אין שטעטל און עס אויפשטעלן אויפן אָפּגעברענטן אָרט. אַבי מען פלעגט נאָר האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ און ווו זיך אָנצושפּאַרן. פאַרענדיקן בויען פלעגט מען דערנאָך, ווען מען האָט שוין געווינט אינעווייניק.

ס׳איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון וואָס עס זיינען געווען היפּשע קרבנות.

די פוילישע מאַכט האָט אָנגעהויבן מאַכן אָרדענונג און גענומען דריקן מיט אַלץ נייע שטייערן און נייע געזעצן. דאָך האָט מען זיך אויך צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדן. מען האָט געמאַכט פּרנסה.

## די קולטור-טעטיקייט

ס׳איז אויפגעקומען אַ נייע קולטור־באַוועגונג. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ ביבליאָטעק, וואָס דאָס איז געווען אַ נייס אין שטעטל. דאָס רוב ביכער אין ביב־ליאָטעק זענען געווען פון דער נייער ייִדישער ליטעראַטור.

ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט פּיעסן פון באַקאַנטן ייִדישן טעאַטער־רעפּערטואַר. דאָס רוב האָט מען זיך אינס-פּירירט אין דעם וואָס אייניקע מיטגלידער פון דעם קרייז, האָבן געזען אין ווילנע, אייניקע פון די באַטייליקטע זענען געווען: איצקע בערלס מינדעל, דאָדקע בערלס

מינדעל, פייגע מינדעל, פייגע מילנער, מוישקע חזן, זעלדע יודין, לייבקע מינד־לין, זלמן יאַנקעלס טאָכטער, רבקה עסטרין, בורשטיין, הירשקע בערכאָן, שלמה ראובנס יודין. רעזשיסאָר: איצקע מינדלין.

שפּעטער האָבן זיך עטלעכע אָפּגעטיילט און געגרינדעט אַ צווייטן דראַמאַ־טישן קרייז. דער אָנפירער איז געווען דער לערער ראָזשאַנסקי.

שולעס פאַר קינדער זענען געווען צוויי: אַ פאָלקס־שול און אַ תרבות־שול. ס'איז אויך געווען אַ רעליגיעזע שול, וואָס האָט געדויערט זייער ווייניק צייט. זייער אָנפירער איז געווען ישראל צימער און לייבקע מיגדעל.

ביי דער פאָלקס־שול איז געווען אַ געזעלשאַפט וואָס האָט געהייסן „בין". די יוגנט פלעגט זיך אַהין פאַרזאַמלען אַלע נאַכט. מען פלעגט דאָרטן איינאָרדענען אָפט פרייע דיסקוסיעס. מען פלעגט אויך געבן פאָרשטעלונגען. ס'איז געווען אַ כאָר, וואָס פלעגט אויפטרעטן אין דעם זעלביקן לאָקאַל. אַלע הכנסות פלעגן גיין פאַר דער פאָלקס־שול. חוץ דעם פלעגט מען צאָלן שכר־לימוד. קינדער האָבן גע־לערנט לערך אַ הונדערט. דאָס אייגענע איז אויך געווען מיט דער תרבות־שול. אויך זיי האָבן געהאַט ביי 100 קינדער. אויך זיי האָבן געהאַט אַן ענטוזיאַסטישע יוגנט וואָס האָט זיך מיט לייב און לעבן אָפּגעגעבן פאַר דער קינדער־דערציִונג. זייערע הכנסות זענען אויך געווען פון דעם זעלבן מקור. די אָנפירער פון דער פאָלקס־שול זענען געווען איצקע בערל מינדעל, זיין ברודער אשר מינדעל, לייב־איצע עסטרין און אַנדערע. די אָנפירער פון דער תרבות־שולע זענען געווען די ברידער חידקל.

אַן אויפבלי האָט אויף אַלע געביטן אַריינגעבראַכט די נייע באַן־ליניע, וואָס מען האָט דורכגעלייגט אין 1935. די סטאַנציע האָט זיך געפונען אין זווערינ־יעץ. איין קליאָמעטער פון שטעטל. פון יענער זייט טייך. אַלץ איז אָנגעקומען לייכטער. מען האָט שוין מער נישט געדאַרפט פאָרן צענדליקער קילאָמעטער מיטן פור, און דורך בלאָטעס, צו דער באַן־סטאַנציע. אויך האָט מען צו יענער צייט אויסגע־לייגט אַ נייע אייזערנע בריק. די פאַרבינדונג מיט ווילנע איז געוואָרן לייכטער און נעענטער.

די פייערלעשער־אָרגאַניזאַציע האָט זיך געגרינדעט אין 1922. אַ פּאָר יאָר נאָך דער גרויסער שרפה. עס האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן דאָס רוב פון דער יידישער יוגנט. עס זענען געווען אויך קריסטן. אָנפירער פון דעם יידישן צד זענען געווען: הירשקע בערכאָן, ליפּע שוב, צדוק ראָזאָוו און אַנדערע.

# ר׳ יהושע עסטרין

ר׳ יהושע עסטרין איז געווען פון די עלטסטע און רעספעקטירטסטע ייִדן אין שאַרקויסצענע. תורה און מעשים־טובים זענען ביי אים געגאַנגען צוזאַמען. ער איז געווען דאָס וואָס מען רופט אַ „געבראָטענער" ליטוואַק. ער האָט געהאַט אַן אָרגאַנישע פיינטשאַפט צו אַלץ וואָס עס האָט געשמעקט מיט עפּעקט אָדער אויסערלעכקייט. ער האָט פון זיין לעבן געמאַכט אַ הייליקן באַרוף, גלייך ווי ער וואָלט אויף דער זינדיקער ערד געדאַרפט אויספירן אַ שליחות. אים איז דערווי־



ר׳ יהושע עסטרין

דער יעדער איבעריקער וואָרט אָדער זייטיקע רייד. כאָטש ער איז געווען אַ חסיד פון ר׳ שניאור־זלמנס שיטה איז אים פרעמד געווען יעדער התלהבות אָדער דביקות. עס וואָלט ביי אים אויסגעקומען גלייך ווי ער וואָלט געמאַכט חוזק פון זיך. אַזוי איז ער געווען „טרוקן" ביים דאַוונען ווי ביים לערנען. די אייגענע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט איז געלעגן אין יעדער טובה וואָס ער האָט עמיצן געטאָן. אויף צו זיצן ביי זיין טיש האָט מען נישט געדאַרפט קיין איינלאַדונג. עס וואָלט פאַר אים געווען אַ בושה ווען עמיצער וואָלט אין צייט פון עסן אַוועק־געגאַנגען פון זיין שטוב. פאַר אַ פרעמדן אורח איז געווען די איינלאַדונג — „נו, גייט אייך וואַשן", פאַר אַ היימישן איז גענוג געווען דער „נו" אַליין. ווען עמי־צער וואָלט עס נישט פאַרשטאַנען, וואָלט ער אָנגענומען פאַר פריקרע עס צו־

דאַרפֿן איבערחזרן, כאָטש אַליין איז ער קיין מאָל אויף יענעמס אַ שימחה נישט געגאַנגען, ביז מען האָט אים נישט דריי מאָל פֿאַרבעטן.

געשטאָרבן איז ער פֿאַר דעם אויסברוך פֿון דער צווייטער מילחמה.

זיינע פּלימעניקעס זענען די ברידער שלמה און יהושע סוסקאָוויטש.

## ווען די רויטע אַרמיי איז אַריין אין שאַרקויסצענע

דערציילט פֿון די שאַרקויסצענער פּאַרטיזאַנער:

חנה חזן־שטיינמאַן, טעווקע מילנער, שכנא שטיינמאַן און ביילקע חדש.

אין האַרבסט 1939 האָט סאָוועטן־רוסלאַנד פֿאַרנומען ווילנע מיט דעם גאַנצן געגנט. אין שאַרקויסצענע איז גלייך איינגעפֿירט געוואָרן דער סאָוועטישער סיס־טעם. די ערשטע פּאָר וואָכן האָט מען די קרעמערס באַפֿוילן צו פֿאַרקויפֿן זייער סחורה צו דעם פּרייז וואָס האָט געהערשט ביז דעם אַריינקומען פֿון דער רויטער אַרמיי. ביים אָנהייב איז געווען גילטיק סיי די פּוילישע זלאָטע און סיי דער רו־סישער רובל. שפּעטער האָט די רוסישע מאַכט אויסגעביטן די פּוילישע זלאָטעס פֿאַר אַ שיבוש און געבליבן איז בלויז דער רובל. דער סוף איז געווען, אַז די קרעמערס זיינען געבליבן מיט די פּאַפּירלעך וואָס האָבן שוין געהאַט אַ קנאַפּן ווערט און די סחורה האָבן „אויסגעקויפֿט" די פּויערים ווי די רויט־אַרמייער. דאָס רוב פֿלעגן די קרעמערס נישט וויסן וואָס פֿאַר אַ פּרייז צו בעטן. אָפּטמאָל פֿלעגן די קונים אַליין שטעלן דעם מקח. אַזוי איז אין משך פֿון אַ פּאָר וואָכן ליקווידירט געוואָרן דער גאַנצער יידישער פֿאַרמעגן.

די אַרבעטער (שניידערס, שוסטערס, קצבים, בעלי־עגלות) האָבן זיך אָר־גאַניזירט אין אַרטעלן (סינדיקאַטן) וועלכע זיינען קאָנטראָלירט געוואָרן דורך דער לאָקאַלער מאַכט. די קרעמערס און די הענדלערס האָבן געזוכט אַרבעט ביי דער רעגירונג. אייניקע האָבן געפֿונען שוואַרץ־אַרבעט ווי טראָגן האָלץ, זאַמד, וכדומה, אַנדערע ווידער האָבן געאַרבעט אין די ביוראָען, אין די דערציִונגס־אַנשטאַלטן אָדער אין דער פּאָליציי.

די צוויי בתי־מדרשים האָט מען צוגעלאָזט. יידן זיינען געגאַנגען אין שול ווי פֿריִער, די יידישע פֿאָלקס־שול און תרבות־שול זיינען פֿון זיך אַליין אויפֿגעלייזט געוואָרן, ווייל עס איז נישט געווען קיין פֿינאַנציעלע מעגלעכקייט זיי אויפֿצוהאַלטן. די פֿריִערדיקע הכנסות וואָס די שול־עסקנים פֿלעגן אַרויסבאַ־קומען פֿון אונטערנעמונגען זיינען אָפּגעפֿאַלן. דער עיקר, ווייל עס איז נישט מעגלעך געווען אויסצופֿירן אַ פּראָגראַם מיט ריין־יידישע נומערן. יעדער אונ־טערנעמונג האָט געמוזט דורכגעפֿירט ווערן מיטן אָנטייל פֿון דער גאַנצער באַ־פֿעלקערונג. במילא האָבן יידן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו מאַכן קיין סעפּאַ־

ראַטע אונטערנעמונגען. אין דער רוסישער שול איז געווען אַ יידישער לערער, געלמאַן, וועלכער פלעגט לערנען מיט די ייִדישע קינדער ייִדישע לימודים איין שעה אין טאָג. דער דירעקטאָר פון דער שול איז געווען נח קאַץ (ברוך־שלום דעם בע־קערס אַ זון).

די ייִדישע ביבליאָטעק האָט פונקציאָנירט ווי פריִער, אָנגעפירט פון דער קאָמסאָמאָל־יוגנט. אונטערנעמונגען פלעגן דורכגעפירט ווערן בלויז אין רוסיש. זעלטן ווען פלעגט מען שפילן אויך ייִדיש טעאַטער.

## דער אַריינמאַרש פון די דייטשן

דאָס לעבן אין שטעטל האָט זיך געביטן דעם 22סטן יוני 1941, ווען דייטשלאַנד איז באַפאַלן רוסלאַנד. די ידיעה, ווי מען קען זיך פאָרשטעלן, האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק אין שטעטל. די רויטע אַרמיי האָט באַלד גענומען אָפּטרעטן. אַ פּאָר טעג איז מען געבליבן אינגאַנצן אָן אַ מאַכט. די פּויערים האָבן זיך געגרייט צו רויבן, זיי פלעגן קומען נעמען ביי ייִדן וואָס זיי האָבן געקענט. איינער אַ פּויער האָט געפּרוּווט איינרעדן די ייִדן זיי זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויף איין פּלאַץ, בעת די דייטשן וועלן אַריין. זיין כוונה איז געווען, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויס־געוויזן, אַז די דייטשן זאָלן באַלד ביי זייער אַריינקום האָבן אַן אויסרייד צו ליקווידירן די ייִדן. דער סוף איז אָבער געווען אַז די דייטשן האָבן יענעם פּויער דערשאָסן דעם ערשטן, ווען זיי האָבן אים אָנגעטראָפן אין גאַס שפּעט אין אָוונט.

צוויי טעג האָבן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער געהאַלטן אין אויס־רויבן דאָס שטעטל. תחילת האָבן די ייִדן אָרגאַניזירט אַ ווידערשטאַנד. ווען זיי האָבן אָבער געזען אַז די רויבער ווערן געשטיצט פון די עטלעכע דייטשן וואָס זיינען שוין געווען אין שטעטל, האָבן די ייִדן איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר און זיך אויסבאַהאַלטן ווו זיי האָבן נאָר געקענט. דאָס איז געווען בלויז די התחלה.

די דייטשע אַרמיי איז אַריין אין שטעטל אָן קאַמף. זיי האָבן זיך דאָרט נישט אָפּגעשטעלט און אַוועקמאַרשירט פאָרויס. טייל סאָלדאַטן האָבן אַפילו אָנגעבאָטן שפּייז און ציגאַרעטן די ייִדן. אַ 20 יונגע חברה זיינען אַוועק מיט די רוסן. די לאָקאַלע מאַכט איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן, מיט אַ וואַך שפּעטער, דורך דער אָרטיקער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די אָנפירערשאַפט איז געווען אַ דייטשע. מען האָט צונויפגערופן אַלע ייִדן, מענער, פרויען און קינדער, אויפן מאַרק. דאָרט האָט גערעדט אַ קריסט אין נאָמען פון די דייטשן. ער האָט זיי אָנגעזאָגט אַז ייִדן מוזן אָפּגעבן דער מאַכט אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן, ווי, למשל, בהמות, עופות, פוטערס, קישנס, מאַטראַצן, מעבל וכדומה. די ייִדן האָבן די אַלע זאַכן געבראַכט צו דער אָרטיקער קאָמענדאַטור, בלויז קעץ האָבן געמעגט בלייבן ביי די ייִדן. אַ הונט איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן אַ ייִדן צו האַלטן.

מען האָט באַפוילן, אַז מענער און פרויען פון צען יאָר זאָלן אָנטאָן צוויי געלע לאַטעס. אויך טאָרן קיין ייִדן נישט גיין אויפן טראָטואַר.

יעדער איינער האָט נאָך געוווינט אין זיין שטוב ווי פריִער. אַלע זיינען געווען געצוווּנגען צו אַרבעטן פאַר די דייטשן. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין רייניקן די גאַסן, וואַשן קאַטשן, פאָדלאָגעס, רייניקן שטאַלן, די פערד א. אַ. וו. אַמאָל האָט זיך אַ דייטש געקענט פאַרגלוסטן און הייסן אויסשיטן קערנער אָדער שטרוי, דערנאָך באַפעלן עס אויפצוקלייבן און דערביי שלאָגן. מען האָט זיך איז־



אַ גרופּע שאַרקויסצענער יוגנט

דיעקעוועט ווי נאָר מען האָט געקענט. איינמאָל האָבן זיי באַפוילן אַרומטראָגן אַרום דער שול אַ געפּגרטן הונט און זינגען און דערנאָך אים באַגראָבן אויפן שול־הויף. די ייִדן האָבן נישט געטאָרט פירן קיין מסחרים מיט קיין קריסט און אפילו נישט רעדן מיט אים. ביים אַריינקומען פון די דייטשן האָבן אַ סך ייִדן אָוועקגעגעבן זייערע חפצים די קריסטן צום באַהאַלטן, די קריסטן האָבן שוין געוואַרט אויף די ייִדנס טויט.

די ייִדן האָבן אויסגעקליבן פאַרשטייער וואָס זאָלן זיי פאַרטרעטן ביי דער מאַכט. פריִער פלעגן די דייטשן כאַפּן די מענער אויף דער גאַס און זיי פירן אויף אַרבעט. האָבן זיי עפּעס געדאַרפט, פלעגן זיי אַריין אין אַ שטוב און צרויבן. ווען דער ראַט איז איינגעשטעלט געוואָרן האָבן די ספּאָראַדישע רויבערייען אויפ־געהערט אויף אַ שטיקל צייט. ווען די דייטשן האָט זיך עפּעס פאַרוואָלט האָבן

זיי זיך געווענדט צום יודענראַט. אַזוי האָט דער יודענראַט געמוזט צושטעלן יעדן טאָג מענטשן אויף אַרבעט. ווינטער איז מערסטן די אַרבעט באַשטאַנען אין רייניקן דעם שניי פון די וועגן. די פרויען און קינדער פלעגט מען נישט לאָזן אַרומוויקלען דעם קאָפּ מיט אַ טיכל. מען האָט אויך געשיקט יידן אין די וועלדער צו האַקן האָלץ, אַראָפּלאָזן פליטן אין טייכל וואָס האָט געפירט צו דער דווינע, זעגן האָלץ אין דערפער ביי וואָס די פינגער זיינען אָפּגעפרוירן געוואָרן, טראָגן זעק אין די מילן וכדומה.

נאָך אין דעם זעלבן יאָר האָט מען אויפגעשטעלט די געטאָ. די געטאָ איז געווען איינגעטיילט אין צוויי נישט קאָמוניקירטע טיילן. דער מאַרק האָט אָפּגע־טיילט איין געטאָ פון דער אַנדערער. תחילת האָט מען שאַרקויסצענער יידן גע־זאָלט אַריבערפירן אין אַ וואַלד לעבן ברעסלאַוו און דאָרט אויפשטעלן באַראַקעס פאַר זיי. דער צופאַל האָט אָבער געוואָלט אַז אין דער קאָמאַנדאַטור זאָל זיך גע־פונען איינער אַ קריסט, מיצעליצע האָט ער געהייסן, וואָס איז נאָך דעמאָלט גע־ווען פריינדלעך צו יידן, האָט ער אויסגעפּועלט אַז יידן זאָלן בלייבן אויפן אָרט און אַז מען זאָל די יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך ברענגען קיין שאַרקויסצענע. ער האָט דערפאַר אויסגעזויגן דאָס בלוט ביי די יידן, צוגערויבט וואָס ער האָט נאָר געקענט.

באַלד האָבן גענומען אַריינקומען פורן מיט יידן פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך. פון פּאַהאָסט, גערמאַנאָוויטש, מאַצולעסצע, רימקעס, האלעווע, קוסני, בילדזשועס און אַנדערע. די פורן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן שול־הויף און דאָרט אַראָפּגעלאָזט די יידן מיט זייער ביסל בעבעכעס. זייער עלנט און צער איז געווען אין לשער. די פרויען און קינדער האָבן אויפגעהויבן אַזאַ געוויין, אַז דאָס שטעטל האָט אויפגעציטערט, מען האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן. ביסלעכווייז האָט מען זיי איינגעאָרדנט אין די יידישע הייזער, ווו מען האָט גע־קענט און ווו מען האָט נישט געקענט. אַזוי האָבן אין איין שטוב, אָפּטמאָל בלויז אין איין צימער, געלעבט פיר און פינף משפחות.

עס זיינען געווען צוויי געטאָס. איין געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן פון איטשע לייב חזנס (דעם פריזירערס) שטוב און האָט זיך געענדיקט מיט שפּריצעס שטוב וואָס איז געשטאַנען ביים בריק. דאָרטן איז געווען אַ טויער דורך וועלכן די דייטשן פלעגן קומען פאַרנעמען די יידן אויף אַרבעט. געצויגן האָט זיך די געטאָ פאַזע דעם טייך ביז הירשקע וועקסלערס הויז. דאָרטן האָבן זיך געפונעןביידע בתי־מדרשים. געדאַוונט האָט מען אין זיי זייער זעלטן, ווייל די מענער פלעגן כאור הבוקר מוזן אַוועק צו דער אַרבעט, אויך שבת און יום־טוב. די טירן און פענצטער וואָס האָבן אַרויסגעקוקט צום מאַרק זיינען געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער און אַרומגעצאַמט מיט דראָט. דער אַריינגאַנג אין געטאָ איז געווען דורך איין טויער וואָס איז געווען ביים בריק. אין אָט דער געטאָ איז געווען ווייניקער יידן ווי אין דער צווייטער (אַ 700 נפשות לערך).

די אַנדערע געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן פון מאָטע בער בערכאָנס שטוב (דאָרטן איז געווען דער יודענראַט) און האָט זיך געצויגן ביזן פעלד, פון איין זייט און פון הירשל בערכאָנס שטוב, איבער דער גאַנצער צערקאָוונע גאַס, ביז אפרים אייטנס שטוב, פון דער צווייטער זייט. די גאַס איז געווען פאַרקלאַפּט מיט ברעטער און אַרומגעצוימט מיט דראָט. דאָרט זיינען געווען ביי די 1200 נפשות.



חנה חזן

פאַרטיזאַנקע מיט אַ גרופּע פריינט

דער בית־עלמין האָט זיך געפונען מחוץ דער געטאָ. אויף צוצוקומען אַהין האָט מען געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש. איז אַ טויט-פאַל פלעגט מען אַזאַ דערלויבעניש קריגן, די לוויה האָט אָבער געמוזט גיין דורך די געטאָס און נישט דורך די פרייע גאַסן.

געשפּייזט האָט מען זיך דאָס רוב פון דעם וואָס מען פלעגט בגנבה אויס־בייטן ביי די פּויערים פאַרשיידענע סחורות, בגדים, כלים, גאָלדוואַרג וכדומה. תמיד האָט זיך אָפּגעזוכט אַ קריסטלעכער שכן, אַ פאַרמיטלער, וואָס פלעגט ביי־

נאַכט אין דער פינצטער אַריבערוואַרפן איבערן צוים אָדער דורכברעכן אַ ברעט און איבערגעבן מעל, קאַרטאָפל, פוטער, מילך און אַנדערע שפייזן. גלייכצייטיק פלעגט ער שוין מיטנעמען די זאַכן וואָס די יידן האָבן פאַר אים צוגעגרייט. אָפיציעל פלעגן די דייטשן אויסטיילן צו 100 גראַם ברויט אויף יעדן מענטשן, קליין און גרויס, אַ טאָג. קיין שום אַנדער שפייז האָט מען נישט געגעבן און דערמיט האָט מען געדאַרפט אויסקומען דעם טאָג. דאָך האָט מען קיין הונגער נישט געליטן, צוליב די שוין דערמאָנטע אַריינגעשמוגלטע שפייז פון דרויסן.

די אָרעמערע משפחות, באַזונדערס די פליטים וואָס מען האָט פאַרטריבן פון די אַרומיקע שטעטלעך, האָבן די היימישע יידן נישט געלאָזט ליידן קיין הונגער. מען פלעגט זיך טיילן מיט זיי מיט דעם ביסל וואָס מען האָט געהאַט. דאָס פלעגן געוויינלעך טאָן די שכנים גופא. עס פלעגט אָבער אויך טרעפן אַז דער יודענראַט האָט זיך פאַרנומען מיט דער הילף פאַר די אָרעמע.

עס איז אויך געוואָרן אַ געוויינלעכע זאַך דאָס אַרויסגנבענען זיך פון געטאָ און אַנטלויפן ווייט פון שטעטל צו אַ באַקאַנטן פויער און ברענגען פון דאָרט עטלעכע זעקלעך קאַרטאָפל, מעל און אַנדערע פּראָדוקטן. דאָס פלעגט מען טאָן פאַרטאָג און אַריינפירן עס דורך דעם געטאָ־טויער, ווו די יידישע פּאָליציי פלעגן עס דורכלאָזן. אויב מען האָט דערפילט אַ סכנה די דייטשן זאָלן אָנקומען פלעגט מען די פּראָדוקטן אַריבערוואַרפן איבערן צוים. צווישן די וואָס פלעגן זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ האָבן זיך געפונען יידן פון פאַרשיידענעם עלטער. עס איז זיי מער ניחא געווען איינצושטעלן דאָס לעבן איידער זען די פאַמיליע ליידן הונגער.

קראַנקע פלעגט דער יודענראַט באַזאָרגן מיט אַ דאָקטער און ווי ווייט מעגלעך מיט רפואות. דער דאָקטאָר איז געווען הירשל ראַבינאָוויטש, דעם רבס זון. וואַסער פלעגט מען דערלויבן צו ברענגען פון טייך בלויז איין שעה אין טאָג. די צוויי ברונעמער וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ האָבן נישט געגעבן גענוג וואַסער. דאָס האָט באַרירט די געטאָ וואָס איז געווען אין יאַרזשעפקע. די אַנדערע געטאָ, ביים ברעג טייך האָט דעם פּראָבלעם נישט געהאַט.

אָט ווי דערשלאָגן מען איז נישט געווען אין געטאָ און ווי דער שאָטן פון טויט האָט נישט אַראָפּגערעדט פון די פנימער, זיינען דאָך קיין קריגערייען נישט פאָרגעקומען.

אין אַ זעקס חדשים אַרום, לערך, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן זאָגן, אַז די וואָס אַרבעטן נישט וועלן מער נישט באַקומען די 100 גראַם ברויט. זיי האָבן, בכן, איינגעטיילטביידע געטאָס אויף צוויי טיילן: איינע אַ נוצלאָזע, די אַנדערע אַן אומנוצלעכע. די אומנוצלעכע איז געווען די וואָס האָט זיך געפונען ביים טייך ברעג. די באַציִונג פון די פויערים האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרערגערט. זיי האָבן איינפאַך געוואַרט אויף די יידנס ירושה.

# די ערשטע קרבנות

אין אַ קורצער צייט אַרום, לערך אַ חודש, זיינען די דייטשן געקומען זוכן — אַ פּנים לויט אַ מסירה — אליהו (עליע) מינדל, צדוק ראָזאָף און אהרן דעם שוסטער. זיי האָבן זיי באַפוילן צו נעמען לאָפּעטעס און אויסגראָבן גריבער לעבן דעם מאָהילניק. דאָרט טאַקע האָבן זיי די דייטשן דערשאָסן און דאָס זיינען געווען זייערע קברים. מען האָט נישט געלאָזט זיי ברענגען צו קבר ישראל. מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען אַרויסגעפירט יעקל באַשעווקין, זלמן־מענדל



שאַרקויסצענער יוגנט.

מושקאַט און נאָך איינעם. מען האָט זיי אויך באַפוילן גראָבן גריבער, נאָר גע־שאָסן האָבן זיי אין דער לופטן. מען האָט זיי דאָס מאָל געלאָזט לעבן. צו מאָרגנס זיינען זיי אָבער ווידער געקומען זיי זוכן און מען האָט זיי פאַרנומען. מער האָט מען שוין פון זיי נישט געהערט, מען ווייסט אפילו נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

דוד פּען און יהושוע, מעשע־זעלדעס מאַן, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים פירן קאָרן אין רודזיקיער מיל און ברענגען פון דאָרט מעל, האָבן אַ פּאָר מאָל געבראַכט אויך פאַר זיך אַ זעקל מעל. איין מאָל האָט מען זיי געפּאַקט. מען האָט זיי תחילת פאַרשפּאַרט אין געטאָ גופא, דערנאָך האָט מען זיי אַוועקגעפירט קיין

מיאָר און דאָרטן דערשאָסן. די דאָזיקע מערדערייען האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די ייִדן. שפּעטער זיינען שוין אַזעלכע מערדערייען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

אַזוי האָט מען געלעבט אין כסדרדיקן טויט־שרעק פאַר דעם וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. עס האָט כמעט קיינער נישט דערוואַרט ער זאָל זיך קענען אויסדרייען פונעם טויט. געוועזן משפּחות וואָס פלעגן זיך אַרויסגנבענען פון געטאָ און גיין צו זייערע באַקאַנטע פּויערים און אָפּזיין דאָרט אַרום אַ וואָך און דערנאָך זיך אומקערן צוריק אין געטאָ. אין יעדער שטוב פלעגט איינער אָדער צוויי בלייבן אויף דער וואַך, האַלטן אַן אויג אַז מען זאָל זיך נישט פּלוצים אַריינרייסן אין די געטאָס און אַלעמען אויסקוילענען.

## די ליקווידאַציע פון שאַרקויסצענער געטאָ

מיטוואָך, דעם 17טן יולי 1942, ערב דער שחיטה, איז געקומען אין שטעטל אַריין פון גלובאָק אַ דייטשער ס. ס. אויף אַ מאָטאָציקלעט, אויף וועלכן ער האָט געהאַט צוגעבונדן אַ פּולעמיאָט. ער האָט גערופן דעם עלטסטן פונעם יודענראַט, הירשקע בערכאַן, און אים באַפוילן ער זאָל פאַר אים צוגרייטן לעדער און גאָלד־וואַרג און געזאָגט, אַז די ייִדן דאַרפן זיך נישט שרעקן, מען וועט מאַכן מאַנעווורעס. דערנאָך האָט ער גערופן און געבעטן מען זאָל אים גלייך געבן וואָס ער האָט געפאָדערט. דאָס איז געוואָרן שטאַרק פאַרדעכטיקט. אַ ציטער איז דורכגעלאָפן איבער ביידע געטאָס.

דאָס גאַנצע שטעטל איז געשטאַנען אויף דער וואַך. מען האָט געזען ווי ביי דער פּאָליציי איז נישט רויִק. דאָרט איז פּאָרגעקומען אַ נישט־געוויינלעכע באַ־וועגונג. די געטאָ פלעגט מען שטענדיק אַליין היטן. דער יודענראַט האָט חושד געווען, אַז די דייטשן גרייטן אַן איבערפאַל אויף די געטאָס, כדי זיי אומצוברענגען. עס איז דעריבער פאַרשטאַרקט געוואָרן די שמירה. מען האָט אַלעמען אָנגעזאָגט צו זיין גרייט.

ביים קאָמענדאַנט פון דער דייטשער פּאָליציי האָט געאַרבעט, ווי אַ דינסט, זלמן צימערס אַ טאָכטער. זי האָט זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם פון קאָמענדאַנטס הויז און פון דאָרט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס איז דאָרט פּאָרגעקומען אין משך פון דער נאַכט. אַזוי אַרום האָט זי זיך דערוווּסט, אַז די פּאָליציי ווערט צוגע־גרייט אומצוברענגען אַלע ייִדן. זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון דאָרט און האָט די פינצטערע ידיעה געבראַכט אין געטאָ אַריין. אַלע זיינען שוין געווען גרייט. ווען מען האָט, דריי אַזייגער פאַרטאָג, דערזען די פּאָליציי לאָזט זיך צום געטאָ־טויער, האָבן די פירער געגעבן אַ באַפעל, אַז ווער עס קען זאָל זיך ראַטעווען אויף וואָס פאַר אַן אופן דאָס זאָל נישט זיין. עס האָבן זיך אַזוי אַרום געראַטע־

וועט פון שאַרקויסצענער געטאָ אַרום 90 פּראָצענט ייִדן. מען איז אין דער נאַכט־פינצטערניש געלאָפן וווהין די אויגן האָבן געטראָגן. אין די געטאָס זיינען פאַר־בליבן בלויז עלטערע קראַנקע און קינדער, וועלכע זיינען נישט געווען בכוח צו לויפן. עס זיינען אויך פאַרבליבן אַ צאָל יונגע מענטשן וואָס האָבן זיך גע־פונען אין דער געטאָ ביים טייך און דאָס האָט זיי געשטערט צו אַנטלויפן. זיי אַלעמען האָט די דייטשע פּאָליציי אויסגעמאָרדעט אויף די ערטער ווו זיי האָבן זיך געפונען. זייער ברודער־קבר געפינט זיך ביים עק דיסנער גאַס, נישט ווייט פונעם מאָהילניק.

די שחיטה איז פאָרגעקומען אין אַ רעגנדיקן פאַרטאָג. דאָס האָט פּאַסירט דאָנערשטיק דעם 18טן יולי 1942 (ג׳ תמוז, תש״ב).



מענדל שולקין, חנהס מאַן,
און זיין ברודער וועלוול



אין עסטרייך, לאַגער ראַנדהאָפען,
אַ הזכרה נאָך אַלע אומגעקומענע

כדי אַרויסצורופן אַ פּאַניק, האָבן די ייִדן גופא אונטערגעצונדן דאָס שטעטל. דערמיט זיינען די ייִדן אויסן געווען אַז די פּויערים וועלכע האָבן שוין געהאַלטן אַן אויג אויף די ייִדן און זיך געגרייט זיי צו כאַפּן, זאָלן האָבן זייערע אייגענע צרות. דאָס איז אפשר געווען דער ערשטער מאַסן־ווידערשטאַנד קעגן די דייטשן. שאַרקויסצענער האָבן זיך נישט געלאָזט אויסקוילען.

די מענער, פרויען און קינדער וואָס זיינען אַנטלאָפן אין יענער נאַכט פון שאַרקויסצענער געטאָ, האָבן זיך צעשפּרייט איבער וועלדער און פעלדער, באַר־וועסע, נאַקעטע, הונגעריקע. די דייטשן האָבן אויף זיי אויך דאָרט געלויערט און יעדן טאָג פלעגן זיי אויף די וועגן און פעלדער צעשיסן די אַנטלויפנדיקע ייִדן. אינגאַנצן באַהאַלטן זיך איז נישט געווען מעגלעך, מען האָט דאָך אויף וועלכן עס איז אופן געמוזט זוכן עפּעס מיט וואָס די נשמה צו דערהאַלטן. און אַזוי פלעגן די אַנטלאָפענע געפונען דעם טויט. די גאַנצע אַרומיקע געגנט איז פול מיט קברים פון שאַרקויסצענער ייִדן.

די לעבנגעבליבענע האָבן מער ווי צוויי חדשים נישט געקענט אויסהאַלטן. עס זיינען אָנגעקומען די קעלטן, דאָס וואַלגערן זיך אונטערן פרייען הימל האָט

אויסגעמוטשעט, אַ סך זיינען קראַנק געוואָרן, אייניקע זיינען געשוואָלן געוואָרן. מען האָט געמוזט זוכן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָט מען זיך ביסלעכוויז אַריבער־געקליבן אין גלובאָקער געטאָ. אין די פעלדער זיינען געבליבן בלויז עטלעכע יונגע בחורים וועלכע האָבן באַשלאָסן גיכער צו ראַנגלען זיך מיטן טויט איידער צו גיין אין געטאָ. דעמאָלט זיינען נאָך אין די פעלדער נישט געווען קיין אָרגאַ־ניזירטע פּאַרטיזאַנער. די ערשטע רוסישע פּאַרטיזאַנער זיינען אָרגאַניזירט גע־וואָרן סוף 1942.

וועגן די שאַרקויסצענער ייִדן וואָס זיינען געקומען אין גלובאָקער געטאָ, דערציילן די ברידער ראַיאַק. עס וועט נישט איבעריק זיין עס איבערצודערציילן:

אין שאַרקויסצענע, אַ שטייגער האָבן זיך דעמאָלט, אַ דאַנק דעם יודנ־ראַט, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף דער וואַך און מיט אַ באַ־זונדער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעקוקט און נאָכגעשפּירט די מעשים און כוונות פון די דייטשן און פּאָליציי, געראַטעוועט פון שטעטל איבער 50 פּראָצענט ייִדן. דער דעמאָלטיקער יודנראַט, דערמאָנענדיק אים לשבח, איז געווען כמעט דער איינציקער אין דעם געגנט, וואָס האָט באמת אָפּגעשאַצט די לאַגע, נישט נאַרנ־דיק זיך און די באַפעלקערונג, און איז געשטאַנען אויף זיין הויך צו ראַטעווען ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך געווען. להיפוך צו אַנדערע יודנראַטן, האָט דער שאַרקויסצענער יודנראַט, נישט נאָר נישט באַרויקט די ייִדן מיט שלום יהיה לכם, זיי גרינגער געמאַכט אויף זייער געמיט מיט הבטחות, נישט נאָר ניט פאַר־זיכערט זיי, אַז זיי זיינען ביי די דייטשן „בני יקירים" אויסנאַמען און דעריבער וועלן זיי לעבן בלייבן, נאָר פאַרקערט, — זיי האָבן געהאַלטן אין איין וואָרענען, אַז די לאַגע איז אַן ערנסטע, אַ באַדראָענדיקע: אַז די דייטשן וועלן זיי אומברענ־גען, אַז אַ שחיטה אויף שאַרקויסצענער ייִדן איז אומפאַרמיידלעך א"אַ. דערי־בער מוז יעדער זיין אויף דער וואַך. די דייטשן מיט זייערע באַרויקונגען זיינען נאָר אויסן אָפּצונאַרן און מען טאָר זיך אויף זיי נישט פאַרלאָזן. מען מוז זיין גרייט צום לויפן אין יעדן מאָמענט, וועלכער קען קומען אינגאַנצן אומגעריכט.

אין יענע טעג, ווען די ס"ד־לייט האָבן זיך אַרומגעדרייט אין גלובאָק און אין געגנט, האָט דער שאַרקויסצענער יודנראַט נאָך פאַרפּילפּאַכט זיין נאָכשפּי־רונג נאָך דער טעטיקייט פון דער דייטשישער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. דאָ דאַרף דערמאָנט ווערן לשבח דער יודנעלטסטער הירש בערכאַן, וועלכער האָט מיט אַ באַזונדער שאַרפן בליק, מיט אַ באַזונדער שפּירעוודיקייט באַמערקט די הכנות פון די מערדער. ערב דעם בלוטיקן טאָג האָט ער פון אַ „אינטים־פריינט־לעכן" געשפּרעך מיטן אָבערוואַכמייסטער, הייט, פאַרשטאַנען די צילן, צוליב וועלכע דער לעצטער איז געקומען פון גלובאָק קיין שאַרקויסצענע. הייט האָט געזאָגט בערכאַנען, אַז ער איז געקומען אַהער דורכפירן „מאַנעווערן", וועלכע וועלן דאָ פאָרקומען אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי און ער איז אויסן אים צו

וואָרענען וועגן דעם, אַז די ייִדן דאַרפן זיך נישט שרעקן. זיי וועט קיין זאַך נישט געשען.

דאָס איז שוין געווען אַ געַנוגנדיקער סיגנאַל און דער יודנראַט האָט שנעל אַלעמען אָנגעזאָגט זיי זאָלן זיין גרייט... יענע נאַכט איז קיינער נישט געשלאָפן. פון די בוידימער און אַנדערע אויסשפּיר־ערטער האָט מען אָן אויפהער כסדר אַכטונג געגעבן, וואָס עס פּאַסירט אין גאַס, ווער ווו עס גייט, ווער וואָס עס טוט.

ווען מען האָט באַמערקט אינדערפרי, אַז די זשאַנדאַרמען און פּאָליציאַנטן זענען אויפגעשטאַנען פריִער ווי געוויינלעך און זיינען מער ווי אַלעמאָל פאַרטון — זיי לויפן באַוואָפנטע אַרום אין זשאַנדאַרמעריע און צוריק, סודען זיך צווישן זיך אאַ״וו, האָט דער יודענראַט אָפּגעשאַצט די לאַגע פאַר געפערלעך און האָט גלייך פאַראָרדנט אַלע ייִדן לויפן...

די מערדער האָבן פאַרשפּעטיקט. ווען זיי האָבן אַרומגערינגלט די געטאָ זיינען שוין כמעט צוויי דריטל געווען הינטערן שטעטל. ווען מיט אַ האַלבע שעה שפּעטער זיינען אויף מאַשינען אָנגעפאָרן די ס״ד, האָבן זיי שוין אין געטאָ מער ווי אַלטע, קראַנקע און קינדער נישט געפונען. די ייִדן האָבן זיי דאָס מאָל אָפּגענאַרט...

פאַר דער צעיושעטער דייטשער חיה איז פאַרבליבן אַ צו קנאַפּע פּאָרציע ייִדיש בלוט. זיי זיינען געווען צעצונטערט פון דער ייִדישער „חוצפּה״. די נכפה האָט זיך אין זיי נאָכמער צעפלאַקערט. זיי זיינען געקראָכן פון דער הויט. אַזוי אויסגעלאָכט צו ווערן! היתכן? די ייִדן זאָלן זיי איבערכיטרעווען, אָפּנאַרן! זייער אַקציע אין שאַרקוירסצענע איז דורכגעפאַלן. אַ צו קליינע דאָזע ייִדישע בלוט איז זיי פאַרבליבן אויסצוזויפן.

דאָך האָבן זיי נאָך נישט געהאַלטן פאַר פאַרשפּילט אינגאַנצן. זיי האָבן אויטאָס, זיי האָבן געווער, זיי זענען גענוג שטאַרק און ווילן זיך נאָך אַן עצה געבן מיט די שטעטלדיקע פאַרחושכטע ייִדעלעך.

נאָכן אויסמאָרדן אויפן אָרט די זקנים, זקנות און קינדער, וואָס עס האָט נאַטירלעך ביי דער דייטשער בריהשאַפט אומצוברענגען מענטשן נישט לאַנג געדויערט, האָבן זיי זיך אַריינגעזעצט אין די אויטאָס און וירדפו אחרי בני ישראל — מען האָט זיך געלאָזט יאָגן נאָך די אַנטלאָפענע ייִדן.

צום אומגליק האָבן זיי פיל ייִדן געכאַפּט און די „פאַרברעכער״ זיינען שרעקלעך באַשטראָפט געוואָרן. איין טויט איז פאַר זיי געווען ווייניק. מען האָט די געכאַפּטע קרבנות אָנגעטאָן אַזוינע יסורים, אַזויפיל געפּייניקט, ווי נאָר די דייטשן זיינען פּעיִק. און ווי ווייט די דייטשע חכמה איז געשטאַנען הויך אין הרגענען און מאָרדן איז שוין געווען באַקאַנט. מען האָט די אומגליקלעכע אויסגעשטאָכן מיט הייסע פּרענטן די אויגן, געשניטן פּשוט לעבעדיקע פלייש, גע־בראָכן די פינגער, געריסן די ציינער (באַזונדער ווער עס האָט געהאַט אַריינגע־שטעלטע גאָלדענע), אויסגעשניטן די צינגער אאַ״וו.

אין יענעם טאָג האָבן זיי אומגעבראַכט ביי אַ 700 שאַרקויסצענער ייִדן פון די פאַרבליבענע אין שטעטל צוזאַמען מיט די געכאַפּטע אויף די וועגן.

אין אַזאַ דערפאָלג — מוז געזאָגט ווערן — האָבן די דייטשן אַ סך מיט־געהאָלפן די אָרטיקע פּויערים, וועלכע האָבן איבערגענומען די ייִדן אויף די וועגן און האָבן זיי איבערגעגעבן אין די מערדערישע הענט. באַזונדער פלייסיק זיינען דאָ געווען די אָרטיקע פּאָליציאַנטן. עס האָט זיך אָבער נישט געענדיקט מיט די 700 קרבנות. די פּאָליציי איז נישט מיד געוואָרן, טעג און וואָכן נאָכאַנאַנד, צו זוכן די באַהאַלטענע און אַנטלאָפענע ייִדן. זיי זיינען געלעגן אין די קוסטעס, אין די וועלדלעך, אין קאָרן ביי די וועגן און געלויערט פון דאָרט אויף די ייִדישע פּליטים.

אַ גרויסע טרייב-קראַפט פאַר דער פּאָליציי און פאַר די פּויערים צו כאַפּן ייִדן איז געווען די חפצים און געלט, וואָס די ייִדן האָבן מיט זיך מיטגענומען. ביי אַ דערמאָרדעטן ייִד פלעגט אַ פּויער געפינען אַ זייגערל, אַ פינגערל, אויער־רינגלעך, אָדער סתם געלט. באַזונדער אַפּעטיט האָבן די מערדער געהאַט צו אַ ייִד מיט גאָלדענע ציין.

די ייִדן האָבן געוווּסט, אַז מען זוכט זיי, מען לויערט אויף זיי און דעריי־בער פלעגן זיי ליגן אין קאָרן, אונטער די קוסטעס, נישט רירנדיק זיך פון אָרט. זיי פלעגן מורא האָבן אַפילו שטאַרקער צו אָטעמען, זיי האָבן נישט געגעסן, נישט געטרונקען, געלעגן אונטערן רעגן, אין קעלט (דער יוני 1942 איז, צום ייִדישן שלימזל, געווען אַ נאַסער און אַ קאַלטער).

ווי ווייט די אָרטיקע פּאָליציי האָט נישט אָפּגעלאָזט איז צו זען פון אָט דעם פאַקט: 5 וואָכן נאָך דער שחיטה איז אַ שאַרקויסצענער ייִד, לייבקע חזן, נישט קענענדיק אַריבערטראָגן דאָס ליידן פון זיינע קינדער, וועלכע זיינען געווען שרעקלעך פאַרשמאַכט פון הונגער, קענן אַלע געפאַרן אַרויסגעקראָכן פון דעם קאָרן און אַוועק קריגן אַ שיסל וואַסער. ווען ער האָט זיך אָנגעבויגן צו אַ בלאָטע אָנשעפּן אין אַ צעבראָכענער כלי וואַסער, איז פון אונטער אַ קוסט אַרויסגעשפּרונגען אַ פּאָליציאַנט און האָט ביי אים געפאָדערט געלט, צוזאָגנ־דיק אים, אַז ער וועט אים דערפאַר לאָזן לעבן... נאָכדעם ווי חזן האָט אים אָפּ־געגעבן אַ טייל פון זיין געלט, האָט דער פּאָליציאַנט אין אים אויסגעשאָסן און האָט אים שווער פאַרוואונדעט. מיט די לעצטע כוחות האָט חזן אַרויסגענומען דאָס איבעריקע געלט און עס שנעל צעריסן, כדי דער מערדער זאָל פון דעם נישט נהנה זיין. דער פּאָליציאַנט האָט תיכף אַריינגעשאָסן אין חזנען נאָך אַ קויל און האָט אים פאַרענדיקט.

דאָס האָבן צוגעזען די באַהאַלטענע חזנס פרוי און קינדער. זיי האָבן אַפילו נישט געקענט זיך לייכטער מאַכן זייער ווייטיק מיט אַן אויסגעשריי, מיט אַ קרעכץ. זיי האָבן נעבעך געמוזט שטיקן די טרערן, וויל אַ געוויין, אַ כליפּ, אַ נישט פאָרזיכטיקער שאָרך איז עלול געווען זיי אויפצודעקן. אויב זיי האָבן זיך

צו יענעם מאָמענט אויסגעהיט, האָט זיי אָבער די אכזריותדיקע האַנט שפּעטער געטראָפן.

ווי געזאָגט, זיינען אַ סך פון די אָרטיקע קריסטן געוועזן די בעסטע אויפֿזוכער פון די באַהאַלטענע. יעדער פויער איז דאָך אויסגעצייכנט באַקאַנט מיט די וועגלעך און שטעגלעך, מיט אַלע וועלדלעך און קוסטעס אין זיין ראַיאָן. די געכאַפּטע ייִדן פלעגן זיי גופא אומברענגען מיט פאַרשיידענע געצייג: מיט העק, ריידלס, לאָמען, קירקעס א״אַ, אָדער איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי אָדער דייטשן. דערפאַר פלעגט די פויערים אויסגעדריקט ווערן אָנערקענונג מצד די מאַכט־אָרגאַנען און זיי פלעגן אויך מאַטעריעל באַלוינט ווערן מיט עטלעכע קילאָ זאַלץ, שוועבעלעך, זייף אאַ״וו

אַזוי, למשל, האָט מאַקאַר פון דאָרף פּאַלאַלייקעס געכאַפּט זרח קראַפּיוניק און אים דערמאָרדעט. ער האָט אויך דערהרגעט מאָטקע בודאוו, די משפּחה פון לייזער ראַדאסקאַוויטש האָט ער פאַרטריבן אין טייך און האָט זיי דאָרט דערטרונקען. איינער אַן איינווינער פון הייפל בעדי האָט אָנגעטראָפן אויף דריי ייִדישע פּליטים. ער האָט זיי אַריינגענאַרט צו זיך, צוזאָגנדיק זיי שוץ, און דערנאָך איבערגעגעבן די דייטשן. וואַשטאַי דאַוויד האָט אַריינגענאַרט צו זיך די משפּחה פון ד. פּילדאס מיטן צוזאָג אויסצובאַהאַלטן זיי און האָט זיי שפּעטער איבערגעגעבן די דייטשן. ער האָט צו זיך אויך פאַרנאַרט אַ קליין ייִנגל עסטרין און אַליין אים דערמאָרדעט מיט אַ האַק.

אינמיטן אַזויפיל אכזריותן זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן די ברידער סטאַנקעוויטש מאַריאַן און אַדאָלף פון באַרסוטשינע, וועלכע האָבן געהאָלפן די ייִדן אין זייער עת־צרה. זיי האָבן זיי געהאָלפן באַהאַלטן זיך פון די דייטשע מערדער, געשפּייזט זיי און אָנגעוויזן ערטער ווו צו באַהאַלטן זיך, וווהין צו אַנטלויפן.

צום גרויסן שבח דאַרף אויך דערמאָנט ווערן איינער סטאַנקעוויטש אין יענעם געגנט, וועלכער האָט זיך פּשוט מקריב געווען, כדי צו ראַטעווען ייִדן. דערוויסנדיק זיך, אַז ביי סטאַנקעוויטשן קען מען געפינען אַ מקום מקלט, האָבן זיך די ייִדן צו אים אַ לאָז געטון פון אַלע זייטן. ער האָט זיי באַהאַלטן ווו נאָר ער האָט געקענט — אין די קליטן, אין שייער, אויף די בוידימער, ווי אויך ביי זיינע באַקאַנטע, צו וועמען ער האָט געהאַט צוטרוי. עסן פלעגט ער געבן נישט בלויז די וואָס האָבן זיך צו אים געווענדט, נאָר ער פלעגט אויך טראָגן שפּייז צו ייִדן אין וואַלד, אין קאָרן, אויב ער האָט נאָר געוווּסט ווו זיי ליגן באַהאַלטן. נישט איין ייִד איז דעמאָלט אַ דאַנק אים געראַטעוועט געוואָרן.

דער גרויסער גומל חסד, דער ייִדישער רעטער סטאַנקעוויטש איז צו שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אין געגנט ווי אַ ייִדישער פאַרטיידיקער און דאָס האָט נישט געטויגט. ווי געזאָגט, האָט דער גרעסטער טייל פויערים אין געגנט, זייער אַ סך מיטגעהאָלפן די דייטשן אין זייער אויסראָטן די ייִדן, און צוליב דעם האָבן אָרטיקע

באַקאַנטע פויערים באַשלאָסן אָפּצוראַמען סטאַנקעוויטשן פון וועג... די דאָזיקע „גוטע שכנים”, אויסשפּירנדיק איין מאָל, אַז ביי סטאַנקעוויטשן אין באָד זיינען באַהאַלטן זיבן ייִדן און אויפן בוידעם פון זיין וווינונג צוויי ייִדן, זיינען אַוועקגע־פאָרן אין שאַרקויסצענע און וועגן דעם געהיים דערטראָגן דער דאָרטיקער פּאָליציי, וועלכע איז צוזאַמען מיט דער זשאַנדאַרמעריע תיכּף אומגעריכט אָנגעקומען צום אָרט פון „פאַרברעכן” און האָבן אונטערגעצונדן די באָד פון אַלע זייטן. פון די זיבן באַהאַלטענע דאָרטן ייִדן איז באַלד געוואָרן אַ קופּע אַש — די ביינער זיינען כמעט נישט קענטיק געווען. זיי זיינען אויך אַוועק צו סטאַנקעוויטשן אין הויז זוכן ייִדן. סטאַנקעוויטש, וועמענס נאָמען דאַרף באמת פאַרצייכנט ווערן אין די זכרונות פון אונדזערע בלוטיקע בלעטלעך מיט גאָלדענע אותיות, האָט דאָ אַרויס־געוויזן אויסערגעוויינלעכן מסירת־נפש. אָנשטאָט אַליין צו אַנטלויפן פון די מער־דער, האָט ער זיך פאַרנומען בעת־מעשה מיט ראַטעווען די ביי אים פאַרבאַהאַל־טענע ייִדן. ער האָט זיי שנעל אַרויסגעלאָזט דורך די פענצטער און אַליין איז ער, צום אומגליק, אַריינגעפאַלן צו די באַנדיטן אין די הענט. די באַנדיטן האָבן אים אַוועקגעפירט אין גלובקאָ, וווּ מען האָט אים דערשאָסן.

דאָס זיינען געווען איינצלנע אָאַזיסן אין דעם גרויסן, וויסטן מדבר.

זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער קריסט לובלינסקי. ער האָט פאַר ייִדן געטאָן זייער אַ סך. ער פלעגט ברענגען אין געטאָ שפּייז, געלט, אויספירן שליחות. ער פלעגט פאָרן פון איין געטאָ צו דער אַנדערער, פאַרבינדן משפחות. ער פלעגט ניט איין מאָל אויסבאַהאַלטן ייִדן ביי זיך און זיי באַזאָרגן מיט אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט. מען האָט אים געמסרט און די דייטשע מערדער האָבן אים דערשאָסן.



אַ גרופּע שאַרקויסצענער יוגנט.




די שטוב פון דעם שאַרקויסצענערס פריזירער איטשע־לייב חזן.
עס שטייט זיין זון אַרקע.

חנה חזן־שט־ינמאַן — פּאַרטיזאַנקע





מ ש ה  ח ז ן

פֿאָטער פון דער פּאַרטיזאַנקע

חנה חזן־שטיינמאַן

## שאַרקויסצענער לעבנגעבליבענע דערציילן...

דערציילט פון חנה חזן־שטיינמאַן, משה חזנס אַ טאָכטער

דעם טראַגישן דאָנערשטיק 18טן יולי (ג׳ תמוז) 1942, פאַרטאָג, האָבן מיר, צוזאַמען מיט אַלע שאַרקויסצענער גענומען לויפן. פונקט אויף צו להכעיס זענען מיין מאַן און מיינע דריי קינדער געשלאָפן. איך האָב זיי געמוזט אויפוועקן. איך האָב די קינדער אפילו ניט געקענט אָנטאָן. האַלב נאַקעטע האָב איך זיי אַרויסגעריסן פון די בעטן און מיר האָבן גענומען לויפן. אָפּגייענדיק אַ פּאָר טריט פון שטוב, האָב איך פאַרלוירן פון אויג מיין מאַן מענדל און די צוויי קינדער — שמואל פון 5 יאָר און ליבע פון 4 יאָר. איך בין געלאָפן מיט מיין מיידעלע פון אַכט חדשים אויף די הענט. די געשרייען און די געוואַלדן האָבן געשפּאָלטן דעם הימל. פון אַלע זייטן האָט מען געהערט ווי יעדער איינער רופט זיינע אייגענע. איך האָב זיך געפונען אויפן וועג צו גלובאָק. מיר זענען געווען אַ גרופּע פון פופציק מאַן. געבליבן זענען אָבער באַלד, אין דעם זעלבן טאָג, בלויז פופצן.

ביים לויפן האָט דאָס קינד שטאַרק געוויינט ביי מיר אויף די הענט. עס האָט געוויינט פאַר שרעק, פאַר קעלט און פאַר הונגער. די ייִדן וואָס זענען מיט מיר געלאָפן, האָבן אויף מיר געשריִען אַז איך זאָל איינשטילן דאָס קינד, ווייל איך וועל ברענגען אַן אומגליק אויף זיי. פון מיין מאַן און די צוויי קינדער האָב איך גאָרנישט געוווּסט. האָב איך איבערגעלאָזט די גרופּע ייִדן און זיך געלאָזט צו אַ כוטאָר, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט. אין כוטאָר האָב איך געטראָפן אַ פּויערטע. זי האָט מיר געגעבן אַ ביסל מילך פאַרן קינד און אַ שמאַטע אויף איינצוּוויקלען דאָס קינד. פאַרשטייט זיך, אַז די פּויערטע האָט מיך ניט געלאָזט בלייבן קיין איבעריקע מינוט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט מורא פאַר איר אייגן לעבן. האָב איך זיך געלאָזט צוריק צום וועג. איך האָב זיך געזעצט ביי אַ שאָסיי. איך בין געווען זיכער, אַז דאָרט וועלן מסתמא דורכפאָרן דייטשן אָדער פּאָליציי און זיי וועלן מיך באַפרייען. זיצנדיק אַזוי, זע איך ווי עס קומט אַרויס אַ מאַן פון דעם קאָרן, מיט אַ שטעקן אין האַנט. איך האָב געמיינט אַז דאָס איז אַ פּויער וואָס גייט מיך הרגענען. האָב איך דעם קאָפּ ניט אויפגעהויבן און געטוליעט דאָס קינד צו זיך. איך האָב געוואַרט אויפן סוף. ערשט איך הער — מען רעדט צו מיר אויף ייִדיש. איך הייב אויף דעם קאָפּ און זע אַז דאָס איז נתן שולקין (אַלטער שולקינס ברודער, וואָס געפינט זיך אין אַרגענטינע). ער האָט מיך איבערגערעדט, אַז איך זאָל אַוועק פון דעם וועג, ווייל דאָס איז געפערלעך און איך זאָל מיט אים גיין זיך באַהאַלטן אין קאָרן. ער האָט מיר געעצהט איך זאָל דאָס קינד איבערגעבן אַ פּויערטע, זי זאָל עס באַהאַלטן אַ שטיקל צייט, ביז איך וועל געפינען ערגעץ אַ פּלאַץ ווו צו זיין.

מיר זענען געגאַנגען ביים זייט פון קאָרן־פעלדער. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ פּויערשער שטוב און געבעטן, זיי זאָלן נעמען אויף אַ פּאָר טעג דאָס קינד. זיי האָבן מיר אַרויסגעטריבן און געדראָעט אַז זיי וועלן אונדז איבערגעבן דער

פּאָליציי. זענען מיר ווייטער געגאַנגען און אָנגעטראָפן אויף אַ פויערטע. זי האָט אונדז געזאָגט, אַז די פּאָליציי געפינט זיך דאָרט אין דאָרף. ניט ווייט פון דאָרטן האָבן מיר דערזען אַ דאָרפישעביידל. האָבן מיר זיך געלאָזט אַהין. עס האָט גע־רעגנט. האָבן מיר געקלערט אָפּצורוען זיך דאָרט אַ ביסל און ווייטער גיין. מיר זענען אַריין אינעווייניק. מיר האָבן קוים באַוויזן צוצומאַכן די טיר, ערשט מען קלאַפּט. מיר האָבן געהערט ווי עמיצער רעדט יידיש. ס'איז געווען אַ פרוי מיט צוויי קינדער און אַן אַלטע מאַמע. זיי זענען געווען פון פּאָהאָסט. מיר האָבן זיי אַריינגענומען אינעווייניק. נאָך אַ צען מינוט האָבן מיר באַשלאָסן אַז איך און נתן זאָלן גיין זען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. ווי מיר זענען אַרויס אַ צוואַנציק טריט, איז אָנגעפאָרן אַ פור מיט אַ פּאָליציאַנט. ער האָט זיך גלייך געלאָזט לויפן נאָך אונדז. מיר האָבן גענומען לויפן צום דערבייאיקן וועלדל. מיר האָבן געהערט קנאַלן פון אַ ביקס. די ערד לעבן מיר האָט אויפגעריסן. נתן איז געלאָפן אַ ביסל ווייטער פון מיר. איך האָב געזען ווי ער האָט זיך געכאַפּט פאַרן בויך, איז געפאַלן, האָט זיך באַלד אויפגעהויבן און איז געלאָפן אינעם וועלדל. איך האָב זיך פאַרנומען טיפער אין וואַלד. מער האָב איך שוין נתנען נישט געזען. קיין הילף, פאַרשטייט זיך, האָב איך אים נישט געקענט געבן. מיין קינד מיט דער פּאָהאָסטער משפּחה האָב איך שוין אויך מער ניט געזען. איך האָב בלויז געהערט די קולות וואָס האָבן זיך געטראָגן פונעם ביידל.

אַזוי האָב איך אַ חודש צייט אַרומגעבלאָנדזשעט אַליין אין וואַלד. איך האָב נאָר אין די נעכט געזען ווילדע קאַטשקעס. קיין אַנדערע חיות האָב איך דאָרט ניט געטראָפן. מיין גרעסטע מורא איז אָבער געווען צו טרעפן אַ מענטשלעכע חיה. געשפּייזט האָב איך זיך מיט ביטערע יאַגדעס און אַ זויער גראָז. דאָס קלייד וואָס איך האָב געטראָגן איז אויף מיר צעפאַלן געוואָרן אויף שטיקלעך. איך בין אָפּט געווען דורכגענעצט. איך בין אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען, ביז איך בין אין איינעם אַ פאַרנאַכט אָנגעקומען צום ברעג וואַלד. איך האָב באַמערקט אַ פּאַסטוך, האָב איך אָפּגעוואַרט ער זאָל מיך ניט זען. אַז ער איז אַוועק, איז מיר אַנטקעגן געקומען אַ משוגענע פויערטע, זינגענדיק און טאַנצנדדיק. פאַר איר האָב איך זיך ניט דערשראָקן.

איך בין געגאַנגען צום שטיבל וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט. נאָענט לעבן דעם שטיבל האָב איך דערזעך ווי אַ פויערטע טראָגט מילך אין אַן עמער. איך בין צו צו איר נענטער און ביי איר געבעטן עפּעס איבערצובייסן. זי האָט מיר אָנגע־וויזן אויף אַ שייער און געהייסן אַהין גיין. איך בין געגאַנגען אַהין. זי האָט מיר באַלד געבראַכט אַ פלאַש מילך און ברויט מיט פוטער. זי האָט מיר אויך געבראַכט אַ קלייד מיט אַ בלוזע. זי האָט מיר געזאָגט אַז איך קען ביי איר בלייבן אַ דריי טעג, ביז איך וועל קומען צו די כוחות.

איך האָב מיר געמאַכט אַ גרוב אין שטרוי און בין געלעגן אין שייער. די

פויערטע פלעגט מיר איין מאָל אין טאָג ברענגען ברויט און מילך. אויפן פערטן טאָג האָב איך געמוזט גיין. זי האָט מיר געזאָגט, אַז דאָרט, ביי איין קילאָמעטער פון זיי, געפינען זיך אירע פריינט, וואָס זענען זייער גוטע מענטשן. איך האָב זיך געלאָזט גיין אַהין. ס'איז געווען נישט ווייט. איך בין צוגעקומען צו אַ שטוב, אָנ־געקלאַפּט. ווען דער פויער האָט מיר דערזען, האָט ער זיך איבערגעצלמט. ער האָט זיך, קענטיק, דערשראָקן פאַר מיין הילוך. ער האָט מיר געהייסן גיין אין שטאַל. דאָרט איז געווען היי. איך האָב זיך געמאַכט אַ פּלאַץ. דער פויער האָט מיר געבראַכט מילך מיט ברויט. דער זעלביקער פויער האָט מיר דערציילט, אַז ניט ווייט פון אים האָט די פּאָליציי דערהרגעט דעם שאַרקויסצענער חנא שולקין מיט זיין ווייב און קינד. אַ פויער, וועמען זיי האָבן אָפּגעגעבן זייערע זאַכן צו באַהאַלטן, האָט זיי געמסרט. איז אויב איך וויל ניט האָבן דעם זעלביקן סוף, זאָל איך גיין. די פויערטע האָט געוויינט אויף מיין ביטערן מזל. זי האָט מיר געגעבן אַ פלאַש מילך, קעז און ברויט און איך בין אַוועק.

איך האָב זיך געלאָזט צווישן קאָרן. איך בין געגאַנגען און ניט געוווּסט ווו איך גיי. עסן האָב איך געהאַט. אַזוי זענען אַוועק צוויי טעג. איך בין אָנגעקומען אין פּיאַליקעס, 5 קילאָמעטער פון שאַרקויסצענע. אין דאָרף האָב איך מורא געהאַט אַריינצוגיין, האָב איך פריער געגעבן גענעכטיקט אויף אַ מאָהילניק. דערנאָך האָב איך זיך אַריינגעגראָבן אין אַ סטויג היי. מאַכט זיך, אַז אין אַ פאַרטאָג טרייבט אַ פּאַסטוך קי און איין קו פאַרפליט אויף מיר. דער פּאַסטוך האָט מיר דערזען, האָב איך פאַר־שטאַנען אַז איך מוז זיך אָפּטראָגן. בין איך שוין ווייטער געגאַנגען צווישן קאָרן אויף די פעלדער. מיטן וועג האָב איך מורא געהאַט צו גיין. פּונקט האָט דאַמאָלט שטאַרק גערעגנט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס וועט גאָר ניט אויפהערן רעגענען. בין איך אַרויס פון דעם קאָרן און זיך געזעצט אונטער אַ בוים. דערנאָך בין איך אַוועק צו אַ נאָענטן וועלדל. דאָס איז געווען אַ מאָהילניק. איך האָב זיך אָנגע־שפּאַרט אויף אַ קבר און איינגעשלאָפן.

איך האָב זיך ווידער געלאָזט גיין דורך דעם קאָרן־פעלד. ביז איך בין אָנגע־קומען ווידער צו דעם דאָרף פּיאַליקעס. פון ווייטנס האָב איך געזען ווי עס גייט אַ פויערטע. איך בין איר נאָכגעלאָפן און געבעטן זי זאָל מיר געבן אַ שטיקל ברויט. די פויערטע האָט זיך איבערגעצלמט און האָט זיך צעוויינט אויף מיין פינצטער מזל. זי האָט מיר געהייסן גיין ווו עס שטייט צוגעבונדן אַ קו, אַז איך זאָל נעמען דעם שטריק און גיין נאָך דער קו. אַזוי אַרום בין איך אָנגעקומען אין אַ שטאַל. פון איין זייט איז געלעגן שטרוי. די פויערטע האָט מיר געבראַכט וואַסער מיט אַ קעמל. איך האָב זיך אַרומגעוואַשן און אויסגעקעמט. איך האָב זיך אַליין ניט געגלויבט, אַז דאָס זאָל מעגלעך זיין. זי האָט מיר געבראַכט עסן. איך האָב קיין טרפות ניט געגעסן. די גויע האָט מיר געמוסרט. נאָך ווייניק האָט אונדז גאָט געשטראָפט. דאָרט בין איך אָפּגעווען אַ וואָך צייט און געמוזט ווייטער גיין. די גויע האָט געהייסן פּיענע טאַראַסעס, פון פּיאַלקעס. זי האָט אויסבאַהאַלטן נאָך אַנדערע

שאַרקויסצענער, צווישן וועלכע ס'איז געווען הערשל טאַבאַראָוויטש. נאָך דער באַפרייונג בין איך געווען ביי איר און איר אויסגעדריקט מיין דאַנק. זי איז באמת געווען פון די געציילטע קריסטן וואָס האָבן געהאָלפן ייִדן.

די פויערטע האָט מיר געהייסן גיין צו אירער אַ באַקאַנטע אין אַ כוטאָר. די פויערטע האָט מיר געהייסן זיך באַהאַלטן אין קאָרן. אין שטוב און אין שטאַל אָדער שייער האָט זי מיר מורא געהאַט אַריינצולאָזן. זי האָט מיר געבראַכט עסן.

עס איז אויסגעבראָכן אַ שטורעם־רעגן. די זאַנגען קאָרן זענען אויסגעלייגט געוואָרן. די פויערטע האָט דערזען אַז איך זע זיך אַרויס, האָט זי מיך געהייסן לויפן אין בעדל. דאָרטן האָב איך איבערגענעכטיקט. אויף מאָרגן בין איך ווידער געגאַנגען אין קאָרן אַריין. אַזוי בין איך דאָרטן אָפּגעווען נאָך פיר טעג.

איך האָב ווייטער געמוזט גיין. איך בין אָנגעקומען אין אַ דערבייאיקן כוטער, וואָס האָט געהייסן פּיאַליקעס, ווו עס זענען געווען עטלעכע שטיבער. זיי האָבן מיך דערקענט, אַז איך בין אַ שאַרקויסצענערן. זיי האָבן זיך געהאַט גענייט ביי מיינער אַ שוועגערין. דער עיקר האָט מיך מקרב געווען איינע אַ פאַמיליע, וואָס דער בעל־הבית האָט געהייסן לאַוואָנדע מילאנדא און די פרוי אַנפּיסיאַ. ביי זיי בין איך געווען אַ פּאָר וואָכן. אַזוי ווי איך בין אַ שניידערקע, האָב איך פאַר זיי גענייט. אַזוי איז אַוועק אַ מאָנאַט מיט אַ האַלבן.

אָט דער פויער האָט מיר דערציילט ווי אַזוי מיין מאַן מענדל מיט מיינע צוויי קינדער: דאָס ייִנגעלע מולינקע און מיידעלע ליבעצקע זענען אומגעקומען אַנטלויפנדיק פון געטאָ. ווי איך האָב שוין דערציילט, האָבן מיר זיך פאַרלאָרן. מיין מאַן מיט די קינדער איז אַריינגעלאָפן אין אַ בעדל ביים סוף פון דער גאַס יאָרזשעלקע, אין שאַרקויסצענע. דאָס איז געווען אין דעם זעלבן טאָג. דאָרטן האָבן די דייטשן און די פּאָליציי זיי געכאַפּט און מען האָט זיי געפירט דורכן מאַרק צום גרוב, ווו עס זענען געלעגן די אַלע געהרגעטע שאַרקויסצענער ייִדן. דאָרט, ביים גרוב, האָט מען זיי אַלעמען דערשאָסן. זייער בלוט איז אויסגעמישט געוואָרן מיט אַלע אַנדערע קדושים.

פון דאָרט בין איך אַוועק צום פויערס אַ שוועסטער. זי האָט געהייסן לובע. ביי איר בין איך געווען אַ חודש. אויך פאַר איר האָב איך גענייט. אַלץ באַהאַלטענערהייט. פון דאָרט בין איך געגאַנגען צו זייערן אַ קרוב, ווו איך בין אָפּגעווען אַ מאָנאַט. דערנאָך האָב איך זיך ווידער אומגעקערט צו דער פאַמיליע מילאַנדער. איך האָב זיך ביים פויער געבעטן ער זאָל מיך פירן אין גלובאָקער געטאָ. ער איז ספּעציעל געפאָרן אין גלובאָקער געטאָ זיך צו דערוויסן אויב עמיצער פון אונדזעריקע איז געבליבן לעבן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט דאָרט געטראָפן לעבן דעם צוים פון געטאָ דעם שאַרקויסצענער חיים זאַלקעס (דעם קצבס), וועלכער האָט אים דערציילט, אַז מיין שוועסטער פרומקע מיט איר מאַן און צוויי קינדער זענען אין גלובאָקער געטאָ, ביי וועמען מען האָט נאָך אַנדערע צוויי קינדער דערהרגעט לויפנדיק פון שאַרקויסצענער געטאָ: אַ מיידל פון 12

און אַ מיידל פון 14 יאָר. אויך האָט חיים זאַלקעס דערציילט וועגן מיין ברודער נחמן חזן מיט דער פרוי און צוויי קינדער. די גרעסערע צוויי קינדער האָט מען פאַרברענט, פון וואָס די מאַמע איז משוגע געוואָרן. זיי האָבן געהייסן שעפּסל און מאָטקע. חיים האָט אויך דערציילט דעם פויער, אַז אין גלובאָקער געטאָ געפינט זיך אויך סאָניע, די שוועסטער פון די ברידער סוסקאָוויטש. זי איז דאָרט געוועזן מיט איר מאַן משה פאיקין מיט זייערע קינדער. די עלטערע מיידל האָט געהייסן רבקה. זי איז געוועזן פון די שענסטע אין שטעטל.

נאָך אָט דעם גרוס בין איך ביי אים געוועזן זייער ווייניק צייט. ער האָט מורא געהאַט מען זאָל אים נישט אויסגעבן. בעת איך בין געוועזן ביי אים באַהאַלטן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די יידישע משפּחה פון האַלעווע האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי דער אלמנה אַלסעפּסקיכע, ניט ווייט פון האַלעווע. איך האָב זיך מיט זיי געטראָפן אין מיין פויערס שייער. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אין די וועלדער. מיר האָבן געהערט אַז דאָרט זענען דאָ פּאַרטיזאַנער.

אויף מאָרגן ביינאַכט האָב איך זיך געלאָזט אין וועג. מיר זענען אָנגעקומען אויף איינעם אַ זומפּ. דאָרטן האָבן מיר געטראָפן די שאַרקויסצענער: מאיר עסטרין, נתן עסטרין, בנימין עסטרין (אַלע געפינען זיך איצט אין צפון אַמעריקע), ישראל־קע עסטריין (איז אין ישראל). מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אין די קאַזאַנער וועלדער. דאָרטן, האָט מען געזאָגט, געפינען זיך פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג. דאָרט האָבן מיר טאַקע געטראָפן יידישע פּאַרטיזאַנער. דאָס זענען געווען גוטמאַן פויגל, וואָס זיין שוועסטער געפינט זיך אין אַרגענטינע; ברוך ליפשין מאָטקע ליפשין, יארקע ליפשין, יחיאל הערץ ליפשין, אַ טייל געפינען זיך איצט איז נאָרד אַמעריקע און אַ טייל אין ישראל. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן זלמן לעווין פון דרויע און שכנא שטיינמאַן (מיין איצטיקער מאַן). זיי האָבן אין די וועלדער אויסגעהאַלטן אלמנות און יתומים. זיי פלעגן איינשטעלן דאָס לעבן און ברענגען פאַר זיי צום עסן.

וועגן מיין פּאַרטיזאַנער־לעבן איז דאָ זייער אַ סך וואָס צו דערציילן. פון דעם אַליין וואָלט מען געקענט אָנשרייבן דיקע ביכער. איך פאַרשטיי, אַז מיט מיר אַליין קען מען נישט אויספילן דעם יזכור־בוך, וועל איך דאָ דערמאָנען די שאַרקויסצענער וועלכע איך האָב געטראָפן אין די וועלדער און די פון וועלכע איך האָב געהערט. דאָס זענען: אברהם פאיקין, לאָווע מענדעל (חיים איטשעס זון), שלמה צימער, טעווקע מילנער, רבקה צימער, זלמן צימער, הירשקע צימער, סלאָווקע צימער, ציפּקע צימער, פרומקע חידקל, חנה־שרה קנעל, פויגע שולקין־ליפשין, לייזער ציפּעלעוויטש, ביילקע חדש, סאָניע צימער, עטקע צימער און פאַליע צימער. אַלע לעבנגעבליבענע. אַ פּאָר שאַרקויסצענער זענען לעבנגעבליבן אין רוסלאַנד.

אַזוי האָבן מיר דערלעבט די באַפרייונג, געקעמפט, יעדן מאָמענט איינגע־שטעלט דאָס לעבן, אויך געהונגערט און געהאָפט. נאָך דער באַפרייונג בין איך

געוועזן אין שאַרקויסצענע. איך האָב נישט דערקענט דאָס שטעטל. אַלץ איז געוועזן חרוב. איך האָב געטראָפן אַ צוויי־דריי ייִדן. אַלע האָבן געוויינט אויפן אומגליק. דאָס איינציקע וואָס אונדז האָט פאַרבונדן איז דער ברודער־קבר פון אונדזערע ליבסטע און טייערסטע, ווו עס געפינט זיך מיין גאַנצע משפחה: מיין מאַן מענדל שולקין מיט מיינע צוויי קינדער, מולינקע פון 5 יאָר און מיין מיידעלע ליבעטשקע פון 4 יאָר. די קלענסטע מיידעלע מיינס, מאַלקעלע איז אַלט געוועזן 8 מאָנאַט, וואָס איז, ווי איך האָב שוין דערציילט, פאַרברענט געוואָרן אין דער בעדל. זייער פאַרגאָסן בלוט זאָל אייביק מאָנען נקמה.

דערציילט פוןביילקע חדש, טאָכטער פון נחום צאַלעס

בעת די דייטשן זענען אַריין אין שאַרקויסצענע, בין איך אַלט געוועזן 7 יאָר. קיין פּרטים פון יענער צייט געדענק איך ניט צו דערציילן. איך געדענק אָבער אַלץ וואָס ס׳איז פאָרגעקומען. איך וועל אָבער אָנהייבן פון דער ליקווידאַציע פון שאַר־קויסצענער געטאָ. ס׳איז געווען דריי אַזייגער פאַרטאָג. מיר האָבן געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און גענומען לויפן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געברענט. איך האָב פאַרלוירן מיינע עלטערן. איך בין געלאָפן צוזאַ־מען מיט אַנדערע. מיר זענען אַנגעקומען אין וואַלד. פאַרנאַכט, ווען מען איז אַרויס פון וואַלד, צו וויסן ווו מיר געפינען זיך, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף פּאָליציי. זיי האָבן געעפנט אַ שטאַרקע שיסעריי. אַ סך פון אונדזעריקע האָבן די קוילן געטראָפן. די איבעריקע זענען אַנטלאָפן. אויך איינער פון די אונדזעריקע האָט געהאַט אַ נאַגאַן (רעוואָלווער). ער האָט דערהרגעט אַ פּאָליציסט. די פּאָליציי איז באַשטאַנען פון די אָרטיקע פּויערים.

מיר זענען געלאָפן ווייטער און אָנגעקומען אין אַ ווייטן וואַלד, וואָס איז געווען גרעסער און טיפער פון דעם פריִערדיקן. מיר האָבן דאָרט זיך אַ ביסל אָפּגערוט און געזוכט מיט וואָס זיך צו דערנערן. איך האָב זיך איין מאָל געלאָזט בעטן ברויט אין אַ דערבייאיקן דאָרף. איך בין געגאַנגען פון שטוב צו שטוב. מיר האָט דווקא אָפּגעגליקט. איך האָב אָנגעקליבן אַ היפּשע טאָרבע מיט ברויט. ווען איך האָב זיך געלאָזט גיין צוריק אין וואַלד, האָב איך געדאַרפט אַריבער אַ שמאָלן טייכל, ווו ס׳איז געלעגן אַ הילצערנע קלאַדקע. פּלוצים האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַ פּאָליציאַנט. ער האָט מיר גערופן צו זיך. איך האָב אָבער גענומען לויפן. איך האָב בלויז געפילט ווי ער שיסט מיר נאָך. אַזוי בין איך אַריין אין וואַלד.

אין דעם וואַלד זענען מיר געווען זעקס מאַן. ווו צו גיין ווייטער, האָבן מיר ניט געוווּסט. מיר זענען אויף דעם אָרט אָפּגעווען אַ פּאָר חדשים. פון מיינע עלטערן האָב איך גאָרנישט געוווּסט. ביז איין מאָל קומט צו אונדז אַ פּויער און זאָגט אונדז, אַז ס׳איז דאָ אַ ריזה פון די דייטשן, אַז אַלע אַנטלאָפענע ייִדן, וואָס באַהאַלטן זיך

אויס אין די וועלדער, זאָלן קומען אין די שטעטלעך, ווו עס זיינען פאַראַן געטאָס, איז אויב מיר וועלן אים באַצאָלן, וועט ער אונדז אַריינפירן אין פאָסטעווער געטאָ. ווי אָרעם און נאַקעט מיר זענען געווען, האָבן מיר דאָך צונויפגעקליבן עטלעכע גאָלדענע קייטעלעך און פינגערלעך און עס אים אָוועקגעגעבן. ער האָט עס צוגע־נומען און האָט אונדז טאַקע אַוועקגעפירט אין פאָסטאָווער געטאָ.

דער פאָסטאָווער יודנראַט האָט יעדן איינעם פון אונדז צוגעטיילט צו אַ פאַ־מיליע. מיך האָט מען צוגעטיילט צו אַ פאַמיליע וואָס האָט געהייסן באַרקין. איך האָב שפּעטער געהערט אַז ער איז געבליבן לעבן. דאָרטן האָב איך זיך דערוווּסט



הזכרה אין באַפרייטן לאַגער ראַנדהאָפן (עסטרייך)

אַז מיינע עלטערן לעבן. איינער אַ שאַרקויסצענער האָט מיר געזאָגט, אַז מאָרגן קומט מיין טאַטע. מיין טאַטע איז טאַקע געקומען נאָך מיר. ער מיט מיין מאַמען און צוויי שוועסטערלעך זענען געווען אין גלובאָקער געטאָ. ער האָט פון דער דאָרטי־קער מאַכט אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש אויף צו גיין געפינען מיך און ברענגען קיין גלובאָק. איך האָב אָבער מיט אים ניט געקענט גיין. די פיס זענען מיר געווען געשוואָלן. פאָרן האָט מען דאָך ניט געקענט. ס'איז געווען 60 קילאָמעטער. בין איך געבליבן אויף צו גיין שפּעטער, צוזאַמען מיט אַנדערע שאַרקויסצענער, וואָס האָבן אויך געדאַרפט גיין אויף צו פאַראייניקן זיך מיט זייערע משפחות אין גלו־באָקער געטאָ.

ביז מיר האָבן זיך אויסגעקליבן צו גיין קיין גלובאָק, איז אָנגעקומען די שחיטה פון פּאָסטאָוווער געטאָ. פאַרשטייט זיך, אַז די שחיטה איז ניט געווען בלויז אויף פּאָסטאָוווער, נאָר אויך אויף אַלע ייִדן וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. איך האָב זיך געלאָזט לויפן, און ווידער האָט מיר דאָס מזל צוגעשפּילט. איך האָב זיך געפונען מיט נאָך ייִדן אין אַ געדיכטן וועלד. דאָס שטעטל איז געווען אַרומגערינגלט מיט וועלדער. מיר זענען אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג, און ביינאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט גיין, נעענטער צו גלובאָק. ס'איז געווען ווינטער. דער פראָסט איז געווען גרויס. די פיס האָבן מיר אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס. פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין גלובאָק. מיר האָבן אויפגעריסן אַ ברעט פון דעם צוים מיט וועלכן דאָס געטאָ איז געווען אַרומגעצאַמט און מיר זענען אַריין דאָרטן. איך האָב באַלד אָפּגעזוכט מיינע עלטערן. זיי האָבן געוווינט אין אַ שטאַל. ווײַל לעבן אין גלובאָקער געטאָ באַ־שרייבן די ברידער ראַיאַק. איך בין באַלד אַוועק אויף אַרבעט. געריי־ניקט פיש, וועלכע מען האָט געפּאַקט ווי סאַרדינען און אָפּגעשיקט קיין דייטשלאַנד. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 9 יאָר. אַזוי האָבן מיר דאָרט אָפּגעלעבט אַ יאָר צייט, ביז ס'איז געקומען די צווייטע און לעצטע שחיטה אויף גלובאָקער געטאָ. דאָס איז געווען אויגוסט 1943.

ווי איר ווייסט, איז פון גלובאָקער געטאָ אוממעגלעך געווען צו אַנטלויפן. מען האָט די געטאָ אַרומגערינגלט מיט אַזוינע געווער, וואָס האָט אוממעגלעך גע־מאַכט זיך אַדורכצורייסן דורך זיי. איך מיט מיינע עלטערן זענען אַריינגעלאָפן אין אַ בונקער. דאָרטן זענען געווען באַהאַלטן ביי 500 ייִדן. דער אַריינגאַנג אין בונקער איז געווען דורך אַ ברונעם. מען האָט אויף דעם געאַרבעט איבער אַ יאָר. דאָס איז געווען אונטער קאָנטראָלוויטשעס מויער. מיר זענען דאָרט געלעגן אין אַן אייבי־קער פינצטערניש. דריי טעג האָבן מיר זיך אַזוי אויסבאַהאַלטן נאָך דער שחיטה. ביז מען האָט אונדז אַנטדעקט. אַ דייטש האָט באַמערקט ווי איינער איז אַריינגע־שפּרונגען אינעם ברונעם, וואָס איז געווען דער אַריינגאַנג צום בונקער. ס'איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט. אַ סך פון די ייִדן האָבן געהאַט געווער. מען האָט זיך פאַרטיידיקט ווי מען האָט געקענט. אויך אייניקע מערדער זענען געפאַלן. אונדזע־ריקע זענען דאָס רוב אומגעקומען.

איך מיט מיין טאַטן און אַ שוועסטערל זענען געבליבן אין בונקער נאָך אַ טאָג נאָך דער שחיטה. מיר האָבן זיך אַזוי פאַרשטעקט אַז מען האָט אונדז ניט באַמערקט. ביינאַכט האָבן מיר זיך געלאָזט אַרויס. מיר זענען געגאַנגען איבער טויטע קערפּערס וואָס זענען געווען צעוואָרפן איבער אַלע גאַסן. מיר זענען אַרויס פון שטעטל. ווען מיר זענען געווען אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט ווייטער, לעבן באַראַ־קער וואַלד, האָבן מיר דערהערט אַ געשריי, וואָס האָט אונדז געהייסן שטיין בלייבן. מיר האָבן גענומען לויפן. אַ קויל האָט געטראָפן מיין פאָטער. אויך דער שוועסטער האָט מען דערשאָסן. מיר האָט מען דורכגעשאָסן אַ האַנט. כדי צו זיין זיכער אַז איך בין טויט, האָט איינער אַ דייטש מיר צוגעשטעלט דעם ביקס צום האַלדז. דער

קויל איז אַרויס דורכן מויל. איך האָב געהערט ווי דער דייטש האָט געזאָגט: „פיר ייִדן קאַפּוט."

פינף טעג בין איך געלעגן אין קאָרן צווישן הויכע שפּראָצונגען. איך בין אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. אויפן זעקסטן טאָג האָב איך זיך געלאָזט גיין. איך בין אָנגעקומען אין אַ כוטאָר. איך האָב אָנגעקלאַפּט. ס'איז אַרויס אַן עלטערע פרוי, אַ קריסטן. זי האָט מיר אַריינגעפירט אינעווייניק. האָט מיר אַרומגעוואַשן די ווונדן, האָט מיר עפּעס געגעבן אָפּצועסן. איך האָב ניט געקענט ניט קייען און ניט שלינגען. איך בין ביי איר אָפּגעווען אַ פּאָר טעג און זיך געלאָזט ווייטער אין וועג. אָפּגייענדיק אַ פּאָר קילאָמעטער, האָב איך באַגעגנט אַן אַלטן קריסט. ער האָט מיר באַלד דערקענט אַז איך בין אַ ייִדישע און מיר גענומען פירן צוריק קיין גלובאָק, איבערצוגעבן די דייטשן, ווייל פאַרן כאַפּן אַ ייִדן פלעגט מען באַקומען געצאָלט. ער האָט מיר אַזוי אָפּגעפירט אַ דריי קילאָמעטער, ביז מיר זענען געקומען אין אַ כוטאָר. ער איז אַריין אין שטוב שלעפּנדיק אויך מיר. איך אָבער בין געבליבן פון יענער זייט טיר. ווען ער איז געווען אינעווייניק, האָב איך פאַרקלאַפּט די טיר און אונטערגעשטעלט אַ רידל, וואָס איז געשטאַנען דערביי און איך האָב זיך געלאָזט לויפן. איך האָב אַראָפּגעוואָרפן די טאָרבע מיט שפּייז וואָס די גויע האָט מיר געהאַט געגעבן. איך בין אַזוי געלאָפן, ביז איך בין אָנגעקומען אויף אַ פעלד. ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען, האָב איך באַמערקט ביים ברעג וואַלד אַ צוואַנציק מענער. איך האָב געפרעגט אַ פויער, ווער זיי זענען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען די פּאַרטיזאַנער.

איך בין באַלד אַוועק צו זיי. די גרופּע פּאַרטיזאַנער איז געווען אַ געמישטע, — ייִדן מיט קריסטן. צווישן זיי איז געווען דער גלובאָקער יצחק בלאַט. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן ווו עס געפינען זיך די געראַטעוועטע ייִדן און איך בין אַוועק צו זיי. ווען איך האָב זיי דערציילט וועגן דעם פויער, וועלכער האָט מיר געפירט צו די דייטשן, האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז דאָס איז אַ באַקאַנטער שפּיאָן, וועמען זיי האָבן שוין לאַנג אַרומגעזוכט. זיי זענען באַלד אַוועק אַהין צום כוטאָר, אים אַרויסגערופן, צוגענומען ביי אים די דאָקומענטן, אויף צו זיין זיכער אַז דאָס איז טאַקע דער שפּיאָן וועמען זיי האָבן געזוכט. דערנאָך האָט מען אים פאַרשלאָסן אין שטוב און אָנגעצונדן די שטוב מיט אים.

אין וואַלד, צווישן די געראַטעוועטע ייִדן, האָב איך זיך געטראָפן מיט מיינער אַ מומע. זי איז געווען מיין מאַמעס אַ שוועסטער: ליבע לעוויטאַנוס. זי האָט זיך געראַטעוועט פון דרויער געטאָ. מיר האָבן געלעבט פון דעם וואָס די ייִדישע פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז געבראַכט.

איבעריק צו זאָגן, אַז געהאָלפן האָבן אונדז מיט לייב און לעבן בלויז די ייִדישע יונגעלייט וואָס זענען געווען פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן איבער אונדז געציטערט. איין מאָל איז פאָרגעקומען אַ געפערלעכע בלאָקאַדע פון די דייטשן. מען

האָט אונדז געהאַט אַרומגערינגלט. דאָס איינציקע פּלאַץ פאַר אונדז איז געבליבן אַ גרויסער און טיפער זומפּ, ווהין קיינער האָט ניט געקענט צוקומען. מיר זענען דאָרט אָפּגעלעגן צוויי וואָכן. נאָכדעם, אַז ס'איז געוואָרן שטילער, האָט יעדער איינער געזוכט מיט וואָס זיך צו דערנערן. די יתומים זענען געבליבן ווי פאַרגע־



יצחק לייב חזן (דער פריזירער) מ״ט זיין משפחה

סענע. בלויז איין לייב בוים, פון קאַזיאַן, האָט אונדז, אַלע יתומים, גענומען אונטער זיין שוץ. ער האָט פאַר אונדז געזאָרגט ווי פאַר אייגענע קינדער.

נאָך דער באַפרייונג בין איך דורכגעפאָרן שאַרקויסצענע. אַ גרויסע טייל פון די שטעטלדיקע שטיבער זענען געבליבן. איך האָב זיך אָבער ניט געקענט אָפּ־שטעלן און אַנטלאָפן פון דאָרט וואָס גיכער, כדי עס מער ניט צו זען.

## סאָניע שמוסקאָוויטש - פּאַיקין

ביילקע חודש דערציילט:

צווישן די שאַרקויסצענער מיט וועלכע איך האָב זיך געטראָפן אין גלובאָקער געטאָ איז געווען סאָניע שמוסקאָוויטש מיט איר מאַן פּאַיקין און פינף קינדער. (סאָניע איז די שוועסטער פון שלמה און יהושע סוסקאָוויטש). די קינדער האָבן געהייסן: רבקה, אַרקע, יאַכנע, ליובע און אַ קליין מיידעלע, וועמענס נאָמען איך האָב שוין פאַרגעסן. מיט יאַכנען, וועלכע איז אַלט געווען ביי צען יאָר האָב איך געאַרבעט פאַר די דייטשן ביים שטריקן הענטשקעס. מיר האָבן געאַרבעט פון אין דער פרי ביז אויף דער נאַכט. באַקומען פלעגן מיר פאַר דעם אַ ביסל זופּ. שווער איז געווען אין ווינטער. מיר האָבן זיך די הענט און די פיס אָפּגעפרוירן. אַלע האָבן געמוזט אַרבעטן. אויך קינדער פון זעקס־זיבן יאָר.



סאָניע שמוסקאָוויטש־פּאַיקין

בעת דער ליקווידאַציע פון דער שאַרקויסצענער געטאָ, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 18טן יולי 1942, האָט זיך סאָניע מיט איר משפחה געראַטעוועט. זיי זיינען אַלע אַנטלאָפן צו זייערן אַ באַקאַנטן פּויער אין אַ דאָרף. זיי האָבן זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן מער פון אַ האַלב יאָר. ווי עס שיינט האָבן זיי שוין דאָרט מער זיך נישט געקענט אויסבאַהאַלטן. ווען ס'איז געקומען דער אָפּנאַרערישער רוף פון די דייטשן אַז די אַנטלאָפענע יידן זאָלן קומען אין גלובאָקער געטאָ, האָבן זיי געגלויבט און געקומען אין גלובאָקער געטאָ. זיי האָבן געוווינט אין אַ שטוב

מיט נאָך ייִדן. די ענגשאַפט, דער הונגער און שרעק איז זיך נישט פאָרצושטעלן. אַזוי האָבן זיי דערלעבט ביז דער צווייטער און לעצטער ליקווידאַציע פון גלובאָקער געטאָ, דעם 20טן אויגוסט 1943, י״ט אב תש״ג. אין דעם טאָג איז אומגעקומען די גאַנצע משפּחה.



אַ סדר אין לאַגער — עסטרייך.



אַ שאַרקויסצענער פּאַרטיזאַן

# חורבן דונילאָוויטש

איבערגעגעבן דורך נאַכקע סווירסקי

## די געאָגראַפישע פּאָזיציע

דאָס שטעטל דונילאָוויטש Dunilowieze געהערט צו ווילנער גובערניע, געפינט זיך צען קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַנציע וואַרפּאַיעווע, וואָס פירט קיין ווילנע. צו דער סטאַנציע פירט אַ שאָסיי וואָס פאַלט אַריין אין שטעטל. דונילאָוויטש איז אַרומגערינגלט דורך צוויי גרויסע אָזיערעס. זומער פלעגט די יוגנט זיך אויף זיי שיפן און ווינטער — גליטשן. אַ טייך שניידט דורך דאָס שטעטל. אין מיטן שטעטל זענען פאַראַן צוויי בריקן. איין בריק ליגט איבער דעם טייך און די צווייטע בריק פאַרייניקטביידע אָזיערעס. די געגנט איז געווען זייער אַ פּרוכטיקע. אַרום און אַרום זענען געווען גרויסע און געדיכטע וועלדער. דוני־לאָוויטש געפינט זיך 120 קילאָמעטער פון ווילנע, פון גלובאָק — 30 קילאָמעטער.

## דונילאָוויטש ביז 1914

אין צענטער פון שטעטל האָבן געוווינט ייִדן. בלויז איין גאַס, די גרויסע גאַס, איז געווען באַזעצט מיט קריסטן. ייִדישע נפשות זענען געווען ביי 900. קריסטלעכע נפשות זענען געווען ביי 500. אַמאָל איז אין צענטער פון שטעטל לעבן ווייסן קלויסטער געווען דער מאַרק. שפּעטער האָט מען דעם מאַרק אי־בערגעפירט אויף דעם שטעטל, לעבן דער גמינע. יעדן דינסטיק פלעגן זיך אַהין צונויפפאָרן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער און ברענגען צום פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן. פאַר דאָס אָפּגעלייזטע געלט פלעגן זיי איינקויפן אין די ייִדישע קראָמען זייערע נויטיקע סחורות: זאַלץ, צוקער, קעראָסין, הערינג, גאַ־לאַנטעריע, אייזנס, מאַשינען אאַ״וו. פון דעם איין טאָג האָבן די קרעמערס און תבואה־הענדלער געצויגן זייער חיונה אויף אַ גאַנצער וואָך.

קיין גרויסע גבירים אין דונילאָוויטש זענען כמעט נישט געווען. די אייזן־און שטאָף־געשעפטן זענען געשטאַנען בעסער. דער אַפּטייקער איז געווען אַ ייִד.

קיין דאָקטער איז נישט געווען. ס'איז געווען אַ פעלדשער וואָס איז אָנגעגאַנגען פאַר אַ דאָקטער. אָרעמעלייט זענען געווען אַ סך. בעלי־עגלות זענען לפּי דער גרויס פון שטעטל געווען צופיל. איז ביי עמיצן פון זיי געפאַלן אַ פערד האָט מען שבת נישט געלאָזט לייענען ביז וואַנען די גבאים האָבן נישט צוגעזאָגט צו קויפן דעם בעל־עגלה אַ נייעם פערד. געווען אַ באַטייטנדיקע צאָל שניי־דערס און שוסטערס אין שטעטל. זיי האָבן געאַרבעט פון פינצטער ביז פינצטער און שווער פאַרדינט דאָס ברויט. בעסער זענען געווען די גלעזערס, וואָס פלעגן אַרומפאָרן איבער די דערפער.

געווען אין דונילאָוויטש דריי שולן. אַ מתנגדישע שול, ווו זיי האָבן אויס־געהאַלטן אַן אייגענעם רב. די שול איז געווען די עלטסטע און די גרעסטע. די קליינע שול, ווו עס פלעגן דאָס רוב דאַווענען אָרעמעלייט. זי איז אגב געווען די פרומסטע. די אַריסטאָקראַטישע שול, ווו עס האָבן געדאַווענט די פאַרמעג־לעכערע ייִדן, ווי אויך די האַלב-פרומע.

די איינציקע באָד אין דונילאָוויטש האָט געהערט צו די ייִדן. די פאַר־מעגלעכע בעלי־בתים פלעגן אָפּדינגען די באָד. מיט אַ טייל פון דער הכנסה פלעגט מען אויסהאַלטן דעם רב און דעם דאָקטער.

געווען אין יענער צייט אַ קליינע ליי־קאַסע. מען פלעגט באָרגן ייִדן אַ פּאָר רובל, אויף אויסצוצאָלן אין קליינע קוואָטעס.

געווען אין שטעטל דריי חדרים. זלמן איז געווען דער רבי פאַר די אלף־בית קינדער. שטענדיק מיט אַ קאַנטשיק אין האַנט. דער צווייטער איז געווען זלמן דער באָק. ער האָט געלערנט חומש און גמרא. חוץ דעם קנעלן פלעגט ער אויך באַקן קוכנס מיט בייגל. דער דריטער איז געווען פסח־לייב מושקאַט, שוין אַ מאָדערנער לערער. חוץ חומש און גמרא האָט ער אויך געלערנט שרייבן ייִדיש און העברעיִש.

די ייִדן וואָס פלעגן גיין איבער די דערפער, פאַרקויפנדיק זייף, דזעגעכץ, קעראָסין, פלעגן פאַרדינען ברויט צו זעט.

## די מלחמה פון 1914

בעת די מלחמה איז אויסגעבראָכן האָבן אָנגעהויבן פאַרבייגיין דונילאָוויטש אַ סך רוסיש מיליטער. ווי דער שטייגער איז דעמאָלט געווען, האָט מען די סאָל־דאַטן איינגעקוואַרטירט אין די פּריוואַטע הייזער. אין יעדער שטוב האָט זיך, בכן, געפינען אַ צאָל סאָלדאַטן וועלכע האָבן באַין ברירה געמוזט שלאָפן אויף די פּאָדלאָגעס. מיטן אַריינקומען פונעם מיליטער האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אין שטעטל. עס האָט זיך אַנטוויקלט דער האַנדל און ייִדן האָבן געהאַט פּרנסה, אַזוי, אַז מען האָט שוין כמעט שלום געמאַכט מיט דער מלחמה, ווען נאָר דער פראָנט זאָל געווען פאַרבלייבן ווייט פון דאָרט. די צרה איז אָבער געווען וואָס

דער פּראָנט האָט וואָס אַמאָל מער זיך דערנענטערט, ביז אין אַ שיינעם טאָג האָבן באָמבעס אָנגעהויבן פאַלן אין שטעטל. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע פּאַניק און צעמישעניש, נישט ווייסנדיק וואָס צו טאָן, בלייבן אין שטוב צי לויפן.

פּלוצים אָבער האָט מען דערזען ווי מען לויפט צו שמואל־יהודהן אין סקלעפּ, דאָרטן האָבן מיר שוין געטראָפן אַ סך פאַמיליעס מיט אַלע זייערע בעבעכעס. עס זענען שוין אויך געווען עטלעכע קראַנקע מיט אַ סך היץ, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער הוילער ערד, צוגעדעקט מיט ווייסע ליילעכער און גע־מאַכט דעם איינדרוק ווי מתים וואָלטן דאָרטן געלעגן. אַ טויטע שטילקייט האָט



יידישע פאָלקס־שול אין דונילאָוויטש

דאָרט געהערשט. קיינער האָט זיך נישט דערוועגט אַ וואָרט אויסצורעדן. אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט עטלעכע טעג און נעכט. מיר האָבן זיך געפּונען צווישן צוויי פייערן. ווען עס פלעגט שטילער ווערן פלעגט מען זיך אַראָפּכאַפּן אַ היים אַ קוק טאָן, צי האָבן די פויערים נישט צערויבט דערווייל דאָס ביסל אָרעמקייט. די גויים פלעגן זיך דווקא נישט לויפן באַהאַלטן. זיי האָבן זיך גיכער אַרומ־געדרייט צווישן די יידישע הייזער, געוואָרט די יידן זאָלן לויפן זיך באַהאַלטן און זיי זאָלן בשעת־מעשה האָבן פרייע הענט צו רויבן וואָס עס לאָזט זיך.

ווען דאָס פייער האָט זיך אין אַ פּאָר טעג אַרום איינגעשטילט, האָבן יידן אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון זייערע באַהעלטענישן אַ קוק טאָן צו וועמען געהערט מען, צו די דייטשן אָדער רוסן. אין דעם לויפט־אָן ישראל־לייזער. אַלע האָבן מיטאַמאָל באַקומען לשון און גענומען פרעגן צו וועמען מען געהערט. ער האָט געענטפערט, אַז וועגן דעם ווייסט ער גאָרנישט, ער ווייסט בלויז אַז מערקע, זיין ווייב, קאָכט שטשאַוו און עסט. דער עולם האָט געלאַכט. ס'איז געווען אַ סימן

אַז די סכנה איז אַריבער און מען מעג זיך שוין פאַרגינען אַ ביסל לופט. דאָס קליינוואַרג איז אַראָפּ פון דעם געפּעק און מיט אַ געפילדער צעשפּרייט זיך איבער די גאַסן. בעתן קאַמף צווישןביידע אַרמייען — רוסישע און דייטשע — זענען אַ סך הייזער צעשעדיקט געוואָרן.

די דייטשע אַרמיי איז אַריין אין שטעטל. זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן מאַכן אָרדענונג. זיי האָבן דאָס ערשטע געמאַכט אַ צענז פון יעדן איינעמס פאַרמעגן. מען האָט געמוזט פאַרשרייבן יעדע קי, וויפיל מילך זי גיט. יעדע הון, וויפיל אייער זי לייגט. אויף אַזאַ אופן אַלץ וואָס יעדער איינער האָט געהאַט. דערנאָך האָט יענער געמוזט אַריינטראָגן אַזויפיל וויפל זיי האָבן פאַרשטאַנען אַז יעדער קען געבן. אַזוי פלעגן די דייטשן אָפּשיקן קיין דייטשלאַנד וואַגאָנען מיט פוטער, קעז, פעטס, פּרוכטן, תבואות, בהמות, עופות א״אַ. לאַנג זענען אָבער די דייטשן נישט געבליבן.

## די מלחמה צווישן די באָלשעוויקעס און די פּאָליאַקן

אין הלכות מלחמה האָט שוין דונילאָוויטש באַקומען אַ געוויסע פּראַקטיק. ווי נאָר די שלאַכטן צווישן די באָלשעוויקעס און פּאָליאַקן האָט זיך דערנענטערט האָבן די דונילאָוויטשער זיך ווידער גענומען באַהאַלטן אין די קעלערן. ווידער איז דאָס געווען אין דעם איינציקן געמויערטן קעלער ביי שמואל־יודען. אַ טייל האָבן זיך באַהאַלטן אין וו״יסן קלויסטער וואָס האָט געהערט צו דער רוסישער אָרטאָדאָקסיע. די באָמבאַרדירונגען זענען דאָס מאָל נישט געווען אַזוי שטאַרק, ווי אין דער מלחמה צווישן די דייטשן און רוסן. דאָך האָט מען מורא געהאַט אומצוגיין איבערן שטעטל. די באָמבעס זענען געפאַלן אויף יעדן טראָט.

ווען עס האָט זיך איינגעשטילט האָבן מיר זיך געכאַפּט אַז מיר געפינען זיך אונטער די פּאָליאַקן. די ערשטע באַגעגעניש מיט זיי איז געווען אַ טרויעריקע. די פּוילישע סאָלדאַטן האָבן אין דעם ערשטן טאָג ווען זיי זענען אַריין געבראַכט מיט זיך אַ גלובאָקער ייִדן, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן אַרומגעגאַנגען איבער די דערפער און פאַרקויפט נאָדלען און זייף. ווען מען האָט אַנטדעקט ביי אים אין זאַק אַזאַ טריפהנע סחורה און אַ פּאָר תפילין דערצו איז שוין ביי די פּאָליאַקן קיין ספק נישט געווען אַז זיי האָבן דאָ געפּאַקט דעם אמתן שפּיאָן. זיי האָבן דעם ייִדן גוט געשלאָגן, דערנאָך אַוועקגעפירט אים אויפן בית־עלמין און אים דאָרט דערשאָסן. דאָס האָט אויף אַלעמען איבערגעלאָזט אַ שווערן רושם. עס האָט קיין סך נישט געדויערט און די פּאָליאַקן האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל און די באָלשעוויקעס זענען אַריין. די ערשטע זיי אויפצונעמען און רעדן מיט זיי איז געווען צירע גענדעל. זי איז גלייך געקומען צו לויפן אין קעלער אָנזאָגן די בשורה אַז די כאַוויירים זענען דאָ און ס׳איז נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן. דערהערט

אזעלכע דיבורים, האָט מען גלייך געכאַפּט די בעבעכעס און געלאָפן יעדער צו זיך אַהיים.

דונילאָווקע האָט אויפגעלעבט, מאַניפעסטאַציעס, בלומען, רעדעס וואָס האָבן צוגעזאָגט פון כל־טוב האָבן נישט געפעלט. האָט מען ממש געטאַנצט אין די גאַסן פאַר פרייד. אויס מיט דער שקלאַפעריי, אַלץ געהערט צו אונדז: די וועלדער, די פעלדער, די טייכן, מיר זענען בעלי־בתים איבער דעם אַלעמען. האָט מען זיך טאַקע אַרויסגעלאָזט אין וואַלד אַריין און געבראַכט צו פירן געזונט האָלץ



אַ גרופּע דונילאָוויטשער יוגנט

צום הייצן. ווער עס האָט קיין פערד נישט געהאַט האָט ער געליִען ביי אַ צווייטן און געבראַכט זיך טרוקענע סוקעס. שפּעטער איז אַרויס אַ קלאַנג אַז ווער עס וויל בולבעס (קאַרטאָפל) מעג גיין אין פּריצישע פעלדער גראָבן וויפל איינער וויל. איז מען גאַנצע טעג געליגן אויף די פעלדער און אָנגעפולט זעק מיט בולבעס. מיר קליינע יאַטן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין גראַפס סאָד אַריין, געטרייסלט דיביימער און געשלעפּט עפּל און באַרן צום קאָכן קאָמפּאָט. דאָס בעסטע מאכל צו עסן מיט ברויט.

איינמאָל, זיצנדיק אַזוי אויף די ביימער אין סאַמע ברען פון לייגן עפּל אין טאָרבע צי אין בוזעם, איז אָנגעלאָפן אַ שייגעץ און גענומען שרייען אויף אונדז. קיינער האָט אים אָבער נישט געהערט. אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען מער ווי בלעטער נישט געבליבן אין די סעדער. אויך די ייִדישע בהמות האָבן געלעבט אַ

גוטן טאָג. פריִער פלעגן זיי האָבן די ערגסטע פּאַשע, איצט האָבן זיי זיך געפּי־טערט צוזאַמען מיטן גראַפס בהמות.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן די באָלשעוויקעס געמוזט אָפּטרעטן און די פּאָליאַקן זענען ווידער אַריין. עס האָט זיך גלייך געפילט דער אונטערשייד, גלייך די לופט וואָלט זיך געביטן. מענטשן האָבן פאַרלוירן די זיכערקייט און דאָס האָט זיך געמערקט ביי יעדן אויפן פּנים. באַלד האָט מען זיך דערוווּסט אַז מען האָט אָן שום סיבה דערשאָסן מענדל אַבעס, טאַקע ביי אים אויפן גאַניק. הגם דער פּראָנט האָט זיך שנעל אָפּגערוקט ווייט פון שטעטל, האָט מען דאָך מורא געהאַט צו ווייזן זיך אין גאַס. די געבליבענע עטלעכע כוליגאַנעס זענען געוואָרן די גאַנצע באַלעבאַטים.

ביסלעכווייז האָט זיך דאָס לעבן אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן. מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן, קראָמען האָבן זיך צוריק געעפנט, פּויערים האָבן ווידער אָנגעהויבן ברענגען יעדן דינסטיק אויפן מאַרק זייערע פּראָדוקטן צו פאַרקויפן און גלייכ־צייטיק געבן צו לייזן אין די קראָמען. דער פּראָנט איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דער געגנט פון גלובאָק־דיסנע.

איך דערמאָן זיך נאָך איין שווידערלעכע פּאַסירונג. אין איינעם אַ פרימאָרגן הער איך מען שרייט מיט געפערלעכע קולות אין גאַס. איך לויף אַרויס. מענטשן לויפן, שוואַרץ די גאַס. וואָס איז געשען? אַ סאָלדאַט איז פאַרבייגעגאַנגען מיכל דעם שמידס שטוב און האָט דערזען אויפן גאַניק עטלעכע יידישע מיידלעך. ער האָט אַראָפּגענומען די ביקס פון פּלייצע און אויסגעשאָסן אויף איינער פון די מיידלעך, טרעפנדיק איר אין קאָפּ מיט אַן אויפרייס־קויל אַזוי אַז די גאַנצע וואַנט איז באַדעקט געוואָרן פון איר מאַרך. אַזאַ טרויעריקע לוויה האָט נאָך דוני־לאָוויטש נישט געזען. מען האָט געמוזט אויפקלייבן שטיקער פלייש און וואַרפן אין אַ זאַק. איר פעטער שמואל־יהודה סקיראָנסקי האָט זיך געקייקלט אויף דער ערד און געשריִען מיט באַנומענע קולות. איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אַ גאַנץ שטעטל זאָל וויינען. ווען מען איז דערנאָך געגאַנגען זוכן יושר ביים פּאָ־רוטשניק (די מאַכט איז דאָך געווען ביים מיליטער אין די הענט), האָט זיך דער סאָלדאַט פאַרענטפערט אַז ער האָט בלויז געמיינט אַ שפּאַס צו טאָן, געמיינט אַז די ביקס האָט נישט קיין קויל. דערמיט האָט זיך דער ענין פאַרענדיקט. נישט געווען צו וועמען צו האָבן קיין טענות. דער גורל פון די שטעטלדיקע יידן איז איינגעשטאַנען ביי אַ פּאָר כוליגאַנעס אין די הענט.

אַזוי ווי דער פּראָנט איז געווען ווייט פון שטעטל, האָט זיך דאָ אַנטוויקלט דער האַנדל. עס האָט זיך געפילט אַ מאַנגל אין פּראָדוקטן. צוקער, למשל, איז אינגאַנצן נישט געווען בנמצא. האָט מען געטרונקען טיי מיט סאַכאַרין אָדער מיט געטרוקנטע פרוכט. קיין סך ברויט איז אויך נישט געווען. זאַלץ האָט אינגאַנצן אויסגעפעלט אאַ״וו. אַזוי האָט מען זיך געמוטשעט ביז עס איז געקומען צו אַ

שלום צווישן די באָלשעוויקעס און די פּאָליאַקן און דונילאָוויטש איז אַריינגע־פאַלן אונטער דער פּוילישער ממשלה.

די נייע פּוילישע מושלים האָבן גלייך באַוויזן זייערע פעיִקייטן צו רעגירן. אין משך פון אַ קורצער צייט איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ גמינע, אַ וואָיט און אַ ייִדישער סאָלטיעס. געהייסן האָט דער סאָלטעס אָרן־זעליק דרוץ, אַ שוסטער וואָס האָט נישט געקענט נישט לייענען, נישט שרייבן און דאָך איז ער אָפּגעווען פיר יאָר צייט אויף אָט דעם פּאָסטן. ווען ער פלעגט דאַרפן פונאַנדערטראָגן מעל־



דונילאָוויטשער מיידלעך ביים אויסנייען.

דונגען וועגן שטייערן, פלעגט ער מיט די פינגער אַ טאַפּ טאָן די מעלדונג און זאָגן: „נאַ דאָס דאַרף זיין פאַר דיר". און מערקווירדיק, ער פלעגט זייער זעלטן זיך טועה זיין. אין שטעטל פלעגט מען זאָגן אַז אָרן־זעליק לייענט בעסער מיט די פינגער ווי דער וואָיעט מיט די אויגן.

אין דער צייט פון דער מלחמה איז דונילאָוויטש שטאַרק פאַראָרעמט גע־וואָרן. די קראָמען זענען געווען ליידיק. נאָך אַזויפיל מאָל צעראַבירן זענען אַמאָ־ליקע גבירים פאַראָרעמט געוואָרן. אַ סך זענען אַרויסגעפאָרן קיין רוסלאַנד, טייל זענען אומגעקומען אין דער מלחמה, אייניקע זענען פאַרבליבן אין געפאַנגענ־שאַפט אין דייטשלאַנד. בקיצור, דונילאָוויטש איז אויסגעליידיקט געוואָרן. אָבער דער חשק צו לעבן האָט ביסלעכווייז געמאַכט פאַרגעסן אין די שווערע איבער־לעבונגען. יעדער אויף זיין שטייגער האָט זיך גענומען זוכן חיונה. אַלע געמויערטע קראָמען, טייל הייזער ווי אויך דער ברונעם האָבן געהערט צום דונילאָוויטשער

גראַף (טיסקעוויטש האָט ער געהייסן). אינגיכן זענען אַלע ווינונגען אָפּגעקויפט געוואָרן פון יענע וואָס האָבן זיי באַוווינט.

די נייע מושלים, די פּאָליאַקן, האָבן ביד חזקה זיך גענומען פאַרפּוילישן דעם אַלטן ווייסרוסישן געגנט וואָס זיינע איינוווינער האָבן יאָרהונדערטער לאַנג גע־רעדט זייער שפּראַך, ווייסרוסיש. קיינער האָט דאָרט קיין פּויליש נישט גערעדט און אַפילו נישט פאַרשטאַנען. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען די ווייסע צערקווע וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען, פאַרוואַנדלט אין אַ קאַטוילישן קלויסטער. דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט אַלע דערפער פון דער סביבה. דער עיקר איז דער פאַרדרוס געווען גרויס פאַר דעם וואָס מען האָט זיי די הייליקע בילדער נישט אָפּגעגעבן אויף איבערצופירן זיי אין נאָענטן דאָרף (אַזון), פינף קל״מ פון שטעטל. אין אָט דער ווייסער צערקווע האָבן זיך אַ סך ייִדן אויסבאַהאַלטן בעת די איבערשיסונגען האָבן אָנגעהאַלטן.

אינגיכן איז געקומען אַ מעלדונג פון דער רעגירונג אַז מען וועט עפענען אַן אָנפאַנג־שול, אין דער פּוילישער שפּראַך פאַר דער גאַנצער באַפעלקערונג און אַן שום אָפּצאָל. גאָר אַ קליינע צאָל קינדער האָבן זיך פאַרשריבן אין דער נייער פּוילישער שול. איך ווייס נישט די סיבות, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז פון גאַנצן שטעטל האָבן זיך איינגאַנצן צען (10) ייִדישע קינדער פאַרשריבן צו גיין אין שול. די איבעריקע קינדער זענען ווייטער געגאַנגען אין די חדרים, צו פייסע־לייבן און צו זלמן ראזאוו. ר'אזאוו איז שוין געווען גיכער אַ לערער ווי אַ מלמד פון אַ חדר. ביי אים פלעגט מען שוין לערנען ייִדיש, העברעיִש ווי אויך זינגען. איך דערמאָן זיך, איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, בין מנחה למעריב, האָט אַלטער דעם רבס אַ זאָג געטאָן צו די חברה, אַז עס וואָלט כדאי געווען זיך אַ שליטל צו טאָן ביז מען וועט דאָרט פאַרטיק ווערן מיטן מעריב דאַווענען און מיר זענען אַלע אַרויס. ווען מיר זענען צוריקגעקומען האָט דער רבי געפרעגט ווו מיר זענען געווען און ווען קיינער פון אונדז האָט נישט געענטפערט, האָט ער אונדז אויס־געשטעלט אין אַ שורה און איינגעטיילט יעדן פון אונדז צו דריי שייטלעך שווערע בעריאָזעווע האָלץ צו האַלטן. אַלע האָבן געשוויגן, נאָר איך דוד סקיראַנסקי האָט די קלעצער אַוועקגעוואָרפן. דער רבי האָט אונדז מכבד געווען מיט אַ פּאָר פּעטש און אָפּגעשיקט אַהיים.

## פאָלקסשול אין דוניליאָוויטש

מען האָט אָנגעהויבן רעדן ביי אונדז וועגן גרינדן אַ ייִדיש־וועלטלעכע שול. עס זענען אין אַלע דריי שולן צעקלעפּט געוואָרן מודעות אַז אַלע בעלי־בתים זאָלן זיך צונויפקומען אויף אַ פאַרזאַמלונג אין דער גרויסער שול. אַזוי ווי עס זענען צו יענער צייט קיין באַזונדערע פאַרטייען נישט געווען איז איינשטימיק באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ ייִדישע שול. די גרינדער זענען געווען: אַרן ליגומסקי, ברוך

קוליס, מוישקע לוריע, הירש באַרקין, שלום נאראצקי און שמואל־קלמן באַרקין. פון ווילנע האָט מען אַראָפּגעבראַכט צוויי לערערס, איינער אַ ראָזנפעלד, אַ סטו־דענט פון ווילנער אוניווערסיטעט, דער צווייטער, סאַלאָמאָן, אַ געוועזענער ווילנער גימנאַזיסט. עס זענען אויך צוגעצויגן געוואָרן, ווי צייטווייליקע לערערס, שמואל־קלמן באַרקין און ברוך קוליס. אַ פּאָר טעג האָט געדויערט ביז מען האָט, נאָך אַ קורצן עקזאַמען, איינגעטיילט די קינדער לויט די כיתות און די שול האָט אָנגע־הויבן פונקציאָנירן. דער ערשטער און צווייטער קלאַסן זענען איינגעאָרדנט גע־



אַ גרופּע דונילאָוויטשער יוגנט

וואָרן אין דער ווייבערשער שול, דער דריטער קלאַס איז געווען אין שול ביים טיש ווו ייִדן פלעגן לערנען משניות און דער פערטער קלאַס, אין דער חבדניצע.

זינט די שול האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן האָט דונילאָוויטש געביטן איר אויסזען. זי האָט גאָר אַן אַנדער פּנים באַקומען. פריילעכע קינדער־פּנימער האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן, די יוגנט האָט אויפגעלעבט און עפּעס האָט זיך אָנגע־הויבן צו באַוועגן. משה לוריע איז געפאָרן קיין ווילנע און איינגעקויפט דאָרטן געוואג ביכער, דאָס רוב לערן־ביכער פאַר די קינדער. מער האָט נאָך קיינמאָל אַזוינס נישט געזען אין שטעטל, מען איז געלאָפן אין ביבליאָטעק, ווי נאָך מצה־וואַסער, כאַפּן אַ בוך. די לערער האָבן געהאַט אַ שווערע אַרבעט אין שול, ווייל דער צוזאַמענשטעל פון די קינדער איז נישט געווען קיין איינהייטלעכער און זייער אַ צוריקגעשטאַנענער. אַ סך קינדער האָבן לויט זייער עלטער שוין לאַנג געדאַרפט האָבן געענדיקט די שול און דאָ האָבן זיי זיך געפונען אין די ערשטע קלאַסן

אאַ"וו. דערצו האָט נאָך אין די ערשטע פּאָר יאָר געהערשט דער דלות. עס איז ממש נישט געווען מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען.

עס איז דעמאָלט אין גאַנץ ווילנער קרייז אָנגעגאַנגען אַ גרויסע הילף־אַקציע פון נאָרד־אַמעריקע. האָט די שול־פאַרוואַלטונג געשיקט קיין ווילנע אַ דעלעגאַציע מיט אָרן ליגומסקי בראש און זי האָט אויסגעפּועלט אַז אויך דונילאָוויטש זאָל עפּעס געניסן פון דער דאָזיקער הילף. איז טאַקע אין אַ שיינעם פרימאָרגן געקומען די ידיעה אַז ס'איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט קליידונג, דערהויפּט פאַר קינדער. פלעגט מען גאַנצע טעג אָפּשטייך ביז מען האָט עפּעס באַקומען און ערשט האָט עס צו גאָרנישט געטויגט. די וואָס האָבן זיך געפעדערט האָבן נאָך געקראָגן אַמאָל אַ פּאָר שיכלעך אָדער עטלעכע פּאָר זאָקן וואָס די קינדער זאָלן קענען נוצן. די וואָס זענען אָבער געקומען אַ ביסל שפּעטער האָבן שוין געקריגן זאַכן וואָס האָבן נישט געטויגט. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן ביי שלום נאַראַצקי אין שטוב אַ קיך פאַר די שול־קינדער, ווו אַלע קינדער, אָרעם און רייך האָבן געקענט אָפּעסן אַ גאַנץ געשמאַקן מיטאָג. דאָס האָבן עס די לערערס אַזוי איינגעאָרדנט מחמת די אָרעמע קינדער פלעגן זיך תחילת שעמען צו זעצן זיך צום טיש עסן. ווען זיי האָבן אָבער געזען, אַז די רייכע קינדער, ווי אויך די לערערס גופא, זעצן זיך אַרום דעם טיש זענען זיי שוין אויך צוגעשטאַנען. די קיך האָט זיך פאַרמאַכט אידער דאָס לערן־יאָר האָט זיך געענדיקט, ווייל מען האָט אויפגעהערט שיקן פּראָדוקטן פון ווילנע.

אין משך פון דער צייט האָבן די לערערס צוגעגרייט אַ קינדער־פאָרשטע־לונג, די ערשטע פאָרשטעלונג וואָס דונילאָוויטש האָט געזען. קינדער האָבן דעקלאַמירט אין יידיש און אין פּויליש, אַז ס'איז געווען אַ מחיה צו הערן. קיי־נער האָט זיך נישט געגלייבט אַז אין אייז יאָר קען מען אַזוינס אויפטאָן. טאַטעס און מאַמעס האָבן געשעפּט נחת פון זייערע קינדער מען האָט זיך אַרומגעזען אַז די יידישע שול איז געווען אַ גאָר וויכטיקער אויפטו, אַז ווען נישט די שול וואָלטן די קינדער אינגאַנצן פאַרוואָרלאָזט געוואָרן. ווען דאָס לערן־יאָר האָט זיך פאַרענדיקט האָט די שול־פאַרוואַלטונג צונויפגערופן אַן אַסיפה פון אַלע על־טערן צו באַהאַנדלען די פראַגע וועגן בויען אַן אייגענעם בנין פאַר אַ פאָלק־שול, ווייל דאָס בית־מדרש איז נישט געווען פּאַסיק פאַר דעם. חוץ דעם איז מען נישט זיכער געווען צי די פרומע יידן וועלן מסכים זיין אַז אין בית־מדרש זאָלן לערנען ייִנגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען און דאָס נישט אין קיין הייליקע ספרים.

יידן האָבן אָפּגעשאַצט די וויכטיקייט פון אַן אייגענעם שול־בנין און מען האָט גלייך אויסגעקליבן אַ בוי־קאָמיסיע אין וועלכע ער זענען אַריין: דן פייגל, זיסע קליאַנסקי, שלום נאַראַצקי, ברוך קוליס, הירשל, באַרקין, אָרן ליגומסקי, מוישקע לוריע, יאַנקל אַבעל, מאָטע בערגמאַן, מאַקס דראַטווע, ישראל־חיים גור־וויטש און אַנדערע. מען האָט אויסגענוצט אַ גרויסן לידיקן פּלאַץ וואָס האָט זיך געפונען לעבן דער באָד און באַשטימט אויפצושטעלן דאָרט דעם בנין.

עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן די פיבערדיקע אַרבעט פון ברענגען בוי־מאַטער־יאַלן, עס האָט זיך צעקלונגען דאָס בוי־געצייג, די פרייד פון בויען איז געווען צו מערקן אין אַלעמענס פנימער. ווען דער בנין איז פאַרטיק געוואָרן האָט מען געפייערט דעם חנוכת־הבית. דער בנין איז נישט געווען קיין גאָר באַקוועמער, אײנגאַנצן צוויי צימערן, דאָך האָט זיך די גאַנצע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אַהין איבערגעטראָגן.

מיטן דערעפענען דאָס צווייטע לערינאַר האָט דאָס שטעטל געגומען פאַר־גרעסערן די שול אימפעטיק, גלייך ס'וואָלט געוואָלט אָניאָגן די פאַרשפעטיקטע יאָרן.



אַ גרופּע דונילאָוויטשער יוגנט

עס זענען צוגעקומען נאָך צוויי לערערס, אַראָנאָוויטש, אַ ווילנער און אברהם וויינשטיין, אַ זאַמאָשטשער און זיי האָבן איבערגענומען די אָנפירערשאַפט פון דער שול ווי אויך מיט דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס זענען געגרינדעט געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע. דער אָפּצאָל איז געווען גאָר אַ קליינער. אַזוי אַז ווער עס האָט נאָר געהאַט דעם קלענסטן ווילן זיך עפּעס אויסצולערנען האָט עס געקענט. עס איז טאַקע געווען אַ גרויסער דערפאָלג. די קורסן זענען שטאַרק באַזוכט געוואָרן. געלערנט האָט מען דאָרט מאַטעמאַטיק, יידישע ליטע־ראַטור און פויליש. עס איז אויך געעפנט געוואָרן אַ לייען־זאַל, וואָס פלעגט איז די אָוונטן זיין געפּאַקט. אַהין פלעגט מען זיך צונויפקומען זיך אויסלעבן גייסטיק און טאַקע אַ לייען־טאָן די צייטונגען וואָס פלעגן אַהין אָנקומען, ווי דער ווילנער

טאָג, די פֿאָלקס־צייטונג, היינט, מאָמענט, די ליטעראַרישע בלעטער, דער פֿאָלקס־געזונט און אייניקע פּוילישע צייטונגען. די לערערס האָבן אָנגעהויבן צו געבן לעקציעס. וויינשטיין, אַ געוועזענער קלויזניק און ביאַליקס אַ תּלמיד, פֿלעגט שטענדיק רעדן וועגן פּרצן. עס פֿלעגן קומען אַזויפֿיל מענטשן צו זיינע לעקציעס, אַז אויב מען איז געקומען אַ ביסל שפּעטער איז מען שוין פֿאַרבליבן אויף דער גאַס, ווייל אינעווייניק איז קיין פּלאַץ נישט געווען.

די ביבליאָטעק איז וואָס ווייטער אַלץ מער געוואַקסן און די צאָל לייענערס האָט זיך פֿאַרגרעסערט. איז נאָר דערשינען עפּעס אַן אינטערעסאַנטער בוך פֿלעגט מען זיך רייסן איבער דעם. נישט איינמאָל פֿלעגט טרעפֿן אַז מען פֿלעגט לויפֿן צום לייענען אַ היים און זיך אַוועקזעצן וואַרטן ביז יענער וועט ענדיקן לייענען און אַזוי אַרום אַריינקריגן דעם בוך. עס פֿלעגט צומאָל אויך דערגיין צו קריגע־רייען. עס פֿלעגן אויך פֿאָרקומען פֿאַרלעזונגען. דערויף איז דער גרעסטער בריה געווען אָרן ליגומסקי, אַ געוועזענער ישיבה־בחור. ער איז געווען בקי אין דער יידישער ווי אין דער רוסישער ליטעראַטור. פֿלעגט ער לייענען פּרצן זענען אַלע געזעסן ווי צוגעשמידט צום אָרט, האָט ער ווידער געלייענט שלום-עליכמען פֿלעגט מען קייכן פֿון געלעכטער.

מען האָט זיך פֿלוצים אַרומגעזען, אַז דער פֿאַראַנענער בנין איז קליין פֿאַר דער שול, מחמת עס זענען וואָס אַמאָל צוגעקומען מער קינדער, האָט מען גענומען קלערן וועגן בויען אַ צווייטן, גרעסערן און באַקוועמערן בנין. מען האָט שוין אויך אינזינען געהאַט צוצוגרייטן אַ גרעסערן לאָקאַל, וווּ מען זאָל קענען איינאָרדע־נען טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען און קינדער־אונטערנעמונגען. ביז דעמאָלט האָט מען געמוזט אָנקומען צום פּוילישן קלוב וועלכער איז כלל נישט געווען צוגעפּאַסט פֿאַר אַזעלכע אונטערנעמונגען. חוץ דעם פֿלעגט מען אים נישט תּמיד קענען באַ־קומען. מען האָט זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך ווענדן צו די דונילאָוויטשער אין נאָרד־אַמעריקע נאָך מאַטעריעלער הילף. די אַמעריקאַנער האָבן זיך אָפּגערופֿן, מיטגעשטייערט אָבער עס האָט נישט גע־קלעקט צו דעקן אַלע אויסגאַבן אָזו מיר זענען געבליבן בעלי־חובות. מען האָט אָנגעהויבן זוכן מיטלען אַרומצוצאָלן זיך פֿון די חובות. אַ סך האָבן מיטגעשטיי־ערט מיט זייער אַרבעט פֿאַרן בנין. אַזוי, למשל, זענען הירשקע טראָצקי און אליקום גורעוויטש געפֿאָרן אין וואַלד ברענגען מאָך אא״וו.

עס האָט זיך געשאַפֿן אַ דראַמאַטישער קרייז אונטער הירשל באַרקינס אָנ־פֿירערשאַפֿט. עס האָבן זיך באַטייליקט אָרן ליגומסקי, ברוך קוליס, לייבקע צעפּעלאָוויטש, אַבע גענדעל (היינט אין בראַזיל), ריסע סקיראַנסקי, סאָקע צעפּע־לאָוויטש (אַ פּאָסטאָווער), סאָרקע פּייגעל און די שוועסטער עטעריסע, ראָכקע און סאָניע חדש. אָט די שוועסטער האָבן זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זייער שפּילן, זינגען און רעציטירן. מיט גרויס דערפֿאָלג איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן די ערשטע פּיעסע, גאָרדינס כאַסיע די יתומה. פֿאַרשטייט זיך, אַז די גאַנצע הכנסה איז געווען

פאַר דער שול. ווען זלמן רייזין איז איינמאָל אַראָפּגעקומען אין שטעטל צו האַלטן אַ רעפעראַט איז עטעריסע חדש אויפגעטראָטן מיט שלום עליכמס אַ מאָנאָלאָג (גענדז). ער איז געבליבן זייער באַגייסטערט פון איר אויפטריט און ער האָט געזאָגט אַז דונילאָוויטש האָט זיך נישט וואָס צו שעמען מיט אַזעלכע קינסטלע־רישע כוחות אַפילו אין ווילנע. נאָך אַזאַ דערפאָלג האָט מען שוין שפּעטער דורכ־געפירט נאָך עטלעכע אָוונטן. צווישן אַנדערע פּיעסן האָט מען אויפגעפירט מאָטקע גנב און דאָס גרויסע געווינס. הירשל באַרקין, אַ שטיקל יודע־נגן, אַ פידלער



אויפן בריק אין דונילאָוויטש

הייסט עס, האָט צוזאַמענגעשטעלט אַן אָרקעסטער אין וועלכן עס האָבן זיך באַ־טייליקט: הירש באַרקין, מאיר סווירסקי, יאָשקע אַבעל, סאיאשקע קאַצאָוויטש, אַבראַשקע צעפּעלאָוויטש און שמואל באַרקין. חוץ דעם וואָס מען פלעגט איינאָר־דענען טענץ־אָוונטן פאַר דער יוגנט, פלעג דער אָרקעסטער שפּילן אויף חתונות און די הכנסה פלעגט זיין פאַר דער פאָלקס־שול.

נאָך די אַלע גליקן אָבער האָט תמיד אויסגעפעלט געלט אויף אויסצוהאַלטן די שול. קינדער זענען געווען אַ סך אָבער נישט אַלע זענען געווען בכוח צו צאָלן שכר־לימוד. מען האָט געמוזט ברענגען נאָך לערערס, מען האָט אויך געקלערט איינצושאַפן אַ קינדער־ביבליאָטעק וועלכע איז געווען נייטיק פאַר דער אַנטוויק־לונג פון די קינדער און אויף איינצושאַפן עס מוז מען האָבן געלט. האָט מען זיך דערקלערט צו עפּעס אַזאַ נייס וועגן וועלכן דאָס שטעטל האָט ביז דעמאָלט נישט געוווּסט. מען האָט איינגעאָרדנט אַ משפט איבער אַשס מאָטקע גנב. עס איז גע־מאָלדן געוואָרן אַז ווער עס וויל זיך באַטייליקן אינעם משפט זאָל זיך גרייטן

דערצו און באַצייטנס מודיע זיין. דער משפט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין צווייטן בנין, אַלע צימערן זענען געווען געפּאַקט. עס האָבן זיך געמאָלדן באַשולדיקער און פּאַרטיידיקער צווישן וועלכע מען קען אויסרעכענען אַראַנאָוויטש, וויינשטיין, אַבעס, ליגומסקי, באַרקין, קוליס א״אַ. די דיסקוסיעס האָבן זיך נאָך דעם געצויגן וואָכן-לאַנג ביז דער עולם האָט דעם ענין צעקייט. אָט אַזעלכע אָונטן האָבן אַריינגעטראָגן אויפלעבונג אין מאָנאָטאָנעם לעבן פון שטעטל.

אינגיכן איז ווי פון דער העלער הויט פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער פאָלק-שול. דער נייער העברעיִשער לערער היטלמאַכער, מיט דער צושטימונג פון ברוך קוליס, רבקה פייגעל א״אַ האָבן געפּלאַנט צו מאַכן אַ תרבות־שול. מען האָט צוגענומען צוויי לערערס און אַ 20 קינדער און די שפּאַלטונג איז געוואָרן אַ פאַקט. גאַנץ דונילאָוויטש איז געגאַנגען כאַדאָראָם. עס האָבן זיך גלייך געשאַפן צוויי צדדים: איינער פאַר יידיש, דער צווייטער פאַר העברעיִש, און ס׳איז געוואָרן אויס איינקייט. פּונקט ווי ביז איצט זענען אַלע, די עלטערן ווי די יוגנט, געווען געאייניקט אויף אַלע געביטן פונעם אָרטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַזוי איז מען איצטער געווען צעשפּאָלטן. די זעלבע חברים וואָס האָבן די גאַנצע צייט געאַרבעט אינאיינעם זענען זיך פּלוצים געוואָרן דם־שונאים. עס איז געקומען צו אָפּטע קריגערייען, מען פלעגט איינער פאַרן אַנדערן לויפן צו די עלטערן כדי צו פאַר־כאַפּן די קינדער, יעדער איינער פאַר זיין שול. די תרבותניקעס האָבן באַלד גע־נומען פאָדערן מען זאָל זיי אָפּגעבן אַ בנין פאַר זייער שול און מען האָט זיי געמוזט נאָכגעבן.

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ קריגעריי, וואָס סוף כל סוף איז עס געווען אַ מחלוקת לשם שמים, האָט געבראַכט מזל־ברכה, ווייל יעדער פון די צדדים האָט גע־וואָלט באַווייזן זיינע אויפטוען און אַזוי אַרום צוגעצויגן וואָס אַמאָל מער קינדער פאַר די שולן. מען איז אַריינגעקומען צו די אָרעמסטע שיכטן און פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט די קינדער און זיי געגעבן אַ גוטע דערציִונג. עס איז אויך אַריינ־געצויגן געוואָרן מער יוגנט אין די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן. עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן דער השומר הצעיר וועלכער האָט אָנגעהויבן אַ ברייטע ציוניסטישע אויפקלערונג־אַרבעט, געגרינדעט הכשרות, צוגעגרייט יוגנט פאַר עליה אאַ״וו. די תרבותניקעס האָבן אויך משפיע געווען אויף די פרומע יידן (בערד פלעגט מען זיי רופן). זיי פלעגן שטיצן די דאָזיקע באַוועגונג מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקענט. אָט, למשל, אַזאַ ייד ווי אייזיק דאדקעס, וועל־כער פלעגט באַקומען געלט פון נאָרד־אַמעריקע, פלעגט צאָלן 5 דאָלאַר אַ חודש (דאָס איז דעמאָלט געווען אַ גאָר גרויסע סומע). דער איינציקער דאָקטער, ברודני, ווי אויך דער אַפּטייקער זענען געווען ציוניסטן און האָבן געשטיצט די באַווע־גונג. די ציוניסטן זענען געווען זייער אייניק צווישן זיך, זיי פלעגן זיין אַ פריי־לעכע חברה, שטענדיק געווען האָפערדיק, תמיד גרייט געווען צו כאַפּן אַ טענצל.

דאָס האָט זיי די האָפענונג צו פאָרן קיין ארץ־ישראל צוגעגעבן מוט און זיי גע־מאַכט לעבעדיק און מונטער.

דערווייל האָט זיך די לאַגע פון דער פאָלק־שול פאַרערגערט. מען פלעגט שוין לויפן זוכן קינדער אָן שום אָפּצאָל. זי האָט טאַקע געהאַט מער קינדער, אָבער עס איז נישט געווען מיט וואָס אויסצוהאַלטן די שול. מען האָט געמוזט אַלעמאָל איינאָרדענען פּרישע אונטערנעמונגען. זיי פלעגן אָבער אָנקומען שווער, ווייל אָפטמאָל פלעגט די פּאָליציי, אַ פּאָר שעה פאַר דער פאָרשטעלונג, פאַרבאָטן



דונילאָוויטשער יוגנט

די אונטערנעמונג. מען פלעגט שוין קיינמאָל נישט זיין זיכער צו וועט מען קענען דורכפירן אָן אָוונט. דער דעפיציט איז געוואַקסן. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן אַז אַ סך פון די קינדער וואָס באַזוכן די שול זענען זייער שוואַך און פאַרלירן דעם זכרון. נאָך אַ קליינער חקירה ודרישה האָט מען זיך דערוויסט, אַז דאָס קומט צו זיי פון קנאַפּער דערנערונג. האָט מען באַשלאָסן אויסצוטיילן אַלע אינדערפרי די קינדער אַ געשמאַקן אָנבייסן. עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָמיסיע וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט צוגרייטן דעם פרישטיק, קאַווע און ברויט מיט פּוטער. אויף צו קריגן די פּראָדוקטן פלעגט מען מוזן אַרומגיין איבער די הייזער זיי צונויפנעמען. אין דער קאָמיסיע האָבן זיך באַטייליקט: שיינקע יאפע, איטעלע, ראָכקע און געסע גורוויטש און חנה און ראכקע גינזבורג. בקיצור, עס איז גע־ווען אַרבעט איבערן קאָפּ, קיין זאַך איז נישט אָנגעקומען גרינג. דער דלות איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט געמוזט אָפּזאָגן די דינסט וואָס האָט געוואַשן

די פּאָדלאָגע און געהייצט דעם אויוון. סך־הכל האָט זיך עס געהאַנדלט אין 90 זלאָטעס אַ חודש. די אַרבעט האָבן אויף זיך גענומען די שול־אַביטוריענטן: אברהמקע גורוויטש, בערגע צייטלין, יונה קוריצקי, לייבע אַקס, שיינקע קאַמינ־קאָוויטש, רבקה אָקס א״אַ.

אַזוי זענען אַריבער עטלעכע יאָר, די עלטערע זענען אַוועק, די יונגערע זענען געוואָרן די כלל־טוער. כדי מען זאָל האָבן אַ פאָרשטלונג וועגן דעם באַטייט און אויפטו פונעם דראַמקרייז, איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אברהמקע גינזבורג, אַן אַביטוריענט פון דער פאָלק־שול, איז מיט דער צייט אַוועק קיין סאָוועט־רוס־לאַנד און דאָרט געשפּילט טעאַטער אונטער מיכאל ווייכערטס אָנפירערשאַפט. אויך דער כאָר פונעם שטעטל איז שפּעטער באַוווסט געוואָרן אין דער גאַנצער געגנט. אונטער דער אָנפירונג פון אברהם גורוויטש פלעגט ער אַרומפאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך, גלובאָק בתוכם, און גיבן קאָנצערטן.

עס האָט זיך אָבער באַלד גענומען פילן די שווערע לאַפּע פון דער פּוילי־שער רעאַקציאָנערער רעגירונג. דורך אַלע וועגן און מיטלען האָט זי גענומען פאַרפאָלגן די ייִדישע פאָלק־שול. די ייִדישע דונילאָוויטש האָט זיך צעוואַקסן און מיט דעם אויך די השגות אויסצוברייטערן אירע קולטור־טעטיקייטן. נאָך אין 1934 האָט מען געפּלאַנט צו בויען אַ גרויסע שול מיט אַן אייגענעם טעאַטער־זאַל. דערויף איז אָפּגעקויפט געוואָרן אַ גרויסער פּלאַץ, נישט ווייט פון דער בוינע, און ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ שיינער און באַקוועמער בנין. קיין איינע פון די אַרומיקע שטעטלעך האָט אַזאַ בנין נישט פאַרמאָגט.

עס איז כדאי איבערצוגעבן וואָס נחמן מייזל דערציילט (אין בוך געווען אַמאָל אַ לעבן) וועגן דונילאָוויטשער שול. ער שרייבט: „עס איז אינטערעסאַנט וואָס די שול־טוער פון דעם שטעטל דונילאָוויטש האָבן געזאָגט דעם שליח פון צ. ב. ק. (ווילנע צענטראַלע בילדונג־קאָמיטעט) צום שרייבער אהרן מאַרק: מיר מוזן האָבן אַן אייגענעם בנין אַ געמויערטן, אַ פייער־זיכערן. ווען ס׳וואָלט אונדז אַפילו די מאַכט נישט געוווען געפּסלט דעם איצטיקן לאָקאַל וואָלטן מיר אַליין פאַר אונדזער קינדערס וועגן געמוזט עס טאָן. די שול איז פאַר די לעצטע יאָרן אויסגעוואַקסן אין כמות און אין איכות. צעשפּאַרט די ענגע ווענט, מיר מוזן האָבן מער רוים, מער לופט, אַ ברייטערן האַריזאָנט אַרום דעם בנין״. עס ווערט אין אָט דער נאָטע נישט דערמאָנט קיין שום דאַטע און עס ווערן אויך קיין נעמען נישט אָנגעגעבן. אַלץ גייט אויפן חשבון פון אַנאָנימע שול־טוער.

## פון יאַנקעלעס חדר

אויף יעדער קולטור־באַוועגונג וואָס פלעגט אויפקומען אין שטעטל פלעגט מען זאָגן, אַז דאָס קומט פון יאַנקעלעס חדר. דאָס האָט געמיינט אַז מען איז גייסטיק אינספּירירט געוואָרן פון יאַנקל אַבעל. י. אַבעל איז געווען דער גע־

בילדעטסטער און אינטעליגענטסטער ייִד פון דונילאָוויטש. ער האָט געהערט צו די פּריוויליגירטע סאָציאַליסטן. ער איז געווען דער ערשטער אפיקורס אין שטעטל. אַ דאַנק אים איז אויפגעקומען די קולטור־באַוועגונג אין שטעטל. קיין שום קולטור־אונטערנעמונג איז נישט פאָרגעקומען אָן זיין באַטייליקונג, ווי אויך אָן זיין עצה. ער איז געווען דער גייסטיקער מנהיג פון דונילאָוויטש.

די פרייד פון בויען און קולטור־אויפבלי איז, אין סאַמע אָפּאָגיי פון איר אויפשטייג, מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן.

## דער אַריינקום פון די דייטשן אין דונילאָוויטש

### פון יצחק מושקאַט

(פּליט, געפינט זיך אין אַרגענטינע)



עס איז געווען נאָכן שווערן ווינטער פון יאָר 1940. די רויטע אַרמיי האָט געהאָט באַזעצט דאָס שטעטל. איך האָב דעמאָלט, אין חודש יוני, געאַרבעט אַלס גערטנער. עס זיינען אין יענעם יאָר אויסגעפרוירן כמעט אַלע פרוכט־ביימער, און פרילינג האָט מען געדאַרפט אַרויספאָרן אי־בערצייילן אַלע איבערגעבליבענע ביימער. איך האָב איינגעשפּאַנט מיין פערד. דער טאָג איז געווען זייער שיין. פּלוצלונג איז געוואָרן אַ טומל. אונדזער דירעקטאָר איז געקומען צו לויפן און אָנגעזאָגט אונדז די גוטע בשורה, אַז מיר זיינען אין קריג. קיינער איז שוין אין ערגיץ נישט געפאָרן. אין 2 שעה אַרום האָט מען שוין געזען לויפן די שטאָלענע פייגל. עס איז געוואָרן אַ לויפעניש. אַלע רוסישע אַנשטאַלטן האָבן זיך גענומען פּאַקן. 3 אַזייגער פאַרטאָג האָט מען מיר געבראַכט אַ צעטל, כ׳זאָל זיך צושטעלן צום מאָביליזאַציע־פּונקט. 6 אַזייגער פרי האָט מען מיר געגעבן 2 פערד מיט אַ גרויסן וואָגן און מען האָט מיר געהייסן פאָרן אין דער ריכטונג צו גלובאָק. אויפן וועג האָט זיך שוין געצויגן גאַנצע קאָלאָנעס. פון הינטערן וואָגן צוגעבונדן בהמות, ציגן. אויך מיליטער איז געגאַנגען נענטער צום רוסישן גרענעץ. די פּאַניק האָט מען שוין געפילט אין דער פולער מאָס. מען האָט אויך אַרויסגעלאָזן אַלע אַרעסטירטע. קומענדיק קיין גלובאָק האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ

זייטיקן פלאַץ, ווייל אין אַנדערע ערטער האָט מען שוין באַמבאַרדירט. איך האָב געטראָפן אַ 20 מאַן אין גלובאָק פון אונדזער יוגנט. זיי זיינען אויך געלאָפן נעענטער צום גרענעץ. פלוצלונג האָט מען אונדז אָנגעזאָגט אַז ס'איז שוין צו־שפעט און יעדער איינער קען זיך גיין ווו ער וויל. איך האָב מיינע 2 פערד אי־בערגעגעבן אונדזערע שטעטלדיקע חברה און אַליין מיט נאָך דונילאָוויטשער האָבן מיר זיך אומגעקערט צוריק אין שטעטל. מיר האָבן דאָך געלאָזן אונדזערע פאַמיליעס.

ווען מיר זיינען געקומען אין דונילאָוויטש צוריק איז נאָך געווען ליכטיק. דאָס שטעטל איז געווען געפּאַקט מיט פּויערים פון די דערפער וואָס זיינען גע־קומען ראַבעווען. די ייִדן זיינען געווען אין די הייזער פאַרשפאַרט מיט שרעק און געוואַרט אויפן ווייטערדיקן גורל. מען האָט זיך געפּאַקט. אייניקע זיינען גע־פאָרן, אָבער מיט קינדער איז געווען אוממעגלעך. מען האָט זיך געמוזט אומקערן צוריק. עס האָט אַזוי געדויערט ביז די דייטשן זיינען געקומען. מען האָט דער־ווייל גענומען מאַכן אַ טאָלק מיטן ביסל גוטס. יעדער ייִד האָט געהאַט אַביסל באַקאַנטשאַפט מיט די פּויערים פון די דערפער און פון שטעטל. מען האָט אַלץ גענומען אָפּגעבן די פּויערים אויף צו באַהאַלטן. דאָס האָט נאָך געהאָלפן מער צו אונדזער אומגליק, ווייל יעדער פּויער האָט דערנאָך געהאָלפן די מערדער, כדי ביי זיי זאָלן בלייבן די ייִדישע גוטס. דערווייל האָבן זיך גענומען אָרגאַני־זירן די פּוילישע יוגנט. דייטשע שפּיאָנען זיינען שוין געווען ווי פליגן. נאָך זעקס טעג וואַרטן איז 9 אינדערפרי אַריין דער ערשטער דייטשער טאַנק. עס זיינען נאָך ווו נישט ווו געגאַנגען באַהאַלטענערהייט איינצלנע רוסישע סאָלדאַטן. עס איז פאָרגעקומען אַ קליינע איבערראַשונג, אָבער אַלץ האָט דערפאַר אָפּגעצאָלט דער ייִד. נאָכן ערשטן טאַנק האָט אין אַ 2 שעה אַרום זיך אָנגעהויבן צו שיטן מילי־טער ווי זאַמד. אונדזער שטוב איז גראָד געווען ביים גאַנג פון די סאָלדאַטן. די טיר האָט זיך נישט צוגעמאַכט. מען האָט זיך גלייך גענומען טשעפּען און מען האָט דערביי נישט געזשאַלעוועט קיין קלעפּ.

מען האָט אָנגעהויבן נעמען צו דער אַרבעט אַלעמען. די ערשטע אַרבעט איז געווען פאַרריכטן די וועגן, ווייל די שווערע וועגענער, טאַנקן, האָבן צעגראָבן די וועגן. די ייִדן האָבן דאָס געמוזט גלייך פאַרריכטן. מען האָט געטראָגן פון וואַלד אויף די פּלייצעס די שווערסטע קלעצער. ביי דער זייט פלעגן גיין די מערדער און אונטערטרייבן וואָס גיכער אַזוי אויך נאָך פאַרשיידענע אַרבעט וואָס עס האָט זיך זיי נאָר פאַרגלוסט, ווי וואַשן די וועגענער, וואַשן די פערד, רייניקן די שיך. דאָס איז געווען די ערשטע טעג. אין שטעטל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ביסל מיליטער איינצושטעלן די אָרדענונג. אויך האָט זיך גלייך געשאַפן פּוילישע פּאָליציי, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן. מען האָט גלייך גע־נומען אַרויסגעבן באַפעלן: 9 אַזייגער מוזן זיך אַלע ווי איינער צונויפקלייבן לעבן אָזערע. ווען מען וועט נאָך 9 געפינען אין שטוב — איז טויט. פאַרשטייט זיך

אַז אַלע זײַנען שוין געווען פֿאַר דער צײַט אויפֿן פּלאַץ. דער ערשטער געשריי פֿון מערדער איז געווען: אויסשטעלן זיך אין אַ קרייז, פּרויען באַזונדער, מענער באַזונדער. מען האָט בלויז געפּילט ווי די הערצער קלאַפּן פֿון שרעק. באַפֿעל 1: אַלע ייִדן מוזן ביז מאָרגן אָנטאָן געלע לאַטעס, פֿון בײדע זײַטן אָנגעשריבן מיטן אות יוד; אויף די טראָטואַרן טאָן קיין ייִדן נישט גיין, אויך ווייטער ווי 3 קילאָ־מעטער פֿון שטאָט טאָר ער נישט גיין, און אַלע טאָג, פּינקטלעך זיך צושטעלן



שעפּטל רודערמאַן,



אברהם־חיים מושקאַט, פּאַרטיזאַן

צו דער אַרבעט. און נאָך צענדליקער באַפֿעלן גלײַך האָבן גענומען בושעווען די פּוילישע פּאָליציי. איך געדענק ווי מ'האָט אונדז אַרײַנגעטריבן אין אַזערע וואַשן די דײַטשע וועגענער.

אײנמאָל, גײענדיק פֿון דער שווערער אַרבעט אַהײם, האָט אַ פּויער געגעבן יעקב מאַנפּילן אַ קעפּל קרויט. דאָס האָט באַמערקט אַ דײַטש. מען האָט אים גלײַך מכבד געווען מיט 10 שמיץ, פֿון וואָס ער האָט זיך 2 וואָכן נישט געקאָנט רירן פֿון אָרט. די פּוילישע פּאָליציי פֿלעגט יעדן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, צונויפֿ־טרײַבן אַלע יונגע מענטשן, אין אַ שרעקלעכער קעלט, הייסן לײגן זיך אין טײַך און דערנאָך אַרויסטרײַבן און געהייסן זיך קײַקלען אין בלאָטע. אין אײנעם אַ טאָג, ווען איך האָב געאַרבעט מיט נאָך צען מאַן אויף די גערטנער, קומענדיק שפּעט פֿון דער אַרבעט, איז געקומען צו אונדז אַ פּאָליציאַנט און באַפֿוילן אַז אין 10 מינוט מוז איך גלײַך קומען מעלדן זיך אין דער פּאָליציי. מיר האָבן

געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט. אָבער קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט. קומענ־דיק אין דער פּאָליציי האָט מען מיר געגעבן אַ בריוו, אַז איך זאָל אים אַוועק־טראָגן אין אַ דאָרף זופערקע, 8 קילאָמעטער פון שטעטל און אין משך פון 3 שעה זאָל איך זיין הין און צוריק און ברענגען אַ באַשטעטיקונג. איך בין געלאָפן וויפל כוחות איך האָב נאָר געהאַט און געבראַכט די באַשטעטיקונג.

ווי איך בין אַריין אין דער פּאָליציי, האָב איך דאָרטן באַמערקט שטיין דעם ערגסטן מערדער, אַ פּוילישן שייגעץ, וואָס זיין אַרבעט איז נאָר געווען צו פּייניקן יידן. אַז איך האָב אים דערזען האָב איך שוין געוווּסט, אַז טרוקן וועל איך שוין נישט אַרויס. איך האָב בלויז אַ פרעג געטון צי איך בין פריי און צו כ׳קען שוין גיין. נאָר דער מערדער האָט לוסטיק אַ זאָג געטון, אַז פון אים בין איך נאָך נישט פריי. ער האָט מיך גלייך אַריינגעפירט אין אַ באַזונדערן צימער און אָן אַ פּאַרוואָס גענומען שלאָגן, ביז וואַנען איך בין געפאַלן. דערנאָך האָט ער געכאַפּט די ביקס און ווידער געשלאָגן, ביז וואַנען ער האָט מיר אויסגעהאַקט עטלעכע ציין. ווען איך האָב אָנגעהויבן שטאַרק צו שרייען איז אַריין אַ צווייטער און האָט מיר געהייסן גיין. ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל קיינעם נישט דערציילן ווער עס האָט מיך געשלאָגן, ווייל ער וועט דעמאָלט די גאַנצע פאַמיליע שלאָגן. איך בין שוין געווען צופרידן וואָס איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון דעם מערדער און מיט ווייטיקן האָב איך צומאַרגנס ווידער געמוזט גיין צו דער אַרבעט.

מען האָט אויך שטאַרק צעשלאָגן מיין טאַטן און ברודער, דערפאַר ווייל מען האָט אַוועקגעגעבן אַ וואָגן צו אַ באַקאַנטן קריסט און דאָס האָט געמסרט אַ צווייטער. מען האָט זיי אַזוי צעשלאָגן, אַז זיי זיינען געשוואָלן פון די קלעפּ. מען האָט אויך גלייך גערופן די עלטערן וואָס זייערע קינדער זיינען אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, ווי: יואל־פּיניע סווירסקי, שלום נאַראַצקי, באַרקאַן און נאָך אַ סך אַנדערע, ווייל קיין סך האָבן זיי נישט געדאַרפט זוכן. וועמען עס האָט זיך נאָר פאַרגלוסט שלאָגן, האָט דאָס גלייך געקאָנט טאָן.

מען האָט באַפוילן אויסצוקלייבן אַ יידישע קהילה (יודנראַט), ווו אַלע באַ־פעלן ווי אויך די אַרבעט־אויפגאַבעס האָט מען איבערגעגעבן דעם זעלבן. צו דער קהילה איז געווען יידישע פּאָליציי און פאַרשיידענע... און זיי פלעגן אויספילן אַלין וואָס מע, האָט זיי אָנגעזאָגט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז אַלע יידן מוזן זיך אַריינקלייבן אין אַ געטאָ. אונדזער שטעטל איז געווען האַרט ביי אַן אָזיערע און טייך, און די גאַס וואָס איז געווען לעבן אָזיערע האָט מען באַ־שטימט פאַר אַ געטאָ... די 1000 מאַן וואָס דונילאָוויטש האָט פאַרמאָגט האָבן זיך געדאַרפט אַלע אַריינקלייבן אין אַ איין קליין געסל. אין 24 שעה האָבן אַלע געמוזט זיין אין געטאָ און מער ווי 25 קילאָ האָט מען נישט געטאָרט נעמען מיט זיך. מעבל און בעסערע זאַכן ווי אויך קי, פערד, האָט מען גלייך צוגענומען.

וויפיל יעדער האָט נאָר פאַרמאָגט האָט מען שטילערהייט איבערגעפירט אין געטאָ.

די געטאָ איז געווען אין גאַנצן אַרומגעצוימט און אַ טויער אויף אַרויסצו־גיין. דער טויער איז געווען האַרט לעבן קאפעליאָוויטשעס שטוב און אין דער שטוב לעבן טויער איז געווען דער יודענראַט. מען האָט, ווי עס איז, צונויפגע־שפּאַרט די טויזנט מאַן צו עטלעכע פאַמיליעס אין אַ שטוב. דאָ האָט מען אָנגע־הויבן צו פילן דעם טויט לעבן זיך. שוין אָפּגערעדט וואָס מען האָט אַלע טאָג


לאה בער לאַרענס־קאַגאַן


חייקע מושקאַט

געטריבן צו די שווערסטע אַרבעט, — איז מען דאָך געווען צופרידן. מען האָט אַליין געזוכט צו שאַפן וואָס מערער אַרבעט, ווייל די שטעטלעך וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט האָט מען גלייך אומגעבראַכט. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן באַשטעלונגען פון דער פוילישער פּאָליציי. עס זיינען געווען 40 פּאָליציאַנטן און זיי זיינען געקומען טאָג־טעגלעך מאַכן פאַרשיידענע באַשטעלונגען, ווי: אַנצוגן, שיך, שטיוול. וואָס זיי האָבן נאָר געפאָדערט האָט געמוזט צוגעשטעלט ווערן צו דער צייט. דאָס האָט אַלץ געדאַרפט צו שטעלן די געטאָ. אויב ס׳איז נישט געווען האָט מען געמוזט פאָרן אין גלובאָק, דאָרטן האָט מען אַלעס באַקומען פאַר געלט. צו דעם פלעגן נאָך אָפט מאַכן באַזוכן די ס״ס. דאָ האָט שוין געשמעקט מיט גרויסע סומעס געלט, צירונג און נאָך פאַרשיידענע זאַכן, ווען נישט, האָט מען גלייך געפאָדערט מענטשן צום טויט. פאַרשטייט זיך, אַז דער וואָס האָט שוין נישט געהאַט צו געבן, איז געווען אויף דער ליסטע פון טויט. צו דער שרעק און

צו די טאָג־טעגלעכע נייעסן איז שוין מער קיין כוח נישט געווען. פּלוצלונג האָט מען דערהערט אַז עס זיינען געקומען עטלעכע שאַקויסצענער אַנטלאָפענע פון דער שחיטה. אַ סך זיינען אַנטלאָפן אין גלובאָק און אַנדערע אין די וועלדער.

מען האָט אָנגעזאָגט אין אונדזער געטאָ, אַז די ייִדישע פּאָליציי זאָל פאָרן זוכן אין די וועלדער די אַנטלאָפענע. אויך האָט מען געמאָלדן, אַז ווער פון די אַנטלאָפענע וועט קומען אַליין וועט מען אים גאָרנישט טאָן. אַנדערע האָבן זיך טאַקע געמאָלדן אין אַנדערע געטאָס, אָבער דער אומגליק איז אויך דאָרטן געקומען און וואָס אַ טאָג אַלץ מער האָט מען געהערט פון שחיטות. עס איז אויך געווען זייער שלעכט מיט די אַנטלאָפענע. ווען איינער פלעגט קומען שטילערהייט אין געטאָ און מ׳פלעגט זיך דערוויסן, איז שוין די געטאָ נישט געווען זיכער מיטן לעבן. די מערדער פלעגן נאָר וואַרטן מיט אומגעדולד אויפן מאָמענט. אָט אַזוי האָט מען אָפּגעלעבט אַנדערטהאַלבן יאָר. אַ טייל פון אונדזער שטעטל האָבן אויך געאַרבעט אין לוציי, 10 קילאָמעטער פון שטעטל. דאָרט האָבן געאַרבעט 12 מאַן, פון וועלכע 8 זיינען אומגעקומען.

13 טעג אין כסלו, 22טן נאָוועמבער 1942, דריי אַזייגער פאַרטאָג, זיינען אַלע ייִדן אין געטאָ אויפגעציטערט געוואָרן. זיי האָבן זיך דערזען אַרומגערינגלט פון די דייטשן. מען האָט גענומען לויפן ווי די שאָף. אָבער ס׳איז נישט געווען וווהין צו לויפן. ווער ס׳איז נאָר צוגעגאַנגען צום צוים, — איז גלייך געפאַלן. יעדער האָט געהאַט ביי זיך אין געטאָ אַ באַהעלטעניש. עס איז קיין אַנדער ברירה נישט געווען. איז מען געלאָפן אין די גריבער. ווער אויף בוידימער. ס׳איז געווען אַזאַ פּאַניק, אַז פון שרעק אַליין זיינען אומגעקומען צענדליקער. מיר האָבן גראָד אויך געמאַכט אַ באַהעלטעניש אין אַ שטאַל. דאָרטן האָט געקאָנט אַריין בלויז 8 מאַן. לויפנדיק האָט מען זיך אָנגעשפּאַרט אויף 20 מאַן. ס׳איז קיין לופט נישט געווען צו אָטעמען. לעבן אונדזער באַהעלטעניש איז געווען נאָך איינער וווּ עס האָבן זיך געפונען אַ 60 מאַן. אַזוי ווי אַ קינד האָט שטאַרק געוויינט, האָבן עס די מערדער דערהערט און אויפגעריסן דעם פּאָל מיט גראַנאַטן און אַלעמען אומגעבראַכט. זיי האָבן שוין אָנגעהויבן צו זוכן אונדזער אַריינגאַנג, נאָר דאָס צופאַלן פון דעם אָוונט האָט זיי דאָס געשטערט.

איינס פאַרטאָגס האָבן מיר געפּרוּווט אַרויסגיין. עס איז געווען שוידערלעך. מיט מתים. פּאַטרולן זיינען אַרומגעגאַנגען און געהיט. בלייבן איז געווען אומ־מעגלעך. וואָס עס זאָל שוין זיין מוז מען אַנטלויפן. ס׳איז געווען אַ שטאַרק פרעסטל, די אָזיערע האָט זיך נאָר־וואָס געשטעלט. 2 אַזייגער זיינען מיר אַרויס. ס׳איז געווען פינצטער. מיר זיינען געלאָפן איבער טויטע, דורכגעלאָפן די גאַס און גענומען לויפן מיטן גאַנצן אימפּעט איבער דער אָזיערע. צום וואַלד האָט מען געדאַרפט לויפן דריי קילאָמעטער. לויפנדיק איבער דער אָזיערע האָט מען פּלוצלונג געעפנט אויף אונדז פון אַלע זייטן אַ שיסעריי. מ׳איז געלאָפן. פון שרעק האָבן מיר זיך אַזוי צעשפּרייט, אַז אייניקע זיינען גלייך אַריין צום טויט אין

די הענט. מיר זיינען געקומען נענטער צום וואַלד און דאָ האָבן מיר זיך אַרומ־געזען, אַז פון די 20 זיינען מיר געבליבן 7: איך, מיין ברודער אברהם, דריי רו־דערמאַנס, נחמקע שווימערס אייניקל און בערל צייטלין. מיר האָבן גענומען גיין צוריק אויף צו זעען ווו עס זיינען די איבעריקע. מיר האָבן דערזען, אַז מען יאָגט זיך נאָך אונדז, האָבן מיר גלייך גענומען גיין טיפער אין וואַלד. דאָ האָט מען



אהרן ליגומסקי, רעציטאַטאָר.

ווידער געעפנט אויף אונדז אַ שטאַרק פייער, נאָר אין וואַלד זיינען מיר שוין געווען זיכערער.

וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט די איבעריקע — האָבן מיר נישט געקאָנט דער־גיין. מיר זיינען געבליבן אַ ווילע שטיין, נישט וויסנדיק וואָס אָנצוהייבן טאָן. הונגעריקע און דערשראָקענע. מיר האָבן בלויז געהערט שיסערייען. ווו פּאַרטי־זאַנער זיינען האָבן מיר אויך נישט געוווּסט. מיר האָבן בלויז געהערט אַז אין די

וועלדער זיינען פאַראַן פאַרטיזאַנען אָבער געזען האָבן מיר זיי קיינמאָל נישט. 7 קילאָמעטער פון שטעטל איז געווען אַ כוטאָר פון 5 הייזער, קאַזימיראָווקע. די הייזער זיינען געשטאַנען טיף אין וואַלד. מיר האָבן דאָרט געהאַט באַקאַנטע קריסטן. האָבן מיר באַשלאָסן אַז מיר וועלן גיין אַהין, מיר וועלן קריגן אַ שטיקל ברויט און עפּעס זיך דערוויסן. דעם וועג האָבן מיר גוט געוווּסט. אָבער וויפל מיר האָבן זיך נישט געדרייט זיינען מיר אַלץ צוריקגעקומען אויפן זעלבן אָרט. מיר ווייסן נישט, מעג־עדך פון שרעק און הונגער, נאָר אַזוי איז עס געווען. ביז ענדלעך האָבן מיר זידך פאָרט דערשלאָגן צום כוטאָר. צוגייענדיק פאָרזיכטיק צו איין שטוב, האָבן מיר אָנגעקלאַפּט, אָבער קיינער האָט נישט געעפנט. אָט אַזוי, כמעט אין אַלע, — קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. ערשט מיר האָבן דערזען אין איין שטיבל אַ קליין פייערל. אַלע האָבן שוין געוואָלט אַוועק. איך האָב אָנגעקלאַפּט. ס'איז אַרויס אַן אַלטער קריסט. איך האָב אים געפרעגט צי מען קען אַריין, זיך אַ ביסל אָנוואַרעמען און צי איז קיינער נישטאָ. ער האָט געענטפערט אַז יאָ! קיינער איז נישטאָ. מיר זיינען אַריין אין שטוב, עס האָט נישט געדויערט קיין 5 מינוט, ווי עס לויפט אַרויס צו אונדז די שוועסטער. וועלכע איז איצט מיט אונדז אין אַרגענטינע. דאָ האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן אומגליק. זי האָט דערציילט, אַז ווען זיי זיינען געלאָפן זיינען מיט זיי געווען שלום גורוויטש, זון, פרוי און קינד, מיינע צוויי שוועסטער, זי און די ייִנגערע. צולויפנ־דיק ביזן דאָרף פּעטראָוויטש האָט זיי אָנגעיאָגט אַ פּוילישער מערדער און האָט זיי אומגעבראַכט. זי האָט זיך אַ קער געטאָן הינטער אַ שטאָל און אַזוי איז זי געבליבן, ביז זי איז ווידער געלאָפן, נישט וויסנדיק ווו זי לויפט. וועגן די על־טערן און נאָך אַ שוועסטער האָט זי בלויז געהערט לויפנדיק, אַז מען האָט זיי נאָכגעיאָגט. פון אונדז האָט זי אויך נישט געוווּסט. האָט זי באַשלאָסן, אַז זי וועט גיין צוריק אין שטעטל. גייענדיק אַ צעטומלטע פון שרעק אַליין, איז פּלוצים אַרויס פון וואַלד אַן אַלטער מאַן און הייסט איר גיין צוריק און וויזט איר דורכן וואַלד אַ וועג, אַז אַהין זאָל זי גיין. און געקומען איז זי אין יענעם כוטער ווו מיר האָבן איר געטראָפן באַהאַלטן. אַזוי איז אונדז געווען באַשערט ווידער צוזאַמען צו ציִען דעם פּיין.

מיר זיינען אַרויס פון שטיבל. עס האָט שוין גענומען ווערן טאָג. בייטאָג האָט מען געמוזט זיין פאָרזיכטיק, כדי מען זאָל אונדז נישט באַמערקן. מיר זיינען ווידער אַריין טיפער אין וואַלד. דער פראָסט האָט גענומען ברענען. וואָס אָנצוטאָן האָבן מיר נישט געהאַט. מאַכן פייער האָט מען נישט געטאָרט. מיר האָבן ווידער גענומען גיין נישט וויסנדיק ווו מיר זאָלן גיין. פּלוצים באַמערקן מיר ווי אַ קליין ייִנגעלע זיצט אויף אַן אָפּגעהאַקטן בוים און עסט אַ שטיקל ברויט, ער איז פאַרוווּנדעט אין פוס. דאָס איז ראובן פורמאַנס אַ זון, 8 יאָר אַלט. לויפנדיק אויפן אָזיערע האָט מען געשאָסן אויף אים, מען האָט אים געטראָפן אין אַ פוס. ער דערציילט: איך האָב זיך געמאַכט פאַר טויט. ווען דער פּאָליציאַנט איז אַוועק

בין איך אַנטלאָפן אין וואַלד. ער דערציילט ווייטער: איך בין דאָ געווען אין וואַלד מיט מיין טאַטן און נאָך צוויי ברידער. ווו זיינען זיי? איך ווייס נישט, איך בין איינגעשלאָפן. אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט זיינען זיי שוין נישט געווען. אונדז איז געווען אַ חידוש, ווי אַזוי דער טאַטע האָט איבערגעלאָזן זיין זון. מיר פרעגן אים ווייטער: ווו האָבן זיי געקאָנט גיין. ער ענטפערט, אַז ער האָט בלויז געהערט אַז זיי האָבן גערעדט, מען דאַרף גיין אין שמיצער וועלדער, דאָרטן זיינען פאַראַן פּאַרטיזאַנער.

מיר האָבן דאָס דערהערט איז אונדז געוואָרן גרינגער. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אַהין, אפשר וועלן מיר דאָרטן טאַקע טרעפן פּאַרטיזאַנער. וואָס טוט מען



דונילאָוויטשער און דרויער

אָבער מיטן יינגעלע? ער וויל אויך גיין, אָבער ער קען נישט, ער הינקט שטאַרק, און ביז שמיץ איז אַ 45 קילאָמעטער. מיר האָבן אים איבערגעבונדן דעם פוס מיט אַ באַנדאַזש וואָס מיר האָבן פון זיך צעריסן אַ העמד. דאָרט נאָענט האָט געוווינט אַ רייכער פויער, לעבן וואַלד. מיר האָבן אים געפירט אַהין און מיר האָבן אים געבעטן ער זאָל אים אָפּהיטן ביז מיר וועלן געפינען זיין פאָטער. מיר האָבן אָנגעזאָגט דעם פויער, אַז אויב ער וועט אים אויסגעבן וועלן די פּאַרטיזאַנער קומען און פאַרברענען דעם גאַנצן הויף. ער האָט אים גענומען גלייך אויפן פעלד פאַר אַ פאַסטוך, מען זאָל נישט מערקן. און מיר זיינען גלייך אַוועק אין דער ריכטונג צו שמיץ. דעם וועג האָט מען געדאַרפט דורכמאַכן אין איין נאַכט. נאָר אַזוי ווי מיר זיינען געווען זייער מיד, זיינען מיר אין העלפט וועג אַריין צו אַ פויער, וואָס וווינט אין וואַלד, גראָד זייער אַ גוטער קריסט. דאָרטן האָבן מיר געטראָפן נאָך 8 מאַן דונילאָוויטשער. דער פויער האָט אונדז אַלעמען אויפ־

גענומען זייער גוט. אָפּגעגעסן אַביסל, אויסגערוט און דערנאָך אַלע צוזאַמען, אַרום צוויי אַזייגער גענאַנגען ווייטער.

מיר זיינען אַריין טיפער אין וואַלד. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט אַ שטים פון אַ קינד, שרייענדיק: מאַמע. דער עכאָ איז געווען פון זייער ווייט. עס האָט אונדז אַלעמען צעטרייסלט. מיר זיינען אַזוי געגאַנגען ווייטער, ביז ס'איז געוואָרן ליכטיק. מיר האָבן זיך ווידער אָפּגעשטעלט טיפער אין וואַלד ביז ס'וועט ווערן פינצטער. די ביימער זיינען געווען באַדעקט מיט אַ קליין שנייעלע. פאַר אונדזערע אויגן האָבן זיך באַוויזן פאַרשיידענע געשטאַלטן פון פּאַלאַצן, מילן. מיר האָבן דאָס נישט געקאָנט באַגרייפן. אפשר איז דאָס פון איבערלעבונג, פון שרעק, — אָבער אַזוי איז עס געווען.

ווען ס'איז געוואָרן פינצטער האָבן מיר גענומען ווייטער גיין. מיר זיינען דערגאַנגען ביז אַ דאָרף. פון דאָרף איז נאָך געווען צו גיין ביז שמיץ 8 קילאָ־מעטער. מיר האָבן זיך אויסגעפרעגט ביי די פּויערים ווו זיינען פאַראַן פּאַרטיזאַ־נער און זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז מיר וועלן נאָך אָפּגיין 6 קילאָמעטער וועלן מיר טרעפן דאָרט פּאַרטיזאַנער. אַזוי איז עס טאַקע געווען. ווי מיר זיינען אַרויס פון דאָרף האָבן מיר באַלד דערזען 2 מענטשן מיט ביקסן און גראַנאַטן. איינער אָנגעטאָן אין ציוויל און דער צווייטער — אין אַ דייטשן אוניפאָרם. ווי זיי האָבן אונדז דערזען האָבן זיי אונדז אָפּגעשטעלט און געפרעגט ווער מיר זיינען. מיר האָבן נישט געוווסט ווער זיי זיינען, נאָר אַזוי ווי זיי האָבן צו אונדז גערעדט רוסיש האָבן מיר פאַרשטאַנען אַז דאָס זיינען פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אונדז גע־הייסן מיטגיין מיט זיי. אָפּגייענדיק איין קילאָמעטער איז אָנגעלאָפן איינער אויף אַ פערד, שיכור ווי לוט, און גענומען שרייען אויף אונדז מיט פאַרשיידענע זידל־ווערטער, אַזוי אַז מיר האָבן געמיינט אַז מיר זיינען אַריינגעפאַלן. ער האָט אונדז אַזוי שנעל געטריבן אַז מיר זיינען געבליבן אָן כוחות. אָט אַזוי האָט ער אונדז געטריבן אַ 3 קילאָמעטער, ביז מיר זיינען געקומען לעבן אַ שטוב. דאָרט האָט מען אונדז אַריינגעפירט. מיר האָבן דאָרטן געטראָפן פאַרשיידענע מענטשן מיט פאַרשיידענע אוניפאָרמען: ציווילע און מיליטערישע. מען האָט אונדז אויסגע־שטעלט אין אַ ריי, אַלץ אויסגעפרעגט און אַלץ געזידלט, — ביז וואַנען מען האָט אונדז געהייסן פירן אין וואַלד. מיר האָבן זיך אַנדערש פאָרגעשטעלט און מיר האָבן שוין געוואָלט זיך פונאַנדערלויפן. אַזוי האָט מען אונדז געטריבן טיף אין וואַלד, ביז וואַנען מיר האָבן באַמערקט שטיין פּאַטרולן אויף פּאָסט. איינער איז געווען באַקאַנט פון שטעטל. דעמאָלט האָבן מיר פאַרשטאַנען אַז דאָס זיינען פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן דערזען זעמליאַנקעס, פּאַרטיזאַנער, מיר האָבן געטראָפן דונילאָוויטשער, ווי: לייב גענצצעל מיט זיין טאָכטער, יצחק גאָלדמאַן, יחיאל מינ־דעלס טאָכטער, משה צעפּעליעוויטש און ראובן פורמאַן מיט זיינע צוויי זין, — דאָס איז דער טאַטע וואָס האָט איבערגעלאָזט אין וואַלד זיין קליינעם זון.

מען האָט אונז געהייסן אָפּעסן. אַ פּאָר שעה אויסרוען זיך און גענומען זיך

צו דער אַרבעט: בויען זעמליאַנקעס. מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, דערפּאַר ווייל מיר געפינען זיך אין וואַלד מיט די פּאַרטיזאַנער; מיר זיינען דאָך געראַ־ ראַטעוועטע! עס איז דאָ געווען אַ קליינע בריגאַדע, אין גאַנצן 80 מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמאַנדיר מאַרקאָוו.

מען האָט אונדז געבראַכט לעבן די זעמליאַנקעס, האָבן מיר גלייך גע־ מאָלדן דעם פאָטער, אַז מיר האָבן געזען זיין זון. איין זון זייערער האָט גלייך



דונילאָוויטשער בילדונגס־געזעלשאַפט אויף דער אָזערע נאַראָטש.

געגומען א שליטן און פערד, מיט נאָך אַ פּאַרטיזאַן און זענען אַוועק נאָך דעם יינגל. נאָר ווי זיי זיינען אָפּגעפאָרן 3 קילאָמעטער האָבן זיי געטראָפן גיין דאָס יינגל. ווי ער דערציילט האָט ער נישט געוואָלט בלייבן און איז אונדז נאָך דעם וועג.

מיר זענען אָפּגעפאָרן 6 טעג. וואָס צו עסן איז געווען גענוג. צום באַדויערן איז די פרייד גיך אַריבער. ס'איז געקומען דער קאָמאַנדיר און האָט אונדז גע־ מאָלדן, אַז זעקס טויזנט דייטשן קלייבן זיך די טעג אַרומצורינגלען דעם וואַלד, כדי צו כאַפּן די פּאַרטיזאַנער. אַזוי ווי מיר האָבן נאָך נישט קיין געווער און זיי טרעטן אָפּ אויף אַ צווייטן אָרט, קענען מיר מיט זיי נישט גיין. עס האָט נישט געהאָלפן קיין בעטעניש, קיין געוויין. דער קאָמאַנדיר האָט אונדז בלויז אָנגעשריבן אַ פּאַפּיר ווי אַ דאָקומענט, אַז ווו מיר זאָלן נישט דורכגיין מוז מען אונדז בייהילפיק זיין. און אַז מיר מוזן גיין אויף יענער זייט פראָנט. אויסגעשריבן אַלע וועגן ווו מען מעג גיין און ווו נישט, מען האָט מער נישט

זוי געדאַרפט דורכמאַכן אַ 400 קילאָמעטער, דורכגיין אַלע דייטשע באַן־ליניעס און קומען צו דער רוסישער זייט.

מיר האָבן זיך אַלע צונויפגעקליבן, זיך גוט אויסגעווײנט און באַשלאָסן צו גיין. וואָס ס׳וועט זיין וועט זיין. נאָר אַזוי ווי אַ גרופּע פון 30 מאַן קען מען לייכט באַמערקן און אויך פאַר 30 מאַן צו קריגן שפּייז איז זייער שווער, האָבן מיר זיך צעטיילט אין דריי גרופּעס. מיר האָבן געדאַרפט גיין בלויז ביינאַכט און בייטאָג זיין אין די וועלדער. עס איז אויך געווען מיט אונדז אַ פרוי מיט אַ געראַנירט קינד, שווער געראַנירט אין בויך. דאָס איז געווען שלום גורוויטשס פרוי. די לאַגע ווי צו דערליידיקן מיט דער פרוי איז געווען שווער, נאָר אַזוי ווי זי האָט געהאַט אַ פריינט, יצחק גאָלדמאַן, איז זי געבליבן מיט אים, אין זיין גרופּע. ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע קריסטן און ער האָט זי געזאָלט אויס־באַהאַלטן ביי אַ קריסט. מיר, די ערשטע גרופּע, האָבן זיך געלאָזט אין וועג. דאָס ערגסטע, האָט אונדז דער קאָמאַנדיר געזאָגט, איז דורכגיין צוויי באַן־ליניעס מיט אַ בריק, וואָס די דייטשן באַוואַכן זייער שטאַרק; אַז מיר וועלן דאָס דורכ־גיין וועט אונדז דערנאָך זיין גרינגער.

די ערשטע נאַכט זענען מיר וויניק דורך, ווייל מיר האָבן אַליין נישט געוווּסט וואָס צו טון. דורכמאַכן אַזאַ ריזיקאַלישן וועג, ווו מיר זענען קיינמאָל נישט געווען און דער געגנט איז פאַר קיינעם נישט באַקאַנט. די צווייטע נאַכט זענען מיר שוין געגאַנגען מיטן גאַנצן אימפּעט. מיר האָבן דורכגעמאַכט יעדע נאַכט 20־25 קלמ. אויסגעשעפּטע, מיט געפּרוירענע פיס און האַלב הונגעריקע. צו דער ערשטער ליניע, דאָס איז געווען לעבן פּאַהאָסט, האָבן מיר געהאַט 25 קילאָמעטער. מיר זענען אַריין אין אַ דאָרף, געבעטן אָפּקאָכן אַ טעפּל קאַר־טאָפל, נאָר אַזוי ווי מען האָט אונדז נישט אָפּגעזאָגט, האָבן מיר אַביסל געוואַרט. דערווייל האָט מען אָנגעזאָגט אין פּאָליציי. צום גליק האָבן מיר באַמערקט, אַז ס׳איז עפּעס נישט גלאַט און מיר האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן. אין עטלעכע וואָכן אַרום האָבן מיר געהאַט אַ גרוס, אַז די צווייטע גרופּע איז אויך געגאַנגען דורך דעם זעלבן דאָרף און מען האָט צוויי געכאַפּט — אַ טאַטן מיט אַ זון. דאָס איז געווען מאָטע דער שניידער מיט זיין זון. מען האָט זיי פאַרפּייניקט. מיר זענען שוין אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין וואַלד. מען האָט נישט געקענט זיצן, נישט שטיין, ווייל די פיס זענען געווען צעבראָכן און אָנגעווייטיקט פון גאַנג.

מיר האָבן זיך דערשלעפּט צו דער ערשטער באַנליניע. דאָס איז געווען 2 ביינאַכט. מיר האָבן פלוצלונג באַמערקט פייערלעך לעבן דער באַנליניע. און באַמערקט ווי די יעקעס גייען אַרום מיט הינט און היטן די ליניע. מיר האָבן זיך צעלייגט אויף דער ערד און אָבסערווירט ווי אַזוי מען קען זיך דורכ־כאַפּן די ליניע. די גאַנצע ליניע לעבן דער סטאַציע און ווייטער איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ וואַנט פון ברעטער, דער שניי זאָל נישט אָנטרייבן אויף די ליניעס. פלוצלונג, אַזוי ווי מיר ליגן און הערן זיך צו, איז אָנגעלאָפן אַ

באַן. מיר האָבן דאן שנעל און פּאָרזיכטיק דורכגעבראָכן אַ פּאָר ברעטלעך און גיך איבערגעלאָפן צו דער ליניע. מיר האָבן שנעל געצויגן צום וואַלד. מיר האָבן אָנגעטראָפן אַ שטיבל, אָנגעקלאַפּט און מיט אַ שטרענגער שטימע גע־פרעגט דעם וועג. ס׳איז גראָד געווען ר׳יכטיק דער וועג, אַזוי ווי דער קאָ־מאַנדיר האָט אָנגעגעבן. ס׳איז געוואָרן טאָג. מיר זענען אַריין אין א טיפן וואַלד, געוואַרט ביז ס׳איז געוואָרן פינצטער. דאן זענען מיר אַריין אין אַ שטוב, אָפּגע־קאָכט אביסל קאַרטאָפל, אַ פּאָר שעה אָפּגערוט זיך און זיך געלאָזן גיין ווייטער.




כאָר ביי דער בילדונגס־געזעלשאַפט

אויף מאָרגן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַ סך דייטשן האָבן אונדז אַרומגעזוכט אין וואַלד, נאָר זיי זענען אַוועק אין אַן אנדער ריכטונג. מיר האָבן אביסל גע־ווּסט, ווי אַזוי מען דאַרף ווינטער גיין פאַרמאַסקירט אין וואַלד, און דאָס האָט אונדז געראַטעוועט פון אַריינפאַלן אין אַ פאַסטקע.

מיר האָבן נאָך געדאַרפט דערגיין 18 קילאָמעטער ווו עס געפינט זיך די בריק. מען האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז ביים טייך זאָלן מיר זיין זייער פאָרזיכ־טיק. ווען מיר וועלן דאָרט נישט טרעפן קיין שיפל דאַרפן מיר דורכשווימען דעם טייך.

די בריק איז דורכגעגאַנגען דורך אַ פּריצישן הויף. דאָרטן אין פּאַלאַץ זענען איינגעשטאַנען די דייטשן און געהיט די בריק. אַזוי ווי מיר האָבן נישט גוט געוווּסט ווו עס געפינט זיך דער הויף, זענען מיר אַזוי אַרום דורכגעלאָפן דעם הויף און די בריק און קיינעם נישט געטראָפן. גייענדיק דורכן הויף האָבן

מיר בלויז געזען ווי אין פּאַלאַץ טאַנצן די דייטשן שכורע. מיר האָבן זיך נאָכ־דעם דערוווּסט, אַז עס איז געווען ביי זיי אַ גרויסער יום־טוב, זיי האָבן זיך אַזוי אָנגעשיכורט, אַז זיי האָבן געלאָזן די בריקן און אַוועק טאַנצן. אָט אַזוי האָט געוואָלט דער גורל.

די צווייטע ליניע איז אונדז אָנגעקומען נישט שווער, מען האָט בלויז געדאַרפט דורכגיין מיט עטלעכע קילאָמעטער ווייטער. אַז מיר זענען שוין דורך די צווייטע ליניע, האָבן מיר באמערקט ווי מיר זענען צוגעקומען צו אַ וועג, ווו עס האָט געשאָטן מיט אַזוי פיל דייטשיש מיליטער און קיין וואַלד איז אויך נישט געווען נאָענט. מיר זענען אַריינגעקראָכן אין שיטערע קוסטעס פון צווייגן און אַזוי אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג, ביז ס'איז געוואָרן פינצטער. מיר האָבן דאָ געשפּילט מיט פיל גליק, ווייל מיר זענען געלעגן אינגאַנצן צוויי מעטער פון זיי.

ווען ס'איז געוואָרן פינצטער, זענען מיר דורך דעם וועג און דאָרטן זענען מיר שוין געגאנגען זיכערער. מיר האָבן בלויז געהאַט 18 קילאָמעטער צו די רוסישע פּאַרטיזאַנער.

אין פיר שעה אַרום זענען מיר אָנגעקומען צו אַ דאָרף. ס'איז שוין געווען 9 אַזייגער ביינאַכט. ביים ברעג דאָרף האָט אונדז אָפּגעהאַלטן אַ פּאַטרול, געבעטן די דאָקומענטן. און גייענדיק מיט אונדז, ס'איז געווען פינצטער, האָט ער גע־פרעגט ווער מיר זענען. אַז מיר האָבן אים געזאָגט — ייִדן, האָט ער מיר גלייך אָפּגעגעבן דעם דאָקומענט און האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ שטוב, האָט געהייסן דעם עלטסטן פון דאָרף געבן אונדז עסן, צוגרייטן אַן אָרט צום שלאָפן און אויף מאָרגן פרי פארזאָגט אויסהייצן אַ באָד. פאַר דער גאנצער צייט פון וואַנדערן האָבן מיר זיך קיינמאָל נישט אויסגעטון. מיר האָבן אָפּגעגעסן, זיך אויסגערוט. אין דער זאָנע האָבן מיר שוין געקענט פריי גיין בייטאָג. אַלע דערפער זענען געווען פול מיט רוסישע פּאַרטיזאַנער. אַלע מענער פון יענער זאָנע זענען געווען מאָביליזירט. די פרויען האָבן אַלץ אַליין געטון ביי דער גאַנ־צערווירטשאַפט. יעדעס הויז האָט געמוזט אויסהאַלטן עטלעכע פּאַרטיזאַנער מיט עסן.

צען אַזייגער האָט מען אונדז געהייסן זיך צונויפקלייבן אין אַ שטוב און געהייסן גיין צום קאָמאַנדיר פון אָטריאַד, ווייל זיי אַליין קענען אונדז גאָרנישט באַשטימען. דאָס איז נאָך 45 קילאָמעטער גאַנג. מיר זענען געווען צופרידן, וואָס מיר גייען כאָטש אָן מורא, פריי, נישט באַהאַלטענערהייט. מיר זענען דורך 25 קילאָמעטער. ס'איז שוין געוואָרן נאַכט. מיר זענען אַריין צום עלטסטן פון דאָרף. ער האָט אונדז געגעבן ערטער צום שלאָפן. אָפּגעגעסן און אויף מאָרגן ווידער געגאַנגען, ביז מיר זענען אָנגעקומען צום קאָמאנדיר. מיר האָבן אים געוויזן אונדזערע דאָקומענטן, איבערגעגעבן אונדזערע אַלע איבערלעבענישן און געבעטן, אַז זיי זאָלן אונדז צונעמען אין פּאַרטיזאַנקע. ער האָט געפרעגט, צי

מיר האָבן געוואָר. קיין געווער האָבן מיר נישט. אַלזאָ מוזט איר גיין אין שטאַב צו מעלניקאָוון. דאָס איז 70 קילאָמעטער פון דאַנען. און מיר זענען אַהין אויך דערגאַנגען, אָבער מען האָט אונדז צום שטאַב נישט צוגעלאָזט. מען האָט אונדז בלויז געמאָלדן, אַז אויב מיר האָבן נישט קיין וואָפן, קענען מיר אייך נישט צונעמען, ווייל ס׳האָט נאָך יענע צייטן אויסגעפּעלט זייער אַ סך געווער. פּאַר־טיזאַנער זענען צוגעקומען אין די טויזנטער. דערשלאָגענע וואָס מיר קענען נאָך אַלץ נישט דערגרייכן אונדזער ציל, האָבן מיר דערווייל געוואַנדערט איבער די דערפער. פּעקלעך זענען מיר געווען. צו אַלע אַרבעטן האָט מען אונדז גוט אויפ־



העברעאישע תרבות־שולע

גענומען, געגעבן גוט צו עסן. געאַרבעט אין פעלד, געפאָרן אין וואַלד נאָך האָלץ, פאַרריכט די שטיוול, געניית הילעכן, אַלץ וואָס מען דאַרף טון אין דער ווירט־שאַפט.

אָט אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט 3 מאָנאַטן פון דאָרף צו דאָרף. עס וואָלט געווען גוט, נאָר די פּאַרטיזאַנער האָבן אונדז נישט געלאָזט לעבן. זיי זאָגן מיר קעמפן און איר באַהאַלט זיך אויס. מען האָט זיי נישט געקאָנט איבערצייגן, אַז מען נעמט אונדז נישט צו ווייל מיר האָבן נישט קיין געווער. זיי האָבן אונדז פּשוט געהייסן גיין הרגענען מיט לייזיקע הענט עטלעכע דייטשן און צונעמען ביי זיי די וואָפן. דאָס האָט אונדז אַזוי דערשיטערט, אַז מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין אָרט ווו צו גיין און ווו צו שטיין. ביז איין מאָל האָט אונדז אי־בערגענומען אַ קאָמאַנדיר און געזאָגט, אַז אויב ער וועט אונדז טרעפן נאָכאַמאָל

אין די דערפער ווען ער אונדז צעשיסן. אין יענער צייט האָט מען קיין סך נישט געדאַרפט און בפרט נאָך אַ ייִד. פאַר דער צייט זענען מיר שוין געווען אין אַלע בריגאַדעס, נאָר מיר האָבן באַקומען דעם זעלבן ענטפער. נאָכן איבער־צייגן אַביסל דעם קאָמאַנדיר, האָט ער אונדז אָנגעשריבן אַ בריוו צום בריגאַדיר מעלניקאָוו. זיין בריגאַדע האָט געציילט ביז 15 טויזנט מאַן אויך אַ סך ייִדן. ער האָט אונדז אָנגעזאָגט מיר זאָלן אים איבערגעבן פערזענלעך דעם בריוו. דעם ערשטן מאָל האָט מען צו אים נישט צוגעלאָזן, נאָר איצט מיט אַ בריוו, האָבן מיר געהאָפט, אַז מיר וועלן ווי עס איז דערגייין צו אים אַליין. מיר האָבן ווידער געדאַרפט גיין 45 קילאָמעטער. נאָר דאָס איז שוין געווען דער לעצטער אויסוועג, און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג.

דער שטאַב ווו ס׳איז געשטאַנען דער בריגאַדיר מעלניקאָוו איז געווען טיף אין וואַלד. אַ סך הייזער זענען באַוואַכט פון פאַרטיזאַנער. קומענדיק שוין 3 קילאָמעטער פון שטאַב, האָט מען אונדז יעדע 50 טריט רעווידירט, אויסגעפרעגט, ביז מיר זענען צוגעקומען צום שטאַב. דער קאָמאַנדיר מעלניקאָוו איז גראָד געווען אין שטוב, נאָר אונדז האָט מען געזאָגט, אַז ער איז נישטאָ. דעם בריוו האָט ביי אונדז צוגענומען אַ סאָלדאַט און אים איבערגעגעבן אין שטאַב. ס׳איז גלייך צו אונדז אַרויס אַ יונגע פרוי. מיר האָבן תיכף געזען אַז זי איז אַ ייִדישע. אין רוסיש האָט זי אונדז צוויי מאַן געהייסן אַריין אין שטוב. די פרוי איז גע־ווען דעם קאָמאַנדירס סעקרעטאַרין. אויך איז דערביי געווען דער קאָמיסאַר פון שטאַב. מיר האָבן איבערגעגעבן מיט טרערן אין די אויגן אונדזער ביטערע לאַגע, אַז מיר ווילן גיין קעמפן, נאָר מען זאָל אונדז צונעמען ווי פאַרטיזאַנער. אונדזערע רייד האָבן זיי אַביסל גערירט און מיר זענען אָנגענומען געוואָרן אין פאַרטי־זאַנקע. מען האָט אונדז אָפּגעשיקט אין אַ דאָרף, ווו ס׳איז געווען אַ ייִדישע אָפּטיילונג פון 20 מאַן, געראַטעוועטע פון שחיטה פון קורעניץ און קריוויץ. דאָרטן האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן געווער.

מיר האָבן געהיט אויף אַ הויכן באַרג. 3 קילאָמעטער פון באַרג האָבן זיך געפונען די דייטשן. אין יענער געגנט איז געווען דער רעכטער קנופּ פון גאַנג פון די דייטשן. דאָרט האָט מען שטענדיק געדאַרפט האַלטן וואַך. ווייל פון דעם באַרג האָט מען געזען ווו די דייטשן גייען.

אונדזער ייִדישער זוואָד איז אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ רוסישן קאָמאַנדיר. און אַלע באַפעלן זענען געווען אויסגעפירט. ס׳זענען אויך געווען אין אונדזער זוואָד 6 מיידלעך. זיי זענען אויך מיט דער ביקס געשטאַנען אויף דער וואַך און אויך געהאָלפן אין קיך. אָט אַזוי זענען מיר געווען, די ייִדן באַזונדער, 5 מאָנאַטן צייט.

מיר זענען געווען נישט ווייט פון פּאָלאָצק. בשעת די דייטשן זענען אַריין אין פּאָלאָצק האָבן די רוסן פאַרבראָנט די סקלאַדן מיט ביקסן, וועלכע זענען געווען נאָענט פון פּאָלאָצק. ווען די פאַרטיזאַנען האָבן זיך צעשפּרייט פלעגט מען

זיך ביינאכט אונטערגעבענען און ברענגען די צעברענטע ביקסן און די פּאַר־טיזאַנער פלעגן דאָס איבערמאַכן אויף גוטע. ס׳זענען געווען זייער אַ סך וואַר־שטאָטן. אין אַ קורצער צייט האָבן זיך אַלע פּאַרטיזאַנער אָנגעטון מיט ניי געווער. יעדע נאַכט האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן צו 30 עראָפּלאַנען מיט וואָפן און צוריק צו־גענומען די געראַנירטע פּאַרטיזאַנער.

אין אַ מאָנאט אַרום האָט מען דעם יידישן זוואָד צעטיילט צווישן די רוסי־שע פּאַרטיזאנער. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל, אַז אונדזער אָטריאַד זאָל זיך



ההלוץ — דונילאָוויטש

אַריבערקלייבן לעבן בוידער בלאָטעס, נישט ווייט אויף פון דיסנע. איך מיט דער שוועסטער זענען געגאנגען צוזאמען. דער ברודער אין אַ צווייטער אָפּטיי־לונג. אים האָט מען גלייך באַשטימט אַלס ראַזוועטשיק. איינמאָל שטייענדיק אויף דער וואך, האָבן זיי פלוצים באַמערקט, ווי די דייטשן האָבן זיך אַריינגעכאַפּט כמעט אין מעטער פון זיי. ער האָט קוים באַוויזן זיך אויסצודרייען פון זייערע הענט. עס האָט זיך פאַרפירט אַ קאַמף און ער איז לייכט פאַרווּנדעט געוואָרן אין אַ פוס. אין אַ וואָך אַרום זענען מיר אָפּגעגאַנגען אין דער ריכטונג, ווו מען האָט אונדז באַשטימט אין דיסנער געגנט. מיר זענען רייטנדיק אויף פערד אַרי־בערגעשוווּמען דעם טייך דיסאנקע.

אין דער זאָבע איז נאָך געווען אַ סך וואָס צו עסן, דעריבער האָט מען דאָ געשיקט אַ סך פּאַרטיזאַנער. און דאָ הייבט זיך אָן פאַר אונדז אַ קאַפּיטל פון שטענדיק גיין אין קריג מיט די דייטשן. דאָס אָרט איז אויך געווען געפערלעך

פון די פויערים, וועלכע זענען געווען צוזאמען מיט די דייטשן. מען האָט גע־דאַרפט זיין אויף יעדן טריט פאָרזיכטיק.

די ראזוויעטקע פון 8 מאַן ווו עס איז אויך געווען מיין ברודער, איז אַוועק אויסקוקן נענטער צו די דייטשן. מיר האָבן זיך דערווייל אָפּגעשטעלט אין עט־לעכע הייזער נאָענט לעבן אַ וואלד. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט, אז די גאַנצע ראזוויעטקע איז אַריינגעפאלן אין אַ פּאַסטקע פון די דייטשן. ס'איז בלויז גע־קומען דער קאָמאַנדיר צו לויפן. 3 האָט מען גלייך געהרגעט, 3 האָט מען שווער פאַרווונדעט. אַז איך האָב געפרעגט: ווו איז מיין ברודער? האָט ער געזאָגט: אַז ער ליגט אַ פארווונדעטער אויפן פעלד און מען קען צו אים נישט צוקומען. אונדזערע פּאַרטיזאַנער האָבן גלייך פאַרפירט אַ שלאַכט. מיין ברודער איז גע־לונגען, אַ פאַרווונדעטער, צו קריכן אויפן בויך אַנדערהאַלבן קילאָמעטער ביז ער איז געקומען נענטער צום וואַלד. די איבעריקע פון דער ראזוויעטקע, זענען נאָך צוויי געבליבן לעבן שווער פארווונדעטע. קיין שפּיטאָל אין וועג איז נישט געווען, נאָר קראַנקנשוועסטער האָבן מיר געהאַט עטלעכע. מיר האָבן זיך ווידער איבערגעקליבן אויף אַ צווייטן פּונקט. די פאַרווונדעטע האָט מען אָפּגעשיקט אין א צווייט אָרט, ווו ס'איז שוין געווען אַ שטיקל שפּיטאָל מיט אַ דאָקטאָר. ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און ס'איז ווידער געוואָרן א טומל. ס'איז געווען ווינטער־צייט. מען האָט גענומען די פאַרווונדעטע אויף שליטנס און מיר זענען דערווייל אָפּגעטראָטן אין די בוידער וועלדער. מיר האָבן ווידער די דייטשן אַרויסגעטריבן פון יענעם אָרט און מיר זענען ווידער אַריבער אויפן זעלבן פּונקט פון פריִער. דאָ זענען מיר אביסל צייט געווען רויִקער. די קראנקע זענען אַביסל געקומען צו זיך און מען האָט זיי ווידער גענומען צו זייער אַרבעט.

איינמאָל האָבן מיר באקומען אַ באַפעל, אַז אַלע פּארטיזאנער זאָלן זיין גרייט. די רוסן האָבן זיי דערלאנגט אַ גוטן קלאַפּ. אַזוי ווי די דייטשן האָבן געדאַרפט אָפּטרעטן און אומעטום זענען געווען פּאַרטיזאַנער, האָבן זיי אַרויס־געשיקט 100 טויזנט דייטשן מיט פיל שווער געווער, ווי אויך עראָפּלאַנען אויף אָפּצורייניקן די פּאַרטיזאנער. מיר זענען אָפּגעטראָטן אין די בוידער וועלדער. ווו ס'זענען דאָ זייער גרויסע בלאָטעס. מיר זענען געווען 1.880 מענטשן פון 3 ברי־גאַדעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. מען האָט גענומען אַרומרינגלען דעם וואַלד. צוערשט זענען געפלויגן עראָפּלאַנען און געוואָרפן בלעטלעך, אז מיר זאָלן זיך אונטערגעבן. נאָך פינף טעג, ווען מיר האָבן שוין גאָרנישט געהאַט וואָס צו עסן, האָבן די דייטשן אין אַ דרייאיקן צעפּ אַרומגערינגלט דעם וואַלד עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע שלאַכט. בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַ־סער. עס זענען געפאַלן מענטשן ווי פליגן. די סמאָליענסקער האָבן געקעמפט זייער העלדיש און מיר זענען געווען נענטער צום טויט ווי צום לעבן. מיר האָבן פאַר אונדזער בריגאַדע אויסגעפונען אַ וועג, ווו מען האָט געדאַרפט דורך 3 קילאָמעטער ביזן האלדז אין אַ זומפּ. די קעלט איז געווען גרויס. מען האָט

אַלץ פון זיך אַראָפּגעוואָרפן. בלויז די ביקס מיט גראַנאַטן, דאָס האָט מען גע־
מוזט האָבן מיט זיך.

די דייטשן האָבן דערווייל געקוועטשט טיפער אין וואַלד. צוערשט זענען
געקראָכן גרויסע הינט ווי די פערד. דערווייל זענען מיר דורכגעקראָכן די בלאָ־
טע און אַרויס בשלום אויף א פונקט, וואָס זיי האָבן זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט
אז אַ מענטש וועט גאָר קענען דורך אַזוינע בלאָטעס. דורכמאַכנדיק אַ 5 קילאָ־
מעטער האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. דאָ איז שוין געווען אַ ביסל רויִקער.



דונילאָוויטשער בילדונגס־קרייז

דאָס האָט מען אַלץ דורכגעמאכט אין איין נאַכט. מיר האָבן געמוזט ווידער אַרי־
בער די דיסאַנקע. דער טייך איז געווען איצט זייער גרויס. מען האָט גלייך
צונויפגעשלאָגן פון קלעצער אַ פּאַראָם. אזוי האָבן מיר זיך אויסגעמאטערטע
אָפּגעשטעלט אויף אַ נאַכט נישט ווייט פון אַ וואַלד.

אין צוויי טעג אַרום האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל און אויך אַ גוטע בשורה,
אַז די דייטשן לויפן שוין אָן קעפּ און מיר זאָלן זיין גרייט זיי איבערצונעמען.
דער באַפעל איז געווען אויפצורייסן די גאַנצע ליניע אין איין נאַכט, פון ווי־
טעבסק ביז ליעפּעל, אז די מערדער זאָלן נישט האָבן ווו צו לויפן. אַזוי איז
געווען. אַלע פּאַרטיזאנער זענען אַרויס אין דער גאַנצער לענג. עס האָט זיך
געדאַכט, אַז די וועלט קערט זיך איבער. דערנאָך זענען מיר אָפּגעטראָטן אין
די וועלדער נאָענט צו די גרויסע וועגן, מיר זאָלן זיי קענען איבערנעמען מיט

אָפּצאָלן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט. מיר האָבן זיי איבערגענומען מיט אונדזערע קוילן. זיי זענען געלאָפּן אין אַזאַ פּאַניק, אַז אַלץ איז שוין געווען צו שפּעט פאַר זיי, ביז וואנען אונדזער ראַזוויעטקע האָט דערזען די רויטע אַרמיי.

מען האָט גלייך איבערגעגעבן די געפאַנגענע צו דער רעגולערער רוסישער אַרמיי. איך באַמערק, אַז צו אונדז האָבן זיך די לעצטע טעג איבערגעגעבן אין געפענקעניש גאנצע באַטאַליאָנען. די פּאַרטיזאַנער האָט מען געהייסן זיך צונויפזאַמלען אויף אַ פּונקט. מיר זענען דעמאָלט געווען לעבן פּאָהאָסט.

מיר האָבן גענומען נקמה וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אָבער ס'איז אַלץ צו ווייניק פאַר אונדזער פאַרגאָסן בלוט.

די פּאַרטיזאַנער האָט מען גלייך צעטיילט אין פאַרשיידענע גרופּעס. די מלחמה איז נאָך אָנגעגאַנגען. אַ טייל האָט מען אָפּגעשיקט גלייך צום פראָנט ווידער קעמפן, און אַ טייל האָט מען געלאָזט איינשטעלן די אָרדענונג אין די שטעט. איך מיט דער שוועסטער (געפינט זיך אין אַרגענטינע) זענען געבליבן אַרבעטן אין שטעטל מיאָר. דעם ברודער אברהם האָט מען אין אַ קורצער צייט אַרום געשיקט צום פראָנט. אָט אַזוי האָבן מיר אָפּגעאַרבעט אַ זעקס מאָנאַטן, ביז דער קריג האָט זיך געענדיקט.

יעדער איז נאָך דעם קריג געלאָפן צו זיך אין שטעטל, נאָר מיר האָבן נישט געהאט וווּ צו לויפן. בלויז אַ גרוב פון טויזנט ייִדן, פון וואַנען דאָס בלוט האָט נאָך געשריגן.

עס זענען נאָך אַרומגעגאַנגען געגנוג באַנדיטן, מערדער וועלכע האָבן געהאָלפן צום חורבן. ליידער האָבן מיר שוין גאָרנישט געטאָרט טון. צו זען ווי דער די מערדער האָבן מיר נישט געקענט, האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די פאַרשאָלטענע ערד. פאַרן פאָרן האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ מצבה און געזעגנט זיך מיט אונדזערע ליבסטע און טייערסטע וואָס ליגן אינעם ברודער־קבר.

## דער עלפטער יאָרצייט פון הירשקע טראַצקי

די ייִדישע אַרבעטער פון פּאַריז געדענקען גוט די אָריגינעלע און צוציענדיקע געשטאַלט פון הירשקע טראַצקי.

דעם 15טן נאָוועמבער 1943 האָט אַ באַטאַליאָן פון ס. ס.־לייט, אינפאָרמירט ווייזט אויס דורך אַ מסור, פּלוצלינג אַרומגערינגלט אַ מאַקי־אָפּטיילונג פון קאָרעז. די נאַכט איז געווען אַ טונקעלע. די איבעראַשטע גרופּע האָט געציילט 18 קאָמבאַטאַנטן. צווישן זיי האָט זיך געפונען הירשקע, זיין פלימיעניק האַנרי און אַ ריי אַנדערע אויסגעפּרוווטע פּאַרטיזאַנער.

אויפגעפּאָדערט פון ס. ס.־פירער זיך אונטערצוגעבן, האָט די מוטיקע אָפּ־טײלונג באַשלאָסן אויפצונעמען אַ נישט־גלײַכן קאַמף אײדער אַרײנצופאַלן אין די לאַפּעס פון די מערדער. אַלע זענען זײ העלדיש אומגעקומען.

אַ יונגער פּאַרטיזאַן האָט צוזאַמענגענומען באַגינען, פאָטאָגראַפירט די פרישע 18 קערפּערס, דורכגעלעכערטע פון הונדערטער קוילן.

עטלעכע טעג שפּעטער איז די פאָטאָגראַפיע אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ רעזיסטאַנס־צײַטונג און צירקולירט צווישן דער באַפעלקערונג, רופנדיק צו נקמה.

הירשקע איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן אויגוסט 1904 אין אַ קלײן שטעטל, וואָס געפינט זיך נישט ווײַט פון ווילנע — דונילאָוויטש. דער טאַטע זײַנער, אַן אַדוואָקאַט, האָט געשטרעבט צו געבן זײַנע קינדער אַ העכערע בילדונג און אים אַרײנגעשיקט אין אַ גימנאַזיע. הירשקע האָט זיך גלײַך געשטעלט אין פאַרבינ־דונג מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער אַרבעט צוערשט צווישן דער יוגנט, אַרײנברענגענדיק זײַן פרײלעך־ענערגישן געמיט אין אירע רייען. שפּע־טער גייט הירשקע איבער אויף אַרבעט צווישן די פּויערים („הראַמאַדאַ״).

צוליב די פאַרפאָלגונגען איז ער געצוווּנגען צו עמיגרירן קײן פראַנקרײַך און באַזעצט זיך אין פּאַריז, אַרבעטנדיק אַלס בוי־אַרבעטער און שפּעטער אַלס פּאָלירער. געניסנדיק פון דער סימפּאַטיע פון זײַנע אַרבעטס־חברים זעצט הירשקע פאָר זײַן טעטיקייט, דאָס מאָל אויפן סינדיקאַלן געביט. די ייִדישע און נישט־ייִדישע אַרבעטנדיקע און באַזונדערס די אײנוווינער פון לילאַ דערמאָנען זיך זײער גוט זײַן ליבלעכע, טעמפּעראַמענטפולע געשטאַלט.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג אין שפּאַניע, טרעט הירשקע אַרײַן אין די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס און צייכנט זיך אויס אויף די פעלדער פון שפּאַניע, אין קאַמף קעגן פאַשיזם.

אין די טראַגישע יאָרן פון דער נאַציסטער אָקופּאַציע געפינט מען הירשקען נאַטירלעך, אין די פאָדערשטע רייען פון די פּאַרטיזאַנער. מיטן זעלבן גוטמוטיקן שמייכל, שטענדיק גרייט צו העלפן זײַנע חברים, קעמפט הירשקע ווידער מיט געווער אין האַנט. זײַענדיק אַן אויסגעצייכנטער שיסער, האָט הירשקע אַוועקגע־לייגט אַ פּאָר צענדליק היטלער־באַנדיטן.

דאָס פּשוטע און שטאָלצע לעבן פון הירשקע, דעם ערלעכן אַרבעטער, דעם האַרציקן מענטשן און דעם אוימבויגזאַמען קעמפער; זײַן העלדישער טויט אויף די פעלדער פון קאַמף דאַרפן זײַן פאַר אונדז אַ בײַשפּיל.

כּבֿוד זײַן אָנדענק!

# די יידישע באַפעלקערונג אין דונילאָוויטש אין 1939

| משפחות | צאָל מיטגל׳ | משפחות | צאָל מיטגל׳ |
|---|---|---|---|
| מאַיראָוויטש ישעיה (רב) | 5 | פייגל פון די גאָלדמאַנס | 4 |
| פ. לייב מושקאַט | 9 | זיסמאַן קלאַנסקי | 2 |
| אברהם יאָסל שערעל | 4 | זלמן צוקערמאַן | 4 |
| שמואל זעליק שערעל | 3 | באַשע שרה | 3 |
| יצחק־נתן קאפּעלאָוויטש | 5 | יצחק מינדער | 2 |
| לייב חדש | 2 | יואל מינדעל | 2 |
| רחל חדש | 3 | יאַשקע מינדעל | 3 |
| זמיעווסקי | 5 | מרדכי ליפשיץ | 6 |
| חיים זלמן חייקין | 4 | ישעה ליפשיץ | 2 |
| לאה באַדאַנעס | 2 | אברהם חיים גאָלדמאַן | 3 |
| רבקה חייקין | 1 | יואל פּיניע סווירסקי | 3 |
| יוסף שאַפּיראָ | 4 | נחום אליהו גאָלדמאַן | 3 |
| גרשון גורעוויטש | 4 | רובין | 4 |
| לייזער דער דאַקשיצער | 3 | מרדכי דער שוחט | 4 |
| חיה שרה פעלשער | 3 | ישעיה פרידמאַן (שמש) | 8 |
| נחום זאַיאַנץ | 2 | שמואל יעקב ליגומסקי | 2 |
| לייב זאַיאַנץ | 4 | אהרן ליגומסקי | 5 |
| רפאל מושקאַט | 3 | שמואל יצחק | 3 |
| הירש טעוול בארקין | 6 | ישראל יאַנקל סווערדלין | 2 |
| מרדכי מושקאַט | 3 | ראובן פורמאַן | 9 |
| חיים זעליק אָקס | 8 | ברוך גורוויטש | 4 |
| זרח דער שמש | 3 | שרה ביילע | 1 |
| זוסמאַן קאָפּעליאָוויטש | 5 | לייבקע שרה ביילעס | 3 |
| משה זאַק | 6 | דער שטעפּער | [illegible] |
| סיאַנטש גורוויטש | 4 | שמואל גאָרדאָן | 1 |
| מיכל סווערדלין | 4 | פרומקע טעפּער | 7 |
| חיים יאַפּע | 3 | דער פריזירער | 4 |
| חיים ברודנע | 3 | פּנחס צעפּעלעוויטש | 4 |
| ד״ר אליהו ברודנע | 4 | הירשל גאָז | 2 |
| פסח רפאל מושקאַט | 3 | פּרץ גאָז | 2 |
| אישי גערשן גאָלדמאַן | 2 | ביילקע גאָז | 3 |
| איצע חנא גאָלדמאַן | 4 | חיים דן גאָז | 3 |
| שרה לאה גאָלדמאַן | 1 | לייבקע געגדעל | 6 |

| משפחות | צאָל מיטגל׳ | משפחות | צאָל מיטגל׳ |
|---|---|---|---|
| לייבקע חדש | 3 | וואָלפאָוויטש שמעון | 5 |
| לייבקע סווערדלין | 4 | ברוך באָראָסאַק | 3 |
| בעניע גאָרדאָן | 4 | לייזער צעפעליאָוויטש | 3 |
| אהרן טראָצקי | 2 | לאהקע לוריע | 3 |
| גדליה טראָצקי | 3 | דן פייגעל | 7 |
| פייסע צעפעליאָוויטש | 3 | משה צימכאָוויטש | 6 |
| שרה צעפעליאָוויטש | 3 | בנימין צימאכאָוויטש | 4 |
| באָשע צעפעליאָוויטש | 2 | שמשון קליאנער | 4 |
| חיה שרה סאָלאָוויי | 4 | צדיק מענכעס | 4 |
| זלמן לייב גאָרדאָן | 2 | ישראל גריליכער | 3 |
| אברהם גאָרדאָן דער שמש | 3 | חיים דער בעקער | 2 |
| אברהם פישער | 5 | נח אַביליעוויטש | 3 |
| אסתר פישער | 3 | משה אביליעוויטש | 3 |
| פייגע סימקע קאַצאָוויטש | 2 | אברהם חדש | 2 |
| אברהם מאיר סקיראָנסקי | 4 | שמעון חדש | 3 |
| בן־ציון קאַצין | 4 | נח מינדעל | 2 |
| משה צעפעליאָוויטש | 4 | מאיר־מרדכי צייטלין | 2 |
| הינדע אולמאַן | 3 | בערל צייטלין | 3 |
| זלמן בעניע | 3 | אסתר באַס | 3 |
| שלמה מאנפיל | 3 | מאיר־הירש פערלמאַן | 3 |
| אברהם הירשל גאַז | 1 | חנה גענדעל | 2 |
| דישע לאה | 4 | יצחק פייגעל | 2 |
| חיים לייב חדש | 2 | ישראל־לייזער גאָרדאָן | 1 |
| חיים יצחק קאַגאַן | 4 | נתן צעפעליעוויטש | 4 |
| מענדל חדש | 3 | רוווקע דלאַט | 5 |
| חיים יאָשקע שניידער | 5 | ברוך גאָרדאָן | 9 |
| יוסף לינקאָווסקי | 5 | בערל קאמינקאָוויטש | 6 |
| אהרן טייטש | 2 | ציפע לייקעס עלטערן | 2 |
| אירמע סלאַווין | 4 | שלמה צעפעליאָוויטש | 7 |
| אייזיק דאָצקעס | 2 | גרשון גאז | 3 |
| חיים רייזל | 2 | ישראל בליאַט | 5 |
| ראובן דער שטעפער | 4 | מאַקס דראַטווע | 6 |
| יאַקל גאָרדאָן | 2 | אַבע־הירש קאצאָוויטש | 2 |
| זוסמאַן קליאַנער | 3 | גיטע־כינע דלאַט | 4 |
| יאַנקל גענדעל | 2 | חיים־יוסף חדש | 6 |
| יצחק שטיינגראב | 4 | נתן חדש | 6 |
| לייב רייכעל | 7 | חיה רבקה | 3 |
| לייב סקיראַנסקי | 6 | מאיר דער בלעכער | 3 |
| יודל גענדעל | 2 | זלמן קאַגאַן | 5 |
| וועלוועקע מינדעל | 6 | געשע גאָרדאָן | 4 |
| לייב מינדער | 2 | שעפסל סווערדלין | 2 |
| אברהם זאַיאָנץ | 6 | יודע קאַץ | 4 |

| משפחות | צאָל מיטגלי׳ | משפחות | צאָל מיטגלי׳ |
|---|---|---|---|
| פיניעלע דער וואַסערטרעגער | 1 | שלום נאראצקי | 7 |
| זלמן ראַזאָוו | 5 | דוד־מאיר טודער | 3 |
| ביינעש זינגער | 2 | לייב שניידער | 4 |
| שמואל־יהודה סקיראַנסקי | 3 | איצקע גאָרדאל | 4 |
| שלום גורוויטש | 3 | מיכל גורוויטש | 4 |
| יודל חדש | 6 | איטקע גורוויטש | 3 |
| זלמן רודערמאַן | 9 | שלמה־מאיר קוריצקי | 5 |
| יודל יעסין און ביינע רודערמאַן | 2 | יודל דער לאדיקס, גענדעל | 2 |
| אהרן זעליק דרוץ | 3 | חיים דער זאוורוטקער | 4 |
| יוסף מאנפיל | 4 | אהרן־לייב קליאנער | 4 |
| חיים־מרדכי רייכעל | 3 | יוסף וואליאך | 3 |
| נחום דער בלעכער | 4 | זיסקע קליאנער | 2 |
| חיים גרשון דער שניידער | 3 | איצקע קליאנער | 1 |
| שמואל הירש פעראָוואָסקין | 2 | פייסע קליאַנער | 1 |
| חיים קאַגאַן | 4 | אראַנאָוויטש אַרקע | 4 |
| יאַנקל גאָרדאָן | 4 | יוסף גאָרדאַן | 4 |
| מאָטע זאַצמאַן (דער בעדער) | 4 | ישראל־אליהו סקיראנסקי | 3 |
| פייוועל פערמאַן | 3 | איצקע מינדעל | 7 |
| מאר־בער גינזבערג | 6 | הענדל צעפעליאוויטש | 4 |
| כאצע יאפע | 5 | איסר דרוץ | 8 |
| יאָשקע בייראַך | 3 | דבורה גורוויטש | 1 |
| ישראל־חיים גורוויטש | 3 | סימקע איסרס גאָרדאַן | 3 |
| אברהם גורוויטש | 2 | לאה שמואל־איצעס | 3 |
| שלום גורוויטש | 3 | יחיאל גאַרבער | 2 |
| גרשון גורוויטש | 4 | ישעיה וועקסלער | 4 |
| חיים פישער | 6 | לאה דרייזע פינקעלשטיין | 6 |
| איצקע גאָרדאָן | 2 | מאַטע יאַנקויף | 5 |
| גדליה גאָרדאָן | 2 | מיישקיי שניידער | 4 |
| דינקע גאָרדאָן | 1 | פינחס־אָרע צעפעליעוויטש | 3 |
| יוסף שאַפּירא | 4 | דוד דער שוסטער | 2 |
| מיישקע צעפעליאָוויטש | 4 | אליקים גורוויטש | 4 |
| פייגע איזיקסאָן | 3 | אליהו־משה גאַרבער | 6 |
| מאָטע בערמאַן | 4 | יחיאל מינדער | 4 |
| דער דאלהינעגווע קירזשנער | 4 | צירע גענדעל | 2 |
| יאַנקל אבעל | 3 | חיים יאפע | 3 |
| לייב רייכעל | 8 | וועלוול בענסאָן | 3 |

## לעבנגעבליבענע דונילאָוויטשער

| | | | |
|---|---|---|---|
| אברהם קאַמינקאָוויטש (רוסלאַנד) | 1 | הינה גינזבורג (רוסלאַנד) | 1 |
| הירשקע גינזבורג (רוסלאַנד) | 1 | פּאָלע גינזבורג (רוסלאַנד) | 1 |
| ראָכקע גינזבורג (רוסלאַנד) | 1 | חיים־ראובן נאראצקי (רוסלאַנד) | 2 |

| משפחות | צאָל מיטגלי׳ |
|---|---|
| איצקע קליאנער (רוסלאַנד) | 1 |
| מיכלע ראזאוו (רוסלאַנד) | 1 |
| ליבע מינדל (רוסלאַנד) | 4 |
| סאָניע מינדל (רוסלאַנד) | 1 |
| לייבקע מינדל (רוסלאַנד ) | 1 |
| בערקע מינדל (רוסלאַנד) | 1 |
| ביינעס מינדל (רוסלאַנד) | 1 |
| פרומקע סווירסקי (רוסלאַנד) | 1 |
| שלום־בער פרידמאַן (רוסלאַנד) | 1 |
| זיאָמקע דראַטווע (רוסלאַנד) | 1 |
| חיה־דינה דראַטווע (רוסלאַנד) | 1 |
| שעפסל רודערמאַן (רוסלאַנד) | 1 |
| בריינע רודערמאַן (רוסלאַנד) | 1 |
| רבקה אָקס (רוסלאַנד) | 1 |
| לייקע אָקס (רוסלאַנד( | 1 |
| אסתר אָקס (רוסלאַנד) | 1 |
| הנה־גיטקע אָקס (ישראל) | 1 |
| רבקה זאיאָץ (ישראל) | 1 |
| זלמן זאַק (ישראל) | 1 |
| לייבל זאַק (ישראל) | 1 |
| יואל־דוד פורמאַן (ישראל) | 1 |
| אברהם־שלמה לינקאָווסקי (ישראל) | 1 |
| יאָשקע וואָלאַך (ישראל) | 1 |
| דן לינקאָווסקי (ישראל) | 1 |
| זלאַטע קאַצאָוויטש (ישראל) | 1 |
| חייקע קאַצאָוויטש (ישראל) | 2 |
| איצקע מושקאַט (אַרגענטינע) | 1 |
| חייקע מושקאַט (אַרגענטינע) | 1 |
| אברהם־חיים מושקאַט (אַרגענטינע) | 1 |
| פרומקע דרוץ (אַרגענטינע) | 1 |
| לייבקע קאַפּילאָוויטש (לידע) | 1 |
| ליבע שאַפּיראָ (לידע) | 1 |
| לייב זאַיאָנץ (לידע) | 1 |
| איצע כאַנע (נאָרד־אַמעריקע) | 2 |
| לייבקע גענדעל (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| אַבראַשקע מינדעל (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| אברהמקע גורוויטש (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| בערקע צייטלין (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| טשערנע טראָצקי (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| יחיאל גאַרבער (נאָרד־אַמעריקע) | 2 |
| מירקע מינדעל (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| חיים־מאיר פינקעלשטיין (נ.־אַמעריקע) | 1 |
| יהודית פינקעלשטיין (נ.־אַמעריקע) | 1 |
| איטשקע רודערמאַן (נ.־אַמעריקע) | 1 |
| לייבקע חדש (נאָרד־אַמעריקע) | 2 |
| מײשקע צעפּעליעוויטש (נ. אַמעריקע) | 1 |
| יאַנקל מאַנפּיל (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| סיאָמע פישער (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| אירמע סלאַוויר (נאָרד־אַמעריקע) | 4 |
| יאַנקל גאָרדאָן מיט דער פאַמ. (נ.אַ.) | 4 |
| וועלוועקע גאָרדאָן מיט דער פאַמ. (נ.אַ.) | 4 |
| אברהמקע גאָרדאָן (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |
| מירל קוריצקי (נאָרד־אַמעריקע) | 1 |

# חורבן פּאָסטאָוו

## דערציילט פון פּאָסטאָווער וואָס געפינען זיך אין אַרגענטינע

### געאָגראַפישע פּאָזיציע

דאָס שטעטל פּאָסטאָוו Postawy געהערט צו ווילנער גובערניע. עס גע־פינט זיך 120 קילאָמעטער פון ווילנע. אַן אייזנבאַן־סטאַנציע ליגט צוויי קילאָ־מעטער פון שטעטל און הייסט אויך פּאָסטאָוו. די באַן־ליניע גייט ווילנע — ווילייקאָ — גלובאָק. אַ טייך שניידט דורך דאָס שטעטל. דער טייך הייבט זיך אָן פון נאַראַטש (באַרימטע נאַראַטשער וועלדער) און פאַלט אַריין אין דער דווינע. אויף דעם טייך פלעגט מען זומער טרייבן פליטן קיין ריגע. דאָס האָלץ פלעגט מען אויסהאַקן פון די אַרומיקע וועלדער.

דאָס שטעטל שטייט אויף אַ הויכן אָרט און איז אַרומגערינגלט מיט וועלדער. צוליב דעם האָט מען דאָס שטעטל ווי די אַרומיקע געגענט באַטראַכט פאַר אַ דאַטשע אָרט. זומער פלעגן ווילנער ייִדן קומען אַהין אויף דאַטשע. אַזוי אויך די יוגנט וואָס האָט שטודירט אין די גרויסע שטעט פלעגט קומען זיך אָפּרוען. אין שטעטל איז געווען אַ גרויסער, שיינער פּאַרק, ווו עס האָט געוווינט דער גראַף צו וועמען דאָס רוב הייזער און די אַרומיקע פעלדער פון שטעטל האָבן געהערט. אין שטעטל גופא איז געווען אַ קליינע אָזערע, וועלכע מען האָט גערופן „דער בלינדער טייך". די אָזערע האָט קיין מאָל נישט אויסגעטריקנט. עס פלעגן וועגן איר אַרומגיין פאַרשיידענע לעגענדעס. אייניקע לעגענדעס האָבן פאַרבינדן די אָזערע מיט דער טערקישער מלחמה.

דאָס שטעטל האָט געהאַט פיר הויפּט־גאַסן און אַ סך קלענערע געסלעך, אַ גרויסן מאַרק, ווו יעדן מאָנטיק פלעגט פאָרקומען דער וועכנטלעכער מאַרק־טאָג.

פּאָסטאָוו האָט געהערט צו ווייסרוסלאַנד (רייסן). נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי איבערגעגאַנגען צו פּוילן. האָט געהאַט לערך 4.000 איינוווינער: 2.500 ייִדן און 1.500 ווייסרוסן. ייִדן און קריסטן האָבן געלעבט בשלום.

### פּאָסטאָוו ביז 1914

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס ייִדישע לעבן אין שטעטל געגאַנ־גען אין שטרענג טראַדיציאָנעלן דרך. עס זענען געווען דריי שולן צום דאַווענען: דער בית־המדרש, די געמישטע שול און די גרויסע שול. פּאַרטאָג ווען עס איז

קוים ליכטיק געוואָרן זענען שוין ייִדן, יונג און אַלט, געלאָפן אין שול אַריין. פאַרנאַכט האָט מען אויך געזען ווי ייִדן לאָזן איבער די געשעפטן און די אַרבעט און איילן זיך ווידער אין די שולן צו מנחה. בין מנחה למעריב האָט מען אין די שולן אַריינגעקוקט אין אַ ספר. ווער אין אַ גמרא, ווער אין עין יעקב, משניות און ווער עס האָט געזאָגט תהילים.

אין שטעטל זענען געווען צוויי רבנים. אַ מתנגדישער רב און אַ חסידישער רב. שוחטים זענען געווען דריי. געווען אַ חברה־קדישא, אַן הכנסת־אורחים און אַ לינת־הצדק: מען איז געגאַנגען זיצן דורך די נעכט ביי עלנטע קראַנקע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין משפחה. געווען אויך אַ דאָקטער אין שטעטל.

די ייִדישע באַשעפטיקונג איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקע. געווען קרעמער און בעלי־מלאכות. אייניקע האָבן געהאַנדלט מיט וואַלד. אַ סך האָבן געצויגן פרנסה פונעם מאַרק וואָס עס פלעגט פאָרקומען יעדן מאָנטיק. די פויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן ברענגען צום פאַרקויפן זייערע תבואות, בהמות און אַנדערע פּראָדוקטן. בעלי־עגלות האָבן געמאַכט אַ לעבן פון פירן פּאַסאַזשירן און משאָ צום און פון וואָקזאַל, וואָס איז געווען צוויי קילאָמעטער פון שטעטל.

עס זענען געווען עטלעכע טראַדיציאָנעלע חדרים. געווען אַ רוסישע שול פון זיבן קלאַסן. ס'איז אויך געווען אַן אָפּיצירן־שול.

## אַן עלילת דם

די געשיכטע וואָס ווערט דאָ דערציילט האָט זיך פאַרלאָפן אין דער צייט פון ביילים־פּראָצעס. אין שטעטל האָט געוווינט אַ קריסטין וואָס פלעגט באַקן צוקער־קיכלעך. אַ טאָכטער אירע פלעגט אָט די קיכלעך טראָגן פאַרקויפן צום וואָקזאַל. ווען דער באַן פלעגט אָנקומען פלעגט זי אַריין אין די וואַגאָנעס אויף צו פאַרקויפן איר סחורה. מאַכט זיך איין מאָל, דאָס איז געווען פונקט פאַר פסח, אַז זי האָט זיך פאַרזאַמט מיט איינעם אַ קונה אין וואַגאָן. דער באַן האָט זיך געלאָזט אין גאַנג און די קריסטלעכע מיידל האָט נישט באַוויזן אַראָפּצוגיין. אַזוי איז זי אָוועקגעפאָרן ביז דער צווייטער סטאַנציע הײדוצעשיק. דאָרטן איז זי אַראָפּ און זיך געלאָזט פאַרקויפן אירע צוקער־קיכלעך. אין הײדוצישיק האָט זי זיך אָנגעטראָפן אויף דעם פּאָסטאָווער בייגל־בעקער אַברהם איצע. ער האָט זי גענומען אויף זיין פור צוריק צו פירן אַהיים. זיי זענען אָנגעקומען זייער שפּעט ביינאַכט.

דערווייל איז די קריסטין, די מאַמע פון דער טאָכטער, געלאָפן צום רב פון שטעטל מיט אַ גוואַלד, אַז די ייִדן זאָלן איר אָפּגעבן איר טאָכטער. אַזוי ווי ס'איז איצטער פונקט ערב פסח האָבן די ייִדן זיכער פאַרכאַפּט איר טאָכטער. זי ווייס אַז ייִדן טוען אַזוי. ווייל עס פירט זיך גראָד איצטער, פאַר אַזאַ זאַך, אַ משפט מיט אַ ייִדן.

עס האָט זיך שוין געהאַט פאַרזאַמלט אַ המון קריסטן. די ייִדן זענען געווען אין גרויס שרעק. שפּעט ביינאַכט איז דאָס קריסטלעכע מיידל אַריינגעפאָרן אין שטעטל מיטן בייגל־בעקער.

## אויסגעמיטן אַ פּאָגראָם

די מעשה, וואָס ווערט דאָ דערציילט איז פאָרגעקומען לערך אין יאָר 1912. געווען איז אין שטעטל אַ מיידל, וואָס האָט געהייסן חנה־לייקע. זי האָט זיך פאַר־ליבט אין אַ שגץ און געוואָלט מיט אים חתונה האָבן. ווען איר טאַטע האָט זיך דערפון דערוווסט האָט ער זי גוט צעשלאָגן. זי איז אָבער אַנטלאָפן צום שגץ און



פאָסטאָווער טייך

האָט אים אַלץ דערציילט. דער שגץ האָט זיך ווענן דעם ענין באַראַטן מיט די פּויערים. מען האָט באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען מיט די ייִדן. און אַז מאָנטיק, ווען עס קומט פאָר דער מאַרק, זאָל מען הרגענען און רויבן ייִדן. צום גליק האָבן זיך די פאָסטאָווער ייִדן דערוווסט דערפון באַצייטנס. עטלעכע ייִדישע יונגעלייט האָבן זיך אָרגאַניזירט. מיט שטעקנס האָבן זיי די אויפגעברויזטע פּויערים, וואָס זענען געקומען אויפן מאַרק, צעטריבן. אַזוי איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם.

## די מלחמה 1914 — 1918

די מלחמה פון 1914 — 1918 האָט דאָס שטעטל פאָסטאָוו געטראָפן מער ווי אַלע אַנדערע. באַלד ביים אויסברוך פון דעם קריג האָבן די קריסטלעכע שכנים גענומען קוקן קרום אויף ייִדן. אין אַלע אומגליקן וואָס זענען דעמאָלט געשען האָט מען באַשולדיקט ייִדן. ווען עס האָט אָנגעהויבן אויספעלן זילבער־געלט, האָט עס געהייסן אַז ייִדן האָבן עס אויסבאַהאַלטן. אַזוי אויך אין אַנדערע פאַלן. דער

עיקר האָט מען זיי באַשולדיקט אַז זיי שטייען אין פאַרבינדונג מיט די דייטשן. די יוגנט האָט מען מאָביליזירט אין מיליטער. דאָס לעבן איז געוואָרן שווער.

ערב יום כיפּור זענען די דייטשן אַריין קיין פּאָסטאָוו. אַ סך ייִדן זענען אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. דאָס דייטשע מיליטער איז געגאַנגען ווייטער אויפן וועג קיין גלובאָק. אין פּאָסטאָוו איז געבליבן ווייניק דייטש מיליטער. אין אַכט טעג אַרום האָט דאָס רוסישע מיליטער אָנגעהויבן אַ קאָנטראַ־אַטאַקע. אַן אָפּטיילונג קאָזאַקן, אויף פערד האָט זיך אַריינגעריסן אין שטעטל מיט אַ הורא־געשריי און זיך געלאָזט צו די קאַזאַרמעס אויף ווילנער גאַס. זיי האָבן אָבער דאָרטן שוין קיין דייטשן נישט געפונען. די קריסטן זענען מיט שמחה אַרויס אויף די גאַסן צו באַגריסן די קאָזאַקן. בעת די ייִדן האָבן זיך אין גרויס שרעק אויסבאַהאַלטן. די קריסטן האָבן אָנגעהויבן אויסטראַכטן פאַרשיידענע בילבולים אויף די ייִדן: אַז זיי באַהאַלטן אויס ביי זיך דייטשן; אַז זיי האַלטן פאַרמאַכט די קלייטן, ווייל זיי באַהאַלטן די סחורה פאַר די דייטשן.

פלוצעם איז געקומען אַ באַפעל פון דעם קאָזאַקישן קאָמאַנדיר, אַז אַלע ייִדן פון שטעטל זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק. קיינער פון די ייִדן טאָר נישט בלייבן אין די הייזער. דער רב האָט געהייסן גיין און איז אַליין אויך מיטגע־גאַנגען. אַפילו קראַנקע האָט מען געבראַכט צוטראָגן אויף די הענט. פונעם מאַרק האָט מען אַלע ייִדן, בראש מיטן רב, געפירט צו אַ פרייען פעלד אונטער די קאַזאַרמעס, ווו מען האָט זיי געזאָלט אַלעמען אויסשיסן. מען האָט גענומען נאָר די מענער. אָבער די פרויען און קליינע קינדער זענען נאָכגעלאָפן.

דעמאָלט האָט זיך דער רב שנאור זלמן געווענדט צום קאָמענדאַנט און אים געפּרוווט איבערצייגן אין דער אומשולד פון די ייִדן. אין דעם איז אָנגעקומען דער קריסט זאַכאַראָוו, אין וועמענס הויז דער רב האָט געוווינט. זאַכאַראָוו איז געווען אַן אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט, וואָס האָט באַקומען אַ גאָל־דענעם מעדאַל ווי אַן אויסצייכענונג. זאַכאַראָוו, מיטן מעדאַל אויף דער ברוסט און מיט פּאַפּירן אין די הענט, האָט זיך געשטעלט פאַרן קאָמאַנדיר און געזאָגט:

— נאַ זע, איך האָב מיין גאַנץ לעבן געדינט דעם קייסער ניקאָלאַי. פאַר מיין ערלעכקייט און איבערגעגעבנקייט האָב איך באַקומען מיין מעדאַל.

— וואָס ווילסטו מיר זאָגן, רעד! האָט דער קאָמאַנדיר געזאָגט.

— איך וויל דיר זאָגן אַז דער ראַבינער און די ייִדן זענען אומשולדיק. די אַלע זאַכן וואָס מען דערציילט אויף זיי זענען פאַלש. איך בעט ביי דיר זיי לאָזן לעבן. אויב איר וועט שיסן טאָ שיסט מיך אויך מיט זיי צוזאַמען. (דערביי כאַפּט ער זיך אַרום מיטן רב און לאָזט אים נישט אָפּ).

— נו, זאַכאַראָוו זאָל זיין ווי דו ווילסט. אָבער מיטן תנאי די ייִדן זאָלן ווייזן ווו די דייטשן זענען און באַלד עפענען די קראָמען.

די קראָמען האָט מען שוין נישט געדאַרפט עפענען. די קאָזאַקן האָבן זיי שוין אַליין געעפנט און געהייסן די קריסטן נעמען וואָס זיי ווילן. מען האָט זייער שנעל אַלץ אויסגעראַבירט.

מיט צוויי טעג שפּעטער זענען ווידער אַריין די דייטשן און דער פראָנט האָט זיך פּונקט אָפּגעשטעלט ביי פּאָסטאָוו, וואָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן דריי יאָר. פון די איבערשיסונגען און פון כסדרדיקן שרעק איז אוממעגלעך געוואָרן צו וווי־נען ווייטער אין שטעטל. די ייִדן זענען אַנטלאָפן פון פּאָסטאָוו אין די עשרת ימי תשובה, 1915. אַ סך זענען געפאָרן קיין ווילנע און אַ סך האָבן זיך אויפ־



אַ גאַס אין פּאָסטאָוו

געהאַלטן אין פּאַניעוויעזש. קיין הונגער און נויט האָט נישט געפעלט. מען האָט געלעבט מיט דער האָפענונג צו קענען וואָס גיכער זיך אומקערן קיין פּאָסטאָוו.

## דאָס אומקערן זיך צוריק קיין פּאָסטאָוו

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט זענען דאָס רוב פּאָסטאָ־ווער ייִדן צוריקגעקומען צו זייער צעשטערטער היים. פון זייער האָב און גוטס האָבן זיי אַפילו קיין זכר נישט געפונען.

די הייזער זענען געווען אַזוי צעשטערט אַז עס איז נישט מעגלעך געווען זיי צו פאַרריכטן. דאָך האָבן ייִדן זיך גענומען בויען נייע היימען. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע מלחמה צווישן די פּאָליאַקן און די באָלשעוויקעס. אין משך פון אַ יאָר איז דאָס שטעטל געווען באַלאַגערט און די מאַכט פלעגט איבערגיין פון האַנט צו האַנט, פון די רוסן צו

די פּאָליאַקן און פאַרקערט. יעדער פון זיי האָט געזוכט דעם שונא אין יידישע הייזער און געשעפטן. די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט, פאַרשטייט זיך, ביידן מיטגעהאָלפן און אַזוי אַרום איז דאָס שטעטל ווידער צעראַבירט און פאַראָרעמט געוואָרן. מען האָט פשוט געליטן הונגער און צייטנווייז זיך געשפייזט מיט קראָ־פּיווע.

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט און די געגנט איז אַריינגעפאַלן צו פּוילן האָבן יידן זיך אויף ס'ניי גענומען איינאָרדענען דאָס עקאָנאָמישע, געזעל־שאַפטלעכע און קולטורעלע לעבן. ס'האָט זיך געגרינדעט אַ באַנק פאַר קרעמערס און סוחרים, אַ גמילת־חסד פאַר אַרבעטערס און בעלי־מלאכות, אַ חברה־קדישא, אַ שול צום דאַוונען און אַ קינדער־שול וואָס דער רוב יידישע קינדער האָבן באַזוכט. הגם עס זענען געווען אומבאַצאָלטע פּוילישע שולן, האָבן זיך דאָך די עלטערן אָנגעשטרענגט און זיי געשיקט אין דער תרבות־שול, זיי זאָלן באַקומען אַ יידישע דערציִונג. ווען די שול האָט זיך נישט געקענט אויסהאַלטן פון שכר־למוד אַליין, האָט די יוגנט דורך דעם געשאַפענעם דראַמקרייז געהאָלפן שאַפן די מיטלען. זיי האָבן געשפּילט יידיש טעאַטער. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע יידישע ביבליאָטעק מיט העברעיִשע, יידישע און רוסישע ביכער.

ביי דער שול איז געווען אַ קינדער־קלוב און אַ חלוץ־אָרגאַניזאַציע, ווו די קינדער האָבן באַקומען אַ ציוניסטישע, חלוצישע דערציִונג. ווען די שול־טוער האָבן צווישן זיך נישט געקענט דורכקומען בנוגע דער שפּראַך־פראַגע: יידיש צי העברעיִש, האָבן זיך די יידישיסטן אָפּגעשפּאָלטן און זייער שול איז אַרונטער־געפאַלן אונטער דער השפעה פון בונד. די תרבות־שול איז פאַרבליבן אונטער דער ציוניסטישער אָנפירונג. אָט די שפּאַלטונג האָט גורם געווען עס זאָל זיך אָנהייבן אַ פאַרמעסט פאַר אַ גרעסערער דערגרייכונג. יעדער צד פלעגט זיך באַמיִען צו ברענגען די בעסטע לערערס פאַר די קינדער און לעקטאָרן פאַר דערוואַקסענע. דורך דעם האָט די יוגנט אַ סך געוואָנען אויף דעם קולטור־געביט. די יידישיסטן האָבן געפּריידיקט אַז מיר דאַרפן שאַפן און אויסבעסערן דאָס לעבן דאָרט ווו מיר וווינען. די ציוניסטן האָבן צוגעגרייט די יוגנט אויף הכשרה און עליה קיין ארץ־ישראל. זייער אַ סך פון דער יוגנט האָבן טאַקע עולה געווען קיין ארץ־ישראל. זיי זענען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. עטלעכע יוגנטלעכע האָבן אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע, ווו זיי האָבן געשאַפן זייער היים.

די רויִקע צייט האָט זיך געצויגן ביזן יאָר 1933, ווען היטלער איז געקומען אין דייטשלאַנד צו דער מאַכט. דער נאַצישער „גייסט" איז אַריינגעדרונגען אויך אין פּוילן און האָט אויך דערגרייכט דאָס קליינע שטעטל פּאָסטאָוו. די פּוילישע אַנטיסעמיטן האָבן געשטעלט פּיקעטן ביי יידישע געשעפטן. נישט דערלאָזט געבן אַרבעט יידישע בעלי־מלאכות. נישט אָנגענומען קיין יידישע קינדער אין די פּוילישע שולן. אָפט פלעגט מען אויך קריגן געשלאָגן פון די פּוילישע און ווייס־רוסישע כוליגאַנעס.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ יוגנטלעכער זעלבסטשוץ־קרייז. עס האָבן זיך פאַראייניקט אַלע פּאַרטייען. דער קאַמף איז געווען אַ שווערער אָבער דאָך האָבן ייִדן זיך געפילט אַ ביסל זיכערער. אַזוי האָט זיך עס געצויגן ביז סעפּטעמבער 1939, ווען דייטשלאַנד איז איבערגעפאַלן פּוילן.

ווי נאָר ס׳איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דייטשלאַנדס אַריינדרינגען אין דער פּוילישער טעריטאָריע האָבן די קריסטלעכע כוליגאַנעס אָנגעהויבן שטאַר־קער צו ראַבעווען און שלאָגן ייִדן.



פּאָסטאָווער בית־עולם.

## דער אַריינקום פון די רוסן אין יאָר 1939

מיטן אַריינקומען פון די רוסן (17טער סעפּטעמבער 1939), האָט זיך די שטימונג ביי ייִדן געביטן. עס זענען פאַרשוווּנדן אַלע מערדערישע רדיפות אויף ייִדן. די פּוילישע אַנטיסעמיטישע העצער זענען נישט נאָר שטום געוואָרן, נאָר זיי האָבן זיך פשוט אויסבאַהאַלטן. דאָס ייִדישע לעבן האָט באַקומען גאָר אַן אַנ־דער פּנים. אַלע פּאַרטייען און גרופּירונגען זענען אויפגעלייזט געוואָרן. ייִדן האָבן זיך געמוזט צופּאַסן צו אַ נייעם לעבנס־שטייגער. און געמוזט זוכן אַנדערע מעג־לעכקייטן פון וואַנען צו ציִען פּרנסה. ביי יענער טעראָריסטישער שטימונג איז די רוסישע אָקופּאַציע געווען פאַר די פּאָסטאָווער ייִדן אַ דערלייכטערונג. מען האָט געהאָפט אַז אפשר דערמיט וועט מען אויסמיידן די מלחמה און אַז אפשר דערמיט וועט מען אויסמיידן די דייטשע נאַצישע הערשאַפט.

## דאָס אַריינקומען פון די דייטשן

דער דייטשער איבערפאַל אויף רוסלאַנד איז פאָרגעקומען דעם 22טן יוני 1941. איידער מען האָט נאָך געהאַט צייט זיך אָפּצוגעבן חשבון וואָס אַזוינס עס קומט פאָר זענען שוין די דייטשע עראָפּלאַנען געפלויגן איבערן שטעטל און באָמבאַרדירט די געגנט. די פּאַניק אין שטעטל איז געווען אין לשער. אַ סך ייִדן האָבן זיך געלאָזט לויפן קיין רוסלאַנד. די וועגן זענען געווען שוואַרץ פון ייִדישע מענער, פרויען און קינדער. מער האָט געוואַרט אויף אַ נס. דער נס איז אָבער נישט געקומען.

נאָך ערגער איז געווען דער גורל פון די ייִדן וואָס זענען געבליבן אין פּאָסטאָוו. ווי ס'איז נאָר באַקאַנט געוואָרן אַז די דייטשן גייען זענען די אָרטיקע כוליגאַנעס באַלד אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און אָנגעהויבן שלאָגן און רויבן ייִדן. די שנאה פון דאָס רוב אָרטיקע קריסטן צו ייִדן איז געוואָרן נאָך גרעסער ווי פריִער, פאַר דער רוסישער אָקופּאַציע.

## די ערשטע קרבנות

ווען די דייטשע אַרמײ איז אַריין אין פּאָסטאָוו האָבן זיי דאָס ערשטע גענו־מען 50 ייִדן ווי אַ משכון. זיי האָבן זיי אויסגעשטעלט מיט די פּנימער צו אַ וואַנט, די הענט אויף הינטן און אויף זיי אָנגעשטעלט מאַשינען־געווער. זיי האָבן געמאָלדן דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג, אַז אויב עמעצער פון די ייִדן וועט דערהרגענען איין דייטשן סאָלדאַט וועלן זיי דערשיסן אַלע 50 ייִדן. צום גליק זענען די פּאָסטאָווער ייִדן דעמאָלט אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. די 50 ייִדן האָט מען פריי געלאָזט.

דעם ערשטן טאָג וואָס די דייטשן זענען אַריין האָבן זיי שוין דורכגעפירט אַ מאָרד. גרשון דעם סטאָליאַרס אַ זון איז געשטאַנען לעבן זיין שטוב און גע־קוקט ווי די דייטשע אַרמײ גייט דורך. אַ דייטשער אָפיציר האָט באַפוילן מען זאָל אים פירן אויף צום שיסן. זיין פּאָטער גרשון, וועלכער האָט געזען דורכן פענצטער אַז די דייטשן פירן זיין זון איז צוגעפאַלן צום אָפיציר, וואָס האָט גע־געבן דעם באַפעל, און אים געבעטן ער זאָל פריי לאָזן זיין זון. דער אָפיציר אָבער האָט געהייסן מען זאָל אויך דעם פּאָטער נעמען. אַזוי אויך האָט ער באַ־פוילן אַז מען זאָל נעמען די איבעריקע דריי קינדער, וועלכע האָבן דאָס צוגע־קוקט. מען האָט זיי אַלעמען צוגעפירט צום קריסטלעכן מאָהילניק און ביים צויב פון מאָהילניק האָט מען זיי אַלעמען דערשאָסן. דאָס איז געווען 4 אַזייגער נאָך מיטיק.

די זעלבע נאַכט האָבן צוויי קריסטן פאַרמסרט אַ גרופּע ייִדן, אַז זיי זענען קאָמוניסטן. די גרופּע ייִדן זענען געווען: וועלוול פרידמאַן, זיינע צוויי זין: יעקב

און מ׳ה, זעליק חדשס אַן איידעם, אָלע שוביץ די אַקושעריך, חוה שאַפּיראָ פון ווילנער גאַס, זעליק איצעס אַ טאָכטער און אַ רוסישן אַדוואָקאַט. זיי אַלעמען האָט די פּאָליציי און די געשטאַפּאָ־אַגענטן אַרויסגענומען אין מיטן דער נאַכט פון די בעטן. די פרויען און קינדער האָט מען נישט געטשעפּעט. מען האָט זיי אַלע־מען אַוועקגעפירט צו זלמן צעפּעלאָוויטשס הויז און דאָרטן זיי פאַרשפּאַרט אין אַ פינצטערן קעלער. מען האָט זיי דאָרטן געהאַלטן ביז אויף מאָרגן פאַרנאַכט.



נח קאַצאָוויטש מיט זיין פאָטער און שוועסטער

דערנאָך האָט מען זיי, מיט מוזיק, אַוועקגעפירט הינטערן שטאָט אין ווילנער גאַס און זיי אַלעמען אויסגעשאָסן.

די דייטשן האָבן אָבער נישט אויסגעזאָגט אַז מען האָט זיי אַלעמען דער־שאָסן. זיי האָבן געזאָגט אַז מען האָט די אַרעסטירטע אַוועקגעשיקט קיין דייטש־לאַנד אויף אַרבעט. די קריסטן וועלכע האָבן געגראָבן די גרוב, אין וועלכער מען האָט זיי אַלעמען מקבר געווען, האָבן דערציילט, אַז מען האָט זיי דערשאָסן. נאָך פיר חדשים איז קוים געלונגען, פאַר גוט־באַצאָלטע געלט, צו באַקומען די דערלויבעניש צו ברענגען די דערמאָרדעטע צו קבר ישראל.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט די דייטשע מאַכט צוגענומען נאָך עטלעכע ייִדן. דאָס זענען געווען חיים עליע צעפּעלאָוויטש, ווייגערס צוויי איידעמס, לייבע רייכעל דעם ציגעלניק און מישאַ זאַסלאַווסקי. מען האָט זיי אַלעמען דערשאָסן.

יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע קרבנות. אויפן טראָטואַר האָבן ייִדן נישט געטאָרט גיין. זיי האָבן געדאַרפט גיין אין מיטן גאַס. ווען אַ ייִד איז צופעליק

אַרויף אויפֿן טראָטואַר איז ער באַלד אויפֿן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

ייִדן האָבן געטראָגן צוויי געלע לאַטעס אויף וועלכע עס איז געווען אַ מגן דוד. איין לאַטע איז געווען אויף דער רעכטער ברוסט און די צווייטע לאַטע אויף דער פּלייצע.

## דאָס פאַרשפּאַרן די יידן אין געטאָ

אין חודש אויגוסט 1941 האָט מען אַלע ייִדן פון שטעטל אַריינגעשפּאַרט אין אַן אַרומגעצוימטער געטאָ. די צאָל ייִדישע נפשות וואָס מען האָט פּאַרטריבן אין געטאָ איז געווען ביי צוויי טויזנט. דאָס פּלאַץ פון געטאָ האָט זיך געפונען אויף די גאַסן באַזילאַנער, דוואָרצאָווער און איין זייט פון דער בראַסלאַווסקער גאַס. די געטאָ איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ צוים פון דריי מעטער די הויך. אויבן, איבער די שפּיצן ברעטער, איז געווען איבערגעצויגן מיט דריי רייען שטעכיקע דראָט. ביים אַריינגאַנג אין געטאָ איז געווען אַ ברייטער טויער, וואָס האָט געהאַלטן ביי דריי מעטער. דער טויער איז געווען באַוואַכט פון פוילישע פּאָליצײ. דער טויער איז אויסגעקומען לעבן שמואל שלמה דעם שמיד — ראַבינאָוויטש.

דער באַפעל אַריינצוגיין אין געטאָ איז געקומען פון דער פּאָליצײ זעקס אַזייגער אינדערפרי. מען האָט געגעבן זעקס שעה צייט. דאָס הייסט, אַז שפּעטער פון 12 אַזייגער, פון דעם זעלבן טאָג, האָט קיין ייִד זיך נישט געטאָרט געפינען אויף דער פריי, מחוץ דער געטאָ.

ביים אַריינגיין אין געטאָ האָט מען אַלע זאַכן געמוזט איבערלאָזן. מען האָט בלויז דערלויבט מיטצונעמען אַ קליין פּעקל אין האַנט. דאָס האָט געדאַרפט זיין דאָס מעבל, דאָס וועש, די קליידונג און די שפּייז.

מען האָט געהייסן אָרגאַניזירן אַ ייִדן־ראַט. צום ייִדן־ראַט האָבן געהערט דער צאָן־דאָקטער רובינשטיין, מיכאל טויבעש שמעון לובאָצקי, פּסח שוביץ און שייע שוביץ. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ ייִדישע פּאָליצײ.

אין געטאָ האָט מען געלעבט צו פיר אָדער פינף משפּחות אין איין צימער. מען איז געשלאָפן ווו עס האָט זיך געלאָזט. אין די צימערן איז אַפילו נישט געווען גענוג פּלאַץ אויף צום שטיין. די שמוץ איז געווען גרויס. פאַרשיידענע קראַנקייטן פלעגן זיך פאַרשפּרייטן זייער גיך.

די שפּייז איז באַשטאַנען פון 100 גראַם ברויט אַ טאָג אויף אַ מענטשן. מען פלעגט אויך יעדן איינעם אויסטיילן אַ טעלער וואַסערדיקע זופּ.

אַלע אינדערפרי, 7 אַזייגער, האָבן אַלע מענער, פרויען און קינדער זיך געמוזט פאַרזאַמלען אויפן מאַרק און זיך אויסשטעלן צו פיר אין אַ ריי. אַ דייטשער קאָמענדאַנט פלעגט אויסרופן יעדן ביים נאָמען. די מענער פלעגן אָפּמאַרשירן צו דער אַרבעט, געפירט פון די דייטשן. זיי פלעגן אַרבעטן ביז פיר אַזייגער

נאָך מיטיק. זיי פלעגן אָנלאָדן און אויסלאָדן וואַגאָנעס, אָקערן אויפן פעלד, קערן און רייניקן, און טאָן אַלע שווערסטע און שמוציקסטע אַרבעטן. קיינער פון זיי האָט נישט געגלויבט אַז ער וועט זיך צוריקקערן צו זיין משפחה, אַז ער וועט נאָך אַמאָל זען זיינע ליבסטע און טייערסטע. איידער מען פלעגט גיין צו דער אַרבעט פלעגט מען זיך געזעגענען מיט די אייגענע. מען פלעגט זיך קושן און האַלדזן.

חוץ דער שוואַרץ־אַרבעט האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט וואַרשטאַטן פון שטריקערײַ, בעקערײַ, טאַפּעצירערײַ, שניידערײַ און אַנדערע. אַלע האָבן געאַרבעט. אַפילו קינדער פון דרייצן יאָר.



אַ גאַס אין פאָסטאָוו

יעדער טאָג האָט געבראַכט נייע קרבנות. יעדער טאָג פלעגט פעלן עמעצער פון די וואָס זענען אַוועק אויף אַרבעט. פאַר וועלן אַריינברענגען וועלכע עס איז שפייז אין געטאָ פלעגט מען דערשיסן. ווען מען פלעגט ביים געטאָ־טויער געפינען ביי עמעצן אַ שטיקל ברויט אָדער אַ קאַרטאָפל אונטער דער העמד פלעגט מען אים מערדעריש שלאָגן און דערנאָך דערשטעכן אויפן אָרט.

## די ליקווידאַציע פון פאָסטאָווער געטאָ

די ליקווידאַציע פון פאָסטאָווער געטאָ איז פאָרגעקומען דעם 25טן דעצעמבער 1942, (י״ג טבת, תש״ג). ס׳האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט אין געטאָ ביי טויזנט פינף הונדערט ייִדן. 3 אַזייגער פאַרטאָג, פון דעם זעלבן טאָג, האָבן די ייִדן דערהערט פאַרדעכטיקע קולות. באַלד איז געקומען אַ באַפעל פון דער פּאָליציי, אַז אַלע זאָלן אַרויס פון געטאָ. מען האָט אויפגעוועקט די קינדער. אַ שרעק איז אַלעמען באַפאַלן. מען האָט פאַרגעפילט וואָס דאָס מיינט. מען האָט געהייסן זיך אויסשטעלן צו פיר אין אַ ריי. דאָס מאָל האָבן זיך אויסגעשטעלט אַלט און יונג,

מענער און פרויען, אויך קינדער זענען געשטאַנען אין דער ריי. די דייטשן האָבן אַלעמען געהייסן מאַרשירן צו דער באַליניע. ביים אַריבערגיין די באַליניע איז שוין פאַר אַלעמען קלאָר געוואָרן, אַז דאָס פירט מען צו דער שחיטה. אייניקע ייִדן האָבן, אין דער פינצטער, גענומען לויפן. אַנדערע זענען זיי נאָכגעלאָפן. די דייטשן האָבן גענומען שיסן אויף אַלעמען און אין אַלע זייטן. די שוואַכערע וואָס האָבן נישט געקענט נאָכהאַלטן דעם מאַרש האָבן זיי גלייך דערשאָסן.

צום גרויסן גרוב, וואָס איז פון פריִער געווען צוגעגרייט, זענען לעבעדע־קערהייט אָנגעקומען גאָר ווייניק ייִדן.

דעם מאַסן־קבר האָט מען שפּעטער אָנגעפילט מיט די הרוגים, וואָס זענען פאַרשפּרייט געווען אַרום אָט דעם גרוב.

דער ברודער־קבר פון אַלע אומגעקומענע פאָסטאָווער ייִדן געפינט זיך אויף יענער זייט באַליניע, ביים סוף באַזיעלאַנער גאַס.





גאַסן אין פאָסטאָוו.

# די לעבנגגעבליבענע פון פּאָסטאָווער געטאָ

מאָטעל קאַצאָוויטש, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו.
משה קאַצאָוויטש, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו.
אַברהם רויכמאַן און פרוי, געפינען זיך אין מדינת ישראל.
זלמן רויכמאַן און זיין פרוי רחל, געפינען זיך אין מדינת ישראל.
רייע רויכמאַן (איצט אייזענמאַן), געפינט זיך אין מדינת ישראל.
אַברהם פרידמאַן, געפינט זיך אין מדינת ישראל.
דאָס קינד ציפּורה גאָלאָמב, די עלטערן אומגעקומען, געפינט זיך אין מדינת ישראל.
פאַניע צעפּליאָוויטש מיט דריי קינדער, געפינען זיך אין פּאָסטאָוו.
דבורה פרידמאַן, געפינט זיך אין צפון־אַמעריקע.
יצחק באַרקמאַן, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו.
רבקה פרידמאַן, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו.
ציפּע פרידמאַן, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו.
פעסע פרידמאַן, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו.
יעקב פויגל, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו.
יואל וועקסלער, געפינט זיך אין צפון־אַמעריקע.
חיים־בער וועקסלער און פרוי, געפינען זיך אין צפון־אַמעריקע.
רבקה וועקסלער, געפינט זיך אין צפון־אַמעריקע.



אַ גאַס אין פּאָסטאָוו

# פּאַרטיזאַנער פון פּאָסטאָווער געטאָ

זלמן רויכמאַן דערציילט:

אברהם־מיצע פרידמאַן, אַ פּאָסטאָווער פּאַרטיזאַן, איז געווען אין דאָלהינאָוו, אַ שטעטל נישט ווייט פון גלובאָק, בעת עס איז דאָרט פאָרגעקומען די פאַרניכטונג פון יענער געטאָ. אים, מיט נאָך איינעם, שמעון שפּיראָ, איז געלונגען זיך אַרויס־צוראַטעווען פון געטאָ און זיך דערשלאָגן אין אַ פּאַרטיזאַנער־וואַלד. אין אַ קור־צער צייט אַרום האָבן זיי אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו ראַטעווען ייִדן פון פּאָסטאָ־ווער געטאָ. אברהם־מיצע איז נאָך דריי טעג כסדרדיקן אַרומגייִן אָנגעקומען אין פּאָסטאָווער געטאָ. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה אַז אברהם־מיצע מיט נאָך פּאַרטיזאַנער געפינען זיך אין געטאָ. מען האָט זיך פּשוט נישט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ געוואַגטקייט, ביז עס האָט זיך באַשטעטיקט אַז דער העלדישער פּאַריזאַן אברהם־מיצע פרידמאַן שטייט אין פאַרבינדונג מיטן יודענראַט, פון וועמען ער האָט געפאָדערט אַרויסצולאָזן די קאַמף־פעיִקע צו גיין אין פּאַרטיזאַנקע און פירן דעם קאַמף קעגן די דייטשע רוצחים. דער יודענראַט איז דערויף נישט איינגעגאַנגען. זיי האָבן געטענהט אַז אָדער עס גייט די גאַנצע געטאָ אָדער קיינער נישט. אַזוי ווי אַלעמען האָט ער נישט געקענט נעמען, האָט ער פאַרלאָזט די געטאָ מיטנעמענדיק בלויז זיין שוועסטער לאה שפּיראָ מיט אַ דריי־יאָריק קינד, שלמהלע, און זיינע ברידער, משה און הענעך פרידמאַן.

אברהם מיצע איז אָבער נישט געבליבן מיט פאַרלייגטע הענט. ער האָט זיך ווייטער געלאָזט אין שווערן וועג פון הונדערטער קילאָמעטער ביז ער איז אָנ־געקומען צו זיינעם אַ באַקאַנטן קריסט, אַ פאַריבנדלער מיט די פּאַרטיזאַנער. אים האָט עס אברהם־מיצע געגעבן אַ בריוו און געבעטן ער זאָל גיין קיין פּאָסטאָוו און דעם בריוו איבערגעבן צו זיינע פריינט. דער קריסט — נאָומטשיק האָט ער געהייסן — וואָס האָט געוווינט אין אַ דאָרף צווישן פּאָסטאָוו און קאָבילניק, האָט דערפילט זיין בקשה.

ווען מיר האָבן באַקומען דעם בריוו האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ גרופּע און זיי אָפּגעשיקט אין וואַלד. אין דער גרופּע זיינען געווען: מיכל־איצע פרידמאַן; זלמן פרידמאַן; אַברהם פרידמאַן; מילקע זאַסלאַווסקי; חיה רוכמאַן; דבורה פריד־מאַן און אברהם רוכמאַן. זיי האָבן זיך געטראָפן אויפן אָפּגערעדטן פּלאַץ און פון דאָרט זיינען זיי אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. אברהם רוכמאַן איז צוריק־געגאַנגען אין געטאָ און געוואַרט אויף נייעס פון דער גרופּע.

אַזוי זיינען אַוועק עטלעכע וואָכן. איינמאָל קומט צו לויפן דער זעלבער קריסט און בעט זיך ביי מיר איך זאָל אים באַהאַלטן אַז קיינער זאָל אים נישט טרעפן. איך האָב געאַרבעט ביי ראַכע עסטרין, מחוץ דער געטאָ, וווּ עס איז אַמאָל געווען אַ בעקעריי. איך האָב דעם קריסט דאָרט פאַרשטעקט און ער האָט מיר איבערגעגעבן אַ בריוו פון אברהם־מיצע פרידמאַן. אין בריוו האָט זיך גע־



לייב קאַצאָוויטש און משה קאַצאָוויטש מיט זייער מוטער רחל פון פאָסטאָוו.



חיים־זלמן איזיקסאָן מיט דער פאַמיליע, בין פאָסטאָוו. אַלע אומגעקומען.

זאָגט: „איך וואַרט אויף אייך איבעראַכטאָג מיטוואָך אויפן זעלבן פּלאַץ ווי פריִער (דאָס איז געווען 6 ק"מ פון פּאָסטאָוו און מען האָט געדאַרפט דורכגיין דעם ייִדישן בית־הקברות). די פּאַרטיזאַנער האָבן ידיעות אַז מען גרייט זיך צו ליקווידירן די פּאָסטאָווער געטאָ, קומט־זשע גלייך אַרויס ווייל איר קענט פאַרשפּעטיקן דעם לעבן".

וועגן דעם בריוו האָב איך דערציילט בלויז די מענער. ערשט דעם צווייטן מיטוואָך האָב איך אויך די פרויען איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פונעם בריוו און זיי געהייסן זיך גרייטן אין וועג אַרייַן. אין איין האַלבער שעה זיינען מיר אַלע פאַרטיק געוואָרן און באַוואָפנטע האָבן מיר פאַרלאָזט די געטאָ. מיר האָבן פריִער אַראָפּגעריסן די געלע מגן־דווידס וואָס די דייטשע מערדערס האָבן אונדז באַפוילן צו טראָגן אָנגעניייט צו די קליידער פון ביידע זייטן, דערנאָך האָבן מיר איבערגעשניטן די דראָט־פאַרצוימונגען, אויפגעריסן דריי ברעטער פונעם פּלויט און פאַרזיכטיק, מיט גרויסע שוועריקייטן האָבן מיר באַוויזן זיך אַרויסצוראַטעווען, קוים עטלעכע טעג איידער פּאָסטאָווער געטאָ איז פולשטענדיק פאַרטיליקט געוואָרן.

אין דער גרופּע זיינען געווען: זלמן דער בלעכער מיט זיין פרוי רייזל פון היידוציִשאָק (איצט אין אַמעריקע); זלמן רויכמאַן; נחמן; אברהם רויכמאַן; פּאַניע רויכמאַן; רחל רויכמאַן· צביה גאָלומב; פייגעלע גאָלומב (אנדערטהאַלבן יאָר אַלט); דאָבע שפּיראָ; סאָניע זאַסלאַווסקי; לאה זאַסלאַווסקי; געסע זאַסלאַווסקי; חבל פרידמאַן; ציפּע פרידמאַן; פעכקע פרידמאַן; חיים־אליהו קאַצאָוויטש; נחמה גאָר־דאָן; זלאַטקע גאָרדאָן; אסתר גאָרדאָן און מינדעל. מיט דעם האָט זיך פאַרענ־דיקט די אַרבעט פונעם הערויִשן פּאַרטיזאַן אברהם־מיצע פרידמאַן. עס זיינען שוין פּשוט קיין ייִדן מער אין פּאָסטאָוו נישט פאַרבליבן, עס איז שוין נישט געווען וועמען צו ראַטעווען. אברהם־מיצע פרידמאַן איז העלדיש געפאַלן אין אַן אומ־גלייכן קאַמף מיט די דייטשע רוצחים. דאָס איז געשען אין סעפּטעמבער (דעם טאָג געדענק איך נישט) 1943. זאָל דערמיט זיין נאָמען פאַראייביקט ווערן.

## נחמן

וועגן דער יונגער פּאַרטיזאַן נחמן (זיין פאָטער איז געווען קברות־מאַן פון פּאָסטאָווער בית־עולם) איז געקומען צו מיר זיך בעטן מען זאָל אים מיטנעמען אין וואַלד, האָב איך זיך אָנגעפרעגט ביי זלמן דעם בלעכער וועגן דעם. זלמן האָט מסכים געווען אים מיטצונעמען נאָר בתנאי ער זאָל ברענגען געווער. נחמן האָט געענטפערט אַז ער האָט געווער און דערביי דערציילט אָט די שטוינענדיקע מעשה: אָנהויב מלחמה, ווי נאָר די דייטשן זיינען אַריין אין שטעטל האָט ער לעבן זייער שטוב באַמערקט ליגן אַ דייטש, וועלכער האָט נאָך געזשיפּעט. ער האָט גלייך געכאַפּט אַ האַק און אים דערענדיקט. באַגראָבן האָט ער אים אויפן ייִדישן

בית־הקברות אינאיינעם מיטן געווער וואָס ער האָט געטראָגן. ער האָט וועגן דעם קיינעם נישט דערציילט, אפילו נישט זיינע עלטערן, די גאַנצע צייט. איך בין מיט אים אַוועק אויפן בית־עלמין און האָב טאַקע מיט מיינע אויגן געזען וואָס פאַר אַ שטיקל אַרבעט אָט דער יונגער נחמן האָט אָפּגעטאָן.

אָנקומענדיק, נאָך לאַנגע מאַטערנישן, אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, האָט מיך נחמן נישט צורו־געלאָזט מיר זאָלן זיך לאָזן אין וועג נאָענט צו פּאָסטאָוו זיבן אַנטלאָפענע פון געטאָ. מיר זענען געגאַנגען אין דרייען, נחמן, איינער קאָפּל פון באַראַנאָוויטש (אומגעקומען אין וואַלד) און איך. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ דאָרף, 10 ק״מ פון פּאָסטאָוו, זיינען מיר אַריין צו אַ קריסט אין שטוב זיך דערוואַרעמען אַביסל. אָנגעוואַרעמט זיך און אויך עפּעס צוגעביסן, האָבן מיר געפרעגט דעם פויער צי ווייסט ער עפּעס וועגן פּאָסטאָווער געטאָ. ער ענטפערט נישט. אויף דער פראַגע צי ווייסט ער אפשר ווו מען קען קריגן געווער האָט ער אויך נישט געענטפערט. ווען מיר זיינען אָבער צוגעשטאַנען און אים אויך פאַר־זיכערט אַז עס וועט אים קיין בייז נישט געשען, האָט ער אונדז אָנגעוויזן אויף איינעם אַ גוי וואָס האָט באַהאַלטן געווער אין אַ ברונעם. ווען מיר זיינען געקו־מען צו יענעם פויער אין שטוב האָבן מיר קודם געפרעגט צי זיינען אַלע אייגענע מענטשן, נאָכדעם האָבן מיר גענומען ריידן מכוח געווער. תחילת האָט ער איינ־גאַנצן געלייקנט. ווען מיר האָבן אים אָבער אַרויסגעפירט אין דרויסן, געבונדן און אים אַראָפּגעלאָזט אין ברונעם לעבן זיין הויז, האָט ער זיך אָנגעהויבן בעטן מיר זאָלן אים לאָזן לעבן, ער וועט אונדז אָפּגעבן דאָס געווער. בעת־מעשה האָט ער דערציילט אַז ביי אים אין שטוב געפינט זיך אַ פרעמדער וועמען ער קען נישט און אַז יענער קען נאָך אַמאָל איבערגעבן די דייטשן אין פּאָסטאָוו אַז ביי אים זיינען געווען פּאַרטיזאַנער.

מיר זיינען גלייך צוריק אַריין אין שטוב און האָבן דעם אורח געבעטן ער זאָל אַרויסקריכן פונעם בעט און ווייזן דאָקומענטן. ווען דער פּאַרשוין האָט זיך אָנגעטאָן און אַרויפגעוואָרפן זיין גרויס צלם אויפן האַלדז, האָט אים נחמן גלייך דערקענט. דאָס איז געווען אַ פּאָסטאָווער גלח און גלייכצייטיק אַ דייטשער שפּיאָן וואָס פלעגט אַרומזוכן פּאַרטיזאַנען אין די דערפער ווי אויך יידן, אַנטלאָפענע פון די געטאָס. ער האָט געהאַט ביי זיך אַ רעוואָלווער און דאָקומענטן פון אַ שפּיאָן. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, דעם גלח־שפּיאָן מיטגענומען מיט אונדז. אָפּ־פּאָרנדיק אַ פּאָר קילאָמעטער האָבן מיר אים צוגעזאָגט אים צו לאָזן לעבן און אים אַלץ אָפּגעבן אַבי ער זאָל דערציילן עפּעס פון זיינע „מעשים טובים". דער פּאַרשוין האָט גענומען דערציילן אַז ער האָט געהאַט גאָרנישט קיין קליינעם חלק אין דער אויסמאָרדונג פון די פּאָסטאָווער קדושים און אין אַנדערע געטאָס. אַוודאי האָבן מיר גלייך דערפילט דעם באַגער צו נעמען כאָטש אַ קליין ביסעלע נקמה. עס איז אָבער אַנטשטאַנען אַ חילוקי־דעות צווישן אונדז ווער עס זאָל געניסן פון דעם זכות אַוועקצוהרגענען אָט אַזאַ נבזהדיקן גלח־שפּיאָן־מערדער.

דער גורל איז געפאַלן אויף דעם יונגן נחמנען און ער האָט טאַקע פאַרזוכט דעם טעם פון נקמה.

נחמן האָט זיך אָבער דערמיט נישט באַפרידיקט. ער האָט ווייטער געוואָלט צו לאָזן זיך אַרום פּאָסטאָוו, אפשר פאַרט וועט מען נאָך עמעצן געפינען. ווען מיר זיינען אָבער געקומען צו אונדזער פּאַבינדלער, נאַומטשיק, האָט ער אונדז געוואָרנט נישט צו ריזיקירן, מחמת די סכנה איז זייער גרויס, אין דער געגנט געפינען זיך אַ סך דייטשע סאָלדאַטן־מערדער. פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּן אין פענצטער פון דעם פויערס שטוב ווי מיר זיינען געזעסן. דער פויער האָט אונדז דורך דער הינטערטיר אַריינגעלאָזט אין באָד, געמיינט אַז דאָס קומען דייטשן. עס איז געווען אַן אומזיסטע שרעק. דאָס האָט אַן אַנטלאָפענער ייד, אַן אַרויסגעראַטעוועטער פון פּאָסטאָווער שחיטה, מענדל צעפּעלאָוויטש (זלמן צעפּעלאָוויטשעס אַ זון) אָנגעקלאַפּט אין פענצטער און געזוכט אַ מקום־מקלט. ער האָט אונדז דערציילט אויספירלעך וועגן דער השמדה פון פּאָסטאָווער געטאָ. זיין מוטער און זיין שוועסטער ניומע, האָט ער געזאָגט, האָבן זיך אויך געראַטעוועט. זיי געפינען זיך אַ 20 ק״מ פונדאַנען. נחמן מיט מינדלען זיינען גלייך אַוועק אַהין און זיי געבראַכט צו אונדז. מיר זיינען אַלע צוזאַמען אַוועק ווייטער. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן נאָך דריי געראטעוועטע: לייבקע איינהאָרן (שפּעטער אומגעקומען אין פּאַרטיזאַנקע); יעקב פויגל (סמאָלע־הענדלער, געפינט זיך אין פּאָסטאָוו); יצחק באַרקאַן (געפינט זיך אויך אין פּאָסטאָוו). אַלע נאַקעטע, באָרוועסע און הונגעריקע. אין אַ נאָענטן דאָרף האָבן מיר פאַר זיי געקריגן זאַכן און עסן. אַזוי האָבן מיר זיי געבראַכט אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. דאָרט איז דער יונגער נחמן העלדיש געפאַלן נאָך אַ כסדרדיקן קאַמף מיט די נאַצי־רוצחים. דאָס איז געשען דעם 25סטן אָקטאָבער 1943.

# ד ר ו י ע

דאָס שטעטל דרויע Druja געהערט צו דיסנער קרייז, ווילנער גובערניע. זי גרענעצט זיך מיט לעטלאַנד. דער טייך דווינאַ צעטיילט דאָס שטעטל אויף צווייען. דער טייך דווינאַ גייט דורך דווינסק (דענענבורג, ריגע) און פאַלט אַריין אין באַלטישן ים. פאַראַן נאָך אַ קלענער טייכל וועלכן מען רופט דרויקע, וואָס קומט פון ברעסלאַווער אָזערע און ענדיקט זיך אין דרויע, אַריינפאַלנדיק אין דער דווינאַ. דאָס שטעטל איז געווען צעטיילט אויף דריי חלקים: דרויע, זאַדרויע און זאַדווינע. פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דרויע געשטאַנען אויף דער גרענעץ פון פיר גובערניעס: ווילנער, וויטעבסקער, קאָוונער און קורלאַנדער. אַ שפּריכוואָרט איז אָנגעגאַנגען, אַז ווען איין האָן טוט אַ קריי אין דרויע הערט מען עס אין פיר גובערניעס.

דרויע האָט געהאַט צוויי באַנליניעס. איינע האָט געפירט פון דוקסט קיין דרויע. דאָס איז געווען אַ קליין־באַן. די צווייטע איז אויסגעבויט געוואָרן לערך אין 1935 און האָט געפירט דורך וואַרפּאַיעווע - ווילנע - וואַרשע.

איינוווינער זיינען געווען אין 1939 ביי די 4000 נפשות. ביי צוויי טויזנט פינף הונדערט יידן און ביי טויזנט פינף הונדערט קריסטן. בתי־מדרשים זיינען געווען אַכט. באַרימט איז געווען די גרויסע שול, וואָס האָט געהאַט דעם גרעסטן און שענסטן ארון־קודש אין ווילנער געגנט. די שול איז אַלט געווען ביי 250 יאָר. ווי מען קען זען, פון דעם בילד וואָס מיר ברענגען, קוקט אַראָפּ פון דעם שפּיץ ארון־קודש דער רוסישער ראָמאַנאָוו־אָדלער. דער ארון־קודש איז געשטאַנען אויף צוויי לייבן. די שול האָט געבויט דער פירשט סאַפּעהי, ווי אַ מתנה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. צו יענער צייט האָט ער אויך געבויט דעם קאַטוילישן קלויסטער.

די צווייטע שול וואָס מען האָט גערופן בית־מדרש הגדול איז געשטאַנען קעגן דער גרויסער שול. דאָרט איז געווען אַ קלויז ווו ס'איז אַ מאָל געווען אַ ישיבה. שפּעטערע יאָרן פלעגן דאָרט דאַוונען די לומדים, די מתנגדים. די דריטע שול האָט מען גערופן דער חסידישער מנין. די דאָרטיקע מתפללים האָבן געהאַט אַן אייגענעם רב. געפירט האָבן זיי זיך ווי חסידים פון שניאור־זלמנס שיטה: חבדניקעס. די איבעריקע שולן זיינען געווען קאַפּוסצער מנין (אַ חסידישער), קלמנס מנין

(אַ מתנגדישער), איטשע־מאירס מנין (אַ מתנגדישער), זלמנס מנין און אויף דער צווייטער זייט טייכל (זאַדרויקע) אַ קליין שולכל.




ארון־קודש פון דרויער גרויסער שול.

צו די באַרימטע יידן אין שטעטל האָט געהערט דוד דער חזן. ער איז געווען אַ גרויסער בעל־מנגן. אַזוי אויך זיין זון הירש. ווי אַ בעל־תפילה איז באַרימט געווען שמואל מאָדלין. געצל דער שמש איז באַרימט געווען ווי אַ מטיף. ער פלעגט לערנען אין בית־המדרש פאַר אַן עולם. געצל האָט געהאַט די ערשטע יידישע

ביבליאָטעק אין שטעטל. ער פלעגט אַרויסגעבן ביכער צום לייענען אַ היים. ער האָט דערפאַר גענומען אַ קליינעם אָפּצאָל. איטשע־לייב דער שוחט איז געווען בעל־תפילה אין דער גרויסער שול.

אין דרויע זיינען געווען אָט די וויטערדיקע חברות:

1) חברה קדישא

2) חברה פועלי־צדק

3) חברה לינת הצדק; די מיטגלידער פלעגן גיין נעכטיקן צו קראַנקע.

4) די יידישע באַנק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דער פאַמיליע טובמאַן.



דרויער גרויסע שול, וואָס האָט עקסיסטירט ביי 500 יאָר.

געבויט איז זי געווען אויף אַקציעס, צו קליינע סכומים. קרעדיט האָט מען געגעבן נאָר צו אַקציאָנערן, דאָס רוב אויף ליבעראַלע קאָנדיציעס. דער פּראָצענט איז געווען אַ קליינער. פאַרוואַלטעט איז די באַנק געווען דורך אַ דירעקטאָריום וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דורך די אַקציאָנערן. בראש איז שטענדיק געשטאַנען משה טובמאַן.

חוץ חדרים איז געווען אַ תלמוד־תורה פאַר אָרעמע קינדער.

# דרויער פאָלקסשול

די פאָלקס־שול איז געווען אָנגעפירט דורך דער צישאָ. עס האָבן געלערנט 75 קינדער. אויסגעהאַלטן האָט זי זיך פון אַ קליינעם שכר־לימוד, וואָס די עלטערן האָבן געצאָלט און פון אונטערנעמונגען, וואָס דער דראַמאַטישער קרייז פלעגט פון צייט צו צייט אַדורכפירן. דער דראַמאַטישער קרייז איז באַשטאַנען פון אַ צוואַנציק מיטגלידער: פרויען און מענער. אויפגעפירט האָט מען פיעסן



דראַמאַטישער קרייז פון דרויע.

פון יעקב גאָרדין, קאָברינס „דאָרפס־יונג", שילערס „רויבער", און אַנדערע. אויפגעפירט געוואָרן דורך אפרים קאָגאַן (געפינט זיך אין אַרגענטינע). איינער פון די אָנטיילנעמער איז געווען בנימין פּינוויץ (געפינט זיך אין אַרגענטינע). דער דראַמאַטישער קרייז האָט געטאָן די שווערסטע אַרבעטן אַבי צו קענען אויפ־האַלטן די ייִדישע פאָלקסשול.

ביי דער פאָלקסשול איז געווען אַ בלאָז־אָרקעסטער, וואָס פלעגט שפּילן אויף חתונות און איינאָרדענען טאַנץ־אָוונטן. די הכנסה איז געגאַנגען פאַר דער

שול. אין אַרגענטינע געפינען זיך מיטגלידער פון אָט דעם אָרקעסטער. דאָס זיינען: כתריאל, בנימין פיינווייץ און ברוך־זלמן ענטין.

## די פייערלעשער - געזעלשאַפט

די פייערלעשער־געזעלשאַפט האָט עקסיסטירט פון גאָר לאַנג. קיינער געדענקט נישט איר אָנהייב. דאָס רוב איז זי באַשטאַנען פון ייִדן. אָנגעפירט איז



אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער, אַלע פון די שטעטלעך שאַרקויסצענע, דונילאָוויטש, דרויע און קאַזאַן.

זי געוואָרן פון דער פאַמיליע טובמאַן. אייניקע מיטגלידער געפינען זיך אין אַרגענטינע.

## יוגנט-קרייז „החלוץ"

דער יוגנט־קרייז „החלוץ" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט הכשרה. מען פלעגט אַרבעטן ביי פעלד־אַרבעט. געהאַקט האָלץ אין די וועלדער און זיך אויך געלערנט פאַרשיידענע פאַכן. די הכנסה פלעגט מען אַוועקגעבן פאַר דער אָרגאַניזאַציע. ס'איז געווען ביי דרייסיק יוגנט־לעכע.

## ביקור חולים

ביקור חולים איז געווען אַן אָרגאַניזאַציע וואָס פלעגט זיך אָפּגעבן מיט העלפן אָרעמע קראַנקע. זי פלעגט זיך אויסהאַלטן פון ביישטייערונגען וואָס מען

פלעגט נעמען ביי שטעטלדיקע ייִדן ווי אויך ביי ייִדישע סוחרים, וואָס פלעגן קומען אין שטעטל. די אָרגאַניזאַציע האָט אויסגעהאַלטן אַ דאָקטער וואָס פלעגט באַדינען די קראַנקע אָן אָפּצאָל. די לעצטע יאָרן איז די געזעלשאַפט אָנגעפירט געוואָרן דורך אפרים קאָגאַן (געפינט זיך אין אַרגענטינע).

## ביתר

אין 1934 איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון בית״ר, א״נ פון טרומ־פעלדאָר. דער אָנפירער איז געווען שלמה לעווין (אומגעקומען). זיי האָבן גע־



לערער און אָנפירער פון דער דרויער פאָלקסשול.

ציילט 250 יוגנטלעכע. אַ באַטייטיקע צאָל האָט פאַר דער מלחמה דורכגעמאַכט הכשרה און אָפּגעפאָרן קיין ישראל, ווו זיי געפינען זיך ביז איצטער( לייב ענטין, מיטגליד פון ביתר געפינט זיך אין אַרגענטינע). די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז, אַ ביבליאָטעק און אַ כאָר. די מיטגלידער פלעגן זיך קליידן אין ברוינע מונדירן.

## פרנסות אין דרויע

אין דרויע זיינען געווען קרעמערס און בעלי־מלאכות. קיין גרויסע אונטער־נעמונגען זיינען נישט געווען קיין סך. געווען אַ ביר־ברויעריי, וואָס האָט גע־הערט צו דער משפחה טובמאַן, ביי וואָס ייִדן האָבן געהאַט פרנסה. געווען ייִדן וואָס האָבן געהאַנדלט מיט האָלץ, פלאַקס, זוימען, תבואות, פעל, גענדז אאַ״וו.

ביי אַ צוואַנציק משפּחות האָבן געלעבט פון ערדאַרבעט. די נחלות זיינען דאָס רוב געווען אייגענע. מען האָט געזייט קאָרן, האָבער, גערשטן, קאַרטאָפל, אאַ״וו. חוץ דעם זיינען געווען ייִדן וואָס האָבן געהאַט גערטנער. אייניקע האָבן געדונגען סעדער. געווען ייִדן וואָס האָבן געהאַט גאַרבערייען.

אַן עפנטלעכע ביבליאָטעק איז געווען ביי דער באַנק.

## פון סעפּטעמבער 1939

לייב ענטין דערציילט:

די רוסן זיינען אַריין קיין דרויע אין סעפּטעמבער 1939. די ייִדישע ווי די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָבן די רוסן אויפגענומען מיט פרייד. זיי באַפוילן



אַ פּאַרטרונקענע גאַס אין דרויע.

צו האַלטן אָפן די קלייטן און פאַרקויפן די סחורות פאַר פּוילישע זלאָטעס. דערנאָך האָט מען דעקרעטירט אַז בלויז הונדערט זלאָטעס אויף אַ פּערזאָן וועט אויסגעביטן ווערן אויף הונדערט רוסישע רובל. דאָס איבעריקע זלאָטעס וואָס עמיצער האָט געהאַט איז געגאַנגען פאַרלאָרן. אויף אַזאַ אופן איז אונטערגעגאַנגען דער פּריוואַט־האַנדל.

דערנאָך האָט די רעגירונג באַפוילן זיך צו אָרגאַניזירן אין קאָאָפּעראַטיוון און אַרטעלן. אַלץ האָט געהערט צו דער רעגירונג. אייניקע סוחרים זיינען אָנגענומען געוואָרן ווי אָנגעשטעלטע, אַנדערע האָבן געאַרבעט ביי שוואַרץ אַרבעט.

די פאַך־אַרבעטער ווי שניידערס, שוסטערס, סטאָלאַרעס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין בשותפותדיקע וואַרשטאַטן.

די מאַכט האָט זיך פאָרמירט פון דער לאָקאַלער באַפעלקערונג. דער פאָליציי־שעף איז געווען אַ ייִד. שפּעטער איז ער מיט זיין משפחה פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. דורך דעם האָט זיך די משפחה געראַטעוועט. זיי געפינען זיך איצט אין ישראל.

די גרויסע שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מעל־סקלאַד. די ייִדישע פאָלקס־שול איז געוואָרן אַ רוסישע שול.

## דרויער פערזענלעכקייטן

### אַלטער דרויאַנאָוו

אַלטער (אברהם־אבא) דרויאַנאָוו איז געבוירן אין דרויע אין 1870. זיין פאָטער פסח־געצל און זיין זיידע יעקב־מענדל האָבן פאַרנומען דעם כסא־הרבנות אין דרויע. אויך פון דער מאַמעס צד שטאַמט ער פון רבנים. א. דרויאַנאָוו האָט



טעאַטער־פאַרשטעלונג לטובת דער פאָלקס־שול.

געלערנט אין וואָלאָזשינער ישיבה. ער האָט געלעבט אין אָדעס, אין ווילנע און שפּעטער אין ארץ־ישראל. ער איז געווען רעדאַקטאָר פון דעם העברעיִשן זשורנאַל „העולם״ (1909—1912). מיטגעאַרבעט אין פאַרשיידענע העברעיִשע צייטשריפטן. אין ייִדיש זיך געדרוקט אין פרצס יום־טוב־בלעטער, אין דעם „ייִד״

און אין „פריינד״. זיינע צוויי בענד וועגן יידישן פאָלקלאָר זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין העברעיש. געדרוקט אין אָדעס און אין ירושלים 1822. האָט אויך אָפּגעדרוקט אין העברעיש אַ גרויסע זאַמלונג פון יידישע וויצן (1.400 וויצן) 1922. דרויאַנאָוו איז געשטאָרבן אין ישראל. זיין קבר געפינט זיך לעבן ביאַליקס קבר, וועמענס אינטימער פריינד ער איז געווען.

## ישראל־חיים טאַוויאָוו (טביוב)

ישראל־חיים טאַוויאָוו (טביוב) (1858—1921) איז געבוירן אין דרויע. איז יונג אָפּגעפאָרן קיין ריגע. ער איז געווען אַ העברעישער שרייבער. מיטגעאַרבעט



אַ פאַרטרונקענע גאַס אין דרויע.

מיט פעליעטאָנען אין „המליץ״ און „הזמן״. איז מחבר פון אַ באַרימטער העברעי־שער כרעסטאָמאַטיע „עדן הילדים״, „מורה הסגנון״, „מבחר הספריות״ און אַנ־דערע. אַ גרעסערע זאַמלונג פון זיינע כתבים „כתבי י. ט. טוביוב״ איז דער־שינען אין בערלין. ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט יידישער פילאָלאָגיע. ער האָט געפאָרשט די העברעישע און סלאַווישע עלעמענטן אין דער יידישער שפּראַך. ער האָט זיך באַרימט אַז „לעולם לא טנפתי את עטי בז׳רגון״. ער איז געווען אַ פאַרברענטער שונא פון אונדזער מאַמע־לשון. דאָך האָט ער אויך געשריבן ווע־כנטלעכע פעליעטאָנען אין ווילנער „צייט״, 1906. ער איז געשטאָרבן אין ריגע.

## חיים טשערנאָוויטש (רב צעיר)

חיים טשערנאָוויטש (רב צעיר) באַרימטער העברעיִשער לערער און שרייבער. מחבר פון גרינדלעכע ווערק וועגן תלמוד איז געווען אַן איידעם פון דעם דרויער תושב קיסין. זיין חתונה איז פאָרגעקומען אין דרויע. אַ קורצע צייט האָט ער אויך געוווינט אין דרויע.



אַ גאַס אין דרויע.

## משה פאַיקין

משה פאַיקין האָט געהאַט די ערשטע און איינציקע יידישע בוכהאַנדלונג אין דרויע. ער איז געווען אַן אינטימער חבר פון ש. אַנסקי און ד״ר חיים זשיטלאָווסקי. זיינער אַ זון איז געווען דער קאָנסול פון מדינת ישראל אין פערסיע.

## הלל וויכנין

הלל וויכנין איז געבוירן אין דרויע 1879. ער האָט איבערגעזעצט לעוו טאָלסטאָיס ביכל „וועמענס גלויבן איז בעסער״. רעדאַקטירט „דער פאָלקס־פריינד״ (ווילנע, 1901). ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין צפון־אַמעריקע 1901, ווו ער האָט אַ צייט מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס״ און אויך אין דער געוועזענער פילאַדעלפיער טעגלכער צייטונג „די אידישע וועלט״. זיין זון ישראל וויכנין איז באַקאַנט ווי אַווירטואָז־פּיאַניסט.

# בילדלעך פון דרויער שול-לעבן

## צום 20טן יובל פון דרויער פאָלקסשול

### א.

אַנהייב לערניאָר. מיט מאַטערניש געקראָגן אַ לאָקאַל. ס׳איז אַ מאַנגל אין לערער בכלל. אגב, נישט יעדערער וויל פאָרן קיין „סיביר״. *)

אַוועק אַ חודש — און לערער זיינען געקומען, זיי אַרבעטן מיט ברען, מיט התלהבות. די שול — זי איז זייער סביבה, זייער לעבן. וואָס מיר עסן, ווער מיר רו! יומם ולילה אַרבעט מען אין און אַרום דער שול.

די קינדער האָבן זיך צוגעבונדן צו די לערער און זיי ליב באַקומען. די



מ׳איז מקבר שמות, 1931, לעבן דער גרויסער שול.

טאַטעס און מאַמעס בענטשן זיך מיט זיי. די שול-פאַרוואַלטונג און די לערער — איין טרייע משפחה.

פלוצים — די לערער האָבן נישט נושא־חן געווען אין די אויגן פון דער שול-מאַכט און זיינען באַזייטיקט געוואָרן.

---

*) דער צפונדיקער טייל פון ווילנער וואָיעוואָדשאַפט ווערט גערופן „פוילישער סיביר״ מחמת דאָס איז דער קעלטסטער און ווייטסטער טייל פון דער פוילישער רעפּובליק.

די שול איז געשלאָסן. אַ טיפער טרויער האָט אַרומגענומען די קינדער, על־טערן, טוער און פריינד פון דער שול.

דער ליבער ח׳ בוזאַק שרייבט דער שול־אָרגאַניזאַציע אַ בריוו נאָך אַ בריוו און פאָדערט מען זאָל אַרויסשיקן לערער. יעדעס וואָרט — אַ וויגעשריי: „האָט רחמנות און ראַטעוועט די שול!״ — אַזוי בעט זיך אַ מאַמע וועגן ראַטעווען איר גוססדיקן בן־יחיד.



פיר קינדער פון דער פאַמיליע לוריע (דרויע).

קיין לערער זיינען אַלץ נישטאָ. ס׳לויפן וואָכן, מ׳קלאַפּט דעפּעשן, ווידער האַרצרייסנדיקע בריוו.

פאַרוואַרפט ח׳ בוזאַק די אייגענע עסקים, קומט קיין ווילנע, באַזעצט די שול־אָרגאַניזאַציע און מעלדעט: „כ׳קען נישט און וועל נישט פאָרן אַהיים אָן לערער!״.

די שול האָט זיך געעפנט. ס׳איז שוין ווייל און גוט. אָבער דירה־געלט מוז מען צאָלן: ס׳דראָט אַן עקסמיסיע.

וואָס טוט מען?...

קומען זיך צוזאַמען די מיטגלידער פון דער שול־פּאַרוואַלטונג און נאָענטע פריינד, מען שאַפט צווישן זיך אַ באַדייטנדיקע סומע. אויף חיונה פאַרדינט מען שווער און ביטער אין דרויע. מען שלאָגט זיך אַליין דורך מיט אומגעהויערער מאַטערניש און קאָפּדרייעניש. אָבער, ווען די שול איז אין סכנה, איז עפּעס אַ תירוץ? — גיט מען. אָבער ווי אַזוי גיט מען? — נישט פון יוצא וועגן, און נישט צוליב פרסום: די צייטונגען דרוקן נישט קיין נעמען, מען טרומייטערט נישט וועגן די באַשיידענע שטעטלשע טוער, מען גיט באהבה.



אַ פאַרטרונקענע גאַס אין דרויע.

ב.

די לערער האָבן שוין הדשים־לאַנג נישט געצאָלט קיין דירה־געלט. אין קראָם איז שוין אויך אויסגעשעפּט דער קרעדיט.

ס׳קומט אַ פאָרשלאַג פון דער שול־פאַרוואַלטונג: העכערן דעם שכר־לימוד.

די טרייע און איבערגעגעבענע לערערין קאַזוואַן איז אָבער קעגן. „היתכן?״ — טענהט זי: — „די פּרנסה ביי די עלטערן ווערט קלענער פון טאָג־צו־טאָג, דער דלות וואַקסט און דאָ זאָל מען גאָר העכערן דעם שכר־לימוד, כדי וואָס? — כדי צו פאַרגרעסערן די שכירות פון די לערער. די עלטערן איז ביטער — קענען מיר נישט זיין „פריווילעגירט״. ווערטער אויפריכטיקע — אָן אָנשטעל! קיין שום דעקלאַמאַציע — ממעמקים!

אָט אַזוי דינט מען דער יידישער היינטוועלטיקער שול!
אָט אַזוי אַרבעט אַ הייפל עקשנים טאָג־איין, טאָג־אויס!

עס איז לייכט אויסצורעדן צוואַנציק יאָר. אָבער 20 יאָר אָן אויפהער בייקומען אַלערליי מניעות, אויסצושטיין פאַרפּאָלגונגען, ראַנגלען זיך מיט דאגות און דאָך נישט איינגעבראָכן ווערן — דאָס איז לא כל אדם זוכה! •

די שול אונדזערע איז געהייליקט דורך קרבנות.

לאָמיר דעריבער אַלע אויסשטרעקן אַ האַנט, אונטערשטעלן אַן אַקסל און העלפן, שטיצן די שול אין איר ווייטערדיקן שווערן גראַנגל פאַרן קיום.

לאָמיר ווערן שותפים צו דער הייליקער אַרבעט פון די דרויער שול־טוער!



אַ פאַרטרונקענע גאַס אין דרויע.

# די ליקווידאַציע פון דרויער געטאָ

אין דרויע זענען געווען צוויי געטאָס. איינע איז געווען אין שטאָט גופא. זי האָט זיך אָנגעהויבן פון לייב פּוקינס שטוב, ביים ברעג פון דעם טייך דרויקע. די צווייטע געטאָ איז געווען הינטערן בית־עולם. צום באַדויערן איז אונדז נישט מעגלעך געווען צו באַקומען מער פּרטים. גאָר ווייניק ווער האָט זיך געראַטעוועט פון דער שחיטה. מען האָט אַלעמען אויסגעשאָסן. אַלע דרויער יידן געפינען זיך אין איין ברודער־קבר. די שחיטה איז פאָרגעקומען ב׳ תמוז תש״ב, 17טן יולי 1942.

# חורבן קאַזאַן

## געאָגראַפישע פּאָזיציע

דאָס שטעטל קאַזאַן Kaziany האָט זיך געפונען אויף אַ הויכן פּלאַץ, אַרומגערינגלט מיט וועלדער. איז געלעגן 20 קילאָמעטער פון פּאָסטאַוו, 50 קי־לאָמעטער פון שאַרקויסצענע. האָט זיך געפונען ביים טייך דיסענקאַ, וואָס פאַלט אַריין אין דער דווינע. דער טייך איז כמעט געווען דער מקור פון פּרנסה פאַר די שטעטלדיקע יידן. אויף אים פלעגט מען זומער אָפּשיקן דאָס האָלץ פון די אַרומיקע וועלדער קיין ריגע. זיי פלעגן גיין ווי פּליטן.

די יידישע באַפעלקערונג פון קאַזאַן איז באַשטאַנען פון 300 נפשות. די קריסטלעכע באַפעלקערונג איז געשאַצט געוואָרן אין 5000 נפשות. די יידן האָבן זיך כמעט נישט אָנגעזען.

געווען איין בית המדרש. קיין בית־עולם איז נישט געווען. צו קבורה פלעגט מען פירן קיין פּאָסטאַוו.

די הויפּט־פּרנסה אין שטעטל איז ביי יידן געווען דער מסחר מיט פלאַקס, האָלץ, תבואות און פעל. געווען אויך קרעמער. אייניקע גאָר רייכע, ווו מען האָט געקענט באַקומען פון אַלץ. די איינציקע בעלי־מלאכות אין שטעטל זענען געווען איין שניידער, איין שוסטער און איין שמיד.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דאָס שטעטל אויפגעלעבט קולטורעל. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקסשול, ווו דער אונטערריכט איז געווען יידיש. און אַ העברעיִשע תרבות־שול. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט אויפגעפירט פּיעסן פון דעם באַקאַנטן טעאַטער־רעפּערטואַר, ווי גאָרדינס „שחיטה", קאָברינס „דאָרפס־יונג", „מכירת יוסף" און אַנדערע. דער הויפּט־שוי־שפּילער איז געווען שלמה בלעכאַראָוויטש, וועלכער איז אויך געווען דער רע־זשיסאָר. ער האָט געהאַט אָנטיילגענומען אין מאָסקווער מלוכה־טעאַטער. אַ צווייטער שוישפּילער, וואָס איז געווען באַקאַנט, איז משה בייגעל. ער האָט גע־שפּילט אין טרופּעס צוזאַמען מיט מאָרעוויסקין, בולאָוון, קאַמינסקי און אַנדערע.

ביי דעם דראַמאַטישן קרייז איז געווען אַ ביבליאָטעק, וואָס האָט אויך גע־דינט פאַר אַ פּלאַץ, ווו די יוגנט פלעגט זיך צוזאַמענקומען, אָפּט דורכגעפירט רעפעראַטן ווי דיסקוסיע־אָוונטן.

אַזוי האָט דאָס שטעטל געלעבט ביז סעפּטעמבער 1939, ווען די רוסן זענען אַריין. די נייע מאַכט האָט איינגעפירט די זעלבע אָרדענונג, וואָס איז שוין באַשריבן געוואָרן, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן די פריערדיקע שטעטלעך. אַ חילוק איז בלויז אין דעם וואָס אין קאַזאַן האָט מען די רייכערע ייִדן אַרויס־



וועלוול רייכל ע״ה
פון קאַזאַן. אומגעקומען אין גלובאָקער געטאָ.



חנא פייגעל ע״ה
פון קאַזאַן. אומגעקומען אין גלובאָקער געטאָ.
אַלט געווען 58 יאָר.

געשיקט טיף אין רוסלאַנד. איינער פון זיי האָט זיך דורכדעם טאַקע געראַטע־וועט פון דעם חורבן. ער געפינט זיך איצטער אין ישראל, ער הייסט, מאיר־אהרן רייכעל.

דער אומגליק איז אויף קאַזאַן געקומען, פונקט ווי אויף אַלע אַנדערע שטעטלעך, מיטן אָנקום פון די דייטשן, יוני 1941. דער ערשטער קרבן איז גע־ווען די פאַמיליע פייגעל. מען האָט אין מיטן טאָג אַרויסגעפירט חנא פייגעל, זיין זון הירשקע און זיין טאָכטער רבקה און מען האָט זיי צוגעפירט צו שלמה האָכמאַנס גאָרטן און זיי דאָרט אַלעמען דערשאָסן.

אין קאַזאַן גופא האָט מען קיין געטאָ נישט איינגעפירט. דאָס רוב קאַזאַנער

ייִדן זענען אַנטלאָפֿן אין די וועלדער, ווו אַ סך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און געקעמפט צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער ביז דעם סוף פון דער מילחמה. אַ טייל ייִדן זענען אַנטלאָפֿן אין שאַרקויסצענער געטאָ, וואָס האָבן געטיילט דעם גורל פון די שאַרקויסצענער ייִדן.

אַ דאַנק דאָס באַהאַלטן זיך באַצייטנס אין די וועלדער און אַ דאַנק דאָס אָנשליסן זיך אין די פּאַרטיזאַנער־אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אַ סך קאַזאַנער ייִדן געראַטעוועט פון דעם חורבן. עס האָט זיי צוגעשפּילט וואָס קאַזאַן איז אַרומגע־



געלע פויגעל
מיט אייניקע פון אירע משפּחה־מיטגלידער
אַלע אומגעקומען אין קאַזאַן.



לייזער שולקין און די פרוי חיה־פייגע
פון קאַזאַן. אומגעקומען אין גלובאָקער געטאָ.

רינגלט מיט גרויסע און געדיכטע וועלדער. דער הויפּט־שטאַב פון די פּאַרטי־זאַנער האָט זיך טאַקע געפונען אין יענער געגנט. אַזוי אויך דער באַרימטער טשאַפּאַיעוו־אָטריאַד.

די קאַזאַנער ייִדן האָבן נקמה גענומען פון די מערדער, אַזוי פון די דייטשן ווי פון די אָרטיקע קריסטלעכע אַרויסהעלפער זייערע. מען פלעגט די אָרטיקע מערדער, ליטווינער און ווייסרוסן, אַרויספירן פון די שטיבער, זיך אָפּרעכענען מיט זיי גופא, ווי אויך אונטערצינדן זייערע הייזער. מיט די דייטשן פלעגט מען זיך רעכענען אויף אַן אַנדער אופן. מען פלעגט אויפרייסן בריקן, סקלאַדן, באַן־ליניעס, ווי אויך אַרומרינגלען דערפער ווו דייטשן זענען געווען און זיי באַשיטן מיט קוילן אָדער אונטערצינדן.

אין דעם האָבן זיך דערהויפּט אויסגעצייכנט די קאַזאַנער יונגעלייט גוטמאַן פייגעל און לייב רייכעל. זיי זענען נישט איין מאָל אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זייער העלדישקייט פון דעם רוסישן פּאַרטיזאַנער הויפּט־שטאַב. די דייטשע לאָ־קאַלע מאַכט האָט פאַר זייערע קעפּ אָנגעבאָטן אַ הויכן פּרייז. דער בחור גוטמאַן פייגעל איז געבליבן לעבן. ער געפינט זיך איצטער אין ווילנע. דער צווייטער העלד לייב רייכעל האָט זיך, נאָך דער באַפרייונג פון קאַזאַן, אָנגעשלאָסן פריי־וויליק אין דער רוסישער אַרמיי. ער האָט אָבער נישט דערלעבט דעם מערדערס פּולקאָמען בראָך. ער איז געפאַלן ביי בערלין.

אַ גרויסע אַרויסהעלפערן פאַר די פּאַרטיזאַנער אין די קאַזאַנער וועלדער איז געווען די מוטער פון לייב רייכעל.



דער ברידער־קבר אין פּאָליגאָן.

## די פרוי ביילע רייכעל

ווען די דייטשן זענען אַריין קיין קאַזאַן איז די פרוי ביילע רייכעל דעמאָלט אַלט געווען 62 יאָר. זי האָט דעם געלן מגן־דוד נישט אָנגעטאָן. זי האָט זיך פאַרקליידט פאַר אַ פּויערטע און זיך אַוועקגעלאָזן איבער די אַרומיקע דערפער צו ברענגען שפּייז פאַר איר משפחה. ווי געזאָגט זענען אַ סך קאַזאַנער יידן אַנט־לאָפן אין די אַרומיקע וועלדער. עס זענען נאָך דעמאָלט אין די וועלדער נישט געווען קיין אָרגאַניזירטע פּאַרטיזאַנער. מען האָט אַליין פאַר זיך געמוזט שאַפן די מיטלען מיט וואָס זיך צו דערהאַלטן ביים לעבן און מיט וואָס זיך צו קענען פאַרטיידיקן קעגן די בלוטיקע שונאים, וואָס האָבן געלויערט פון אַלע זייטן.

די פרוי ביילע רייכעל האָט דאָ אַרויסגעוויזן אַ נישט קיין געוויינלעכן העראָיזם. זי האָט זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן אויף צו העלפן די יידן וואָס האָבן

זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. זי האָט זיי געבראַכט שפּייז, געווער און וויכ־טיקע ידיעות. זי פלעגט גייך, פאַרשטעלט ווי אַ פּויערטע, אויף די געפערלעכסטע ערטער און אויספירן איר הייליקע שליחות. אַזוי פלעגט זי פאַרבינדן די יידן פון די וועלדער מיט די יידן פון די געטאָס. אַזוי פלעגט זי, איינע ווי די אַנדערע, ברענגען וויכטיקע ידיעות. ביי יענע אומשטענדן איז אַ פּשוטער גרוס אַז מען לעבט נאָך, אויך געווען אַ גוטע בשורה. איר אויפגאַבע איז אָבער באַשטאַנען נישט בלויז אין דעם. זי פלעגט אויך אַרויספירן יידן פון שאַרקויסצענער און



לייזער שאַלקינס צוויי קינדער. אומגעקומען



הירשקע פויגעל
אומגעקומען אין קאַזאַן.

גלובאָקער געטאָ, אָנווייזנדיק זיי ווו די פאַרטיזאַנער געפינען זיך. נישט איינער האָט דורך דעם דאָס לעבן געראַטעוועט.

איין מאָל, ווען זי האָט פון שאַרקויסצענער געטאָ אַרויסגעפירט אַ יאָדער בחור אין וואַלד האָט זי צוריקקומענדיק נישט געטראָפן איר מאַן וועלוול רייכעל און זון בערקע. די יידישע פּאָליציי האָט זיי אַוועקגעפירט קיין גלובאָק, צום אומקום, ווייל די דאָרטיקע מאַכט האָט אַלע טאָג געפאָדערט יידישע קרבנות. די פרוי ביילע רייכעל איז באַלד אַוועק קיין גלובאָק און איז אָנגעקומען צום פירער פון דעם יודנראַט לעדערמאַן. זי האָט זיך ביי אים געבעטן, אַז ער זאָל אַרויסלאָזן איר מאַן און איר קינד פון דער געטאָ. זי האָט אים צוגעזאָגט צו

ברענגען גאָלד אויפן וואָג. ער האָט אַפילו דערפון נישט געוואָלט הערן. זיי זענען אומגעקומען אין גלובאָקער געטאָ.

די פרויביילע רייכעל איז ווידער אַוועק אין וואַלד. פאַרשטייט זיך, אַז דער וועג איז געוועזן אַ ריזיקאַלישער. זי איז שטענדיק געגאַנגען פאַרקליידעט ווי אַ פויערטע און ווידער פאַרבונדן די פאַרטיזאַנער מיטן געטאָ. נאָך איין מאָל איז איר אויסגעקומען בייצוווין דאָס טראַגישסטע פון איר לעבן. זי איז אָנגעקומען אין סטאַנציע פּאָליגאָן, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון סוועַנציאַן. די דייטשן האָבן אין פּאָליגאָן איינגעאָרדנט אַ געטאָ, וווהין זיי האָבן פאַרטריבן די יידן פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך און דערפער. אין אָט דער געטאָ האָט זיך געפונען איר טאָכטער מלכה מיט איר מאַן מאיר גדוד און פיר קינדער. די פרוי



ביילע רייכעל און די טאָכטער
רבקה מיט איר מאַן מיטעלמאַן
און זייער קינד וועלוול.



ביילע רייכעל
געפינט זיך אין ישראל.

ביילע איז פונקט אָנגעקומען אין פּאָליגאָנער געטאָ ערב דער שחיטה. די דייטשן האָבן זי גענומען אויף צו וואַשן געפעס. זיי האָבן געמיינט אַז דאָס איז אַ קריסטן. זי האָט דעם איידעם מיט אַ פּאָר קינדער געוואָלט אַרויספירן פון געטאָ. די טאָכ־טער אָבער וואָס איז געווען אויסגעמוטשעט און קראַנק האָט נישט געוואָלט בלייבן אַליין. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז פאָרגעקומען די שחיטה. ניין טויזנט יידן האָט מען אויסגעשאָכטן אין איין טאָג. אַ ריזיקע גרוב האָט מען אויסגעגראָבן. מען פלעגט די קרבנות אַרויפפירן אויף אַ ברעט, וואָס איז געלעגן איבער דעם גרוב, מיט מאַשינען־געווער דערשיסן און זיי אַריינוואַרפן אין גרוב. אַ סך האָט מען אַזוי באַגראָבן לעבעדיקערהייט.

די פרוי ביילע רייכעל האָט צוזאַמען מיט אַנדערע פויערים צוגעזען אָט די שחיטה. זי האָט אויך געזען ווי איר טאָכטער מלכה מיטן מאַן און פיר קינדער זענען אַרויף אויפן ברעט...

פון דאָרט איז זי אַוועק צוריק אין וואַלד און ווידער פאַרבונדן איין גרופּע פּאַרטיזאַנער מיט דער אַנדערער. זוכנדיק אין די וועלדער האָט זי געפונען אירס אַן אייניקל, וואָס געפינט זיך איצטער אין קאָוונע.

אַ סך לעבנגעבליבענע פּאַרטיזאַנער פון דער געגנט רעדן ביז היינט מיט מיט באַוווּנדערונג פון אָט דער ווונדערלעכער העראָישער פרוי ביילע רייכעל.

דער גורל האָט זי געבראַכט קיין מדינת־ישראל. זי לעבט איצטער דאָרטן צוזאַמען מיט איר זון אברהם רייכעל, וואָס געהערט צו דער דריטער עליה. אויך געפינט זיך דאָרט איר טאָכטער רבקה, וואָס איז בעת דער מלחמה געווען אין רוסלאַנד.

די פרוי ביילע רייכעל איז איצטער אַלט 75 יאָר. זי העלפט נאָך דער טאָכטער אין דער ווירטשאַפט. ייִדן קומען צו איר ווי צו אַ גוטן ייִדן. צום באַדויערן האָט זיך ביז איצטער נישט געפונען קיינער וואָס זאָל פאַרשרייבן אירע איבערלעבונגען.



החלוץ פון קאַזאַן און ווידז

## געוועזענע קאַזאַנער פּאַרטיזאַנער אין מדינת ישראל

ווי מיר האָבן געזאָגט, האָבן זיך פון קאַזאַן געראַטעוועט אַ באַטייטיקע צאָל ייִדן. דערהויפּט יוגנטלעכע. זיי געפינען זיך אין מדינת־ישראל. צוזאַמען מיט די חלוצים וואָס זענען געקומען פאַר דער מלחמה, שטעלן זיי פאָר אַ היפּשע גרופּע. זיי זענען: צבי סווירסקי, סאָניע כאַצקעלס, יענטקע גרויסדאָרף, אברהם רייכעל, מרים בוים, יוסף ליפשין, ברוך ליפשין, שלמה נאָטעלס, ישראלקע גאָט־קאָוויטש, פראַדקע סווירסקי.

אין אַרגענטינע געפינען זיך: הערץ רייכעל (דער זון פוןביילע), געניע פייגעל־מאָדלין און ישראל רייכעל.



פעטשורקעס, אַ דאָרף לעבן קאַזאַן.
עס שטייט די פאַמיליע רייכעל לעבן זייער מיל.



בית־ספר עממי, פון פאָסטאָוו, 1922.



דראַמאַטישער קרייז ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פאָסטאָוו.



סניף „העובד", פון פאָסטאָוו, ביים אָפשיידן אַ פאָסטאָווער משפחה,
צו זייער עולה זיין קיין ארץ־ישראל.



אַ פּאָסטאָווער משפחה.



דער פּאָסטאָווער לערער קוציקאָוויטש אין אַ קרייז פון תּלמידים און פריינד, 1935.




פּאָסטאָווער בית־עולם.



הסתדרות „העובד" פון פאָסטאָוו. ביים אָפּשיידן אַ משפחה צו זייער עולה זיין קיין ארץ־ישראל.



לוסקיער פאָלקס־שול, נעבן שאַרקויסצענע.



אברהם יצחק גרשון בונימאָוויטשס זיידע,
פון פאָסטאָוו.



אַ פאָסטאָווער ייד מיט זיין אייניקל.



דער שניידער נאַראָדצקי פון דונילאָוויטש.
אומגעקומען אין דונילאָוויטש.



קינד הערצל איצלער ע״ה
קינד פון קאָפל איצלער, פון קאָזאַן, גע־
שטאָרבן דעם 26סטן יולי, אין ב. איירעס,
אלט געווען 8 יאָר.



אברהם פייגעל פון קאַזאַן.



ישראל שפונט ע"ה, געשטאָרבן אין ניו־יאָרק, צו 78 יאָר, דעם 2טן יאַנואַר 1949. רחל־לאה שפונט ע"ה, געבוירן אין דווינסק, געלעבט אַלע יאָרן אין גלובאָק, געפאָרן צו איר מאַן, ישראל שפונט, אין אַמעריקע. געווען דאָרט פיר יאָר. אין 1936 געקומען קיין אַרגענטינע צו אירע קינדער ראובן און יענטל שפונט. גע־שטאָרבן אין ב. איירעס, צו 94 יאָר, דעם 12טן נאָוועמבער 1955, ביידע פון גלו־באָק. צו איר לוויה איז געקומען אַ גרויסער עולם.



יקותיאל ריווקינד — לערער פון פאָסטאָוו.



סאָניע הזן פון שאַרקויסצענע,
אומגעקומען.



דוד איצלער און חייב איצלער
פון פאָטסאָוו. אומגעקומען.



משה פאַיקין, מאַן פון סאָניע שמושקאָוויטש פון שאַרקויסצענע, אומגעקומען אין גלובאָקער געטאָ.



שרה דבורה ענטין, געבוירן אין 1913, אין לאַזאָווקע, געוווינט אין דרויע, געווען יידיש־העברעישע לערערין אין די שטעט־לעך האַראָדזיי און לוזשקי. מען רעכנט אַז די פויערים ביי וועלכע זי האָט זיך געהאַט איסבאַהאַלטן האָבן זי דערהרגעט.



זאַלקע גאָרדאָן ע״ה
געבוירן דעם 31סטן יולי 1908 אין שאַר־קויסצענע. געשטאָרבן אין בוענאָס איירעס ערב ראש־השנה, 27טן סעפּטעמבער 1954.



פּראָפעסאָר פון באָטאַניק, אַ קוזין פון סאָניע קאַצאָוויטש, געבוירן אין ווילנע. געפינט זיך אין פּוילן.



קאָפּל איצלערס ברודער פון פּאָסטאָוו,
אומגעקומען.



מאָטל קאַצאָוויטש, פּלימעניק פון נח
פּאַרטיזאַן, וווינט אין פּאָסטאָוו.



דוד דרוף, שמעון און איטשע טילעס, כאַשע טילעס, מלכה טילעס און די
קינדער ישראל און לייזער פון גלובאָק. אַלע אומגעקומען.



רחל־לאה שולקין ע"ה פון שאַרקויסצענע.
געשטאָרבן צו 65 יאָר.



משה פּאַיקינס מאַמע און ברודער פון
שאַרקויסצענע, אומגעקומען.



שלמה שולקין, 14 יאָר אַלט, געשטאָרבן
דורך אַן אַקצידענט אין ב. אירעס 1940.
זון פון אַלטער שולקין פון שאַרקויסצענע.



קאָפּל איצלערס מוטער פון פּאָסטאָוו.



אַ מצבה אויפן דרויער בית־עולם.



אברהם ענטין, געבוירן אין דרויע, 1914,
געדינט אין דער פוילישער אַרמיי, דורכ־
געמאַכט הכשרה אין בית"ר. אומגעקומען
קעמפנדיק מיט די דייטשן.



יהושע טייטש, פאַרטיזאַן,
געפינט זיך אין דרויע.



יואל פיניע סווירסקי מיט זיין פרוי, קינדער און אייניקלעך פון דונילאָוויטש, אַלע אומגעקומען, חוץ נחקע, וואָס געפינט זיך אין בוענאָס־איירעס.



ביילקע חדש פון שאַרקויסצענע מיט אירע חברים, נאָך דער באַפרייונג. די דערציילונג וועגן אירע איבערלעבונגען ווערן געבראַכט אין קאַפּיטל חורבן שאַרקויסצענע.



ל״יב בוים, אַ קאָזאַנער פּאַרטיזאַן



אויף אַ יום־טוב פֿון ל״ל פֿאַריין. אין צענטער געפֿינט זיך שמערקע קאַטשערגינסקי ע״ה.



גלובאָקער יוגנט אויף אַ יום־טוב, אין 1934.

## יענטל רייכעל דע פּאָוואָדאָווסקי ע״ה

יענטל איז געווען אַ טאָכטער פון יצחק רייכעל. איר מוטער האָט געהייסן לאה־רייזל. יענטל איז געבוירן אין 1897 אין פּאָסטאָוו. זי איז יונג געבליבן אַ קיילעכדיקע יתומה. זיך געהאָדעוועט ביי קרובים. יונגערהייט אַוועק קיין ווילנע, דאָרט געאַרבעט אין אַ בעקערײַ. שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך אומגעקערט קיין מיכאַלעסעק. זי האָט חתונה געהאַט אין פּאָסטאָוו מיט ידידיה



פּאָוואָדאָווסקי, וואָס איז פון אָזאָרקאָוו, לעבן לאָדזש. ידידיה האָט געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי, סוף מלחמה איז ער געבליבן אין פּאָסטאָוו. קיין אַרגענטינע איז יענטל געקומען אין 1929. זי האָט זיך באַזעצט אין דער יִדישער געגנט פון וויזשאַ קרעספּאָ. דאָ איז יענטל געוואָרן די מאַמע פון אַלע לאַנדסלייט וואָס געהערן צו די שטעטלעך אַרום פּאָסטאָוו. איר שטוב איז געוואָרן דער צוזאַמענטרעף פון אַלע לאַנדסלייט. מען האָט געפילט די וואַרעמקייט פון דער אַלטער היים. איר טויט האָט אַרויסגערופן טרויער ביי אַלע וועלכע האָבן גענאָסן פון איר פריינדשאַפט. צו איר לוויה איז געקומען אַ גרויסער עולם. אויפן הייליקן אָרט האָט איר מספּיד געווען ראובן לעווין. זי איז געשטאָרבן דעם 24סטן נאָוועמבער 1955.

## ל״ל פאַריין פון שאַרקויסצענע, דונילאָוויטש, פּאָסטאָוו, גלובאָק און אומגעגנט

זיין גרינדונג און טעטיקייט

דעם 14טן דעצעמבער 1946 האָבן זיך אין הויז פון ראובן ווײנונסקי פאַרזאַמלט 15 לאַנדסלייט מיטן צוועק צו גרינדן אַ פאַראיין. ס׳איז געווען אין דער צייט ווען עס האָט זיך צו אונדז דערטראָגן די שוידערלעכע ידיעות וועגן דעם חורבן וואָס עס האָט געטראָפן אונדזער אַלטע היים. מען האָט זיך געטוליעט איינער צו דעם אַנדערן און געהאָפט אַז אפשר וועט מען די שוידערלעכע ידיעות אָפּלייקענען.

נאָך אַ מיינונגס־אויסטויש איז אָנגענומען געוואָרן אַז דער פאַראיין גרינדעט זיך מיטן צוועק אָפּצוזוכן און העלפן די אַלע ייִדן וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון שאַרקויסצענע, דונילאָוויטש, פּאָסטאָוו און אומגעגנט. עס קענען אָנגענומען ווערן פאַר מיטגלידער אויך לאַנדסלייט פון אַנדערע שטעטלעך. ס׳איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ פאַרוואַלטונג. מען האָט באַשלאָסן אַז דער נאָמען פון דעם פאַראיין וועט זיין „לאַנדסלייט פאַראיין פון שאַרקויסצענע, דונילאָוויטש, פּאָסטאָוו און אומגעגנט״. אויף אַ שפּעטערדיקער פאַרזאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצונעמען אויך גלובאָק אין דעם נאָמען פון פאַראיין.

דעם 29סטן מאַרץ 1947, אויף ראָכאָס 2026, איז פאָרגעקומען די ערשטע אונטערנעמונג, וואָס איז באַשטאַנען אין אַ טיי. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט כמעט אַלע לאַנדסלייט מיט זייערע משפּחות, וואָס געפינען זיך אין בוענאָס־איירעס. די שטימונג איז געווען אַ יום־טובדיקע. נאָך קיין מאָל האָבן אונדזערע לאַנדסלייט נישט געהאַט אַזאַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן אין אַזאַ צאָל. ס׳איז ליציטירט געוואָרן שלום אַשס בוך דער דאָרן וואָס ברענט. ס׳איז אַריינגעפאַלן אַ באַטייטיקער סכום געלט. דער מאָראַלישער דערפאָלג איז נאָך געווען אַ סך גרעסער: אַלע לאַנדסלייט האָבן זיך דערפילט ווי זיי וואָלטן געהערט צו איין משפּחה.

דער פאַראיין האָט געשיקט פּעקלעך צו אונדזערע פּליטים, וואָס האָבן זיך דעמאָלט געפונען אין דייטשלאַנד, עסטרייך, פראַנקרייך און איטאַליע. האָט אויך געשיקט אַרויספאָדערונג־פּאַפּירן פאַר זעקס לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך דעמאָלט

געפֿונען אין איטאַליע. די פֿאַפֿירן האָבן מיר פֿאַר זיי באַקומען פֿון דער פּאַראַג־ווייער רעגירונג. קיין איינער פֿון זיי האָט אָבער נישט געוואָלט פֿאָרן זיך באַזעצן אין פּאַראַגוויי.

אַלע יאָר פֿירט דער פֿאַראיין דורך אַן הזכרה נאָך אונדזערע ליבסטע און טייערסטע. די ערשטע יאָרן פֿלעגט ער דורכפֿירן די הזכרות אין אַ שול. מען פֿלעגט עס איינאָרדענען אין אַ פּאַרנאַכט, צו מינחה. דאָס רוב לאַנדסלייט פֿלעגן קומען. אין 1950 האָט דער פֿאַראיין אויפֿגעדעקט צוויי בראָנדזענע טאָוולען אויף



לאַנדסלייט אויף אַן אָפּשייד־אָוונט פֿאַר נח קאַצאָוויטש און פֿרוי צו זייער אָפּפֿאָרן קיין מדינת ישראל.

דעם מאָנומענט פֿאַר די קדושים, וואָס געפֿינט זיך אויף דעם בית־עולם „טאַב־לאַדאַ". פֿון דעמאָלט אָן פֿירט דער פֿאַראיין דורך אַלע יאָר אַ הזכרה ביים דאָזיקן מאָנומענט. די הזכרות ווערן איינגעאָרדנט אינעם חודש נאָוועמבער, אַ זונטיק אין דער פֿרי. עס פֿאַרזאַמלען זיך דאָרט כמעט אַלע לאַנדסלייט. אַ חזן זאָגט קאַ־פּיטלען תהילים, מאַכט אַ מלא און דער עולם זאָגט קדיש. די טאָוולען אויף דעם מאָנומענט זענען: איין טאָוול צום אָנדענק פֿון שאַרקוויסצענע, דונילאָוויטש, פּאָס־טאָוו און גלובאָק. דער צווייטער טאָוול איז צום אָנדענק פֿון דרויע, קאַזאַן, סוויר, קאַבילניק, פּאַהאָסט, אָפּסע און דאָקשיץ.

דער פֿאַראיין פֿירט דורך אַלע יאָר אַן אונטערנעמונג. חוץ דעם פֿירט ער דורך אונטערנעמונגען וואָס זענען לכבוד געסט אָדער לאַנדסלייט וואָס פֿאָרן אָפּ

אָדער קומען. אַזוינע באַערונגס־אַקטן זענען פֿאָרגעקומען פֿאַר דעם לאַנדסמאַן ראובן ווײַנונסקי, צו זײַן צוריקקומען פֿון נאָרד־אַמעריקע, וווּ ער איז געווען אויף אַ באַזוך. בײַ דער געלעגנהייט האָט ער געלייענט אַ רשימה פֿון אונדזערע לעבן־געבליבענע לאַנדסלײַט. אַזאַ באַערונג איז פֿאָרגעקומען לכּבֿוד דעם וויצע־פּרעזידענט פֿונעם פֿאַראײַן, נח קאַצאָוויטש מיט זײַן פֿרוי, צו זייער אָפּפֿאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישׂראל. נח קאַצאָוויטש איז דער וואָס סובסידירט אָט דעם דאָזיקן יזכּור־בוך מיט אַ העלפֿט הוצאות. ענלעכע אַקטן זענען פֿאָרגעקומען פֿאַר רבֿקה



אונדזערע לאַנדסלײַט אויף אַ הזכּרה בײַם מאָנומענט פֿאַר די קדושים אויפֿן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ.

ריווקינד דע גרינבערג, וואָס איז געקומען פֿון מדינת־ישׂראל. פֿאַר מיניע קאָהען, וואָס איז געקומען פֿון נאָרד־אַמעריקע. פֿאַר דער פֿרוי שפּונט, די שוועסטער פֿון ראובן שפּונט, אַ גלובאָקערן, וואָס איז געקומען אויף אַ קורצן באַזוך פֿון נאָרד־אַמעריקע. פֿאַר זעליק מאָדלין, צו זײַן אָפּפֿאָרן אויף אַ באַזוך קיין נאָרד־אַמעריקע. פֿאַר הערצקע רײַכעל, צו זײַן אָפּפֿאָרן אויף אַ באַזוך קיין ישׂראל. אַ רירנדיקן אָפּשייד־אָוונט האָט דער פֿאַראײַן דורכגעפֿירט פֿאַר דעם שאַרקויסצענער לייב שולקין, צו זײַן אָפּפֿאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע. ל. שולקין איז געווען פֿון די אַק־טיווסטע טוער פֿון דעם פֿאַראײַן. דער פֿאַראײַן האָט דורכגעפֿירט אַ מסיבה לכּבֿוד דעם פֿאָרזיצער שלמה סוסקאָוויטש פֿאַר זײַן אַרויסגעבן דעם פֿילאָסאָפֿישן זשורנאַל דווקא. ס'איז אויך פֿאָרגעקומען אַן אָפּשייד־אָוונט לכּבֿוד דעם יוגנטלעכן

